# אַלמאַנאַך

צום 10-יעהריגען יובילעאום

פון

„מאָמענט“.



וואַרשאָ, 1921

# אינהאלט!



---

בילדער פון די מיטארבייטער פון „מאָמענט" אין משך פון זיין 10-יעהריגער עקזיסטענץ, ווי אויך פון די בעטייליגטע אין אלמאנאך.



ד״ר מ. נ

# צעהן יאָהר „מאָמענט".

צעהן יאָהר פון אַ יודישער צייטונג — דאָס איז אַ שטיק יודיש לעבען. דאָס איז אַ יודישע געשיכטע. דאָס איז צעהן יאָהר דברי הימים, צעהן יאָהר כראָניק פון לעבען און שאַפען, פון אונזערע פריידען און ליידען, פון אונזער פיהלען און ...

און נאָך מעהר: פאַר אונז איז עס נישט קיין גרויסע תקופה. וואָס איז צעהן יאָהר אין לעבען פון אַ פאָלק, וואָס בעשטייט זיין וועג — ווי איינער פון אונזערע גרויסע דיכטער זיך אויסגעדריקט — נישט מיט קיין יאָהרען, נאָר מיט יאָהר־הונדערטער!

אַנדערע האָבען אויסגעזעהן די צעהן יאָהר, וועלכע ליגען פאַר אונז פון ... די צעהן יאָהר־קאַמפּלעטען פון „מאָמענט". דאָס איז אַן אייביגע ... קייט, דאָס ... פון בלוט און טרעהרען און פיין, דאָס איז אונזער דריטער חורבן.

דאָס זיינע וועלט־איבערקערעניש איז דורך איבער אונזערע קעפּ און האָט אונז צוטרעטען און צעשמעטערט. דער היסטאָרישער צוזאַמענשטויס צווישען דער אַלטער און נייער וועלט האָט זיך אָנגעשטויסען אין דעם צענטער פון אונזער פאָלקס־לעבען און מיר זיינען געוואָרען די גרעסטע מערטירער פון דער גרויסער וועלט־קאַטאַסטראָפע. אויף אונז, די אייביגע טרעגער פון גערעכטיגקייט און מענשען־רעכט, האָט זיך אויסגעגאָסען דער פינסטערער ווילדער צאָרן פון דער גאַנצער וועלט־רעאַקציע, און ... האָט פערוואַנדעלט די לעצטע צעהן יאָהר פון אונזער לעבען אין אַ ... וואָס וועט פערבלייבען, ווי אַן אייביגער שאַנד־פלעק אין דער ריזיגען ...־געשיכטע, וואָס וועט פערבלייבען, ווי אַן אייביגער שאַנד־פלעק אין דער מענשליכער געשיכטע. פון די גזירות און ענויים אין רוסלאַנד ביז'ן בעריהמטען בייליס־פּראָצעס פון דעם ערשטען מלחמה־אויסברוך ביז די שפּעטערדיגע גירושים און תליות, פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע ביז די לעצטע הריגות און שחיטות אין גאַנצען מזרח פון אייראָפּאַ — עס איז איין אונענדליכע קייט פון טויט און שאַנד, וואָס האָט געבילדעט דעם אינהאַלט פון אונזער לעבען און פון אונזערע — בלעטער.

מיר האָבען מיטגעוויינט מיט'ן פאָלק, מיר האָבען בעגלייט אונזער פאָלק אויף זיין שווערען ...ערנעדריגען לייַדענס־וועג און זיינען געשטאַנען אויף דער וואַך, צו פער־צייכענען אַלע פּאַסירונגען די טויזענדער שענדליכע פאַקטען און געשעהענישען, ווי אויף די ... געשעהענע ערשיינונגען, פון וועלכע עס שטעלט זיך צוזאַמען די געשיכטע.

נישט ... איז דאָס אָרט צו בעהאַנדלען אויספיהרליך און אויסשעפּענדיג די גאַנצע געשיכטע פון די פערגאַנגענע צעהן יאָהר. מיר וועלען זיך נור בעמיהען אַנצוצייכענען די ...פּט־מאָמענטען פונ'ם לעבען פון אונזער צייטונג פאַר דעם פעריאָד פון

...עהן יאהר „מאמענט“ ... און צו

...טענעבען די מעגליכקייט פערשיעדענע גרופען זיך ארויסצוזאגען

... ווארט.

דער דאזיגער פאקט, די אונאבהענגיגע נאציאנאל-יודישע שטעלונג פון „מאמ... האבען זיך אין ...

...ם מעגליך געמאכט דאס, אז אין דער צייט פון זיין עקזיסטענץ ... — די איבערגעגעב...

...אנט בעטייליגען שריפטשטעלער פון פערשיעדענע ריכטונגען ... זייט און די איבער...

...בראיסטען, ווי ביאליק, ראווניצקי און אנדערע פון איין ... פון דער צווייטער...

...ענע יודישיסטען, ווי אברהם רייזען, י. יעפרויקין, ש. ניגער — ... זלאטני...

...רעליגיעז-נעשטימטע שריפטשטעלער ווי, למשל, הלל צייטלין און הרב י. ל. ... נאמבערג...

אין זייט און מאדערן-וועלטליכע שריפטשטעלער, ווי ז. שניאור און ה. ד. ... ש. ...

דער צייטע; איבערגעגעבענע ציוניסטען, ווי ד"ר קארלניק, בן-אביגדור, ... פרילוצקי...

...מש, עמנואל — פון איין זייט און איבערגעגעבענע פאלקיסטען, ווי נח ...

...הירשהארן — פון דער צווייטער.

די אונאבהענגיגע שטעלונג פון „מאמענט“ האט אויך צו איהם צוגעצויגען יענע...

אונזערע גרויסע שריפטשטעלער, וועלכע האבען געוואלט פערעפענטליכען זייערע...

...פונגען נור דורך אן אונאבהענגיגער יודישער טריבונע. ווען דער גרויסער מענדעלי...

...ר ספרים האט געוואלט פערעפענטליכען זיינע לעצטע שריפטען, האט ער דאס...

...הון דורכ'ן „מאמענט“. דאסזעלבע — דער בערימטער רוסיש-יודישער פאעט...

...רוג און דער ערשט ניטש-לאנג פערשטארבענער ש. אנ-...

---

# I.

מיר וועלען פרובען זיך אבשטעלען אויף די ווינטיגסטע מאמענטען פונ'ם יודישען... פון „מאמענט“.

...ן פאר די לעצטע צעהן יאהר און פערצייכענען די בעציהונג צו זיי

...אין די יאהרען 1911—1910, בשעת מען האט אין די פאבריקען און פוילען אנ-

...יבען איינפיהרען דאמף-קראפט, האט זיך נעלאזט בעמערקען א טרויעריגע ערשיי-

...נונג: זיי האבען מאסענוויז אנגעהויבען ענטזאגען זייערע

מצד די יודישע פאבריקאנטען: זיי האבען מאסענוויז אנגעהויבען ענטזאגען זייערע

...שע ארבייטער. דאס איז פארגעקומען אין ביאליסטאק, מעזעריטש, זדונסקא-

...א, טאמאשוב אין לאדז און אנדערע שטעדט און שטעדטליך אין דעם נעוועזענעם

...ש-פוילען. נעמהון האבען זיי דאס, כדי צו פערשפארען איין מאל אין וואך דאמף-

...ט. אלס רוה-טאג האבען זיי אויסנעוועהלט זונטאג. ווייל זיי האבען דאך נישט

...נט ביי זיך פועל'ן, אז זיי (על פי רוב פרומע יודען) זאלען צווינגען יודישע אר-

...בייטער מחלל שבת צו זיין, האבען זיי זיך נעחאפט צו א בעסער מיטעל — מען האט

...אנגעהויבען מאסענוויז אבזאגען די דאזיגע יודישע ארבייטער. כדי דאך צו פערדעקען

...זייער אמת'ן מיין, האבען זיי אויף זייערע יודישע ארבייטער אויסגעקלערט פערשיע-

...דענע טענות, אז זיי זענען וועניג קוואליפיצירט, אז זיי שטרייקען צו-אפט, ווילען בכלל

...נישט ... און נאך אזעלכע אונבעגרינדעטע טענות. דער „מאמענט“ האט פון

...דער ... מינוט פון זיין עקזיסטענץ אנגעהויבען פיהרען א שטארקען קאמף נעגען

...דעם ... פאבריקאנטען. הלל צייטלין האט זיי בעקעמפט אין א ריי ארטיקלען,

...אויפן ... דינג, ווי וויים שעדליך אזא ערשיינונג איז, צו וואס פאר א טרויעריגע

...רעזולטאטן דאס קאן ברענגען און זיי אויפגעפאדערט, אויב זיי האבען נאך אין זיך

...א ביסעל מענשליך געפיהל און עטוואס ליעבע צו נאט, גלייך צוריקצונעהמען זייערע

...אבגעזאגטע ארבייטער. נח פרילוצקי איז אויך ארויסגעטראטען מיט א שאטען ארטי-

...קעל ... יעמזעלבען ענין, אונטער דעם נאמען „היימישע לאקאוטניקעס“, וועלכער

...האט ... נעמאכט א שטארקען איינדרוק.

...ווידערשטאַנד פוּן די פאַבריקאַנטען איז, אונטער דעם דרוק פון אונזער שאַרפ... ...ק, געבראָכן געוואָרען. די פאַבריקאַנטען, וועלכע האָבען שוין געהאַט געפּלאַנט ... ...קאָאוט געגען דער יודישער אַרבײטערשאַפט, האָבען זיך פון זייער פּלאַן ע... ...ט. פיעל האָבען צוגענומען צוריק זייערע אַרבײטער, אַנדערע ווידער, בײ ... ...איז שוין געווען אַ בעשלאָסענע זאַך אַרויסצוטרײבען די יודען, האָבען דאָס ני... טהון.

דער דאָזיגער קאַמף מצד אַ יודישער צײטונג געגען די יודישע פאַבריקאַנטען, וועלכע האָבען צוליעב זייערע אייגענע קליינליכע אינטערעסען געוואָלט פער'משפט'ן צו הונגער־טויט טויזענדער אייגענע ברידער מיט זייערע פרויען און קינדער, איז געווען ספּעציעל נויטיג אין יענע יאָהרען, ווען ס'האָט געהערשט אַ שטאַרקער עקאָנאָמישער קריזיס אין גאַנץ אייראָפּאַ און ספּעציעל אין רוסלאַנד און פּוילען. עס האָט זיך דאַן אָנגעהויבען אַ שטאַרקע עמיגראַציע קיין אַמעריקאַ. די דאָזיגע עמיגראַציע האָט דעם־... ...עלבען קריזיס איבערגעטראָגען אין די פעראייניגטע שטאַטען. מען האָט זיך דאָרט אָנגעהויבען אַרומטראָגען מיט פּלענער וועגען בעגרענצען דעם עמיגראַציע־שטראָם. דעם בײשפּיעל פון אַמעריקאַ האָט נאָכגעטהון דײטשלאַנד און ענגלאַנד.

מען קאָן זיך דעריבער פאָרשטעלען די לאַגע פון דער יודישער אַרבײטערשאַפט, ווען זייערע רייהען וואָלטען זיך נאָך פערגרעסערט דורך אַ ספּעציעלען טיפּ אַרבײטס־לאָזע, וועלכע האָבען נעל מען נישט צוליעב מאַנגעל אין אַרבײט, נאָר צוליעב זייער אָנגעהעריגקײט צום יודישען פאָלק!

אין יענער צײט האָט זיך דער „מאָמענט“ אויך גענומען אָרגאַניזירען די יודישע האַנדווערקערשאַפט אין וואַרשא, אַ־ויכבעקומענדיג דורך פיעל מיה פון דער רוסישער רעגירונג די ערלויבניש צו גרינדען אַ יודישען האַנדווערקער־קלוב — דעם אַרבײטער־קלוב, וואָס האָט געדיענט אַלס יסוד צו די יודישע האַנדווערקער־אָרגאַני־זאַציעס אין וואַרשא. די גרינדונגס־פערזאַמלונג פון אַרבײטער־קלוב איז געעפענט געוואָרען דורכ'ן רעדאַקטאָר צבי פּרילוצקי אין יאָהר 1912.

פון דער ערשטער מינוט אַן פון זיין עקזיסטענץ האָט דער „מאָמענט“ געפיהרט אַ האַרטען קאַמף געגען דער אַסימילאַציע, וועלכע ער האָט שטענדיג געהאַלטען פאַר דער געפעהרליכסטער ערשיינונג אין אונזער לעבען. דער לאָזונג פון „מאָמענט“ איז געווען — „נידער מיט דער אַסימילאַציע“, און דעם דעוויז איז ער שטענדיג ...טרײ געווען. ספּעציעל איז דאָס געווען צו בעמערקען אין יאָהר 1912, בשעת די וואַהלען צו דער גמינה אין וואַרשא.

וואַרשא, די גרעסטע יודישע קהלה אין אייראָפּאַ, האָט, צום בעדויערן, ...נדיג געהאַט אַ פערוואַלטונג, וואָס איז געווען אַ נעסט פון דער אַסימילאַציע און ... ...אַהר השפּעה איבער אַלע צווײגען פון געזעלשאַפטליך־יודישען לעבען. דאַ ה... מען נישט בלויז נישט געזאָרגט וועגען פערטיידיגען די יודישע אינטערעסען, נאָר ... עס אַפילו דערגאַנגען ביז אַנ'אָפענעם פעררעט געגען די יודישע רעכט. עס איז ... ...ערמאָהנען די בעקאַנטע רייזע פון דיקשטיין און נאַטאַנזאָן קיין פּעטערבורג, ... האָבען זיך משתדל געווען, אַז מען זאָל די יודען בעגרענצען אין דער זעלבסט... ...טונג, וועלכע די רוסישע רעגירונג האָט דאַן געוואָלט איינפיהרען אין פּוילען. ... האָבען זיי פערטיידיגט דעם שטאַנדפּונקט, אַז נישט אַלע יודען זענען דערוואַ... ...טייל צו נעהמען אין אַזעלכע אינסטיטוציעס, ווי אַ שטאָדט־ראַט און מאַגיסטראַ...

געגען דעם טיפּ גמינע־לײט איז דער „מאָמענט“ אַרויסגעטרעטען ענע... ...ענטשלאָסען.

אין אַ ריידע אַרטיקלען איז אנגעוויזען געוואָרען, ווי אַזוי עס דאַרף אויסז...ט״, אַנ־

גות יודישע גמינע. דער „מאמענט“ האט געפאדערט די דעמאקראטיזירונג פון דער
מינע, אלגעמיינע וואהלען, איינפיהרונג פון נייע נאציאנאלע שולען, קורסען פאר דער=
אקסענע, קורסען פאר בעלי-מלאכות א. א. וו. דערביי האט ער אויך אנגעוויזען, אז די
ז=יעצטיגע אנפיהרער פון דער גמינע זיינען נישט פעהיג אזעלכע ענדערונגען איינצו=
הרען און דעריבער גערופען צו וועהלען אנדערע, מעהר פאסענדע פערזאנען, וועלכע
נען טרייע יודען און וועלען אויך טריי זיין די יודישע אינטערעסען.

דער קאמף איז דא, אמת, פערשפילט געווארען. דאס ארטאדאקסישע יודענטום
ט זיך געלאזט אנ'איבעריג מאל פערפיהרען פון זיינע אלטע בעלי-טובות און זיי
ער אויסגעוועהלט און דער גמינע. די אסימילאטארען האבען אויסערדעם אנגעווענדט
ע זייערע איינפלוסען און זיך נישט אבגעשטעלט פאר קיין שום דעמאגאגישע מיט=
, כדי צו צווינגען דעם יודישען בעל-הבית אבצוגעבען זיין שטים פאר זיי.

דער נצחון איז זיי אבער גאנץ שווער אנגעקומען. די גרויסע צאהל שטימען, וועלכע
האט געהאט די ליסטע פון'ם נאציאנאליסטישען בלאק, האט זיי איבערצייגט, אז
ט איז געווען נער לעצטער זיג. דער „מאמענט“, פון זיין זייט, האט ווייטער געפיהרט
קאמף פאר א נאציאנאלער קהלה און וויל די לעצטע וואהלען האבען איבערצייגט,
וועגונג בעוואוסטזיניג עס זיינען נאך דאן געווען אונזערע ארטאדאקסיש-געשטימטע
נען, האט דער „מאמענט“ מיט א בעזונדער ענערגיע גענומען וועקען זייער נא=
צאל בעוואוסטזיין (צווישען אנדערע האט דאן ח' הלל צייטלין אבגעדרוקט זיינע
נטע „בריוועלעך צו די ווארשאוער חסידים“).

אין דעמזעלבען יאהר 1912 איז פארגעקומען נאך א וויכטיגע ערשיינונג, וועלכע
ה איבערגעלאזט טיעפע שפורען אינ'ם יודישען לעבען — דאס זיינען געווען די
ווען צו דער פיערטער רוסישער גאסוד. דומע.

דער „מאמענט“ האט דאן גערופען די ברייטע יודישע מאסען ענערגיש אנטייל
צונעמען אין די וואהלען. די פאלקס-מאסען האבען זיך אבגערופען אויף דער אויפ=
פדונג, און א דאנק דער טענדענציעזער רוסישער וואהל-ארדינאציע איז געשאפען
ען אזא לאגע, אז מיר, יודען, האבען געהאט א מעהרהייט און געקאנט אויס=
וועהלען אנ'אייגענעם דעפוטאט. דער קאנדידאט מצד די פוילישע בירגערליכע פאר=
איז געווען יאן קוטשארזשעווסקי. ווען מען האט פון דער יודישער זייט אנגעפרעגט
ווע זיין בעציהונג צו דער יודען-פראגע, האט ער זיך טעארעטיש ארויסגעזאגט פאר
יודען גלייכבערעכטיגונג, נאר דאך געפונען, אז פראקטיש דארפען איינגעפיהרט
ווערען פאר יודען פערשידענע בעגרענצונגען...

איז, נאטירליך, געווען אויסגעשלאסען, אז מיר, יודען, זאלען אבגעבען אונזערע
שטימען פאר אנ'אפענעם געגנער פון יודישער פולער גלייכבערעכטיגונג.

זענען דאן געווען אינ'ם פוילישען יודענטום צוויי ריכטונגען: איינע אנ'אפאר=
טונישע, וועלכע איז גרייט געווען צו וועהלען א פאליאק, אפילו אנ'„ענדעק“, אבי
נישט אזא אויסגעשפראכענעם געגנער פון די יודישע אינטערעסען, ווי קוטשארזשעווסקי.
די שע ריכטונג האט פערטיידיגט דעם שטאנדפונקט, אז יודען, אלס בירגער פון
לאנד, וועלכע מאכען-אויס א בעדייטענדען פראצענט פון דער בעפעלקערונג, האבען
עכט צו האבען זייערע אייגענע צוויי פארשטעהער (פון ווארשא און לאדז) אין
ערישער געזעצגעבערישער דומע, און גערופען די יודישע בעפעלקערונג צו וועה=
ען יודישען דעפוטאט.

ד אונטערהאנדלונגען צווישען די פארשטעהער פון'ם נאציאנאלען יודענטום
ן שלאסען געווארען אבצוגעבען די יודישע שטימען דעם פוילישען קאנדידאט

יאַגעלאָ, וועלכער האָט זיך, אַלס סאָציאַליסט, אַרויסגעזאָגט פאַר פולער יודיש
גלייכבערעכטיגונג.

דער „מאָמענט" האָט דאָ געהאַט אַן אייגענע שטעלונג אין דער דאָזיגער פראַגע
ער האָט נישט געפירט קיין פחדנ'ישע פּאָליטיק און האָט זיך ענערגיש אַרויסגעזאָגט
נעגען יעדען רעאַקציאָנערישען קאַנדידאַט, וואָס פאַר אַ ליבעראַלע מיינונגען ער זאָל
אויך נישט האָבען אין דער יודישער פראַגע. ער איז געווען דאָן פאַר אַ יודישען דע
פּוטאַט און געשטיצט די קאַנדידאַטור פון ד״ר ט. הינדעס ז״ל. ווייל אָבער אויף דער
בעראַטונג פון די יודישע נאַציאָנאַלע מהיגער איז מיט אַ מעהרהייט בעשלאָסען געוואָ
רען צו וועהלען דעם פּאָליאַק יאַגעלאָ, כּדי אונטערצושטרייכען דעם פּוילישען כאַראַק
טער פון וואַרשא, האָט זיך דער „מאָמענט" דעם דאָזיגען בעשלוס אונטערגעוואָרפע
אום נישט אַרויסצורופען קיין שפּאַלטונג אויף דער יודישער גאַס, וואָס ס'וואָלט געקאָנ
ברענגען צו דעם, אַז ס'זאָל געוועהלט ווערען אַ רעאַקציאָנער—אַנטיסעמיט.

דער רעזולטאַט פון די וואַרשאַווער וואַהלען צו דער פערטער דומע איז, צו
בעדויערן, צו=גוט בעקאַנט. עס האָט זיך אָנגעהויבען דער שוידערליכער באָיקאָ
וועלכער האָט געשטרעבט באַלקאַם צו רואינירען דעם יודישען קליין=און מיטעל=קלאַ
עס איז געגרינדעט געוואָרען די בעריהמטע „דוואַ=גראָשע"=צייטונג, וועלכע האָט
פערדינט טאָג=טעגליך דעם דעווין — „כוואַי דאָ סוועגאָ". זי האָט אונבעשטראָפט
רופען צו באָיקאָטירען די יודישע געשעפטען. זי האָט יעדען טאָג געבראַכט אַ ליס
פון יודישע קרעמער, וועלכע האָבען געטראָגען פּוילישע נעמען, כּדי אַ קריסט זאָ
חלילה, קיין מעות נישט האָבען. דער „מאָמענט" איז ענערגיש אַרויסגעטרעטען גע
אַזאַ געפעהרליכער אַגיטאַציע, וועלכע האָט געהאַט אַ גרויסען ערפאָלג צווישען
וועניג ענטוויקעלטע מאַסען און גע־רצהט מיט טרויעריגע רעזולטאַטען פאַר ד
פּוילישען יודענטום. דער „מאָמענט" האָט סיסטעמאַטיש און אונאויפהערליך געדר
די בעסערע עלעמענטען פון פּוילישען פאָלק צו אַ פערשטענדיגונג צווישען דער פּוילי
און יודישער געזעלשאַפט. ה' הלל צייטלין האָט דאָן אָבגעדרוקט אויף די שפּאַל
פון אונזער צייטונג אין פּויליש אַן אַרטיקעל אונטער'ן נאָמען „זשיד דאָ פּאָליאַק
דער אַרטיקעל, וועלכער איז געשריבען געוואָרען מיט דעם בעזונדערן וואַר
אידעאַליזם, וואָס כאַראַקטעריזירט דעם שריפטשטעלער, האָט גערופען די
לישע געזעלשאַפט צו קעמפען געגען דעם פּסיחאָז, וואָס האָט בעהערשט אַ
בירגער אונטער'ן דרוק פון דער אַנטיסעמיטישער העצע. בעזונדערע אָבצוגען פון
אַרטיקעל זענען מצד דעם „מאָמענט" פונאַנדערגעשיקט געוואָרען צו אַלע פּאָר
העד פון דער פּוילישער געזעלשאַפט.

אַרויסגעהענדיג פון פּוילישען מלוכה=שטאַנדפּונקט, האָט דער „מאָמענט" מ
ריה סטאַטיסטישע ציפער'ן אָנגעוויזען, אַז אין די אַלע ערטער, וואו די יודישע בע
קערונג האָט זיך צוליעב פערשידענע סבות פערקלענערט, איז די צאָהל דייטשען גע
געוואָרען — וואָס עס איז פון נאַציאָנאַל=פּוילישען שטאַנדפּונקט נישט געוואונשען
דער געלעגענהייט איז אויך אָנגעוויזען געוואָרען, אַז די באָיקאָט=אַגיטאַציע קאָ
נישט=געוואונשענע ערשיינונג נאָך מעהר פערשטאַרקען און אַזוי=אַרום אויך פאַש
זיך אָברופען שעדליך פאַר פּוילען.

---

## II.

עס איז נישט געווען קיין איין וויכטיגע ערשיינונג אין'ם יודישען לעבען, וו
ער „מאָמענט" האָט נישט ווי געהעריג בעלויכטעט

צום צעהנטען ציוניסטישען קאָנגרעס אין באַזעל האָט דער „מאָמענט“ אַרויסגעשיקט די אַנגעזעהענסטע מיטאַרבייטער, וועלכע האָבען אַלזייטיג כאַראַקטעריזירט דעם אייגענעם יודישען פּאַרלאַמענט, וואָס מיר האָבען פערמאַגט.

פיעל אויפמערקזאַמקייט האָט דער „מאָמענט“ אויך געווידמעט דעם טעריטאָריאַליסטישען צוזאַמענפאָהר אין ווין, וועלכער איז פאָרגעקומען אין יאָהר 1912.

אַלס פרייע יודישע נאַציאָנאַלע טריבונע האָט דער „מאָמענט“ געפונען פאַר נויטיג גענוי צו בעלויכטען יעדע ריכטונג אין יודישען לעבען, אפילו דאַן, ווען ער אַליין איז ניט געווען מיט איהר איינשטימיג.

דער „מאָמענט“ האָט גענוי בעלויכטען דעם קאַטאָוויצער צוזאַמענפאָהר, ווען ס׳איז געלעגט געוואָרען דער גרונדשטיין פון דער „אגודת שלומי אמוני ישראל“. נאָכדעם, ווי דער „מאָמענט“ האָט אָבגעגעבען אַ גענויען אָביעקטיווען דין-וחשבון פון דעם צוזאַמענפאָהר, האָט ער אויסגעדריקט זיין נעגאַטיווע שטעלונג צו דער נייע-געשאַפענער פּאַרטיי.

חמשה-עשר באב תרע״א איז געווען אַ וויכטיגער יודישער געדענק-טאָג — עס איז געווען דער דרייסיג-יעהריגער יובילעאום פון דער קאָלאָניע ראשון-לציון. גאַנץ אונבעמערקט איז דער דאָזיגער יום-טוב דורכגעגאַנגען אויף דער יודישער גאַס. בלויז דער „מאָמענט“, וועלכע די ציון-אידעאַלען זענען פון שטענדיג אַן געווען טייער, האָט געווידמעט דעם דאָזיגען יובילעאום אַ רייהע אַרטיקלען, אין וועלכע דער רעדאַקטאָר צבי פּרילוצקי, וואָס איז געשטאַנען נאָהענט צו דער ארץ-ישראל-בעוועגונג פון איהר ענטשטעהונג אָן, האָט געגעבען אַן אויספיהרליכע בעשרייבונג פון דער ענטשטעהונג פון ישוב אין ארץ-ישראל און אַלע זיינע איבערלעבונגען.

צום 11-טען ציוניסטישען קאָנגרעס אין ווין, אַרום וועלכען עס האָבען זיך גרופּירט אַ גאַנצע רייהע קאָנפערענצען פון פערשיעדענע יודישע געזעלשאַפטליכע און קולטורעלע אינסטיטוציעס, איז אָבגעפאָהרען כמעט דאָס גאַנצע רעדאַקציאָנס-קאָלעגיום פון „מאָמענט“, וואָס האָט, ניט קוקענדיג אויף די קאָלאָסאַלע אויסגאַבען, כסדר געגעבען טעלעגראַפישע בעריכטען פון דעם גאַנצען גאַנג פון קאָנגרעס.

עס זענען אָנגעקומען די טרויעריגע טעג פון בייליס-פּראָצעס. עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען אונזער כבוד. די רוסישע רעאַקציע האָט אונז בעשולדיגט אין בענוצען קריסטליך בלוט אויף פסח. אין דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט האָט מען שוין אויפגעהערט צו גלויבען אין דעם דאָזיגען נאַרישען בלבול. אין רוסלאַנד אָבער, אין דעם לאַנד פון אַלמעגליכע אונמעגליכקייטען, וואו די פערשיעדענע שמאַקאָווס, קרושעוואַנס, בולאַצעלס און פּראַנאַיטיכעס זענען געווען די פאַקטישע בעלי-בתים פון דער מאַכט, איז נאָך געווען מעגליך אַ בלוט-בלבול-פּראָצעס. דאָס איז אפשר געווען איינער פון די לעצטע היסטערישע אויסברוכען פון דער צאַרישער רעאַקציע. פאַר אונז אָבער איז עס געווען אַ לעבענס-פראַגע. פון זיין אויסגאַנג איז אָבהענגיג געווען די ווייטערדיגע עקזיסטענץ פון די רוסלענדישע יודען.

עס איז דעריבער גאַנץ נאַטירליך, אַז דער בייליס-פּראָצעס האָט אויף די שפּאַלטען פון „מאָמענט“ פערנומען איינעם פון די וויכטיגסטע פּלעצער. ער האָט אינפאָרמירט זיינע לעזער וועגען יעדער קלייניגקייט, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צום פּראָצעס, [illegible] בשעת דעם פּראָצעס האָט די צייטונג מאָביליזירט די בעסטע קרעפטען און זיך בעמיהט זיין אַלזייטיג צו בעלויכטען דעם דאָזיגען היסטאָרישען מאָמענט אין אונזער לעבען.

עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז דער „מאָמענט“ האָט לויט די סטאַטיסטישע טאַבעלען פון קיעווער טעלעגראַפען-אַמט פערנומען אין דער צאָהל טעלעגראַפישע ווער-

מער, וואס ער האט דאן ארויסגעשיקט פון קיעוו קיין ווארשא, דעם דריטען פלאץ נאך די גרעסטע אנדראפּאלישע בלעטער, — און דעם ערשטען — אין דער יודישער פרעסע.

---

III.

עס האט אויסגעבראכען די וועלט-מלחמה. עס האבען זיך אנגעהויבען אין רוסלאנד און פוילען פערשיעדענע רדיפות מצד דעם רוסישען מיליטער געגען דער יודישער בעפעלקערונג. עס האבען זיך א שאט געגעבען אלערליי בעשולדיגונגען און בלבולים, מען האט אנגעהויבען טרייבען די יודען פון זייערע שטענדיגע וואוינפלעצער, אלס פלומרישטע דייטשע שפיאנען. ווארשא איז איבערפולט געווארען מיט היימלאזע, וועלכע זענען אפטמאל געווען געצוואונגען אין משך פון איינינגע שעה איינצופאקען זייער ביסעל ארימקייט און פערלאזען זייערע היימען.

ס'איז נויטיג געווען א הילפס-אקציע. דער „מאמענט" האט אויפגעפאדערט די ווארשאווער יודישע בעפעלקערונג אנטקעגענצוקומען זייערע אומגליקליכע ברידער, שאפען פאר זיי וואוינונגען, געבען זיי עסען, עפענען פאר די היימלאזע שולען א. א. וו.

ס'האבען זיך גלייכצייטיג דאן אנגעהויבען אנפאלען אויף יודען מצד די צובושעוועטע כאלדאמען. ס'איז דערגאנגען אזוי ווייט, אז א יוד האט זיך נישט געטארט ווייזען אויפ'ן וואקזאל, אין גאס, אין נאכטען א. א. וו., און דאס אלץ האט, פערשטעהט זיך, אפגעקלונגען אין „מאמענט", וועלכער איז געווארען דער צענטער פון די אלע צרות.

דער רעדאקטאר, ה' צבי פרילוצקי, איז דאן אוועק צום מיליטערישען קאמענדאנט פון ווארשא, גענעראל טורבין, און איהם אויפגעפאדערט אבצושטעלען די דאזיגע אנפאלען. טורבין איז ארויסגעטרעטען מיט טענות, אז די יודען ווייזען ארויס וועניג פאטריאטיזם, אז זיי נעהמען נישט קיין אנטייל אין דער הילפס-אקציע לטובת די פערוואונדעטע א. א. וו.

לויט דער איניציאטיווע פון „מאמענט" איז דאן צוזאמענגערופען געווארען (אין לאקאל פון רעדאקציע) א פערזאמלונג פון יודישע עסקנים און כלל-טוער וועגען גרינדען א יודישען סאניטארען קאמיטעט. די צווייטע גרעסערע פערזאמלונג וועגען דעם ענין איז אבגעהאלטען געווארען אין לאקאל פון דער גמינע-פערוואלטונג, וואו דער קאמיטעט איז פאקטיש געשאפען געווארען.

דער דאזיגער קאמיטעט האט אויסער זיין מאראלישער בעדייטונג, אלס הילפס-טרעגער פאר פערוואונדעטע, אויך געבראכט א געוויסע ממשות'דיגע פעולה — די אנפאלען מצד דעם מיליטער זענען אויף א בעפעהל פון דער מיליטער-מאכט טיילווייז אבגעשטעלט געווארען.

די טרויעריגע לאגע פון די פוילישע יודען, וועלכע איז געשאפען געווארען צוליעב די מלחמה-בעדינגונגען, האט זיך נאך מעהר פערערגערט דורכדעם, וואס א סך יודישע סוחרים האבען, מיט'ן תירוץ, אז די געשעפטען געהען שלעכט, אנגעהויבען פערקלענערן די פענסיעס פון זייערע אנגעשטעלטע. דאס האט אין דער שווערער צייט פון שטייגענדיגע יקרות אוועקגעשטעלט די אנגעשטעלטע אין זעהר א שווערע לאגע.

דער „מאמענט" האט זיך פאראינטערעסירט מיט דער פראגע און מיטגעווירקט צו געפינען פאר איהר א יושר'דיגע לעזונג.

עס האט זיך אנגערוקט די צייט, ווען די רוסען האבען געדארפט פערלאזען ווארשא. די אויפרעגונג צווישען דעם ציוויל-עלעמענט, מיליטער איז געווען אומגעהויער און דער שעיר לעזאזל איז געווען, ווי שטענדיג, דער יוד.

די פערפאלגונגען אויף יודען זענען אבער געגאנגען נישט נור פון אונטען, נאר

אויך פון אויבען. מען האט אין די דייטשע מיליטערישע ספערען אליין געזוכט מיטלען, ווי אזוי בעסטער צו מאכען דאס לעבען פון דער אומגליקליכער יודישער בעפעל־קערונג.

עס איז צום אנהויב פערבאטען געווארען יעדע קארעספאנדענץ אין יודיש און אין יולי 1915 איז ארויס דער בעריהמטער בעפעהל פון ניקאלאי ניקאלאיעוויטש צו פער־מאכען אלע יודישע צייטונגען. דאס איז געווען די לעצטע „קאנסעקווענץ" אין דער רוסישער „פאליטיק": אזוי ווי יודען זענען, כידוע, דייטשע שפיאנען און רעדען יודיש, א שפראך, וועלכע איז „כמעט" דאטייטש, ווי דייטש — דעריבער דארף מען זיי אינ־גאנצען צומאכען די מיילער. מיר געדענקען נאך אלע דעם רושם, וואס די דאזיגע גזירה האט געמאכט אויף אלע יודען און כל שכן אויף די יודישע שריפטשטעלער, וואס מיט איין פעדער־שטריך פון א ניקאלאי ניקאלאיעוויטש און זיין חבריא איז אב־געהאקט געווארען דער בוים פון זייער גייסטיגער און מאטעריעלער יניקה.

די פערצווייפלונג, וואס האט דאן ארומגעכאפט די יודישע וועלט, האט, צום גליק, געדויערט נישט מעהר, ווי דריי וואכען — שרעקליכע וואכען, וואכען פון די גרויזאמ־סטע מלחמות, ווען קיינער האט נישט געוואוסט, וואס דער מארגען וועט איהם ברענ־גען. אין די דריי וואכען איז ענטשיעדען געווארען דער גורל פון פוילען און פון ווארשא. די רוסען זענען אבגעטראטען, אין גרויס איילעניש און מיט קולי־קולות: אויפרייסען פון בריקען און וואקזאלען, שרפות פון הייזער און געביידעס, קאנאנאדעס און שיסערייען.

עס איז אריינגעקומען דער אקופאנט, וועלכער איז אויך געווען גענוג שטרענג צו דער פרעסע, האט אויך זי געהאלטען אין אייזערנע קלאמערן, אבער האט דאך אנער־קענט, אז אינגאנצען דערשטיקען א פרעסע פון א פאלק טאר מען נישט.

און די יודישע פרעסע האט ווידער אויפגעלעבט!

---

# IV.

די צייט פון דער דייטשער אקופאציע אין פוילען איז אויך נישט קיין פרעהליכער פעריאד אין דער געשיכטע פון'ם פוילישען יודענטום. דער אקופאנט האט ארויפגע־לעגט זיין אייזערנע האנד אויפ'ן גאנצען ווירטשאפטליכען לעבען פון לאנד. דער גאנ־צער האנדעל כמעט איז געווארען אומלעגאל. ס'האבען זיך אנגעהויבען אויפהערליכע רעקוויזיציעס. דער אקופאנט האט אומבארמהערציג צוגענומען יעדע זאך, וואס האט נור געקאנט פאר איהם האבען די קלענסטע בעדייטונג. דער עקאנאמישער קריזיס איז אלץ געוואקסען און מיט דעם יקרות, וואס האט געהערשט, איז די נויט געווען אונגע־הויער גרויס.

די דאזיגע טרויעריגע ווירטשאפטליכע לאגע פון פוילען האבען געפרובט אויסנו־צען פערשיעדענע פינסטערע עלעמענטען צו זייערע פערזענליכע אינטערעסען. ס'האט זיך מצד א געוויסען טייל שפייז־סוחרים אנגעהויבען א פערברעכערישע שפעקולאציע מיט לעבענס־מיטלען, וואס האט געבראכט דערצו, אז די ארימע בעפעלקערונג האט געמוזט הונגערן און זיך אבזאגען פון דעם נויטיגסטען.

געגען אט דעם מין שפעקולאנטען איז דער „מאמענט" ענערגיש ארויסגעטראטען. ער האט גערופען צו זעלבסט־פערטיידיגונג, צו גרינדען קאאפעראטיוון, און זיין אויפ־רוף האט געהאט א גרויסען ערפאלג: אין גאנץ פוילען האבען זיך ארגאניזירט יודישע קאאפעראטיוון, וועלכע האבען זיך בעמיהט צו בעזארגען די בעפעלקערונג מיט דער נויטיגער צאהל שפייז־פראדוקטען און אזוי־ארום וועניגסטענס טיילווייז בעקעמפט די שפעקולאנטען.

די דאָזיגע קאָאָפּעראַטיווען — כמעט די אײנציגע לעגאַלע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציע בעת דער דײַטשער אָקופּאַציע — האָבען אויך געהאַט אַ געוויסע קולטורעלע בעדײַטונג, ווײַל אַרום זײ האָט זיך אין יענער צײַט קאָנצענטרירט כמעט דאָס גאַנצע גײַסטיגע לעבען פֿונ'ם פּוילישען יודענטום.

צוזאַמען מיט דער קאָאָפּעראַטיווער בעוועגונג האָט זיך אויך אָנגעהויבען אַ שטאַרקע אָרגאַניזאַציע-בעוועגונג אין די קרײַזען פֿון יודישען קלײן-און מיטעל-קלאַס. עס איז געשאַפֿען געוואָרען אַ רײַהע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿערײנען פֿון געגענזײַטיגער הילף, וועלכע האָבען זיך גלײַכצײַטיג געשטעלט אויך געוויסע קולטורעלע אויפֿגאַבען.

די דאָזיגע יודישע געזעלשאַפֿטליכע אָרגאַניזאַציעס זענען געווען כמעט די אײנציגע פּאָזיטיווע ערשײַנונג אין משך פֿון דער אָקופּאַציע. אַזוי אַרום איז געשאַפֿען געוואָרען אַ קערענדעל פֿאַר די שפּעטערדיגע פּאָליטישע פּאַרטײען אין דער יודישער גאַס.

מיט דער אָקופּאַציע דאַטירט זיך אויך דער אָנהויב פֿון קאַמף פֿאַר דער יודישער שול.

דער „מאָמענט“ איז שטענדיג טרײַ געווען דער יודישער שול און האָט אויסגענוצט אַלע מיטלען, כדי צו מאַכען פּאָפּולער די יודישע פֿאָלקס-שול צווישען די ברײטע פֿאָלקס-מאַסען.

דער אמת'ער נאַציאָנאַלער כאַראַקטער פֿון „מאָמענט“ און זײַנע גרויסע פֿערדינסטען פֿאַר דער יודישער געזעלשאַפֿט האָבען זיך אַם בולט'סטען אַרויסגעוויזען בשעת די ערשטע וואַהלען צום וואַרשאַווער שטאָדט-ראַט אין יאָהר 1916.

אַזוי, ווי בשעת די וואַהלען צו דער 4-טער רוסישער דומע, האָבען אויך דאַן צווישען די וואַרשאַווער יודען געהערשט צוויי ריכטונגען: אײנע, אַ פּחדנ'ישע, וועלכע האָט מורא געהאַט צו פֿיהרען אַ זעלבסטשטענדיגע יודישע פּאָליטיק. די דאָזיגע ריכטונג האָט געמאַכט אַ געפֿעהרליכען קאָמפּראָמיס, אײַנגעהענדיג אויף אַ קאָנסאָלידאַציע מיט די אַסימילאַטאָרען, וועלכע האָבען מיט זײער סה-יפֿית-פּאָליטיק געבראַכט אַזוי פֿיעל שאַדען דער יודישער געזעלשאַפֿט. די צווײטע ריכטונג, די מוטיג-נאַציאָנאַלע, האָט בעשלאָסען צו געהן צו די וואַהלען מיט אײגענע לאָזונגען און נישט געוואָלט אײַנגעהן אויף קײן שום קאָמפּראָמיסען מיט די אַסימילאַטאָרען. דער „מאָמענט“ האָט זיך גלײַך געשטעלט אויף דער זײַט פֿון דער דאָזיגער צווײטער ריכטונג און די יודישע גאַס האָט די לאָזונגען אויפֿגענומען און געשטיצט: די יודישע נאַציאָנאַלע ליסטע איז דורכגעגאַנגען אין ערשטען וואַרשאַווער שטאָדט-ראַט מיט אַ קאָלאָסאַלען ערפֿאָלג.

## V.

ס'זענען אָנגעקומען די ליכטיגע טעג פֿון נאָוועמבער 1918. די צענטראַל-מלוכות זענען צוזאַמענגעבראָכען געוואָרען. דער אָקופּאַנט האָט אין אײלעניש פֿערלאָזען פּוילען. אונזער לאַנד איז געוואָרען פּאַקטיש אומאָפּהענגיג.

צום בעדויערן, זענען די ערשטע טעג פֿון פּוילען'ס פֿרײַהײט נישט געווען זעהר פֿרעהליך פֿאַר אונז, יודען. עס האָבען זיך אָנגעהויבען אַלערלײ עקסצעסען געגען דער יודישער בעפֿעלקערונג, דאָס וואַרפֿען פֿון די צוגען, שנײַדען בערד א. א. וו. דאַן די פּאָגראָמען אין לעמבערג, קיעלץ, לובלין און נאָך פֿיעל אַנדערע אַנטי-יודישע אַרויסטרעטונגען אין פֿערשיעדענע שטעדט און שטעדטליך. אויף די דאָזיגע טראַגישע ערשײַנונגען האָט דער „מאָמענט“ נעריציג רעאַגירט הן בנוגע צום אַפּעלירען צו דער פּוילישער עפֿענטליכקײט, הן בנוגע צום אָרגאַניזירען די הילפֿס-אַקציע פֿאַר די פּאָגראָם-קרבנות (פֿאַר לעמבערג אַלײן האָט דער „מאָמענט“ דאַן צונויפֿגעזאַמעלט אַנ'ערך 200,000 מאַרק).

שטעהענדיג אויפ'ן שטאַנדפּונקט פון די פּוילישע מלוכה־אינטערעסען, האָט דער „מאָמענט“ שאַרף און סיסטעמאַטיש קריטיקירט די אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פון די פּוילישע מאַכטהאָבער, און כסדר אָנגעוויזען אויף דער שעדליכקייט פון די יודישע רדיפות ניט בלויז פאַר יודען, נאָר אויך פאַר פּוילען גופא.

דערביי האָט אָבער דער „מאָמענט“, ניט קוקענדיג אויף דעם וועניג ערפאָלגרייכען קאַמף, וואָס אונזער יודישער פאַרשטעהערשאַפט איז סיים איז אויסגעקומען צו פיהרען מיט דער אַנטיסעמיטישער מעהרהייט, דאָך קיינמאָל ניט פערלוירען די האָפנונג אויף אַ בעסערער צוזאַמענלעבען מיט'ן פּוילישען יודענטום.

עס האָבען זיך אָנגעהויבען די שווערע צייטען פאַר פּוילען. דער פיינד פון מזרח האָט זיך אַלץ מעהר גערוקט צו די פּוילישע גרענעצען. ס'איז געשאַפען געוואָרען דער פּוילישער פערטיידיגונגס־קאָמיטעט. אַלע בירגער אָהן אונטערשייד פון אָבשטאַמונג און גלויבען האָבען זיך פעראייניגט אין קאַמף געגען דעם אַלגעמיינעם שונא. עס איז פאָרגעקומען דאָס „וואונדער ביי דער ווייסעל“ און דער שונא איז פערטריבען געוואָרען ווייט איבער די פּוילישע גרענעצען.

צום בעדויערן, איז דער דאָזיגער מאָמענט, ווען פּוילען האָט אָנגעשטרענגט אַלע כחות פון איהרע בירגער אין קאַמף פאַר דער פערטיידיגונג פון איהר זעלבסטשטענדיגקייט, געווען פאַר אונז, יודען, זעהר טרויעריג. עס האָבען זיך אַ שאַט געטהון אויף אונז אַלערליי בלבולים, בעשולדיגונגען אין באָלשעוויזם, דאָ די מעשה־יאַבלאָנאַ, דער טויט פון פּלאָצקער רב, די פּאָגראָמען פון באַלאַכאָוויטשעס באַנדעס א. א. וו. און ווידער איז דער „מאָמענט“ געוואָרען דער „נאד של דמעות“, וואו עס האָבען זיך געזאַמעלט די טאָג־טעגליכע צער־וועה־און בלוט־געשרייען פון אַלע אונזערע געליטענע ברידער.[1]

# VI.

די גרויסע וועלט־קאַטאַסטראָפע, וועלכע האָט אַזוי פיעל צערשטערונגען אַרויסגערופען אין לעבען פון דער גאַנצער מענשהייט, האָט אויך אונז, יודען, געבראַכט אַ פרעהליכע בשורה.

נאָך אין נאָוועמבער 1917 איז דער ענגלישער אויסערן־מיניסטער באַלפור אַרויסגעטראָטען מיט זיין בעקאַנטער דעקלאַראַציע וועגען שאַפען אַ היים פאַר'ן יודישען פאָלק אין ארץ־ישראל. דער „מאָמענט“ האָט (נאָך אונטער דער דייטשער צענזור) אָבגעשאַצט די בעדייטונג פון דער דעקלאַראַציע און אָנגעוויזען אויף די ווילכטיגע רעזולטאַטען, וואָס די ערקלערונג פון'ם ענגלישען מלוכה־מאַן קאָן ברענגען דעם געפּלאָגטען און היימלאָזען יודישען פאָלק.

די בעגייסטערונג פון „מאָמענט“ פאַר דער באַלפור־דעקלאַראַציע האָט אין יענער צייט אפילו אַרויסגערופען אַן אָנצופרידענהייט מצד די אָקופּאַנטען, וועגען וואָס ס'איז דער רעדאַקציע פון אַן אָפיציעלער זייט אָנגעוויזען געוואָרען.

דער צווייטער, זעהר וויכטיגער עטאַפּ איז געווען דער אַקט פון סאַן רעמא (אַפּריל 1920), ווען די דערמאָהנטע דעקלאַראַציע איז אינטערנאַציאָנאַליזירט געוואָרען. דער „מאָמענט“ האָט אויך די ערשיינונג ניכטער אָבגעשאַצט און אָנגעוויזען, אַז דער ערשטער הויב, וואָס איז דורכדעם אַרויפגעלעגט געוואָרען אויפ'ן יודישען פאָלק, איז רעאַלע אַרבייט אין ארץ־ישראל.

אויסער די גרושים, תליות און בלבולים, וועלכע אונזערע ברידער אין רוסלאַנד און פּוילען האָבען איבערגעלעבט אין משך פון דער וועלט־קאַטאַסטראָפע, זיינען תרוב

געוואָרען כמעט אַלע גרעסערע יודישע קהלות. פון איין זייט האָט דער „באָלשעוויזם" פאַלקאָם רואינירט דעם יודישען סוחרישען קלאַס און צושטערט דאָס גאַנצע נאַציאָנאַלע לעבען מיט אַלע יודישע עקאָנאָמישע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבען זיך אנגעהויבען נאָרמאַל צו אַנטוויקלען נאָך דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציע. פון דער צווייטער זייט האָבען אַלערליי ווילדע באַנדעס אונטער פערשיעדענע הערשער, ווי פעטליורא, דעניקין, מאַכנאָ א. א. וו. אויסגעשאָכטען גאַנצע יודישע קהלות אין אוקראַינא. צעהנדליגער טויזענדער אומשולדיגע יודען זענען גע'הרג'עט געוואָרען אונטער די שרעקליכסטע ענויים. טויזענדער יודישע טעכטער זענען געשענדעט געוואָרען. אהן א צאָהל אומגליקליכע יתומים זענען געבליבען איינזאַם אהן א בעשיצער און אהן א דאַך איבער'ן קאָפּ.

דער „מאָמענט" האָט אין א ריי אַרטיקלען, ערצעהלונגען און מעמואַרען (פון ד"ר קאַרלינער, לאַצקי-בערטאָלדי, מ. הינדעס א. א.) פעראייביגט די דאָזיגע בלוט-עפּאָפּייע פון אונזער נייסטער געשיכטע און גלייכצייטיג אנגעהויבען א כאַריטאַטיווע אַקציע לטובת אונזערע אומגליקליכע אוקראַינער ברידער. ווער ס'האָט נור געקאָנט, האָט בשעת דעם לעצטען פוילישען זיעגרייכען מאַרש זיך אַרויסגעכאַפּט פון דעם שרעקליכען גיהנום. די פוילישע ערד האָט זיי גאַסטפריינדליך אויפגענומען. די צאָהל היימלאָזע איז אַליין געוואַקסען און די ווענען זענען געווען איבערפולט מיט די אומגליקליכע וואַנדערער, וואָס האָבען געלאָזט אויף הפקר זייער גאַנץ האָב און גוטס און זיך געלאָזט, וואוהין די אויגען טראָגען.

פאַר די דאָזיגע היימלאָזע האָט דאָס פוילישע יודענטום געמוזט טהון עפּיס רעעלעס. ס'איז נויטיג געווען צו שאַפען א ספּעציעלען קאָמיטעט צו בעזאָרגען די וואַנדערער מיט א דאַך איבער'ן קאָפּ און געבען זיי די מעגליכקייט א ביסעל צו זיך קומען נאָך די שרעקליכע איבערלעבענישען. ס'זענען נויטיג געווען דערצו גרויסע געלד-מיטלען נאַטירליך. איז דער וויכטיגסטער פאַקטאָר, וואָס קאָן ווירקען אין אַזעלכע פאַלען אויף דער עפענטליכער מיינונג — די יודישע פרעסע.

דער „מאָמענט" האָט דעריבער גלייך אויפגעפאָדערט דאָס פוילישע יודענטום אנטייל צו נעהמען אין דער דאָזיגער רעטונגס-אַקציע, און מיט א בעזונדער ענערגיע געשטיצט די טעטיגקייט פון „אוקראַינער קאָמיטעט", וואָס איז געגרינדעט געוואָרען דאַנק דער טעטיגער מיטווירקונג פון רעדאַקציע-מיטגליעד ה' נח פּרילוצקי.

## VII.

איידער מיר פערענדיגען אונזער קורצע איבערזיכט איבער דער בעדייטונג פון „מאָמענט" פאַר'ן יודישען עפענטליכען לעבען, ווילען מיר אנווייזען אויף נאָך איין וויכטיגען פערדיענסט פון דער צייטונג פאַר די יודישע פאָלקס-מאַסען.

דער „מאָמענט" האָט פון דעם ערשטען טאָג פון זיין עקזיסטענץ געשטרעבט צו אַנטוויקלען דאָס עסטעטישע געפיהל פון זיינע לעזער. צו דעם צוועק האָט ער שטענדיג מקפיד געווען אויף דעם, אַז דער פעליעטאָניסטישער טייל זאָל זיין ריין פון דעם געוויסען פּיקאַנטען בייגעשמאַק און חוץ דעם זיך מיט אַלע כחות בעמיהט צוציהען צו זיין קאָלעגיום די בעסטע יודישע ליטעראַרישע קרעפטע.

שלום עליכם איז געווען זיין שטענדיגער רעדאַקציאָנס-מיטגליעד (זיין גרויסער ראָמאַן „נע ווגדי" און א גאַנצע ריי אַנדערע נאָוועלען זענען געדרוקט געווען אין „מאָמענט")

מענדעלע מוכר ספרים האט אויף די שפאלטען פון „מאמענט“ געדרוקט זיין בעקאנט ווערק „שלמה ר' חיים'ס“ און איז געווען שטענדיגער מיטארבייטער פון דער צייטונג ביז'ן אויסברוך פון דער מלחמה.

רחל פײגענבערג, איינע פון אונזערע פעהיגסטע ראמאניסטינס, האט אין „מאמענט“ פערעפענטליכט איהר גרויסען ראמאן „מעלטער“.

ביאליק און ראווניצקי האבען ספּעציעל פאר'ן „מאמענט“ בעארבייט א סעריע יודישע אגדות.

דער בעקאנטער רוסיש-יודישער פאעט ש. פרוג האט אין „מאמענט“ געדרוקט זיינע „זכרונות“.

א שטענדיגער מיטארבייטער פון „מאמענט“ ביז די לעצטע מינוטען פון זיין לעבען איז געווען ש. אנ—סקי.

די אלע אויבענדערמאהנטע פערדיענסטען פון „מאמענט“ האבען די צייטונג געמאכט שטארק פאפולער צווישען די ברייטסטע שיכטען פון די יודישע פאלקס-מאסען, אזוי אז זי איז געווארען איינער פון די בעדייטענדסטע פאקטארען אין לעבען פון דער פויליש-יודישער עפענטליכקייט.

## די רעדאַקציע-קאָלעגיום פון „מאָמענט“.



הלל צייטלין



צבי פרילוצקי

הױפּט־רעדאַקטאָר



חיים פרושאַנסקי.

שעף פון אדמיניסטראציע.



נח פרילוצקי



י. ח. זאַגאָראָדסקי



ה. ד. נאָמבערג



ש. הירשבײן



ב. גאָרין



יוסף טונקעל



ב. קארליניוס



י. העפטמאן



י. פראפוס



ש. יאנאװסקי



ב. חילינאוויטש



אברהם רעזענפֿעלד



א. גראפֿמאן



ש. ביבער



א. ספעקטאָר



ד. דרוק



ג. שעפּס



ה. שפּיגעלמאַן



אברהם גאק



ד״ר א. סורקין



י. ברוין



אהרן צייטלין

מיטארבייטער פון אלמאנאך
און פון „מאמענט"
אין משך פון 1910-1920



ש. אַנ-סקי



ז. שניאור



ח. נ. ביאליק



ב. בערגעלסאן



יהואש



ד״ר י. לייפונער



ד״ר ג. ביכאווסקי



פראפ. מאיר באלאבאן



ד״ר נתן בירנבוים



ש. ניגער



אברהם רייזין



יונה ראזענפעלד



יואל מאסטבוים



ל. ציטראָן



ד״ר ח. ד. הורוויץ



ד״ר א. גליקסמאַן



ד״ר י. שיפּער



ע. נ. פרענק



ש. טשערנאָוויטש



מ. מ. באַליצקי



נחמן פרילוצקי (בן-צבי)



י. טריוואקס



רחל פײגענבערג



פּאולא פּריליצקא

די בילדער זענען געצייכענט דורך ח. גאָלדבערג און ש. פײַנענבוים.

---

די בילדער פון אייניגע מיטארבייטער פון „מאָמענט" און בעטייליגטע אין אלמאנאך, ווי י. ח. ראווניצקי, ד"ר קאראלניק, לאצקי-בערטאָלדי, ה. ל. זשיטניצקי און אנדערע זענען נישט אריינגעגעבן געוואָרן צוליב אומאָפּהענגיגע סבות.

דוד בערגעלסאָן.

# ערצעהלונגען.

## א.

## יורדים.

### I.

ווען צביה׳ן, דער קלענערער און בייזערער פֿון די צוויי פּערזענע שוועסטער פּוזים, עסט זיך איין דאָס אַלטע אָבגעקומענע לעבען, הערט זי אויף צו עסען, צו טרינקען און צו וואַשען דאָס פּנים. עטליכע טעג כּסדר דרעהט זי זיך אַרום אין אונטערשטען קליידעל מיט אַ וואליטשקען שאַלכעל אויפ׳ן צושויבערטען קאָפּ, און רוימט אין אַלע חדרים און איבערהויפּט אין דעם גרויסען פּוסטען זאַל, ווישט שמייריג דעם שטויב פֿון די ווענד, פֿונ׳ם באַלקען און פֿון יעדען פּערגעלטען בלאַט, וואָס אויף די אַלטע הויכע פּיקוסען; זי אָטעמט דערביי שווער דורך דער נאָז, ענטפֿערט נישט אויף קיינעמס ווערטער און ווערט שטאַרק אין כּעס, הלמאי מ׳רופֿט זי אין עס-צימער אַריין עסען.

אַקעגען אַ פּאָר מעת-לעת פּאַסט זי אַזוי אָב אָהן אַ ביסען אין מויל, אָהן אַ וואַרים גלעזעל טיי אפילו, נאָר סוף-כּל-כּוף וואַלגערט זי זיך אין בעט אַריין— ס׳שטעהט די גאַנצע צייט ביי איהר אין צימער נישט צוגעקליבען—און שיסט אויס מיט אַ האַרצרייסענדיגען געוויין. דאָס געוויין איז אַ יאוש׳דיגעס, אַ יאָמערדיגעס און קאָן זיך אַוועקציהען אַ טאָג און צוויי.

—רבונו של עולם, חליפֿעט זי שווער ארויס, מ׳פֿוילט דאָך דאָ אין שטוב אָהן תּכריכים... לעבעדיגערהייד האַלט מען דאָ אין איין פֿוילען...

און די דאָזיגע ווערטער איהרע ריהרען שטאַרק אָן די עלטערע שוועסטער, רהל׳ען—אַ קליין-וואוקסיג 34-יעהריג מיידעל מיט קליינע ווייבערשע וואָנסעלעך. זי געפֿינט זיך די גאַנצע צייט דאָ אין צימער נעבען צביה׳ן און היט זי. זי שטעהט מיט׳ן פּנים צום פֿענסטער און קוקט, ווי די שכנה, די באָנדערקע, בעווייזט זיך אין הויף מיט אַ הויך-פֿערקאַטשעטע קליידעל און מיט אַ פֿולען הויך-אויפֿגעהויבענעם ציבער נעבען פֿערריסענעם טראָגעדיגען בויך. דער באָנדערקע פּלאָנטערט זיך אַ קליין פּערמורזשעט מיידעלע צווישען די פֿיס; זי האַלט עס אין איין שעלטען. רחל קוקט דורכ׳ן געשלאָסענעם פֿענסטער, ווי ביי דער באָנדערקע שאָקלען זיך אָהן אויפֿהער די גראָבע געדראָלענע ליפּען, און קיין קול הערט זי נישט. ביי רחל׳ען אַליין שטעהען אויך טרעהרען אין די אויגען. קוקענדיג אין פֿענסטער, בייסט זי אַ קנעכין פֿון אַ פֿינגער און האַלט אין איין טראַכטען וועגען צביה׳ן:

—רבונו של עולם, וואָס וויל זי פֿון מיין לעבען האָבען, צביה!

און נאָך:

—צביה, דו ווייסט, וואָס דו טהוסט איצט?... צביה...

נישט זי טראַכט אָן די ווערטער, נאָר זי געדענקט זיי.

טרעפען טרעפט זיך עס מעהרסטענטייל נאָך שבועות, צו תמוז-צו, ווען אין אַלטען אָבגעקומענעם הויז הויבען אָן בענייעס צו שוויצען די גראָבע געמויערטע ווענד, וואָס שטעהען אַנ׳אַרשין אין דער ערד. זייערע ציגעל לאָזען אַרויס פלעקען פון אויבען אויפ׳ן ווייסען קאַלך און פערשפּרייטען אַרום זיך אַ פערדומפענעם גע-רוך—אַ זיסליכען און ברויזענדיגען, ווי דער ריח פון דער זודיגער גאָזשעלניע (ברויז), אין וועלכער זיי זענען אַמאָל איינגעמויערט געווען. אין אַלע צימערן איז דעמאָלט פון בייטאָג שטיל און קיהל. און נור אין עס-צימער אויף דער קאַנאַפּע ליעגט אָנגע-לעהנט דער אַלטער פוזיס—דער טאַטע פונ׳ם הויז. ער איז אַ בלינדער. ער פינטעלט מיט די בלינדע אויגען, וואָס בעשטעהען פון גארע ווייסליכען, הערט זיך איין אינ׳ם געווײן, וואָס ציהט זיך פון צביה׳ס צימער, און וויל וויסען:

—וואָס וויינט זי דאָרט, צביה?

פון גרויס לאַנגוויילינקייט קראַצט ער זיך אין גראָהען קאָפּ און אין דער באָרד, געניצט מיט גרויסע אויסגעצויגענע געניצען און שעפּטשעט דערביי מיט אַ צוצויגען מויל און מיט אַ שטאַרק-געלעגערטער צונג:

—אַך טי, רבונו של עולם!.. גאָטעניו... טאַטעניו...

ער וואַרט:

יקותיאל דער איינבינדער, דער צופלאָכטענער שמש פון דער סאַדעגערער קלויז, וועט זיך שפּעטער אַ ביסעל אַריינהאַפּען אַ קוק טהון, צי ס׳איז נישטאָ אַ גלאָז טיי, וועט ער איהם אַ ביסעל פערהאַלטען און וועט איהם דערצעהלען, אַז זיי זענען שלעק—די מיידלעך זיינע.

—גרויסע שלעק...

ער וועט מיט איהם בכלל פערפיהרען אַ שמועס וועגען דער שטאָדט, וועגען לייטען און וועגען זיך, קלמן פוזיס אַליין, וועגען זיינע אַמאָליגע געשעפטען—איין מאָל האָט ער געקויפט פאַר אַ שיבוש אַ וואַלד; די זאַוואַלינע האָט מען איהם גע-רופען. געדענקט ער עס ווי היינט:

—האָט מען זי געהאַקט, די זאַוואַלינע, געהאַקט און געהאַקט אפשר צוועלף יאָהר נאָכאַנאַנד, און דער בייטעל איז געווען פול. יקותיאל ווייסט דאָך, אַז אַמאָל איז ער, קלמן פוזיס, געווען דער קלוגער... נאָר נאָכדעם, אַז דאָס רעדעל האָט זיך איבערגעדרעהט, איז די קלוגע געוואָרען זי, לאה לשלום, דאָס ווייב זיינס, ווייל זי האָט געהאַט רייכע קרובים. איצט האַלטען איהם, קלמנ׳עך, די קינדער זיינע פאַר אַ נאַר.

—פכע! וואָס וועט דערויף זאָגען יקותיאל?

נור יקותיאל איז אַ קלוגיטשקער, אַ ווערטעל-זאָגער און אַ שווייגער. ער האָט אַ היבשע פלאַקסענע באָרד מיט אויך אַזעלכע היבשע פלאַקסענע ברעמען, און אַז ער קומט אַריין, קוקט ער פון ווייטענס אויפ׳ן אַלטען פוזיס׳ן, קוקט מיט קלוגיטש-קע אויגען, און אַ שמייכעל שוועבט איהם אונטער די אָבגעשוירענע וואָנסעס אויף די נאַקעטע ליפּען.

—וואָס זאָל זיך הערען?—שרייט ער צום בלינדען פוזיס׳ן—ס׳איז שלעכט, ר׳ קלמן! ביטער אין אַזאַ לאַנגען זומער-טאָג צו זיין אַ קבצן.

און דער אַלטער פערליערט מיט אַמאָל דעם האָנער—ער ווייסט נישט, וועמען מיינט יקותיאל: זיך, צי איהם, דעם אַלטען אָבגעקומענעם פוזיס׳ן. אַ ווייל ליעגט ער אַזוי אַ נישטיגער און פינטעלט מיט די בלינדע נאַריש-שעמעוודיגע אויגען-ווייפּ-ליכער.

—זיך, יקותיאל.

—אַ שענעם דאַנק, ר׳ קלמן.

אַ פויזע.

—געווען אַמאָל יאָהרען, אַ, יקותיאל?

—געווען, ר׳ קלמן.

—און אַוועק, יקותיאל.

—אַוועק, ר׳ קלמן.

דער אַלטער פערטראַכט זיך.

—וויפיעל ביזטו אַלט, יקותיאל?

קיינער ענטפערט נישט.

דער אַלטער וויל וויסען, ס׳אַר אַנ׳אויסזעהן האָט איצט די וועלט, וועלכע ער האָט שוין זינט צוועלף יאָהר נישט געזעהן; ס׳אַר אַנ׳אויסזעהן האָט איצט יקותיאל.

—יקותיאל- פרעגט ער פּאָרזיכטיג, ווי איינער, וואָס טרעט אויף די שפּיץ פינגער—ביזט שוין גראָה, יקותיאל?

נאָר יקותיאל איז שוין נישטאָ. ער האָט בעמערקט, אַז אין שטוב איז עפּיס נישט, ווי אַלע מאָל, און אַז קיין טיי וועט אַזוי גיך נישט זיין, און האָט זיך שטיל אַרויסגערוקט. און דער אַלטער פּוזיס ליעגט שוין ווידער איינער אַליין אין היבשען עס-צימער און הערט פון ווייטליכען צימער צביה׳ס נאָגענדיג געוויין—איהם איז לאַנגווייליג, וואַרט ער:

אין דער הייסער פינף אַזייגערדיגער בייטאָגיגער שעה וועלען זיך שאַטענס ציהען איבער׳ן קליינעם ברוקירטען שטעדטיל. טויט וועט זיין דער היציגער דרויסען, און דער אָרטיגער בריעפּענטרעגער וועט דורכאיילען דורכ׳ן שמאָלען געסעל, וועט ער זיך אפשר אַריינחאַפּען אַהער און וועט דאָ איבערלאָזען פּינקטליך 150 רובל מיט אַ קופּאָן, אין וועלכען ס׳וועט פּינקטליך שטעהן:

—בפקודת בנכם הגביר שיק איך אייך רצוף־פּה א. אז. וו.

און דאָס וועט זיין פונ׳ם אייינציגען זוהן שמואל׳ן, וואָס האָט ערגיץ אַרום קאַטערינאָסלאַוו עטליכע אייגענע ברויזען און שיקט אַהער אַלע חודש אויף צו לעבען.

נאָר דער בריעפּענטרעגער קומט אַזוי זעלטען, סך-הכל איין מאָל אין חודש. טעג ציהען זיך אַזעלכע לאַנגע, זומערדיגע, און צביה וויינט. דער אַלטער קראַצט זיך אין גראָהען קאָפּ און אין דער באָרד און שעפּטשעט ביי יעדען לאַנגען אויס-געצויגענעם געניץ:

—אַך טי, רבונו-של-עולם! גאָטעניו... טאַטעניו...

---

II.

ס׳טרעפט.

פון שמואל׳ן, דעם רייכען זוהן, קומט אָן אַ בריעף, אַז צביה ז׳אָל קומען, פון דער שנור איז פאַרהאַן אַ צושריפט:

—„אַצינד וועט שוין צביה נישט חרטה האָבען“. און נאָך:

אויב ס׳פעהלט איהר אַ קליידעל, זאָל עס קיין מניעה נישט זיין.

ס׳איז קלאָר, ווי דער טאָג: ס׳האַנדעלט זיך וועגען אַ שידוך; דער חתן איז נישט אַבי-ווער: אויב ער געפעלט שמואל׳ן מיט ברכה׳ן, מסתמא קוקט ער שוין נישט אויפ׳ן שענעם פּנים, און דער עיקר איז ביי איהם דער „מענש“, דער „גראַד“.

דער אַלטער איז אויפגערעגט. ליגענדיג אויף דער קאַנאַפּע, האַלט ער אין איין פּינטלען מיט די בלינדע ווייסליכער און איז צופרידען:

—וואָס-זשע דען? שמואל... מ'האָט נישט געוואוסט פריהער, אַז ער וועט איהר צוזוכען אַ חתן?

ער געהט שיער נישט אויס, אַזוי וויל ער וויסען, ווער איז דער חתן, און איבערהויפּט—דער מחותן, דער נייער מחותן. כדי צו דערגעהן, צי אין שמואל'ס בריעף איז נישטאָ אַ פּאָר ווערטער וועגען דעם, האַלט ער אין איין חנפ'ענען די מיידלעך:

—כ'בעט דיך, רחל'ע, סערדצע, וויפיעל האָט שמואל אייגענע גאַזשעלניעס?

ער ווייסט, אַז שמואל איז ביי די מיידלעך געהויכט און געקרוינט, האַלט ער גרייבער אין איין רעדען צו זיך אַליין:

—געווען אַמאָל אַ חסיד'ישער יונגער-מאַן, שמואל... געפאָהרען נאָך דער חתונה מיט'ן שווער קיין אויסלאַנד צום רבי'ן. און איצט, זאָגט מען, טראָגט ער לייקענע הענטשקעס און גיט די האַנד די פּריצות, מיט וועלכע ער האַנדעלט. און אַ באָרד דאַרף ער האָבען אַ היבשע, אַ שוואַרצע, אַ? רחל'ע, אַ יאָ, אַ שוואַרצע?

נאָר די מיידלעך גלויבען, אַז די חכמה איז געווען די מוטער זייערע, לאה לשלום, און איהם, דעם בלינדען טאַטען, האַלטען זיי פאַר אַ נאַר. פון לייטישקייט שווייגען זיי, נאָר אַנ'אויסזעהן איז ביי זיי אַזאַ, גלייך זיי טראַכטען:

—„מישטיינס געזאָגט... פאַרהאַן וועמען צו ענטפערן".

אַ פּאָר טעג איז די שטוב פול מיט פערבעהאַלטענעם אויפגערעגטען ליאַרים. ביי צביה'ן אין צימער געפינט זיך די גאַנצע צייט די אָרטיגע אויפגעקלערטע דיינ'-טע—אָט די, וואָס איז אַמאָל געווען רחל'ס אַ חבר'טע און האָט שוין דריי קינדער און איז אויפגעצויגען געוואָרען ערגיץ אין אַ גרויסער שטאָדט ביי אַ פרומען שטיף-זיידען, אַ גביר. זי נייהט צביה'ן קליינינגקייטען און גיט עצות. זי טראָגט און האָט פלעקען אויפ'ן פּנים, און רעדען רעדט זי מיט אַזאַ זיכערקייט, גלייך זי איז אַ גרוי-סער מומחה אין די זאַכען און ווייסט אַ שפּרוך, ווי צו געפעלען אַ חתן—זי האָט אַזעלכע קרייטעכצער...

סוף-כל-סוף פאָהרט צביה אַוועק. פון פאָרנט ביי דער שטוב שטעהט אַ געדונ-גענער בעל-עגלה מיט צביה'ס אונטערגעבונדענעם קאָרב, און רחל שטעהט דאָרט מיט טרעהרען אין די קרומליכע רחמנות-אויגען און מיט אַ פערבאָרגענעם קנאה-וועהטאָג, וועלכער וועט קיינמאָל נישט אַרויסגעזאָגט ווערען, און טאַפּט אויף דער בעל-עגלה'-שער בריטשקע דאָס קישעלע:

—ס'וועט איהר חאָטש זיין גוט צו זיצען, צביה'ן?

נאָר אין פיער וואָכען אַרום קומט צביה צוריק, אַנ'אויסגעמאָרעטע מיט אַ פער-ברענט פּנים, ווי פון אַ קוראָרט, מיט אַ שטילען, ניי-צוגעקומענעם יאוש אין האַרץ און מיט אַ גוואַלדיגען קאָפּ-וועהטאָג פון דער נישט-געשלאָפענער נאַכט אין וואַגאָן.

בשעת זי קריכט אַראָב פון דער פוהר, שמייכעלט זי נאָך—זי איז ווי צופרידען, וואָס זי איז אַהיים געקומען. אין שטוב איז אויך ווי יום-טוב'דיג. אויפ'ן טיש אין עס-צימער ליגט אַ פריש געל טישטוך, מ'טרינקט טיי. די אויפגעקלערטע דיינ'טע איז אויך דאָ, און צביה קרימט זיך, קלאָגט זיך אויף קאָפּ-וועהטאָג און אויף דער רעש'יגער חתונה, וואָס מ'האָט אַ וואָך צייט געפראַוועט דאָרט, ביי שמואל'ס רייכען שווער אין דער היים.

—וועה איז מיר, קרעכצט זי, אַזוי פיעל טומעל—אַז ס'טהוט אַ סקריפּע די טהיר, ווייזט זיך מיר נאָך אַלץ אויס, אַז ס'שפּיעלען כלי-זמר.

דער אַלטער ליעגט דאָ ביי דער זייט אויף דער קאַנאַפּע און פינטעלט מיט די בלינדע ווייסליכער.

—נו—פרעגט ער—און ווי אַזוי איז עפּיס ביים מחותן אין שטוב? דער מחותן איז רייך, אַ? אַ ברייט פיהרעכץ?...

און וועגען דעם בריעף, וואָס שמואל האָט צוגעשיקט צוריק מיט אַ חודש, רעדט מעהר קיינער קיין וואָרט נישט. צביה שלאָפט אָב ביי אָנדערטהאַלבען מעת-לעת ביי זיך אין צימער, און אַז זי שטעהט אויף, זשומעט איהר נאָך אַלץ אין די אויערן, און ביי יעדען סקריפּ פון דער טהיר ווייזט זיך איהר אויס, אַז ס'שפּיעלען כלי-זמר, אָדער ס'פייפט דער צוג. ס'ציהען זיך שוין ווידער לאַנגע זומערדיגע טעג און אין שטוב איז קיינער נישטאָ. ס'איז קיהל אין שטוב, און דער אַלטער ליעגט איינער אַליין אויף דער קאַנאַפּע. ער קראַצט זיך פון גרויס לאַנגווייליגקייט אין גראָהען קאָפּ און אין דער באָרד און שעפּטשעט ביי יעדען לאַנגען אויסגעצויגענעם געניץ:

—אַך טי, רבונו-של-עולם!... גאָטעניו!... טאַטעניו!..

איצט וועט שוין אין שטוב, דאַכט זיך, מעהר גאָרנישט פּאָרקומען.

---

## III.

נאָר אָט מאַכט זיך:

פון שמואל'ן, דעם רייכען זוהן, קומט איינמאָל אָן אַ דעפּעש, אַז איבערמאָרגען פאָהרט ער דורך אויף דער נאָהענטער קלייגער סטאַציע, ער איילט קיין אויסלאַנד אויף אַ קוראָרט און בעט, מ'זאָל צופאָהרען צום וואָקזאַל, זיך זעהן.

ס'איז פּאַר זון-זעצען זין'. און דער טאָג איז אַזאַ קלאָרער און געשענקטער,—אַ שפּעט-זומערדיגער טאָג. דער אַלטער פּוזיס ליעגט דעמאָלט אין עס-צימער אויף דער קאַנאַפּע און וואַרט, מ'זאָל איהם אָנטהון די שבת'דיגע קאַפּאָטע און איהם אַרויספיהרען אַ ביסעל אין גאַס שפּאַצירען. נישט לאַנג איז דאָ אין שטעדטיל אין רייכקייט געשטאָרבען זיין אַמאָליגער לאַנג-יעהריגער שותּף ישראל קיטיווער, און דעם קיטיווער'ס אייניקעל נאָטע-הירש בויט איצט איבער דעם זיידענ'ס הויז און ציהט אַרויס אַ נייעם גאַניק אין מאַרק אַריין. ליעגט דער אַלטער אויף דער קאַנאַפּע און מאָלט זיך אויס, ווי ער וועט באַלד בלינדערהייד שטעהן דאָרט אין מאַרק נעבען דעם הויז, וואָס בויט זיך. אין דער שבת'דיגער קאַפּאָטע וועט ער דאָרט שטעהן און וועט אָנווייזען נאָטע-הירש'ן מיט'ן שטעקען:

—„זעהסטו, נאָטע-הירש. אָ-דאָ, וואו דו ציהסט דעם גאַניק, איז אַמאָל געוועזן, געדענק איך, אַ טיעפע קאַנאַווע—איז כדאי אַ גראָב טהון און זעהן, צי דער גרונט וועט אויסהאַלטען“.

און אַרום-און-אַרום שטעהען שטאָדט-לייט, און קוקען:

—„וואָס-זשע דען? שמועסט מען,—קלמן פּוזיס... איין מאָל אין זיין לעבען האָט ער געבויט?“

דער אַלטער גאַרט אַזש, אַזוי שטאַרק ווילט זיך איהם אין מאַרק אַריין צום קיטיווער'ס הויז

—נו, רחל'ע, סערדצע?—פרעגט ער אַלע רגע—וואו-זשע איז זי, די שבת'דיגע קאַפּאָטע? נאָר רחל ענטפערט נישט. אין שטוב איז עפּיס געשעהן—די דעפּעש פון שמואל'ן האָט מען אַפנים דערלאַנגט צו די מיידלעך אין צימער דורכ'ן פענסטער,

אין די בשורה אָנזאָגען איז עמיצער פון דאָרט געשווינד אַוועקגעלאָפען. איצט איז שוין ווידער פאַרהאַן די אָרטיגע איבגעקלערטע דיינ'טע. מיילער רעדען אַלע אינאיינעם, און אַ יום-טוב'דיגער ליאַרים וויקעלט זיך אַרום מענשענ'ס לייבער. עס דאַכט זיך: אין דער לעצטער פער'יאוש'טער רגע איז די שטוב אויפגעריכט געוואָרען פלוצים, אומגעריכט און אויף אייביג, אויף אייביג-צי האָט נישט שמואל'ס דעפעש אַ שייכות צו זיין בריעף, אין וועלכען ער האָט אָנהויב זומער געשריבען, אַז צביה זאָל קומען?.. צי פיהרט ער איצט נישט מיט זיך די ישועה אַהער אין שטוב? מסתמא, פאָהרט ער נישט אַליין...

ביי רחל'ען שטעהען טרעהרען אין די קרומליכע רחמנות-אויגען. זי קוקט, שמייכעלט און קאָן נישט רעדען. און פלוצים טהוט זי זיך אַ זעץ צו אויפ'ן בענקעל, וואָס אין אַ זייט אין ווינקעל, און שיסט-אויס מיט אַ געוויין:

—שמואל!... אַלט יאָהר איהם נישט געזעהן—שמואל!...

און עס דאַכט זיך, אַז זי רופט איהם—ער איז דאָ אין צווייטען חדר.

---

אויף מאָרגען אַ גאַנצען טאָג האַלטען די מיידלעך אין איין האָרעווען און טהון. מ'באַקט לעקעכלעך און אַנדערע זיסע זאַכען אין וועג אַריין. מ'שווענקט נאָזטיכלעך, און מ'פרעסט זיך אַליין ווייסע קאָפטעלעך. די פענסטער זענען אָפען. דאָס דיענסט-מיידעל איז חושד רחל'ען, אַז זי קרויזט זיך די האָהר, און דער אַלטער ליעגט אין עס-צימער אויף דער קאַנאַפע, און איהם דאַכט זיך, אַז פון דריטען חדר, וואו די מיידלעך שטעהען ביים טיש און טהוען אַלע מאָל אַ שטעל-אַוועק דאָס אָנגעהיצטע פרעסעל, דערהערט ער אָפט, ווי עמיצער טהוט אַ זינג... ער פלאַפּעלט מיט יקותיאל'ן, דעם צופלאָכטענעם שמש פון דער סאַדיגערער קלויז:

—געוועזען אַמאָל אַ חסיד'ישער יונגער-מאַן שמואל, אַז געפאָהרען נאָך דער התונה מיט'ן שווער קיין אויסלאַנד צום רבי'ן... און איצט איז ער רייך, שמואל, שטאַרק רייך...

אען ער ווערט אַנטשוויגען, פינטעלט ער מיט די בלינדע אויגען און מאָלט זיך, ווי אַזוי שמואל זעהט איצט אויס:

—אַ באָרד דאַרף ער האָבען אַ היבשע, אַ שוואַרצע. ער טראָגט לייקענע הענטשקעס און גיט די האַנד די פריצות. מיט וועלכע ער האַנדעלט... שמואל!...

ער שלאָפט קוים איבער די נאַכט, און אינדערפריה, ווען ער געהט אַרויס אין פאָהר-כאַלאַט אינאיינעם מיט די מיידלעך צום געדונגענעם בעל-עגלה'שען פאַעטאָן, וואָס שטעהט ביי דער שטוב און וואַרט, זעצט ער זיך אַזוי גיך נישט אויף; בלינדערהייד געהט ער אַרום דעם פאַעטאָן. ער טאַפּט, צי ס'איז פאַרהאַן אַ לעדערן ביידעל, און איהם דאַכט זיך, אַז אין שאָטען, אין ברוקירט געסעל שטעהען דורכאויס שטאָדט-לייט און קוקען:

—קלמן פוזיס פאָהרט זיך זעהן מיט'ן זוהן.

—ביים פאַעטאָן—פרעגט ער—איז דאָ אַ ביידעל?—אַ? ס'איז דאָ?

מ'לעגט אָן גאַנצע וויאָרסטען און מ'פאָהרט אַרום און אַרום מיט'ן ברייטען פאַסט-וועג. מ'זיצט אין פאַעטאָן אויסגעפוצט, יום-טוב'דיג אויפגערעגט, גלייך מ'פאָהרט אויף אַ חתונה, און מ'איז ברוגז אויפ'ן אַלטען, אלמאי ער מאַכט נישט צו חאָטש אויף אַ רגע דאָס מויל. נאָר אַז מ'קומט אויפ'ן קליינעם וואָקזאַל, בעמערקט מען וואָקאָרשט, אַז מ'איז אַרויסגעפאָהרען צו-פריה, און מ'נודעט זיך לאַנגע שעה'ן. שמואל'ס צוג איז אַ פלאַץ-קאָרטענדיגער, אַ דראַטיג-קרעפטיגער און אַ שנעלער. אַז ער טהוט אַ

לויף-צו צום קליינעם וואָקזאַלכעל, גיט מען שוין מיט אַמאָל צוויי קלינג, און דער אויסגעפּוצטער „אָבער" האָט דאָ אויף דער קליינער סטאַציע פאַר קיינעם קיין דרך ארץ נישט און שינדט די הויט, מ'זאָל געבען דעם דריטען קלונג:

—פאַרטיג? אַ?

אויף דער פּלאַטפאָרם ווערט אַ געיאָגעריי, און פון מיטען טומעל רייסט זיך אַרויס אַ שטאַרקער, זיכערער, זאַפטיגער באַריטאָן:

—טאַטע! איך בין אָט-דאָ! אין פענסטער שטעה איך!

אין וואַגאָן-פענסטער שטעהט אַ יונגער בּרוסטיגער יוד מיט אַ היבשער שוואַרצער באָרד און אַ ביסעל עזות'דיגע, ווי מיט לאַק גלאַנצענדיגע אויגען, דאָס איז שמואל, דער רייכער, גליקליכער זוהן שמואל. ער שטרעקט אויס אַראָב די שלום-עליכם-האַנד, און דער אַלטער שטעהט נעבען פענסטער אַ פערציטערטער, אַ דערשראָקען-פערטרייסעלטער. ער פינטעלט שטאַרק מיט די בלינדע וויסליכער און זוכט אָט די האַנד מיט אַלע זיינע צעהן ציטערדיגע פינגער, און די מיידלעך הויבען איהם אונטער די עלענבויגענס און העלפען איהם, זי געפינען. אָט האָט ער זי סוף-כל-סוף געפּאַקט, די האַנד. ער נישטערט אַרום אַהר מיט אַלע צעהן ציטערדיגע פינגער און טאַפּט זי געשווינד אַרום און פּרובט זי אויס.

—ס'איז שמואל'ס האַנד, פרעגט ער, אַ?.. שמואל'ס האַנד?..

נאָר דער עזות'דיג-אויסגעפּוצטער „אָבער" האָט זיך שוין דערשלאָגען דעם דריטען קלונג און דער צוג האָט שוין גערירט. דעם אַלטען'ס פינגער טאַפּען נאָך אַ ווײַלע אין דער לופט מיט אַזאַ געפיהל, גלייך זיי בעריהרען נאָך אַלץ דעם גלאַטען סאַמעט פון אַ נייער זאַמשענער הענטשקע, און לאָזען זיך פּאַמעליך אַראָב.

איצט ווערט מען פאָהרען אַהיים, פונ'ם צוג איז שוין סיי-ווי-סיי קיין זכר נישט געבליבען. ער איז פערשוואונדען ערגיץ דאָרט ווייט, ווייט אינ'ם עקסטען שפּעלטעל פונ'ם שפּעט-זומערדיגען האָריזאָנט. מ'זעצט זיך צוריק אין פּאַעטאָן און מ'זוכט אין בויד—מ'האָט פערלוירען אַ פול טישטוכ'ל מיט פרישע ווייסינקע צוקער-לעקעכלעך. נאָר נאָך וואָס האָט מען זיי, אייגענטליך, אַהער געפיהרט, אָט די צוקער-לעקעכלעך?

מ'שווייגט. דעם בעל-עגלה'ס פערד זענען מיעד, קוים-קוים וואָס זיי טרייסלען זיך, און די גלעקער אויף זייערע העלזער—קוים-קוים וואָס זיי קלינגען. נאָר אויך אָט דער שוואַכער, מיעדער גלעקער-קלאַנג רעגט-אויף צביה'ס נערוועןן און ברענגט זי אַריין אין כעס:

—רבונו-של-עולם, זי ווערט פון אָט די גלעקער משוגע ווערען.

אין אַ ברייטען שפּוע'דיגען טאָל מוז זיך דער בעל-עגלה אָבשטעלען און סוף-כל-סוף די גלעקער אַראָבנעהמען. לינקס, איבער אַ ווייטען וואַלד אַ קאַרליק, האַלט די פערגרעסערטע זון ביי זעצען זיך; זי האָט אַרום זיך אַ פליסיג טייכעל, אַ געלס און זויבערס, ווי לויטערער בורשטין, און אַ פּאַס, אַ ראָזער און אַ קורצער, ציהט זיך אויס ביים האָריזאָנט און נאָגט צו איהר פון ווייטענס. נאָר דאָרטען דאַכט זיך, אַז זי ווערט זיך קיינמאָל נישט זעצען, אָט די זון—זי ווערט אַזוי בלייבען הענגען, ווי אַמאָל אין די צייטען פון אַלטען גבעון.

דעם אַלטען האָט מען שוין אָבגעטהון זיינס—מ'האָט אויף איהם אָנגעשריען, אַלמאַי ער רעדט, און ער איז אַנטשוויגען געוואָרען. ער האָט נור אַ פינטעל געטהון מיט די בלינדע וויסליכער און האָט געגעבען אַ שמייכעל צו זיך אין דער באָרד אַריין:

—פכע!.. אַז זיי האַלטען איהם פאַר אַ נאַר, די מיידלעך זיינע.

מ׳טרייסעלט זיך אַהיים פּאַמעליך, אָהן גלעקער; מ׳וויל שוין וואָס גיכער אַהיים קומען, און מ׳שווייגט.

איצט וועט שוין געוויס קיין שום נייעס אין אַלטען אָבגעקומענעם הויז מעהר נישט פּאָרקומען. איבער אַ יאָהר זומער, אַז דאָרט וועלען בענייעס אָנהויבען שוויצען די גראָבע געמויערטע ווענד, וועט זיך צביה ווידער אַרומדרעהען אין אונטערשטען קליידעל און וועט פּער׳עקשנ׳טערהייד רוימען אין אַלע חדרים—זי וועט נישט עסען, נישט טרינקען און וועט זיך סוף-כל-סוף אַריינוואַרפען ביי זיך אין צימער אין בעט מיט אַ געוויין. און דער אַלטער פּוזיס וועט דעמאָלט ווידער אַמאָל ליעגען אין קיהלען עס-צימער אויף דער קאַנאַפּע און וועט פּינטלען מיט די פּערשמאָלטע בלינדע וויים-ליכער. ער וועט נישט וועלען, אַז יקותיאל דער שמש זאָל זיך אָנשטויסען, וואָס עס בעדייט צביה׳ס געוויין, וועט ער פּערפיהרען מיט איהם אַ שמועס:

—געוועזן אַמאָל יאָהרען, אַ, יקותיאל?

—געוועזן, ר׳ קלמן.

—און אַוועק, יקותיאל, אַ? אַוועק, ווי אַ שאָטען.

—נעכטיגע טעג, ר׳ קלמן.



## ב.

# דרויב.

### 1

איז אָט-אָ די ביילע-העניע, משה דעם טאָטער׳ס ווייב, וואָס האָט ביז איהר חתונה געדיענט ביי דער נגיד׳ישער שנור—זי איז געווען מיאוס ווי דער טויט, זי האָט געהאַט אַ קליין לענגליך פנים, פול מיט גרויסע טיעפע שטיפלען. דאָך האָט זי זיך פון קליינערהייד אָן איינגערעדט, אַז זי וועט חתונה האָבען נור מיט אַנ׳איידעלען יוד און האָט ניט געוואָלט דעם מאַן איהרען, משה דעם שמיד, וואָס האָט געהאַט אַ צונעמעניש „טאָטער”.

דעם טאָטער האָט דאָס פערדראָסען ביז גאָר. ס׳איז איהם דערגאַנגען ביז די לעבער—וואָס הייסט עס:

— אַזאַ פערזעהעניש, און דאָס זאָל איהם ניט ווֶעלען...

ער האָט זי דערפאַר געהאַלטען אין איין שלאָגען, און זי האָט איהם ניט געוואָלט.

שמחת-תורה בייטאָג האָט ער זי געשלאָגען דאָס לעצטע מאָל.

שמחת-תורה בייטאָג האָט זיך געפיהלט אַ רעגען אין שטעדטיל, נאָר קיין רעגען איז ניט געגאַנגען. אין דרויסען איז נור די לופט געווען שטאַרק קיהל, טונקעל און הפקר—צו ווינטער-צו און צו צפונ׳דיגע קעלטען. ביים רב אין שטוב זיצט מען ביים טיש, די טהיר איז אָפען און אַרום און אַרום ביי דער האַלב-קיילעכיגער הייזער-ראָד זיצען ווייבער אויף די פידאַשקעס און קוקען, ווי בעל-הבת׳ישע פלייצעס בויגען זיך דאָרט אַרום דעם רב און אַרום מאָטעל דעם רויטען, דעם ניי-אויסגעקליבענעם גבאי. מ׳טרינקט דאָרט בראַשוק, מ׳זינגט נגונים און מ׳וואַרפט יונה דעם לאַנגען קאַווען-שאָלעכץ גלייך אין באָרד אַריין; מ׳איז אַלע איין בינטעל—אַלע, אַלטע קאַנטיקאָזעווער. פון גרויס ליעבשאַפט צו יונה דעם לאַנגען שרייט מען צו איהם:

— יונה!

— יונה דער לאַנגער, אַ רוח׳ן דיין טאַטען!

נאָר יונה דער לאַנגער מאַכט זיך ניט הערענדיג. ער שטעהט מיט זיין גאַנצער לענג צווישען רעגען פון קאַווען-שאָלעכץ און שרייט נאָך העכער מיט זיין חזנ׳יש-גרילצענדיג קול און מיט׳ן נוסח פון גשם:

אף—ברי,

נאָך יום-טוב אינדערפריה,

אתת—

האָט מיין ווייב דאָס משוגעת.

שם שר מטר—

איך הער זי, ווי דעם קאָטער.

און פּלוצים טהוט געשווינד אַ יאָג אַ שרעק איבער'ן שטעדטיל, און שוואַ־ ליאם—אַריין אַהער צום רב אין שטוב:

— ער שלאָגט שוין ווייטער דאָס ווייב!

— ווער? משה דער טאָטער?

— אַ רוח'ן זיין טרפה'נער קישקע.

און אַלע מיט אַמאָל אַ יאָג אין דרויסען אַרויס. ביי עמיצען זענען די פּליי־ נעס שטאַרק איינגעשמירט אין ווייסען, נאָר ער ווייסט ניט דערפון — ער איז בגלופין, פערגעהט שמייכלדיג אונטער דער שטוב, צונעהמט דאָרט שמייכעלדיג די פּאָלעס און טהוט־אָב אַ מיאוס'ע זאַך, מיט אַזאַ אויסזעהן, גלייך ער טהוט־אָב עמיצען אַ שפּיצעל, און אַז ער קעהרט זיך אום, שטעהט שוין דער גאַנצער עולם אין דרויסען, ביי דער טהיר און קוקט, ווי משה דער טאָטער יאָגט זיך איבער'ן פּלאַץ נאָכ'ן ווייב ביילע־העניען. ער—אַ פיער־עקיגער ריעז מיט פערקאַשערטע הענד, ווי אין דער וואָכען, בשעת ער שטעהט ביי זיך אין קוזניע און טהוט־אָן אין אייזען גוי'אישע וואָגענס, און זי—אַ קליינע, אַ ביינערדיגע, ווי אַ מאָגערע הוהן, און אַלע ווייסען דאָך, אַז זי האַלט תמיד אַ שפּיגעלע נעבען בעט—אַ צובראָכענס מיט אַנ'אָבגעריבענער רויטער לינקער זייט. זי האָט זיך ליעב צו שפּיגלען—אָט די מיאוס'קייט. אַנטלויפענדיג, פערגעסט זי דאָך ניט אויסצובעהאַלטען דאָס געשטופּעל־ טע פּאָקען־פּנים אונטער'ן ריינעם ווייסען קאָפּען־טיכעל, און איהרע שולדיגע קאָסע אויגען קאָנען דערביי ניט קוקען מאַנסבילען אין פּנים אַריין—זיי שעמען זיך, ווי נאָך אַ פריש־אָבגעטהוענער זינד. זי אַנטלויפט געשווינד אינ'ם אַקעגענדיגען נגיד'ישען הויז, וואו זי האָט ביז דער חתונה געדיענט, און אַלע שטעהען און קוקען, ווי מ'פערשליסט דאָרט באַלד נאָך איהר די טהיר. איצט, זאָגט מען, איז אַנ'עק:

— פאַרטיג...

---

II

דאָס אַקעגענדיגע נגיד'ישע הויז איז אַ בכבוד'יגס, אַ ירושה'דיגס און אַנ'אַלטס. ס'האָט אַ ווייסען פלאַכען דאַך; ס'האָט פעסטע ווייס־געקאַלכטע ווענד מיט אַלטע אַקאַציע־בוימער פאַר די גרויסע אַכט־שויבענדיגע פענסטער. שאָקלען זיך אָט די אַלטע בוימער פון יעדען מינדסטען ווינטעל, שאָקלען זיך אונטער'ן חשון'דיג פער־ כמאַרעטען הימעל, אונטער יעדען וואָלקען, וואָס טריפט יאָ און טריפט ניט, און דערעסען אַזוי אַלע אַרומיגע קבצנ'ישע הייזער, דערעסען מיט דער אַלטער מעשה, וואָס זיי האַלטען תמיד אין איין שעפּטשען:

אַ מעשה מיט אַנ'אַמאָליגען גביר, וואָס האָט אַמאָל דאָס הויז געבויט; אַ מעשה מיט זיינעם אַ זוהן, וואָס איז שוין לאַנג געשטאָרבען, און איצט וואוינט שוין דאָרט נור די שנור זיינע, אָט די, וואָס האָט ליעב גוי'איש רעדען, און געהט קיינמאָל ניט אין שוהל, און ס'פאָהרען צו איהר אָפּט צו־גאַסט דער יודישער דאָקטאָר, דער אַקציזניק מיט'ן סטאַנאָוואָי.

אַרום איז בלאָטיג און נאַס. פעלדער, וויסטע, אָבגעשניטענע און פערלאָזטע, ציהען זיך אַרויף אַ באַרג און טוקען זיך דאָרט אין כמאַרע און אין אונענדליכער ווינטער־צייט. ס'איז שטיל, נאָר אַמאָל טרעפט:

פון אַ קליין און פוסט לעבען, וואָס ערגיץ־וואו אין געגענד, קומט אָן אַהער אַ פוהר ניישט מעהר, ווי אויף דורכצופאָהרען; זי טראָגט דאָ דורך איהר פוסטען

גלעקער-קלאַנג און פערשווינדט. און פּיצעלע שטעדטיל הויקערט זיך ווידער און שווייגט נאָך מעהר. קבצנ'ישע הייזלעך שטעהען ביז'ן בויך אין בלאָטע און הערען זיך איין: ס'גוואַלדשען שטיוועל—דאָס איז משה דער טאָטער. ער בלאָנדזשעט שוין ווידער אין מיטען בייטאָג אַרום אָרימע קלייטען און אַרום קרעמער, וואָס האָבען מיט איהם נישט וועגען וואָס צו רעדען. קוקענדיג אויף די שפּיצען פון זיינע שטי-וועל, פערטראַכט ער זיך, עקט זיך שיער נישט פון גרוים גרימעניש און פון צער, און שפּייט סוף-כל-סוף אויס:

—אַ רוח'ן איהר טאַטען...

און אין זינען האָט ער דערביי די גביר'ישע שנור, וואָס דאָרט, אינ'ם אַקע-גענדיגען נגיד'ישען הויז. זי גיט איהם נישט אָב זיין ווייב. פון שמחת-תורה אָן האַלט זי ביי זיך ביילע-העניען און גיט זי איהם נישט אָב—זי שיקט איהם אַלע מאָל זאָגען:

—זי וועט איהם געבען פופציג קערבלעך, ער זאָל געבען ביילע-העניען גט.

דער טאָטער האָט אַ ביסעל מורא. פאַר אָט דער נגיד'ישער שנור און פאַר איהר הויז—אַהין קומט דאָך אַזוי אָפּט צו-גאַסט דער סטאַנאָוואָי. איטליכס מאָל, וואָס ער קומט אַהין אַריין, זיין ווייב מאָהנען, שטעהט ער דאָרט אין פעדער-צימער ביי דער טהיר און וואַרט לאַנג, ווי אַ קבצן, וואָס קומט בעטלען אַ נדבה. ביילע-העניע איז שוין דאַן אין קיך נישטאָ. זי טהוט זיך באַלד אַ יאָג איבער'ן גאַנצען הויז און בעהאַלט זיך ביי דער בעל-הבית'טע אין שלאָף-צימער. פון אַנ'אינווענינגסטען פריה-גע-הייצטען און שטאַרק וואַרימען צימער קומט אַרויס די „ניאַניע"—אַ גראָבע גוי'קע מיט אַ צופלעטשטער איינגעפאַלענער נאָז און מיט ליפּען פון אַ נאַשערין. זי קוקט אויף איהם מיט שעלמישע שוואַרצע אויגעלעך און האַלט דערביי כלומרשט אין איין אונ-טערטרייסלען דאָס קליינע קינד, וואָס זיצט ביי איהר אויף די הענד. זי וויל איהם גאָרנישט ניט זאָגען—זי איז נור געקומען אַ קוק טהון, ס'אַר אַ פּנים ער האָט, דער יוד, וואָס איבער איהם בעהאַלט זיך די געשטופּעלטע ביילע-העניע אַזש ביי דער בעל-הבית'טע אין שלאָף-צימער. סוף-כל-סוף קומט אַרויס צו איהם די בעל-הבית'טע אַליין, און הויבט איהם אָן זאָגען מוסר. אַ פּיסק איז ביי איהר, ווי אויף שרייפלעך. דער טאָטער שווייגט און קוקט אויף איהר די גאַנצע צייט אין אלכסון, מיט אויגען פון אַ בייזען אונבעהאָלפיגען גזלן:

—אַ מכה איהר אין גאָרגעל...

דעם טאָטער איז שוין נמאס די גאַנצע מעשה. ער געהט אַוועק און פּרובט עפּעס די קוזניע, נאָר ס'אַרבייט זיך נישט. אין דערהיים איז אויך נישטאָ מיט ווע-מען אַ וואָרט צו רעדען, אין מויל איז די גאַנצע צייט זויערליך, ווי נאָכ'ן שמחת-תורה'דיגען בראַשוק, און דערצו איז נאָך דאָס וועטער אַזאַ פּאַסקודנע. ס'נאָגט ביים לעפּעלע און קיין קינדער האָט זי מיט איהם אויך נישט, אָט די געשטופּעלטע מויז. האַפּט דער רוח דעם טאַטען איהרען—ער וועט געהן אַהין צום לעצטען:

—ער וועט איהר געבען גט.

---

צום גט קומט די גביר'ישע שנור אַליין, זי שטעהט גלייך מיט ביילע-העניען ביים רב. זי איז אָנגעטהון מיט אַ שוואַרצען גאַרעסענעם שאַרף אויפ'ן קאָפּ. און איט-ליכס מאָל, וואָס דער טאָטער זאָגט נאָך דעם רב די גט-ווערטער, הערט זי זיך איין און שאָקעלט צו מיט'ן קאָפּ—מיט אַ מינע פון אַ מבין און מיט אַזאַ אויסזעהן, גלייך זי בעשליסט, אַז מ'נאַרט זי נישט אָב, און אַז דאָס אַלץ איז ווערטה—ס'ווערטה די פופציג רובל, וואָס זי בעצאָהלט.

דער טאַטער האָט אַ׳שוועטטער אין שטעדטיל—זי וואַרפט גוי׳עס קאָרטען און זאָגט נביאות אויף גנבות, צי זיי וועלען זיך אָבזוכען, צי ניין. זי שטעהט אין דרוי־סען נישט ווייט פון רב׳ס שטוב, דער קאָפּ איז פערבונדען מיט אַ פויעריש טיכעל און אַרום שטעהט אַ רעדעל—ווייבער און קינדער,הערען, ווי זי שעלט ביילע־העניען מיט איהר בעשיצערין, די גביר׳ישע שנור:

—ביידע זאָלען זיי איינגעזונקען ווערען. זיי זאָלען איינגעהמען אַ מיתה משונה.

—נאָך היינטיגען טאָג, גאָט אין הימעל. מכות זאָל זיך זיי זעצען אויף די גע־דערים.

און די אויגען האַלטען ביי איהר דערביי אין איין קוקען אַהין, צום רב׳ס שטוב, וואו ס׳געהט דער גט. און ס׳דאַכט זיך, אַז זי דאַוועגט.

אַלע קוקען, ווי ס׳עפענט זיך דעם רב׳ס טהיר, נאָר אַז דער עולם שיט זיך אַרויס פון שטוב, קומט ווידער עפיס פאָר, און מ׳נעהמט אַהער געשווינד לויפען פון אַלע עקען שטאָדט. די, וואָס פערשפעטיגען, פרעגען, וואָס ס׳איז געשעהן, און מ׳ענט־פערט זיי, אַז גאָרנישט, גאָרנישט:

דער טאָטער האָט נור נאָכאַמאָל איצט, שוין נאָכ׳ן גט, אויסגעפּאַטשט ביילע־העניען... צום לעצטען מאָל.

---

III.

דער טאָטער האָט פערקויפט די קוזניע און געגעבען אַ שפיי אויפ׳ן שטעדטיל. געה זיי אַ נביא, וואו זיין געביין איז צוהינגעקומען, איצט איז שוין זומער, און ער איז נאָך אַלץ נישטאָ.

ביילע־העניע איז פריי.

פרייטאָג בייטאָג, אַז קינדער קעהרען זיך אום פונ׳ם חדר און בלאָנדזשען אונטער די הייזער צווישען באָדיקעס, און קוקען אַריין צו דער נגיד׳ישער שנור אין הויף דורך די צולעכצטע פּאַרקען־ברעטער, זעהען זיי, ווי ביילע־העניע זיצט דאָרט מיט אַלע פיער אויף דער ערד, נישט ווייט פון קיך־טהיר און בויגט זיך און רייבט, און רייבט—אַרום איהר שטעהען צוויי סאַמאָוואַרען, אַ סך קופּער און מעש. די קינדער שרייען פלוצלונג אַריין:

—ביילע העניע די געשטופּעלטע!.. אָט געהט דער טאָטער!

און, דערשראָקען פאַר זייערע אייגענע קולות, טרעטען זיי גלייך אָב און אַנטלויפען.

אין שטאָדט צוקריגען זיך צוויי שוועסטערלעך. זיי הרג׳ענען גוט אָן איינס דאָס אַנדערע און יענע, וואָס האָט געהאַפּט מעהר קלעפּ, שרייט צו דער צווייטער:

—דו, ביילע־העניע דו!... דו געשטופעלטע מויז!

און ביילע־העניע הערט עס פאַרבייגעהענדיג און בעהאַלט אויס דאָס פּאָקען־פנים אונטער׳ן ריינעם ווייסען קאָפּען־טיכעל. אין דער היים, ביי דער נגיד׳ישער שנור, פעררוקט זי זיך נאָכדעם אין איהר ווינקעל און בעטראַכט זיך דאָרט לאַנג אין איהר קליינעם שטיקעל שפּיגעלע, וואָס מיט דער אָבגעריבענער לינקער זייט. זי זעהט: שטופּלען, שטופּלען, אַ סך שטופּלען, און אויגען קאָסע, וואָס קוקען אין צוויי פערשידענע וועלט־זייטען. נאָר אין עס־צימער זענען שוין דאָ געסט; מ׳רופט זי, בעהאַלט זי דאָס שפּיגעלע געשווינד, ווי אַ גנבה׳שע זאַך און לויפט.

—באַלד, ענטפערט זי, געהענדיג אַהין, און איהרע אויגען שעמען זיך דאָרט

צו קוקן מאַנסבילען אין פנים אַריין. אַלע ווייסען דאָך שוין, פאַרוואָס זי האָט נאָך כלה־ווייז נישט געוואָלט דעם טאָטער. זי האָט זיך פון קליינערהייד אָן איינגערעדט, אַז זי וועט חתונה האָבען פאַר אַנ׳איידעלען יוד. אַז מ׳איז אויפגעלעגט, לאַכט מען דאָרט אַלע אינאיינעם, מ׳קנאַקט ניסלעך און מ׳פערברענגט זיך:

—נו, וואָס הערט זיך, ווען האָט ביילע-העניע חתונה פאַר אַ רב?

ביי דער גביר׳ישער שנור אין קיך איז פאַרהאַן אַ קיכנע, אַ שטיב־מיידעל און אַ שיקסע און די ניאַניע, און אַלע ווילען זיי חתונה האָבען, אַז זיי פגר׳ן שיער נישט. זיי ווינשען זיך עס ביי יעדערער געראָטען-אָבגעבאַקענער חלה און איטליכס מאָל, וואָס מ׳פרעגעלט דער נגיד׳ישער שנור שמאַלץ.

איטליכס מאָל, וואָס אין שטעדטיל טרעפט אַ חתונה, שיט מען אַלע אַרויס אין דרויסען. און וואָס מעהר פערזעסען איז די כלה, אַלץ מעהר האָט מען צו איהר אינטערעס. מ׳הערט זיך איין, ווי כלי-זמר פיהרען אַנ׳אַלטע איבערגעוואַקסענע מויד צו דער חופה, און נאָכדעם קלעפט מען אַ גאַנצע נאַכט נעבען בעלויכטעטעם הויז, וואו די חופה קומט-פאָר. מ׳קעהרט זיך אום מיט׳ן גראָהען טאָגליך, און מ׳לעגט זיך אין דיענסט-חדר אין די בעטען אַריין, נאָר אַנטשלאָפען ווערען קאָן מען נישט. מ׳רעדט אַזוי לאַנג פון חתונה האָבען, ביז מ׳צוקריעגט זיך—די פּאָקאָיאָווע וואַרפט-אויס דער קיכנע, אַז דער מאַן איהרער איז געוועזן אַ גנב און איז געשטאָרבען אין טורמע, און די קיכנע שרייט, אַז זי ווייסט, צו וועמען די פּאָקאָיאָווע פלעגט אַ גאַנצען ווינטער אַרויסגעהן אַלע אָווענד אונטער׳ן פאַרקען. ס׳מישען זיך אַריין די שיקסע מיט דער ניאַניע און קיינער ווייסט שוין נישט, ווער ס׳האָט די קריעג אָנגעהויבען. אויף מאָרגען אינדערפריה איז מען נאָך אַלץ ברוגז איינע מיט דער צווייטער—אַלע שרייען; די קיכנע שפייט ביילע־העניען אין פנים אַריין, זי האָט דערביי אַ פערפלאַמט רציחה׳דיג פנים, זי פערגעסט אָנ׳ם טאָפּ, וואָס האַלט אין אויוועק אין איין אויסלויפען, און טהוט זיך אַ לאָז צו דער בעל-הבית׳טע, וואָס קומט אַריין די קיך איינשטילען און זיך פאַר ביילע-העניען אָננעהמען:

—ניין, גוואַלדעיוועט זי, ס׳פערדריסט דאָך; אַלמאַי זאָל זיך אַזאַ פּאַסקוּדסטווע איינרעדען, אַז זי וועט חתונה האָבען נור מיט אַנ׳איידעלען יוד?!

און דאָס אַלץ ציהט זיך אָהן אַ שיער לאַנג. ס׳חזר׳ט זיך איבער אַלע מאָל פון ס׳ניי.

ביילע-העניע ליידט.

נאָר סוף-כל-סוף דערוואַרט זי זיך אויף איהר גליק. אַ קאָפּ האָט זי פון תמיד אָן אַ שווערען, אַ צוגעשלאָגענעם און אַ ביסעל אַ טעמפּען. זי קאָן נישט טראַכטען אַפילו וועגען זיך אַליין—אַפילו וועגען איהר גליק. נאָר וועבען וועבט זיך שוין עפּיס ביי איהר אין האַרצען און אין זכרון.

---

.IV

ביילע-העניע געדענקט:

אַ זון, בעשיינט מיט שטראַהלען און ווי דורך אַ זיפּ: דאָס איז אַ טאָג, אַ הייזער, אַ זומערדיגער; פוהרען פאָהרען, קולות גרילצען, מענשען ווימלען—דאָס איז אַ יריד, אַ גרויסער מאַרק-יריד דאָ אין שטעדטיל. קראַנצען ציבעלעס הענגען אַראָב פון די וואָגענס, אייער, זאָגט מען, איז בזול און פוהרען פאָהרען, פוהרען פאָהרען און אויף איינער פון זיי טרייסלען זיך די אַלטע צולעכצטע פלייצעס פון איינעם

אַנ'אַלטיטשקען יוד, וואָס איז אָנגעטהון אין זיין שבת'דיגער לאַסטיקינער קאַפּאָטע און אינ'ם סאַמעטענעם היטעל, וואָס מיט'ן אָבגעריבענעם דאַשיק - דאָס איז דער אַלטער דוד-לייזער, דער דרדקי מלמד פונ'ם גאָהענטען שטעדטיל. ער טרייסעלט זיך די גאַנצע צייט אין גרויסען וואָגען צום גוי מיט די פּלייצעס, פּיפּקעט קלו-גיטשקערהייד פון זיין קורצער פּיפּקע און שמייכעלט צו זיך אין די געלבליך-גרויע וואָנסעס: ער קומט אַהער, דוד-לייזער דער מלמד, ער קומט אַהער אויפ'ן יריד קויפען אַ ציבער מיט אַ לאָקשענברעט, ווייל די אַלטע האָבען זיך איהם צובראָכען — די שכנה, וואָס באַקט איהם ברויט שוין צייט צעהן יאָהר, זינט זיין אַלטיטשקע איז געשטאָרבען, זאָגט, אַז מ'דאַרף נייע; ער קומט אַהער אויף דערפאַר, וואָס דאָ זענען פאַרהאַן אַ סך „קאַנטיקאָזאַוועו" און ער, אַליין אַנ'אַלטער, אַנ'אַמאָליגער „קאַנ-טיקאָזאַוועו", האָט אַלע יאָהרען געליטען ביי זיך אין שטעדטיל פון די אָרטיגע „ראַכמעסטריוועקער", זיך נישט געמישט אין קלויז צו זייערע נוסחאות און געוואָרען מיט דער צייט אַ שטייפער שווייגער, אַ שמייכלער צו זיך אין דער קליינער גרויער באָרד און אין די געלבליך-גרויע וואָנסעס.

איז ער אַ שווייגער, דער אַלטער דוד-לייזער--שוין לאַנג נישט גערעדט. נאָר אַרום עלף אַ זייגער אינדערפריה, אַז ער דערנעהנטערט זיך צו דער אַלטער קאַנטי-קאָזאַוועו קלויז, פון וואַנען ס'טראָגט זיך אַ נגון פון איילענדיגע יריד'עווידיגע „הלכויה'ס" — אַז ער קומט אַהין אַריין, ווערט ער שיער נישט צושמאָלצען פון וויל-דער הנאה, וואָס חברה דערקענט איהם. נישט ער רעדט, בשעת מ'נעהמט ביי איהם דאָרט אָב שלום-עליכם, נאָר ער האַלט אין איין קוועלענדיגען שמייכלען - פון זיין לאַנג-שווייגענדיגען, מיט קאָרענציעס פערדרויכערטען האַלז ציהט זיך דערביי עפּיס אַ מאָדנער קלאַנג, ווי דער קלאַנג פון אַ צופרידענעם שטומען:

— כע-כע-כע !...

און אַ פּנים האָט ער דערביי אַזאַ, גלייך ער האָט אָבגעטהון דעם עולם אַ שפּיצעל — מ'האָט געמיינט, אַז ער איז שוין לאַנג . אַ שוכן-עפר, כע-כע-כע !... און ער האָט דערוויזען אַ קונץ: ער לעבט. „חברה" געפינט אפילו, אַז ער איז נאָך אַ „קאָזאַק", נאָר אַז מ'טרינקט נאָכ'ן דאַוונען לחיים, ווערט מען געוואויר, אַז ער איז שוין צעהן יאָהר אַנ'אַלמן, און מ'נעהמט איהם זאָגען מוסר:

— פע, ווי קומט עס צו איהם ?

יונה דער לאַנגער קנייטשט דעם שטערן און קראַצט זיך מיט די פּלייצעס אין וואַנד. ער זאָגט, אַז ער דאַרף זיך אַרויסחאַפּען נור אויף אַ רגע:

— ער דאַרף וועגען דעם איבעררעדען מיט זיין אַלטער.

און דאַן הויבט אָן יונה דעם לאַנגענ'ס ווייב צו געהן אַהער צו דער גביר'ישער שנור אויף דער הינטער-טהיר. בייביילע-העניגען האַלט זיך אין יענעם טאָג אין איין רויטלען דאָס לענגליכע געשטופּעלטע פּנים, זי איז אָנגעטהון אין דעם נייעם ציצענעם קלייד, וואָס זי האָט צוגעגרייט אויף ראָש-השנה, און דער מה איז ביי איהר שוין אינגאַנצען פערנעפּעלט... דער לאַנגער יריד-טאָג איז אַ זון. בעשיינט מיט שטראַהלען, און דעם איבערגעפּולטען האַרץ פּעהלט אַ רגע צו פּלאַ-צען — סך-הכל נאָך איין מאָל דאַרף אַהער קומען יונה דעם לאַנגענ'ס ווייב און זאָ-גען, וואָס האָט „ער" געענטפערט:

— יאָ, ניי ניין.

אין אָנוענד טהוט זי אַ בלאָנדזשע מיט די קאָסע אויגען דאָרט ביים רב אין שטוב, וואו מען שטעלט די חופּה, און טהוט אויף איהם צום ערשטען מאָל אַ קוק. ער געפעלט איהר. אַרום איהם בויגען זיך בעל-הבית'ישע פּלייצעס, און „ער"

זיפקעט אַלץ קלוגיטשקערהייד פון זיין קורצער, מיט קאָרענציעס אָנגעפולטער זיפקע און שמייכעלט צו זיך אין די גרויע וואָנסעס—ס׳האָט אַ פּנים, ווי אַלטע ־וטע־ברידער קיצלען איהם און ער לאָזט זיך.

---

און נאָך געדענקט ביילע-העניע:

אויפ׳ן אַנדערן טאָג נאָך דער חופּה האָט ער זיך אומגעקעהרט צו זיך אין שטעדטיל און זי געלאָזט איינע אַליין דאָ, ביי דער נגיד׳ישער שנור. אַלע האָבען געפונען, אַז ס׳איז קרום. מעגליך, אַז מ׳האָט פון איהר געלאַכט, און זי האָט זיך געשעמט צו קוקען מענשען אין פּנים אַריין—איהר איז געווען אַ בזיון. די נגיד׳ישע שנור האָט געזאָגט:

— אַזוי טהון קאָן מען טאַקע נור ביי יודען.

זי האָט ניט איבעריג ליעב געהאַט יודען. זי האָט געוואַרט אַ וואָך און צוויי, אָט די נגיד׳ישע שנור, נאָר סוף כל סוף האָט זי געדונגען אַ גוי׳אישע פוהר און אויפגעזעצט אויף איהר ביילע-העניען מיט׳ן פּעקעל:

— הײַדאַ! אַהיים, צום נייעם מאַן.

---

V

געדענקט ביילע-העניע, ווי זי זיצט אויף אָט דער גוי׳אישער פוהר: זי פאָהרט אָב, און אונטער איהרע פּלייצעס לאַכען דער גביר׳ישער שנור׳ס דיענסטען-זיי האַלטען אין איין לאַכען.

און נאָך געדענקט ביילע-העניע:

דאָס נייע שטעדטיל איז אַ ווילד-פרעמדס. ס׳ליעגט אַראָב-באַרג ביים היימי-שען טייכעל און הילט זיך אין זומערדיגען פאַרנאַכט, אַזוי זעהט עס אויס דע-מאָלט צום ערשטען מאָל, ווען זי קומט אַהין אָן; ווייבער, ווילד-פרעמדע, בעגע-גענען די טשערעדע און טרייבען זייערע בהמות צו דער שטוב; מאַנען געהען דאַוו-נען און קוקען, ווי זי, ביילע-העניע, קומט אָן מיט דער גוי׳אישער פוהר. דאָ און דאָרט שטעלט מען זיך אָב און מ׳וואַרט: וואוהין וועט זי צופאָהרען, און דער גוי, וואָס פיהרט זי, איז גראָד אַ היימישער; ער פערפאָהרט אין אַ שמאָלער סיט-קע, וואָס צווישען צוויי איינגעהויקערטע שטיבער, און שרייט צו אַלע בעקאַנטע ווייבער, וואָס שטעלען זיך אָב קוקען:

— צע יאַ יעמו דוד לייזאָרו זשינקו פּריוויז...

ביילע-העניע פיהלט, אַז דאָרט, אין איינגעהויקערטען שטיבעל טהוט זיך עפּיס: דער אַלטער דוד-לייזער זיצט דאָרט אַרום טיש מיט דער גאַנצער קאַפּעליע קליינוואַרג, וואָס טראָגען איהם און פערציגערס שכר-למוד; ער דערטיי-טעלט זיי צו נאַכט-צו די גרויסע אותיות, וואָס אין די פיעל אָבגעפליקטע צו-עפענטע סדורים. ער לאָזט זיי פריי אָקאָרשט, ווען זי קומט אַריין אין שטוב, נאָר אויף איהר טהוט ער נאָך אַלץ קיין קוק ניט. שמייכלענדיג צו זיך אין די געלבליך־גרויע וואָנסעס, הויבט ער זיך ־־ אויף פונ׳ם אײַנגעזעסענעם אָרט, שטעהט מיט די פּלייצעס צו איהר און צופּיפּקעט קלוגיטשקערהייד זיין קורצע האַלב-פערלאָשענע פּיפּקע; פון וואוילטאָג טהוט ער ניר אַ מאַך, ווי צו זיך אַליין:

פּכע!...

און ווי אַלע פאַרנאַכט, גיהט ער גלייך אַוועק דאַווענען אין קלויז. נאָר אַז ער קומט צוריק, טרעפט ער: דאָס שטיבעל צוגעקליבען און ציכטיג-ריין; דאָס בעט צוגעגלעט. פון אונטער'ן טיש אויסגעקערט און אין ברענענדיגען אויווען ווידם די אַלטע שוואַרץ-פעררויכערטע טיי־באַנקע. טרינקט ער טיי ביים ברענענדי־גען קאַניך, וואָס אויפ'ן טונקעל-בעלויכטענעם טיש, און שמייכעלט נאָך אַלץ מיט'ן פריהערדיגען שוועיגער-שמייכעל. איהם געפעלט עס. מעגליך, אַז ער וואָלט איהר איצט געזאָגט עפּיס אַ וואָרט, נאָר ער ווייסט ניט, ווי אַזוי מ'רופט זי. דערצו איז זי נאָך, משמעות, אַ שעמעוודיגע—זי זיצט די גאַנצע צייט איינע אַליין אין קיך אַקעגען דעם ברענענדיגען אויווען. אַז ער לעשט אויס דעם קאַניך און לעגט זיך שלאָפען, זיצט זי נאָך אַלץ אין קיך. זי האַלט פערלעגט די הענד אויף דער ברוסט און קוקט אינ'ם האַלב-אויסגעלאָשענעם אויווען.

---

פון דעמאָלט אָן רוקט דוד-לייזער דאָס שכר־למוד-געלד מעהר ניט צו זיך אין דער זשילעט-קעשענע—ער לעגט עס אַוועק אין קיך אויפ'ן אויסגעקרימטען פענסטעריל, און ביילע-העניע געהט מיט דעם אין מאַרק און קויפט דאָרט, וואָס אַלע ווייבער קויפען. איצט ווייסען שוין אויך אַלע ווייבער, אַז זי איז אַ גע-שטופּעלטע. מ'ווייסט אויך, אַז זי האָט אַ מאַן אַ לייטישען און מ'פרעגט ביי איהר:

— ווי מיינט איהר, זיי זענען פריש, אָט די פיש?

זי ענטפערט מיט אַ קנאַפּען וואָרט, זי רעדט כמעט קיינמאָל נישט. נאָר קאָ-כען קען זי דוקא, דער רוח האָט זי נישט גענומען. דער אַלטער דוד-לייזער חדוש'ט זיך ממש:

—אַפנים, דאָרט, ביי דער גביר'ישער שנור, זיך אויסגעלערנט.

זיי שטופען ביידע די לעפעל אין איין שיסעל, און קוקען נישט איינער צום אַנדערן, און רעדען נישט איינער מיט'ן צווייטען. נאָר איין מאָל טרעפט זיך:

ביילע-העניע פאַקט אין מאַרק אַ מציאה אַ קאַבאַק, אַ גרויסער געלער קאַבאַק (קירבּיס)—זי פערטראָגט איהם קוים אַהיים, אַזוי שווער איז ער, זי קאָכט איהם מיט אַ סך פּוטער, מיט הירזש און מיט אַלע ת״גין, ווי מ'קאָכט ביי דער נגיד'ישער שנור.

דער אַלטער דוד-לייזער קומט פונ'ם דאַווענען, דערשמעקט דעם געשמאַקען דאַמף און חדוש'ט זיך שוין אַפילו:

—זעה.. פון וואַנען ווייסט „זי", אַז איך האָב ליעב קאַבאַק?

דאָס ערשטע שיסעלע, וואָס זי דערלאַנגט איהם, בלייבט ממש נישט אונטער זיינע הענד. נישט ער עסט—ער שלינגט, און חאַפט, חאַפט; ער לעקט די גלאַנציג-נאַסע פינגער און זוכט געשווינד מיט די אויגען—ער וויל נאָך. זי דערלאַנגט איהם דאָס צווייטע שיסעלע, דאָס דריטע, און ער חאַפט אַלץ. איצט רעדט ער אויס צו איהר צום ערשטען מאָל אַ וואָרט:

—אַ טייערער מאכל, זאָגט ער—אַ וואוילער קאַבאַק.

ביי ביילע־העניען רויטעלט זיך דאָס געשטופּעלטע פנים. זי מוז אַוועקגעהן אַ חיילע אין קיך, צום ערשטען מאָל דערפיהלט זי גליק—און ס'פערדרעהט זיך איהר דער קאָפּ. נאָר אין אָווענד הויבט איהם אָן שלעפערן פריהער, ווי אַלע מאָל, און ס'וואַרפט איהם אַריין אין אַזאַ קעלט, אַז זי מוז איהם צודעקען מיט ביידע איבערבעטען. ס'חאַפּט ביי איהם דער מאָגען. ביינאַכט האָט ער אַזעלכע וועהטאָגען אַז ס'לויפען זיך אָן אין שטוב אַלע אַרומיגע שכנים. מ'לעגט איהם וואַרימע פּאַ

קרישקעס צום בויך און הייסע פלעשער צו די פיס. מ׳רופט דעם פעלדשער, וואָס קלאַפּט איהם מיט די קאַלטע פינגער אין הייסען בויך און קוקט איהם אין פּנים אַריין, ווי אַ באָק. מיט׳ן טאָגליך זאָגט מען, אַז ס׳איז איהם געוואָרען גרינגער: ער איז אַנדרימעלט געוואָרען, נאָר מיט אַ שעה שפּעטער ווערט פון ס׳ביי אַ גוואַלד; מ׳צינדט-אָן אַרום איהם ליכט און פרומע יודען קומען מיט נאַסע פאות פון מקוה און זאָגען אַרום איהם עפּיס פון גראָבע סידורים. דוד-לייזער׳ס שוועגערין, קיילע-מלכה לעגט איין די וועלט, אז מ׳טראָגט איהם אַרויס פון שטוב אויף דער קורצער שמאָלער מטה, רייסט זי זיך מיט אַלע כחות און וויל נאָכלויפען מיט אַלע בעלי-בתים נאָך דער לויה. ווייבער רייסען זי קוים אַריין צוריק און בלייבען מיט איהר דאָ אין שטוב, מ׳רעדט אַלע אינאיינעם. אוןביילע-העניע בלייבט נאָך אַלץ איינע אַלייז אין קיך, און איהרע שולדיגע אויגען שעמען זיך צו קוקען מענשען אין פּנים אַריין.

.IV

פון דעמאָלט אָן וואוינען דאָ אין שטוב דוד-לייזער׳ס שוועגערין קיילע-מלכה מיט איהר מאַן יוזעפ׳ן, און זי, ביילע-העניע, וואוינט ביי זיך אין קיך—אין ווינקעל, וואָס נעבען אויוען, וואוינט זי.

איטליכעס מאָל, וואָס אין צווייטען נאָהענטען אַלקיר שעפּטשען זיך מאַן-און-ווייב, טהוען ביי איהר דאָ אין קיך אַ בלאָנדזשע אויף רעכטס און אויף לינקס די שולדיגע קאָסע אויגען, און די אויערן איהרע שטרענגען זיך אָן און הערען זיך איין—זי האָט מורא, אַז מ׳וויל זי פון דאַנען אַרויסטרייבען. קיינער ווייסט נ״שט, פון וואָס זי לעבט; מ׳זאָגט, זי האָט אַ קניפּעל—זי האָט עס אָנגעקליבען נאָך דאָרט ביי דער נגיד׳ישער שנור, וואו זי האָט פון תמיד אָן געדיענט.

ס׳קומט ראש-חודש אלול אינדערפריה, מ׳דאַוועגט אָב אין ביידע בתי-מדרשים, געהט זי, ווי אַלע ווייבער, אַרויף אַ באַרג צום בית-עולם אויף קבר-אבות.

זי איז נאָך אַלץ אַ שווייגערין, אַ קליינע, אַ ביינערדיגע, ווי אַ מאָגערע הוהן. זי בעהאַלט אויס דאָס געשטופּעלטע פּאָקען-פּנים אונטער׳ן ווייסען קאָפּען-טיכעל, און איהרע שולדיגע קאָסע אויגען שעמען זיך דערביי צו קוקען מאַנסבילען אין פּנים אַריין.

אויפ׳ן בית עולם קומט זי איינע אַליין מיט ווייטע אויסבעהאַלטענע שטעגלעך. זי זיצט לאַנג אונטער׳ן פּאַרקאַן, קוקט זיך אַרום מיט די קאָסע אויגען פאָרזיכטיג, ווי אַ פערבלאָנדזשעטער נאַכט-פויגעל, שטשיפּעט אַרום זיך איינציגע גרעזעלעך און הערט, ווי וויינענדיגע ווייבער קעגענאיבער דעם פּאַרקאַן לעגען-איין די וועלט—זיי רייסען דאָרט די קברים פון זייערע געשטאָרבענע מאַגען.

אויפ׳ן בית-עולם ווערט סוף-כל-סוף שטיל. פערוויינטע ווייבער געהען זין פונאַנדער און דער אוהל איז שוין אויך צוריק געשלאָסען; דער גאַנצער פריה-מאָרגען, די פריה-אָבגעדאַווענטע קליינשטעדטילדיגע בתי-מדרשים מיט׳ן ציטערדיגען קול פונ׳ם ערשטען וואָכעדיגען שופר־בלאָזען—דאָס אַלץ, דאַכט זיך, איז שוין געווען אַזוי לאַנג, לאַנג. דעמאָלט שפּאַנט זי אַריבער דעם בית-עולמ׳דיגען פּאַרקאַן און שטעהט איינע אַליין שעה׳ן-לאַנג צווישען די פערלאָזטע מצבות. זי שטעהט אַקעגען דוד לייזער דעם מלמד׳ס קבר און האָט איהם נישט וואָס צו זאָגען—ער איי דאַך סך הכל דריי חדשים געווען איהר מאַן. אַז זי דערמאָהנט זיך אָן זיין

פּנים, זעהט זי איהם, ווי ער חאַפּט אָהן אויפהער די שיסעלעך קאַבאַק, וואָס די דערלאַנגט איהם, ער שלינגט זיי הייסערהייד און האָט פעטע גלאַנציגע פינגער; ער זאָגט צו איהר:

—אַ טייערער מאכל, אַ טייערער קאַבאַק!..

איצט ליעגט ער דאָ. צווישען די שענסטע יודען ליעגט ער. זי קוקט לאַנג אויף זיין מצבה און געדענקט איהר שוין גוט. און פּלוצים הויבּט זי אָן צו זינגען, ווי אַלע ווייבער, מיט אַ טרויעריגען נגון, און פּאַמעליך אויסגעצויגען, ווי מ'בעוויינט אַ טויטען:

—האָסט ליעב געהאַט קאַבאַק... האָב איך דיר געקאָכט קאַבאַק...

— — — — — — — — — —

אַרום רוישט שטיל דאָס יונגע בית-עולם-וועלדעל, גרילען שפּרינגען אינ'ם הויכען, קיינמאָל נישט-געשניטענעם גראָז. אין דער לופט חלומ'ט זיך נאָך אַלץ אַ זיפץ פון אַ וויינענדיגער יודענע, אַ ווידער-קול פון דערוויטערטע אייזעריגע צרות. מצבות פון קברים שטעהען שורות-ווייז, פערלאָזט. אַז מ'קוקט אויף זיי, דוכט זיך, אַז זיי ווייסען עפּיס, זיי הערען. און צווישען זיי טראָגט זיך נאָך אַלץ ביילצ-הע-ניעס שטיל-וויינענדיג קול:

—האָסט ליעב געהאַט קאַבאַק... האָב איך דיר געקאָכט קאַבאַק...



אברהם רייזען.

# געמישטע לידער.

## א.

### ווילד...

ווילד איז געוואָרען אַ פאָלק אין אַ לאַנד,
לאָמיר איהם אפשר דערלאַנגען די האַנד,
לאָמיר איהם זאָגען: „אַח, אָרימער, דו,
צייט שוין, זאָלסט געבען אונז פריעדען און רוה...”
און נישט דערמאָהנען, וואָס ער האָט געטהאָן,
פונקט ווי מיר קוקען מיט רחמים אָפט אָן
איינעם אַ קראַנקען, און זאָגען נישט אויס,
אז ער האָט יעדען געשלאָגען אין הויז?...

## ב.

### בעלוינונג.

ניין, איך וועל גאָרנישט פערלאַנגען,
איך וויל קיין בעלוינונג;
זיי האָבען געמאָרדעט, געהאַנגען.
פערוויסט אונזער וואוינונג.

איך וויל נישט קיין רעכט איצט דערגרייכען,
דאָס זאָל שוין ביי אייך זיין;
מיט די, וואָס זיי טראָגען פון קין דעם צייכען —
ווי קאַנען מיר גלייך זיין?!...

## ג.

### צו מיין געוויסען.

וואָס זוערט מיין האַרץ צוריסען,
וואָס געהט די וועלט מיר אָן?
זיי רוהיג מיין געוויסען —
איך האָב עס נישט געטהאָן;
איך האָב די וועלט די פרייע
פאַר קיינעם ניט פערצאַמט,

די ברידער, די געטרייע,
מיט האָס זיי נישט פער׳סם׳ט...
איך האָב נישט קיין בלאָקאַרע
אויף לאַנד און ים פערשפרייט,
און זויג־קינדער — אַוודאי —
מיט הונגער נישט געטויט...
כ׳האָב קיינעם נישט פערבאָטען
צו זאָגען וואָס ער טראַכט,
און מיט דעם שוואַרצען שטן
האָב איך קיין בונד געמאַכט...
און נישט געוואָלט פערגיסען
די שענע וועלט מיט בלוט...
זיי רוהיג, מיין געוויסען
פלאָג יענעם, ווער דאָס טהוט..

---

ד.

## אפשר זענען מיר...

אפשר זענען מיר
פון דער וועלט אַוועק,
און אויף יענער וועלט
קומט עס פאָר דער שרעק;

ווי די באָבע האָט
מיר דערצעהלט אַמאָל:
יעדערער דערנאָך
קומט אין יאָמער־טאָל.

ס׳איז דער גֵיהִנם,
וואו מען ווערט געברענט.
כ׳האָב דעם אַשמדאַי
ביי דער שוועל דערקענט...

ס׳איז דער גֵיהִנם,
און די פיין איז גרויס,
ביז געלייטערטע
קומען מיר אַרויס...

---

## ה.

# יַעֲקב.

פון מיין בייזען ברודער, אין די שווערסטע נויטען.
בין איך שטיל אַנטלאָפען, ער זאָל מיך נישט טויטען.

צו מיַין רייַכען פעטער בין איך אָנגעקומען —
האָט ער מיך צום ערשטען מאָל פעסט אַרומגענומען.

האָט גענומען פאָרשען, האָט גענומען פרעגען —
ביז ער איז דערגאַנגען: כ'האָב נישט קיין פערמעגען.

וואָס איך האָב פערמאָגט דאָרט, איז געוואָרען חרוב...
האָט ער כאַלט געשמייכעלט: ביזט דאָך פאָרט אַ קרוב...

האָב איך איהם געאַרבייט, אום מיין ברויט פערדיענען
און פאַר שווערע אַרבייט, רחל'ען צו געווינען

רחל איז אַ שענהייט און פאַר לאה'ן יונגער —
ועה איך זי פאַרבייַגעהן, ווערט די אַרבייט גרינגער

איהרע ליעבע בליקען פלעגט דאָס האַרץ דערפרעהען,
האָט ער מיך בעשווינדעלט און געבראַכט מיר לאה'ן...

האָט מיין האַרץ געשטורמט, דאָך בין איך פערבליבען
און געדיענט פאַר רחל'ען ווידער יאָהרען זיעבען.

האָב איך מיר ערוואָרבען גוטס און שאָף און רינדער
און געבענשט געוואָרען מיט די שענסטע קינדער...

כ'האָב געוואָלט שוין בלייבען און זיך פעסט בעזעצען,
פלוצים הייסט מיר לבן: דיענען זיינע געצען...

ניין, פאַר קיין גליק וועל איך מיין גאָט נישט פערקויפען,
„העי, די נאַכט איז פינסטער, לאָמיר שנעל אַנטלויפען...“

נאָך אַ פיינד ערוואָרבען, מוז איך מעהר זיך היטען:
צווישען לבן, עשו, — שטעה איך אין דער מיטען...



אהרן צייטלין.

# אומעטו.

## א.

## לאַנד־אומעט

### קו־קו!

עס פייפען די פויגעל, עס זינגען די זאַנגען,
דער זיידענער ווינט האַלט כסדר אין זינגען,
און פאַרבען, און קלאַנגען,
עס נעהמט נישט קיין סוף צו דעם בלענדען און קלינגען,—
נאָר צווישען די טויזענדער טרעלען, וואָס פליסען
דעם זומער פון מויל, ווי אַ ריעזיגע וועל,
שניידט זיך אַריין, ווי דאָס קול פון אַ קראַנקען געוויסען,
אַ האַרבער, פער'עקשנ'טער טרעל:

קו־קו!

צי זוכט דאָס איהר תיקון אַ בלינדע נשמה,
וואָס ס'פעהלט איהר געשטאַלט איצט, בעגעהר און זכרון,
וואָס בלאָנדזשעט אין וואַלד איצט,
אַזוי ווי אַמאָל אין דעם וואַלד פון די יאָהרען,
און ס'איז איהר פון אַלע אַמאָליגע טענער
געבליבען נור איינער, וואָס חוזק'ט און שפּעט,
אַזוי ווי אַ בייזער, פון קיין מענשליך אויג נישט געזעה'נער,
אין וואַלד טיעף בעהאַלטענער שד:

קו־קו!

צי קלאָגט דאָס אין מיטען דעם בליהען און גרינען
דער גייסט פון אַ טויטען פאַרצייטישען זומער,
וואָס קאָן נישט פערגינען
דער זון, וואָס גיסט שטראַהלען, ווי יין־המשומר,
דעם הימעל, וואָס לייכט ווי אַ בלויער גן־עדן,
דעם פעלד, וואָס זיין קלייד האָט זיך גאָלדיג צובליהט?—
דער טויטער פערטראָגט נישט די פאַרביגע פלאַמען און פריידען,
און מישט זיך אַריין אין דער מיט:

קו־קו!

ב.

## שטאָדט-אומעט.

זיי לויפען אַדורך ווי משוגע,
די רוישיגע וועגען פון זיין,
און ס'שטעלט זיי נישט אָב אויף אַ רגע
ניט'ם פרעמדע, נישט אייגענע פיין.

זיי לויפען—און הערען נישט קיינמאָל
אַפילו דעם איינענעם קרעכץ,
וואָס רייסט זיך ביים צוזעהן, ווי ס'פאַלען
קרבנות פון לינקס און פון רעכטס.

דער טויט זעהט זיי לויפען—פערלעגט ער
די הענד און בלייבט שטעהן אָהן אַ ריהר:
„דער עולם פערשפּאָרט מיר אַ טרחה,
ער מאַכט דאָס שוין בעסער פאַר מיר".

---

## אַ פערד אויפ'ן רעגען.

ווער ס'איז אומעט-שווער פאַרביי אַמאָל
און געזעהן, ווי אין אַ רעגען-טאָג,
אונטער חשון-הימלען קריכענדיג,
שוואַרצע חשון-בלאָטע קנעטענדיג,
טראָגט דאָס מידע פערד אין אויג-אַפּעל
טיפע, ליידענדיגע מענשליכקייט;

ווער ס'האָט אָבגעשטעלט די טריט דעמאָלט,
און דעם אומעט, דעם אָהן-סוף'יגען,
די פער'בשופ'ט-שטומע קנעכטישקייט
און פערשאָלטענע אומגליקליכקייט,
די מחשבה פון „בעשערט-אַזוי"
דורכגעלייענט אין די פערד-אויגען, —

יענער האָט ביז טיעף אין איינגעווייד,
יענער האט ביז טיעף אין מאַרך אַריין

מיט אַמאָל דערשפּירט די שרעקליכקייט
און דעם עלענד פון זיין-לעבעדיג;
יענעם האָט זיך פון דערווייטענס דאַן
מיט אַמאָל ענטפּלעקט די ריעזען-האַנד,
וואָס אין גורל-קייטען אייזערנע
שמיעדט זי חיה איין און מענשען-קינד.

ס'ווערט איהם אָפען דער גלגולים-סוד:
„פערד און מענש—וואָס איז דער אונטערשיעד?
אַך, ווער וויים: אין יאָהרען צעהנדליגער
וועל אויך איך אפשר, דער פוסגעהער,
וועלכער זעהט דאָס פערד פאַרבייקריכען
אונטער חשונ'דיגע רעגען-שמיץ,
אין אַ פערד-געשטאַלט פאַרבייקריכען
פאַר אַנ'אומעט-שווערען פוסגעהער“...

---

## ווי אַזוי ווערט געבוירען אַ ליעד...

ווי אַזוי ווערט געבוירען אַ ליעד?

ווען עס עקעלט פון טעגליכע רייד;
ווען אויף אָנטהון דאָס טיעפע אַ קלייד
לויט אַ נייעם און איינענעם שניט,
זוכסטו שטאָפען אי פאַרביג, אי שטאַרק,
וואָס אַזוינע פערמאָגט נישט דער מאַרק,
נאָר דער אָבגרונד פון טיעפסטען געמיט;
ווען אַ שפּאַלט ווערט אין פינסטערן פעלז
פון דיין לעבען — און ס'בלויט עפּים העלס
דורכ'ן שפּאַלט, בלענדט די אויגען און ציהט; —
דעמאָלט זינגט ביי דיר טיעף אין געמיט,
און עס ווערט דיר געבוירען אַ ליעד.

ווי אַזוי ווערט געבוירען אַ גראַם?

ווען עס נעהמט דיך אַ קלאַנג אין זיין יאָך,
דו הערסט קלינגען איהם אָבער און נאָך,
און דו זוכסט ווי אַ פערל אין ים,

אִיהם אַ חבר, אי ליכטיג, אי רייך,
וועלכער זאָל איהם אינגאַנצען זיין גלייך;
וועלכער זאָל, ווי אַ קויהל מיט אַ פלאַם,
אייביג איינס זיין מיט איהם און געקניפּט, —
דאַן צוזינגט זיך דיין זעעל, ווי פערליעבט,
ווייל אויך זי זוכט אַ פריינד און אַ גראַם,
און דערמאָהנט זיך איהר פלוצלונג די הײם —
ווערט ווי פון־זיך געפונען דער ריים...



יונה ראָזענפעלד.

# אַ שָׁכֵן.

(ערצעהלונג)

I.

לאה איז שוין טיעף אַריין אין דריטען צעהנדליג, דער יונג-מיידעלשער טשאַד איז שוין לאַנג פאָריבער... ערנסט און אַלט-מיידעלש-ניכטער ווייסט זי אַלע איהרע מעלות און חסרונות, און גיט שוין גאַנץ אָפט אַ טראַכט, אַז אַ בעל-מלאכה, פון וועמען זי האָט צוריק מיט עטליכע יאָהר אַפילו הערען נישט געוואָלט, איז אויך אַ מענש, און דערפאַר... און דערפאַר האָט זי זיך אַ מלאכה געלאָזט אויסלערנען... ווי ס'מאַכט זיך... וועט זי בעהילפיג זיין... אַ מאַשין אין שטוב אַריינגעחאַפט... דאָס קומט דאָך אַלע מאָל צו-נוץ...

לאה איז געווען איינס פון יענע מיידלעך, וואָס הייסען „היימישע", דאָס הייסט פון יענע, וואָס זיצען אין דער היים ביי טאַטע-מאַמע און טהוען נישט קיין האַנד אין קאַלט וואַסער אַריין, און די היימישקייט איז אַ בעזונדער מעלה צו אַ שדוך. דאָס, וואָס זי האָט געהאַט פאַר זיך צו טהון, האָט זי שוין לאַנג אָבגעטהון, ביי איהר איז אַלצדינג גרייט, חאָטש נעהם און פיהר זי אונטער דער חופה. ס'ליעגט בעטגעוואַנט, אויף וועלכען קיינער שלאָפט נישט, וואָס ווערט אויף אַלע נאַכט אָבגעלעגט אָן אַ זייט; און אַלע קאָמאָד-שופלאָדען זענען פול אָנגעפּאַקט מיט איהר וועש—אויסגענייט, אויסגעצייכענט און אויסגעהעפט; דאָס וועש איז שוין אַפילו אַ פּאַר מאָל געוואַשען געוואָרען נישט-גענוצטערהייד, כדי ס'זאָל נישט פערגעלט ווערען ליעגענדיג. און נדן איז דאָ, ס'איז דאָ אַזוי פיעל, וויפיעל אַ היימיש מיידעל דאַרף האָבען צו געבען אַ לייטישען בחור, דאָס הייסט אַזעלכען, וואָס טהוט אויך גאָרנישט, אָדער אַזעלכען, וואָס פערדיענט געלד, גאָרנישט טהוענדיג.

ס'האָבען זיך שוין געהאַט געוויזען אַ פּאָר בחורים, מיט אַ שדכן און אָהן אַ שדכן. דער איז איהר נישט געפעלען, יענעם איז זי נישט געפעלען און עפּיס נאָך איינער, וואָס האָט געוואוינט אין הויף און פערקוקט אין די פענסטער אַריין און ווען ער איז דורכגעגאַנגען, האָט ער געשמייכעלט צו איהר.

אַחוץ צורוימען די שטוב האָט לאה גאָר נישט געהאַט וואָס צו טהון און ס'איז שוין גאָר קיין וואונדער נישט, וואָס דאָרט איז אַזוי ריין געווען. אפשר אַדאַנק אָט דער שטענדיגער קאַלטער ריינקייט האָט זיך עפּיס אַנ'אומעט אין שטוב געשפּירט און אַ נודנע לאַנגווייליגקייט; אַדאַנק דער ריינקייט און זעלטענער אָרדנונג האָט זיך געדאַכט, אַז די צייט ציהט זיך לענגער, אַז די טעג זענען גרעסער און די גאַנצע שטוב האָט געמאַכט אַנ'איינדרוק, אַז זי וואַרט אויף עמיצען, אַז זי איז נישט פאַר די שטוב-מענשען, נאָר פאַר איינעם אַ פרעמדען, אַנ'אונבעקאַנטען,

וואָס דאַרף און מוז סוף-כל-סוף אַהערצו קומען; ס'איז שוין אַזוי ריין געווען, אַז די שטוב-מענשען האָבען זיך נישט היימליך געפיהלט.

דריי מענשען, טאַטע, מאַמע און טאָכטער, האָבען דריי צימערן בעוואוינט, און די מאַמע מיט דער טאָכטער האָבען שוין לאַנג געטראַכט, אַז מ'קאָן איין צי-מער פּערדינגען... ביי לייטען טרעפט דאָך אַזוי אָפט, אַז פון שכן ווערט אַ בעל-הבית. בעזונדערס איז די מוטער זיכער געווען, אַז אין איהר לאה'ן קאָן זיך נור פערליעבען אַזעלכער, וואָס וועט זיצען אין שטוב און זעהן, וואָס פאַר אַ גאָלדענע הענד זי האָט... אַזאַ דאַרף מען דאָך זיפען און זוכען. חאָטש זי איז אַלע מאָל געווען געגען יענע, וואָס האַלטען קוואַרטיראַנטען ביי זיך, בשעת ס'זענען פאַרהאַן דערוואַקסענע מיידלעך, נאָר זינט אַ פּאָר יאָהר איז זי אויך געוואָרען איינע פון יענע. זי ווייסט אָבער נישט, וואָס טראַכט לאה וועגען דעם, צי וועט זי מסכים זיין אַריינצולאָזען אַ בחור אין שטוב אַריין. און אָט האָט לאה איינמאָל נאָכמי-טאָג געזאָגט צו דער מוטער:

— ווייסט, מאַמע, מיר וואָלטען געקאָנט פערדינגען אַ צימער. נאָך וואָס דאַר-פען מיר דריי צימערן?

די מוטער האָט פערדרעהט די אויגען אָן אַ זייט און תמ'עוואַטע אַ מורקע געטהון:

— ווער ווייסט, וואָס פאַר אַ שלאַק ס'קאָן אַנטראָגען אַהערצו...

— אַ שלאַק? — האָט לאה איבערגעטרעגט.

— נו, יאָ, עפּיס אַנ'אָבגעריסענע קורסיסטקע, וואָס זאָל מיר קריכען אין קיך אַריין, טיכלעך און בלוזקעס וואַשען, אָדער עפּיס אַנ'אַלטען קריפּאַטש.

לאה האָט אַ צופרידענע בעמערקט:

— איך ווייס ניט, ווער ס'וועט אונז נויטען, אַזעלכע אַריינצולאָזען.

און, ניט געטראַכט לאַנג, האָט זי גענומען אַ ריין בויגעלע פּאַפּיר און אָנגעשריבען מיט גרויסע פּעטע אותיות:

Отд. комната для холостого

ניט ווילענדיג איז ביי איהר דאָס וואָרט „כאָלאָסטאָי" אַרויס מיט אַ דיקערער און פעטערער שריפט, ווי די איבעריגע ווערטער. זי האָט אונטערגעשמירט דאָס שט׳קעל פּאַפּיר מיט אַ ווייסעל פון אַנ'איי און עס אָנגעקלעפּט אויפ'ן טויער. און באַלד ווי זי איז אַריינגעקומען, האָט זי זיך מיט אַ פייערדיגער איילעניש געהאַפּט צורוימען דאָס צימער, וואָס מ'האָט בעדאַרפט אָוועקגעבען; זי האָט עס געטהון אַזוי איילינג, גלייך ווי „ער" וואָלט שוין די מינוט בעדאַרפט קומען דינגען דאָס צימער, און געטהון אַזוי פלייסיג, גלייך ווי דער, וואָס וועט דינגען, וועט זיין דוקא דער, וועמען זי בעגעהרט, און ניט קיין אַנדערער.

---

דעמזעלבען טאָג איז געקומען עפּיס אַנ'אַלטע פּריצ'טע מיט אַ לאַנג פערדיש פּנים, מיט אַ משונה'דיג היטעלע אויפ'ן קאָפּ, מיט אַ פעלערינקע אויף די אַקסלען און מיט אַ מאַנסבילשען שירם אין האַנד. ביידע, די מאַמע מיט דער טאָכטער, זע-נען איהר אַנטקעגען-געגאַנגען מיט אַזאַ ברוגז'דיגען אימפּעט, גלייך ווי די פּריצ'טע וואָלט געקומען זיי בערויבען, און לאה האָט זיך אַפילו צוטריען אויף איהר: צי האָט זי דען נישט געזעהן, די אַלטע שליאַבטשיטשקע, אַז ס'שטעהט אָנגעשריבען דליאַ כאָלאָסטאָוואָ?

אויפ'ן צווייטען טאָג איז געקומען אַנ'אַלטער יוד, וואָס האָט זיך רעקאָמענ-דירט פאַר אַ האָלץ-סוחר, און אויך מיט איהם האָט מען זיך גיך אָבגעפּאַרטיגט.

ערשט אויפ'ן דריטען טאָג איז געקומען דער, פאַר וועמען לאה האָט דאָס קוויטעל אַרויסגעהאַנגען: אַ געזונטער בחור פון אַ יאָהר זעקס- זיבּעבּען-און-צוואַנציג, מיט אַנ'-ענערגיש פּנים און מיט קלוגע שטאָלצע אויגען. לאה האָט איהם נישט ווי אַ שכן, נאָר ווי אַ לאַנג-ערוואַרטעטען, מיט איהר גאַנצער מיידעלשער צאַרטקייט און בּעל-הבּית'ישער בּרייטקייט, די טהיר אין צימער אַריין געעפענט. און דער יונגערמאַן איז פּשוט צוגעזאָטען געוואָרען צום צימער, ער האָט זיך אַפילו ניט געדונגען און גלייך בּע-צאָהלט פאַר אַ האַלבּען חודש פאָראויס.

---

דער יונגערמאַן איז טאָג־טעגליך אַוועקגעגאַנגען גאַנץ-פריה און געקומען שפּעט בּיינאַכט. געעפענט איהם די טהיר האָט דער, ווער ס'האָט פריהער דערהערט דאָס קלאַפּען. ווען לאה האָט איהם די טהיר געעפענט, האָט זי איהם אַלע מאָל געבּעטען, ער זאָל צו-וואַרטען, און ער איז געווען אַזוי פיין און איידעל, אַז ער האָט נאָך לענגער געוואַרט, ווי ס'איז נויטיג געווען... ער האָט זיך אַלע אינדערפריה ענטשולדיגט פאַר זיין שפּעט-קומען און האָט דאָך ווייטער געטהון דאָס זייניגע בּכלל האָט מען איהם אין שטוב ניט אָנגעקוקט, און לאה האָט זיך מיט דער צייט אָנגעהויבּען שפּירען בּעליידיגט און נישט געוואָלט אַראָבּקריכען פון בּעט, איהם עפענען די טהיר... גלייכער פאַר איהר, מ'זאָל מיינען, אַז זי ווייסט שוין גאָר נישט, ווען ער קומט... ס'האָט איהר בּלויז שטאַרק פערדראָסען, וואָס ער געהט זיך אַזוי שטיל דורך די שטוב... ער זאָל זיין אַנ'איידעלמאַן, וואָלט ער עס אינגאַנצען פער-שפּאָרט... ס'טרעפט אַמאָל, אָבּער נישט נאַכט אויף נאַכט אויפרודערן מענשען פון שלאָף. זיינע שטילע טריט האָבּען זי שרעקליך אויפגערעגט און בּעליידיגט. זי האָט געמיינט, אַז ער וויל עפּיס בּעהאַלטען, בּעהאַלטען אַ ספּעציעל בּחור'שע זאַך, און פיהלט זיך שולדיג אַנטקעגען דעם מיידעל, וואָס איז דאָ אין שטוב...

—דו האָסט געהערט, ווען ער איז געקומען?—האָט די מוטער כמעט אַלע פריהמאָרגען געפרעגט ביי דער טאָכטער, און לאה האָט אַלע מאָל געענטפערט:

—ניין, כ'האָבּ נישט געהערט.—און האָט נישט געקאָנט דער מאַמען אין די אוי-גען אַריינקוקען.

דער פאָטער האָט זיך איינמאָל צובּייזערט אויף בּיידען און אויסגעשריען:

—בּהמות, וואָס איהר זענט! איהר קאָנט דאָך צומאַכען אַ שליסעל!

---

שוין עטליכע טעג קומט דער שכן פאַרנאַכט אַ צוטראָגענער, אַ פער'חושכ'טער און פערמאַכט הינטער זיך האַסטיג די טהיר. דאָס ערשטע מאָל, ווען ער איז אַריינ-געלאָפען אַ צוטראָגענער, איז לאה פונקט געשטאַנען בּיים שפּיגעל אָהן אַ בּלוזקע. זי האָט אַ קוויטש געטהון און זיך אַראָבּגעזעצט גלייך מיט'ן קאַנט פון טישעל, נאָר ער איז אַזוי געשווינד פאַרבּייגעלאָפען, אַז לאה ווייסט עד-היום נישט, צי האָט ער זי בּעמערקט, צי נישט. זי האָט זיך דערפיהלט דערשלאָגען פון דעם צופאַל, איהר האָט שטאַרק פערדראָסען, וואָס דער, וואָס האָט קיינמאָל נישט געטראַכט וועגען איהר און ניט געקוקט אויף איהר, האָט זי פּלוצים דערזעהן אָהן אַ בּלוזקע, און אויבּ ער האָט זי נישט בּעמערקט, האָט איהר ווידער פערדראָסען, וואָס ער איז שוין אַזוי פערנומען מיט זיך, אַז ער האָט זי אַפילו אָהן אַ בּלוזקע נישט בּעמערקט... אַזוי צי אַנדערש, האָט זי זיך שטאַרק געפיהלט בּעליידיגט...

די עטליכע פאַרנאַכטען, וואָס ער איז אויסערגעוועהנליך פריה געקומען, האָט

ער זיך האַסטיג אַרומגעדרעהט ביי זיך אין צימער אונטער אַ פּערשלאָסענער טהיר, און מיט דעם איז נאָך מעהר געווען ווי געזאָגט, אַז ער וויל נישט, ס'זאָל עמיצער אַריינגעהן צו איהם, אַז ער איז דאָ אַ פרעמדער, אַז קיינער געהט איהם דאָ נישט אָן. און זי איז אַלע פאַרנאַכט געשטאַנען ביים פענסטער אַנ'אויסגעפּוצטע, אַנ'אָנגע-פּודרעוועטע און איהם אויסגעקוקט, און געמיינט האָט זי, אַז ווען ער דערצעהלט איהר, וואָס אַזוינס מיט איהם איז געשעהן, וואָלט זי איהם אַלץ מוחל געווען.

זי איז אַלע פאַרנאַכט געשטאַנען ביים פענסטער און איהם אויסגעקוקט און די שוואַרצע אויגען איהרע האָבען געגליהט פון אונגעדולדיגער ערוואַרטונג. זי האָט אַלע מאָל געוואַרט, אַז אָט היינט וועט ער קומען מיט עפּיס אַ נייעס פאַר איהר און דאָס נייע, גוטס צי שלעכטס, וועט זיין אַנ'אָנהויב פון עפּיס... זי האָט מיט פייכטע בענקענדיגע אויגען געקוקט אין הויף, אויף דעם געוועהנליכען וואָכעדיגען טומעל, און געוואָלט האָט זיך איהר, ס'זאָל זיך עפּיס ענדערן, ס'זאָל זיין עפּיס אַנדערש. זי האָט פול מיט בענקשאַפט געקוקט אויף די לעצטע שטראַהלען פון דער תמוז'דיגער זון, וואָס האָבען מיט גין-גאָלד בעלויכטען די פענסטער פון אַנט-קעגענדיגען פליגעל... זי האָט אַזוי פלאַמענדיג געוואָלט ליעב בעקומען, דאָס האַרץ האָט אַזוי געקרענקט, געלעכצט נאָך ליעבע...

---

II.

און אָט איז ער איינמאָל פאַרנאַכט, ניט אַריינגעהענדיג צו זיך אין צימער, גלייך פון הויף צוגעגאַנגען צו איהר און געזאָגט מיט אַ האַרטער יאָטראָגענקייט:

–פריילין לאה, איהר וועט זיך אפשר אַ ביסעל דורכגעהן?

דער טאָן האָט לאה'ן שטאַרק בעליידיגט. ער האָט ניט געבעטען, נאָר כמעט ווי בעפוילען, זי זאָל געהן מיט איהם, און דער גאַנצער אויסדרוק פון זיין פּנים איז געווען אַ טרוקענער, אַ ברוגז'ער, ווי ער וואָלט באמת שוין גאָר ניט געוואָלט דאָס, וואָס ער האָט לאה'ן פאָרגעשלאָגען. לאה האָט איהם אויפ'ן אָרט געוואָלט אָפּ-זאָגען, נאָר זי האָט אַ דיפּלאָמאַטישען אויסוועג געפונען:

—איהר זענט עפּיס נישט מיט גלעמען, זעה איך...

אַ ווילד פייער'ל האָט זיך ביים יונגענמאַן אין די אויגען אָנגעצונדען, און ער האָט גיפטיג געזאָגט צו לאה'ן, ווי זי וואָלט געווען זיינע אַ נאָהענטע בעקאַנטע:

–אָט ווער אייערע לייט זענען. איהר קאָנט נישט ענטפערן גלייך צו דער זאַך. איך האָב אייך געפרעגט, צי איהר וועט זיך דורכגעהן, איז, דאַכט זיך, אייער רעכט צו ענטפערן יאָ אָדער ניין, קריכט איהר מיר קוידעריש אַריין: „נישט גע-זונד", און איך ווייס ניט, וואָס איך דאַרף דערמיט פערשטעהן: צי געהט איהר יאָ, צי געהט איהר נישט?

לאה האָט אין אַ ווייל'ע אַרום געענטפערט:

–מיר ענטפערן אַלע מאָל דאָס, וואָס מיר בעדאַרפען, נאָר „אייערע לייט" פערשטעהען אונז נישט אוי ס'דאַכט זיך אייך, אַז מ'ענטפערט אייך קוידעריש. אָט וואָס!...

„אָט וואָס!—האָט ער אויטאָמאַטיש איבערגע'חזר'ט די ווערטער איהרע, און צווישען ביידען האָט זיך אַ ווערטער-ברוגז אַריינגעחאַפּט. געזעהן האָט מען אויף איהם, אַז ער איז שטאַרק אויפגערעגט און אַז ער איז גאָרנישט אויפגעלעגט צו געהן שפּאַצירען, און ביי לאה'ן אין מח האָט זיך אַ פראַגע דורכגעוואָרפען: נאָך

וואָס בעדאַרף ער מיך? און זענענדיג זיכער, אַז דאָס בעדאַרפען זיינס איז נישט געוועהנליך, נישט דאָס, וואָס בעדאַרף צו זיין, האָט זי זיך טיעף בעליידיגט, און דאָך אָבזאָגען איהם האָט זי קיין מוטה נישט געהאַט.

אָבוואַרטענדיג אַ ווײלע, האָט ער האַרט און טרוקען אַ פרעג געטהון:

—נו, איהר געהט?

לאה איז געווען אין אַ שטאַרקער פערלעגענהייט. אָבזאָגען איהם הייסט עס אַלץ איינס, ווי איינמאָל פאַר אַלע מאָל זיך אָבזאָגען פון איהם, און דער גאַנצער אויפטהו איהרער וועט באַנקראָטירען. געהן קאָן זי ווידער נישט... איז איהר איינגעפאַלען: אַ שמייכעל טהון און—ס׳האָט געהאָלפען. אין אַ ווײלע אַרום האָט ער מיט אַ גאַנץ ווייכען טאָן געזאָגט:

—קומט, איך בעט אייך!

ערשט נאָכדעם האָט זי זיך מישב געווען און געזאָגט, אַז זי וועט געהן פרעגען די מאַמען. און געוואָלט האָט זי דערמיט בעווייזען אָט דעם, נישט-העפּלי-כען בחור, אַז זי איז נאָך נישט אַזוי אַלט, זי דאַרף נאָך דער מאַמעס דעה פרעגען..

—וואוהין-זשע וועלען מיר געהן?—האָט זי געפרעגט ביים שכן, ווען זי איז אין אַ ווײלע אַרום שוין נעבען איהם אין הויף געשטאַנען און אָנגעצויגען די הענטשקעס אויף די הענד.

—אין פאַרק אַריין!—איז געווען זיין בּעפעהלענדער ענטפער.

---

אין פּארק, ווען זיי זענען געקומען, איז שוין געווען טונקעל, טונקעל און קיהל פון די געדיכטע בוימער, דורך וועלכע מ׳האָט זעלטען-וואו אַ שטיקעל הימעל אַרויסגעזעהן. ס׳האָט זיך געשפּירט עפּיס אַ מין שטיל-פּאַרנאַכטיגע, געמיטליך-גרינע רוהיגקייט און זאָרגלאָזיגקייט. אויף די ברייטע אַלעען, בעשאָטענע מיט קליינינקע ים-שטיינדלעך, האָבען זיך איינציגווייז פּאָרלעך און גאַנצע גרופּעס מענשען אין פערשידענער עלטער אַרומגעדרעהט, מיט שירעמס, מיט שטעקלעך, מיט פּאַכערס. ס׳האָט זיך אַזוי לייכט געשמועסט, גערעדט, געלאַכט און געשטיפט. יעדער איינציגער האָט זיך דאָ גוט געפיהלט, איטליכער האָט געוואוסט נאָך וואָס ער איז געקומען אַהערצו, נאָר איין לאה האָט נישט געוואוסט נאָך וואָס זי איז אין פּאַרק געקומען און וואָס זי וועט דאָ טהון. זי האָט זיך נאָכגעבלאָנקעט דעם שכן, וועלכער האָט זיך ווי אַ צודולטער אַרומגעדרעהט איבער די אַלעען און, אַ צוטראָגענער, אַ נערוועזער, פערקוקט יעדען מיידעל אין פּנים אַריין, צייטענווייז פערלאָפען אויף פריהער, ווי ער וואָלט גאָר אינגאַנצען פערגעסען, אַז מיט איהם געהט נאָך עמיצער, אָדער גאָר געבליבען שטעהן פון הינטען...

לאה האָט זיך פון ׳דעם גאַנצען בעגעהן-זיך מיט איהר אַזוי דערשלאָגען געפיהלט. אַז זי האָט זיך שוין גאָר בעליידיגען נישט געקאָנט און איז איהם נאָכגעגאַנגען פּוס-טריט.

ווי דורך אַ כשוף האָט זיך דאָ און דאָרט איין לאַמטערן נאָכ׳ן אַנדערן אָנגעצונדען, אַ בליץ דאָ, אַ בליץ דאָרט, און נאָך יעדען בליץ האָט זיך אין דער הויך אַ מילך-ווייסער פענכער בעוויזען און די מילך-ווייסע לאַמטערנס האָבען פון זיך אַ מילד-צאַרטע לבנה-בלאַסקייט צעוואָרפען איבער די אַלעען. דערפאַר איז צווישען די בוימער נאָך פינסטערער געוואָרען און ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז זיי זענען זיך נעהנטער צונויפגעגאַנגען, אַז די צווייגען האָבען זיך געדיכטער צונויפגעפלאָכטען...

און דער שכן איז אַלץ געגאַנגען און לאה איז איהם נאָכגעגאַנגען, האָטש זי האָט געזעהן, אַז אין זיין גאַנג איז נישטאָ קיין פלאַנמעסיגקייט, אַז ער אַליין ווייסט נישט וואוהין ער געהט און, נישט קוקענדיג אויף זיין גאַנצער צוטראָגענקייט, איז זי דאָך זיכער געווען, אַז ער האָט פאַר זיך עפּיס אַן׳ערנסט ציעל און צו דעם דאַרף ער זי, לאה׳ן, דאָ האָבען.

פלוצים האָט זי דערפיהלט, ווי ער האָט זי געגעבען אַ נעהם אונטער׳ן אָרעם פערברייטערט דעם שפּאַן און באַלד איהם ווידער פערקלענערט, ווען ער איז גאָר נאָהענט צוגעקומען צו אַ פּאָר׳ל, וואָס איז געגאַנגען פּאָראויס, פעסט געשלאָסען איינס אין דאָס צווייטע, שטיל-געמיטליך רעדענדיג צווישען זיך. און פונקט אַזוי אומגעריכט פאַר איהר, ווי ער האָט זי געחאַפּט אונטער׳ן אָרעם, אַזוי האָט ער פלוצים מיט אַ צוטראָגענער היציגקייט זיך אָנגעהויבען לאה׳ן אין ליעבע ערקלערען, האָט גיך, כמעט מעכאַניש געשאָטען מיט ליעבע-ווערטער, און אָפט האָט זיך איין וואָרט מיט׳ן צווייטען נישט געבונדען. און בשעת ער האָט זיך דאָ איהר אין ליעבע ערקלערט, האָט איין העלפט פון׳ם פּאָר׳ל, וואָס איז געגאַנגען פּאָראויס, אָנגעהויבען הילכיג, כמעט היסטעריש לאַכען און די צווייטע העלפט, ער, פלינק און נערוועז זיך אומגעקוקט.

לאה האָט ענדליך אויסגערופען.

—הערט!...—און זי איז שטעהן געבליבען, און ער, גלייך נאָך איהר, האָט זיך אָבגעשטעלט מיט אַ פערביסענער ליפּ... זיי זענען לאַנג געשטאַנען איינס אַנט-קעגען דעם אַנדערן איז אַ שטום שווייגעניש ביז ער האָט ענדליך געזאָגט מיט אַ ציטער:

—איך בין אַזוי אומגליקליך!

און מ׳איז ווייטער געשטאַנעןביידע, פרעמדע, כמעט ווי אונבעקאַנטע, גע-וואָלט אַוועקגעהן, אַנטלויפען איינס פון דעם אַנדערן, אָבער זיי זענען פּאָרט ניט געווען אינגאַנצען אונבעקאַנט, נישט פרעמד און נישט געווען אַזוי פיעל היימיש, אַז איינער פון׳ם אַנדערן זאָל קאָנען פשוט אַנטלויפען...

-איהר וועט זיך אפשר צוזעצען אַ ביסעל?—האָט ער געבעטען.

לאה האָט אויף איהם רחמנות געהאַט. זי האָט געקאָנט איהם צווינגען אַהיים געהן, האָט זי אָבער געזעהן, אַז ער שטעהט קוים איין אויף די פיס און, צוויי-טענס, האָט זי זיך געשעמט פאַר דער מאַמען אַזוי פריה אַהיים צו קומען...

זיי האָבען זיך אַוועקגעזעצט אויף איינע פון די לאַנגע גרין-געפאַרבטע בענק, וואָס זענען געשטאַנען אין דער לענג פון דער אַלעע; ביידע זענען געזעסען ווי אונבעקאַנטע און דאָך ווי ברוגז׳ע, און דאָס איז געווען ערגער ווי ברוגז...

אַרום עלף אַ זייגער זענען זיי אַהיים געגאַנגען. זיי זענען געגאַנגען צוזאַמען, געגאַנגען צוזאַמען דערפאַר, ווייל ביידע זענען צוזאַמען אַהער געקומען. בעזונדער האָבען זיי נישט געקאָנט געהן, ווייל זיי זענען ברוגז נישט געווען, און ברוגז האָ-בען זיי נישט געקאָנט זיין דערפאַר, וואָסזיי זענען אַזוי נאָהענט בעקאַנט נישט גע-ווען, און אויף לעצט האָבען זיי דאָך געמוזט געהן אינאיינעם, שוין דערפאַר, וואָס ביידע וואוינען אין איין שטוב.

---

ווי נור לאה איז אַריינגעקומען אין שטוב, האָט זי געזאָגט:

—מאַמע, איך בין טויט הונגעריג! און געוואָלט האָט זי דערמיט געבען אָנ-

צוהערען, אַז זי וואָלט אַזוי פריה נישט געקומען, ווען זי וואָלט נישט געווען טויט הונגעריג..

די מוטער איז געזעסען ביים טיש, אַנטקעגען איהר—דער עלטערער ברודער, אַ בחור, וואָס האָט נאָך נישט חתונה צוליעב לאה'ן, דער פאָטער איז שוין געשלאָפען.ביידע האָבען, זעהט אויס, געפיהרט צווישען זיך עפּיס אַנ'ערנסטען שמועס און, קענטיג, ווענען לאה'ן, ווייל ווען זי איז אַריינגעקומען, זענען ביידע אַנט-שוויגען געוואָרען... דער ברודער, וואָס לעבט זיך זעלבשטענדיג, בעזונדער, איז זיך ברייטליך געזעסען ביים טיש, געבענדיג צו פיהלען, אַז ער איז זיך דאָ פער-זעסען איבער זעהר אַ וויכטיגער זאַך און ווען ביידע, זי מיט'ן שכן, זענען אַריינ-געגאַנגען, האָט ער זיי ערנסט בעטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס, און ווען דער שכן איז שוין ביי דער טהיר פון זיין צימער געשטאַנען, האָט די מוטער צו איהם געזאָגט:

—בעקענט זיך, דאָס איז מיין זוהן, מיין עלטסטער זוהן.

זיי האָבען זיך די הענד געגעבען און גלייך נאָכדעם איז דער שכן פער-שוואונדען געוואָרען. שפעטער אַ ווייַלע האָט אויך דער ברודער געזאָגט „אַ גוטע נאַכט" און איז אַוועקגעגאַנגען.

—האָסט זיך עפּיס מיט איהם צוועטעלט?—האָט די מוטער געפרעגט, זעהנ-דיג די טאָכטער אַ צוטראָגענע.

אַזוי וויים, האָט די אַלטע געמיינט, האַלט עס שוין. און לאה איז געווען צופרידען, וואָס די מאַמע מיינט אַזוי.

---

III.

גלייך ווי די מוטער איז אַוועק שלאָפען, האָט לאה אַוועקגעוואָרפען דאָס עסען, איז אַרויסגעגאַנגען אויפ'ן באַלקאָן און איהרע געדאַנקען האָבען זיך איינ-געגאַנצען קאָנצענטרירט אַרום דעם, וואָס מיט איהר איז פאָרגעקומען... פאַר איהר איז דאָס געווען אַזוי ניי, אונפערשטענדליך און אונבעגרייפליך... וואָס האָט ער געוואָלט? נאָך וואָס האָט ער זי אין פּאַרק גערופען און וואָס האָט ער דאָרט עפּיס אַזעלכעס געטהון מיט איהר? פשוט'ער חוזק? אָבער מיט חוזק וויל מען דאָך אויך עפּיס דערגרייכען. ס'איז בולט, אַז ער האָט גאָרנישט געוואָלט און זי האָט זיך פאַר זיך אַליין נישט געוואָלט מודה זיין, אַז דאָס קרענקט זי גאָר בעזונדער...

ס'איז געווען אַ וואַרימע, פינסטערע נאַכט, איינע פון יענע זומערדיגע נעכט, וואָס זאָגען אַ סך צו און גיבען גאָרנישט, וואָס רייצען און שטעלען קיינמאָל נישט צופרידען. דאָס האַרץ האָט געבענקט, גענאָגט און געצויגען... ס'האָט פערדראָסען, וואָס ביי זיך אין שטוב געפינט זיך אַ געזונטער, אַ שענער יונגערמאַן, דער יונגערמאַן איז „ביי זיי", נאָר נישט ביי איהר, און לעבט זיך עפּיס אַ פרעמד שכנ'דיג לעבען, וואָס האַלט זיך מיט זיין גאַנצער בחור'ישקייט פרעמד פון איהר, פון דעם מיידעל, וואָס געפינט זיך דאָ, אין איין שטוב מיט איהם...

זעלטען-וואו ס'האָט נאָך ערגיץ געשיינט אַ פייער'ל אין אַ פענסטער; די אי-בעריגע פענסטער אין הויף האָבען געגלאַנצט מיט אַנ'אימה'דיג געדיכטער שוואַרצ-קייט, נאָר איין פענסטער, זייער פענסטער, „זיין" פענסטער איז געווען העל בע-לויכטען, אָבער אַריינקוקען אהינצו האָט זי ניט געהאַט די מעגליכקייט, ווייל ס'איז געווען דאָס צווייטע פון באַלקאָן, סערמאַכט און מיט אַ פאָרהאַנג פערהאַנגען. לאה

האָט געהערט די טריט זיינע און געזעהן דעם שאָטען זיינעם, וואָס איז אַלע מאָל אַרויפגעקראָכען אויפ׳ן פאָרהאַנג און פערשוואונדען געוואָרען.

לאה האָט אָן זיך כּמעט ווי פערגעסען און זיך אינגאַנצען פערטראַכט וועגען איהם... עפּיס האָט ער מיט זיינע האַסטיגע טריט אַנ׳אונרוהיגקייט אויפגעוועקט אין איהר האַרצען. „אפשר אַריינגעהן צו איהם?״

פון יענער זייט טויער איז אַ דראָשקע פאַרבייגעפאָהרען מיט אַזעלכע האַרטע דייטליך הילכיגע פערדישע טריט, וואָס האָבען עפּיס ווי דערצעהלט פון טרויעריגער פרעמדקייט און נאַכטיגער אונהיימליכקייט, און לאה האָט זיך נאָכדעם עפּיס נאָך איינזאַמער און עלענדער דערפיהלט, און האָט שוין ווידער געטראַכט וועגען זיך, וואָס זי שטעהט איינע אַליין דאָ אויפ׳ן באַלקאָן און וואָס דאָרט דרעהט זיך אַרום אַ בחור און טראַכט גאָרנישט פון איהר, לעבט-איבער פאַר זיך עפּיס אַ שלעכטען בחור׳ישען מאָמענט און וויל נישט, עמיצער זאָל פון איהם וויסען...

ניין, זי וועט נישט אַריינגעהן צו איהם...

נאָר די נאַכט האָט גערייצט, האָט שטום אויפ׳ן נאַכטיגען אופן גערופען צום לעבען... זי האָט נאָך קיינמאָל אַזוי קלאָר און דייטליך נישט געוואוסט, וואָס זי וויל...

אפשר וואָלט זי איהם אָנגעקלאַפּט אין טהיר און איהם בעטען, ער זאָל אַ ביסעל שטילער אַרומגעהן, ווייל ער לאָזט נישט שלאָפען?...

אָבער אין דעם מאָמענט האָט זי ווידער פערגעסען אָן זיך און ס׳האָט זי ווידער אַרומגעחאַפּט אַנ׳אונרוהיגקייט פאַר איהם... ער האָט פון מינוט צו מינוט אַלץ האַסטיגער און האַסטיגער געשפּאַנט און ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז אין דער רוהיגער נאַכט בעוועגט זיך עפּיס אַנ׳אונרוהיגער נערוו, אַנ׳אונרוהיגער, שוואַרצער, וואָס לאָזט אין דער נאַכט נישט רוהען...

און לאה האָט שוין אַליין נישט געוואוסט, פאַרוואָס איהר האָט זיך פערגלוסט איהם געבען צו וויסען, אַז אַחוץ איהם געפינט זיך אין שטוב נאָך אַ וואַכעדיגער מענש... איין געפיהל האָט דעם צווייטען אָבגעטראָטען און מאָמענטענווייז זיך אויסגעמישט אינאיינעם... זי האָט מיט איהר גאַנצען לעבעדיגען אינסטינקט געפיהלט, אַז זי דאַרף עפּיס טהון, נאָר נישט געוואוסט וואָס און ניט געוואוסט פאַר וועמען...

„מ׳דאַרף איהם געבען צו וויסען, אַז איך זיך דאָ״—האָט זיך שוין דייטליך ביי איהר אַ געדאַנק דורכגעוואָרפען און אַ ציטער האָט גענומען דעם גאַנצען קערפער ריהרען.

זי האָט אָנגעהויבען זינגען - פון אָנהויב גאַנץ שטיל, שפּעטער אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער... דער שאָטען איז פערגליווערט שטעהן געבליבען אויפ׳ן פאָרהאַנג, פערגליווערט און האַרט ווי אַ שטיק בלעך און ס׳האָט זיך בעקומען אַנ׳איינדרוק, אַז אַחוץ דעם שאָטען איז דאָרט אין צימער קיינער נישטאָ... לאה האָט געזונגען און אין איהר קול האָט זיך געפיהלט אַ טרויעריגע ליידענשאַפטליכע מאַטקייט. און איינגעהערט האָט זיך דער שאָטען, די נאַכט, די שטילקייט און אַלץ, וואָס איז אין דעם און אין יענעם. געהילט געוועזן.

און פּלוצלונג האָט זיך דער שאָטען אַ וואָרף געטהון אַהער, אַ וואָרף אַהין און אַזוי פּלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ רעוואָלווער-שאָס, עפּיס אַזוי אומגעריכט און אונערוואַרט, אַז עס האָט זיך געקאָנט דאַכטען, אַז די נאַכט האָט מיט איהר שטומער צונג אַ קנאַק געטהון — — — — — — — — —

דער זעלבסט-מערדער איז געלעגען אויפ׳ן מיידעלשען בעטעל אינ׳ם ריין-צוגערוימטען מיידעלשען צימער און, פרעמדער, ווי ער איז געוועזן פאַר׳ן לעבען, איז ער פאַר די שטוב-מענשען געוואָרען נאָכ׳ן טויט...

ס'האָט פערדראָסען, וואָס זיי האָבען גאָר נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן יענע, וואָס האָבען געפרעגט וועגען איהם, און האָבען זיך עפּיס ווי בעליידיגט געפיהלט, וואָס ער האָט אָט „די אַרבייט" אָבגעטהון ביי זיי אין שטוב און נישט ערגייץ אַנדערש...

צווישען אַ פּולער שטוב מיט פרעמדע מענשען האָבען זיך די היימישע, ווי פרעמדע אַרומגעדרעהט און זיך קיין אָרט נישט געפונען. און קיינער פון זיי האָט קיין דרייסטקייט נישט געהאַט צו בעטען דעם עולם אַרויסגעהן, ווייל... ווייל דער זעלבסט-מערדער איז זייער פונקט אַזוי פרעמד געווען, ווי אַלע אָנגעלאָפענע פון'ם הויף און פון דער גאַס, און האָבען, פונקט אַזוי ווי זיי, ניט געוואוסט, פאַרוואָס „ער" האָט זיך דאָס לעבען גענומען... זיי האָבען זיך אַרומגעדרעהט צווישען דער געדיכטער מאַסע פון מענשען-קערפּער, ווי אומגעבעטענע געסט אויף אַ פרעמדער חתונה, און האָבען וועניגער ווי אַלע געוואוסט, וואָס „דאָרט" אין צימער טהוט זיך.

לאה איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ פערבונדענעם קאָפּ און דערפאַר האָבען אַ סך געמיינט, אַז זי ווייסט און אייניגע האָבען זי אַפילו חושד געווען, אַז זי איז שולדיג אין דעם שכנ'ס זעלבסט-מאָרד... לאה האָט פערשטאַנען, אַז ס'קאָנען זיך אַזעלכע געפינען, און איז אינערליך גאַנץ צופרידען געווען דערמיט און האָט אויף קיין מינוט ניט פערגעסען צו זוכען צווישען אָנגעלאָפענעם עולם אָט די שלאַנקע פרויענפיגור, וואָס זי האָט אין פּאַרק געזעהן. זי איז אַזוי גערן געווען צו זעהן זי אין פנים, זי האָט אַפילו פון צייט צו צייט אין הויף אַ קוק געטהון, אפשר וועט זי זי אין הויף בעמערקען, און האָט זי אַרום צוועלף אַ זייגער בייטאָג טאַקע בעמערקט דאָרט צווישען אַ רעדעל מענשען...

זי איז אַרויסגעגאַנגען אין הויף אַריין און האָט זי פון ווייטען אַ ווײלע בעטראַכט, לאה איז געווען צופרידען, וואָס קיינער אַחוץ איהר ווייסט נישט, אַז דאָרט געפינט זיך די שולדיגע פון'ם זעלבסט-מערדער, וואָס אַלע מיינען, אַז ס'האָט אַ ראָמאַנטישען יסוד און וואָס קיינער ווייסט נישט, אַז די שולדיגע געפינט זיך אין הויף און זענען חושד אַנ'אַנדערע...



## בערטאָלדי.

# די שכינה אין גלות

אָדער

# דער מקובל און דער רב. *)

(אַ היסטאָרישער וכוח)

כל מה שקרוב יותר לזמן הגאולה
מתקרב יותר ביטול הקיצות.

של"ה.

נאָהענטער צו משיח'ס צייטען—איז
נישט שייך קיין אפיקורסות.

דער מקובל: וואָס בעשערט—איז געקומען, און וואָס ער האָט אין אָנהויב פערטראַכט, איז אַצינד געשעהן. דער ערב-שבת-קודש איז שוין נאָהענט, ער ווינקט צו אונז, מען מוז זיך גרייטען און איהם אַנטקעגען געהן. יאָ, איך זעה איהם: מיט רמזים איז פול די וועלט. הלואי זאָל נור דער דור זוכה זיין צו דערלעבען דעם אייביגען שבת... נאָר אַוועק פון אונז די מרה-שחורה פון דער לאַנגער פינסטערער וואָך, די מאָס איז פערפולט און די צייט האָט זיך געענדיגט. אָ, איך פיהל שוין מיט אַלע מיינע אברים דעם עונג שבת: מיין פאַלק שטעהט-אויף פון יאָמער-טאָל און מיט אונז צוגלייך ווערט די פערוואָגעלטע שכינה אויסגעלייזט אַצינד...

דער רב: גלויב און האָף און קוק אויס אויף איהם, דען צוליב דעם זעגען מיר געבוירען, אָבער פערשווערט נישט דעם כבוד פון גאָט און צורייס נישט דעם שלייער פון דער צוקונפט. אייל דיך נישט און וויל נישט דערנעהנטערן דעם קץ, דעם לעצטען טאָג פון אַלע טעג. ס'איז אַ נסיון און אַ זינד אַנטקעגען דעם רבונו של עולם, וואָס אַנטפלעקט נישט זיינע סודות פאַר בעשאַפענע פון שטויב און פון אַש...

דער מקובל: וועה צו יענע, וואָס קאָנען נישט וועלען. איז דאָך די אמת'ע זינד אַרומצוגעהן אַזוי פיעל יאָהרען מיט'ן אני מאמין פון דער גאולה אויף די ליפען און נישט צו האָבען איהם אין האַרצען... דו וועסט זיך נישט דערוועגען פרובען די כוחות פונ'ם וועלט-בעשעפער. דיין נשמה איז אָהן כוחות... דו גלויבסט—איך בענק. דו האָפסט—איך וואַרט. דו חלומסט—איך זעה... די מתנגדים האַלטען-אָב משיח'ן... אָבער ער קומט, ער מוז קומען, זאָל נור דער דור זיין ראוי דערצו...

דער רב: דיין בענקשאַפט איז אומריין—און דיין זעהן איז נור אַ דמיון... די זינד לאָקערט ביי דער טהיר, מיט רשעים איז פול די וועלט און דו זעהסט איהם קומען...

דער מקובל: אָבער ער האָט אונז אויסגעלייזט מיט זיינע לײדען, און זיינע יסורים זענען אַ כפרה פאַר אונזערע זינד, מיט זיין גלות-אָבריכטען האָט ער שוין גובר געווען אונזער גלות און מיט אונזער בענקשאַפט וועלען מיר איהם צו-ציהען צו זיך... קיין כופרים און מתנגדים טאָרען נישט פערבלייבען צווישען אונז, מ׳טאָר נישט איבערקלערען און מ׳טאָר קיין נסים נישט פאָדערן... מיט׳ן זכות פון אונזער בענקשאַפט וועט צו אונז קומען אַ צינד די ישועה, וואָס מיר האָבען אויס-געקוקט אויף איהר אַזוי פיעל הונדערטער יאָהרען. צי זעהסטו נישט, אַז די וועלט איז פול מיט רמזים?...

דער רב: דו לעבסט אין עולם התהו... אין דמיון זעהסטו די גאולה, בעת יודיש בלוט גיסט זיך, ווי וואַסער, און ווערט אויסגעמישט מיט׳ן שטויב פון די גאַסען. הער זיך צו, מקובל, צו די יודישע וועה-געשרייען, וואָס טראָגען זיך פון דער קאָזאַקישער ערד: דעמאָלט וועט דיין נשמה פערציטערט ווערען, און דו וועסט זיך נישט דערוועגען, מיט פאַלשע נביאות פאַלשען טרייסט צו געבען...

דער מקובל: אָ, בלינדער בעל רחמנות! דאָס זענען דאָך די וועהטאָגען פון דער וועלט, וואָס דאַרף געווינען דעם מלך המשיח...

וואָס מעהר ליידען—דאָס זיכערער די גאולה, וואָס פינסטערער די ערד, דאָס ליכטיגער דער הימעל...

ווער ס׳וועט פערלענדט ווערען פון דעם שווערד, און ווער ס׳וועט אויסגעהן פון הונגער—דאָס זענען דאָך די וועהטאָגען פון משיח׳ס צייטען, דער סימן פאַר זיין קומען. און נאָך אַלע ליידען, נאָך דעם שווערד, דעם הונגער און נאָך דער מגפה וועט גאָט זיך דערבאַרימען, וועט אַראָבנעהמען צו דער ערד דעם בית-המקדש, וואָס איז גרייט פאַר אונז אין הימעל, און דער שארית יעקב וועט אויסגעלייזט ווערען... אָי, איך זעה עס בעשיינפערליך, די טויטע ביינער וועלען נאָך אויפלעבען...

דער רב: דו זעהסט משיח׳ן און נישט די קייטען, וואָס האַלטען איהם גע-שמידט... ווער קאָן וויסען, ווען ער וועט זיי קאָנען צורייסען: אונזערע זינד שוואַ-כען אָב זיינע כוחות...

דער מקובל: ס׳איז געגליכען מיין געליעבטער צום הירש—לייכט און גיך איז ער גובר אַלע בערג און בערגלעך און ברענגט פאַר אונז די ישועה... איהם דריקט נישט קיין זינד און ער ווייסט נישט פון קיין מרה-שחורה... ער איז מבטל די תעניתים און קומט צו אונז, פערבענקטע און פער־חלש׳טע, ווי דער אייביגער יום-טוב...

דער רב: געווען ביי אונז אַמאָל נביאים און טרייסטער, געווען אַמאָל חכמים—זעהער, גאָר אַנדערע דורות... אַצינד ווער וועט און ווער טאָר דיר גלוי-בען?...

דער מקובל: זאָג נישט, אַז ס׳איז אינגאַנצען נעלם געוואָרען די חכמה פון אונזערע חכמים. גאָט אַנטפלעקט דעם טאָג, וואָס ער האָט איהם פערדעקט, און ער וועהלט זיך אויס אַ צווייטען מאָל זיין אתה-בחרתנו-פאָלק. די יודישע נבואה און דאָס יודישע מלכות בעגייען זיך אַצינד...

נאָר עס בעגייט זיך נישט דיין אויג, און עס אַנטפלעקט דיר גאָרנישט דיין אייגענער בליק: אויף הינטערווייליכס זענען זיי געווענדט... דו, רב, גלויבסט נור אין אַמאָליגע צייטען, דו האָסט ניט קיין בשורה פאַר אונזער צוקונפט, ווייל ביי דיר איז קיין איצט נישטאָ... דו גלויבסט, אַז אַלצדינג איז ביי אונז געווען, אַז אַלצדינג איז ביי אונז געשעהן, אָבער וואָס איז ביי אונז פאַרהאַן? וואָסערע האָפ-נונגען גיסטו אונז?... אונזער גוף איז פערמאַטערט, אונזער נשמה פערבענקט,

און אונזער גייסט רופט צו דיר: זאָג אונז, וואָס וועט זיין? וואָס וועט מיט אונז געשעהן?... דו שווייגסט?... צי טאַר מען זיך אָבזאָגען פון גרייטען דעם שבת, פון העלפען דער צוקונפט?...

דער רב: די ערשטע דורות האָבען געזעהן די לעצטע טעג, און איך גלויב זיי... צאַם-איין די תאוה פון דיין גייסט: עס טאָר אונז ניט געלוסטען צו דעם, וואָס אַמאָל איז געווען...

דער מקובל: אַמאָל געווען, זאָגסטו... אָבער וואָס גיסטו איצט? מיט וואָס ווילסטו היילען אונזערע איצטיגע וואונדען? צי קאָן מען פון זיך אַראָבטרייסלען די אחריות פאַר'ן היינט? צי איז נישט אונזער אלעמענס חוב—פערענטפערן גאָט און זיין וועלט?... דער אַמאָל אָהן דעם איצט איז אַ בנין פון לופט, אַ געדאַנק פון אַ ווינט-היטער, אַ פאַרבייגעפלויגענער שאָטען... דו גלויבסט... דו האָסט אַ שענע כונה—אָבער וואָס טהוסטו?... דיין שיינענדיגער עבר בלייבט אָהן פרוכטען, דען עס פעהלען אין דיין קבלה די מעשים...

דער רב: וויפיעל גאוה אין דיין קבלה מעשית! דו פערמעסט זיך צו-פיעל, דו קאָנסט די אויגען פערבלענדען און פערשוועכען נאָך, חס וחלילה, דעם נאָמען, וואָס עס האָבען איהם געהייליגט מיט זייער לעבען און מיט זייער טויט אונזערע אַמאָליגע גדולים...

דער מקובל: אַמאָליגע גדולים!... צי איז נישט אונזער חוב, זיי נאָכצוטהון און מיט הייליגען מוט זיך לאָזען געהן צום שפיץ באַרג?... ווי לאַנג נאָך וועלען מיר, אָבשוואַכענדיג אונזערע כוחות, מעלה-גרה זיין אונזער עבר? ער מוז זיך דאָך אַמאָל אויסלאָזען! מיט וואָס וועלען מיר שפייזען דעם הונגעריגען אין דער וויסטעניש פון אונזער היינט?... שווער צו זיין אַ יורש, שווער צו טראָגען די אַחריות פאַר דער גרויסער ירושה... מיט וואָס זענען מיר איצט יוצא פאַר אונזער אַמאָל? צי קאָן מען דען פערבלייבען אייביגע יורשים? וואו איז אונזער אייגענע צוואָה פאַר די קומענדיגע דורות?... אָח, טרוקען די מוחות און פערשטיינערט די הערצער און מ'לעבט מיט דער איינציגער תפלה פון בעטלער, אַז זכות אָבות זאָל ביישטעהן!...

דער רב: מיר זענען אָבגעהיט, מיר וויסען: נישט פאַר אונזער דור איז די צייט און נישט אין חוץ לארץ איז די ערד פאַר נייע הייליגע געשעהענישען...

דער מקובל: אָבער וואו זענען די מעשי-בראשית פון יעדען טאָג? דו זעהסט זיי נישט, רב? ביזטו דער אמת'ער כופר!... נאָר דאָס פאָלק איז קעגען דיר, עס געהט מיט אונז—עס גלויבט דאָס פאָלק, עס וויל אונז גלויבען, און דו, רב, ביזט פערבליבען עלענד, אַליין, ווי אַ פערגעסענער זאַנג אויף אַנ'אָבגעשניטען פעלד.

דער רב: איך בין דיר ניט מקנא פאַר דעם המון, וואָס לעכצט וואָך דיינע הבטחות, פאַר דעם עס-הארצ'ישען ערב-רב, וואָס לויפט דיר נאָך, פערפיהרט דורך דיינע רייד...

דער מקובל: דאָס זענען דאָך די אָרימע פון מיין פאָלק! זיי זוכען ביי איהם הילף... מיט דיר זענען די גבירים, מיט מיר—די אָרימע-לייט, מיט דיר—די זאַטע, מיט מיר—די הונגעריגע, מיט דיר—די צופרידענע, מיט מיר—די אומגליקליכע. דער צופרידענער נויטיגט זיך נישט אין דער גאולה, פאַר איהם איז געענדעט דער גלויבען, ער דאַרף נישט דעם אמת, עס קלעקט פאַר איהם דער חלום, די שפיעל פון דעם דמיון. פאַר'ן גביר לעבט דער רב דער מאַמין, פאַר'ן המון—דער מקובל, דער בעל-מעשה: די לייזענדיגע ווילען זעהן מיט זייערע חושים. וואָס

קאָנען זיי טהון מיט דער גאולה פון אייער אַני מאַמין? בלייבט זי דאָך דאָרטען נישט מעהר, ווי אַ רעיון, נישט מעהר, ווי אַ דמיון!..

**דער רב:** מיר גלויבען און מיר טהוען תפלה. עס מוז העלפען אַ תפלה פון דורות...

**דער מקובל:** איהר טהוט, אמת, תפלה, אָבער פאַר וועמען? אַזוי פיעל דורות בענשען, אַזוי פיעל דורות בעטען גאָט—פאַר פרעמדע מלכים... שוין לאַנג צייט געווען אַ טראַכט צו טהון, צי האַלט דאָס נישט אָב די גאולה... זעהענדיג אונזערע הענד, געהויבען צום הימעל פאַר פרעמדע מלכים, צי מוז נישט דער גותן תשועה אין צער און צאָרן פערבלייבען צוליב דער אייביגער תפלה פון קנעכט-שאַפט? ווען וועט איהר שוין העלפען בענייען דאָס יודישע מלכות? ווען וועט איהר שוין בייטען די תפלה פון גלות?...

**דער רב:** מיר וואַרטען אויף אַ סימן פון אַנ׳אמת׳ן נביא און פון אַנ׳אמת׳ן מלך. שוין נישט איינמאָל געקומען צו אונז כלומר׳שטע נביאים און כלומר׳שטע משיחים. מיר האָבען זיי, די זינדיגע, פון אונזער מחנה פערטריבען, מיר האָבען די פערפיהרער פון קהל פערשטויסען, מיר זענען געבליבען טריי צו זיך אַליין...

**דער מקובל:** אָי און וועה צו קהל! איך הער די טריט פון פערטריבענע, דעם קרעכץ פון פערבלאָנדזשעטע... אַ וועה-געשריי איבער אונזערע פערלוירענע כוחות דערגעהט צו מיר פון ווייטע און נאָהענטע דורות: דאָס קלאָגט און יאָמערט די שכינה איבער די אָבגעשניטענע גלידער. ווער נישט דערוואַקסען און ווער דערשטיקט. ווער נישט דערגאַנגען און ווער דעם וועג פערלוירען... און עס דערגרייכט צו מיין אויער אַ בת קול פון אונזער געשיכטע, דער שופר פון משיח: „די ליעבע פערדעקט אַלע זינד”... פון די טיעפעניששען פון מיין האַרצען רוף איך צו אונזערע פערטריבענע און פערוואָגעלטע, איך וויל מיך בעהעפטען מיט זיי: בין איך דאָך ביין פון זייער ביין, פון גאולה-בענקשאַפט זענען מיר אַלע געבוירען. די ישועה איז נאָך ווייט פון זייער צייט געווען, און די קינדער פון דער גאולה-בענקשאַפט זענען מיט צער און צאָרן אַוועק פון דער מוטער, וואָס האָט זיי געוואונען... נאָר אַצינד, בעת מיר ווערען אויסגעלייזט, קומט אַ סוף צום צאָרן און צו דער שנאה, אַ סוף צו דעם אומעט, די שמחה מאַכט ברייטער דאָס האַרץ, און איך מערק שוין, ווי עס טוליען זיך צו מיר אַלע גאולה-פערבענקטע נשמות, אַלע ישועה-אָנזאָגער און „פאַלשע” משיחים, וואָס אונזער אומעט האָט זיי פערטריבען... אָ, איך פיהל, עס שפּראָצט אַ נייע לעבען אין מיר, געבענשט איז מיין לייב, גאָר ווי אַמאָל, מיט אַ שטאַרקער געהויבענער אמונה, מיין ליכטיגקייט האָט זיך צו מיר אומגעקעהרט, איך שטעה אויף און וועל שיינען איבער אַ נייעס כאַר דער וועלט, איך בין ווידער אַנ׳אָנהויב...

**דער רב:** נאָר שלעכט וועסטו אויסלאָזען!



**יואל מאַסטבוים.**

# די פוקסען־לעגענדע.

יאָהר־איין, יאָהר־אויס, אין טאָג פון תשעה־באב, שטעהט דאָס אַלטע ירושלים און קלאָגט איבער זיינע קינות ביי דער הייליגער וואַנד פון הר־הבית. עס בעט, דאָס אַלטע ירושלים, אַז דער בית־המקדש זאָל אויפ׳סניי אויפגעבויט ווערען, און עס גלויבען די מתפללים, עס גלויבט מאַן און קינד, יונג און אַלט, אַז אָט־אָט האָט שוין געשלאָגען די לעצטע שעה, די לעצטע מינוט—די גאולה קומט.

נור יעדען תשעה־באב געשיהט עפּיס אַזעלכעס, וואָס מאַכט צו־נישט די האָפ־נונג. אין די טיעפסטע מינוטען פון ערוואַרטונג, ווען אַלץ שטעהט געשפּאַנט אין דער זייט פון מזרח, דערזעהט זיך פלוצלונג אַנ׳אויפגעהויבענער שטויב און עס שוועבט־דורך אַ מורא׳דיגע רויטע געשטאַלט. מיט אַ וואָיען און חיה׳שען ווינען קומט־אָן אַ פוקס צולויפען אויפ׳ן הר־הבית. און געפאַלען אין געשלאָגען ווערען די הער־צער: ניין, משיח וועט דאָס יאָהר נישט קומען, ניין.

און אַלע בלייבען שטעהן מיט געבויגענע קעפּ, אַלע מיילער בלייבען שטיל, אַלע בליקען—שטום, אַלע הענד—אַראָבגעלאָזט: נישט זוכה געווען!

אַזוי אַלע יאָהר.

* * *

געשטאַנען איז אַ יאָהר אַ ביטערס. די ווינטלעך, וואָס האָבען געשטראָמט פון די ווייטע גלות־ווֶעגען, האָבען דערצעהלט פון פינסטערער נויט און טונקעלער פּיין. די אויסוואַנדערונג צום כותל־מערבי איז דעריבער געווען שטאַרקער ווי אַלע יאָהר, און שטאַרקער ווי אַלע יאָהר האָט אויך געגליהט די האָפנונג אין די הערצער: די גאולה איז נאָהנט, משיח וועט קומען. פון די געוויקסען אַרויס האָבען ווי אַ פער־שידענפאַרביגע קייט געשטראָמט איבער די וועגען און שטעגען די זקנים מיט די שטעקענס, די מוטערס מיט די קינדער, די אָרימע און רייכע, די שוואַכע און גע־זונטע. אַלץ, אַלץ האָט זיך געצויגען אַהין, צום פינטעל פון האָפנונג.

און אַ פריהמאָרגען איז היינט געווען אַנ׳אויסטערלישער, יאיינער פון יענע גאָלדענע פריהמאָרגענס איבער די הרי יהודה, ווען דער ערשטער שטראַהל פון מאָר־גענשטערן זאָגט־אָן אַ גאָלדענעם טאָג פאַר די זיהן און טעכטער פון יהודה.

ראַש און שנעל האָט זיך פון הינטער די בערג ענטפּלעקט דער דינער ראָנד פון דער זון, וואָס האָט געשאָסען מיט די שטראַהלען אין בלאָהען הימעל אַריין, ווי דער קרוין־אָבשיין פון עפּיס אַ פערבאָרגענעם קעניג, וועלכער איז ביינאַכט אונ־טער אַ באַרג איינגעשלאָפען, און באַלד האָט זיך די זון איינגאַנצען פונאַנדערגעוויקעלט און זיך אַ וואָרף געטהון איבערן הימעל פון יהודה, ווי זי וואָלט אָנזאָגען: אָט בין איך, די גאָלדענע דערלעזערין. נישט טרויערן זאָלט איהר היינט, נור פרעהען זיך און האָפען.

ווי מיט טויזענדער בריליאַנטען זענען בעשאָטען געוואָרען די פּאַלמען און

צעדערן, וואָס זענען פון דער נאַכט געלעגען פערהילט אין אַ בלאָהען נעפעל. און אויך די וואַנד, די אייביגע „וואַנד" האָט זיך היינט פרעהליכער ווי אַלע יאָהר צווועקגעשטעלט אַנטקעגען דער זון. זי האָט ווי מיט שטאָלץ געזאָגט: אָט זענען מיינע פיער-עקעדיגע פעלזען, וואָס פון זייערע שפּאַרעס און לעכער וויקלען זיך אַרויס ווילדע גרעזער און סתם צווייגען, וואָס נוצען נישט קיינעם און קוויקען נישט קיינעם. הונדערטער שפּאַלטען לויפען-אַרום איבער'ן גרויען גראַניט מיינעם, ווי קנייטשען פון אַנ'אַלטען קריעגער, וואָס רייסט זיך צו געווינען מיינע אַמאָליגע פערשפּיעלטע מלחמות. זעה: דאָרט אונטען גרויסע, אויסגעריבענע גריבער פון מענש-ליכע אונרוהיגע שטערענס, וואָס זענען יאָהרטויזענדער געלעגען מיט וועהטאָג אָנגע-שפּאַרט אָן מיר, סמנים פון מענשען-ליפען, וואָס האָבען מיך פון גרויסען לעבענס-עלענד געקושט, צייכענס פון אַ שטאַרקען טרעהרען-שטראָם, פון מענשען-פינגער— און דאָס אַלץ צו וואָס? צי וואָלט נישט שענער געווען, אַז אויף מיינע חורבות זאָלען צוריק אויפלעבען די געזאַנגען פון מיינע לויים און די זאַפטיגע קרבנות פון מיינע כהנים-גדולים?

אַנדערש האָט היינט אויסגעזעהן דאָס פּנים פון די מתפּללים. נישט געדריקט האָבען זיי זייערע עלענדע פּנים'ער צו דער וואַנד, נישט קיין צווייפעל-געוויין האָט זייערע הערצער דורכגענומען און נישט קיין טרעהרען האָבען זיך געפּיהלט אין דער ריינער, הייסער פּאַלמען-לופט. מיט לויטערע, פרעהליכע אויגען זענען זיי גע-שטאַנען געגען דער זון און די קינות און קלאָג-ליעדער, וואָס האָבען זיך אַרויסגע-ריסען פון זייערע הערצער, האָבען געקלונגען, ווי עפּיס אַ זיס-טרויעריג ליעד פאַר אַ חתונה.

אַנדערש האָט אויך אויסגעזעהן דאָס גאַנצע בילד אַרום ירושלים. די שלאַנ-קע טרויעריגע טעכטער פון יהודה, וואָס וואַנדלען אַרום קברים און בעווײנען טוי-טע שטיינער, זענען היינט אַרומגעגאַנגען נישט מיט קיין אַראָבגעלאָזטע קעפּ. זיי האָבען געבלאָנדזשעט אַרום וויינגערטנער, געבלאָנדזשעט נעבען אַ בוים, זיך פלוצלונג אָפּ-געשטעלט, די האַנד אונטערן אָרעם אַ חאַפּ געטהון און מיט אַ גליקליכען שמייכעל געטראַכט: אָ, טאָכטער פון יהודה, געדענקסטו נישט די גליקליכע טעג, ווען דו ביזט געגאַנגען אין טאַנץ מיט דיינע חתנים און פרעהליכע זקנים? געדענקסטו נישט?

און אויסגעדוכט האָט זיך זיי, אַז די צעדערן און פּאַלמען ענטפערן: אויך פאַר אייך איז די צייט געקומען. נישט קיין טרויער—חתונה-טעג קומען-אָן פאַר אייך. פרעה דיך, טאָכטער פון יהודה.

* *
*

משונה'דיג איז געווען דאָס בילד אויף דער רעכטער זייט פון כותל-מערבי. געשטאַנען איז דאָרט דער עלטסטער ירושלימער רב, דער געבויגענער זקן, וועמענס בליקען עס קענען די צייכענס פון פאַר דער רעגען- און שניט-צייט, ווער עס קען די שנעלע זון-אויפגענג און נאָך שנעלערע זון-פערגענג, ווער עס הערט זיך צו שפּעט ביינאַכט צו די שטימען פון די קברים און קען אַלע סמנים פון די היילגע משיח-טריט.

ער איז געשטאַנען נישט דערשלאָגען צווישען זיינע תלמידים. עפּיס אַ יונגע ראָזע פאַרב האָט אַראָבגעשיינט פון זיינע געקנייטשטע באַקען. די ווייסע לאַנגע קרייזלען פון זיין באָרד האָבען זיך געפלאָנטערט ווי אַ געוועב פון טויזענדער וויי-סע סודות. די אַריבערגעוואַקסענע ברעמען איבער די יונגע, בלוֹהע אויגען האָבען אויסגעזעהן ווי צוויי בלאָהע טאָפּאַזען, אַריינגעוואָרפען אין אַ ווייס יונג געוויקס.

ער איז געשטאַנען האַלב-איינגעבויגען. דער בלאָהער זיידענער מאַנטעל האָט זיך פון הייסען ווינטעל געפּאַלדעוועט איבער'ן בלאָה־רויטען שטייז פון דער וואַנד צו-זאַמען מיט די לאַנגע שאָטענס פון זיינע ברעמען.

אין זיינע אויערן האָבען נישט געררוישט יענע בעקאַנטע חיה-ברומער־ייען פון אַלע יאָהרען. ניין, אַ ליכטיגקייט האָט ער געפיהלט אין די אויגען. פאַר איהם האָט זיך געמאָלט אַ רייטער אויף אַ ווייס, ווייס פערד. דער רייטער האַלט אַ גאָלדענעם שופר אין האַנד און טראָגט אַ בשורה-שאַל אין דער לופט. אָט איז ער פון בלאָהען ווייטען נעבעל איבער'ן העכסטען באַרג אַרויף, געשאַלט רעכטס, לינקס, צו מזרח און צו צפון. זענען פון אַלע פיער הימעלס-ווינקלען וואַנדערער, בעטלער און יתומים אָנ-געקומען און צום טריט פון באַרג געפאַלען— — —

דער ירושלימ'ער זקן האָט די הענד צום הימעל געהויבען און אַ ליכטיגער שמייכעל איז איבער זיין פנים דורך. ער האָט אַ וואונק געטהון צו זיינע צוויי תלמידים, יוחנן און אלחנן, און ביידע זענען מיט הכנעה פאַר'ן צדיק געשטאַנען:

—הייליגער רבי!

האָט ער מיט אַ פינגער אַ וואונק געטהון—אַ סימן, אַז זיי זאָלען אויפ'ן העכסטען שפּיץ באַרג אַרויף.

זיי האָבען אַ בליק געטהון אין דער ווייטקייט.

—איך געה פריהער—האָט דער איינגעבויגענער, איינגעשרומפּענער יוחנן גע-זאָגט. זיינע אויגען האָבען אַ גליקליכען ציטער געטהון.

—איך בין פריהער געשיקט און מיינע פיס וועלען באַלד אויפ'ן העכסטען באַרג שטעהן,—האָט געזאָגט אלחנן.

—איך געה!

—געה איך.

און ביידע זענען שטומערהייד צום העכסטען שפּיץ-באַרג אַרויף. און געשטאַ-נען זענען זיי ביידע אין שוויגען פערזונקען, מיט בליקען איינגעשפּאַרט אין דער ווייטקייט—יוחנן און אלחנן.

אַנ'אַמאָליגער זוהן פון אַלטען צובראָכענעם גלות, וואָס האָט פון זיין טרויער-וועג מיטגעבראַכט עלענדע שטראַהלען פון אַ טרויעריגער מרה-שחורה'דיגער זון און אַ גליהענדע האָפנונג אויף דער נאָהנטער גאולה--יוחנן. אַנ'אַנדערער איז אלחנן גע-וועזן. אַ קינד פון אונטער די אַלטע פּאַלמען און צעדער-בוימער, האָבען איהם די אַלטע חורבות און קברים אויסגעזעהן ווי אַנ'אייביגע שטראָף, פון גאָט געשיקט. גאָט'ס דין, גאָט'ס משפט. איז דען הײנטיגער תשעה-באב ליכטיגער פון דעם פאַר-אַ-יאָהריגען, פון די פערגאַנגענע?

זענען זיי ביידע געשטאַנען, די אויגען פערטיפט אין דער ווייטקייט. שטיל און פרעהלין־הייס איז די לופט געווען. קיין שאָ־ך פון אַ בלאַט, קיין בעוועגונג. נור שטילע מורמעל-שאָרכען האָבען זיך פון דאָ און דאָרט געטראָגען צו דער הויך, געטראָגען און זיך איבערגעריסען, ווי אָבקלאַנגען פון וואַרימע קושען—געזעגען־קושען—אין דער לופט אַריין.

איז דער גליהענדיגער משיח-פערבענקטער יוחנן געשטאַנען און געפיהלט דעם אָטעם פון דער גאולה, געפיהלט איהם אין דעם ווייטען, ריינעם בלאָהען רויך, אין דער הייסער גאָלדענער זון, אין דעם ווינטעל-שאָרך פון בלעטער און צעדערן. אַ וואַרימע זיסקייט האָט זיך צוגאָסען אין זיינע גליעדער און אַ דינער, ווייטער שופר־שאַל האָט דורכגעקלונגען פון זיינע ווייטע קינדער-יאָהרען.

אלחנן אָבער איז געשטאַנען פערזונקען אין שטילער שטומקייט. זיינע צוויי

שטאָלענע בליקען זענען געווען אָנגעשטעלט אויפ'ן הייסען גרויען שטיין. ער האָט גאָרנישט געהאָפּט און גאָרנישט ערוואַרט, ווי דאָס פּלוצלונגע וויינען און ברומען פון דער בלאָנדזשענדער חיה. נור פון צייט צו צייט האָט ער די אויגען אויפגע-הויבען, אַ פערשטיינערטען שמייכעל געטהון און איז ווייטער שטעהן געבליבען, ווי דאָס שטילע, קאַלטע רעטעניש אַרום. און דאַן אַ מינוט פון אונרוה. פון ווייט, פון צעהנטען באַרג, האָט זיך אַ שטויב אויפגעהויבען, אַ דרעה זיך געטהון אין דער לופט און יוחנן, וואָס האָט זיך שטענדיג פאַר אויפגעהויבענע שטויבען געשראָקען, האָט אַ פרעג געטהון:

—אלחנן, אַ וואָלקען האָט זיך פון דער ערד אויפגעהויבען. וואָס בעדייט דער גאָלדענער וואָלקען-רעגען?

—רעגען אין מיטען הייסען זומער־טאָג—האָט אלחנן קאַלט אַ שמייכעל געטהון.

—רעגען און אפשר אַנ'אַנדער צייכען,—האָט רוהיג געענטפערט יוחנן—אפשר דער שטויב פון פוס-געהער, וואָס איילען מיט זייערע תפילות אַהער?

—אָ, דאָס זענען פלינקע טריט. זיי טראָגען זיך איבער די פעלזען — — חיה און שטן — — —

—שווייג!—האָט יוחנן אויסגעשריען—איך הער אַ נאָהנט קול, חאָטש עס איז נאָך ווייט פון מיר.

—דאָס איז אַ קול פון פינסטערניש און צווייפעל, וואָס ליעגט נאָך הינטערן שטויב.

—דאָס איז אַ שופר-קול! גאָט, ווי שען עס קלינגט, ווי טויזענדער-טויזענדער גאולה-שטימען. צי הערסטו נישט דאָס שאַלען און רופען פון הינטער די בערג?

יוחנן האָט אַרומגעחאַפּט זיין חבר, געדריקט זיינע ליפען, זיין שטערן, זיינע קאַלטע הענד, נור אלחנן איז געשטאַנען, קאַלט שמייכלענדיג:

—קענסטו דעם פוקס? די בלאָנדזשענדיגע, וויינענדיגע חיה איבער די בערג פון יהודה, קענסטו זי?

* *
*

ביז האַלבען טאָג איז דאָס אַלטע ירושלים און די אומגעגענד געלעגען אונ-טערן טרויעריגען קינה-קלאַנג. ווי אַ שפּיגעלדיגער ים מיט טויזענדער קאָלירען האָ-בען געראַנשט די קינות-און טרויער-געזאַנגען, קינדער-געבעטען, מוטער־געוויינען, זיפצען פון עלטערע, און דאָס אַלץ איז פון מענשען-מויל אַרויס פערשידענאַרטיג—עס איז געווען איין גאָלדען עבֿאָ, וואָס האָט לאַנג-לאַנג אָבגעהילכט מיט טויזענדער ווידער-קולות אונטער די בערג פון יהודה, איין גרויס קול פון אַנ'אומגליקליכען בלינדען וואַנדערער, וואָס זוכט פאַר זיך אַ וועג, אַ וועג — — —

* *
*

דאָס קינה-געזאַנג איז צושוואָומען געוואָרען אין דער לופט און עס איז גע-וואָרען אַ גערודער, אַ געפילדער פון איינציגע גרופען, פון איינציגע מענשען. אָט איז איינער אויפגעשטאַנען פון אָרט, האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף אַ שטיין און געשפּאַנט געקוקט אין דער ווייטקייט אַריין. אַ צווייטער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן אַ דריטענ'ס אַקסעל און געקוקט: הויבט זיך פון יענער זייט נישט אויף קיין וואָלקען שטויב? ברומט נישט קיין חיה-קול? אַ דריטער האָט אַ פיערטען בעוויזען, אַז פון דאָרט, דאָרט זעהט זיך עפּיס אַ רייטער, אַ ווייס פערד—און אַ גליקליכער ציטער איז דורך זיינע גלידער; אַ טייל האָט זיך געריסען צום לויפען, ווי אַ שטראָם פון אַ צו-ריסענעם ים — — —

און זעה:

ר׳ זכריה, דער ירושלים׳ער זקן. ער וויינט נישט, ער קלאָגט נישט אויפ׳ן קול. אויף אַ נאָהנטען בערגעל איז ער אַרויף, זיך אַוועקגעשטעלט און רוהיג זיך געטראַכט: חורבות, איהר חורבות. צי קען אייך נישט דאָס האַרץ פון דעם אַלטען זכריה׳ן? צי הער איך נישט דאָס געוויין פון די בלאָנדזשענדיגע נשמות אַרום אייך ביי-נאַכט? אין די שטילסטע מינוטען פון מיין שלאָף זעה איך אייך, ווי פלאַטערנ-דיגע, עלענדע פויגעלעך אַרום אַ צושטערטען נעסט. איך זעה אייך אין אייער עלענד-קייט, אין אייער צובראָכענקייט; איך זעה אייך פון אַלע וועלט-עקען, חאָטש איך ווייס נישט, ווער און וואָס איהר זענט. צי וועט דורך די פערלאָזטע וועגען און שטעגען נישט קומען די ישועה? צי וועט דאָס אַלטע, אַלטע האַרפען-ליעד נישט אויפקלינגען איבער די שפיצען בערג פון יהודה? אין מיין האַרץ זידט און קאָכט עפּיס, ווי דאָס געזאַנג פון טויזענדער משיח-פידלען, ווי דאָס ווילדע שאַלען פון טויזענדער שופרות. הער איך קיין טריט נישט? זענען עס נישט די טריט פון גואל?

און דער אַלטער רב זכריה האָט זיינע אַלטע אויסגעצויגענע, דורכזיכטיגע הענד צום הימעל געריסען און אַ שטיל מורמלען האָט זיך פון זיינע ליפען גע-טראָגען.

נור קוים האָט ער די אויגען אַראָבגעלאָזט און דערזעהן פאַר זיך דעם טו-מעל און די אונרוהיגקייט פון די אַרומיגע, האָט ער צוריק זיין שוואַכקייט דערפיהלט. עס שטעהען ערגיץ-וואו זיינע צוויי תלמידים און קוקען מיט טרויעריגע אויגען אין דער ווייטקייט אַריין — — —

האָט ער אַראָבגענידערט לאַנגזאַם אין דער בעגלייטונג פון זיין אייגענעם שאָ-טען און מיט אַ וואונק פון זיינע ברעמען האָט ער בעפוילען: זאָלען נאָך צוויי אַנדערע משולחים געהן אויפזוכען די ערשטע אַוועקגעשיקטע.

זענען זיי אַוועק—נישט ווי שטענדיג, לאַנגזאַמע, מיט אַראָבגעלאָזטע קעפּ, נור מיט עפּיס אַנ׳איבערראַשט געפיהל, ראַש פערליערענדיג די פּאַלמען און צעדערן פון די אויגען. נור טיילמאָל זענען זיי שטעהן געבליבען. גאָט פון יהודה, וועט קיין ענטטוישונג נישט אַריינטרעטען אין די קעפּ פון די טויזענדער? און אַ שווערער זיפץ האָט די לופט דורכגעריסען.

* *

*

זיי זענען אויפ׳ן באַרג געקומען און אַוועקגעשטעלט זיך מיט שטומע בליקען.

—יוחנן?—האָט איינער געפרעגט.

—אלחנן!—האָט אַ צווייטער גערופען.

—גאָרנישט,—האָבעןביידע אַ מאַך געטהון מיט די הענד.

—גאָרנישט?

און דאָרט זענען די נייגיריגע ערוואַרטער געשטאַנען, מיט שטומע בליקען צום מזרח. זיי האָבען זיך איינגעהערט אין יעדען שאָרך, אין יעדער בעוועגונג, אין יעדען ריהר פון אַ בלאַט. און ווען ביידע משולחים זענען צוריקגעקומען און אַ מאַך געטהון מיט די הענד-נאָך גאָרנישט,-האָט אַ ים פון קעפּ אונטערגעחאַפּט:

—נאָך גאָרנישט.

און דער אַלטער ירושלים׳ער זקן איז שטעהן געבליבען אַ פערשטיינערטער:

—נאָך גאָרנישט!



ערשט פאַרנאַכט האָט ירושלים און די אומגעגנד איבערגעלעבט עפּיס אויסטערלישעס.

שטענדיג אין דער צייט איז שוין דער גורל פון יאָהר בעוואוסט. די ערוואַרטונג אויפ׳ן גואל האָט ענטטוישט. אָנשטאָט דעם הייליגען ווייטען שופר-שאַל האָט מען דערהערט דאָס חיה-וויינען איבער די בערג פון יהודה. די מתפללים לאָזען אַראָב די קעפּ, פער׳דאגה׳טע, נעהמען די פעקלעך אויפ׳ן אַקסעל און טראָגען זיך צוועק — יעדער מיט זיין שטיק דאגה, מיט זיין איינזאַמקייט אין ווייטען וועג אַריין אויף נאָך אַ יאָהר. אַ געפיהל פון צווייפעל דריקט די הערצער. די ירושלימ׳ער שוהלען שטעהען האַלב-געשלאָסען. קיינער דאַוועט נישט מעהר — די דאַוונער זענען מיעד און דערשלאָגען. די פייערן אין די מנורות ברענען נישט, ווייל קיין דאַוונער דאַרף זייער שיין נישט. פון צייט צו צייט גיט ערגיץ אין אַ שוהל-פענסטער אַ בלישטש די שיין פון אַ ווינקעלדיג נשמה-ליכט, וואָס עמיץ האָט פאַר אַ נשמה אויפגעשטעלט, גיט אַ בלישטש אויף די אַלטע טרויעריגע מנורות און פערשווינדט, ווי דאָס פלעמעל פון אַנ׳איינזאַמער נשמה.

היינט איז אַנדערש געווען, אַנדערש. ווי איינגעטונקט אין אַ וועלט פון פייערדיגע שמחות האָט ירושלים און איהר אומגעגענד אויסגעזעהן. געברענט האָבען די מנורות און פאַקעלען אין די שוהלען, ווי אויף אַ חתונה. עס האָט זיך מעהר נישט געהערט קיין זיפץ, קיין וועה-געשריי, און ביי דער וואַנד און אַרום איהר האָט דאָס היימליכסטע געפיהל געהערשט. געשטאַנען זענען דאָרט די מענשען מיט אויפגעהויבענע אויגען און הענד, ווי צו חאַפּען אַ מלאך פון הימעל; עס האָבען זיך געהערט קולות פון בלויזער פרייד און זילבערנער שמחה, און ביי דער שמחה האָט איינער אָנגעצונדען אַ בלאָהען פלאַקער, צו בעלויכטען דעם וועג פון דערלעזער; אַ צווייטער — אַ ליכט, אַ דריטער האָט אין אַנ׳אייל-טאָפּ אַריינגעלעגט די וואָלענע בלאָהע שאַל פון האַלז, און דעם טאָפּ אויפ׳ן קאָפּ פון משוגע׳נער שמחה גענומען.

און אָט איז דער אַלטער רב אַליין נאָך איינמאָל אַרויף אויף אַ נאָהנטען חורבה-באַרג און נאָך איינמאָל עפּיס אַ בעט געטהון, אַ וואונק געטהון צום הימעל.

האָבען איהם די נאָהנטע פלאַקערן אין אייל-טעפּ בעלויכטען, האָט ער זיך געבאָדען אין פאַסען בלאָה-רויטער שיין, ווי אַ קעניג, ווי אַ האַלבער משיח אַליין.

און געשטאַנען איז גאַנץ ירושלים אין דער טיעפסטער ערוואַרטונג און אַלעמענס בליקען זענען געווען געווענדט אויף איין אָרט: דאָרט, דאָרט זעהט זיך נאָך אַ דינער רויטער ראָנד. דין איז ער, נאָך דינער ווי אַ גאָלדען רינגעל, און אַלץ האָט שוין זיך אָנגעהויבען איינהילען אין שאָטען פון דער דעמערנדיגער בלאָהער נאַכט. עס איז צוגעדעקט געוואָרען דער וויינטרויבען-שטענגעל אונטער זיין בלאַט, די מיהלגראָם אונטער איהר שאָטען. אַלץ האָט געלעכצט נאָך דער נאַכט, נאָך דער זיסער, פרעהליכער גאולה-נאַכט.

דאָרט אָבער, וואו עס זענען געשטאַנען די צוויי שלוחים אויפ׳ן העכסטען באַרג, איז עפּיס אַנ׳אונרוהיגקייט פאָרגעקומען. דאָרט האָט מען נאָך אַלץ געזעהן אַ בלאָהען וואָלקען שטויב און דער וואָלקען איז געוואַקסען העכער און העכער, און נישט געוואוסט האָט מען, וואָס איז הינטערן וואָלקען בעהאַלטען: די פיס פון גרויסען ליכטיגען דערלעזער אָדער, ח״ו, די משוג׳ענע טריט פון אַ קלאָגעדיגער חיה? נור ווען עס זענען צוגעטראָטען די לעצטע מינוטען פון טאָג, האָט יוחנן אָנגע-

חאַפּט די הענד פון זיין חבר און אויסגעשריען:

—אלחנן, דער שטויב וואַקסט, דער וואָלקען פערנעהמט זיך—די טריט פון גואל? זאָג!

—ניין, דאָס זענען חיה-טריט. דער שטויב הויבט זיך אויף, ווי אַ פאָרהאַנג פאַר טויזענד משוגע׳נע וועלף. זעהסטו דעם שטויב?

—דער שטויב איז אַ דינער, אַ זיידענער, אַ הימעל פאַר אַ מלאך וועגען — —

—אַ משוגע׳נער שטויב-שטורם פאַר שלאַנגען, פאַר׳ן שטן—

—פאַר מלאכים, פאַר׳ן געזאַלבטען, פאַר הייליגע— — —

—הער, אַ חיה-קול—

—אַ קול שופר! איך הער דאָס גאָלדענע שאַלען!

—אַ וויינען און יאָמערן איז עס.

—שלעכטער מענש דו, שלעכטער מבשר.

—איך געה זיי אָנזאָגען אַ טרויער-בשורה אין דער נידער.

—אַ בשורה פון גליק!

—שוויג.

—דו וועסט נישט געהן!

און ביידע האָבען שוין געוואָלט אַראָב פון באַרג, נור זיי האָבען עס נישט געטהון. ווייל אין דער מינוט האָט זיך פון ווייטען דער שטויב צוריסען און אָנשטאָט דעם הייליגען אויסגע׳חלום׳טען זילבער-פנים האָט זיך דורכגעריסען דאָס געשפּענסט פון אַ קליינער ווילד-לויפענדיגער, וואָיענדיגער חיה, וואָס איז מיט אַנ׳אימפּעט און ווילדען געוויין אַריבער די בערג און טאָלען, חאָטש גע׳הרג׳עט צו ווערען. און אַלע בליקען זענען פערשטיינערט געוואָרען, און אַלע געבעטען און קולות זענען פערשטומט געוואָרען, און האָט עמיץ אַ פלאַקער אין האַנד געהאַלטען, איז דער פלאַקער פון זיין האַנד אַרויס, צו דער ערד געפאַלען און דעם אייגענעם בגד אָנגעצונדען; אַ ליכט איז מיט אַ ציטער פון דער האַנד אַרויס, זיך געראַנגעלט אין דער אייגענער שיין און איז פערלאָשען געוואָרען; אַנ׳אייל-קנויט האָט זיך אָנגעצונדען, צופלאַקערט זיך, ווי ביי אַ שרפה, און באַלד האָט עס אויסגעזעהן, ווי קליינע פייערלעך פון אונטער אַ חורבה.

און אָט איז איינער מיט דער האַנד אויף דער וואַנד געפאַלען, מיט אַ גאַנצען טרעהרען-שטראָם אַהין אַריינגעוויינט און איז צו דער ערד געפאַלען. דער צווייטער האָט זיין קינה צו דער ערד געלאָזט און נאָך איהר נאָכגעפאַלען. אַ דריטער האָט זיינע פער׳חלש׳טע בליקען צום הימעל אויפגעהויבען און איז אַליין געפאַלען, געפאַלען.

און איבער דעם אַלעמען איז געשטאַנען דאָס ווייסע שטומע פנים פון אַלטען ירושלים׳ער זקן.

—חבל, חבל,—האָט ער אויסגעשריען איבער דער הויך פון די בערג.

—חבל, חבל, -האָבען אונטערגעחאַפּט די עלענדע מענשען אַרום.

—חבל, חבל,—האָבען אונטערגעחאַפּט די ווייטע חורבות און בערג—חבל, חבל!

— — — — — — — — — —

און אויפגעהויבען האָבען זיך די פערצווייפעלטע, די פעק און וואַנדער-שטעקענס אין האַנד, און אַוועק איבער די וועגען און שטעגען, עלענדע, מיט זייערע שטיקער זאָרג און שטומער דאגה, ווי זיי זענען געקומען. אַ טייל האָט זיך אַוועקגעלאָזט צו די שטיינער פון די קברים און דאָרט געזונגען די אַלטע קברים-ליעדער.

„זאָל די האַנד מיינע פערגעסען ווערען, ירושלים, אויב איך וועל דיך פערגעסען ; זאָל די צונג מיינע צוגעטריקענט ווערען צום גומען, אויב איך וועל דיך נישט גע-דענקען.“

* *
*

עס איז נאַכט געוואָרען. אַ קאַלטע לבנה איז אַרויסגעשוואומען, אַ בלאַסע, אַ טרויעריגע און בעלויכטען דאָס אַלטע ירושלים מיט זיינע חורבות, וואָס זענען גע-לעגען מיט דער אייגענער שטומער זאָרג, ווי פאַר-אַ-יאָהרען, ווי מיט יאָהרען צו-ריק. עס האָט קיינער נישט געוויינט און קיינער נישט געבעטען מעהר. נור שטומע, עלענדע עכאָ׳ס האָבען געבלאָנדזשעט איבער די בערג, ווי שטומע זיפצען פון גע-שטאָרבענע נשמות, וואָס האָבען קיין תקון נישט.

צווישען די חורבות האָבען צוויי מענשען געבלאָנדזשעט--יוחנן און אלחנן, ווי זענען געגאַנגען זיך בעגעגענען מיט די עלענדע אויגען פון זייער רבי און צדיק. צווישען שטומע, טרויעריגע פּאַלמען און צעדערן האָבען זיי געוואַנדערט, צווישען איינזאַמע געבראָכענע מצבות, און—איז דאָס דער הייליגער זקן? ווי אַ מקונן איז ער געשטאַנען, איינגעבויגען, געבראָכען, ווי אַ שטיק פערגליווערט שטומ-קייט, ווי אַ פראַגע-צייכען אין דער אייביגקייט אַריין: פאַרוואָס איז עס נישט גע-שעהן?

די לבנה האָט העל און שטום, ווי דאָס פּנים פון אַ טרויעריגער מוטער, בע-וויינט די געבויגענע געשטאַלט פון אַלטען. עלענד איז ער געשטאַנען און בעטראַכט גאָלאַמאָל די חורבות אַרום.

—נישט זוכה געווען,—האָט ער אבל׳דיג געשעפּטשעט.

—נישט זוכה געווען,—האָבען אונטערגעכאַפּט די תלמידים.

—נישט זוכה געווען,—האָט געענטפערט די לופט אַרום....



## דוד בערגעלסאָן.

# פ ר ע ש.

ראָבען שטעהען אויף די פעלדער,
צווישען זומפּען און יבשה,
שפּרינגען צווישען שוואַרצע קראָהען
מיט געפּענטעט־קליינע פּיסלעך,
און זיי נאָגען,
און זיי קלאָגען —
ראָבען האָבען קנאַפּ פּרנסה
דאָרט אין געגענד.
פון מאָרגען־פריה ביז נאַכט
און טונקעל —
נור זיי וואַרפען ראָבען־בליקען
רעכטס, צום גרויסען שימעלדיגען זומפּ,
און פערקאַרקען איהם, פערקאַרקען,
מיט אַ ביטערקייט אין קאַרקען,
מיט תּרעומות פון אַנטוועהנטען קינד,
און פּאַרביי, אַזוי־זיך,
גלאַט אַזוי,
און פערוועלקטען גראָזען־גרוי,
האָט אַ וועג זיך שטיל בעהאַלטען —
שטיל געדרימעלט,
שטיל געשאָלטען,
און פערוואָקסען ליעגט אַזוי,
הערט, ווי ראָבען
נאָגען —
אַ ג׳אַלטער וועג
ביים זוים פון זומפּ,
אַ שמאָלער וועג —
ר׳פיהרט צום זומפּ —
ר׳וויכט, ר׳וויכט:
ר׳האָט פאַר קיינעם נישט קיין טרייסט.
וואַרט דער זומפּ און וואַרט.
איינגעצויגען, מיט דריי עקען
נ גאָרער ווייט געבליבען שטעקען,
אין פערצויגען מיט זיין גרינעם הייטעל
אין צושפּרייט געלעגען מיט זיין שטח
אינ׳ם ווייטען קאַנט
און פערשוואונדען אינ׳ם ווייטען,
שמאָלען שפּעלטעל —
אינ׳ם האָריזאָנט.
און געוואַכט
אַלע נאַכט,
און געשראָקען הינד אין געגענד
מיט דעם גלאַנץ
פון זיין געפרוירענער לבנה,
און פערטראַכט אַזוי געלעגען
מיט זיין בטול צו הינד׳ס בילען
און מיט ווילען איינגעהערט זיך,
ווי ס׳קוואַקען, אייביג קוואַקען
זיינע פרעש.
ז׳אַלט דאָס קוואַקען, אַלט —
טויזענדער מיט יאָהרען!
און דער זומפּ — נאָך מעהר.
זיין עקסטע הייט
האָט ווי געפרוירען,
הימעל דאָרט
געלעקט,
געמעקט,
און נור אַ טאָרף־פאַבריק,
אַ חורבה דאָרט
אין ווייטסטער ווייט,
אין זייט
אין נעבעלדיגער הויך
איהר ריעזען־קוימען
טיעף פערשטעקט.
און געבליבען אַזוי הענגען
מיט פּוסטען פלאָג,
מיט שטומען קלאָג
אויף וואַנדערער אַמאָל
אין הויכע בלאָטע־שטיוועל,
אויף איסלענדער אַ פּאָר,
וואָס איינמאָל אין אַ יאָהר
געבויט האָבען זי.

און אויסגעבראַכט זיך דאָ
אויף זומפּיגע-קאַלטען שוים,
און ביטער דאָ געטראָפען
און אומגליקליך אַנטלאָפען.
ווער זענען זיי געווען? —
רייכע האָלענדער?
צי דייטשען?
שטעהט די טאָרף-פאַבריק
אין וויסטען הפקר
יאָהרען-לאַנג געשלאָסען, פוסט
און הפקר,
ווי דאָס קוואַקען פון די פרעש.
דער זומפּ — ער יורט;
זיין הימעל —
שימעל,
און הינד — זיי ציילען,
נאַכט-ביי-נאַכט פערגנעהען זיך
מיט שאַרפען פּיסק אַקעגען זומפּיגען
לבנה-גלאַנץ —
און בילען, בילען,
ווי אויף אַ דולען
קעגען יעדען ווייטסטען שאָרך,
קעגען יעדען מינדסטען האָרך,
אויפ'ן עקסטען אונבעלעבטען גלאַנץ.
גלייך ס'גנב'עט זיך דאָרט איינער
אַנ'אונבעוואוסטער איינער,
אַ נאַכטיגער אין קוסען,
אַ שרעקליכער אַזאַ!
אַ שומר אַ געניטער,
אַ בקי אין געוויטער,
אַנ'אכזר און אַ היטער.
אַ שרעקליכער אַזאַ!
גענעהנט ער אַליך, גענעהנט ער,
נאַכט-ביי-נאַכט אַליך נעהנטער,
וואַרט ער אויס דאָ,
קוקט ער אויס דאָ,
מיט'ן אַלטען ווילען שטומען
גרייט ער זיך זיין קומען.

יורט דער זומפּ דאָרט, יורט.
ווידמען זיך די פרעש און מעהרען,
קוואַקערס שרייען און פערשווערען,
און אַנ'אויג דאָרט איינס, אַ וואַכס,
קוקט אַהין פון אייביג-וואַך,
תמיד ניכטער, תמיד אָפען —
קוקט עס אויס דאָ,
רעכענט אויס דאָ,
שפּיגעלט אָב אין תהום-שוואַרצאַפּעל
אַליך, וואָס האָט דאָ שוין געטראָפען —
מעשיות, מעשיות זענען דאָ
פערלאָפען;
— אַ פריץ דאָ, אַנ'אַדיר,
אַ שטיק עקשן, אַ שגעון,
האָט אַהער פערטריבען
גרויסע מחנות קנעכט.
און געגראָבען דאָ, גענישטערט.
אין די טיעפע יורען-זומפּען
לאַנגע טעג און נעכט.
— אַנ'ערד-קענער,
אַ ווילד-פרעמדער,
האָט אַמאָל דאָ
שטום געבויערט,
שטום געגראָבען
און געזוכט דאָ
אַזאַ בוימאייל, אַזאַ נעפט.
— געהער יונגע,
געהער אַלטע,
מיט אויגען פרעמדע,
פער'עקשנ'ט-קאַלטע,
געבלאָנקעט האָבען
וואָכען-לאַנג דאָ,
מיט וויסטען אויסזעהן,
מיט ברודיג וועש.

— — — — — —
— — — — — —

אַלעס, אַלעס האָט פערשרינגען
ס'אַלטע קוואַקען פון די פרעש.

הלל צייטלין.

# דער לעבענס־וועג פון ש. אנ—סקי.

## I.

## דער משולח.

איך האב לאנג געוואלט א ווארט, וואס זאל בעצייכענען אי די זעהר רייכע, פיעלפארביגע, פיעלזייטיגע און פערשידענארטיגע מעטיגקייט פון ש. אנ—סקי, אי זיינע זעהר פיעל גרויסע און טיעפע איבערלעבונגען, אי זיינע פיעל שאפונגען אויף אלע געביטען פון'ם רוסישען און יודישען לעבען; א ווארט, וואס זאל בעצייכענען דעם גאנצען אנ—סקי אהן איבערבלייבענישען; א ווארט, וואס זאל ווי אין א פאקוס קאנצענטרירען אלע קאנטראסטען, איבערשפרייזען איבער אלע געוועהנליכע מעגליכקייטען, בעווייזענדיג דאס וואונדערבארע; א ווארט, וואס זאל גלייך כאראקטעריזירען אי אנ—סקי'ן דעם אינטערנאציאנאליסט, אי אנ—סקי'ן דעם נאציאנאליסט, אי אנ—סקי'ן דעם סאציאליסט, אי אנ—סקי'ן דעם ציוניסט, אי אנ—סקי'ן דעם אפיקורס אין דער יוגענד, אי אנ—סקי'ן דעם גענייגטען צו חסידות אויף דער עלטער, אי דעם הארטען, מוטיגען קעמפפער, אי די ווייכע, צארטע נאטור, אי דעם לייב, אי דאס קינד, אי די רעאלע, שווערע און ביטערע ווירקליכקייט, אי די הויכע פאנטאזיע. איך האב לאנג געזוכט צו פערצייכענען דעם גאנצען לעבענס־וועג פון אנ—סקי מיט איין אויסדרוק, ביז איך האב איהם געפונען ביי אנ—סקי'ן זעלבסט אין דער יעצט זעהר פאפולער־געווארענער דראמע „דער דבוק". ווער און וואס איז אנ—סקי געווען? ער איז ניט געווען, ווי איינער, וואס האלט זיך פאר זיין נאהנטען פריינד, האט זיך אויסגעדריקט, „א שטיק דבוק", נאר א יין און איינציגע פיגור אינ'ם „דבוק". ער איז געווען נישט קיין אנדערער, ווי... דער „משולח".

וואס איז דער אמת'ער מהות פונ'ם „משולח"? זיין העכערער, איבערערדישער מהות איז א פעראיינציגונג פון יענעם „עמוצעו און גרויען" אין אנדרייעוו'ס „זשיזן משעלאוועקא" מיט דעם יודישען למד־וו'ניק. ער איז אי דער פאטום, אי דער שליח פון דער השגחה עליונה, אי דער פערטרויטער אין די געהיימנישען פון די עולמות העליונים, אי דער מאהנער פון יערעכטיגקייט. ער איז דער העכסטער מוח, דער אנזאגער פונ'ם גזר־דין, דערביי אבער אויך דער שטרענגער ערעכטער, וואס מאטיווירט שטענדיג פארוואס מוז דער גזר־דין זיין אזוי און ניט אנדערש. ווי א למד־וו'ניק איז ער שטענדיג אמאל דא, אמאל דארט, שטענדיג אין דער רעכטער צייט און אין דעם רעכטען ארט, ווען און וואו ער דארף ערפילען זיין העכערע שליחות. ער איז שטענדיג בעהאלטען, פערבארגען. מען ווייסט קיינמאל ניט פון וואנען ער ערשיינט פלוצלונג. ער האט קיינמאל נישט קיין אייגענעם „איך". ער איז שטענדיג נור א כלי פאר דער העכערער מאכט. ער איז אן ארגאן — פאר גאט'ס ווארט.

דאס איז אבער נור דאס העכערע מיסטישע וועזען פונ'ם „משולח". ער האט אבער דערביי אויך א בין־ערדישע פיזיאגנאמיע. ער איז, ביי זיין גאנצער געטליכער

הויבקייט, אויך מענש און, אַלס אַזעלכער, וועהמאַגט ער זעהר שטאַרק מיט אַלע די, וואָס ליידען און מוזען ליידען לויט די העכערע הימלישע געזעצען. ער ליידט צוזאַמען מיט חנג'ען, פּראָטעסטירט געגען דעם, וואָס דער רייכער סנדר ברינוצער וויל זיך משדך זיין דווקא מיט אַ צווייטען גביר און וויל זיך ניט משדך זיין מיט דעם אמת'ן בעשערטען פון זיין טאָכטער, פּרובט זאָגען סנדר'ן מוסר וועגען דעם און זעהר אַ שענער, רעליקאַמער פאָרם, ברענגענדיג אַ מעשה'לע פון זיין, סנדר'ס, רבי'ן. סנדר בעמערקט: „איהר ווילט מיר אַ שטאָך טהון“, און ער ענטפערט: „חס ושלום“. ער וויל זיין וועהמאַג און פיין שמערצען ניט אַנטהון. חאָטש ער איז דורכאויס דין, איז ער, און דערזעלבער צייט, אַלס מענש, פול מיט רחמנות.

אַנ—סקי איז געווען כל ימיו די ריין-מענשליכע געשטאַלט פון'ם „משולח“, חאָטש אַט דאָס ריין-מענשליכע און ריין-ערדישע האָט זיינע ווייטע, העכערע מיסטישע שרשים און דער אייביגקייט...

אַנ—סקי איז געווען דער פ ו ל ס ט ע ר א ו י ס ד ר ו ק פ ו ן ז י י ן צ י י ט, ריכטיגער, פון די פ ע ר ש י ע ד ע נ ס ט ע ע פ א כ ע ן פ ו ן ז י י ן צ י י ט. ער איז געווען אין דער פאָלקאָמער תלמיד פון פּיסאַרעוו'ן, אין, שפּעטער, דער פאָלקאָמער תלמיד פון גליעב איספּענסקי, נאָך שפּעטער—פון לאַווראָוו'ן, נאָך שפּעטער—דער אויסדרוק פון דער יודישער נאַציאָנאַלער בענקשאַפט, נאָך שפּעטער — דער זאַמלער פון יודישע פאָלקס-אוצרות, נאָך שפּעטער—איינער פון די, וואָס ווילען געהן אין דעם דרך-עולם...

אַנ—סקי איז קיינמאָל ניט געווען איינזאַם. ער איז שטענדיג געגאַנגען מיט אַ רבים און איז שטענדיג געווען דער אייסדרוק פון אַט דעם רבים, דערביי האָט זיך אָבער זיין פיגור אייסגעטיילט און אויסגעצייכענט פון די צעהנטויזענדער, וועלכע ער האָט רעפּרעזענטירט, דערמיט, וואָס ער איז שטענדיג געווען דער עקסטער, דער קאָנסעקווענטסטער און דער פאָלקאָמסטער פון זיי אַלע.

פיעל, זעהר פיעל זענען אין דער יוגענד-צייט פון ש. אַנ—סקי געווען אָנגעשטעקט מיט פּיסאַרעיו'ס און דאָבראָליובאָוו'ס אידעען, פיעל, זעהר פיעל אינטעליגענטען און האַלב-אינטעליגענטען האָבען דאַן געהאַלטען אין איין טענה'ן, אז די העכסטע זאַך אין דער וועלט איז די פיזישע, פּראָדוקטיווע אַרבייט, דאָך האָבען זיי געשטרעבט נור צו ווערען דאָקטוירים, אינזשענערען, אַדוואָקאַטען אָדער רייכע סוחרים. אַנ—סקי האָט אָבער פון אַזעלכע האַלבקייטען, פּשרות און אומעכטקייטען גישט געוואוסט. ביי איהם איז קיינמאָל ניט געווען, ווי ביי די מייסטען פון דער אינטעליגענץ, טעאָריע — איינס, און פּראַקטיק—עטוואָס אַנדערש. ביי איהם זענען טעאָריע און פּראַקטיק שטענדיג געגאַנגען האַנד ביי האַנד. איבערהויפּט האָט ער קיינמאָל ניט געפאָדערט פון'ם צווייטען דאָס, וואָס ער האָט אַליין ניט געטהון. ער האָט אויך ניט געקאָנט, ווי דאָס רוב פון דער אינטעליגענץ, אַבנאַרען זיך זעלבסט מיט פאַלשע תירוצים, פּשט'לעך און סאָפיזמען.

געהענדיג גלייך זיין וועג, האָט ער פּיסאַרעוו—דאָבראָליובאָוו'ס טעאָריע פערווירקליכט איינפאַך: ער איז געגאַנגען און געוואָרען אַן'אייגבינדער און אַ שמיעד...

שפּעטער, ווען ער איז דורכגעדרונגען געוואָרען מיט די אידעען פון די „נאַראָדאָוואָלצעס“, האָט ער ווידער ניט בענוגענט זיך, ווי פיעל אַנדערע, מיט בלויזער סימפּאַטיע אָדער, אין בעסטען פאַל, מיט שרייבען אַמאָל אַ פּראָקלאַמאַציע און פערשפּרייטען זי, נאָר ער איז מקיים באמת „אַוועק אין פאָלק“: געאַרבייט אין פאַבריקען, אין שאַכטען, וכדומה, אויפגעקלערט און פערשפּרייט ליכט, לויט זיינע פאָרשטעלונגען און יענער צייט, צווישען רוסישע פּויערים, אַרבייטער און „באָסיאַקעס“...

איז ער ווידער געוואָרען אַנ'ס.ר., האָט ער זיך איבערגעגעבען דער פערשפּרייטונג פון די ס.ר.'ישע אידעען מיט זיין גאַנצען לעבען, מיט זיין גאַנצער נשמה. מיט אַלע

כחות, מיט אַלע חושים. ער האָט זיך זעלבסט גאָרנישט אָפּגעגעבן. אַלץ פֿאַר דער אידעע, אַלץ צוליעב דער אידעע. אין יעדען אויגענבליק האָט ער געדיענט דעם סאָציאַליזם לויט דער אויפֿפֿאַסונג פֿון די רוסישע ס.־ר.

שפּעטער, ווען ער האָט דערשפּירט אין זיך די גרויסע בענקשאַפֿט נאָך אַלץ, וואָס איז עכט־יודיש, ווען ער האָט דערשפּירט דעם גרויסען וועה פֿון זיין אייגענע יודישע פֿאָלק, ווען ער האָט זיך אומגעקעהרט צו זיין פֿאָלק באמת ובתמים, האָט ער זיך ווידער ניט בעגנוגענט, ווי עס בעגנוגענען זיך פֿיעל אַנדערע, מיט בלויזער סימפּאַטיע און בלויזע סענטימענטען, עס האָט איהם אויך ניט צופֿריעדענגעשטעלט די בלויזע ליטעראַרישע טעטיגקייט אינ'ם זין פֿון זאַמלען און אויפֿשטעלען אַלץ, וואָס יודיש, נור ער איז ווידער „אַוועק אין פֿאָלק". אַזוי ווי ער איז פֿריהער אַוועק אין רוסישען פֿאָלק, אַזוי איז ער יעצט אַוועק אין יודישען פֿאָלק. מיט דערזעלבער ענערגיע, מיט דעמזעלבען יוגענד־פֿייער, מיט דערזעלבער מסירות־נפש, ווי ער איז אַמאָל געגאַנגען פֿון דאָרף צו דאָרף צו אויפֿקלערען דעם רוסישען פּויער, אַזוי איז ער יעצט געגאַנגען פֿון שטעדטיל צו שטעדטיל און האָט געזאַמעלט און געקליבען, וואו אַנ'אַלטען, זעלטענעם פּרוכת, וואו אַ מעגנטעלע, וואו אַ מזוזה, וואו אַ מגילה, וואו אַ קמיע, וואו אַ זעלטען ספר, וואו אַ זעלטען בתב־יד, וואו אַ זעלטענע אַלטע „עטרה", וואו אַנ'אַלטען קינסטלערישען „מזרח", וואו אַ פֿאָלקס־ליעדעל, וואו אַ פֿאָלקס־מעשה'לע, וואו אַ פֿאָלקס־ווערטעל, וואו אַ בעזונדער רעדענס־אַרט, וואו אַ פּערזענען היסטאָרישע געשעהעניש, אַלטע פּנקסים, בלעטלעך פֿון אַלטע פּנקסים, פֿאַמיליען־קראָניקעס, געשיכטען פֿון שטעדטליך, וכדומה, וכדומה.

אַנ־סקי האָט זיך אָבער אויף דעם אויך ניט אָבגעשטעלט. ער איז ניט געבליבען דער בלויזער זאַמלער, פֿאָלקס־מענש און פֿאָלקלאָריסט. איז ער אַוועק אין פֿאָלק, איז ער געוואָרען מיט'ן פֿאָלק איינס, איז ער דורכגענומען און דורכגעדרונגען געוואָרען מיט זיין, דעם פֿאָלק'ס, גייסט, האָט ער פֿעראייניגט, צוזאַמענגעשמאָלצען און צונויפֿגעגאָסען זיין אייגענע נשמה מיט דער נשמה פֿון פֿאָלק. ער האָט שוין ניט געקאָנט האָבען, ווי פֿיעל אַנדערע אַזעלכע זאַמלער און פֿאָלקס־מענשען, אַנ'אייגענעם „איך" מיט אַנ'אייגענעם אַרט לעבען, נאָר זיין אייגען „איך" איז איינגעבראַכט געוואָרען אַלס קרבן אויף דעם מזבח פֿונ'ם פֿ אָ ל ק' ס „איך", און זיין אייגען אַרט־לעבען איז געוואָרען דאָס אַרט־לעבען פֿון פֿאָלק. דאָן הויבט ער אונז אָן צו דערצעהלען זיינע חסיד'ישע מעשה'לעך מיט דער עכטער תמימות פֿון אַ פֿאָלקס־קינד און שטעלט זיך אַוועק אויף דער שוועל פֿון „צווישן צוויי וועלטען"...

II.

# דוכאַ.

אַ קליין פֿראַגמענט פֿון די „צווישן צוויי וועלטען":

„דער משולח: ציט קלויבען זיך און וועג.

מאיר: וואָס איילט איהר?

דער משולח: איך בין דאָך אַ משולח. פּריצים שיקען דורך מיר איינער צום אַנדערען וויכטיגע ידיעות, זעלטענע חפצים. דאַרף איך זיך איילען. די ציט איז ניט מיינע.

מאיר: איהר האָלט האָטש וואַרטען ביז עס וועט אָנהויבען טאָגען.

דער משולח: ביז טאָגען איז נאָך אַ סך וועג איז לאַנג. אַרום האַלבע נאַכט וועל איך אַרויסגעהן.

**מאיר: דרויסען און שטאָק־פינסטער.**

**דער משולח: מיט מיין לאַמטערן וועל איך נישט פערבלאָנדזשען"** (דער „דבוק", ערשטער אקט, ז' 27).

יעדער מענש איז אייגענטליך אַזא משולח. יעדער מענש איז אַראָבגעשיקט געוואָרען פון'ם אַלערהעכסטען ווילען צו טהון עטוואס און צו שאַפען עטוואס אויף דער וועלט. יעדער מענש ווערט אַרויסגעשיקט פון איין עולם צום צווייטען עולם מיט „ווילטיגע ידיעות און זעלטענע הפצים", נישט מעהר, וואס מענשען פערגעסען שטענדיג אַן זייערע שליחות'ן, פערטהוען זיך און פערנעהמען זיך אויף דער וועלט מיט אַלערליי נאַרישקייטען. עס טרעפט זעהר אָפט, אַז די מענשען פערגעסען אין דעם משך פון זייער גאַנצען ערדישען לעבען אַן זייערע העכערע שליחות'ן און זיי קעהרען זיך אום דערנאָכדעם צו דעם, וואס האט זיי געשיקט, מיט לעדיגע הענד. אַן־סקי האט אָבער אַלע מאָל געפיהלט, אַז ער מוז טרייַ און עהרליך ערפילען זיינע שליחות'ן.

„דרויסען איז שטאָק פינסטער". אַן־סקי ווייסט אָבער, אַז „מען מוז זיך קלויבען אין וועג אַרײַן". ער געהט דאס גאַנצע לעבען אין אַ פינסטערער נאַכט. בלאָנדזשעט אַרום צווישען פיעל און פערשיעדענסטע פויערים, פאַבריק־אַרבייטער און „באָסיאַקעס", פאַרטיי־מיטגלידער און פּאָליטיקער, אַנטיסעמיטען און רעוואָלוציאָנערען, ביז ער געפינט ענדליך זיין אייגענע שליחות, יענע שליחות, וואס ווערט אויסגעדריקט אין'ם אויסגעצייכענטען חסיד'ישען מעשה'לע זיינעם: „תשובה, תפלה וצדקה" און אין דער „תורה" פון'ם רבי ר' עזריאל מיראָפּאָלער (אין'ם דריטען אַקט פון'ם „דבוק" ז' 53), אַז „יעדער אָרט, וואס אַ מענש הויבט פון אויס אויף דעם בליק צום הימעל, איז קדשי־קדשים; יעדער מענש, וואס גאָט האט בעשאַפען כצלמו וכדמותו, איז אַ כהן גדול, יעדער טאָג פון אַ מענשען'ס לעבען איז יום־כפור און יעדעס וואָרט, וואס אַ מענש רעדט אויס מיט תמימות, איז אַ שם הויה"...

פיעל האָבען אַרומגעבלאָנדזשעט אַזוי ווי אַן־סקי און זיי האָבען דעם ריכטיגען וועג נישט געפונען. פאַרוואס? ווייל „דרויסען איז געווען שטאָק־פינסטער" און זיי האָבען נישט געהאַט קיין לאַמטערן אין האַנד. אַן־סקי האט אָבער וועגען זיך געקאָנט זאָגען ווי דער „משולח" פון זיין דראַמע: „מיט מיין לאַמטערן וועל איך נישט פערבלאָנדזשען"...

דער „לאַמטערן" פון ש. אַן־סקי איז געווען זיין טיעף־האַרציגע און שטאַרק־בעטיגע ליעבע צו מענשען, זיין שטאַרק יודיש יושר־געפיהל און בעזונדער הויש פאַר'ן אמת. האָבענדיג אַזא „לאַמטערן" אין האַנד, קאָן מען איבעראַל אַרומבלאָנדזשען, וועלענדיג וואס מעהר גוטס טהון, איבעראַל זוכען דעם אמת און ענדליך געפינען דעם עיקר — דעם קדשי־קדשים פון דער אייגענער נשמה און פון דער פאָלקס־נשמה...

אַן־סקי האט פיעל **געבלאָנדזשעט**; ער האט אָבער נישט **פערבלאָנדזשעט**. ער האט ענדליך דאס זייניגע **געפונען**...

אין זיין בלאָנדזשען אין פערשיעדענע פינסטערע ערטער, אין זיין וועלען אַריינטראָגען ליכט דאָרט, אין זיין הויכער, פיינער ליעבע צו מענשען, אין זיין בעזונדער שטעל און האַלטען־זיך איז ער זעהר עהנליך געווען צו לוקאַ אין מאַקסים גאָרקי'ס „נאַ דניע" (אין אָבגרונד). לוקאַ קומט אַרײַן אין דער „נאָטשלעזשקע" פון די „באָסיאַקעס", לעבט זיך איין מיט יעדען איינציגען דאָרט, ווערט נישט נור אַן אייגענער מענש, נאָר אויך דער נאָהנטסטער מענש. יעדער געפאַלענער מענש פון דער „נאָטשלעזשקע" זעהט אין איהם אַ ברודער און אַ פאָטער. יעדער פערטרויט איהם דעם גרויסען צער פון זיין לעבען. לוקאַ הערט יעדען אויס, גיט יעדען עצות, בעמיהט זיך [illegible] אַלע ... יעדען אייגענעם אויפמונטערן. אַבפרישען. יונג־מאַכען

בענקען. איבערהויפּט גענומען עס איהם אין דעם צו אומקעהרען יעדען אייגענעם — די געפֿאַלענע זיין גלויבען אין ייד. ער האַלט אונטער אין אייניגע געפֿאַלן פֿערזאָנען זאַגאַר אַ געוויסע איליוזיע, ווען ער דענקט, אַז אָט די איליוזיע וועט זי דערהויבען, אויסאיידלען און מאַכען צוריק פֿאַר מענשען. לוקאַ איז אומעטום אַ געווינשטער און אַנ'אָנגענער; אין דערזעלבער צייט איז ער אָבער אויך דורכאויס אַ פֿרעמדער און אַ זייטיגער. ער פֿאַלט אַריין אין דער „נאָצשלעזשקע", קיינער ווייסט ניט פֿון וואַנען; פֿערשווינדעט אויך גלייך, ווען ער האָט שוין דאָרט גאָרנישט וואָס צו טהון...

אַנ—סקי איז אויך אַזוי אומעטום געווען אַנ'אייגענער, אַ נאָהנטסטער, אַ ליעבסטער, אַ מענש, וואָס ברענגט מיט־זיך שטענדיג פֿרייד, טרייסט און ליעבע. אין דערזעלבער צייט איז ער אָבער שטענדיג געווען אַ זייטיגער. ער האָט געהאַט זיין אמת, וועלכען ער האָט פֿריהער צוגעטראָגען די ישיבה־בחורים און זיין שטעדטיל ליאָזשני, שפּעטער — אין פֿערשיעדענסטע משכּילים־קרייזלעך, דאַן, שפּעטער — צווישען אַרבייטער, נאָך שפּעטער — צווישען פּויערים, ווייטער — אין די שאַכטען פֿון יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניע, נאָך ווייטער — אין די פֿאַבריקען פֿון פּאַריז, וכדומה, ביז ער איז ענדליך דערגאַנגען, אַז זיין אמת איז אויך מעהר ניט ווי זעהר אַ קליינער טייל אָדער זאָגאַר אַ שוואַכער אָבשיין פֿון יענעם גרויסען, הייליגען אמת, וואָס ס'טראָגט אין זיך דאָס פֿאָלק ישראל...

ער האָט געזוכט אָט דעם אמת אין דעם שפּויב פֿון די שמות. ער האָט איהם געפֿונען דאָרט. ער האָט אין איהם איינערליך געלעבט, כאָטש עס האָט איהם געפֿעהלט דער מוטה, אויך אויסערליך צו לעבען אינגאַנצען לויט יענעם אמת...

# III.

# פֿון סאָציאַליזם צום פֿאָלקסטום, און פֿון פֿאָלקסטום — צום גלויבען.*

ד"ר חיים זשיטלאָווסקי, אַנ—סקי'ס „פֿריינד און חבר פֿון גאַנצען לעבען", דערצעהלט אין זיינע עראינערונגען ווענען זיין חבר און זיך, אַז דער חדר האָט זיי ביידען און דער יוגענד קיין גוטעס נישט געגעבען, ווייל אין איהם האָט מען נור געשאַרפֿט זייערע מוחות, אָבער ניט געבילדעט און געאיידעלט זייערע הערצער. זיי האָבען געדאַווענט און מען האָט זיי נישט ערקלערט דעם זין פֿונ'ם דאַווענען און נישט ענטפּלעקט די שענקייט פֿון די תּפילות. מען האָט קיינמאָל ניט גערעדט ווענען דעם העכערן זין פֿון רעליגיע. מען האָט קיינמאָל ניט אַנגעוויזען אויף דער עטישער זייט פֿון רעליגיע. מען האָט קיינמאָל ניט ענטפּלעקט, אַזוי צו זאָגען, דעם מאור שביהדות. עס איז אַלין געווען טרוקענע פּראָזע, אָבער ניט אויף קיין האָהר פּאָעזיע. אַנדערע, קלאָגט זיך ד"ר זשיטלאָווסקי, האָבען אַרויסגעטראָגען זעהר וואַרימע, ליכטיגע עראינערונגען פֿונ'ם חדר; מיר קאָנען עטוואָס אַזעלכעס ווענען זיך ניט דערצעהלען. אַנדערע האָבען בעזונדערע סענטימענטען צום חדר, מיר — גאָרנישט.

דערמיט וויל ד"ר זשיטלאָווסקי פֿערענטפֿערן זיך און זיין חבר, פֿאַרוואָס זיי האָבען אַזוי ליכט פֿערלאָזט אין זייער יוגענד די יודישע גאַס, אַריבערקלויבענדיג זיך, אַזוי צו זאָגען, מיט האַק און פּאַק אויף דער גוי'אישער גאַס, אָבגעבענדיג זיך מיט אַלע חושים, געדאַנקען און געפֿיהלען די אידעאַלען פֿון דער ראַדיקאַלסטער רוסישער אינטעליגענץ.

זעו ד"ר זשיטלאָווסקי רעדט ווענען זיין אייגענער בעציהונג צום חדר, מוזען מיר איהם גלויבען. ווען ער רעדט אָבער ווענען אַנ—סקי'ס בעציהונג צום חדר, שיינט מיר,

ער האָט אַ טעות. אַנ—סקי האָט יאָ נעהאַט שטאַרקע סענטימענטען צום חדר, און וועלכע ער האָט געלערנט, ווי צו דער גאַנצער סביבה, און וועלכער ער האָט פֿערבראַכט זײַן יוגענד. אַז אַנ—סקי האָט ניט אַרויסגעטראָגען פֿון זײַן חדר בלויז טרוקענע פּראָזע, בעווײַזט האָטיש דער פֿאַקט, וואָס ד"ר זשיטלאָווסקי דערצעהלט אַליין, אַז ער, אַנ—סקי, מיט זײַנע חדר־חברים פֿלעגען פֿיהרען מלחמות מיט די „פּלשתים", ד. ה. מיט די אַרומיגע נישט־יודישע יונגלעך, וואָס פֿלעגען זיי בעפֿאַלען, און אַנ—סקי איז, דוכט זיך, געוועזען עפּיס אַ מין קאָמאַנדיר —„שר־צבא"—אַלץ לויט'ן מוסטער פֿון די ספּורים פֿון שופֿטים און שמואל, וואָס מען האָט געלערנט... דערבײַ פֿלעגט אַנ—סקי בויען פֿערשידענע יונגעלשע בנינים לויט'ן מוסטער פֿון אַ משכן, אַ בית־המקדש וכדומה. מען האָט אַלזאָ אַנ—סקי'ן אין חדר ניט נור „דעם מוח געשאַרפֿט", נאָר נעגעבען שפּײַז אויך פֿאַר'ן געמיט און פֿאַר דער פֿאַנטאַזיע...

„מער עס וויל דעם דיכטער פֿערשטעהן, זאָל אין דעם דיכטערס לאַנד געהן". איך קען אויסגעצייכענט דאָס „לאַנד פֿונ'ם דיכטער". איך קען די סביבה, אין וועלכער אַנ—סקי איז געבוירען געוואָרען און האָט זײַנע יונגע יאַהרען פֿערבראַכט. חאָטש איך בין אין וויטעבסק, וואו אַנ—סקי איז געבוירען געוואָרען, קיינמאָל נישט געוועזען, קען איך דאָך פֿיעל שטעדט און שטעדטליך אַרום וויטעבסק, און קען אויך פֿערשידענע מענשען פֿונ'ם וויטעבסקער אַלטען דור. איך קען איבערהויפּט די חב"ד'ער חסידים וואָס זענען געווען די רביים און די ערציהער פֿון שלמה זלמן (ווי אַנ—סקי האָט געהייסען לויט זײַן יודישען נאָמען), ווײַל איך האָב אַליין אויך פֿערבראַכט מײַן גאַנצע יוגענד, און ניט נור מײַן יוגענד, נאָר אויך פֿיעל פֿון מײַנע עלטערע יאַהרען צווישען די דערמאָהנטע חסידים. איך קאָן דערײַבער פֿעסטשטעלען, אַז ס'איז אונמעגליך אַז דער וועלט. אַז אַזאַ חסידישע סביבה זאָל ניט איבערלאָזען אַ הויכע מאָראַלישע השפּעה אויף אַ מענשען, בפֿרט אויף אַזאַ בעגאַבטער און עמפּפֿינדליכער נאַטור ווי ש. אַנ—סקי. אין פֿיעל ערצעהלונגען פֿון ש. אַנ—סקי פֿיהלט זיך אַ בעזונדערס שטאַרקע בענקשאַפֿט, ניט נור נאָך דער גאַנצער סביבה פֿון זײַנע יונגענד־יאַהרען, נאָר אויך צום חדר, אין וועלכען ער האָט געלערנט, און צו די מלמדים, וואָס האָבען איהם געלערנט.

אמת, אַז דער איבערגאַנג פֿון ש. אַנ—סקי פֿון דער יודישער גאַס צו דער ניט־יודישער גאַס איז געווען אַ צו־עקסטרעמער און אַ צו־שאַרפֿער, כמעט אַ פּלוצלונגער. דער פּראָצעס, וואָס האָט געדויערט בײַ אַ י"ל גאָרדאָן פֿיעל יאַהרען און איז דאָך ניט פֿערענדיגט געוואָרען, ווײַל י"ל גאָרדאָן איז דאָך פֿאַקטיש געבליבען דורכאויס אין דער יודישער גאַס; אַ פּראָצעס, וואָס האָט געדויערט בײַ משה ליב ליליענבלום כמעט צעהנדליגער יאַהרען, און ווען ער איז שוין, רופט זיך, פֿערענדיגט געוואָרען, איז ער געבליבען נור אין מחשבה און ניט אין מעשה, און אין מחשבה האָט ער אויך ניט לאַנג געדויערט, ווײַל באַלד האָט ער גענומען צוטרעטען זײַן אָרט פֿאַר דעם רעכט־געוואָרענעם פּאַלעסטינער, — האָט איהם ש. אַנ—סקי דורכגעמאַכט אין אַ משך פֿון אַ יאָהר, צוויי. אין יאָהר 1880, ווען ער איז אַלט געווען 17 יאָהר, ווערט ער אַ משכיל; אין יאָהר 1881 ווערט ער שוין אַ „פֿערברענטער אפּיקורס" און אין יאָהר 1883 הויבט זיך שוין אָן זײַן „געהן אין פֿאָלק", ד. ה. צום רוסישען פּויער און אַרבײַטער, וואָס דאָס הייסט אויך דאָס פֿולע דערווײַטערן־זיך פֿון די יודישע מאַסען. און אויב אין 1881 שרײַבט ער נאָך אויף יודיש זײַן ווערק „די געשיכטע פֿון אַ פֿאַמיליע", וועלכע ווערט דורך אַנ'אַנדערן איבערגעזעצט אין רוסיש און ווערט געדרוקט אין „וואָסחאָד" אין יאָהר 1884, הויבט אָן אַנ—סקי, נאָכדעם ווי ער פֿאַנגט אָן געהן צום רוסישען „פֿאָלק", צו שרײַבען אַליין רוסיש און פֿון עכטען רוסישען לעבען, פֿון פּויערים־און אַרבײַטער־לעבען. אין 1888 ווערט ער שוין אַ בולשטענדיגער תלמיד פֿון גליעב אוספּענסקי און עס

פילט איהם פון די געבוירענע רוסישע „נאראדניקעס“ אבסאלוט גארנישט אב...

דער שארפער און עקסטער איבערגאנג עריקלערט זיך אבער גארניט, ווי מען קאן מיינען און ווי ד"ר זשיטלאווסקי איז אויך געניגט צו קלערען, מיט דעם, וואס די יודישע סביבה האט געהאט א צו־שוואכע השפעה אויף אנ—סקי'ן און זיינע יונגע יאהרען, נאר אויסשליסליך מיט דער שמאוקער ליידענשאפטליכקייט, עקסטער קאנסעקווענטקייט און עקסטען אידעאליזם פון זיין נאטור. עקסטער אידעאליזם? ווי אזוי קאן דער עקסטער אידעאליזם דערווייטערן א יודען פון זיין יודישער סביבה? און ווי אזוי האט גראד דער עקסטער אידעאליזם געבראכט אנ—סקי'ן צום מאטעריאליזם פון בילנער, קארל פאגט און מאלעשאט און צום מאטעריאליזם־רעאליזם פון פיסארעוו און דאבראליובאוו? — דאס, האס ס'איז היינט שווער צו פערשטעהן און פמעט אונבעגרייפליך, איז אין די 70־ער און 80־ער יאהרען פון'ם פערגאנגענעם יאהרהונדערט געווען א נאטירליכע זאך. דער פילאזאפיש־וויסענשאפטליכער מאטעריאליזם איז דאן געווען איינפאך א זאך פון גלויבען. עס איז דאן געווען א רעליגיע פון עקסטער אפיקורסות. פיעל מענשען האבען דאן געגלויבט, אז אלע קרענק, צרות און אומגליקען פון דער מענשהייט שטאמען נור פון „איינרעדענישען“ און „פאראורטיילען“. ווען די מענשהייט וועט אפ פון די „איינרעדענישען“ און „פאראורטיילען“ בעפרייט ווערען, וועט זי ממילא פון אלע קרענק גענעזען ווערען און פון אלע צרות און אומגליקען בעפרייט ווערען. און וואס האט דאן געהייסען „איינרעדענישען“ און „פאראורטיילען“? אלע גייסטיגע ווערטהען פון דער מענשליכער געשיכטע, אלע גרויסע און היילינע אידעאלען, אלע בעסטע, שענסטע און איידעלסטע שטרעבונגען. און צו וואס האט מען דאן געשטרעבט? צו מאכען פון דער גאנצער וועלט איין גרויס ארבייטסהויז, וואו אלע זאלען נור פיזיש ארבייטען און וואו די גרעסטע שטרעבונג זאל זיין זאט און נארהאפט אבצועסען, כדי צו האבען כח ווייטער צו ארבייטען... מען האט געזעהן אין אט דער „פערדיינפאבונג“ פון דער מענשהייט דאס גרעסטע גליק. און וואס טהוט מען דען ניט צוליעב דעם גליק פון דער מענשהייט? מיט דעמזעלבען פייער, וואס די חב"ד'ער חסידים האבען פערשפרייט חסידות און יראת־שמים, האט דערינבער דער יונגער ראפאפארט פערשפרייט מאטעריאליזם און געזעלשאפטליכען רעאליזם. זיי ווילען גליקליך מאכען די וועלט דורך רוחניות און ער האט זי געוואלט גליקליך מאכען דורך גשמיות..

ווען אנ—סקי וואלט געוועזט זיין, ווי פיעל אנדערע יודישע אינטעליגענטען, א בלויזער טעארעטיקער אדער א בלויזער פאליטיקער און פארטיי־אגיטאטאר, וואלט ער אפשר געבליבען ביי יענע טעותים, פערקרימטקייטען און פערדרעהטקייטען, וואס מ'האט דוקא אנגעגעבען אלס רעאליזם און ווירקליכקייט. אזוי ווי די טעטיגע ליעבע האט אבער געטריבען אנ—סקי'ן אין דארף אריין און אין פאבריק, אין שטענדיגער בעוועגונג, שטענדיגען אנטרעפען־זיך מיט אלערליי מעגליכסטע טיפען פון מענשען, פערגעניגען זיך מיט זיי און צוזאמענלעבען, איז ער ביסלעכווייז בעפרייט געווארען פון יענעם ענגען אינטעליגענטען, און וועלכען ער האט געלעבט בעת זיין ערשטער אפיקורסות־עפאכע. גליעב אוספענסקי — דאס איז שוין א גרויסער שריט פאראויס. פון א טשערנישעווסקי'ס „טשטא דיעלאט“ ביז די טיעפע נשמה־ערצעהלונגען פון א גליעב אוספענסקי איז דא זעהר א גרויסער מהלך, חאטש גליעב אוספענסקי האט אויך ניט אנגעהערט, ניט צו קיין אידעאליסטיש־מעטאפיזישער שולע, ניט צו קיין ריין־עסטעטישער שולע, און א פשיטא־שוין, אז ער האט נישט אנגעהערט צו קיין רעליגיעז־פאטריאטישער שולע. ער האט אנגעהערט צו די „נאראדניקעס“. צווישען איין „נאראדניק“ צום צווייטען איז אבער אויך דא א גרויסער אונטערשיעד.

סטאַוראָטסקי, למשל, איז געווען אַ „נאַראָדניק“ און גליעב אוספּענסקי איז געווען אַ „נאַראָדניק“. וואָס פאַר אַ שייכות האָבען זיי אָבער איינער צום צווייטען? אוספּענסקי פערנעהמט גאָר אַ בעזונדער אָרט צווישען די „נאַראָדניקעס“. ער אידעאַליזירט לגמרי ניט דעם פויער, וועלכען ער מאַהלט. אדרבה! ער מאַהלט די נעגאַטיווע זייטען פונ'ם פויער און פונ'ם פויערישען לעבען פיעל שאַרפער, בייזער און בייסענדער, ווי די שרייבער ניט־„נאַראָדניקעס“. ער קוקט אָבער אַריין אין דער נשמה פונ'ם פויערשען יחיד, ווי אין דער נשמה פון די פויערישע מאַסען. „דער מענש מיט די אויפגעעפענטע נערווען“, ווי מען האָט אוספּענסקי'ן אָנגערופען, האָט אויפגענומען אַזעלכע פאַרבען, וואָס קיינער זעהט זיי ניט, און אַזעלכע טענער, וואָס קיינער הערט זיי נישט. דאָס, וואָס אַנ—סקי האָט זיך געפונען אַ היבשע צייט אונטער דער דירעקטער און אינדירעקטער השפעה פון גליעב אוספּענסקי, וואָס כ'האָט איהם בעוועגט און געשטויסען צו שאַפען אַזעלכע זאַכען, ווי פריהער „אין שענק“ (1883—1886) און אין „פּריצ'ישע הויף“ (1886), און שפּעטער אַזעלכע זאַכען ווי „אויף נייער ערד“ (1889) און „מאָרגעס“ (1892), האָט איהם אַ סך נעהנטער געמאַכט צו דער איינגענטליכער ערפילונג פון זיין לעבענס־אויפגאַבע: זאַמלען יודישע פאָלקס־אוצרות און פעראייניגען זיך מיט דער יודישער פאָלקס־נשמה. גליעב אוספּענסקי האָט איהם געלערנט אַריינצוקוקען אין דער רוסישער פאָלקס־נשמה, דורכדעם האָט ער בעקומען די רגילות אַריינצוקוקען בכלל אין דער נשמה פון זאַכען, דורכדעם האָט ער איבערגעוואונדען אין זיך דעם אויסערליכען, איבערפלעכליכען רעאַליזם, דורכדעם איז פאַר איהם אויפגעעפענט געוואָרען אַ מחיצה אין דער גייסטיגער וועלט און דורכדעם איז ער שוין פאַרבערייטעט געווען, אַז ווען עס וועט קומען די ריכטיגע צייט, ווען ער וועט רייף ווערען דערצו, וועט ער דערזעהן און דערשפּירען די נשמה פון זיין אייגען, יודיש פאָלק.

דער גורל פון זיין גאַנצען לעבען, זיין פייערדיגער טעמפּעראַמענט, זיין אייפער, זיין דראַנג צו טעטיגקייט וואַרפען איהם אַריין אין קעסעל פון דער רוסישער רעוואָלוציע. ער ווערט איינער פון די טעטיגסטע רוסישע סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען. דאָ איז ווידער אָנגעצייכענט געוואָרען די שאַרפע ליניע פון אַנ—סקי'ס לעבענס־וועג. ער פעראייניגט זיך נישט מיט די סאָציאַל־דעמאָקראַטען, ביי וועמען אַלץ איז אין פּלוג אַזוי „קלאָר“, אַזוי גלאַט און קיילעכדיג, אַזוי „שטרענג אָביעקטיוו“ און „שטרענג וויסענשאַפטליך“. קענטיג, אַז דער „היסטאָרישער מאַטעריאַליזם“, ביי וועלכען די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האַלט זיך אַזוי איינזיען־פעסט, האָט איהם, דעם געוועזענעם אָנהענגער פון מאַטעריאַליזם, יעצט לגמרי נישט צוגעצויגען. די טעאָריעס פון די ס.־ר., ווי אויך זייער קאָליגע טעטיגקייט, האָבען געגעבען מעהר שפּיעל אי פאַר זיין אמת־זוכענדער נשמה, אי פאַר דער ליידענשאַפטליכקייט און אַקטיוויטעט פון זיין כאַראַקטער. האָטש די ס.־ר. האָבען אויך נישט געוואָלט אָנערקענען דעם ריינעם, פילאָזאָפישען אידעאַליזם, דאָך זענען זיי פיעל נעהנטער געווען אי צום אידעאַליזם, אי בכלל צו יעדער גייסטיגקייט, ווי די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

פון די יאָהרען 1905 און 1906 הויבט זיך אָן דער „דרך תשובה“ פון ש. אַנ—סקי. ער הויבט־אָן צו שרייבען און צו דרוקען פיעל און פערשיעדענע יודישע ווערק, הויבט־אָן צו נעהמען אַנטהייל אין אַלע יודישע ענינים, הויבט זיך אָן אָפּצוגעבען מיט יודישען פאָלקלאָר וכדומה, חאָטש אויסערליך בלייבט ער אינגאַנצען דערזעלבער ס.־ר., וואָס געווען.

מיט וואָס ערקלערט זיך אָט דער „דרך התשובה“? אַנ—סקי, וועלכער איז אַלע מאָל געווען אַזוי אָפענהערציג און האָט ליעב געהאַט דערצעהלען וועגען אַלע אויסערליכקייטען פון זיין לעבען, האָט, קענטיג, ניט ליעב געהאַט צו עפענען פאַר'ן צווייטען זיין

אונערליכע וועלט און שטאַרקע איבערלעבונגען. דערנאָך זעה איך, אַז מענשען, וואָס זענען געשטאַנען אין די לעצטע יאָהרען נאָהענט צו אַנ—סקי׳ן, דערצעהלען און ערקלערען גאַנץ אַנדערש אַנ—סקי׳ס איבערגאַנג צום עכטען יודישען פאָלקסטום. אַזוי האָט ש. ראָזענפעלד ערקלערט (אין זיינע אַרטיקלען, וואָס ער האָט פערעפענטליכט באַלד נאָך אַנ—סקי׳ס טויט) די ערוואַכונג פון אַנ—סקי׳ס יודיש-נאַציאָנאַלע געפיהלען דורך זיין, אַנ—סקי׳ס, התקרבות צו די ציוניסטיש-סמוירענגטישע קרייזען אין בערן אין יאָהר 1904 און בעזונדערס אין די רעוואָלוציע-און פאָגראָם-יאָהרען 1905 און 1906. ה׳ זלמן רייזען גיט אָבער איבער פרטים פון אַנ—סקי׳ס התקרבות צום יודישען פאָלקסטום נאָך פון יאָהר 1901. נעמליך: דאַן האָט זיך אַנ—סקי בעקענט מיט דער יוביליאום-אויסגאַבע פון פּרץ׳ס ווערק, וועלכע האָבען אויף איהם געמאַכט אַן אָנגעהויערן איינדרוק (די זאַמעל-בילדער „לעבען" VII—VIII ז׳ 50). „עס קומט-אָן — שרייבט ווייטער ה׳ רייזען — דאָס יאָהר 1905. צוזאַמען מיט דער טעלפּיג-אויפגעשטאַנענער כוואַליע פון דער רעוואָלוציע הויבען זיך אָן בלוטיגע יודישע פאָגראָמען. אויף אַנ—סקי׳ן מאַכען זיי אַ שטאַרקען רושם. דאָס נאַציאָנאַלע געפיהל, וואָס האָט אַלע מאָל געדרימעלט אין זיין ברוסט, ענטפלעקט זיך אַלץ אָפענער. ער הויבט זיך אָן אַלץ מעהר צו אינטערעסירען מיט דעם נאַציאָנאַל-יודישען פּראָבלעם, און ווען גאָפּאָן, דער בעריהמטער פּראַוואָסלאַווער גלח, וועלכער ווילט דאַן אין זשענעווא, רופט-צונויף, דורך אַנ—סקי׳ס פערמיטלונג, אַ קאָנפערענץ פון פאָרשטעהער פון אַלע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס, כדי זיך צונויפרעדען וועגען אַ נייער רעוואָלוציאָנערער אַרויסטרעטונג נאָך דעם דורכפאַל פון 9-טען יאַנואַר, — איז אַנ—סקי דער איינציגער אויף דער דאָזיגער קאָנפערענץ (דער פאָרשטעהער פון „בונד" האָט פערלאָזט די קאָנפערענץ צוזאַמען מיט די פאָרשטעהער פון אַלע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס), וואָס איז אַרויסגעטראָטען מיט אַ פאָרטראַג וועגען דער יודישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע און מיט אַ פאָרשלאַג, אַז די קאָנפערענץ זאָל וועגען דעם אַרויסטראָגען אַ ספּעציעלע רעזאָלוציע" (דאָרט ז׳ 51). וועגען דעם האָט אַנ—סקי אַליין אויך דערצעהלט אין זיין פעליעטאָן וועגען גאָפּאָנ׳ען, וואָס איז געווען געדרוקט אין „מאָמענט". עס ווערט דאָרט אויך דערצעהלט וועגען די בעמיהונגען פון אַנ—סקי׳ן צו ווירקען אויף גאָפּאָנ׳ען, ער זאָל אויפשרייבען אַ בראָשורע געגען די פּאָגראָמען, און די בעמיהונגען האָבען צו גאָרנישט געבראַכט. הכלל: לויט די ערצעהלונגען פון די ה״ה ראָזענפעלד און רייזען, ווי מיילוויי אויך פון אַנ—סקי׳ס דערמאָהנטען פעליעטאָן, האָבען די גרויזאַמע אויסערליכע געשעהענישען, די פּאָגראָמען, געווירקט אויף זיין אינערליכער וועלט, אויף די געענדערטע בעציהונג פון׳ם געוועזענעם רוסישען „נאַראָדניק" צו ווערען אַ ריין-יודישער פאָלקס-מענש.

גאַנץ אַנדערש דערצעהלט ה׳ ע. ל. ציטראָן וועגען אַנ—סקי׳ס בעציהונג צו די פּאָגראָמען און וועגען זייער ווירקונג אויף איהם. אַנ—סקי האָט איהם אַמאָל אַזוי געזאָגט: „די פּאָגראָמען האָבען אויף מיר געמאַכט אַ רושם, אָבער ניט אין דעם זין, וואָס איהר האָט געמיינט. פער׳שכור׳טע צאַריסטישע מיניסטאָרען האָבען אָנגערייצט אַ טאַבון ווילדע חיות אַנצופאַלען אויף אונשולדיגע מענשען און צו באָדען זיך אין זייער בלוט. נו וואָס דאַרף זיין דער פּועל-יוצא דערפון? דער פּועל יוצא דערפון דאַרף זיין, אַז די מענשהייט דאַרף אָננעהמען די געהעריגע מיטלען, די דאָזיגע מיניסטאָרען מיט זייער רעזשים צו בעזייטיגען. וואָס פאַר אַ סמיכות-הפּרשה האָט דאָס אָבער ספּעציעל מיט יודען און מיט יודישקייט? אַט אַזוי איז דעמאָלט געווען מיין לאָגיק.

„ווען איך האַלט שוין דערביי — האָט אַנ—סקי פאָרטגעזעצט זיין געשפּרעך — וועל איך אייך נאָך עפּיס דערצעהלען. נאָך יענע יודישע שחיטות איז אַ טייל פון דער דעמאָלדיגער יודישער פּרעסע אָנגעפאַלען מיט מבוּיס פערביטערונג אויף מ ע ד ע ם׳ן,

„וועלכער זאל זיך האבען אויסגעדרוקט אויף אן'עפענטליכער פערזאמלונג, אז „דאס
יודישע בלוט איז בוימאייל אויף די רעדער פון דער רעוואלוציע“. און פריוואטע שמוע־
סען האב איך מעדעם'ן גאנץ הייס פערטיידיגט. איך האב געפרעגט: מיט וואס האט
מעדעם אזוי „חוטא בעגל“ געווען, ווען ער האט ארויסגעזאגט דעם געדאנק, אז דאס
אומזיסט פערגאסענע יודישע בלוט וועט נאך פיעל שטארקער מאכען די רוסישע
רעוואלוציע?“ (דארט ז' 37).

דאס זאל אלזא בעדייטען, אז דין פאגראמען, ווי אלע אנדערע עהנליכע אויסערליכע
געשעהענישען, האבען גארנישט געווירקט אויף צו ענדערן די פסיכיק פון ש. אנ—סקי.
ווי אזוי־זשע איז אבער פארט פארגעקומען דער אונערליכער איבערברוך אין אנ—סקי'ס
לעבען? דערוייף ווייסט אונז ה' ש. ל. ציטראן צו דערצעהלען זעהר אן'אינטערעסאנטע
עפיזאד אין אנ—סקי'ס לעבען, וואס געהער איינגענטליך צו די שפעטערע יאהרען, דאך
בעלייכט ער דעם גאנצען „דרך־תשובה“ פון ש. אנ—סקי:

„בשעת מען האט מיר ערלויבט צו קומען קיין רוסלאנד — האט אמאל אנ—סקי
דערצעהלט וועגען זיך — האב איך מיר געלאזט פאהרען גלייך אהין, וואו קיין יודען'ס
פוס טאר זיך נישט בעווייזען: קיין פעטערבורג. איך האב מיך דעמאלט אונטערוועגס
אבגעשטעלט אויף א פאר טעג אין ווילנא. איך געדענק שוין היינט נישט, ווי אזוי, צי
אליין, צי מיט נאך עמיצען, בין איך אריין, אדער מען האט מיך אריינגעפיהרט, אין
גאונ'ס קלויז. דאס איז געווען א זומער־טאג פארנאכט „בין מנחה למעריב“. הארט ביים
אריינגאנג זענען ארום א גרויסען טיש געזעסען א פאר מנינים יודען בעלי־בתים, כמעט
אלע שוין בעיאהרענטע מענשען, וועלכע האבען זיך איינגעהערט מיט א בעזונדער
איפמערקזאמקייט צו איינעם פון זיי און דער מיט, וואס האט פארגעטראגען — איך
האב שוין היינט פערגעסען וואס: צי איז דאס געווען מדרש, צי אגדה. איך געדענק נור,
אז דער אינהאלט פון דעם „שעור“ איז בעשטאנען אין זעהר פאנטאסטישע און פאר־
בענגרייכע לעגענדעס וועגען דער וועלט און יענער וועלט. א לאנגע ווייל בין איך
געשטאנען און האב מיט גרויס ענטציקונג בעטראכט די פנים'ער פון די צוהערער, און
וועלכע עס האט זיך אבגעשפיגעלט א מין „התפשטות הגשמיות“ און אב־
געשטראהלט א מין הימליש פערגניגען, ממש ווי די מענשען
וואלטען בעת מעשה פערגעסען וואו זיי געפינען זיך און וואלטען זיך געפיהלט
בעפליגעלט און בחברותא מיט די מלאכים, שוועבענדיג, מיט לויב־לידער אויף די ליפען,
צום כסא־הכבוד... אנטקעגען, אין מזרח־וואנד האט זיך א גאנץ שעהן בחור'ל פון א
יאהר 17—16 געשאקעלט איבער א גמרא און דערביי אונטערגעזונגען מיט אזא
מתיקות, אז ס'האט מיך גענומען אזש ביים הארצען. און יענער ניגון איז מיר מיט
אמאל ארויפגעשוואומען אין מוח א גאנצער שטראם פון קינדהייט־און־יוגענד־זכרונות.
כ'האב מיר דערמאהנט אן אונזער שטאדטישען בית־המדרש, וואו איך האב זיך אמאל
אויך געשאקעלט מיט גרויס חשק און התמדה איבער דער גמרא, אט ווי יענעם בחור'ל,
און טאטעס און מאמעס האבען זיך געבענשט מיט דעם קינפטיגען רב, וואס פון מיר
וועט ארויסקומען. איך האב זיך פארגעשטעלט אונזער רב, ווי ער זיצט ביים „שעור“
און איז זיך מפלפל אין לערנען מיט די שטאדט־לומדים, וועלכע שלינגען ממש
איטליכעסווארט, וואס געהט ביי איהם ארויס פון מויל, און איין זכרון האט געשלעפט
נאך זיך דעם אנדערן; כ'האב זיך דערמאהנט אן אונזערע שבתים און ימים־טובים, אן
דעם טאטענס זמירות, אן דער מאמעס שטערן־טיכעל, און א בענקעניש
האט זיך אין מיר דערוועקט, א בענקעניש נאך יענע קינדישע תמימות'דיגע
זיסע יאהרען, וואס זענען אוועק אין רויך, און אן'אומעט האט מיך
אנגענומען, א שטילער אומעט, וועלכער האט מיך נישט געדריקט, נאר געגלעט... ווען

איך בין ארויס אויפ'ן גאס, האב איך אין מיר געפילט דאס בעדערפעניש צו בעקומען געטען עס איז דורכצוריידען זיך מיט איהם וועגען יודען און יודישקייט. גראד האב איך מיר אין יענער מינוט דערמאהנט, אז דא דארף וואוינען ד"ר קאנטאר, וועמען מען האט יענעם זומער אויסגעקליבען אלס ראבינער, און איך האב מיר געלאזט גיהן אויפזוכען איהם. ווען איך בין ארויף אויף זאוואלנע גאס, האב איך דערזעהן ווי קאזאקען מיט נאהייקעס אין די הענד יאגען־אראב פון די פראטוארען יודישע קינדער; דאס האבען זיי פונאנדער־געטריבען די בונדיסטישע „בירזשע". און אנ'אנדער צייט וואלט איך אזא סצענע נישט דורכגעלאזט שווייגענדיג; געוויס וואלט איך, ווי מיין שטייגער, אויף קיין זאך נישט געקוקט און וואלט תיכף פראטעסטירט. דאס מאל בין איך אבער נור פארביי־געלאפען, איינגאנצען ארייננעמהון נור אין דעם איין פערלאנג אויפצוזוכען קאנטאר'ן און דורכשמועסען זיך מיט איהם. איך האב מיך אבער אויף קאנטאר'ן נישט געקאנט דערווארטען. איך בין אנ'אויפגערעגטער אוועק אויף מיין קווארטיר. כ'האב יענע נאכט אנ'אויג נישט צוגעמהון. ס'האבען זיך מיר געפלאנטערט אין מוח די שענע, וואונדערליכע מעשיות וועגען דער וועלט און יענער וועלט, צוזאמענגעפלאכטען מיט פארצייטיגע בילדער פון דער היים. אויף מארגען פארטאג בין איך אבגעפאהרען קיין פעטערבורג, אבער שוין נישט דערזעלבער"... („לעבען" ז' 36 און 37).

עטוואס אין דער ערצעהלונג איז געדיכטעט, ווייזט אויס, פונ'ם ה' ש. ל. ציטראָן, ווייל, ווי ווייט מיר וויסען אנ—סקי'ס לעבען, סיי פון זיינע אייגענע עראינערונגען, סיי פון די עראינערונגען פון זיין חבר ד"ר זשיטלאווסקי, איז ער קיינמאל נישט געווען פון די „זיידענע בחורים'לעך". דער תוך פון דער מעשה, וועלכער איז דורכאויס ריינע ווירקליכקייט, צוגיסט אבער א בעזונדער ליכט אויף אנ—סקי'ס „תשובה". אנ'עהנליכע מעשה צו דער, וואס ה' ציטראן דערצעהלט, האב איך געהערט פונ'ם ארטיסט ה' מארעוויכקי'ז, איז עס פארגעקומען אין ווילנער קברנים־שוהל, ווען עס איז, לויט ה' מארעווסקי'ז, עגטשטאנען אין אנ—סקי'ס נשמה די גרונד־אידעע פונ'ם „דבוק".

ס'איז דא אין ה' ציטראנ'ס ערצעהלונג אויך איין זעהר כאראקטעריסטישער שטריך. נעמליך: די אגדות, וואס אנ—סקי האט געהערט אין ווילנער שוהל, זענען געוועזן וועגען דער וועלט און יענער וועלט. קומענדיג א היים, האט אנ—סקי ווידער א גאנצע נאכט נישט אויפגעהערט טראכטען וועגען „דער וועלט און יענער וועלט". געהמען מיר ווידער אין אכט, אז אנ—סקי האט אנגעהויבען זיין אייגענטליך יודיש שאפען פונ'ם „אשמ־אי", וואס האט אויך, אין גרונד גענומען, צו טהון מיט די יודישע פארשטעלונגען וועגען ביידע וועלטען און האט (אין ריין־קינסטלערישען זין) געענדיגט מיט'ן „דבוק", מוז מען זיך אויף דעם אלעמען גאנץ בעזונדערס פערטראכטען...

איינינגע פון ש. אנ—סקי'ס מקורבים ווערען זעהר שטארק אויפגעבראכט, ווען מען בעמערקט זיי, אז אנ—סקי איז אין די לעצטע יאהרען פון זיין לעבען שטארק נאהנט געווען צום גאנץ איינפאכען גלייבען פונ'ם פאלק, צום גלויבען אין דעם אויבערשטען, אין שכר ועונש וכדומה. לויט זייערע פארשטעלונגען, הייסט עס איינפאך בעליידיגען דאס אנדענקען פונ'ם גרויסען נפטר. זיי קאנען אפילו צוגעבען, אז אנ—סקי איז געווען געשטימט „סענטימענטאל", אז ער האט געהאט א שטארק „פיעטעט־געפיהל", אז ער האט אויס ריין־פאלקסטימליכע מאטיווען בעשעצט און בעקריגט אלץ, וואס דאס פאלק האט געשאפען, אבער אז ער, אנ—סקי, זאל טאקע ווערען א גלויביגער יוד בפועל ממש אדער אפילו א שטארק־גענייגטער צו דעם — ווי קאן מען זיך עס ערלויבען צו

טראַכטעי וועגען דעם, וואס איז כל ימיו געווען אַ ראַציאָנאַליסט, אַ פּאָזיטיוויסט, אַ מענש, וואס האט כל ימיו געקעמפט מיט דער „פינסטערניש“?

איך האַלט זיך אבער ביי דאס מיינונג, אַז אַנ—סקי איז געווארען אין די לעצטע יאהרען פון זיין לעבען א יוד א מאמין און, לכל הפחות, א שטארק גענייגטער צום פּשוט'ן גלויבען. נאטירליך, האט ער איינערליך געלעבט אויך אין די לעצטע יאהרען ווי אלע אנדערע אינטעליגענטען, דאס ערקלערט זיך אבער גישט דערמיט, וואס ער איז געבליבען דערזעלבער פּאָזיטיוויסט און ראַציאָנאַליסט, וואס אין דער יוגענד, נאר דערמיט, וואס אויף דער עלטער האט איהם געפעהלט יענע דרייסטקייט און מוהאַט, וואס אין דער יוגענד און אין די מיטעלע יאהרען. ער האט געהאט אין זיך גענוג דרייסטקייט אויף „צו געהן אין פאלק“; עס האט איהם אבער געפעהלט די דרייסטקייט אנצוהויבען פיהרען א לעבען פון א פּשוט'ן מאמין: אנטהון טלית און תפלין וכדומה. דערצו וואלט ער בעדארפט איבעררייסען מיט זיין גאנצער פערגאנגענהייט און פיהלען זיך זעהר פרעמד אין דער אינטעליגענטער און האַלב־אינטעליגענטער סביבה, אין וועלכער איהם איז אויסגעקומען צו לעבען. ווען אַנ—סקי וואלט געקומען צו זיינע רעליגיעזע איבערצייגונגען אין דער יוגענד אדער אַפילו אין די מיטעלע יאהרען, גלויב איך, אַז ס'וואלט ביי איהם אויך דערויף גע־האַט דרייסטקייט. אַזוי אבער ווי זיין גאַנצע יוגענד (פון זיעבצעהנטען יאהר אן), זיינע גאנצע מיטעלע יאהרען און אויך א היבשער טייל פון זיינע עלטערע יאהרען האט ער אבגעלעבט אין פרייידענקעריי, און אַזוי ווי ער האט געהאט אונצעהליגע בע־קאנטע און גוטע פריינד איבערהויפּט צווישען פרייידענקער, איז איהם זעהר שווער געווען איבערצורייסען מיט דעם אלעמען און געהן אונטערמיטעדליך אויף דעם וועג, וואס געהט פון בארג סיני דורך פיעל לענדער און דורות און פיהרט צום מלך המשיח...

אין מיין בעהויפּטונג, אַז אַנ—סקי איז אין די לעצטע יאהרען פון זיין לעבען געווען נישט בלויז „פאלקסטימליך“, נאר אויך רעליגיעז־פרום אין פראסטען, עכט־יודישען זין, אַז ער איז עס געווען אין הארצען, כאטש ער האט עס, איבער די אויבענדערמאהנטע אורזאַכען, נישט פערווירקליכט אין לעבען, שטיץ איך זיך נישט בלויז אויף מיינע סוביעק־טיווע איינדריקען, ווי: דער בעזונדערער סטיל פון זיינע חסיד'ישע ערצעהלונגען, וועל־כער איז פיעל מאל גארנישט דער סטיל פון א קינסטלער, אויך נישט דער סטיל פון א זאַמלער, נאר אויך אויף שטרענג אביעקטיווע בעווייזען.

זיין צוואה, אַז מען זאל זאגען קדיש אויף זיין קבר און אַז מען זאל מאַכען „אל מלא רחמים“ איידער מען וועט שפּיעלען זיין „דבוק“, איז אין קיין אופן נישט געווען קיין „סענטימענט“, נאר א גלויבענס־זאך. נישט דינעזאַן האבען זיך גע־דאנה'ט וועגען אזעלכע זאַכען, כאטש זיי האט בײדען נישט געפעהלט נישט קיין פאלקס־טימליכקייט, נישט קיין סענטימענטען. דאס, וואס אַנ—סקי האט דורכאויס געוואלט, אַז מען זאל איהם מאַכען „אל מלא רחמים“ פאר'ן שפּיעלען דעם „דבוק“, בעווייזט נאָך דערצו אויסדריקליך, אַז ער האט געקוקט אויף זיין ליעבלינגס־ווערק, ווי אויף א רעליגיעזע שאַפונג.

„מיר האבען גערעדט — דערצעהלט ד"ר יעקב ווינאַדסקי אין זיינע ערינערונגען וועגען אַנ—סקי'ן — וועגען רעליגיע. איך האב נישט בדעה דא איבערצוגעבען אונזערע לאַנגע און ווארימע רייד, נאר צום סוף האט אַנ—סקי געזאגט, אַז ער קאן נישט פערשטעהן, ווי אין נעוויסע קרייזען קאן מען מיינען, אַז די רעליגיע און דער סאציאליזם זענען סותר איינס דאס אַנדערע... איך האב דערצעהלט אַנ—סקי'ן, אַז אין דיימש־לאַנד האב איך נישט ווייניג בעקאַנטע און אַפילו פריינד צווישען די אונאבהענגיגע סאָ־ציאַליסטען, וועלכע זענען נישט נור פרומע מאמינים, נאָך אַפילו ארטאדאקסישע יודען...

דערויף האט אַנ—סקי נאך אַ קורצען שרייבען געזאגט: „איך פערשטעה זיך זייער גוט!“ („לעבען“, ז' 42).

אַנ'עפּיזאד, וואס ס'האט דערצעהלט דער דיכטער ל. יפה און „הארץ“, — כאַראַקטעריזירט גענוי די בעציהונג פון ש. אַנ—סקי צום עכטען און איינפאכען יודישען בעליגיעזען לעבען:

—„מיר האבען פערלאזט — דערצעהלט ל. יפה צווישען פיעל אנדערן — מאָסקווע ערב יום־כפור. און אָוועֶנד, ווען דער צוג האט זיך אָבגעשטעלט אויף עפּיס אַ סטאַנציע, זענען מיר אריבער אין אַנ—סקי'ס וואַגאָן. מיר זענען איינגעלאַדען געווען צו דאַווענען כל־נדרי מיט די יודישע פּאַסאַזשירען. ס'איז געווען אַ טריבער, קאַלטער און פינסטערער אָוועֶנד. אַ שווארצע און אומעטיגע אָוועֶנד־פינסטערניש האט אַלץ איינגעהילט. דער רעגען, וואס האט געגאסען אָהן אויפהער, האט געקלאַפּט אויף די ווענד און אויפ'ן דאַך. אַ שווערער און דריקענדער אומעט האט פערקלעמט אונזערע אַלעמענס הערצער.

פון קעסטלעך און בוטער האט מען צוזאמענגעשטעלט אַנ'עמוד און איהם בעדעקט מיט אַ טישטוך. מען האט אנגעצונדען ליכט און זייער דונקעלע שיין האט צושפּרייט די פינסטערניש און נאך נערוועזער געמאַכט די שאַטענס, וואס האבען געוואַנגעלט אין די ווינקלען פון וואַגאָן. אַנ—סקי האט, איינגעהילט אין אַנ'אַלטען אין געלאַטעטען טלית, אנגעהויבען צו זינגען „כל־נדרי“ מיט'ן ניגון פון אַנ'אַלטען און געניטען בעל־תפלה, וואָס אַזעלכען קאָן מען נאך געפינען אין די פערוואָרפענע שטעדטלעך.

מיר זענען אַלע געשטאַנען נעבען איהם. אויך די פרויען און קינדער זענען אַראָב פון די בענק און פעקלעך און זיך גרופּירט ארום איהם. צוטומעלטע און אויפגערעגטע, האבען מיר זיך צוגעהערט צו דער תפלה און נאכגעזאָגט נאך איהם.

זיין שטים איז געווען הייזעריג, דער ניגון האט זיך ניט איינגעגעבען און אפשר האט אויך זיין „עברי“ אַ ביסעל אונטערגעהונקען; אָבער אין מיין לעבען האב איך נישט געהערט אַ תפלה אַזוי דורכגעדרונגען מיט אַנ'אונאויסדריקבאַרען צער פון אַנ'איינזאַמען און וואַנדערענדען לעבען, מיט די געפיהלען פון אַ נשמה, וואס קלאגט זיך אויף איהר עלענד, וואס בענקט און גאַרט, ווי די ראָזיגע שטילע תפלה אין יענעם „כל־נדרי“־אָוועֶנד, אין די אונזיכערע לויכטע סטעפּעס, אין דעם פינסטערן וואַגאָן, אין וועלכען מיר זענען געווען פערשלאָסען, ווי אין אַ מתים־ארון, ביי דער דונקעלער שיין פון די ליכט, צווישען דער ברומערייַ פון ווינד און דער איינטעניגער און לאַנגווייַלענדער קלאַפּערייַ פון רעגען“.

ווען פרץ אָדער זיינע נאַכפאָלגער דערצעהלען חסיד'ישע מעשיות אָדער שילדערן חסיד'ישע טיפּען, אידעאַליזירען זיי זיך קיינמאָל ניט מיט יענע מעשיות אָדער טיפּען. ביי זיי איז עס איבערהויפּט — קונסט, חאָטש אָט די קונסט האט, נאַטירליך, אַ שטאַרקע אחיזה אין זייער שורש־נשמה. אַנדערש איז אָבער ביי אַנ—סקי'ן. ער גיט אַרײַן אין מויל פון'ם מיראָפּאָלער צדיק (דער „דבוק“, דריטער אַקט) אַ זעהר שענע, ריינע און הייליגע תורה. שפּעטער דרוקט ער עס אָב (ערב־יום־כפור פון שנת תר“פ, „מאָמענט“ 1919, 227) פון זיין איי גענעם נאָמען, וואס דאס בעווייזט אַז דער מיראָפּאָלער צדיק מיט זיינע געדאַנקען וועגען ישראל, וואס הייסט דאס הייליגסטע פאָלק פון אַלע פעלקער, און ארץ־ישראל, וואס איז דאס הייליגסטע לאַנד פון אַלע לענדער, און ירושלים, וואס איז די הייליגסטע שטאָדט פון אַלע שטעדט, און יום־כפור, וואס איז דער הייליגסטער טאָג פון אַלע טעג וכו' וכו' — איז ניט קיין

ע נ ד ע ר ע ר, ווי ער, „ר׳ שלמה זלמן בר׳ חיים הכהן ראפאפארט“ אליין.

פערטיראכט זיך א ביסעל מעהר אויף די אויבענדערמאהנטע פאקטען. בעזונדערס אויף דעם לעצטען פאקט, ווען אוהר אויך איינזעהן, ווי איך, אז אנ׳ס „דבוק“ האבען אנ—סקי׳ן איבערהויפט בעשעפטיגט רעליגיעזע פראבלעמען, און אז, חאטש אינ׳ם „דבוק“, האט אנ—סקי׳ס נשמה געפונען, ווי א קריטיקער האט זיך ריכטיג אויסגעדריקט, איהר קינסטלערישען תיקון. האט זי, אנ—סקי׳ס נשמה, געזוכט, נישט נור א קינסטלערישען תיקון, נאר אויך, און איבערהויפט, א רעליגיעזען תיקון.

# IV.

# וואס פאר א ווערק איז דער „דבוק“?

די מיינונגען וועגען דעם טערטה און זיין פונ׳ם „דבוק“ זענען זעהר פערשידען. אים אלגעמיין וועלען אבער אט די מיינונגען צוגעפיהרט צו צוויי הויפט-מיינונגען: א) אז דער „דבוק“ איז א ריין-רעאליסטישע זאך. אוי, וואס דא האנדעלט זיך עפים וועגען „צוויי וועלטען“ און וועגען עפים צדיקים מיט חסידים, מיט טרייבען דבוקים, וכדומה? — מאכט נים אוים. דאס איז א שטיק פאלקס-לעבען פון אמאל. אמאל זענען אט די אלע זאכען געווען ריינע רעאליטעטען, ווייל די יודישע מאסען האבען געגלויבט אין זיי און געלעבט אין זיי; ב) אז דער „דבוק“ איז א ריין-סימבאליסטישע זאך. נים די רעאלע טיפען זענען דא וויכטיג, נים דער אמאליגער יודישער „בוים“, זאגאר נים די בלייזע פאלקסטימליכקייט, נאר די העכערע איפנאבען, וואס דער דיכטער האט זיך געשטעלט, די אידעען, וועלכע ער פערקערפערט אין בילדער, די רעליגיעז-עטישע, צי מיסטיש-פילאזאפישע פראבלעמען, וועלכע ער שטעלט ארוים און פאר וועלכע ער זוכט א לעזונג.

די אמהענגער פון דער ערשטער מיינונג נעהען אזוי ווייט אין זייער פעראיינפאכען און דערמיט אויך פערקלענערן דעם ווערטה און אומפאנג פונ׳ם „דבוק“, אז איין פעליעטאניסט האט זיך ערלויבט אזוי צו שרייבען:

„דער „דבוק“ איז א שען טעאטער-שטיק, נישט מעהר: דער אינהאלט פון דער דראמע איז א ביסעל איבערפלעכליך, די פאבולע — צו-נאאיוו, די עפעקטען — צו-בילין, די פערטאנאזשען — צו-איינפאך און נור א פאר גוטע סצענעס, א פאר געלונגענע דיאלאגען, אדער ריכטיגער נעזאגט — מאנאלאגען, א פאר שארף-בעצייכענטע פיגורען און טיפען מאכען די דראמע שען. אים אלגעמיין אבער איז דאס אייגענטליך אפילו נישט קיין דראמע אין ענגערן זין, נאר דאס, וואס מען בעצייכענט אין רוסלאנד מיט׳ן נאמען „ביטאוואיא דראמא“, בילדער פון דעם פאלקס-לעבען מיט א נאאיווער דראמאטישער פאבולע און א קליינער ראזע מיט מעהר קינדישען אלס חסידישען מיסטיציזם“.

פעלשטיזירען מיט אזא מיינונג איז אבסאלוט איבריג. עס איז גענוג נעגענצושטעלען א מיינונג פון א צווייטען, וועלכער ווייסט יא וואס חסידות איז און וואס מיסטיציזם איז און וואס איז אזוינס קונסט, ווייל ער האט אליין פערפאסט א „ספר חסידים“ נאך מיט צוואנציג יאהר צוריק, האט פערפאסט פיעל מיסטישע ווערק, פיעל עכטע קונסט-ווערק — מ. י. בערדיטשעווסקי. אויף דער דערמאהנטער פעליעטאניסט׳ס מיינונג זעהט אנג׳ם „דבוק“ נישט מעהר ווי א „ביטאוואיא דראמא“, זעהט אין איהם בערדיטשעווסקי די ווירקליכע אבשפיגלונג פונ׳ם אייביגען פערקעהר צווישען צוויי וועלטען: די אויסערליכע, זיכטבארע וועלט און די אינערליכע, אונזיכטבארע

וועלט. אויב דערזעלבער פעליעטאניסט זעהט אינ'ם „דבוק“ „מעהר נאאיווע ווי חסידיישע מיסטיציזם“, האלט בערדיטשעווסקי, אז דער חסיד'יזם אינ'ם „דבוק“ שטייגט ווייט, ווייט אריבער אי זיין, בערדיטשעווסקי'ס, „ספר חסידים“, אי פרצ'ס „חסידות“. אין דער צייט, וואס דער דערמאהנטער פעליעטאניסט זעהט אינ'ם „דבוק“ זעהר אנ'ארגינעל און נאאיווען אינהאלט, האלט בערדיטשעווסקי, אז דער אינהאלט פונ'ם „דבוק“ איז פיעל העכער, רייגער און טיעפער, ווי דער אינהאלט פון מעטערלינק'ס דראמען... (לעז אויסמערקזאם בערדיטשעווסקי'ס „בשדה ספר“, „מקלט“ י"א ז' 297—296).

אמת, אז בערדיטשעווסקי איז דערט בעגאנגען א גרויסע, כמעט אונפערצייהליכע עוולה — דערמיט, וואס ער האט צוגעשריבען אנ—סקי'ן די באמת געניאלע שטעלע וועגען דעם הארץ פון דער וועלט און דעם קוואל פון דער וועלט (דער „דבוק“ דריטער אקט, ז' 50), אין דער צייט, וואס די שטעלע איז גענומען ווארט ביי ווארט פון רבי נחמנ'ס „מעשה בז' בעטלערס“. דאך איז דער עצם קוק פון בערדיטשעווסקי'ן א ריכטיגער. דער גרויסער גייסט, וואס שוועבט איבער די „צוויי וועלטען“, לאזט זיך פיהלען אין יעדער ווענדונג, אין יעדער בעוועגונג, אין יעדען אויסדרוק פון דער דראמע.

אנדערע פון די, וואס זעהען אינ'ם „דבוק“ א פאלקס־שטיק, רעדען יא וועגען דעם גרויסען קינסטלערישען ווערטה פון דער דראמע. די רייגע רעאליסטישע אויסטייטשונג פון דער דראמע מוז דאך אבער פארט צופיהרען אין איהרע לעצטע קאנסעקווענצען צו דעם מעוט הדמות פון דער גאנצער זאך, דען קוים האנדעלט זיך עס אינ'ם „דבוק“ אין א בלויזער אבשפיגלונג פונ'ם אמאליגען יודישען לעבען, דאן שטעהט דער „דבוק“ ווירקליך נישט העכער פון דינעזאנ'ס „אבן־נגף“ וכדומה.

צום גליק איז אבער די גאנצע זאך לגמרי נישט קיין רעאליסטישע, ממילא מוז מען צו איהר צוגעהן מיט א גאנץ אנדער מאס און אנווענדען א גאנץ אנדער מעטאדע...

ווען אונזערע פערשידענסטע רעצענזענטען און קריטיקער וואלטען זיך אריינגעטראכט אין דער זאך, ווען וועלכער זיי שרייבען, וואלט זיין גאנץ אוממיזיסט צו בעווייזען, אז דער „דבוק“ איז נישט קיין פאלקס־שטיק און נישט קיין „ביטאוואיא דראמא“. אזוי אבער ווי ביי אונז לייענט מען און מען בעאבאכטעט זאכען זעהר אויבערפלעכליך און מען טראגט־ארויס אורטיילען אויף דעם גרונד פון אבגעריסענע, צופעליגע, נישט־קאנטראלירטע איינדריקען, מוז מען דא זאגען: „גיתי ספר ונחזי“. לאמיר אקארשט דורכגעהן די גאנצע דראמע פון אנהויב ביז'ן סוף און לאמיר זעהן אויף וויפיעל זי איז א „פאלקס־שטיק“ און א שפיגעל פונ'ם אמאליגען יודישען „ביט“...

„איידער דער פארהאנג הויבט זיך אויף, ביי א פאלקאמער פינסטערניש, הערט זיך ווי פון דערווייטען א שטילער, מיסטישער געזאנג:

> מחמת וואס, מחמת וואס
> איז די נשמה
> פון העכסטער הויך
> אראב אין טיעפסטען גרונד?
> — דאס פאלען טראגט
> דאס אויפקומען אין זיך“.

(ערשטער אקט, ז' 5).

„עס ווערט שטאק־פינסטער. פון דערווייטענס הערט זיך שטיל־שטיל: מחמת וואס, מחמת וואס איז די נשמה פון דער העכסטער הויך וכו' (פארהאנג)“ (ענדע פונ'ם לעצטען אקט).

וויפֿיל אונזערע פּשט׳ל-קעפּ זאָלען אַליין דאָ נישט דרעהען מיט זייערע קאָנזי-שטיק און סאָפֿיזמען, בלייבט דאָך פֿאָרט קלאָר ווי דער טאָג, אַז נישט צו שילדערן אַ געוויסע ס ב י ב ה איז דאָ דער דיכטער אויסען געווען, נאָר אַרויסצושטעלען דיכטעריש אַ געוויס פּראָבלעם, צי פּראָבלעמען. ווען אַ זאַך ה ו י ב ט זיך אָן מיט אַ געוויסען ריטמישען געזאַנג און ע נ ד י ג ט זיך מיט יענעם געזאַנג, הייסט עס, אַז דאָס איז דער ל י י ט - מ א ט י ו ו פֿון דער גאַנצער זאַך. דער „דבוק“ באַהאַנדעלט אַליין צו-עלערערשט דאָס פּראָבלעם פֿון „פֿאַלען“ און „אויפֿקומען“, אָדער, ווי דאָס ווערט בעסער אַרויסגעגעבען דורך די העברעאישע ווערטער — „ירידה“ און „עליה“. פֿון אָנהויב: „ביי אַ באַלקאָמער פֿינסטערניש הערט זיך פֿון דערווייטען אַ שטילער, מיסטישער געזאַנג“ און צו ענדע ווידער „שטאָק-פֿינסטערניש, פֿון וואַנען עס הערט זיך שטיל: מחמת וואָס... מחמת וואָס“... — וואָס פֿאַר אַ שייכות האָט דאָס אַליין צו אַ „פֿאָלקס-שטיק“ אָדער צו אַ „ביטאָוואַיאַ דראַמאַ“?...

הערען מיר זיך ווידער צו צום שמועס פֿון די בטלנים אין דעם ערשטען אַקט, וואָס הערען מיר דאָרט? ניט שמועסען וועגען מלחמות און וועגען טערק ווי ביי מענדעלי מוכר ספרים אין זיין „מסעות בנימין השלישי“, נישט נאַטירליכע שמועסען פֿון הונגעריגע מענשען וועגען אכילה ווי ביי דוד פּינסקי אין זיין „פֿאַמיליע צבי“, אויך נישט סתם פּלאַפּלעריי און מופֿתים-דערציילעריי, ווי ביי מ. ד. בראַנדשטעטער אין זיינע ערצעהלונגען פֿונ׳ם אַמאָליגען חסיד׳ישען לעבען, זאָגאַר נישט קיין ת ו ר ה-שמועסען, וואָס עס וואָלט דאָך אודאי נאַטירליך געווען ביי בטלנים, וואָס זיצען און לערנען אין אַ בית-המדרש, נאָר עס פֿערבינדט זיך גלייך פֿון אָנהויב אַ שמועס וועגען דברים העומדים ברומו של עולם, וועגען ירידות און וועגען עליות און וועגען דעם גרויסען כח פֿון צדיקי האמת צו מעלה זיין ניצוצות און צו אויפֿהויבען געפֿאַלענע נשמות, אַליין, וואָס ס׳האָט באמת אַ דירעקטע שייכות צום לייט-מאָטיוו: „מחמת וואָס... מחמת וואָס...“

גלייך אין אָנהויב שמועס פֿאַלט אַריין אין די רייד פֿון די בטלנים—„דער משולח“. וואָס איז עס פֿאַר אַ פֿיגור, ווען מען זאָל דעם „דבוק“ פֿערשטעהן אַלס „פֿאָלקס-שטיק“? פֿון וואַנען קומט „דער משולח“? הער דאַרף איהם דאָ? וואָס וויל ער? צו-וואָס האָט איהם דער דיכטער בכלל בעשאַפֿען אין זיין דראַמע?

ריין-רעאַליסטיש גענומען, קאָן ער מעהר נישט זיין ווי אַ געשיקטער פֿון פּריצים, וואָס באַהרט-אום פֿון שטעדטיל צו שטעדטיל און ווייס דערום אַלערליי מעגליכסטע געשעהענישען און פּליאָטקעס פֿון די שטעדטליך, — צו וואָס-זשע דאַרף ער אָבער דאָ צו זיין, ווי אַן—סקי האָט איהם געשילדערט, גראָד אַ חסיד און אַ מקובל? און צו וואָס מוז ער דווקא זיין אַנפֿערטרויט מיט אַלע העכערע סודות פֿון לעבען? און צו מוז ער, דווקא ער, זיין אין דער גאַנצער דראַמע דער שטענדיגער מאַהנער פֿון גערעכטיגקייט?

רעאַליסטיש גענומען, האָט „דער משולח“ געדאַרפֿט זיין נישט מעהר ווי אַ געוועהנליכער פּריקאַשטשיק, — וואָס פֿאַר אַ געשעפֿטען האָט ער עפּיס מיט׳ן פֿאָרזאָגען און בעשטימען אַלע העכערע גזירות?

ווען ער טרעט צו ערשט אַרויס פֿאַר די בטלנים מיט זיין שמועס וועגען ר׳ זוסיע אַניפּאָלער, בעקומט ער גלייך אַן׳ אָבשניט פֿון די בטלנים: „איהר, האָט קיין פֿאַראיבעל נישט, ווייסט נישט וועגען וואָס מען רעדט און מישט זיך אַריין“. באַלד דערפֿיהלען זיי אָבער, אַז דאָס איז גאָר אַן׳ אומגעוועהנליכער מענש, נאָך שפּעטער דערפֿיהלען זיי שוין, אַז פֿאַר זיי רעדט איינער, וואָס ווייס די העכערע סודות פֿון הימעל. ווען „דער משולח“ זאָגט: „אַז אַ נשמה פֿון אַ מענשען, וואָס איז נאָך נישט געשטאָר-

בען, דארף אויבן אין א גוף, וואס איז נאך ניט געבוירען געווארען, קומט־פאר א גילגול: שטארבט די קראנקע, ווערט געבוירען דאס קינד; ווערט די קראנקע געזונד — ווערט געבוירען א טויט קינד" (ז' 15), וועגן שוין ניט די בטלנים צו חקירה'ן וועגן דעם, און א פשיטא שוין, אז זיי וועגן ניט צו צווייפלען אין דעם, נאר איינער פון די בטלנים ווערט שטארק איבערראשט און זאגט: „אי! אי! אי! ווי בלינד א מענש איז! ער זעהט ניט, וואס נעבען איהם טהוט זיך". פון וואנען קומט צום משולח, ווען מען זאל אפילו נעהמען ריין־רעאליסטיש, אזא כח?

מען קאן נאך ווי־ניט־איז בעגרייפען רעאליסטיש דאס, וואס „דער משולח" ווייסט אלץ, וואס ס'קומט־פאר ביי סנדר'ן אין הויז. דערויף איז דא א תלמודיש ווערטעל: „ממהדורי מילי" (פון ארומגעהער הערט מען זיך אן אלערליי שמועסען). זענענדיג שטענדיג אונטערוועגענס, בעגעגענדיג זיך מיט פערשיעדענסטע מענשען, אנהערענדיג זיך פון זיי פערשיעדענע מעשיות, האט ער געקאנט הערען וועגען דעם תקיעת־כף, וואס סנדר האט אמאל געגעבען זיין פריינד ניסן בן רבקה, וועגען דעם, אז דער ישיבה־בחור חנן איז א זוהן פון יענעם פריינד, וועלכער איז שוין אויפ'ן עולם־האמת, און וועגען דעם, אז סנדר האט אן זיין תקיעת־כף פערגעסען און גיט־אב זיין טאכטער ניט פאר איהר אמת'ן בעשערטען, ניסנ'ס זוהן, נאר פאר אן אנדערן, האטש עס בלייבט דאך אלץ אונבעגרייפליך: פון וואנען האט „דער משולח" פארט געוואוסט, אז חנן איז יענעם ניסנ'ס זוהן?

מען קאן דאך אבער ביז־איצט וואו ניט בעגרייפען די גאנצע האלטונג און שטעלונג פונ'ם משולח און די גאנצע האנדלונג זיינע.

וואס איז זיין עסק צו זאגען סנדר'ן מוסר, דערצעהלענדיג איהם דעם רבי'נס משל מיט'ן שפיגעל (ז' 30) און, ווידער, וויסענדיג גאנץ גוט ווער חנן איז, בוגאנדערפרעגען זיך וועגען איהם, גלייך ווי ער הויבט איהם גארניט אן צו וויסען?

אין דעם גאנצען ערשטען אקט פיהלט זיך, אז „דער משולח" האט איינגעציילענט געוואוסט, אז חנן האט צו טהון מיט בייזע קרעפטען, — פארוואס האט ער גארניט געטהון, אום צו אבווענדען איהם פון דעם?

געכמעהר: „דער משולח" דערצעהלט זיך גאנץ רוהיג און געלאסען, ווי אזוי מען קאן ארויסרופען די בייזע קרעפט: „ארויסרופען דעם טייוועל קאן מען נור מיט דעם צווייפאכיג אויסגעדריהטען ניב, וואס שטעלט צונויף אין זיין פלאם די העכסטע בערג־שפיצען מיט די טיעפסטע טהאלען". און „חנן הויבט־אויף דעם קאפ און הערט זיך איינמערקזאם צו" (ז' 10). צו־וואס טהוט עס „דער משולח"? צו־וואס לאזט ער דעם עלענדען, אומגליקליכען חנג'ען פאלען אין טיעפען תהום אריין?

„דער משולח" איז אומטעטיש פול. וואו מען זיעהט איהם ניט, דארט וואקסט ער, ער בעגלייט ווי א שאטען יעדען איינציגען, יעדעס געשעהעניש, ווייסט ער פאראויס, דאך ווארענט ער קיינעם ניט, ווי איינער זאגט: זאל געשעהן דאס, וואס ס'מוז געשעהן, ער בעשטעטיגט יעדעס געשעהענעם פאקט און גיט איהם א העכערע ערקלערונג, — וואס איז עס נאר א מענש?

לאה טאנצט מיט די ארימע, פיהרט איהר שמועס פאר דער חופה מיט איהר אלטער ניאניע פראדע. פלוצלונג וואקסט־אויס ווי פון אונטער דער ערד „דער משולח" און הויבט־אן צו לערנען מיט די צוויי פרויען א פרק אין קבלה: „נשמות פון די געשטארבענע קעהרען זיך אום אויף דער וועלט, אבער ניט ווי רוחות אהן א גוף, פארהאן נשמות, וואס געהען דורך עטליכע גופים" וכו' וכו' (ז' 41), — וואו איז דא דאס „פאלקס־לעבען"? וואו איז דא דער אמאליגער יודישער „בוט"?

פאר דער חופה רעדט א ברחן, א מארשאלעק, זאגט גראמען, משלים, מוסר, — און

קומט אבער עפּיס אַ זייטיגער משולח צו האַלטען פאַר דער חופּה פאַר דער כלה אַ דרשה פון ר' חיים וויטאַלס „ספר הגלגולים“?...

אַזוי פירט זיך „דער משולח“ אויף אין דער גאַנצער דראַמע. אַלע זיינע הנהגות און אַלע זיינע דבורים זענען משונה און ווילד, און פּיילמאַל זאַגאַר משוגע, ווען מען זאל איהם בעטראַכטען ריין־רעאַליסטיש, אַלס טיפּ פון'ם אַמאָליגען יודישען לעבען. האט ווידער אַנ—סקי געוואלט אונז מאהלען אַ ווילדען, משוגע'נעם מענשען, — וואס פאַר אַ פונקציע ערפילט ער דאַ אין דער דראַמע?

נעהמען מיר ווידער דעם הויפּט־העלד פון דער דראַמע — חנן — וויל סוף כל סוף איז ער דאָך דער ווירקענדער טיפּ אין אַלע אַקטען, — איז ער אונז אויך אַבסאָלוט אונבעגרייפליך, ווען מען זאל בעטראַכטען דעם „דבוק“ בלויז אַלס פאַלקס־שטיק, דען עס איז ניט צו בעגרייפען דאָ צו וואס מוז חנן זיין דוקא אַ מקובל, פּראַווען מקוואות מיט תעניתים, עוסק זיין זיך אין „ספר רזיאל“ און זינקען אין דער קליפּה? וואס וואלט דאָ געפעהלט דער „פאלקס־זאַך“ מיט איהר מוסר־השכל וועגען תקיעת־כף און וועגען גערעכטיגקייט, ווען חנן וואלט געווען זיין אַ פּשוט'ער חי וקים, וואס זיין פאטער האט אבגעמאַכט אַ תקיעת־כף מיט סנדר'ן, און סנדר האט דעם תקיעת־כף ניט געהיט? די „פאלקסטימליכקייט“ וואלט פון דעם נור געוואונען. צו וואס־זשע האט דאַ אַנ—סקי אריינגעפיהרט דאס פאַלען פון אַ גרויסער, הייליגער נשמה און איהר עליה און תיקון דורכ'ן צדיק?

די, וואס זעהען אינ'ם „דבוק“ אַ „פאלקס־זאַך“, לעגען אויך קיין אַכט נישט אויף דעם גאַנצען ספור המעשה אינ'ם „דבוק“, וואס איז גאָר נישט אינ'ם גייסט פון די יודישע פאלקס־ערצעהלונגען וועגען „דבוקים“. עס זענען דאַ זעהר פיעל יודישע פאַלקס־ערצעהלונגען וועגען רוחות, וואס געהען אַריין אין קערפּערס פון לעבעדיגע מענשען. אין יענע אַלע ערצעהלונגען זוכען אבער די רוחות אַ תיקון צו זייערע זינד אדער, געטריבענע און געיאַגטע פון מלאכי חבלה, געהען זיי אַריין אין לעבעדיגע קערפּערס פון מענשען, וואס זיי, יענע מענשען, זענען בעגאַנגען חטאים.

די יודישע מעשה'לעך בעשעפטיגען זיך מיט חטאים און תיקונים, אבער נישט מיט אַ פּרויען־ליעבע, וואס געהט איבער נאָכ'ן טויט... עס איז דאַ נור איין איינציגער ספור, אין וועלכען עס איז דאַ עטוואס עהנליכעס אויף פּרויען־ליעבע, וואס ווערט גענומען מיט זיך אין קבר. דאס איז דער ספור וועגען „תנחום דעם מכשף“. טראָגט אויף זיך יענער ספור אבער דורכאויס אַ ניט־יודישען שטעמפּעל, און איז בכלל אַנ'אויסנאַהם צווישען אַלע יודישע אגדות וועגען רוחות. אַ פאלקס־זאַך קאַן אבער געבויט ווערען נור אויף אַ כלל און ניט אויף אַ יוצא מן הכלל.

דער גאַנצער צדיק ר' עזריאל איז אויך אַבסאָלוט אונבעגרייפליך, ווען מען זאל איהם בעטראַכטען בלויז רעאַליסטיש־פאלקסטימליך. פיעל זאַכען זענען דאָ אין זיינע תורות, תחלוכות און הנהגות אַבסאָלוט איבעריג. זיי זענען נור אַנ'איבעריגער באַלאַסט באַר דער דראַמע און ווענדען די אויפמערקזאַמקייט פון די צושויער אויף זאַכען, וואס האבען מיט דער הויפּט־אידעע און פּלאַן פון דער דראַמע גאָרנישט צו טהון.

דער „דבוק“ קאַן אַלזא בשום אופן נישט בעטראַכט ווערען אַלס ריין־רעאַליסטישע, פאלקסטימליכע זאַך. דאס בעווייזט אבער אויך נישט, ווי עס ווילען האבען די צווייטע, חאטש די צווייטע זענען פיעל נעהנטער צום אמת, ווי די ערשטע, אַז דער „דבוק“ איז אַ סימבאָליסטישע זאַך. פאַר סימבאָלען זענען די פיגורען פון'ם „דבוק“ צו־פיעל בולט, די געשעהענישען — צו־פיעל אויסגעטייטשט. אַלע אין „דבוק“ האבען ניין מאס רייד, אין דער צייט, וואס זיי האבען בעדאַרפט ריידען אויפ'ן וואונק... אינ'ם „דבוק“ איז דאַ צו־פיעל קלאָרקייט, צו־פיעל טאָג, צו־פיעל

משות... קיינער רעדט נישט אונ'ם „דבוק" ווי, למשל, אין איבסענ'ס סימבאליסטישע דראַמען, מיט עפּיס אַ בעזונדער הימעל=שפּראַך אדער פויגעל=שפּראַך... אונ'ם „דבוק" זענען אַלע געשעהענישען און אַלע געשפּרעכען, ביי זייער גאנצער מיסטיק און הייליקייט, איינפאַך און דורכזיכטיג...

און אט דא זענען מיר געקומען צו דעם אמת'ן מהות פונ'ם ווערק, וואס טראגט אויף זיך דעם נאמען: „צווישען צוויי וועלטען" אדער „דער דבוק". דאס איז נישט קיין „דראַמאַטישע לעגענדע" (כאָטש לויט דער רגילות און לויט'ן אנגענומענעם כלל רופט איך עס אליין אויך אַזוי „דראַמע"), ווי עס איז אנגעצייכענט אויפ'ן שער און ווערט אפּישירט אין די טעאַטער=אַנאָנסען. דאס איז אויך נישט קיין רעאַליסטישע פאלקסטימליכע זאַך, ווי איינזיגע ווילען האָבען, דאס איז אויך נישט קיין ריין=סימבאליסטישע זאַך, ווי עס ווילען האָבען אַנדערע, נאָר אַ מיסטעריע. דערביי איז עס אָבער נישט, ווי איינער האט זיך אויסגעדריקט, אַ „פאלקס=מיסטעריע", נאָר אַ שטרענג=חסידישע מיסטעריע. מיט'ן פאלס און פאלקסטימליכקייט האט דער „דבוק" צו טהון ריין צופעליג און ריין אויסערליך. לויט זיין אמת'ן מהות, בעהאנדעלט דער „דבוק" איינציגע הויכע פּראָבלעמען און ריין=חסידישען גייסט און ריין=חסידישער מעטאָדע.

מען מוז כוף כל כוף אויפהערען צונויפמישען חסידיזם מיט פאלקסטימליכקייט. די אַלע רייד'רייען וועגען דעמאָקראַטיזם און פאלקסטימליכקייט פון חסידות זענען געגרינדעט אויף ריין אויסערליכע און ריין צופעליגע פערגלייכונגען. דער חסידיזם, ווי אַלע אַנדערע העכערע יודישע גייסטיגע שאַפונגען, האט, נאַטירליך, זיינע טיעפע שרשים אין פאלק. שרשים זענען אָבער נישט דער גאנצער גרויסער, הויך געוואַקסענער בוים... הענעל, למשל, האט אַלס עכט=דייטשער פילאָזאָף געהאַט זעהר טיעפע שרשים אינ'ם דייטשען פאלק; דורכדעם ווערט אָבער העגעל אין קיין אופן נישט „פאלקסטימליך".

די חסידישע השגות דארף מען דערלערנען פון די חסידישע ספרים און פון כפעציעל חסידישע אגדות און נישט פון אַלגעמיינע פאלקס=אגדות.

עס איז נישט דא דאס ארט צו דערקלערען די יסודות פון דער חסידישער וועלט=אנשויאונג. איבריגענס, האב איך עס שוין לאַנג געטהון אין פיעל אַנדערע אַרטיקלען מיינע. יא וויל איך נור אַנווייזען אויף איין שטריך, וואס איז נוגע ספּעציעל דער פאָרם פון אַנ—סקי'ס מיסטעריע. נעמליך: דער חסידיזם געהט=אַריבער די אונגעהויערע דיסטאַנץ צווישען די פיעל און פערשיעדענסטע עולמות. דורך דער חסידות ווערען די העכסטע עולמות זעהר נאָהענט צו אונזער עולם התחתון, און אונזער עולם התחתון — צו יענע הויכע עולמות. דער „מיטעלער רבי", דער זוהן פונ'ם רב מלאַדי, פלעגט שטענדיג זאָגען: „אַלץ איז דא. אַלע עולמות זענען דא. דער עולם האצילות איז אויך דא". דורכדעם ווערט דער איבערגאַנג פון עולם צו עולם אַ שטענדיגער און אַ גאַנץ געוועהנליכער. דער מענש לעבט גלייכצייטיג אין פערשיעדענע עולמות. אויב ער פיהרט אַ הויך, הייליג לעבען, האט ער אַ שטענדיגען אינערליכען פערקעהר מיט די העכערע עולמות, אַזוי ווי ער האט אויסערליך אַ פערקעהר אין אונזער זיכטבאַרען עולם. און נישט נור גראד דער „צדיק", דער מיסטישער איבער=מענש, נאָר אַפילו יעדער געוועהנליכער מענש, אויף וויפיעל ער האט אַנ'אַהנונג פון דער געטליכקייט. וואס איז מחיה די עולמות און ער לעבט שוין און היין און הארמאָניע מיט זיין דעת=אלקים, לעבט ער גלייכצייטיג אין פערשיעדענע וועלטען: אין דער פיזישער וועלט, אין דער אינערליכער געפיהלס=וועלט, און דער העכערער אינטעלעקטועלער וועלט, און דער העכערער גייסטיג=הייליגער וועלט וכו'.

פּהבבט מיט אַל דעם קוק איז דעם מענשען אין די עולמות זענען די חסידישע מעשיות פון דעם אַרט פול אויסערליכער רעאַליטעט; דער הויכן פון זיי איז אָבער, נאַטירליך, אַ העכסט מיסטישער. נשמות קומען אַראָב פון יענעם עולם אויף דעם עולם אַזוי ווי פונ'ם אויבערשטען שטאָק אינ'ם אונטערשטען. דער צדיק גייט אויף אין עולמות עליונים און דערביי קאָן ער זיך גאַנץ רוהיג פערקעהרען מיט אַלע זיינע אַרומיגע און העלפען זיי מיט עצות און מעשים.

אין די חסידישע מעשיות פיהלט זיך דעריבער נישט יענע שרעק, וואָס איז אַמאָליגע מעשיות פון די מקובלים. עס איז נישטאָ וואָס צו שרעקען זיך פאַר דעם וואָס לעבט אין אונז און רינגעלט אונז פון אַלע זייטען אַרום.

אין זיין פאָרעדע צו די „חינעזישע ערצעהלונגען" ווייזט מאַרטין בובער אַז אויף דער בעזונדערער נאַטירליכקייט פון יענע ערצעהלונגען בנוגע צום איבערגאַנג פון דער גייסטער-וועלט אין אונזער וועלט. די גייסטער געהען אַרוין אַלס בעשטימטע און איינפאַכע רינגעליך אין דער קייט פון יעדער ערצעהלונג. אין דער צייט, וואָס דער אייראָפּעער דאַרף זעהר שטאַרק אָנשטרענגען זיין פאַנטאַזיע, אום צו זעהן עפּוואָס „איבערערדישעס" און ווען ער שילדערט עס, פיהלט זיך זיין לעדען און זיין אַנגסט פאַר דעם, וואָס ער שילדערט, זעהט דער חינעזער די גייסטער כמעט ווי ער זעהט זיינע נאָהנטע און בעקאַנטע. אט דער איבערגאַנג פון עולם צו עולם איז אָבער אין די חסידישע ערצעהלונגען אַ לייכטערער, אַ פרייערער און אַ שענערער. אַנ—סקי האָט תופס געווען אויסגעצייכענט אט דעם מערקווירדיגען שטריך און ביי איהם האָט ער זיך געהאַלטען בעת זיין שאַפען דעם „דבוק".

אינ'ם ערשטען אַקט פונ'ם „דבוק" געפינען מיר אַזאַ שטעלע:

„(לאה זעהר זיכער): באָבינקע! אונז רינגלען אַרום נישט בייזע רוחות, נאָר נשמות פון מענשען, וואָס זענען נעשטאָרבען פאַר דער צייט. אט זיי קוקען זיך עס צו און הערען זיך צו צו אַלץ, וואָס מיר טהוען און רייַדען

פראַדע: גאָט איז מיט דיר, טאָכטערל! וואָס רעדסטו! נשמות. וועלכע נשמות? ריינע, כשר'ע נשמות פליהען אַרויף אויפ'ן הימעל. רוהען אין ליכטיגען גן-עדן...

לאה: ניין, באָבעניו! זיי זענען מיט אונז!"... (ז' 38—39).

צום צוועק פון דער מיסטעריע טייטשט עס דאָ אַנ—סקי אויס אין דעם זין, וואָס יונג-פערשטאָרבענע מענשען דערלעבען צווישען אונז זייערע אויסערליך נישט-דער-לעבטע יאָהרען. אין אמת'ן אָבער נעהמט-אַרום די פראַזע: „זיי זענען מיט אונז" דעם גאַנצען צוזאַמענהאַנג און פערקעהר „צווישען צוויי וועלטען"...

דעריבער איז דער „דבוק" אין איין און דערזעלבער צייט אַ שטיק רוהיגער עפּאָס, דורכגענומען מיט דער הויכער דיכטערישער נאַאיווויטעט, און אין דערזעלבער צייט אויך אַ פּרוב אַרויסצושטעלען און מיטלויז זיך צו לעזען איינציגע זעהר טיפע פּראָבלעמען פון וועלט און לעבען.

## V.

# וואָס פאַר אַ פּראָבלעמען שטעלט אַרויס דער „דבוק"?

ווען איך רעד וועגען די פּראָבלעמען פונ'ם „דבוק", מיין איך נישט צו זאָגען, אַז אַנ—סקי זעלבסט האָט פאַר זיך געשטעלט געוויסע פּראָבלעמען צו לעזען זיי אינ'ם „דבוק": דער „דבוק" איז נישט קיין טענדענציעזע זאַך, ממילא קאָן דאָ קיין רייד נישט זיין וועגען פאָראויס-בעשטימטע פּראָבלעמען. די פּראָבלעמען ווערען אָבער דורך דער זאַך זעלבסט אַרויסגעשטעלט.

אויב זיי זענען נישט אַרויסגעשטעלט געוואָרן בכוונה, קומען זיי אָבער אַרויס שלא בכוונה. מען קאָן עס אפשר אַזוי פאָרמולירען: אויב זיי, די פּראָבלעמען, זענען נישט קיין פּראָדוקט פון'ם דיכטער'ס בעוואוסטזיין — זענען זיי אָבער אַ פּראָדוקט פון זיין אונטער-בעוואוסטזיין, אָדער, אפשר, נאָך ריכטיגער, פון זיין טראַנסצענדענטען בעוואוסטזיין.

איינגענטליך, ווערען פיעל און פערשידענע פּראָבלעמען בערירט אינ'ם „דבוק". איך וויל אָבער דאָ נישט בעריהרען יענע פּראָבלעמען, וואָס ווערען דאָ בעהאַנדעלט, אַזוי צו זאָגען, מן הצד אָדער אגב אורחא, נאָר אַזעלכע פּראָבלעמען, וועלכע זענען שאַרף און בולט אנגעצייכענט געוואָרען.

אַזעלכע פּראָבלעמען זענען דאָ אינ'ם „דבוק", לויט מיין אַנאַליז, פיער: 1) דאָס הויפּט-פּראָבלעם, דאָס פּראָבלעם פון „פאַלען" און „אויפקומען" פון דער נשמה, אָדער, ווי עס ווערט בעסער אויסגעדריקט דורך די העברעאישע ווערטער: „ירידה" און „עליה"; 2) דאָס פּראָבלעם פון'ם „צדיק", פון'ם רעליגיעזען איבער-מענשען, זיין קדושה, זיין גבורה, זיין גלויבען אין-זיך, זיין צווייפלען אין-זיך; 3) דאָס פּראָבלעם פון העכערער גערעכטיגקייט; 4) דאָס פּראָבלעם פון דער ווייטערדיגער עקזיסטענץ פון גייסט נאָכ'ן אָראָב וואַרפען פון זיך די מאַטעריע און זיין צוגעבונדענקייט צו דער מאַטעריע, כל זמן ער איז נאָך נישט בעפרייט אינגאַנצען פון זיינע ערד-צוגעבונדענקייטען און ערד-השגות.

פריהער ווילען מיר דאָ בעטראַכטען די ווייטערדיגע פּראָבלעמען, פּראָבלעמען פון צווייטען ראַנג, און נאָכהער וועלען מיר צוקומען צום הויפּט-פּראָבלעם.

אינ'ם „צדיק" פון'ם „דבוק" ווערט טיילווייז אַרויסגעשטעלט דאָס זעלבע פּראָבלעם, וואָס אין פּרצ'ס „חורבן בית-צדיק". דער „צדיק" פליהט זעהר הויך; דאָס אונגלויבען אין-זיך זעלבסט האַקט אָבער אונטער זיינע פליגלען. ער שטאַרקט זיך און פליהט ווייטער אין דער הויך; די ספקות ציהען איהם אָבער ווידער אַראָב, ווי שווערע שטיינער, צו דער ערד. דאָס פּראָבלעם איז ביי פּרצ'ן אַרויסגעשטעלט געוואָרען מיט דער גאַנצער שאַרפקייט און טיעפקייט, ביי אַן-סקי'ן אָבער — גאַנץ אויבערפלעכליך און פאַרביי-געהענדיג. קענטיג. אַז ער האָט זיך לאַנג נישט געוואָלט אָפּשטעלען אויף די אינגערליכע איבערלעבונגען פון'ם „צדיק".

אַט ווערט דער צדיק, ר' עזריאל מיראָפּאָלער. אינגאַנצען שוואַך און נישטיג. ווען מיכאל, זיין משרת, זאָגט צו איהם: „רבי, צו אייך פאָהרט די גאַנצע וועלט".— ענטפערט ער: „אַ גאַנצע וועלט... אַ בלינדע וועלט... בלינדע שאָף געהען נאָך אַ בלינדען פאַסטוך... ווען זיי וואָלטען נישט זיין בלינד. וואָלטען זיי נישט געהן צו מיר, נאָר צו יענעם, וועלכער קאָן זאָגען „איך". צום איינציגען „איך" פון דער וועלט". ווען מיכאל זאָגט איהם ווידער: „רבי, איהר זענט זיין שליח",— ענטפערט ער: „דאָס זאָגט די וועלט, און איך ווייס נישט... שוין פערציג יאָהר, ווי איך זיץ אויף דעם שטוהל פון אַ רבי'ן און איך קען עד היום נישט זיכער, אַז איך בין באמת גאָט ברוך הוא'ס אַ שליח... פאַרהאַן צייטען, אַז איך פיהל מיין נאָהנטקייט צום כביכול, דעמאָלט זענען ביי מיר נישטאָ קיין ספקות, יעמאָלט האָב איך אין זיך תקיפות און איך האָב אַ שליטה איבער די הויכע עולמות, אָבער עס טרעפען צייטען, אַז איך פערליער מיין זיכערקייט און דעמאָלט בין איך קליין און שוואַך, ווי אַ קינד. דעמאָלט נויטיג איך זיך אַליין אין הילף"... דאַן דערמאָהנען זיי ביידע, דער רבי מיט'ן משרת, אַז נאָכט ווען דער רבי איז געקומען צום משרת און האָט מיט איהם אַ גאַנצע נאַכט געזאָגט תהלים און געוויינט... דער רבי ווערט נאָכמעהר ענטמוטהיגט און קלאָגט זיך: „וואָס וויל מען פון מיר? איך בין אַלט און שוואַך. דער גוף דאַרף רוה, די נשמה דאַרשט צו התבודדות, און צו מיר ציהען זיך דער צער און יסורים פון גאַר דער וועלט. יע-

דעם קוויטל, וואס מען דערלאַנגט מיר, שטעלט מיר ווי אַ נאָדעל אין לייב. איך האָב שוין מעהר קיין כח נישט... איך קאָן נישט...“ ווי נור דער משרת זיינער דערמאָהנט איהם אָבער זכות אבות, אַזוי ווערט ער גלייך צוריק דער גרויסער שליט איבער אַלע עולמות, דער שליח פון יענעם גרויסען, וואס נור ער אַליין איז דער „איך“ פון דער וועלט. וואו זענען דאָ די טיפע איבערלעבונגען? און וואו זענען דאָ די פערשיעדענע און פערווירקעלטע צווייפלען? און וואו איז דער נאַטירליכער איבערגאַנג פון קינדישער שוואַכקייט צו לייבען־גבורה? מיר זעהען, אַז דער צדיק ווערט דאָ פול ספקות, מיר זעהען אָבער נישט פון וואַנען יענע ספקות שטאַמען...

דער אמת'ער חסידישער „צדיק“ איז נישט נור זעהר אַ שטאַרקע נאַטור (האָטש ער איז אין דערזעלבער צייט אויך שטיל און מילד, ווייך און צובראָכען פון רחמנות), נאָר אויך זעהר אַ קאָמפּליצירטע נאַטור. ווען ער האָט שוין ספקות, ובפרט נאָך ספקות אין זיך זעלבסט, זענען יענע ספקות זעהר שטאַרק פערווירקעלט. דאָ, ביי ר' עזריאל'ן, אָבער קומען די ספקות — קיינער ווייסט נישט פון וואַנען און זיי געהען ווידער אַוועק נור צוליעב דעם, וואס דער משרת דערמאָהנט איהם זיין פאָטער ר' איטשעלע און זיין זיידען ר' וועלוועלע...

פיעל שטאַרקער, ערנסטער און אויסגעהאַלטענער איז אַרויסגעשטעלט געוואָרען אין'ם „דבּוק“ דאָס פּראָבלעם פון דער העכערער גערעכטיגקייט. ס'איז דאָ אַ ריין־מענשליכע, ערדישע, יורידישע גערעכטיגקייט און עס איז דאָ אַ נעמליכע, הימלישע און נשמה'דיגע גערעכטיגקייט. אין דער גמרא בעגעגענט איהר פיעל מאָל דעם אויסדרוק: „פּטור מדיני אדם וחייב בדיני שמים“ (ער איז פּטור לויט מענשליכע דינים, לויט יעם דין פון בית־דין און איז דאָך חייב לויט די הימעל־געזעצען). סנדר בּרינעצער, וואס האָט אָבגעגעבען זיין טאָכטער פאַר אַ גניר'ישען בחור אַ מיוחס און אַ וואויל־לערנער, פערגעסענדיג אין דעם, וואס ער האָט אַמאָל געגעבען אַ תקיעת־כּף ניסן בן רבקה, אַז זייערע קינדער זאָלען זיין חתן־כּלה, האָט „בּדיני אדם“ קיין עולה נישט געטהון. פערגעסען — איז פערגעסען, בּפרט נאָך ווי דער בּית־דין־צדק פון ר' עזריאל'ן האָט ריכטיג מאָטיווירט: „היות ווי עס איז נישט בעוואוסט, אויב ביים תקיעת כּף צווישען ניסן בּן רבקה און סנדר בּן הענע זענען זייערע ווייבער שוין גע־ווען פערנגומען אין טראָגען, און היות ווי לויט אונזער הייליגער תורה האָט נישט קיין ממשות אַן'אָבמאַך וועגען אַ זאַך, וואס איז נאָך נישט בעשאַפען געוואָרען, קאָנען מיר נישט בעשטימען, אַז סנדר איז מחויב געווען מקיים זיין דעם תקיעת־כּף“ (ז' 73). אַנדערש איז אָבער „בּדיני שמים“. דאָרט זאָגט מען: אַ וואָרט איז אַ וואָרט. פער־פאַלען. האָסטו נאָך דערצו אַ תקיעת כּף געגעבען, האָסטו עס בשום אופן נישט גע־טאָרט פערגעסען...

ס'איז דאָ אַ פּוילישע ווערטעל: „סלאָווא — וויאַטער“. האָט עס דער בּע“שט (גע־בּראַכט געוואָרען אין די אַלטע „שבחי בעש“ט“) גאַנץ אַנדערש איבערגעטייטשט: „אַ וואָרט איז — אַ רוחניות“ קיין זאַך נישט פערלוירען אין דעם חלל העולם, נאָר יעדעס וואָרט מאַכט אַ רושם, ביי צום גוטען, ביי צום בייזען, אין אַלע עולמות און לדור דורות. ווערט נאָך דאָס וואָרט בעפעסטיגט דורך אַ טהאַט (ווי אין דעם פאַל — דורך אַ תקיעת־כּף) — לאָזט עס איבער נאָך אַ פּיעל שטאַרקערן רושם אין אַלע עולמות. דאָס וואָרט פאַרערט, דאָס וואָרט מאַהנט, דאָס וואָרט פאָדערט פערווירקליכונג. דאָס פערשוועכטע וואָרט הענגט ווי אַ פאַטום איבער דעם פער־שוועכער. דער תקיעת־כּף, וואס איז נעגעבען געוואָרען פון סנדר'ן און איז דורך איהם פערגעסען געוואָרען, איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ גזירה רעה אויפ'ן גאַנצען הויז פון סנדר'ן. לאה אין, אמת, אין גארנישט שולדיג. „קינדער, זאָגט אָבער ה'

עזריאל, ווערן אמאל געשטראפט פאר די זינד פון די עלטערן" (ז' 56). אייגנטליך, איז דאס אבער אויך נישט קיין „שטראף“, נישט קיין נקמה-אקט, נאר אנ'אבזערגע נויטווענדיגקייט. אזוי ווי די מאטעריעלע וועלט האט איהרע געזעצן, אזוי האט אויך די גייסטיגע וועלט איהרע בעזונדערע געזעצן, וועלכע עס איז נישט אריבערצוגעהן, סיידען דורך א העכערער, גרעסערער „שפע“, דורך א בעזונדער ווירקונג פונ'ם „צדיק האמת“, וואס ער איז בבחינת גואל, משה-משיח, יענער צדיק, וואס האט דעם כח צו מבטל זיין א גזירה („הקדוש ברוך הוא גוזר וצדיק מבטל“), אדער דורך א בעזונדער „חסד“ פון אלערבעסטען.

אט דאס פראבלעם פון העכערער גערעכטיגקייט ווערט דורכגעפיהרט פון אנ—סקי'ן אין דער גאנצער מיסטעריע זיינער, אין דעם אנקומען פונ'ם בחור חנן, ניסנ'ס זוהן, אין סנדר'ס הויז; אין דער בעזונדער שטארקער ליעבע פון חננ'ען צו סנדר'ס טאכטער לאה, וועלכע טראגט אין דער גאנצער מיסטעריע א פאטאלען כאראקטער; אין דער שטילער, טיעפער, ריין-הייליגער ליעבע פון לאה צו חננ'ען (שוין אין דעם ערשטען אקט זאגט לאה צו איהר חבר'טע וועגען חננ'ען: „איך וואלט וועלען ווייסען, פארוואס ער איז אזוי בלייך און טרויעריג. ער האט געמוזט קראנק זיין...“ ארויסגעהענדיג, טרעפט זי זיך אן מיט איהם און האט זייער שמועס בעשטעהט אינגאנצען פון א פאר ווערטער, טראגט ער אויף זיך דעם שטעמפעל פון צוגעבונדענקייט אויף אייביג. פאר דער חופה מוז זי דוקא געהן אויף חננ'ס קבר און פערבעטען איהם אויף דער חתונה...), כאטש אלס צניעות'דיגע יודישע טאכטער קאן זי זיך נישט אנטקעגענשטעלען דעם ווילען פון איהר פאטער. דאן — דער עצם אקט פון דער גייסטיגער פעראייניגונג (ווען עס געהט אין לאה אריין דער דבוק). ווייטער — דער „משולח“, וועלכער איז אין דער גאנצער מיסטעריע, פון אנהויב ביז'ן סוף, דער הויבע מצד דער העכערער גערעכטיגקייט, דער טוען, וואס איז געשיקט געווארען פון דער פמליא של מעלה, צו מאהנען דעם דין שמים, און וועלכער פיהרט א שטילען, טיעף-פערבארגענעם קאמף מיט'ן צדיק ר' עזריאל, וואס וויל מיט דעם כח פון זיין צדקות דורכאויס מבטל מאכען די גזירה פון די היכלות. ר' שמשון, דער מרא דאתרא פונ'ם שטעדטיל, צו וועמען ניסן בן רבקה קומט צו-חלום און וועלכער ווערט דערנאך א טוען מצד המת (ז' 71), איז אויך די פערקערפערונג פון דער העכערער גערעכטיגקייט, כאטש נישט אין אזא עקסטער פארם, ווי דער „משולח“...

אט דאס פראבלעם פון העכערער גערעכטיגקייט האט זיך אנ—סקי'ן פיעל בעסער איינגעגעבען, ווי דאס פראבלעם פונ'ם צדיק אלס רעליגיעזער איבער-מענש. זעהר אריגינעל, איינדעל-שען, טיעף און פון אלע זייטען ריכטיג איז ארויסגעשטעלט געווארען אינ'ם „דבוק“ דאס פראבלעם פונ'ם גייסט, וועלכער בלייבט נאך א לאנגע צייט נאך דעם פיזישען טויט צווישענגעהענדיג און אנגעקלעבט אן זיינע ערדישע פערלאנגען און סימפאטיעס. דער איבערגאנג פון וועלט צו וועלט, ווי אויך דער פערקעהר „צווישען צוויי וועלטען“ (ווי איך האב עס שוין ברייט ערקלערט אינ'ם פריהערדיגען פרק) זענען אינ'ם „דבוק“ פארטרעפליך געצייכענט.

קומען מיר אבער צו צום הויפט-פראבלעם פונ'ם „דבוק“, צום פראבלעם פון „ירידה“ און „עליה“ פון דער נשמה, זעהען מיר, אז דער דיכטער איז געבליבען שטעהן אהנמעכטיג פאר דער ריעזיגקייט פון אט דעם פראבלעם. מיר לעבען-דורך צוזאמען מיט'ן דיכטער די גאנצע מיסטעריע און מיר בלייבען ביים סוף ענטטוישט אין דעם רעכטען עיקר. מען האט אונז צוגעזאגט צו בעווייזען די „ירידה“ און די „עליה“ פון דער נשמה. מיר האבען דורכגעלעבט און דורכגעליטען צוזאמען סיפ

זונג'ען זײן טיעפע „ירידה“; מיר האבען מיט איהם צוזאמען געהאפט אויף „תיקון“; מיר האבען געזעהן דאס גוואלדיגע געראנגלעניש פונ'ם „צדיק“ צו מתקן זײן חננ'ס נשמה; דער דיכטער הײסט זינגען פון אנהויב און ביז סוף: „דאס פאלען טראגט דאס אויפקומען אין זיך“— דאס „פאלען“ האבען מיר אויסגעצײכענט געזעהן; דאס „אויפקומען“ זעהען מיר אבער נישט...

דער „משולח“, וועלכער איז אין דער מיסטעריע די פערקערפערונג אי פונ'ם „עד“, אי פונ'ם „דיין“, זאגט אין סוף פונ'ם ערשטען אקט: „ער איז ניזוס געווארען“... ענדיגען ענדיגט ער אבער נור מיט: „ברוך דיין האמת“... די העכערע נערעכטיגקײט האט מאקע דאס אײביגע געטהון— וואו איז אבער דער תיקון פון חננ'ס נשמה? די העכערע גזירה איז מאקע דערפילט געווארען; דער מענש איז אבער געבליבען געפאלען, ווי געווען...

דער אמת'ער תיקון פון א נשמה בעשטעהט, לויט דער חסידישער אויפפאסונג,— און דער דיכטער האלט זיך דאך אין דער גאנצער מיסטעריע בײ אט דער אויפפאסונג — אין דעם, וואס זי, די נשמה, ווערט בעפרײט פון אלע איהרע ערדישע פארשטעלונגען און צוגעבונדענקײטען, דערקענט, אז אט די אלע פארשטעלונגען און צוגעבונדענקײטען זענען נישט מעהר ווי אילוזיעס, וואס האבען נאר א וואסער-ניט-איז זײן און בעדײטונג פאר'ן חומר, אבער נישט פאר'ן גײסט אלס אזעלכען, און בעקומט דורך אט דער ערקענטעניש בלינגלען צו פליהען אין דער הויך און א שליסעל צו די היכלות העליונים. בעת דער גײסט געפינט זיך נאך אין חומר, בעשטעהט זײן הויפט ערציהונג, לויט דער חסידישער וועלט-אויפפאסונג, אין דעם, צו זעהן דעם גאנצען „יש“ אלס „אין“, צו זעהן דאס גאנצע אויסערליך-עקזיסטירענדע אלס „אחיזת עינים“, א פערשטעלעניש און א בעהעלטעניש פון דעם אין-סוף, וועלכער איז דער איין-און-אײנציגער, באמת עקזיסטירענדער און חוץ איהם האט קײן זאך קײן אמת'ע עקזיסטענץ נישט. ווען דער גײסט ווארפט-אראב פון זיך דעם חומר, בעשטעהט זײן אמת'ער תיקון און עליה נור אין זײן פולער און גאנצער בעפרײאונג פון דער ערד-אילוזיע.

די עובדה פונ'ם „צדיק“ בעשטעהט, לויט דער לעהרע פון די חסידים בנוגע צום תיקון פון א צווײטען, דערין, וואס ער בעהעפט זיך מיט יענעם צווײטען נפש בנפש, רוח ברוח און נשמה בנשמה, הויבט איהם דערמיט אויף פונ'ם ערד-שטויב און איז איהם מכשיר דערמיט פאר זײנע ווײטערדיגע שטײגונגען און געטליכע השגות. אינ'ם „דבוק“ בלײבט אבער חנן אײגענטליך א ה ן א תיקון. ער בלײבט צוגעבונדען און צוגעוואקסען צו זײן ערדישער ליעבע, ווי געווען. ער געהט, אמת, ארויס פון לאה'ס קערפער, געצוואונגען צו דעם הערן די חרמות פונ'ם „צדיק“. ער בלײבט אבער נעבען איהר און האט נאך צו איהר אַן'ערדישע צוגעבונדענקײט.

בכלל בלײבט עטוואס דורכאױס אונבעשטימטעס אין דעם סוף פונ'ם גאנצען לעצטען אקט. מיר האבען זעהר פיעל ערווארט און לסוף ווײסען מיר אײגענטליך נישט, מיט וואס האט זיך עס אלץ געענדיגט

דער ענין פון דער נשמה-ירידה און נשמה-עליה איז צו-געוואלדיג, אום צו פערקערפערן איהם אין געשטאלטען פאר'ן צושויער. לאמיר זיך בעגנוגענען מיט אײן איבעריגע, טיעפע ענינים, וואס זענען בערוהרט געווארען אינ'ם „דבוק“ און אײזשען און הארציג-ליין בעהאנדעלט געווארען.



אהרן ציימלין.

# אין ים'ס רשות.

(רייזע-בילדער)

גאַנצע טעג האָבען זיך די „חלוצים“ — די ראַזיגע צייטווייליגע טריעסטער ירגער — ניט געקאָנט זאַט אַנקוקען מיט'ן ים. ווי נייגיריגע קינדער האָבען זיי געגאַפט אויף דאָס גרויסע, ריזיג-שטראָמענדיגע וואונדער, געזאַפט אין זיך ים-ריח, ציפריעדען געשמייכעלט, ווי ביי-צייטענס פיהלענדיג די נאָהנטקייט פון אריענט, און אויסגעקוקט דאָס שיף. „העלואַן“ הייסט דאָס שיף און קיין אלכסנדריה-של-מצרים פיהרט עס. פון דאָרט געהען פאַר אַ חלוץ צוויי וועגען — מיט יבשה און מיט ים — קיין אַלטנייאַלאַנד, דאָס לאַנד,וואָס ווינקט שוין, דאַכט זיך, אפער מיט הייסע כשוף-אויגען פון הינטער דער בלויער האָריזאָנט-ליניע פונ'ם ים.

אין איינעם אַ רעגענדיגען פריהמאָרגען — מזל-טוב! דאָס שיף איז דאָ! „העלואַן“, דער שטאָל-געפאַנצערטער ריזע, שטעהט ביי די ברעגעס פון טריעסט. דאָס „חלוצים“-הויז (געפינט זיך אין אַ גרויסער געביידע עק שטאָדט, אויף „קאַמפּאַ מאַרטיאַ“) קוקט אויף איהם, און ער, דער ריזע, קוקט אריבער צום „חלוצים“-הויז. ער זאָגט: „אַט בין איך געקומען נעהמען דיינע קינדער“. און דאָס הויז: „נעהם שוין, האַרציגער, און פיהר זיי אַוועק אין יענעם וואונדערליכען לאַנד אַריין. זיי זענען אַזוי אונגעדולדיג, אַזוי גליקליך און אומגליקליך צוזאַמען“...

דער אנפיהרער פונ'ם פּאַלעסטינאַ-אַמט, אַ גרויער איטאַליענישער יוד מיט אַ וטמיטיגען פאָטער-שמייכעל ארום די ליפען און אַ רויטער אַפּעלסין-נאָז, פיהלט זיך יום-טוב'דיג, גיט עצות, טיילט פונאַנדער נומערן פון „הארץ“ צווישען די אָבפאָהרענדיגע, ווינשט גליק און קוקט אויס, דאַכט זיך, מיט דאָפּעלטער ליעבע אויף דער יונגער ציון-עמיגראַנטקע, די חנ'עוודיגע 18-יעהריגע גימנאַזיסטין פון קראָקאָ, וואָס איז אַנטלאָפען, ווי זי דערצעהלט, פון רייכע אַסימילאַטאָרישע עלטערן, כדי צו בעאַרבייטען מיט ווייסע פרויען-הענד די שוואַרצע ערד. אָט שטעהען חלוצים פון דייטשלאַנד, פעסטע בלאָנדע יונגען, רעדען הויך און אָבגעהאַקט בערלינער דייטש און האַלטען זיך אַזוי ענערגיש, אַז דיר דוכט, דאָס נאָך אַ פּאָר צעהנדליג אַזוינע „בחורים“ — און ארץ-ישראל איז אונזערס, אַפילו אהן דעקלאַראַציעס און טראַקטאַטען. פון צייט צו צייט רוקט זיך אויך אונטער דאָס יונגעל פון וואַרשא, אַ טיפּ פון אַ יונגען ציימונגס-לעזער, וואָס די פרעסע האָט איהם געמאַכט פאַר אַ „גאַנצען לייט“, ער שעפּט אַליין פון דער פּרעסע. ווען דו הערסט איהם רעדען מיט אַ מיושב'דיגען, אַלט-קלוגען טאָן אַ הויך-ליטעראַרישען ציימונגס-יודיש — ווייסטו ניט, צי זאָלסטו בעוואונדערן די פעהיגקייטען פון יודישען גייסט, וואָס אַ דאַנק זיי רעדט ביי אונז אַ 13—12-יעהריג יונגעל אַזוי ליטעראַריש-אינטעליגענטיש, אָדער וויינען דאַרפסטו אין דער שטיל איבער דער דאָזיגער צו-פריהער רייפקייט, וועלכע פערוואַנדעלט אונזערע בר-מצוה-יונגלעך אין געזעצטע זקנים. די דאָזיגע יונגע רייפקייט, וועלכע איז ניט צו זעהן אין אַזאַ מאָס ביי קיין שום אומה-ולשון, וואָס האָט אונז אין דער וועלט געגעבען וואונדער-קינדער פון כל-המינים, יאשא חפצ'ים און שמואל'יק'ס — צי איז זי ניט אונזער טראַגעדיע,

אונזער גרויסע טראַגעדיע אין אַ קליינעם פאָרמאַט? אונזער גרויסקייט איז געוואָרען אונגאַיטמאַל, ווי דאָס גאַנצע לעבען אונזערס. ווי די שווינדזיכטיגע שאָהל־קאַיינע אין פּרץ'ס בעוואוסטען ליעד, איז אויך דאָס אַלטע פאָלק געוואָרען אַ מין „סובּאַטניצע אהן לונגען". בעגייען די לונגען צוריק, אָטעמען מיט דער לופט פון שרון — צי איז עס נישט פון אייביגקייט געווען דער אינטימסטער חלום פון דעם גאון'ישען, אָבער קראַנקען פאָלק? —

פאַרצייטענס, ווען מיר זענען פון מצרים געגאַנגען אין דאָס צוגעזאָגטע לאַנד, זענען מיר אַריין אין טיעפען ים — און דער גאָט פון אונזערע אבות האָט דאָס צוגעזעהן און האָט אונז געשפּאַלטען דעם ים־סוף, מיר זאָלען איהם טרוקען דורכגעהן. און איצט איז ווידער אַ ים אַרום אונז, אַ ווילדער ים, אַ רויטער ים, פול מיט דעם בלוט פון ברידער און שוועסטער, און זוכען מיר רעטונג — איז ווידער די אַלטע רפואה פאַראַן:

זיך נעהנטערן צום צוגעזאָגטען לאַנד!

... קום־זשע אַהער, בר־מצוה־יונגעל מיט די עילוי'שע בעוועגונגען, שטעל דיך דאָ אין פענסטער און זעה: אָט וואַרט דאָס שיף, אָט וואַרט די ים־בלויקייט, און ווייט, ערגיץ־ווייט, הינטער דער ים־בלויקייט, ליעגט אַ לאַנד און וואַרט אויך. אויף דיר, אויף מיר, אויף אונז אַלעמען. גלייך אויס דעם רוקען, נעהם אַראָב די קנייטשען פון שטערן, לאָז מיך צו־רוה מיט דיין שלעכט־פערדייטער צייטונגס־שפּראַך, און דערמאָהן זיך נור, דערמאָהן זיך אין'ם קליינעם יונגעלע פון בית־לחם, דוד, דעם זוהן פון ישי... אַ רויט־בעקיג, שען־אויגיג פאַסטוכ'ל איז אַרוים אויפ'ן פעלד און מיט פעלד־שטיינדלעך געלעגט טויט אַ מאוס'ן, ריעזיג־אומגעלומפּערטען גלית... שען, אַיאָ? און וואָס מיינסטו, מיר וועלען שוין קיינמאָל אַזוינע נישט האָבען? אַזוינע יודישע יונגלעך, אַזוינע הוד־בן־ישי'ס? ניין, מיר וועלען, מיר וועלען... דען צו־טיעף איז אַריין די בענקשאַפט אין אונזערע הערצער. אָט וואַרט דאָס שיף, אָט וואַרט די ים־בלויקייט, און ווייט, ערגיץ ווייט, הינטער דער ים־בלויקייט, ליעגט אַ לאַנד און וואַרט אויך. מיר וועלען, מיר מוזען אויסגעלייזט ווערען. עס איז צו־שוואַרץ, צו־פינסטער דאָרט, ביי די ברידער און שוועסטער. דאָ איז בלוי. דאָ ליעגט אַ ים און כשופ'ט, אַ ווייט לאַנד ווינקט ווי אַ חלום און כשופ'ט. פון דער ים־בלויקייט וועט אונז אויפגעהן אַ ליכט. לאָמיר זיך אַלע זעצען אין שיפען, יונגעלע, און פאָהרען און פאָהרען — — —

ווייט, ערגיץ ווייט, הינטער דער ים־בלויקייט, ליעגט אַ לאַנד און וואַרט — —

---

כ'האָב פערגעסען אַלע ליעבסטע,
כ'האָב פערלאָזט מיין אייגען הויז,
כ'האָב דעם ים זיך אָבגעגעבען —

און אָט זיצט מען שוין, אין אַ מזל'דיגער שעה, ווער אויף פעקלעך, ווער אויף קאַסטענס, אי אויבען, אי אונטען, אי אין דער מיט, מען זיצט און מען וואַרט, ווען גיט זיך שוין „העלואַן" אַ ריהר... פיערטע קלאַס פאָהרט מען — און אין דער אמת'ן איז עס גאָר קיין קלאַס נישט, נאָר אַ מין ענגע היהנער־שטייג, פול אָנגעפּאַקט און אָנגעפּראַפּט. נישטאָ זיך וואו אַ ריהר צו טהון, מיט וואָס צו אָטעמען — אָבער עט, נאַרנישט, כ'לעבען, נישטאָ וואָס צו קריעגען זיך! ווער קוקט דען אויף אַזוינע קלייניגקייטען, ווען דער ים איז גרויס, אַזוי גרויס, און די האָפנונג — נאָך גרעסער, ווי ער?

און דער גרויסער ים ליעגט און קוקט זיך צו, ווי די מאַטראָסען און די ברייטע הויזען פליהען — דער אַראָב, דער אַרויף, קלעטערן איבער די לייטערס, ווי לונאַטיקער, שפּרינגען איבער די שטריק, ווי קונצענמאַכער, לאָדען־אַן דאָס שיף מיט סחורות

דורך ריזיגע עלעוואַטאָרס, וואָס הויבן זיך, ווי אויסגעשפּרייטע הענט, אין הימל אַרײַן. אַ רעש, אַ גערודער, מען קומט און מען גייט אַהין און אַהער:

די שווימענדיגע שטאָדט „העלואַן“ גרייט זיך צום אָפּפאָהרען.

מענשען פון פערשידענע שטאַמען און לענדער, הונדערטער קלײנע וועלטען האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפען אין אַ גרויסער אײנציגער וועלט — דאָס שיף — און הונדערטער צעלען. און האָפנונגען זענען פערהאַנדעלט געוואָרען אין איין האָפנונג, איין ציעל: אַריבערצוקומען בשלום דעם ים, דעם ריזיגען קאַלטען, פער'חלום'טען ספינקס, וואָס ליגט צווישען לענדער און צושיידט זיי איינס פון צווייטען. אַלע זענען זיי אַהער געקומען: דער אַמעריקאַנער מיליאָנער, וואָס פאָהרט „פערסט קלעס“ (ערשטע קלאַס) און קוקט נישט מיט אויגען, נאָר מיט מאָנאָקלען, געהט. דאַכט זיך, נישט אין שיף, נאָר אויף גאַנצע רעדער, און — דער ציוויליזירטער נעגער, וואָס פאָהרט פון בערלין, וואו ער האָט געענדיגט זיין שטודיום אַלס דאָקטאָר, צוריק אין זיין ווילדער הײם מיט איהרע שוואַרצע מענשען. דער קאָנטראַסט צווישען זיין סמאָלע-פּנים און די שניי-ווייסע אײראָפּעאישע מאַנזשעטען מאַכט נישט-ווילענדיג לאַכען. פון צייט צו צייט דערוועקט זיך אין איהם, דעם „דרעסירטען“, דאָס נעגער-בלוט און ער לאָזט זיך טאַנצען, כלומר'שט פון גוטמוטיגער צופרידענקייט אויבען אויפ'ן דעק, צוזינגענדיג דערביי אַ מאָנאָטאָן נעגריש ליעדעל, וואָס דערוועקט אַ געדאַנק: אויב אַמעריקאַנישע מאַלפּעס וואָלטען געקאָנט זינגען — וואָלטען זיי פּונקט אַזוי געזונגען. אַ פּאָר לעדיג-געהער שטעהען, קוקען-צו און לאַכען האַרציג. די איבריגע פּאַסאַזשירען זענען אַלע פערהאַוועט, פערנומען מיט די הכנות צום אָבפּאָהרען. אַ תהום פון ריייד, אַ געמיש, אַ געווירבעל פון שפּראַכען, אַ געפּילדער אַהין אַנ'אַנהויב און אַהין אַ סוף — און דער ים?

ער, דער גרין-בלויער, שווייגט דערווייל, ווי איינער זאָגט: רעדט, רעדט, האַרציגע! דערפאַר וועל איך שפּעטער רעדען און איהר וועט שווייגען...

אַזוי דויערן די הכנות אַ גאַנצען טאָג. אַ סך געזעגענען זיך אויפ'ן שיף, אַנדערע געהען געזעגענען זיך אין שטאָדט. מאָרגען וועט עס געשעהן. אַרום מיטאָג-צייט דאַרף דאָס שיף אָבגעהן...

---

„העלואַן“, דאַרפט איהר וויסען, איז אַ שנעל-שיף, און קומען קומט עס קיין אַלעקסאַנדריען נישט לענגער, ווי אין פיער טעג נאָך זיין אָבפּאָהרען פון טריעסט. מיט אַ „שלעפּ-שיף“ געדויערט די זעלבע נסיעה גאַנצע 17 טעג. דאָס איז אַ סך אַ גרעסערער חסרון, ווי מען קאָן מיינען. דאָ האַנדעלט זיך נישט נור אין דער צייט, נאָר אויך — און איבערהויפּט — אין דער אַזוי-גערופענער „ים-קראַנקהייט“, וואָס נעדויערט אויפ'ן שלעפּ-שיף לענגער, ווי אויף אַ שנעל-שיף. די לעצטע האָט אַ גרויסע מעלה, וואָס עס לייזט אײך אויס פון אײערע צרות תיכף-ומיד. גלייך ווי איהר שטעלט אַ פוס אויף דער יבשה — זענט איהר ציריק דערזעלבער מענש, וואָס פריהער. האָט אָבער דערפאַר דאָס שלעפּ-שיף אַ מעלה, וואָס דער שנעל-שיף האָט עס נישט: עס שטעלט זיך אָב ביי מעהרערע פּאָרטען. גאַנצע טעג שטעהט עס אָב ביי אינזלען און פּאָרטען, וואָס, פאָהרענדיג אין אַ שנעל-שיף, האָט איהר נישט קיין אַהנונג פון זיי. דאָס שנעל-שיף איז אינגעדולדיגער, עס וויל גישט שטעהן, נאָר כסדר פאָהרען, און איך גלויב, אַז אַ שנעל-שיף איז דעריבער פּאַסיגער פאַר חלוצים, ווי אַ שלעפּ-שיף... די ריזיגע „אינגעדולד“ מצד דעם שיף האַרמאָנירט דאָך אַזוי אויסגעצייכענט מיט דער אונגעדולד פון זייער האַרץ. נאָך די לאַנגע און שווערע גלות-כּהלות, וואָס מען האָט היינטיגע צייטען אויס=

צושטעהן בײַם פאָהרען קײן ציון: איז די אומגעדולד צו זעהן דאָס דאָזיגע לאַנד
פעלט פערשטענדליך...

און פאָהרען פאָהרט מען, ווי געזאָגט, אין ענגשאַפט און שטיקעניש, נישטאָ וואו דעם קאָפּ אַוועקצולעגען. געוויינליך פאָהרען חלוצים אין דער אַזוי־גערופענער פערטער קלאַס, וואָס איז, ווי געזאָגט, אַ קלאַס ניט בלשון סגי־נהור. אין־דער־אמת'ן איז עס אַ מין קאָרידאָר, אָדער עפּיס ענליך דערצו, וואוהין מען וואַרפט צוזאַמען אַלע חלוצים און אייער הויפען, ווי איינער זאָגט: „ליעגט דאָ און טהוט אײַך וואָס איהר ווילט. נישט אונזער באַבעס דאגה. מיר גיבען אײַך, אַדאַנק דער „מעבירים“־געזעלשאַפט, אַ 50־פּראָצענטיגע הנחה — דאַנקט־זשע גאָט, וואָס מיר גיבען אײַך בכלל אַנ'אָרט אויף אונזער שיף, און שטומט, ווי אַ פיש אין די טיפע וואַסערן“...

ליעגט טאַקע עולם אין דער פערטער „קלאַס“, מישטיינס געזאָגט, ווי הערינג אין אַ פעסעל — און אינטערעסאַנט: מען קלאָגט זיך נישט, מען נעהמט עס אַז, ווי אַ זאַך, וואָס דאַרף נישט און קאָן נישט זיין אַנדערש... פּסיכאָלאָגיש איז עס פערשטענדליך: מען איז שוין צוגעוועהנט. מען האָט זיך אויפ'ן וועג אַזוי פיעל אנגעליטען, אַזוי פיעל אויסגעוואַלגערט, אַז עס אַרט שוין נישט לגמרי, וואָס מען וועט זיך נאָך אַ ביסעל אַנליידען. פערפאַלען! ווי לאַנג מען איז נישט דאָרט — איז מען דאָך נאָך אַלץ אין גלות...

און אַז די איטאַליענישע מאַטראַסען, וועלכע זענען עפּיס נישט אַזוינע זיידענע יונגעלייט און נישט אַזוינע גרויסע צנועים, טשעפּען זיך צו, מעשה־נאַחאַלען, צו אַנ'אַלטער יודענע, וואָס פאָהרט קײן א"י אָבצולעבען דאָס רעשט ביסעל יאָהרען און האָט שוין מסתמא אנגעגרייט תכריכים פאַר זיך, און „ראָמאַנסירען“ מיט איהר איבער־געוואַלד — מוז מען ווידער אַראָבלאָזען די אויגען און שווייגען. פערפאַלען! דאָ זענען זיי נאָך די בעלי־בתים... מיעט אין הארצען אָבער וואַקסען געפיהלען פון פערראַכטונג, נישט פון נקמה, נאָר פון פשוט'ער פערראַכטונג. און עס טראַכט ביי זיך יעדער איינער: שפּעטער, קומענדיג אַהיין, שווער איך ביי אלקי־ישראל נישט צו זיין קיינמאָל, ווי זיי. טאַקע אַ לאַנד, מאַכע אַ פאָלק, אָבער נישט ווי זיי, נאָר נישט ווי זיי...

און וועלען זיי קומען אַמאָל — וועט זיך דער געדאַנק ווייטער — איז זעהן, ווי דער דיכטער זאָגט, „מה פּיל קטן גויים, עם נד“ (וואָס ס'האָט אויפגעטהאָן אַ קליין פעלקעל, אַ וואַנדער־אומה) — זאָל זיי דאַן אויסשטעלען די אויגען אונזער מאַכאַלשיע רייכקייט. זאָל דער שר של עשו דאַן פערביי'ענדט־ווערען פון אונזער בעניימטער נשמה'ס שטראַהלען, זאָל נור דאָס, און נישט עפּיס אַנדערש, זיין אונזער נקמה פאַר די צוויי־טויזענד־יעהריגע יסורים...

---

די ערשטע צוויי טעג געהט אַלין כשורה: דער ים שטעהט מיט דעם טיף און פריינדליכע בעציהונגען. אַבט גרינט פאַרביי אַנ'אינזעל, דערצעהלט פון עפּיס אַ ווייט, אונבעקאַנט לעבען און פערגעהט אונטער דער מוזיק פון כוואַליעס... ביי ברינדיזי שטעלט זיך דאָס שיף אָב און עולם רייסט ממש פון די הענד די בילעטען, וואָס די „שיף־מאַכט“ טיילט־אויס די יעניגע פּאַסאַזשירען, וואָס ווילען אַרונטערגעהן אין גאַנגען די שטאָדט. מען לאָזט זיך אַראָב ווייך דאָס ספּעציעל־אויפגעשטעלטע בריקעל און דער פאָרם פון שטיגען און נאָך צוויי טעג פאָהרען בעמערקט מען ווידער די יבשה... דרומ'דיגע וואַהים, אַ גרויסע זון, ווי אַ העל־געשליפענער בעלער, אנגעגאָסען איבער די בערגעס מיט גאָלד, שטעהט אין הימעל. עס ליכט פון אַלע זייטען. בעטלערס רייסען פאַר די פּאַלעס, זעהענדיג דיך אַראָבגעהן פון שיף, און דאַנקען מינוטען־לאַנג פאַר דעם „צענטעזימאָ“ (איטאַליענישער סענט), וואָס דו דערלאַנגסט זיי. דאָס חנ'עוודיגע איטאַליענישע מיידעל, וואָס שטעהט אין איהר קיאָסק־בודעל און פערקויפט דיר אַבית'ע אונ־

כאַליעניִשע אפעלסינען פאַר אַ „שיבוש“, בעטראַכט דיך מיט גנייר, געמישט מיט עהרפורכט: אַנ'אויסלענדער... און דערקענען דערקענט זי אין דיר דעם אויסלענדער, נאָך איידער דו עפענסט אַ מויל. דו לאָזסט זיך בלאָנדזשען איבער דער שטאָדט. די גאַסען, די אַרכיטעקטור פון די הייזער — אהן סדר, אהן סטיל און דאָך אַזוי סטילפול... אַ „ליריִשע אונאָרדנונג“, ווי מען רופט עס אין די ביכער פון סטיליסטיק. יאָ, ליריִש! די גאַנצע לופט — ווייך און וואַרים, ווי פונאַנדערגעבליהטע מיידעלשע ליפּען — איז אַ שטיק ליריק... דיר דוכט, אַז זי זינגט, זינגט אהן אַ קול, פיל מיטפערבאָרגען לעבען, און זשומט אין דער שטיל, ווי טויזענדער יונגע ביהנען...

צי זענען עס ניִשט די געהיימע אונאויפהערליכע געזאַנגען פון דער גרויסער ליעבע, וואָס ליעגט דאָ צעוואָרפען און פילט דאָ אַן אימליך שפּעלטעלע, יעדען לופט-אָטאָם?—

---

אָוועגד-צייט „רוהרט“ דאָס שיף און לאָזט זיך אין וועג אַריין — אַ וועג בעטעפילכט מיט שטערען... און אויף די שטערען-טעפּיכער גליטשט-זיך דאָס שיף אַ גאַנצע נאַכט, אַ גאַנצע נאַכט האָט עס געהיימע מחזקות מיט'ן ים און אויף צו-מאָרגענס איז דער ים אויף איהר ברוגז, ווער ווייס, פאַר וועלכע חטאים... ער וואַרפט עס און שלייִדערט עס פון איין זייט אויף דער צווייטער, און מיר, פּאַסאַזשירען, וואָס בעקומען דורכדעם ים-קראַנקהייט, בלייבען ליעגען, וואו די קראַנקהייט האָט אונז געטראָפען, מיט פערוואַרפענע קעפּ און אויסגעשפּרייטע פיס-און-הענד, ממש ווי געבונדענע, ווי קרבנות אויפ'ן מזבח פונ'ם ים... בלויז דער שיף-דאָקטאָר, אַ געזונדטער יונג, און די מאַטראָסען, וואָס זענען שוין צוגעוועהנט צו אַזוינע נאַרישקייטען, שפּאַצירען אַרום מונטער און פרעהליך אויפ'ן דעק און צווישען די קאַיוטעס, דערביי קוקען זיי זיך אַן מיט אַ שמייכעל פון בעהאַלטענעם שפּאָט: „מישטיינס געזאָגט, די יבשה-מענשען!“ — דער ים האָט זיך אַ ביסעל צובריקעט — ליעגען זיי שוין, די נאַרנישטען, ווי געשאָכטענע“...

מיר ליעגען אַלע און קרעכצען ווי פערוואונדעט. פון אַלע זייטען ברעכט מען, מען שען גערעהן, האַלט-זיך — פלוצלונג פערדרעהט זיי דער קאָפּ, זיי טהוען זיך אַ וואַקעל און פאַלען אום. וואויל איז דאָן צו די, וואָס של אַ פּ ע ן. פערהעלטניסמעסיג גוט איז אויך די יעניגע, וואָס עס האָט זיי אבגעגאַלטען צו געפינען זיך אין דער צייט פון דער פלוצלונגער איבערקעהרעניש ניִשט אויפ'ן דעק, וואו אין דער יצר-הרע טרייבט כסדר אַרום דורכצוגעהן זיך און שפּאַצירען אַ ביסעל, נאָר אינעווייניג, אין שיף גופא: אויב עס איז דאָרט, וואָס אמת, ניִשט אַ סך בעסער, איז מען אבער לכל-הפּחות בעוואָרענט פון אַ רעגען, וואָס איז זיך, דיר-ניִשט, מיר-ניִשט, מישב און הויבט-אָן צו בעגיסען די פּנים'ער פון די קרעכצענדיגע ים-קרבנות, וואָס ליעגען אין די ים-בעטלעך, ווי זעלנער אין די לאַזאַרעטען, מיט די פּנים'ער צום הימעל. עס איז דאָן ממש אַ „גאָט'ס רחמנות“ און דער שיף-דאָקטאָר — אַ פּאַרשוין מיט שטאַרקע נערווען — טהוט זיך ניִשט אַ ריהר, ליעגט ניִשט אַ האַנר אין קאַלט וואַסער אַריין. די פּאַסאַזשירען זענען ברוגז אויף איהם, זיי וואַלטען געקאָנט — וואַלטען זיי איהם אַריינגעוואָרפען אין ים, אבער ער, דער הויכער פּריִשער איטאַליענער, ווערט ניִשט נתפּעל, גערהט נור צו, פאַר יוצא-וועגען, פון צייט צו צייט צו דעם אָדער יענעם „ברעכענדיגען“, און שמייכעלט מעשה ערפאַהרענער און בעהאַוונטער ים-מענש. ער ווייסט, אַז ס'וועט זיין, חס-ושלום, נאַרניִשט זיין, די דאָזיגע אַלע קרעכצער און ברעכער, אַז דאָס איז נור אַ שטייער, וואָס יעדער צייטווייליגער ים-אונטערטאַן מוז צאָהלען דעם קעניג ים...

און די מאַטראָסען? די מאַטראָסען קוקען אויף די קרעכצער שיער ניִשט מיט נקמה. „ווייסט האָטש איהר אויך אַ ביסעל דעם טעם פון ים, איהר, נאַריִשע ערד-לייט! אבער, אויב מיר, די ים'ישע, האָבען פאַר אייך מיטגעפיהל. אדרבא, אונז טהוט נאָך

הנאה, וואס אַזוינע ווי איהר דערווייסען זיך אַ ביסעל אויף דעם איינגענעם לעבּ, וואס איז דאס אַזוינס ים. מיר ווייסען: איהר זיצט אייך שפּעטער אין די קאַבּינעטען און דער־מאהנט מיט אַ סענטימענטאַלען „אך“ די ראמאַנטישע שעהנהייטען פונ'ם ים, פון וועל־כען איהר האט געמאַכט עפּיס אַ פּער'חלום'טען קרוינפּרינץ מיט בלויע אויגען. ניין, איהר סענטימענטאַלע נאַרען! דער ים איז קרעפּטיג און ווילד און שווער. ער איז פון אונזערע ברידער: אַ גראָבער, שטאַרקער מאַטראָס, וואס ווייס נישט פון אייערע יבשה־הלכות און לאַכט זיך אויס פון אייערע אויך־מיר־געפיהלען. אַ ידיעה איז איהם האָבען גיה מיר, מאַטראָסען. און איהר, ארחי־פרחי, צופעליגע ים־מענשלער, וואס היינט אויפ'ן ים, מאָרגען אויף דער יבשה — איהר וועט סיי־ווי גאָרנישט ווייסען, סיי־ווי גאָרנישט פערשטעהן. פּיהלט־זשע חאָטש אויף דעם איינגענעם הויט די שווערע האַנד פונ'ם ים און קריגט, נעבּעכדיגע, דרך־ארץ“.

---

דערנאָך האט זיך דער ים בערוהיגט. עס איז פּונקט אויסגעפאַלען חנוכה־צייט און דער גאַנצער יודישער עולם פון שיף האט זיך דערום פערזאַמעלט אויפ'ן דעק מקיים צו זיין בצבור די מצוה פון הדלקת נר של חנוכה. די מאַטראָסען האָבען גענאַפּט, געוואונדערט זיך און נישט אנגעהויבען ווייסען, וואס מען געהט דא טהון. ווישען דעם עולם זענען אויך געווען ארץ־ישראל'דיגע, וואס פאָהרען צוריק פון אייראָ־פּאַ, דערונטער צוויי יונגע אינזשענערען, געבּוירענע אין ארץ־ישראל, וואס האָבען גע־ענדיגט אין פראַנקרייך. איינער פון זיי איז געפאָהרען קיין חיפה צו פערנעהמען אַ פּראַנטווארטליכען רעגירונגס־פּאָסטען.

מיט צינדען דעם ליכט און זאָגען די ברכות האט עולם מכבד געווען דעם עלטסטען, אַ יוד אַ קאָלאָניסט, אַ געבּוירענער אין ירושלים, וואס האט ערפילט זיין שליחות אויף אַן עכט־יודישליכען אופן. די מנורה אַליין איז געווען אַן אייגענטום פון די בערלינער „חלוצים“, וועלכע האָבען זי ספּעציעל מיטגעבּראַכט אויפ'ן שיף, ווייסענדיג, אַז ס'וועט אויסקומען צו פאָהרען חנוכה־צייט. בכלל האָב איך בעמערקט ביי די דייטשע „חלוצים“ רעליגיעזע נייגונגען. אייניגע פון זיי האָבען יעדען פרימאָרגען געלעגט תפלין און שבת האָבען זיי געזונגען זמירות על פי נוסח אשכנז, הילצערנע עברי, זאָלען זיי מיר מוחל זיין, מיט אַ דייטשען „אומלויט“ ביי יעדען חולם און מלפום... אָבער ווי די מעשה איז, אַ פּאָזיטיווער שטריך איז עס.

נאָך די ברכות האט מען בצבור אַ זינג־אָב־געטהון „מעוז צור ישועתי“, דאָס געזאַנג פון נאַציאָנאַלען שטאָלץ און דאַנקבּאַרקייט צו גאָט, און גוים זענען געשטאַנען פון דער זייט, זיך איינגעהאָרכט און געהאַט שפּילען דרך־ארץ. אַ בערלינער „חלוץ“ האט זיך דערנאָך אָפּגעשטעלט, אָפּגעלעגט פּאַר אונז אַ דרשה אויף אַ שרעקליך־צו'הרג'עטען העברעאיש און געענדיגט בזה הלשון: „ויהי כמו שכתוב בסדור: ולירושלים עירך ברחמים תשוב“ (און ס'וועט זיין ווי אין „סדור“ שטעהט: און קיין ירושלים, דיין שטאָדט, וועסטו מיט גנאָד צוריקקעהרען). מען האט איהם מוחל־געווען די עם־הארצות פון גאַנצען הארצען, געפּאַטשט „בראַוואָ“, און דער ים האט אויך געפּאַטשט „בראַוואָ“, די מנורה האט פרעהליך צוגעלויכטען און די נאַכט האט פרעהליך צוגעוואונקען —

אַזוי האָבען יודען אָבגעריכט חנוכה אויפ'ן ים...

---

נאָר אָט האט זיך דער ים ווידער צובּושעוועט, ווי נמאס וואָלט איהם געוואָרען זיין צו־פריהע רוהיגקייט. דער ים פון עק ביז עק איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ שפּיק פונגאַנדערגעווייגטען שטורם, חוואַליעס פון די מערקווירדיגסטע קאָלירען — גאָה

גיהנם און גן־עדן האבען אזוינע קאלירען געזעהן — רייסען זיך צום שיף־צו, פאלען־אן אויף איהם מתנות׳דיג, ווי באנדעם ים־פיראטען, גיסען זיך איינס אין צווייטען, איבער׳ן צווייטען און דריט׳ן צווייטען, עפענען זיך בריים פונאנדער, ווי געשליפענע פערל־פעכערס, און שליסען זיך צו, עפענען און שליסען זיך צו... עס איז א ווילד וויגעניש, דער ים קאכט א מכשפות־געקעכץ, עפים איינער א געהיימער שטעהט און קעהרט־אויס די וואסערן מיט א ריזיגען בעזים און די קיילעכדיגע ליניע פון האריזאנט ווערט אזש געבראכען און זעהט־אויס ווי א געשפאלטען ראד. הימעל און ים האבען זיך פערנומען מיט׳ן שיף! אבגרונטען טיפע, פערבארגענע קריכען ארויס פון זייערע בעהעלטענישען צום ים־אויבערפלאך, קומען־אן פרייע, שווערע, צוזונגענע, אויסגעפוצט אין די טייערסטע סאמעט־און בראקאט־לבושים, און די פיינסטע וואסער־שטאפען, וואס קיין אויג, אויסער דעם אויג פון שטומע פיש, האט ביז איצט נישט געזעהן, און ווארפען דאס אלץ פונאנדער פאר ערשטוינטע בליקען, אויפליכעס פאלט מיט זיין גלאנץ, אויפליך קנייטשעל מיט זיין שימער... ווי פרישע דארפישע מעכטער, וואס קומען צום ערשטען מאל אין שטאדט אריין, אזוי קומען זיי, די אבגרונטען, צוגעהן אויף דער ווילדער חתונה פונ׳ם ים, פערזוכען דאס ווייסע זידיגע ים־געקעכץ און חאפען א ברייטען דארפישען טאנץ פון איין אונענדליכקייט ביז דער צווייטער...

פרעהליך און שרעקליך צוזאמען איז די ים׳ישע חתונה. עס פידלען מיליאנען אונגעזעהענע כלי־זמר.

און דו דערוויל ליעגסט אין צרות און קעלט אויבען אויפ׳ן דעק, איינגעקארטשעט אויף דיין בעטעל, דו אליין מיט דיין ים־קראנקהייט, און דער קאפ דרעהט דיר און דרעהט, און דאס אויער ווערט שיער א מושעל — אזוי פול איז עס מיט ים־גערויש... אבער פלוצלונג — דו ווייסט נישט ווי אזוי — נעהמט שפרינגען א פונק אין הארץ, שפרינגט אריין פון דארט אין די אויגען און מאכט זיי אזוי הייס... אויך דיך בעהערשט מיט אמאל א ווילדע ים־פרייד, דו פערגעסט אז אלץ מיט איינאנדער און געדענקסט נישט מעהר ווי אנ׳אלטען הייליגען פערז פון אנ׳אלטען הייליגען דיכטער:

ירים יהום — ונפשי תעלז,
כי אל מקדש אלהיה קרבה.

(„און ס׳ברומט דער ים — און ס׳פרעהט זיך מיין נפש: זי קומט אליין נעהנטער צום הויז פון איהר גאט“).

---

היינט איז דער לעצטער טאג: היינט דארף זיך דאס שיף אבשטעלען ביי די ברעגעס פון א פ ר י ק א...

אוים שטורם, אוים „ים־קראנקהייט“, ים איז הימעל לאכען! פריי און פראנק שפאצירט אים דער עולם איבער׳ן דעק, איבער׳ן שיף שפרייט זיך שוין, ווי אנ׳אונענדליכע חופה, דער בלויער אין־סוף פון א טראפישען הימעל, און די מעוועס פרעהען זיך, דרעהען זיך, פאטשען מיט די פליגעל און שרייען, דאכט זיך, אויף זייער לשון: „ערד! ערד! ערד!“

אפריקא! אפריקא! אפריקא!

ווי א גיגאנטישער ווייסער חלום געהט זי אויף פאר אונז. דאס שיף געהט אלץ לאנגזאמער. די פיהלסט, אז אט־אט וועט עס זיך אבשטעלען. עס בלאזט פון אפריקא׳ס ווייסע ברעגעס מיט היץ. מאטראסען בינדען־אב ביי־צייטענס די שטריק מיט א ברייטען נצחון־שמייכעל, ווי איינער זאגט: „אויסגעפיהרט“. אלץ ווערט אבגעגאסען מיט זון. עס שטראהלען די פערלאשענסטע אויגען. א פאלמען־שטאדט הויבט

זיך, פעלזען רעדען אויף שטום־לשון און לײדען אײן. אלץ שטילער גײהט דאס שיף, אלץ שטילער, די מעװעס דרעהען זיך אלץ פלינקער און אט נידערן זײ פון דער הויך און רוהען אינ'ם בלוי־גאלדענעם ים, װי קעניגען אין זײערע מלכות'דיגע בעטען.

מיר אלע זענען װי נײ־געבוירענע קינדער פון דער מאמע־שיף. דאס שיף לאזט אונז צום ערשטען מאל ארויס אויף דער װעלט, און װי קלײנע קינדער דארפען מיר זיך װידער לערנען געהן, שטעלען א פוס אויף דער יבשה.

דער הימעל האט אנגעטהון א קרוין פול מיט ליכט פון ששת־ימי בראשית: זון, זון, זון... פון אלע זײטען זון! —

און דער ים שמײכעלט. דאס בעט ער זיך איבער מיט'ן שיף, און דאס שיף שטעלט זיך אב, װיל נישט געהן װײטער, װי אײנער זאגט: „איצט בין איך דײן, אינגאנצען דײן. טהו מיט מיר, װאס דו װילסט".

עולם קומט זיך צוזאמען פון אלע קאיוטעס, אלט און יונג, ארים און רײך, און אט שטעהט מען קעפ אויף קעפ, אין לאנגע רײהען, און מען װארט. דאס װארט מען אויף דעם צוריקגעבען די רײזע־פעסער...

און דאס שיף דערװײל, צוגעבונדען צום ברעג, װינקט אריבער אין דער שטיל צו דער יבשה: „װארט! אט באלד לאז איך זײ ארויס"...

װי פון אונטער דער ערד װאקסען־אויס עטיאפען, סמאלע־שװארצע אפריקאנער אין לאנגע װײסע העמדער, עגיפטישע אראבער, שװארצע, דארע און הויכע, װי די שדים, און דאס גאנצע שדים־געזינדעל לויפט אום װי פער'סמ'ט, שרײט, פילדערט, מאכט מיט די הענד, חאפט אונגעבעטענערהײד דײנע זאכען צו צוטראגען זײ צום ברעג, קריעגט־זיך און זידעלט־זיך אויף װאס די װעלט שטעהט...

דו בעקומסט דײן רײזע־פאס, גנב'עסט זיך ארויס פון דעם פיעלפארביגען גיהנם, װאס איז פערפולט מיט די געשרײען פון װילדע אפריקאנישע „בירגער", און געהסט אראב. א טיעפע דורות־אלטקײט צוזאמען מיט א שװערער טראפישער היץ איבער־ראשען דיך גלײכצײטיג; א נײע װעלט, — דיר דוכט, א ח ל ו ם פון א װעלט, — װיקעלט זיך אויף פאר דיר, װי א גרויסער שרײענדיג־בעמאלטער לײװענט. דורך די ענגע גאסען שלעפען זיך טריט בײ טריט פערטראכטע קעמלען און ס'קלינגען מאנאטאז די גלעקלעך אויף זײערע העלזער...

דו ביזט אין דער פאלמען־שטאדט א ל ע ק ס א נ ד ר י ע ן.



ה. ד. נאָמבערג.

# קום, געליבטער!

(נאָוועלע)

דאָס קליינע טייכעלע האָט צומאָל קיין נאָמען נישט אין דער געגענד. עס ליעגט ווי פערלאָרען נעבען ראַנד פון סאָסנאָוועץ וואַלד און קיקעלט זיין וואַסער שטיל און בעהאַלטען איבער אַ זאַמדיגען באָדען. אַ מאָגערע ערד איז אַרום. אויפ׳ן האָריזאָנט זעהען זיך די פליגעל פון אַ ווינד-מיהל, סילועטען פון צעוואָרפענע חאַטעס. די פעלדער מיט זייער שיטערן קאָרן מאַכען אַ קרענקליכען איינדרוק. אין דער ציבליהטסטער צייט פון יאָהר, ווען די ערד איז בעדעקט מיט שפע און מיט אַ שווער געוועטעניש, איז דאָ טרויעריג און מעלאַנכאָליש, פונקט אַזוי ווי דאָרט, אין וואַלד, אין די וואוינונגען צווישען די סאָסנעס, וואו עס האַלטען זיך אויף שווער־קראַנקע מיט דעם צייכען פון טויט אויף זייער רויט-געפלעקטען פנים. דאָ הערט זיך נישט קיין געזאַנג ביים צוזאַמענקלויבען די סנאָפּעס. די זאַנגען האָבען קוים צו עטליכע קערענדלעך, און דאָס שטרוי איז נידריג. אַהער שיקט מען שניידען דעם אַלטען צובראָכענעם זיידען, אָדער די נאָך-מעהר-געהויקערטע באָבען. יונגע און בליהענדיגע קערפּערס מיידען-אויס אַוועקצולעגען זייערע פרישע כוחות אויף דעם באָדען.

דאָס טייכעל פליסט געקרימט און געבויגען, אַזוי ווי די גופים פון די, וואָס שניידען דאָרט די תבואה. עס דערלויבט זיך נישט צו מאַכען אַמאָל אַ שאַרפערן בויג און אַראָבבויגען אין אַ זייט, כדי אָנצונעהמען אַנ׳אַנדער ווענדונג. מען הערט קוים אַ געמורמעל. איבעריגענס, זעלטען איז דאָ אין דער נאָהנט אַנ׳אויער פון אַ מענש אָדער אַ בהמה.

פון ביידע זייטען וואַקסען ווערבעס, נידריג, געבויגען און געקרימט. זיי מאַכען אויך דעם איינדרוק פון פערלאָזענער וויסטער אַלטקייט, וואָס האָט די יוגענד־צייט שוין פערגעסען. ערגיץ-וואו רייסט זיך אַריין אַנ׳אַראָבגעהאָנגענער צווייג אין דער ברייט פון וואַסער, הויבט דאָס טייכעל אָן צו רעדען, עס ווערט לעבעדיגער און היימישער אַרום, גלייך ווי אַנ׳עכאָ וואָלט אָבגעשלאָגען פון די לאַנג-פערגאַנגענע צייטען, מיט פיעל צעהנדליגער טויזענד יאָהרען צוריק, ווען דאָ, אויף דעם אָרט, האָט געפלאָסען אַ גרויסער ברייטער טייך מיט רוישענדיגע כוואַליעס, און דער אור־אַלטער מענש האָט דאָ געפּאַטשט מיט זיינע האָהריגע הענד די וואַסערן. דער באָדען אַרום, דאָס אָנגעטראָגענע זאַמד טראָגען די שפּורען פון אַ מעכטיגען שטראָם, וואָס האָט זיך דאָ אַמאָל דורכגעטראָגען.

אָבער לאַנג שוין איז דאָס אַריבער. די צייכען זענען אויסגעמעקט, און נור דאָס אויג פון אַ פאָרשער, אָדער פון אַנ׳אינטעליגענטען ליידיג-געהער, וואָס וויל מיט עפּיס בעשעפטיגען זיין קאָפּ, געוועהנט צו אַרבייט, חאַפּט-אויף די געבליבענע שפּורען און ער ווייסט דעם סוד פון דער אַמאָליגער גרויסקייט פון אָט דעם קליינעם אָרימען רינעלע, וואָס אָהן אַ נאָמען.

אין די הייסע טעג פלעגט דאָ שפּאַצירען אַ יונגער מענש איינער און אַליין. ער פלעגט קומען פון סאָסנאָווען וואַלד אַרויס מיט פּאַמעליכע טריט און שעה'ן גאַנצע נאָכגעהן דעם לויף פון טייכעל אַרויף און אַראָב. ער איז טיילמאָל אַריין אין שפּאַליער צווישען די ווערבעס און געזעצט זיך אָברוהען אויף אַ געבויגענעם שטאַם, מיט'ן שטעקען פלעגט ער גראָבען די ערד, פויל און נאַכלעסיג, ווי איינער, וואָס האָט נישט עפּיס בעסערס צו טהון. ער האָט זיך ווי געשפּיעלט, אָבער אין זיין שפּיעל איז געלעגען אויך אַ ביסעל נייגיריגקייט, ווייל ער איז געווען איבערצייגט, אַז אַ גרויסער, שטאַרקער טייך האָט אַמאָל דאָ געהאַט זיין געלעגער. און זיין פאַנטאַזיע האָט איהם געטראָגען ווייט אַוועק, צו די לאַנג-פערגאַנגענע דורות פון מענשען און אַנדערע בעשעפּענישען, וואָס האָבען אַמאָל געלעבט און זענען אַלע שוין פערשוואונדען אין תהום פון אייביגקייט. טייל פון זיי זענען אינגאַנצען אויסגעראָטען געוואָרען, נישט איבערלאַזענדיג אפילו זייער זכר אין געשטאַלט פון קינדס-קינדס-קינדער.

דאָס קלאָרע וואַסער'ל איז געזונען פּאַמעליך און האָט אָבגעשפּיגעלט זיין געשטאַלט. עס איז געווען אַ שענער יונגער גוף. אַ טונקעלע, מאַטאָווע, דורכזיכטיגע הויט פון פּנים, שוואַרצע רונדיגע ברעמען, שוואַרץ-גלאַנצענדיגע האָהר. אָבער דאָס הערליכסטע פון דעם פּנים איז געווען דאָס אויסגעטאָקטע, פערצערטעלטע מויל, די זיסע ליפּען, ווי געבאָרען צו לאַנגע, פער'חלומ'טע קושען אין טונקעלע מאַיאָווענדען, ווען די קאַרשען בליהען ווייס. ער האָט אויסגעזעהן זעהר יונג, פון אַ יאָהר פינף און צוואַנציג, חאָטש ער איז שוין געווען נאָהנט דרייסיג. דאָס פּנים איז געווען פריש און בעלעבט, נור אַ קליינע מיעדיגקייט איז געלעגען דערויף, גלייך ווי ער וואָלט געווען אָבגעמאַטערט פון אַ לאַנגען וועג. די אויגען נור האָבען געגליהט נישט היימליך.

. אַז ער האָט זיך אויפגעהויבען, האָט זיך בעפיהלט די שווערקייט און מאַטקייט פון זיין וועזען. עס האָט זיך געדוכט, אַז דער קאָפּ ציהט מיט זיך אַראָב זיין שלאַנקע פיגור, און עס האָט זיך פערלאָרען די סימעטריע צווישען די אַקסלען. דאָס אָבער האָט נישט לאַנג געדויערט. אינסטינקטיוו האָט ער ווידער אויסגעגליכען זיין קערפּער און, געלעהנט אויפ'ן שטעקעלע, פלעגט ער ווידער שפּאַצירען אַרויף און אַראָב ביז דעם אונטערגאַנג פון דער זון, טיילמאָל נאָך אין דער נאַכט אַריין.

ער פלעגט פיעל מאָל זעהן דאָ די שטערען אַרויסקומען, און די לבנה אויסגעהן פון מזרח. פון וואַלד-אַרויס פלעגען דעמאָלט צו איהם שטימען רופען, מענערישע און מיידעלשע: „האַלאָ! האַלאָ!” ער פלעגט קורץ אָבענטפערן און זיך פערליערען צווישען די סאָסנעס.

דאָס טייכעל האָט פערלאָרען זיין איינציגען בעזוכער, האָט זיך נאָך טיעפער פערשטעקט און פערהוילען צווישען די ווערבעס און געטראָגען ווייטער זיין אָרים ביסעל וואַסער דורך דער נאַכט צו דעם ווייטען, אומבעקאַנטען ים. פיעל לאַנגע דורות זענען שוין אַריבער זינט דאָס טייכעל האָט אויפגעהערט דירעקט בעהאָפטען צו זיין מיט דער גרויסער אונענדליכער סטיכיע זיינער.

די לבנה איז אַרויס אויפ'ן מיט פון הימעל. צום שפּיגעל פון וואַסער האָט אָבער קוים אַנ'אָבגלאַנץ דערלאַנגט. טרויעריג איז געווען. אַ שטיל פער'דאגה'ט געמורמעל האָט זיך קוים געהערט, און אַלטע גייסטער פון פערגעסענע עפּאָכען האָבען זיך געטראָגען צווישען דעם פלאַנטער פון די צווייגען.

דער דאָזיגער יונגער מענש איז געקומען פון דער לוסטיגער שטאָדט פּאַריז אַהער דאָ צו זיינע עלטערן, און דאָס האַרץ האָט איהם געזאָגט, אַז ער איז געקומען שטאַרבען. מיט דריי יאָהר צוריק האָט די קראַנקהייט איהם געהאַפּט פּלוצלונג, אומגעריכט; אַזוי ווי אַ טיגער זיין קרבן, איז זי איהם בעפאַלען אין כעמישען לאַבאָראַטאָריום אין מיטען דער אַרבייט. אין עטליכע שעה אַרום איז ער שוין געלעגען אין זיין צימער, האָט געשלונגען אייז, און אַ שטרענגען אָנזאָג געהאַט פון דאָקטאָר, נישט צו געבען זיך קיין ריהר, נישט צו רעדען. צו איהם איז געקומען אין דער אָבגערעדטער שעה זיין לעצטע ליעבע, די קליינע פערשלייערטע דאַמע מיט די וויאונדערליכע אויגען, וואָס איהר נאָמען און שטאַנד האָט זי נישט געוואָלט ענטפּלעקען.

מיך רופט מען „ליעב און שווייג" האָט זי געענטפערט אויף אַלע זיינע פראַגען. געפינענדיג דעם דאָקטאָר ביי איהם אין צימער און דערזעהענדיג איהם אין אַזאַ לאַגע, האָט זי קוים בעוויזען אויסצושרייען „מאָן דיע!" און איז אַוועק.

מיט איהר איז אַוועק זיין יוגענד און דער רייץ פון זיין לעבען, – די וואונדערליכע פּאַריזער ליעבע-געשיכטען, וואָס האָבען איהם אַליין טיילמאָל אויסגעזעהן, ווי מעשיות פון טויזענד און איין נאַכט.

—מיין יונגער פריינד—האָט דער דאָקטאָר, האַלטענדיג זיין פּולס, געזאָגט—איהר האָט אַ ביסעלע צו-פיעל זיך דערלויבט. ביי אייער שענהייט און אייערע יאָהרען איז דאָס קיין וואונדער נישט. איצט, מיין פריינד, מוז מען זיין צוריקגעהאַלטען. איך ראַט אייך, נישט צו געפינען זיך אין געזעלשאַפט פון יונגע פרויען...

פון דעמאָלט-אָן האָט זיך פאַר איהם אָנגעהויבען אַ לעבען, אויסגעפילט מיט קוראַציע, אין סאַנאַטאָריומס אין דער שווייץ און עגיפּטען. ער איז חדשים-ווייז געווען געזונד, חדשים-ווייז האָט ער געהוסט און געפיבערט. ער האָט פערלאָזט די כעמיע, וואָס ער האָט זיך געהאַט איהר איבערגעגעבען מיט דער גאַנצער ענערגיע פון אַ יונגען זוכענדיגען גייסט, און פון דעם זיסען שפּיעל פון בלוט, פון די וועקסעלדיגע ליעבעס איז געבליבען נור אַן'ערינערונג.

ער האָט זיך נאָך מיט דעם רעשט פון זיין ענערגיע געוואָרפען אויף דעם שטודיום פון היסטאָריע, צום לעצטען אָבער האָט איהם די געשיכטע פון אונזער ערד, די געאָלאָגיע, איינגאַנצען פערהאַפּט. ביי דעם דאָזיגען שטודיום האָט ער זיך איינגעלעבט אין די עפּאָכען פון מיליאָנען יאָהרען, געהערט די שטים פון לאַנגע אויסגעמעקטע דורות, און די טראַגעדיע פון זיין אייגען לעבען איז ווי פערווישט און אָבגעמעקט געוואָרען אין דעם ים פון אונענדליכע וואַנדלונגען.

---

דער זומער האָט זיך דערווייל דערנעהנטערט צום סוף. די טעג זענען געוואָרען קירצער, און אַלץ אומעטיגער פלעגען זיך די פאַרבען פאַרנאַכט צושפּילען נאָכ'ן אונטערגאַנג פון דער זון. ביינאַכט פלעגט שוין שפּאַצירען אַ קיהלער ווינד. דאָס געזונדטע יונגוואַרג איז שוין צוריק אין שטאָדט אַריין אין די שולען, די עלטערע זענען זיי נאָכגעגאַנגען. די קראַנקע זענען געבליבען, ווי אַליין. פלעגען זיך צוויי פאָר אויגען טרעפען, פלעגען זיי געשווינד אַראָבלאָזען די בליקען. אַ מורא האָט זיך געטראָגען אין דער לופט די מורא פאַר דעם טויט-טראָגענדיגען אָסיען.

די קרענק האָט צוגענומען, דאָס פיבער האָט געשטיגען, און אַלץ עקשנותדיגער פלעגט ער קומען צום טייכעל, פערברענגען זיינע שעה'ן. ווייט פון פרעגענדיגע בליקען, פון רחמנות-ווערטער, האָט ער זיך דאָ געפיהלט, ווי אין אַ היים,

ניי-געפונען און צוגעגרייט. צו איהם האָבען געריפען שטימען פון פערגעסענע דורות, און נייע קומענדיגע דורות האָבען זיך אָבגעשפּיגעלט אין זיין פאַנטאַזיע. דער מין מענש איז שוין דעמאָלט פערשוואונדען פון דער ערד מיט זיינע ליידען און פריי-דען, און ריעזיגע פליהענדיגע בעשעפענישען מיט אונגעהויער גרויסע און קלוגע אויגען זענען די איינציגע בעהערשער פון דער וועלט...

ער פלעגט פיבערן, חלומ'ן און פאַנטאַזירען און געפיהלט זיך בערוהיגט און געטרייסט.

---

אין אַ פערנעגענטען טאָג איז ער אַראָב צום טייכעל. ס'איז געווען שפּעט נאָכ-מיטאָג, אין די שעה'ן, ווען דאָס פיבער פלעגט אָנהויבען צו גליהען פון זיינע אוי-גען אַרויס, און די נישטיגע, לאַנגווייליגע געדאַנקען פלעגען פערשווינדען פון זיין צוהיצטען מח, אָבטרעטענדיג זייער אָרט פאַר דעם פרייען שפּיעל פון זכרונות, ביל-דער און פאַנטאַזיעס. אַ שוואַכקייט איז איהם בעפאַלען. אַ שוידעריגע קעלט האָט זיך געוויקעלט אַרום זיין גוף, די צייהן האָבען געקלאַפּט. דערנאָך איז געקומען אַ זיסע וואַ-רימקייט. האַלב-אויסגעצויגען איז ער געלעגען אָנגעלעהנט אויף אַ ווערבע, כּיס האַלב נור אָפענע אויגען, וואָס האָבען גאָרנישט געזעהן, אויסער דאָס גערונצעלטע וואַסער.

ער האָט לאַנג געמוזט זיצען אַזוי אין פיבער. אַרום איז שוין געווען פינ-סטער. דער ווינד האָט צוטראָגען די וואָלקענס און האָט זיי געיאָגט שטיקערווייז איבער'ן טונקעלען הימעל. פון מזרח-זייט איז אויפגעגאַנגען די לבנה, ווי אַ רויטער פלעק, אַזוי ווי אין בלוט אויסגעבאָדען, און ווען דער ווינד האָט אויפגעהערט, האָט זיך שווער געלעגט עפּיס אַ וויסטע שטילקייט. עס האָט זיך געדוכט, אַז דאָס וואַ-סער אין טייכעל איז פערגליווערט געבליבען שטעהן.

ער האָט געפיהלט, אַז די שעה איז אַ וויכטיגע און דערהויבענע, און דאָס האַרץ האָט ביי איהם גענומען קלאַפּען אין דערוואַרטונג.

די שטילקייט איז טאַקע באַלד איבערגעריסען געוואָרען. שטראָם-אַרויף האָט זיך אין טייכעל עפּיס געריהרט, פון דער טיפענישׁ איז עס געקומען, ווייל דאָס וואַסער האָט דאָרט געשוימט און געזידט. איהם איז בעפאַלען עפּיס אַנ'אַלטער ציטער פון אָבוואַרטען.

און ער האָט דערהערט אַ רוף, צו איהם געווענדט. עפּיס פרעמדע קלאַנגען זענען דאָס געווען, אַ טיפע, קלאָרע ווייבערישע שטים. זיינע אויערן האָבען אויפ-געחאַפּט די פרעמדע קלאַנגען.

—„זאַ—לי גאַ—בו! זאַ—לי גאַ—בו!"

ער האָט דערזעהן, ווי עס וויעגט זיך אין וואַסער אַ קאָפּ מיט אַ געדיכטער נעץ אַרומגעהאַנגענע האָהר, ווייסע רונדיגע אַקסלען. באַלד איז זי אינגאַנצען אַרויס פון וואַסער—אַ ריעזיגע, נאַקעטע פרוי מיט האָאר ביז צו די קניה. זי האָט זיך בע-וויזען און ווידער זיך פערלוירען צווישען די צווייגען.

זי האָט מיט די הענד געריבען די אויגען און האָט זיי געעפענט ברייט און גרויס. ער האָט געוואוסט, אַז דאָס רייבט זי די אויגען, וואָס זענען שוין לאַנג אָבגעוועהנט צו זעהן; איהר איז געפעלען דאָס בילד פון דער נאַכטיגער וועלט.

ער איז געזעסען אויף זיין אָרט, אַרומגענומען פון אַ געפיהל פון גליק, און געזעהן, ווי זי בלאָנדזשעט אַרויס אויף דער לאָנקע, און געהערט, ווי זי רעדט און רעדט אויף איהר פערגעסענער שפּראַך פון אַנ'אור-אַלטען שבט.

די קלאַנגעז זענען געווען ווילד-פרעמד, דאָך האָט ער פערשטאַנען, וואָס ז' רעדט.

מיט איהרע ווילדע קלאַנגען האָט זי אויסגעדריקט איהר פרייד, וואָס זי זעהט ווידער דעם הימעל און די שטערען און די לבנה נאָך אַ שלאָף פון אַזוי פיעל טויזענדער יאָהרען. זי האָט דערצעהלט די געשיכטע, ווי אַזוי איהר אַלטער מאַן האָט זי געהאַפּט אַמאָל, אין אַ מאָמענט פון קנאה, פאַר די האָהר און געוואָרפען אין וואַסער אַריין, און צום סוף האָט זי זיך צולאַכט, ווי אַנ'אמת'ע ווילדע, פון איהר מאַנ'ס אַלטקייט, וואָס האָט איהר יונגקייט און שענקייט נישט געקאָנט גע-ניסען...

ווידער און ווידער איז געקומען דער רוף און צייכען פון ליעבע:

—זאַ—לי גאַ—בו!

וואָס האָט געהייסען: קום, געליעבטער!

ער האָט זיך נישט אָנגערופען. אַזוי האָט ער דאָס ליעב געהאַט אין זיינע סטודענטישע יאָהרען. זאָל געדויערן לענגער די זיסע שעה פון וואַרטען, פון צו-רייצטער פאַנטאַזיע און צושפּיעלטען בלוט.

י האָט לאַנג געבלאָנדזשעט און געקרופען, ביז אַ פערבענקטע געבראָכענקייט האָט זיך געהערט אין איהר רוף. אין איהר שטים האָבען געשמען קלינגען גע-שטיקטע טרעהרען און אַ ווילדע פערצווייפלונג.

—„קום, געליעבטער! מיין קערפּער איז צובליהט, און ער וואַרט אויף דיר אַזוי לאַנג. זעה מיינע ברוסטען, ווי צייטיג און פול! הער, ווי דאָס בלוט פּולסירט אונטער מיין הויט! מיינע אָרעמס זענען ווייך און וואַרים, שמעקענדיג זענען מיינע האָהר, ווייס און שטאַרק מיינע צייהן, רויט מיינע ליפּען, גליהענדיג איז מיין אויג, און איך געה-אויס פאַר ליעבע! רוף דיך אָן, געליעבטער! מיין נאָמען איז חוה. דער-קענסט מיך נישט?"

—דאָ בין איך!—האָט ער זיך אָנגערופען.

פלינק און גרינג, אַזוי ווי אַ גאַזעל, איז זי געלאָפען נאָך זיין שטים נאָך, געבראָ-כען די צווייגען, וואָס האָבען איהר פערשטעלט דעם וועג, מיט צופלאָסענע האָהר איז זי געקומען, מיט אַ ווילדער פרייד אין די אויגען, און האָט זיך געוואָרפען אויף איהם מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס.

אָבער ער האָט איהר געוואונקען, נישט צו-נאָהנט צו קומען צו איהם, און האָט איהר געוויזען אַנ'אָרט נעבען זיך.

—דער דאָקטאָר האָט מיר געראַטען מעסיגקייט—האָט ער געזאָגט—וואַרט-צו, דאָס פיבער וועט דורך, איך וועל צוריקקריגען מיינע כוחות און איך וועל דיך צו-דריקען צו מיין ברוסט...

ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנד צו גלעטען איהרע האָהר, און האַט ווילד אויסגעשריען:

—דו ביזט אומריין, שלאַנגען וויקלען זיך אַרום דיר. זעה, דיין גוף האָט זיך אָנגענומען מיט אַלערליי פוילעכץ און קריכעכץ, אין דער צייט, וואָס דו ביזט געשלאָפען... ווי שרעקליך!

ער האָט שווער אָבגעזיפצט און געעפענט די אויגען.

אַרום איהם זענען געשטאַנען זיינע נאָהנטע, וואָס האָבען איהם אַ לאַנגע צייט געזוכט, און געשריען „האַלאָ!". וואָס דער גאַנצער וואַלד אַרום האָט אָבגעענט-פערט מיט עכאָ'ס. ער האָט קוים פערשטאַנען, וואָס מיט איהם טהוט זיך. אַ שוואַ-כען און שווער-אָטעמענדיגען האָט מען איהם אָבגעפיהרט אַהיים.

פון יענעם טאָג אָן האָט ער מעהר נישט פערלאָזט דאָס בעט, און די ווי-

זיעס זענען פון איהם נישט אָבגעטראָטען. די היימישע האָבען זיך אַלץ געריקט צו זיין בעט, און איהם האָט דאָס געערגערט. זייערע פערזאָרגטע פנים׳ער האָבען אָנגעוואָרפען אויף איהם נור אַ גראָהע, וויסטע שרעק און ווען די שעה פון געשטייגערטען פיבער פלעגט קומען, האָט ער מיט כעס אַלע פערטריבען פון זיך.

—לאָזט מיך צו-רוה! לאָזט מיך אַליין!

די נאַכט איז צוגעפאַלען און ער האָט קיין ליכט נישט געלאָזט אָנצינדען אין שטוב. דעמאָלט איז פערשוואונדען די גראָהע שרעק, און פון טייכעל פלעגט קומען די ריעזיגע נאַקעטע שענקייט.

אין לאַנגע געשפרעכען אויף איהר פרעמדער און דאָך אַזוי מעלאָדישער שפראַך האָט זי איהם אָנגעטרויט איהר ליעבע. איהר ווילדע תאוה איז איצט איבערגעגאַנגען אין אַ שטיל פערבענקט געפיהל, און זי האָט זיך געהאַלטען אָבגערוקט פון איהם.

איהם האָבען זיך דערמאָהנט אַלע די לאַסקעס און צערטליכקייטען, די פערליעבטע בליקען און פיעל-בעדייטענדיגע ווערטער, וואָס האָבען איהם אַזוי פיעל גליק געגעבען אין לעבען, און ער האָט געטראַכט, ווי נישטיג און קליין דאָס אַלץ איז קעגען דער איינער ליעבע, קעגען דעם גליק, וואָס שפראָצט פון דעם נאָהנטען קערפער, וואָס געהער צו איהם און וואַרט אויף איהם.

—קום, דו, מיין גרויס גליק מיין גרויסע ליעבע,—האָט ער גערעדט.

זי אָבער האָט זיך צוריקגעצויגען פון איהם. עס האָט געהייסען: די צייט איז נאָך נישט געקומען.

—דאָס מזל האָט אַ לאַנג וואַרטען אונז בעשערט?

—יאָ, יאָ,—האָט זי טרויעריג געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ. און זי האָט זיך געקלאָגט פערטרויט:

דער ים איז איצט ווייט אָבגערוקט פון דאַנען. . יעדע נאַכט לויפט זי הונדערטער מיילען צו וואַשען איהר גוף, איבער בערגער און טהאָלען לויפט זי, פערוויקעלט אין איהרע האָהר און פערשלייערט מיט דער טונקעלקייט פון דער נאַכט. די וואַנדערנדיגע מחנות פויגעל לאָזט זי הינטערשטעליג הינטער זיך, דער ווינד קאָן זי ניט איבעריאָגען. אַזוי איילט זי און לויפט צום ים צו באָדען זיך אינ׳ם שוים פון די כוואַליעס אין דער שעה פון האַלבער נאַכט. קעגען פריהמאָרגען מוז זי שוין זיין צוריק, בעהאַלטען זיך צווישען די ווערבעס, אַז אַ פרעמדער בליק זאָל נישט פאַלען אויף איהר.

און זי פלעגט אַריינפאַלען אין אומעט:

דער טאָג געדויערט אַזוי לאַנג. פויל דערהויבט זיך די זון ביז צום זעניט און פאַמעליך לאָזט זי זיך אַראָב צו מערב. טויזענד יאָהר איז אַ טאָג. ערשט אין צווענד, אין דער טונקעלקייט קאָן זי איהם קומען זעהן...

מיט זיינע פערברענטע ליפען האָט ער דעמאָלט געשטאַמעלט און גערופען:

-קום, קום אַזוי ווי דו ביזט... איך וועל דיך קושען און ליעבען און וואַרטען... קום נעהנטער, ווייל איך קאָן מיין בענקשאַפט מעהר נישט איבערטראָגען.

זי אָבער האָט טרויעריג און שמייכלענדיג, מיט צערטליכער געדולדקייט געשאַקעלט מיט׳ן קאָפּ:

—נאָך נישט, נאָך נישט! מיין לייב איז נאָך נישט ריין...

ציטערן פלעגט דעמאָלט זיין גוף און אַ קאַלטער שוויים האָט איהם בעדעקט.

ביז אַמאָל, אין אַ נאַכט פון כוף חודש תשרי, האָט ער געהערט איהר שטים רופען פון דער ווייטען, פול גליק און פרייד, אַזוי ווי דאָס ערשטע מאָל דאָרט ביים טייכעל. דער רוף פון ליעבע האָט געקלונגען הילכיג, ווילד-שטיפעריש פון די

ווערבעס אַרויס, דורך דער לאָנקע און צווישען די סאָסנעס פון וואַלד.

„זאָ—לי גאַ—בו!“

און ער האָט פערשטאַנען, אַז די שעה פון גרויסען גליק איז געקומען. די שעה, וואָס אויף איהר וואַרט דער געליעבטער ווי אויף אַ לוין פאַר זיין צער און בענק־שאַפט—די דערפילונג און ענטציקונג.

זי איז געקומען איילינג, ליכטיג און פריידיג, אַ שעלמיש געלעכטער האָט געשפיעלט אין איהרע אויגען, אָבער די גלידער איהרע האָבען שטיל און בעהאַלטען געציטערט אין ערוואַרטונג.

—„קום, געליעבטער!“—האָבען איהרע ליפען קוים געשעפטשעט.

און זי האָט זיך געצויגען צו איהם מיט איהר ריעזיגען בלאַנקען קערפער, וואַרים און ריין, האָט איהם איינגעפרעסט אין איהרע אָרעמס, איינגעגעסען זיך אין זיינע ליפען, און ער האָט זי געקושט הייס און לאַנג, ביז ס'האָט איהם פערפעהלט אָטעם.

אַ טויטער שטאַרער גוף איז געבליבען ליעגען אויפ'ן בעט. אויפ'ן פנים איז געווען פערגליווערט די ענטציקונג, און די ליפען זענען געווען פערצויגען, ווי פון לאַנגע הייסע קושען אין די מאַי־אָווענדען, ווען די קאַרשען בליהען ווייס.

  

דאָס האַרץ,
עס טרייבט
נאָך בלוט,
עס גליהט
פון וועה,
עס בליהט
פון מוטה,
און וועה און מוטה איצט קאָן איך נישט צוטיילען!

אין הייזער-קרייז פערטריבען,
מיט דערנער שטאָלענע פערצאַמט —
וואָס איז מיר נאָך פערבליבען?
עס פלאַמט און פלאַמט
מיין בלייך געזיכט,
און טרעהרען שווערע
פערביטערן דאָס קלאָרע ליכט
פון מיינע בענקענדיגע אויגען...
אין נידער פון פאַרנאַכטען,
אין שטייגען פון פריהמאָרגען,
אין בלוטען העלישע
מיין אויסוועג איז פערבאָרגען!
ווען הייזער שטעהען
אין פלאַם פון וועה-געשרייען,
ווען קנוילען גרויל זיך קויקלען איבער גאַסען -
ווער קאָן מיר הייסען וואַרטען,
ווער קאָן פערוועהרען האַסען?...

קיעוו.



ליב קוויטקאָ.

# דאָס פידעלע.

איך זאָל האָטש ענדיגען מיין דינינק פידעלע,
וואָס כ'שפּיל און טעסע עס אַ גאַנצען פריה.
פון שוועבעלעך-קעסטעלע, מיט פינגער פּיבערשע,
איך שפּיל און טעסע עס אַ גאַנצען פריה.

—בייז געוויטער, וואַרט אַ ווייל פון יענער זייט!—
איך מוז פערטעסען נאָך דעם אונטער-טייל.
און דו, טויט, שטעה אַ ווייל ביים שוועל און וואַך
אויף מיר—
איך מוז פערגלעטען נאָך דעם אויבער-טייל.

אָט שטעלען שטיפטעלעך אין גלאַטען העלזעלע,
און ציהען הערעלעך אויף גאַנצער לענג,—
די רוצחים הוליען שוין אין הויף דעם שכנ'ישען
און שוין פערהאַקט מיין טהיר מיט זייער בליק.

אָ, נאָך אַ הערעלע פון קאָפּ אין פידעלע...
אָ, ליעבע, ציטער נישט, לאָז נאָך אַ האָהר—
אַ קליינע פידעלע דעם בלאַסען קינדערלע,
אָ, זאָל עס זיין איהם נור צו לאַנגע יאָהר.

דעם קליינעם קינדערלע אַ דינינק פידעלע,
מיט דינעם פּעדימעל אויף הערצעל דעם:
זים-זים מיט שמיציקעל, ווי קליינע פליגעלע—
„דעם טאַטענס פידעלע... דער מאַמעס פידעלע"...

# מײן קינד.

װילט זיך נישט קלאָגען, קלאָגט זיך דאָס האַרץ,
קלאָגט זיך מײן יונגער בליהענדער טרױם:
זײן װעט מײן קינד, מײן פרײדיגער בליט
אַ טרױעריג קינד, אַנ׳אומעט געמיט.
זײן װעט מײן קינד אַ שרעקיגער צװײג,
מיט פּחד בעהױכט,
מיט אָװענד בעגרױט.
בעט איך דיך, טאָג,
בעט איך דיך, נאַכט,
פעהלט־אױס מײן שװעל מיט אײער געקלאָג,
מיט אײער געקלאָג.
לאָזט מיר מײן װײל,
איך װעב זי אַלײן
אַ מענטעלע צאַרט
פאַר װאַלכל, מײן קינד.
בעט איך דיך, װינט,
אײך, אױגען פון װוּנט,
רחמים איך בעט:
געהט אײך פאַרבײ,
שלײכט אײך פאַרבײ!

---

* *
*

טראָגט די שטאָדט איהר שװערען גורל
פאַר דעם װיסטען טאָג און נאַכט,
צעהלט זי שטיל די יאָהרען איבער
פאַר דעם װיסטען טאָג און נאַכט.
זאָגט־אָב ודוי.
שליסט די אױגען,
טראַכט:
„כ׳װעל צו חלום אפשר קומען
יענעם זון־קװאַל
אײנים װײטע פרײהײט־פּריה.

איך וועל זאָגען:
—זון-קוואַל לויטער,
איך בין חלום
פון אַן אַלטער
שטאָדט, א טויטער
יודען-שטאָדט.
אין פערשטאָפּטען לאַנד געאָטעמט,
פון פערשטאָפּטען פאָלק פערפייניגט,
יודען-שטאָדט.
וועלען קינדער אפשר קומען
ביי דעם זון-קוואַל פיהרען שפּיעל
און פון זון-קוואַל הערען מעשיות...
און ביז טיעפען האַרץ פעראַכטען
ס'גראָבע פאָלק פון לאַנד פערשטאָפּטען;
און ביז טיעפען בלוי געדענקען,
און אַ ליעדעל צערטליך זינגען
נאָך דער טויטער שטאָדט, דער אַלטער
יודען-שטאָדט".

---



כ'האָב דיר נישט וואָס אָנצוזאָגען
פאַר מיין טויטער ווייל.
שנאה—אויב דו קאָנסט דערטראָגען
ביז צום צווייטען דור,
נעהם און גיב איהם איבער מיין צופּיקטען האַרץ,
שנאה צו דעם מאוס'ן פּרצוף,
צו דעם ערל-פאָלק!
כ'עפען-אויף דעם קוואַל פון ליעבע
פאַר מיין טויטער ווייל,
שעפּ די קוועלענדיגע ליעבע צו מיין גרייזען פאָלק!
אָנגעוועהטאָגט האָט מיין האַרצען
יעדער זייער וועה;
אויסגעזויגען מיר דאָס חיות
יעדער זייער בליק...
יעדע מינדעסטע בעוועגונג

## מיין קינד.

ווילט זיך נישט קלאָגען, קלאָגט זיך דאָס האַרץ,
קלאָגט זיך מיין יונגער בליהענדער טרוים:
זיין ווערט מיין קינד, מיין פריידיגער בליט
אַ טרויעריג קינד, אַנ'אומעט געמיט.
זיין ווערט מיין קינד אַ שרעקיגער צווייג
מיט פחד בעהויכט,
מיט אָווענד בעגרויט.
בעט איך דיך, טאָג,
בעט איך דיך, נאַכט,
פעהלט-אוים מיין שוועל מיט אייער געקלאָג,
מיט אייער געקלאָג.
לאָזט מיר מיין ווייל,
איך וועב זי אַליין
אַ מענטעלע צאַרט
פאַר וואלכל, מיין קינד.
בעט איך דיך, ווינט,
אייך, אויגען פון ווינט,
רחמים איך בעט:
געהט אייך פאַרביי,
שלייכט אייך פאַרביי!

---

* *
*

טראָגט די שטאָדט איהר שווערען גורל
פאַר דעם וויסטען טאָג און נאַכט,
צעהלט זי שטיל די יאָהרען איבער
פאַר דעם וויסטען טאָג און נאַכט.
זאָגט-אָב ודוי,
שליסט די אויגען,
טראַכט:
„כ'וועל צו חלום אפשר קומען
יענעם זון-קוואַל
איצטיגע ווייטע פרייהייט-פריה,

אין וועל זאָגען:
—זון־קוואַל לויטער,
איך בין חלום
פון אַן אַלטער
שטאָדט, אַ טויטער
יודען־שטאָדט.
אין פערשטאָפּטען לאַנד געאָטעמט,
פון פערשטאָפּטען פאָלק פערפּייניגט,
יודען־שטאָדט.
וועלען קינדער אפשר קומען
ביי דעם זון־קוואַל פיהרען שפּיעל
און פון זון־קוואַל הערען מעשיות...
און ביז טיעפען האַרץ פעראַכטען
ס'גראָבע פאָלק פון לאַנד פערשטאָפּטען;
און ביז טיעפען בלוי געדענקען,
און אָ ליעדעל צערטליך זינגען
נאָך דער טויטער שטאָדט, דער אַלטער
יודען־שטאָדט".

---

* *
*

כ'האָב דיר נישט וואָס אָנצוזאָגען
פאַר מיין טויטער וויל.
שנאה—אויב דו קאָנסט דערטראָגען
ביז צום צווייטען דור,
נעהם און גיב איהם איבער מיין צופּיקטען האַרץ,
שנאה צו דעם מאוס'ן פּרצוף,
צו דעם ערל־פאָלק!
כ'עפען־אויף דעם קוואַל פון ליעבע
פאַר מיין טויטער וויל,
שעפּ די קוועלענדיגע ליעבע צו מיין גרייזען פאָלק!
אָנגעוועהטאָגט האָט מיין האַרצען
יעדער זייער וועה;
אויסגעזויגען מיר דאָס חיות
יעדער זייער בליק...
יעדע מינדעסטע בעוועגונג

פון מיין אַלטען פאָלק
האָט בעלויכטען מיר זיין אורשפרונג
און זיין וויטסטען גאַנג,
האָט פערקלעמט מיט גליה מיין האַרצען
גרונד געפעסטיגט—„זיין״!

שעפּ פון קוואַל פון איבערפולטען,
אין מיין טויטער וויל,
אין דיין מאַרך דערטראָג די ליעבע
צו דעם צווייטען דור.

קיעוו.



ע. נ. פרענק.

# די מִלְחָמָה געגען דער „הֶפְקֵרוּת״ אין אַמאָליגען וואַרשא.

## אַ קאַפּיטעל געשיכטע פֿון דעם אינערליכען יודישען לעבען אין וואַרשא אין דער ערשטער העלפֿט פון 19־טען יאָהרהונדערט.

(פֿון אַרכיוו־קוועלען)

### א.

פֿינסטער, גליטשיג און דער שמש יאָגט. — יודען וואוינען אין ענגע בנינים אויף ענגע שמוציגע, נישט־ברוקירטע געסלעך. — „פּאָציעיוב״. — רדיפות און אָרימקייט זענען די סבה פֿון ענגקייט און שמוץ. — אין די ענגע געסלעך פֿיהלען זיך יודען, ווי אין דער היים. — יודישע חברות, מנינים, ספרי־תורה, קדוש־לבנה און חופּות. — „קיל יעקב״ ווערט פֿונאַנדערגעגאָסען איבער די גאַסען פון וואַרשא. — אָנ׳אָבצאָהל דעם אָפּיציאַל פֿאַר תפלות און יודישע שמחות. — די אָבגעהיטקייט פֿון עבירות. — אויסער־האַלב די יודישע געסלעך. — דעם שמש׳ס שמירה אויף די בעטען און געפֿעס. — צוהאַקט, צובראָכען און געשלאָגען. — דער שמש אַלס שפּיאָן. — די אימה פֿאַר׳ן שמש. — אָנקלאָגעס העלפֿען נישט. — דער געהיימער קהל. — דער גלות פֿון איין בלאָטע אין אַנ׳אַנדער גרעסערער בלאָטע. — די גזירה אויף דירות. — צוזיהט און צושפּרייט. — די שמשים פֿערליערען זייער אָפּיציעלען אַמט און זייער גרויסע שליטה. — עפּיס ווערט קאַליע. — די „פֿרעמדען־פּראַגע״. — דער „טאָג־צעטעל״ דאַרף בטל ווערען און קיין וואַרשאָווער יוד איז זיך וועגען דעם נישט משתדל. — די השתדלות פֿון פּוילישען אַדעל און גרויסע בעאַמטע וועגען יודען. — אַ כרוז פֿון קהל און בית־דין וועגען בעהעלפֿער. — אמת׳ע שרעקליכע הפקרות. — קהל איז אָבהענגיג און דער יודישער המון רעאַגירט.

---

שרייבענדיג וועגען יודען אין אַמאָליגען וואַרשא, איז אונז כמעט אונמעגליך נישט צו געבען אַלס הקדמה די קורצע און זעהר שאַרפֿזיניגע ווערטער, וועלכע מיר האָבען שוין געבראַכט אויף אַנ׳אַנדער אָרט [1], אין נאָמען פון אַ פּאַרצייטיגען יודישען משכיל, וואָס האָט כאַראַקטעריזירט דאָס דעמאָלדיגע יודישע לעבען אין וואַרשא מיט פֿאָלגענדע ווערטער:

„פֿינסטער, גליטשיג און... דער שמש יאָגט״.

קיין בעסערע כאַראַקטעריסטיק קאָן נישט זיין.

פֿינסטער און גליטשיג איז געווען דאָס יודישע לעבען אין וואַרשא. רדיפות פון דרויסען, דוחק אינווייניג, ביי יעדען נישט־פֿאַרזיכטיגען שריט פון אַ יוד איז ער געפֿאַלען אין תפיסה אַריין, האָט פֿערלוירען זיין ביסעל האָרעוואַניע, זיין געזונד און דערצו נאָך האָבען די שמשים גע׳רודפ׳ט, אַכטונג געגעבען אויף יעדען טריט און שריט פון איטליכען יוד, ער זאָל אָבהיטען אַלע דינים און מנהגים און זאָל, חלילה, נישט עובר זיין אויף עפּיס אַ דין.

---

[1]) „העבר״, כרך ב׳, פטרוגרד, תרע״ח.

ענדע דעם 18-טען און אָנהויב דעם 19-טען יאָהרהונדערט האָבען יודען אין וואַרשא געוואוינט אין ענגע בנינים, וואָס זענען געשטאַנען צווישען נאָוואָ-סענאַ-טאָרסקא און סענאַטאָרסקא [1]), און אויך אין פערשידענע קליינע, ענגע, שמוציגע, נישט-ברוקירטע געסלעך, וועלכע האָבען זיך געצויגען פון סענאַטאָרסקא, אויף דעם אָרט, וואו עס געפינט זיך היינט די גאַס ביעליאַנסקא, רעכטס, לינקס און ווידער רעכטס און לינקס, און האָבען געטראָגען פערשידענע נעמען: זשיראָווסקא, קלאָפּאָצקאַ, טלאָמאַצקא, ביבליאָטעטשנאַ א. א. וו. [2])

היות, יודען האָבען דעמאָלט אין אַנדערע ערטער אין וואַרשא נישט גע-טאָרט וואוינען און די גרויסע אָרימקייט, וואָס האָט געהערשט צווישען יודען אין פוילען, האָט זיי געשטויסען דוקא אין דער דאָזיגער שטאָדט, וואו, חאָטש עס איז זיי אויסגעקומען אויסצושטעהן זעהר פיעל רדיפות, האָט מען דאָך אין איהר געקאָנט עפּיס פערדינען, האָבען אין יעדער דירה געמוזט וואוינען צו עטליכע פאַמיליעס און ממילא איז אין די יודישע וואוינונגען געווען זעהר ענג און אויך זעהר שמוציג.

אין אָט די געסלעך האָבען זיך יודען געפיהלט, טראָץ אַלע רדיפות, ווי טאַקע ביי זיך אין דער היים. אין די הייזלעך, וואָס זענען געווען אַרומגעצוימט מיט הויכע, הילצערנע פּאַרקאַנעס, האָבען זיי זיך געגרינדעט פערשיעדענע חברות, ווי: „חברה תהלים", „חברה משניות" און אויך „חברה ש"ס", „שומרים לבוקר", „הכנסת כלה", „הכנסת אורחים", „בקור חולים", מעוז לדל", „גמילות חסד" און—ועל כולם—„חברה קדישא". און יעדע חברה האָט זיך געהאַט איהר מנין, און יעדער יוד, וואָס האָט עפּיס אַ ביסעל מעהר פערדיענט, האָט זיך געלאָזט שרייבען אַ ספר-תורה, און דאָס ספר-תורה איז אַריינגעפיהרט געוואָרען מיט גרויס פּאַראַד, מיט כלי-זמרים און געזאַנג אין איינס פון די שוהלעכלעך. מען האָט מקדש לבנה געווען אויף דער גאַס פריי און פראַנק בקול רם; מען האָט חתונה גע-מאַכט קינדער און חתן-כלה האָט מען געפיהרט מיט כלי-זמרים צו דער חופה איבער די געסלעך ביז פאַר דער שוהל פון דעם מנין, צו וועלכען דער מחותן האָט געהערט. און די קולות פון די יודישע תפלות, פון יודישע זמירות, פון תהלים, משניות און גמרא, פון יודישע נגונים האָבען זיך פונאַנדערגעגאָסען איבער די גאַסען פון וואַרשא, וואָס האָט אַזוי שטאַרק געקעמפט הונדערטער יאָהרען געגען דעם יודישען ישוב אין שטאָדט, און זיי זענען אויך אָנגעקומען אין די קלויסטערס און נישט איינמאָל זיך פערמישט מיט די מאָנאָטאָנע קלאַנגען פון די גלאָקען. כדי די קאַטוילישע גייסטליכע זאָלען נישט העצען דעם המון געגען יודען, ווייל זיי ערלויבען זיך אַזוי אָפען צו „פערשוועכען" די שטאָדט, און אויך כדי זיי, די גייסטליכע, זאָלען מיט זייער אייגענעם כח דאָס נישט פערוועהרען, האָבען יודען

[1]) אויף דעם אָרט, וואו עס געפינט זיך איצט דאָס גרויסע טעאַטער אין וואַרשא, איז דעמאָלט געווען דער ערשטער פּאָציעיוב, וואו יודען האָבען געהאַנדעלט מיט אַלטוואַרג. די קראָמען זענען אומגעאַרבייט גע-וואָרען פון אַ פּאַלאַץ פון אַ געוויסער פוילישער פּאַמיליע מיט'ן נאָמען פּאָציעי און אויף איהר נאָמען איז ער גערופען געוואָרען פּאָציעיוב. פון דעמאָלט אָן ווערט גערופען יעדער הויף אין וואַרשא, וואו יודען פער-קויפען אַלטוואַרג, מיט'ן נאָמען „פּאָציעיוב".

[2]) די דאָזיגע נעמען ווערען געברויכט אין דעם דעקרעט פון דעם זאַקסישען קעניג פון 16. מערץ 1809. פון די אַלע געסלעך איז איבערגעבליבען נור איינס, טלאָמאַצקא, וואו, ווי אויף אַ זכר, אַז דאָרט איז גע-ווען אַ יודישער ישוב, ווען יודען האָבען אַנדערש־וואו אין וואַרשא נישט געטאָרט וואוינען, געפינט זיך היינט די גרעסטע יודישע סינאַגאָגע אין דער שטאָדט.

אין געוויסע צייטען אַריינגעטראָגען דעם אָפּיציאַל געוויסע סומען געלד, און דערנאָך איז עס געוואָרען ווי אַ געזעץ, אַז יעדע שוהל און יעדער יוד, וואָס האָט חתונה געמאַכט אַ קינד אָדער געמאַכט אַנ'אַנדער שמחה, האָט געמוזט אַריינ-טראָגען דעם אָפּיציאַל אַ געוויסע סומע, און אום יודען זאָלען נישט קאָנען מעלים זיין דעם דאָזיגען אָבצאָהל, האָט דער אָפּיציאַל איהם איבערגעגעבען אַ יוד אין אַרענדע [1].

אין פלוג דוכט זיך, אַז אין אַזאַ אַטמאָספערע האָט אַ שמש מעהר נישט געהאַט צו טהון, ווי אָבצוהיטען די שוהל און דעם בית־דין. וואָרום וואוינענדיג אַזוי ענג געפּאַקט, וואו יעדע בעוועגונג, יעדער ריהר פון יעדען איינציגען איז באַלד בעוואוסט געוואָרען אַלע איינוואוינער, האָט זיך דאָך יעדער יוד אַליין געמוזט היטען, ער זאָל, חס ושלום, נישט טהון קיין שום עבירה, ער זאָל, חלילה, נישט עובר זיין אויף קיין שום דין, כדי ער זאָל נישט זיין צו שאַנד און צו שפּאָט. אויסערהאַלב די יודישע געסלעך האָט זיך כמעט קיין שום יוד נישט געקאָנט ווייזען, וואָרום דאָרט איז ער זעהר אָפט בעפאַלען געוואָרען פון יונגערע און עלטערע קריסטען, וועלכע האָבען איהם געשלאָגען מכות רצח [2], און אַ פשיטא, אַז אַ יוד האָט נישט געקאָנט קומען אויף קיין פערוויילונגס-אָרט. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזען, אַז דוקא די שרעקליכע ענגקייט, וואָס האָט געהערשט אין די יודישע געסלעך, האָט מיטגעבראַכט די נויטווענדיגקייט פון דעם שמש'ס שמירה אויף דער זיטליכקייט און אויף כשרות.

זעהר ענג איז געווען אין די יודישע דירות, עטליכע פאַמיליעס מיט קינדער צוזאַמען האָבען געוואוינט אין איין צימער'ל און דער שמש האָט געמוזט האָבען די השגחה, אַז יעדע פּאָר בעטען פון איטליכען פּאָר־פּאָלק זאָל זיין אָפּגעצוימט מיט עפּיס אַ מחיצה, אַ שפּאַניש ווענטעל, אַ ליילעך, אַ פּאָר ברעטלעך און אויך, אַז די בעטען פון יעדען פּאָר-פּאָלק זאָלען זיין אָבגערוקט איינס פון אַנדערן, ווי דער דין איז.

אין דער גרויסער ענגשאַפט איז אויך שווער געווען צו האָבען בעזונדערע שענקלעך אויף פליישיג געפעס און בעזונדערע אויף מילכיג געפעס, און דאָס האָט דאָך לייכט געקאָנט גורם זיין צו טרפות, צוזאַמענמישען מילכיגע מיט פליישיגע כלים, און מען האָט געמוזט האָבען השגחה, אַז אַזעלכע בעזונדערע שענקלעך זאָלען זיך יאָ געפינען אין יעדער שטוב.

און דער שמש האָט טאַקע השגחה געגעבען אויף יעדער שטוב, אויף יעדען ווינקעלע. אומגעריכט, אומגעזעהן איז ער אַריינגעפאַלען אין אַ שטוב, בודק געווען, געפאָרשט, געפרעגט, און—וועה צו דער יודענע, וואָס האָט נישט געהאַט בעזונדערע ערטער אויף מילכיגס און פליישיגס. אָך און וועה צו דעם פּאָר-פּאָלק, וואָס האָט נישט געהאַט קיין מחיצה צווישען די בעטען, אָדער וואָס האָט אַריינגענומען צו זיך אין שטוב אויף אכסניא אַ פרעמדען יוד און אַרום זיין בעט קיין מחיצה נישט געמאַכט. דער שמש האָט צוהאַקט, צובראָכען און פיעל מאָל אויך געשלאָגען פרויען און מענער [3].

---

[1]) הויפּט־אַר. אין וואַרשאַ, מאַגיסטראַט־אַקטען 503/484; ז' : ע. נ. פּרענק, „העירונים והיהודים בפולין“, וואַרשאַ 1921, זייט 86.

[2]) ז' ע. נ. פרענק, דאָרט זייט 73, 72.

[3]) די געהיימע אָנקלאַגע פון הירש דאַווידאָוויטש צו דער פּאָליציי (8 מאַי 1805, אַקטען פון דער פּאָליציי 809. אַר. פון אַלטע אַקטען אין וואַרשאַ).

און די שמשים זענען געגאַנגען נישט מיט זייער אייגענעם כח, אָדער בלויז מיט דעם כח פון בית-דין. זיי זענען געקומען מיט'ן כח פון דער מאַכט. נאָך אין יאָהר 1770 האָט דער מאַרשאַלעק ליובאָמירסקי ארויסגעגעבען אַ בעפעהל, אַז דער שמש פון דעם שתדלן (אָפיציעל האָט די וואַרשאַווער קהלה קיין רב נישט געטאָרט האָבען, נור אַ שתדלן) מוז גלייכצייטיג שפּיאָנירען די יודישע גנבים [1]. אין די שפּעטערע יאָהרען, ווען די צאָהל יודען אין וואַרשא איז גרעסער געוואָרען און ממילא האָבען זיך אויך די שמשים געמעהרט, זענען זיי אויך מחויב געווען צו זיין ביים בעשטימען די שטייערן פון יודען און אויפצוגעבען דעם נאָמען פון יעדען יוד און דעם צושטאַנד פון זיין פערמעגען. דער שמש איז אַלזאָ אַריינגעקומען אין יעדע יודישע שטוב אַלס אָפיציעלער שפּיאָן און אויך אַלס בעאַמטער. ער האָט דאָך כלומר'שט געמוזט וויסען, צי דאָרט האַלטען זיך נישט אויף קיין גנבים און וואָסערע געשעפטען עס ווערען דאָרט געפיהרט. און מורא האָבען האָט מען דאָך געמוזט פאַר איהם: ער האָט געקאָנט מעלדען דער מאַכט, אַז דאָרט און דאָרט האַלטען זיך אויף פערדעכטיגע מענשען, און באַלד זענען די יודען אַרעסטירט און געפייניגט געוואָרען. אויפ'ן בעסטען פאַל האָט ער געקאָנט אויפגעבען, אַז די און די זענען זעהר פערמעגליך און קאָנען צאָהלען גרויסע שטייערן. עס זענען אַפילו געגאַנגען אָנקלאָגעס צו דער מאַכט פון פערשיעדענע יודען אויף דער אויפפיהרונג פון די שמשים, דאָס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפען. וואַהרשיינליך, האָט זיך דער געהיימער קהל שוין געסטאַרעט וועגען דעם.

די טעטיגקייט פון די שמשים האָט אָבער געמוזט מיט דער צייט איבערגעריסען ווערען.

לויט די דעקרעטען פון דעם זאַקסישען קעניג (1809), וועלכער האָט געהערשט איבער דעם וואַרשאָווער הערצאָגטום (1807—1814), זענען יודען אַרויסגעטריבען געוואָרען פון יענע בלאָטיגע געסלעך און זענען איבערגעטראָגען געוואָרען אין אַ גרעסערע בלאָטע: אויף די גאַסען קרולעווסקאַ און מאַרשאַלקאָווסקאַ, וועלכע זענען אין יענע צייטען געווען כמעט פוסט, וויסט און נור וואו-נישט-וואו האָט זיך געפונען אַ הויפעל מיט עטליכע בנינים'לעך, אין וועלכע יוד'ען האָבען זיך געמוזט בעזעצען.

די דאָזיגע הויפלעך האָבען אָבער נישט געקליעקט. לויט דעם קעניגליכען דעקרעט פון 6. מערץ 1809, האָט געמעגט וואוינען אין אַ הייזעל, וואָס האָט 2—3 צימערן, נור איין פאַמיליע, 4—5 צימערן—צוויי פאַמיליעס, 6—7 צימערן—דריי פאַמיליעס א. אַ. וו. [2]). יודען האָבען זיך אַלזאָ פערשפּרייט אין די זייטיגע גאַסען—זיעלנא, באַגנאָ, גזשיבאָוו, גזשיבאָווסקאַ, פאַנסקאַ און, זענענדיג צוזייהט און צושפּרייט, האָט ממילא איינער דעם צווייטען נישט געקאָנט קאָנטראָלירען און אויך די שמשים האָבען קיין גרויסע שליטה נישט געקאָנט האָבען. זייער אָפיציעלען אַמט פון שפּיאָנען האָבען זיי פערלוירען אין דער צייט פון דעם וואַרשאָווער הערצאָגטום, און

---

[1]) פון אַ רעפּעראַט, וואָס דער וואַרשאָווער מאַגיסטראַט און די צעכען האָבען דערלאַנגט דער פּרייסישער מאַכט אין יאָהר 1801 (הויפּט־אַרכיוו אין וואַרשא, 1125).

[2]) דאָס גאַנצע איבערטראָגען יודען אויף קרולעווסקאַ און מאַרשאַלקאָווסקאַ האָט געהאַט דעם צוועק צו פּערבויען יענע געגענד. דערנאָך, ווען די גאַסען זענען דורך יודען פּערבויט געוואָרען, זענען זיי ווידער איבערגעטראָגען געוואָרען אין אַ צווייטער ווייסטע געגענד: אויף פראַנציסקאַנער און נאַלעווקי (אויפ'ן בעפעהל פון קייזער אַלעקסאַנדער דעם ערשטען פון 10־טען יוני 1821. איבערגעטראָגען זענען זיי געוואָרען אין יאָהר 1824).

יודען, וואָס האָבען געוואוינט כמעט יעדע פאַמיליע אין אַ בעזונדער הייזעל, האָבען גאַנץ דרייסט געקאָנט נישט אַריינלאָזען צו זיך דעם שמש.

ווי עס האָט דעמאָלט אויסגעזעהן דאָס אינערליכע יודישע לעבען בכלל אין וואַרשא, קאָנען מיר נישט וויסען פון די קוועלען, וואָס מיר האָבען פאַר זיך. איין זאַך איז אונז אָבער קלאָר, אַז עס האָט עפּיס געמוזט קאַליע ווערען אין די אַמאָליגע ריינע זיטען, און די וואַרשאָווער יודען האָבען אַלדאָס בייז צוגעשריבען די פרעמדע, וואָס קומען-אָן פון דער פּראָווינץ, און ווייל קיינער קען זיי נישט, ערלויבען זיי זיך צו טהון מעשים אשר לא יעשו. און מיר זעהען טאַקע, אַז אַפילו די גרעסטע שתדלנים פון יודען אין וואַרשא האָבען זיך קיינמאָל נישט משתדל געווען אין יענע צייטען, מבטל צו מאַכען די גזירה כון „טאָג-צעטעל", וואָס יעדער יוד, וועלכער איז אָנגעקומען פון דער פּראָווינץ קיין וואַרשא, האָט געמוזט אויסקויפען פאַר פינף זילבער-גראָשען (איין זילבער-גראָשען—$7\frac{1}{2}$ קופּער-גראָשען אָדער $3\frac{3}{4}$ קאָפּ.) אויף 14 טאָג, חאָטש לויט דער קאָנסטיטוציע פון וואַרשאָווער הערצאָגטום און אויך לויט'ן דעקרעט פון קעניג (10. פעברואַר 1809) און דעם בעשלוס פון סיים (24. מערץ 1809), האָט דער דאָזיגער אָבצאָהל בעדאַרפט בטל ווערען. עס האָבען זיך וועגען דעם משתדל געווען יודען פון דער פּראָווינץ, גרויסע לייט פון פּוילישען אַדעל און אויך גרויסע בעאַמטע, וועלכע האָבען בעדאַרפט האָבען געוויסע יודען אין וואַרשא, אָבער נישט די וואַרשאווער יודישע שתדלנים, חאָטש זיי האָבען גוט געוואוסט, אַז די וואַרשאווער מוניציפּאַליטעט, וועלכע צווינגט יודען אויסצוקויפען דעם „טאָג-צעטעל", איז עובר אויף אַ בפירוש'ן דעקרעט פון קעניג און אַ בעשלוס פון סיים. [1])

קהל מיט'ן בית-דין צוזאַמען האָט אין יענע צייטען (1810) אַרויסגעגעבען אַ כרוז, אַז קיין שום יוד זאָל זיך נישט דערוועגען אָנצונעהמען אַ בעהעלפער אָדער לעהרער אַ בחור, וואָס זאָל לערנען מיט זיינע קינדער, סיי יונגלעך, סיי מיידלעך, פעררופענדיג זיך אויף דעם מאמר פון דער גמרא: „ולא ילמד רוק סופרים" (אַ בחור טאָר נישט לערנען מיט קינדער), ווייל דאָס ברענגט צו אויסגעלאַסענקייט. נור היות די שליטה פון די שמשים האָט זיך שוין געהאַט געענדיגט, האָט מען זעהר וועניג זיך געמאַכט פון דעם כרוז און קהל האָט געמוזט עטליכע מאָל בעניייען דעם כרוז מיט שאַרפערע אזהרות (קיין חרם איז נישט ערלויבט געווען אַרויסצוגעבען).

עס האָט זיך אויך דעמאָלט אַריינגעחאַפּט צווישען יודען אמת'ע, שרעקליכע הפקרות, פון וועלכער יודען אין פּוילען בכלל און אין וואַרשא בפרט זענען ביז יענע צייטען ריין געווען [2]) — נעמליך, עס האָבען זיך געפונען צווישען יודען אויסוואורפען, וועלכע האָבען געעפענט אויסגעלאַסענע הייזער.

וועגען די דאָזיגע הייזער האָט זיך קהל געווענדט (20. אַפּריל 1814) צו דער פּאָליציי-פערוואַלטונג, מיט אַ בקשה, זיי צו פערמאַכען. קהל האָט אָבער בעקומען אַ תשובה (20. מאַי 1814), אַז די פּאָליציי-פערוואַלטונג איז מסכים צו שליסען די דאָזיגע הייזער, נור מיט'ן בעדינג, אַז קהל זאָל פריהער אויסגעפינען אַ מיטעל, אַז די אויסגעלאַסענע פרויען זאָלען קאָנען און מוזען זיך ערנעהרען פון עהרליכען

---

[1]) ז' י.נ. פרענק, „לתולדות היהודים בנסיבות ורשה", „התקופה" ספר רביעי, ורשה, תרע"ט, ז' 471—478.

[2]) צווישען אַלע פאַרוואורפען, וואָס שונאי ישראל אין פּוילען האָבען געמאַכט יודען, געפינען מיר נישט קיין איינעם וועגען אויסגעלאַסענקייט.

פערדיענסט און עהרליכער אַרבייט ¹). קהל האָט זיך אָבער נישט געקאָנט פער־נעהמען מיט די דערמאָהנטע פרויען, און נור צוליעב דער שטעלונג פון יודישען המון האָבען די שאַנד-הייזער געמוזט ווערען געשלאָסען, אָדער איבערגעטראָגען ווייט פון די יודישע גאַסען ²).

---

## ב.

אָהן ממשלה פון שמש. — אַ נייע ממשלה מיט אַ נייער קאָנסטיטוציע. — השתדלות'ן, וואָס האָבען זיך נישט איינגעגעבען. — מיליטער־דיענסט. — אַ גזירה וועגען אַ נייעם גלות. — אין אַ נייער בלאָטע אריין.—נישטאָ קיין מוטה צום קאַמף געגען הפקרות.—יודען פערבויען און בעזעצען די פּראַנצישקאַ־נער גאַס. — דאָס שטרענגע רעליגיעזע לעבען. — ווידער ענג, שמוציג, חברות און מנינים, שוהלען און בתי־מדרשים.—מען זיצט און מען לערנט. — דער שמש וועקט פאַרטאָג. — איינער אַרויס, דער צווייטער אריין. — ענג, שמוציג, דומפּיג. — די בלאָטעס טריקענען נישט. — ריהות. — קלעצער אויפ'ן הויף — אַ רעטונג פון שטיקעניש. — דער שמש יאָגט. — ווידער בעקומט דער שמש זיין מאַכט. — מען האָט מורא. — דאָס לעבען טהוט דאָס זייניגע. — אַ ווינטעלע אַ מחיה. — דער „פּלאַץ־בראָני״ מיט גראָז, בלומען און אַ וועלדעל. — וואַסער מיט אַ גן־עדן־טעם. — גערטנער מיט פערוויילונגען און געטראַנקען. — מען חאַפּט זיך אַרויס פון דער גאַס. — די שמשים זענען מקיים פסק און דראָהען גאָך דערצו. — „חברה״ גיט זיך אַנ'עצה.—עס טאַנצען בהורים מיט מיידלעך. — דער רב ווענדט זיך צו דער מאַכט. — די שמשים מיט מיליציאַנטען צוזאַמען מאַכען אָבלאַוועס אויף טענץ. — די יודישע יוגענד בערוהיגט זיך. — דער שמש הערשט אומעטום.

---

**גענוג לאַנג איז געווען די וואַרשאַווער יודישע קהלה אָהן דער ממשלה פון רעם שמש. עס האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירען דאָס וואַרשאַווער הערצאָגטום און עס איז אָנגעקומען אַ נייע ממשלה מיט אַ נייער קאָנסטיטוציע: די ממשלה פון די רוסען און די קאָנסטיטוציע פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטען. קהל איז בעשעפטיגט געווען מיט השתדלות'ן וועגען פרייהייס, וועלכע האָבען זיך נישט איינגעגעבען, און דערנאָך—מיט נייע השתדלות'ן געגען נייע גזירות, וועלכע האָבען זיך אויך נישט איינגעגעבען. אַ ביסעל שפּעטער (1817) האָט מען זיך געמוזט משתדל זיין וועגן מבטל מאַכען די גזירה פון מיליטער-דיענסט פאַר יודען און דאָס האָט זיך אַפילו יאָ איינגעגעבען, נור ביני-לביני איז אָנגעקומען די גזירה פון אַ נייעם גלות. קוים וואָס יודען האָבען זיך אַ ביסעל אויפגעבויט און איינגעאָרדענט אויף קרולעווסקאַ און מאַרשאַלקאָווסקא, האָט מען אָנגעהויבען שמועסען, אַז באַלד וועט מען זיי פון דאָרט אַרויסטרייבען. זיי האָבען שוין דאָרט געהאַט זייערע מנינים, זייערע שוהלען. אויף מאַרשאַלקאָווסקא האָבען זיי זאָגאַר שוין געהאַט איינגעאָרדענט אַ הקדש, אָדער אַ שפיטאָל, אין אַ הויז, אויף וועלכען די גבאים אביגדור גרוימאַן, מאיר הירשל'ס און רפאל בער'ס האָבען בעקומען אַ ספּעציעלע ערלויבניש צו קויפען, און פלוצלונג געהט, פערלאָזט דאָס אַלץ און געהט אין נייע בלאָטעס אריין. אַלע מיני השתדלות'ן האָבען אָבער נישט גע'פועל'ט און יודען האָבען זיך געמוזט איבערטראָגען אויף פראַנצישקאַנער גאַס (1824). דאָרט זיך ווידער אָנהויבען בויען און איינאָרדנען, ווידער זיך געפינען ערטער אויף שוהלען און מנינים, ביני-לביני איז קהל געווען בעשעפטיגט און נישט געהאַט דעם מוטה צו קעמפען געגען**

¹) פּאָליציי־אַקטען 1084, אר. אַלטע אַקטען אין וואַרשא.

²) אר. וו. ג., רעליגיעזע פראַגען.

דער „הפקרות”, וואָס האָט זיך פערברייט צווישען דעם יודישען המון.

נישט לאַנג האָט אָבער דאָס איינאָרדנען געדויערט. אין פערלויף פון די דריי יאָהר, וואָס עס האָט געדויערט צווישען אַרויסגעבען דעם בעפעהל וועגען דעם גירוש פון קרולעווסקא און מאַרשאַלקאָווסקא און איבערטראָגען-זיך אויף פראַנצישקאַנער, האָבען רייכערע יודען דאָרט געקויפט פלעצער און געבויט הייזער, אָדער זיי האָבען געקויפט הילצערנע הייזלעך (קיין פאַרטיגע געמויערטע הייזער האָבען יודען נישט געטאָרט קויפען אַפילו אויף דער גאַס, וואָס איז אָנגעוויזען געוואָרען צום וואוינען). די אַלטע, קליינע הויפלעך, וואָס האָבען זיך געפונען אויף דער גאַס און האָבען אָנגעהערט צו קריסטען, זענען אויך איבערגעגעבען געוואָרען אויסשליס-ליך יודען [1].

און איצט ערשט האָט זיך אויפ'ס ניי אָנגעהויבען דאָס שטרענגע רעליגיעזע לעבען צווישען יודען. די הייזער און הייזלעך זענען געווען פול געפאַקט מיט יודען. ווידער האָבען געוואוינט צו עטליכע פאַמיליעס אין איין שטוב (אויפ'ן דעק-רעט פון 1809, וועגען דער צאָהל פאַמיליעס אין די דירות, האָט מען שוין קיין אַכט נישט געלעגט). ווידער האָבען אויפגעלעבט פיעל פערשיעדענע חברות און מנינים, שוהלען און בתי מדרשים. בחורים, יונגע-לייט און אויך עלטערע מענשען זענען געזעסען טאָג און נאַכט און געלערנט. סוחרים, בעלי-מלאכות, גאַסען-הענד-לער, מעקלערס, וואָס זענען געווען גאַנצע טעג בעשעפטיגט, פערהאָרעוועט, פער-מאַטערט, האָבען בין מנחה למעריב און פאַרטאָג געלערנט אין מנין, אָדער אין בית המדרש גמרא, משניות, עין יעקב, מדרש, געזאָגט תהלים, וואָס איינער האָט גע-קענט, אַליין, אָדער מיט אַ רבי'ן אָדער געהערט אַ דרשה פון אַ מגיד. און קיינער, אויסער ווער עס איז געווען קראַנק, אָדער פעררייזט, האָט נישט געטאָרט פעהלען אין זיין מנין, בעת דעם לערנען און בפרט בעת תפילה בצבור. כדי די פערמאַטערטע מענשען זאָלען נישט פערשלאָפען, האָט יעדען פאַרטאָג דער שמש פון יעדען מנין געשטעלט זיך אויפ'ן הויף, וואו זיינע בעלי-בתים האָבען געוואוינט, און גערופען הויך יעדען ביים נאָמען, אום איהם אויפצוועקען פון שלאָף. איין שמש פון איין מנין איז אַרויס און דער צווייטער פון צווייטען מנין איז אַריין און ווידער גע-רופען בקול רם די נעמען פון זיינע בעלי-בתים. יאָ גערן, נישט גערן האָט זיך יעדער יוד אויפגעחאַפּט פון שלאָף און געגאַנגען אין מנין. קיינער האָט זיך דאָך נישט געוואָלט קאָמפּראָמיטירען אין די אויגען פון די שכנים, פון זיינע מנין-לייט. קיינער האָט דאָך נישט געוואָלט גילטען פאַר אַ קל, פאַר אַ נישט-פרומען.

און ענג איז געווען, און שמוציג איז געווען, און שרעקליך דומפיג איז גע-

[1]) קריסטען האָבען זיך גיך אַרויסגעצויגען אפילו פון זייערע אייגענע הייזער, וואָס האָבען זיך גע-פונען אויף די גאַסען, וואָס זענען אָנגעוויזען געוואָרען פאַר יודען, ווייל זיי האָבען נישט געוואָלט, און אפשר אויך נישט געקאָנט, וואוינען צווישען דער ענג-געפּאַקטער מאַסע יודען, וועלכע האָבען זיך געהאַט זייערע בעזונדערע אייגענאַרטיגע מנהגים. נאָך אין יאָהר 1810 האָט דער אינערן-מיניסטער פון וואַרשאָווער הערצאָגטום געשריבען אין זיין ראַפּאָרט צום קעניג, אַז צוליעב דעם, וואָס מען ערלויבט נישט יודען צו קויפען געמויערטע הייזער אויך אין די גאַסען, וואָס זענען אָנגעוויזען געוואָרען פאַר יודען, שטעהען דאָרט פיעל הייזער ליידיג, „ווייל קריסטען ווילען נישט וואוינען אין די גאַסען, וואו פיעל מענשען פון אַלטען גלויבען זענען פערזאַמעלט”. דעם 25-טען אפּריל 1812 האָט דער אינערן-מיניסטער געשריבען צום מיניסטאָרען-ראַט: „די לעבענס-אַרט פון יודען צווינגט נישט איינמאָל קריסטען צו פערלאָזען זייערע הייזער, וואָס געפינען זיך צווישען יודישע וואוינונגען” (אַקטען פון קויפען נחלאות דורך יודען, ערשטער באַנד, אַר. צלטע אַקטען אין וואַרשא).

ווען אין די יודישע גאַסען. עס איז דאָך דעמאָלט נאָך נישט געווען קיין קאַנאַליזאַציע און וואַסער-לייטונג. עס איז אַפילו קיין ברוק אויף די הויפען נישט געווען. די בלאָטעס זענען געווען שרעקליך גרויס און טיעף, אַזוי אַז אַפילו זומער זענען זיי נישט אינגאַנצען אויסגעטריקענט געוואָרען. ווינטער און אין אַ רעגען-וועטער איז מען שיער נישט דערטרונקען געוואָרען און מען האָט געמוזט לעגען באַלעס און קלעצער אויף די הויפען, כדי מען זאָל קאָנען אַריבערגעהן פון איין אָרט אויפ׳ן אַנדערן. מען קאָן זיך דעריבער פאָרשטעלען, וואָס פאַר אַ לופט דאָרט איז געווען, וואָס פאַר אַ ריחות עס האָבען זיך דאָרט געפיהלט.

זומער-צייט אָוועגד און נאָך מעהר שבת, ווען אויך די סוחר׳טעס זענען געוועזן פריי, זענען זיך אויף די קלעצער, וואָס זענען געווען אויסגעלעגט אויפ׳ן הויף, געזעסען פרויען און מיידלעך מיט קינדער, זוכענדיג אַ רעטונג פון דער שטיקעניש, וואָס האָט געהערשט אין שטוב. ווען-נישט-ווען האָט זיך אויך אַוועקגעזעצט אַ מאַנסביל, אַ בעל-מלאכה, אַ געזעל, אָדער אַ לערן-יונג פון אַ בעל-מלאכה, אַ משרת פון אַ געוועלב. נור דאָ איז אָבער אַרויסגעטראָטען דער שמש, וועלכער האָט די מאַנסבילען פעריאָגט אין שוהל, בית־המדרש, אָדער מנין.

דער שמש פון קהל און בית-דין האָט בכלל צוריקבעקומען זיין מאַכט. ער האָט ווידער בעזוכט די יודישע וואוינונגען און געמאַכט אָרדנונג מיט די בעטען און מיט מילכיג און פליישיג געפעס, מיט׳ן שטעלען טשאָלענטער פרייטאָג צו דער צייט, מיט׳ן אויפהערען האַנדלען און אַרבייטען פרייטאָג, כדי מען זאָל, חלילה, צו קיין חלול שבת נישט קומען, און זומער-צייט—ביי די קלעצער, עס זאָלען, חס ושלום, נישט זיצען מאַנסבילען מיט פרויען צוזאַמען. און דעם שמש האָט מען זיך נישט אַנטקעגענגעשטעלט. מען האָט מורא געהאַט פאַר קהל, וועלכער האָט געהאַט די מאַכט פון איינטיילען די שטייערן, וואָס יודען האָבען געצאָהלט. מען האָט געציטערט פאַר איינשרייבען אין פנקס פון חברה קדישא. מען האָט זיך אויך נישט געוואָלט קאָמפראָמיטירען אין מנין, וועלכער האָט געקאָנט אויפהערען צו געבען עליות און אַנדערע כבודים.

דאָס לעבען האָט אָבער געטהון דאָס זייניגע. ענג, שרעקליך דומפיג און שטיקענדיג איז געווען די לופט אין דער יודישער גאַס און נישט איינמאָל האָט אַ ווינטעלע געוועהט פון גאָר נישט ווייט און געבראַכט אויף אַ רגע אַ שמעקענדיגען ריח פון וואַלד, גראָז, בלומען. אַ מחיה! און שבתים און ימים-טובים, זומער-צייט, ווען די טעג זענען גרעסער און דער עולם איז פריי פון בעשעפטיגונג, פון אַרבייט, האָט מען זיך נישט געקאָנט בעהערשען און מען האָט זיך פון דער גאַס אַרויסגעכאַפּט. מען האָט פערגעסען אָן תהלים, פרק, משניות, עין-יעקב, דרשות און אויך אָן די חרפות, וואָס עס וועט אויסקומען צו ליידען, און ווי מיט אַ מאַגנעט איז מען געשלעפּט געוואָרען דאָרט אַהין, פון וואַנען דאָס שמעקענדיגע לופטעל איז אויף אַ ווײַלע אָנגעקומען. און ווייט האָט מען נישט געדאַרפט געהן. דאָרט, הינטער׳ן מוראַנאָוו האָט זיך ווייט, ווייט געצויגען דער „פלאַץ-בראָני״, וואָס איז געווען בעדעקט מיט גראָז און בלומען. דאָרט איז אויך געווען אַ וועלדעל, וואו מען האָט זיך געקאָנט שיצען פון די ברענענדיגע זונען-שטראַהלען. רעכטס, דאָרט, וואו עס געהט היינט די ליניע פון דער קאָוולער אייזענבאַהן, האָט זיך אויך געפונען אַ קוואַל, וואָס זיין וואַסער האָט געהאַט אַ טעם גן-עדן. נישט ווייט פון דאָרט זענען געווען גערטנער, וואו עס זענען פאָרגעקומען פערשיעדענע פערווײַלונגען און עס זענען פערקויפט געוואָרען פערשיעדענע געטראַנקען.

עס האָבען זיך אַלזאָ אַהין אַרויסגעכאַפּט משרתים, געזעלען פון בעלי-מלאכות,

פערשיעדענע „מופקרים", דיענסט-מיידלעך, בעלי-מלאכה׳טעס א. ד. גל. און אַז מען איז אַרויסגעקומען אויף דער פריי, האָט זיך שוין צוגעטשעפּעט אַ בחור צו אַ מיי-דעל און מען איז געגאַנגען צוזאַמען, שפּאַצירט צוזאַמען, און מען האָט שוין נישט געקוקט אויף דעם, וואָס קיין עירוב איז דאָרט נישטאָ, און מען האָט געטראָגען טאַשען-טיכלעך און אַנדערע זאַכען.

די שמשים זענען דאַן אַרויסגעטרעטען זעהר ענערגיש געגען דער „הפקרות". זיי זענען זעהר אָפט בעפאַלען די שפּאַצירענדיגע און זיי אויפ׳ן אָרט מקיים פּסק געווען: געשלאָגען, געקיילט-געביילט, און די, וואָס זיי האָבען געקאָנט, האָבען זיי געשראָקען מיט „איינשרייבען אין פּנקס". זיי וועלען דאָך אַמאָל מוזען אָנקו-מען צו קהל—וועט קהל געדענקען.

„חברה" האָט זיך אָבער אַנ׳עצה געגעבען: זיי האָבען נישט שפּאַצירט אויפ׳ן פּלאַץ, אין וועלדעל, נור זיי האָבען זיך געוויילט אין די גערטנער, וועלכע האָבען געהערט צו קריסטען, און וויל זיי זענען געווען הינטער דער שטאָדט, זענען זיי נור זונטאָג און אין קריסטליכע חגאות בעזוכט געוואָרען פון קריסטען, און שבתים און יודישע ימים-טובים זענען זיי געווען כמעט ליידיג.[1]

דאָרט האָבען שוין די שמשים קיין שליטה נישט געהאַט. צו קריסטען אין די גערטנער האָבען זיי שוין נישט געקאָנט קומען, און די „מופקרים" האָבען דאָרט טאַקע געטהון, וואָס זיי האָבען זיך געוואָלט, געטאַנצט בחורים מיט מיידלעך, געטרונקען און בעצאָהלט אום שבת און יום-טוב.

עס האָט זיך אָבער געגען דעם אויך געפונען אַנ׳עצה. יודען האָבען געגען אַזעלכע זאַכען תמיד זיך געקאָנט העלפען. וואו עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען קאַמף געגען הפקרות, האָבען יודען נישט געקאַרגט קיין געלד, און זיי האָבען דאָס זייעריגע אויסגעפיהרט.

דעם 3. אויגוסט 1827 האָט דער וואַרשאַווער רב, ר׳ שלמה זלמן ליפּשיץ (בעל „חמדת שלמה") זיך געווענדעט צו דער מוניציפּאַליטעט-מאַכט מיט אַ ביטע, אין וועלכער ער שרייבט, אַז די לעצטע צייט האָט די יודישע יוגענד אָנגעהויבען זיך ערלויבען שבתים און ימים-טובים צו פערברענגען די צייט מיט פוסטע זאַכען, ווי טאַנצן און אַנדערע פערוויילונגען אין גערטנער און שענק-הייזער, אָנשטאָט וואָס לויט די דינים פון יודישען דת איז יעדער יוד מחויב צו זיצען אין שוהל, לערנען און דאַווענען און היות, ווער עס פיהרט זיך נישט אויף לויט זיין גלויבען און ווער עס פערנעהמט זיך מיט אונווירדיגע זאַכען, קאָן קיין גוטער און טרייער ביר-גער נישט זיין, בעט ער די מוניציפּאַליטעט-מאַכט, זי זאָל אָנגעהמען מיטלען דאָס צו שטערען. ער, דער רב, פון זיין זייט איז גרייט אַרויסצושיקען שמשים, וועלכע זאָלען נישט דערלאָזען קיין פריצות און הפקרות צווישען יודען. ער בעט אָבער, אַז די מוניציפּאַליטעט-מאַכט זאָל געבען מיליציאַנטען צו-הילף די שמשים.

דעם 8. אויגוסט איז אַרויסגעשיקט געוואָרען דעם רב אַנ׳ענטפער, אַז די מוניציפּאַליטעט-מאַכט איז גרייט צו ערפילען דעם רב׳ס בקשה און עס ווערט אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל דער מיליציע, זי זאָל געבען הילף די שמשים, וואָס ווע-

[1]) געצייכענט לויט די מינדליכע שילדערונגען פון דעם געוועזענעם סעקרעטאַר פון „דאָזאָר בוזשני-טשי" אין וואַרשא, יעקב ראַטוואַנד, וועלכער איז געשטאָרבען בערך 1910 אין עלטער פון עטליכע ניינציג יאָהר און האָט גוט געדענקט אַלע פּאַסירונגען פון יענע צייטען. פערגלייך: ה. נוסבוים Szkice historyczne z życia Żydów w Warszawie, וואַרשא 1881, זייט 60—66.

ען האָבען אַ בעפעלמעכטיגונג פון רב. [1]

פון דעמאָלט אָן האָבען די שמשים בעקומען אַ קראַפט, ווי אַנ'אמת'ע מאַכט און יעדען שבת און יום-טוב האָבען זיי אין דער בעגלייטונג פון מיליציאַנטען געמאַכט אָבלאַוועס אין די גערטנער אויף דער יודישער יוגענד, שלאָגענדיג מכות-רצח די יודישע יונגלעך, וואָס זיי האָבען דאָרט געטראָפען.

די יודישע יוגענד האָט זיך אַלזאָ געמוזט „בערוהיגען", האָט זיך נישט גע-קאָנט אַרויסריהרען פון דער יודישער גאַס, און שבתים און ימים-טובים האָבען זיי געמוזט פערברענגען די צייט אין די מנינים.

דער שמש האָט דאַן געהערשט איבער די יודען נישט נור אין די יודישע הייזער און הויפען, נאָר שוין אויך אין די קריסטליכע גערטנער און שענק-הייזער אויסער-האַלב דער שטאָדט, און פון אונטער זיין שליטה האָט מען זיך נישט געקאָנט אַרויסבעקומען.

---

ג.

דער פוילישער אויפשטאַנד שטערט דעם שמש אין זיין טעטיגקייט. — די „הפקרות" וואַקסט און מען קאָן נישט העלפען. — די פאָלקס-גוואַרדיע און די יודישע אָבטיילונג. — די העזה פון די יודישע גוואַרדיע-לייט. — די ווילד-משונה'דיגע „איין-און-דרייסיגער". — „די בעכטע פון די יודען". — די מעשים פון די תקיפים. — דער מאַסקאַראַד פון יודישע ווייבלעך. — ווידער „פלאַץ בראָני". — גענעראַל-פאָליצמייסטער פון דער טעטיגער אַרמעע אָנשטאָט דער מוניציפאַליטעט-מאַכט.—מען טאַנצט, ווייַלט זיך און דער שמש קאָן דערצו גאָרנישט טהון. — וואָס דער רב האָט נישט געקאָנט, האָט קהל געמאַכט. — על פי דיני הקאָדעקס טאָר מען נישט טאַנצען. — אַ בעפעהל, אַז פאָליציי זאָל העלפען די שמשים בעקעמפען די „הפקרות".—די שליטה פון די שמשים לעבט-אויף.

---

נישט לאַנג האָט אָבער געדויערט די געוועלטיגונג פון שמש. איבערגעריסען האָט זי דאָסמאָל דער פוילישער אויפשטאַנד, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבען דעם 29. נאָוועמבער 1830 און זיך געענדיגט דעם 8. סעפטעמבער 1831. בעת די אונרוהען אין שטאָדט איז אונמעגליך געווען די שמשים צו ערפילען די פליכט פון זייער אמט, און טענץ מיט פערוויילונגען האָבען אָהן דעם אויך נישט געקאָנט פאָרקומען. און אויך דערנאָך, ווען עס איז אין שטאָדט רוהיגער געוואָרען, האָבען זיך די שמשים געמוזט פערהאַלטען רוהיג, האָטש „אַרבייט" איז געווען זעהר פיעל, פיעל מעהר ווי פריהער.

די „הפקרות" איז געוואַקסען און טהון דערצו האָט מען גאָר נישט געקאָנט. בעת דעם אויפשטאַנד איז געגרינדעט געוואָרען אין וואַרשא אַ „פאָלקס-גוואַרדיע", וועלכע האָט געהאַט דעם צוועק אָבצוהיטען די אָרדנונג אין שטאָדט און אויך בע-הילפיג זיין דעם פוילישען מיליטער. ביי דער דאָזיגער גוואַרדיע איז געגרינדעט גע-וואָרען אַ יודישע אָבטיילונג, וועלכע איז בעשטאַנען מייסטענס פון משרתים אין די געוועלבער, בעלי-מלאכות א. ד. גל. די אַלע האָבען זיך אָבגעשוירען בערד און פאות און זיך געקליידט מיליטעריש. דיענענדיג אין דער גוואַרדיע, האָבען זיי אָנגענומען העזה, זיך צוגעוועהנט צו קוקען פון דער הויך, מיט חוצפה, אויף אַלע אַנדערע, איינגעהויקערטע, געבויגענע יודען. אפילו קהל (דעמאָלט „דאָזאָר-בוזשניטשי")

---

[1]) אַקטען פון וואַרשאַווער מאַגיסטראַט 1029, הויפט-אַר.

און בית-דין האָבען זיי נישט געאַכט. ווען דער אויפשטאַנד האָט זיך געענדיגט, האָבען זיי זיך שוין מעהר נישט געלאָזט וואַקסען די בערד און פאות און נישט געקליידט זיך יודיש. תקיפים זענען זיי געוואָרען.

די דאָזיגע יודען, וואָס האָבען אויף דער יודישער גאַס אויסגעזעהן אַזוי ווילד-משונה׳דיג, האָט מען גערופען: „די איין-און-דרייסיגער", און דער דאָזיגער נאָמען איז געווען ווי אַ תירוץ אויף דעם, פאַרוואָס מען ערלויבט עפּיס אַזוי אַזעלכע ברואים פריי און פראַנק זיך אַרומדרעהען צווישען יודען.

און די „איין-און-דרייסיגער" האָבען זיך געפיהלט שטאַרק, תקיפים זענען זיי ביי זיך געווען. די פּוילישע געזעלשאַפט האָט זיי בעטראַכט אַלס די בעסטע פון יודען און האָט מיט זיי גיכער געשעפטען געמאַכט, ווי מיט אַנדערע יודען, און אויך די מאַכט האָט זיי מעהר געאַכט. פאָרט עפּיס מענשען, וואָס האָבען געהאַלטען געוועהר אין דער האַנד און זענען „מענשליך" געקליידט. און זיי האָבען זיך ערלויבט דאָס, וואָס אַנדערע יודען האָבען זיך בשום אופן נישט געקאָנט ערלויבען[1]. שבת און יום-טוב זענען זיי זיך אַרויס אין די קריסטליכע גאַסען און דאָרט פערבראַכט די צייט אין גערטנער און שענקען; זייערע פרויען, וועלכע האָבען געהאַט געשוירענע קעפּ און געטראָגען בינדעס, אָדער הויבען מיט סטענגעס, ווי אַלע יודישע ווייבער און ווייבלעך אין יענע צייטען, האָבען זיך, זעלבסטפערשטענדליך, נישט געקאָנט ווייזען דאָרט, וואו זייערע מענער זענען געווען. זיי האָבען אָבער אויך דערצו געפונען אַנ׳עצה. זיי האָבען אין געהיים אַרויסגעשיקט זייערע דיענסטען מיט אַ פּעקעל מלבושים אין אַ געוויס הויז אויף איינער פון די קריסטליכע גאַסען, די פרויען זענען נאָכגעגאַנגען, און דאָרט, אין טויער, האָבען זיי זיך איבערגעקליידט „קריסטליך" און אויפ׳ן קאָפּ האָבען זיי אָנגעטהון אַ שייטעל מיט אַ הוט. און אַזוי זענען זיי געגאַנגען מיט זייערע מענער צוזאַמען. די דיענסט האָט די יודישע מלבושים אַהיים געטראָגען און אויף דער נאַכט האָבען זיי שוין געוואַרט אויף דעם בעשטימטען אָרט און די ווייבער האָבען צוריק אָנגעטהון די יודישע מלבושים און זענען גע- גאַנגען אַהיים.[2]

דער ביישפּיעל פון די „איין-און-דרייסיגער" האָט געווירקט אויף אַנדערע. זיי האָבען נישט געקאָנט נאָכטהון די „איין-און-דרייסיגער". זיי האָבען נישט געהאַט די העזה זיך פורש צו זיין פון כלל ישראל און קליידען זיך „דייטש", שערען די בערד און פאות. עס איז זיי אונמעגליך געווען דאָס צו טהון, וואָרום זיי וואָלטען געווען ווי אין חרם, און וואָלטען נישט געקאָנט עקזיסטירען (די „איין-און-דרייסיגער" האָבען געלעבט, ווי מיר האָבען שוין דערמאָהנט, בלויז פון קריסטען) און דורכדעם האָבען זיי זיך נישט געקאָנט ווייזען אין די גערטנער און פערוויילונגס-ערטער, וואָס זענען געווען אין די קריסטליכע גאַסען (מען וואָלט זיי דאָרט נישט אַריינגעלאָזט). דערפאַר האָבען זיי ווידער שפּאַצירט אויף „פלאַץ בראָני", אין ווועלדעל, און פערבראַכט אין גערטנער און שענקען, וואָס זענען דאָרט געווען. די פריהערדיגע מוניציפּאַליטעט-מאַכט מיט דער מיליציע, וועלכע פלעגט געבען הילף די שמשים ביים בעקעמפען די „הפקרות", האָבען שוין נישט עקזיסטירט און זייער שליטה איז איבערגעגעבען געוואָרען דעם גענעראַל-פּאָליצ- מייסטער פון דער טעטיגער אַרמעע און דער פּאָליציי, וואָס איז געשטאַנען צו זיין בעפעהל. צו דעם דאָזיגען גענעראַל-פּאָליצמייסטער האָט זיך שוין דער רב נישט

---

[1]) פון די שילדערונגען פון יעקב ראַטוואַנד.

[2]) ה. נוסבוים, דאָרט ז׳ 61.

געקאָנט ווענדען. דאָס פערלאַנגען עפּיס אַ ממשלה פאַר זיך וואָלט געווען פאַר׳ן רב אַ סכּנה.

און די „הפקרות” איז ביי-לביני נאָך מעהר געוואַקסען. עס איז געקומען דערצו, אַז נישט נור זומער-צייט, נאָר אויך הערבסט און ווינטער האָט זיך די יודישע יוגענד געוויילט. עס האָבען זיך געפונען אויך אין די יודישע גאַסען שענק-הייזער און כתּם שטיבער, וואו די יוגענד האָט זיך פערזאַמעלט שבת און יום-טוב, געטאַנצט און זיך געוויילט. און די שמשים האָבען גאָרנישט געקאָנט געגענווירקען. ביי דער נייער אָרדנונג האָבען זיי מורא געהאַט פאַר דער פּאָליציי.

נור דאָס, וואָס דער רב האָט נישט געקאָנט אויפטהון, איז געמאַכט געוואָרען דורך להל, אָדער „דאָזאָר בוזשניטשי”.

דעם 14. נאָיועמבער 1833 (מיט׳ן נומער 677) האָט זיך דער דאָזאָר געווענדט צום גענעראַל-פּאָליצמייסטער מיט אַ ביטע, אין וועלכער ער האָט געשריבען, אַז דער רב האָט איהם מודיע געווען, דאָס אין וואַרשא זענען פאַראַן ערטער, וואו די יודישע יוגענד פערזאַמעלט זיך שבת און יום-טוב, „פערברענגט די צייט מיט טענץ און פערוויילונגען, ווי אויך מיט אַנדערע אויסגעלאַסענע זאַכען”, וועלכע זענען פערוועהרט לויט די יודיש-רעליגיעזע דינים, און דער רב בעט דעם דאָזאָר, ער זאָל זיך משתּדל זיין, „עס זאָלען אָנגענומען ווערען מיטלען געגען דער אַנטי-רעליגיעזער אויסגעלאַסענקייט”.

און דער דאָזאָר דערווייזט אין זיין ביטע, אַז על פּי הקאָדעקס דאַרפען טאַקע אָנגענומען ווערען אַזעלכע מיטלען

„חאָטש—שרייבט ער—אין די דינים פון ציוויל-געזעץ געפינט זיך גאָר נישט וועגען דעם, אַז מען זאָל מעגען זיך אַריינמישען און השגחה-האָבען אויף דעם הייזליכען רעליגיעזען לעבען פון פּריוואַטע איינוואוינער, פונדעסטוועגען שרייבען-פאָר די אַרטיקלען 77 און 78 פון דעם פּוילישען שטראָף-קאָדעקס, אַז קיינער טאָר נישט געבען קיין גרונד צו רעליגיעזער ערגערניש, און טענץ, פערוויילונגען און אויסגעלאַסענקייט אין עפענטליכע הייזער, פערזאַמלען זיך אין שבתים און ימים-טובים איז פערוועהרט לויט דער יודישער רעליגיע, און דאָס איז אַ בפירוש׳ע רעליגיעזע ערגערניש”. דעריבער בעט דער דאָזאָר דעם גענעראַל, ער זאָל ערלויבען, אַז די שמשים מיט דער הילף פון די צירקעל-אויפזעהער (רעווירָאָוועס) זאָלען האָבען השגחה, אַז להבא זאָל אַזעלכעס מעהר נישט פאָרקומען, און די יודישע יוגענד, וואָס וועט זיך יאָ פערזאַמלען אויף טענץ און פערוויילונגען, זאָלען זיי הייסען זיך פונאַנדערגעהן. „די, ווידער, וואָס וועלען נישט פאָלגען דעם בעפעהל פון די שמשים, זאָלען זיי (די שמשים) בעפאָלמעכטיגט זיין זיי צו צושטעלען אין דער נאָהנטסטער קאַנצעלאַריע פון פּאָליציי-קאָמיסאַר.”

דעם 28. נאָוועמבער 1833 (מיט׳ן נומער 60,347) האָט דער גענעראַל-פּאָליצמייסטער מודיע געווען דעם דאָזאָר, אַז ער איז איינשטימיג מיט זיין מיינונג און אַז ער האָט שוין אַרויסגעשיקט אַ געהעריגען בעפעהל צו די צירקעל-קאָמיסאַרען פון דער אויספיהרונגס-פּאָליציי. [1]

אַזוי-אַרום האָבען די שמשים צוריק בעקומען זייער שליטה און ווידער גענומען הערשען.

---

[1]) פּאָליציי-אַקטען, דאָרט.

# ד.

די שמשים בעל־הבית'עווען ווידער. —רעוויזיעס, „אָרדנונג"־מאַכען און אָבלאַוועס. — די שמשים שטראָפען מיט'ן כּח פון דער פּאָליציי. — אַן'אָנקלאָגע צום זשאַנדאַרמעריע־פּולקאָווניק. —די שמשים מעגען נור חאַפּען, אָבער נישט שטראָפען. — די „כּופּקרים" און זייערע ליידען. — אַ ציעג אין אַ הויב מיט סטענגעס. — דער עונש פון שטיפעריי. —חרפּות, בושות, קלעפּ, שמיץ און אַרעסט. —זאָל זיין קלעפּ פון שקצים און בעוואָרפען ווערען מיט שטיינער, אַבי זיך געוויילט. — „סאַסקע קעמפּע". — אַ מיטעל געגען די שמשים. — קהל געגען דער שרעקליכער אויסגעלאַסענקייט אויף „סאַסקע קעמפּע". — אויך דאָרט איז פּאָליציי בעהילפיג די שמשים. — אַנ'אַנדער מין יודען. — עמי־הארצים אָהן טראַדיציעס. — פאַר „קרובים למלכות" האָט מען דרך־ארץ. — אמת'ע פערברעכער געגען יודישען דת זענען ראשי הקהל. — 1,200 רובל יעהרליך אויף „רעליגיעזען סטראַזש". — דער המון טאָר נישט דאָס, וואָס זיי מעגען. — דער רב ר' שלמה זלמן ליפשיץ און זיין גרויסע הכנעה פאַר הערמאַן עפּשטיין. — דברי כּבושין פאַר דעם „איידעלען, פיינעם, פיעלמעכטיגען הערר".

---

ווידער האָבען די שמשים אָנגעהויבען בעל-הבית'עווען אויף דער יודישער גאַס. ווידער האָבען זיי געמאַכט רעוויזיעס און „אָרדנונג" אין די יודישע שטיבער. זיי האָבען זיך שוין נישט בענוגענט מיט די אָבלאַוועס אויף די שענקהייזער און שטיבער, וואו עס האָבען געזאָלט פאַרקומען טענץ און פערוויילונגען, ווי אויך אויף דעם „פלאַץ בראָני". זיי זענען אויך בעפאַלען און האָבען געשלאָגען מכּות רצח יעדען, אויף וועמען זיי האָבען געהאַט אַ פערדאַכט און איהם אָנגעטראָפען שבת, אָדער יום-טוב געהן אין דער ריכטונג אויסערהאַלב דער שטאָדט. דאָס לעבען אויף דער יודישער גאַס איז געוואָרען שרעקליך געדריקט. די שמשים האָבען אויף זייער אַרט „בעשטראָפט" נישט נור פאַר „הפקרות" אָדער „אויסגעלאַסענקייט", נאָר אויך פאַר יעדען מין שטיפעריי פון אַ יונגעל, אָדער אַ דערוואַקסענעם. אומעטום זענען זיי געווען פול, אומעטום האָבען זיי געהאַט זייערע אויגען און אויך זייערע הענד. און זיכער זענען זיי געווען מיט זייער מאַכט; די פאָליציי האָט דאָך מיט זיי מיטגעהאַלטען, זיי מיטגעהאָלפען. מעהר האָט מען דאָך נישט בעדאַרפט, ווי דעם בעפעהל פון גענעראַל-פאָליצמייסטער, אַז פאָליציי דאַרף די שמשים בעהילפיג זיין אין געוויסע פאַלען, כּדי קהל זאָל אויס'פועל'ן, דורך בעוואוסטע מיטלען, אַז שטענדיג זאָל די פאָליציי מיטהעלפען.

ווען עס איז שוין צו-שווער געווען איבערצוטראָגען די אויפפיהרונג פון די שמשים, האָבען זיך עפּיס יודען געווענדט מיט אַנ'אַנאָנימער אָנקלאָגע צום פּולקאָווניק פון זשאַנדאַרמען-קאָרפּוס, וועלכער האָט דעמאָלט פערטרעטען די שטעלע פון וויצע-פּרעזידענט פון דער שטאָדט וואַרשא, און זיך פאַר איהם בעקלאָגט אויף די שרעקליכע גוואַלט-טהאַטען פון די שמשים.

דער פּולקאָווניק האָט די זאַך אויסגעפאָרשט און דעם 3. אויגוסט 1837 האָט ער צוגעשיקט צום „דאָזאָר-בוזשניטשי" אַ בעפעהל (מיט'ן נומער 43,148), אַז נישט די שמשים און נישט דער רב טאָרען מאַכען פּסקים. די שמשים מעגען נור פערהאַלטען די, וואָס זיי חאַפּען ביי טענץ, ווי אויך ביי אַנדערע פערוויילונגען, וואָס זענען לויט דער יודישער רעליגיע פערבאָטען, און זיי צושטעלען צו די פּאָליציי-קאָמיסאַרען, די לעצטע ווידער זענען מחויב צו צושטעלען די פערהאַלטענע צו דער דעציזיע פון דער מוניציפּאַליטעט־מאַכט, וועלכע וועט בעשטראָפען יעדען לויט די פאָרשריפטען.[1]

---

[1]) אַקטען פון וואַרשאָווער מאַגיסטראַט, 1230.

דער דאָזיגער בעפעהל האָט אויף אַזוי פיעל געהאָלפען, אַז די שמשים האָבען עפענטליך, אויף דער גאַס, קיינעם נישט געשלאָגען. זיי האָבען אָבער ווייטער גע־מאַכט אָבלאַוועס מיט דער הילף פון פאָליציי, אָבגעפיהרט די „מופקרים" צום פאָ־ליציי־אַמט און אין וואָכענטעג צוגעשטעלט צום דאָזאָר, וועלכער האָט די פער־האַלטענע אָבגעשיקט גלייך צום וויצע־פרעזידענט. די חרפות און בושות, וואָס די „מופקרים" האָבען געליטען, און די קלעפּ, וואָס זיי האָבען בעקומען אויפ׳ן וועג, ווי אויך אין צירקעל אָדער אין מוניציפּאַליטעט־אַמט, אַחוץ די שטראָפען, וואָס זיי האָבען דערנאָך בעקומען, זענען אָבער אויך נישט גענוגענד געווען צו בעזייטיגען די „הפקרות" צווישען יודען.

ווי ווייט די שמשים מיט קהל זענען געווען עמפּפינדליך אויף יעדער אַרט שטיפעריי, וואָס האָט קיין שום שייכות נישט געהאַט צו „אויסגעלאַסענקייט", קאָן בעווייזען דער דאָקומענט, וואָס מיר גיבען דאָ איבער אין אַ ווערטליכער איבער־זעצונג:

נומער 363 וואַרשא, 8 אויגוסט, 1837

דאָזאָר בוזשנימשי
פון דער איזראַעליטישער געמיינדע
אין וואַרשא.

ראַפּאָרט.

צום
פיעלטעכטיגען הערר
וויצע־פרעזידענט
פון דער שטאָדט וואַרשא.

איך האָב די עהרע מודיע צו זיין, אַז דער דערמיט אָבגעשיקטער איצעק יונה קאָלעבּקאָ האָט זיך ערלויבט צו טהון אַ מעשה־רע, וואָס געהט־איבער די גרעניץ פון אָנשטענדיגקייט: ער האָט אָנגעטהון אַ הויב מיט סטענגעס אַ ציעג און אַזוי האָט ער זי געפיהרט איבער דער גאַס. ווייל די דאָזיגע טהאַט זיינע האָט געקאָנט אַרויס־רופען צנ׳אַוואַנטורע, האָט דער „דאָזאָר בוזשניטשי" איהם פערהאַלטען און שיקט איהם אָב צו דער דעציזיע פון פיעלטעכטיגען הערר.

מיטגליעד פון דאָזאָר

(די אונטערשריפט איז אונלעזבאַר.[1])

ווי אַלט דער דאָזיגער „שווערער פערברעכער" איז געווען און וואָס פאַר אַ שטראָף ער האָט בעקומען, האָבען מיר אין די אַקטען נישט געפונען. וואַהרשיינליך, איז ער געווען גאָר אַ יונג יונגעל, אַ שטיפער און זיין שטראָף איז געווען, ווי די שטראָף פון אַנדערע „פערברעכער", וועמען די שמשים האָבען געהאַפּט און צוגעשטעלט דער פּאָליציי: פון צוואַנציג ביז הונדערט שמיץ און עטליכע טעג אַרעסט.

אויף אַזאַ אופן איז אין אמת׳ן געלונגען דעם בית־דין און קהל איינצושטילען די „אויסגעלאַסענקייט" און די זינד געגען דער „אַנשטענדיגקייט" אין דער יודישער גאַס. די אימה פאַר׳ן שמש איז געפאַלען אויף גרויס און קליין, אויף יונג און אַלט, און קיינער האָט זיך נישט געוואַגט צו טהון עפּיס אַ זאַך, וואָס קאָן אַמאָל דעם שמש נישט געפעלען ווערען.

דאָס לעבען האָט אָבער פאַרט געטהון דאָס זייניגע. שטאַרקער איז דאָס לעבען פון אַלע שמשים, און אויך פון דער אימה פאַר חרפות און בושות, פאַר קלעפּ, שמיץ און אַרעסט. די יוגענד, וואָס האָט זיך נישט געקאָנט פערזאַמלען אויף פערוויילונגען אין וואַרשא, אויף „פּלאַץ־בראַני", אין די גערטנער, האָט זיך געפונען צנ׳אַנדער אַרט, וואוהין דעם שמש׳ס ממשלה האָט שוין נישט דערגרייכט: אויף

[1] פערשיעדענע פעראָרדנונגען, אַרכיוו וו. ג.

„סאַסקע קעמפּע" איז מען געגאַנגען אויף דאָרט זיך געוויילט. דאָס איז, אמת, טאַקע געווען נישט בעקוועם. ווייט איז געווען, דער וועג אַ שלעכטער. אַ בלאָטיגער, און געהענדיג איז מען גישט איינמאָל בעוואָרפען געוואָרען מיט שטיינער און בע-קומען קלעפּ פון גרעסערע און קלענערע שקצים. מען האָט זיך אָבער פאָרט אַמאָל געמוזט אַרויסרייסען פון דער ענגשאַפט, פון דער שטיקעניש, פון די אונאָנגענעה-מע ריחות, פון דער שרעקליך מרה-שחורה'דיגער אַטמאָספערע. עס האָט געצויגען, געשלעפּט צו אַ פרישער, ריינער לופט, צו עפּיס אַ פרייערער בעוועגונג, צו אַ וויי-לע אויפגעהייטערטקייט, אַ פרעהליכערער רגע. און אַ מעלה האָט די „סאַסקע קעמפּע" געהאַט גאָר אַ גרויסע: זי האָט נישט אָנגעהערט אָפיציעל צו וואַרשאַ, נור צום וואַרשאָווער קרייז (obwód) און די פּאָליציי האָט דאָרט נישט געגעבען די שמשים קיין הילף. פערקעהרט, פאַר עטליכע מטבעות, אַ פּאָר גלעזלעך בראָנפען אָדער ביער, וואָס די פּאָליציאַנטען האָבען בעקומען פון די „אויסגעלאַסענע", האָבען זיי זיי נאָך געשיצט פאַר די שמשים און זיי נישט צוגעלאָזט צו די פערוויילונגס-ערטער.

און אַזוי האָט זיך די יודישע יוגענד פערזאַמעלט יעדען שבת און יום-טוב אויף „סאַסקע קעמפּע", פערבראַכט דאָרט די צייט מיט טענץ און אַנדערע פערוויילונגען און די שמשים האָבען גאָרנישט געקאָנט העלפען.

נישט לאַנג האָט דאָס אָבער געדויערט. דאָס בית-דין מיט קהל האָבען זויך אויף „סאַסקע קעמפּע" געוואָרפען זייער אויג, די וועלט איז אין ערגיץ נישט הפקר.

דעם 4. יוני 1839 האָט דער וואַרשאָווער „דאָזאָר-בוזשניטשי" זיך געווענדט צום קאָמיסאַר פון וואַרשאָווער קרייז מיט אַ ביטע, אַז כּדי נישט צו דערלאָזען צו דער „שרעקליכער אויסגעלאַסענקייט", וועלכע די יודישע יוגענד גיט זיך אָב שבתים און יום-טובים אויף „סאַסקע קעמפּע", פערברענגענדיג דאָרט די צייט מיט טענץ און אַנדערע פערוויילונגען, ווייל אין וואַרשאַ איז די פּאָליציי מחויב בעהילפיג צו זיין די שמשים ביים פונאַנדערטרייבען און חאַפּען די אויסגעלאַסענע, — זאָל אויך ער, דער קרייז-קאָמיסאַר, אַרויסגעבען אַ בעפעהל, אַז די פּאָליציי פון „סאַסקע קעמפּע" זאָל צו-היךף קומען די שמשים, ווען זיי וועלען קומען „שטערען די אויסגעלאַסענע פערוויילונגען."

און דער קרייז-קאָמיסאַר האָט דעם 10. יוני אָבגעענטפערט, אַז ער האָט שוין אַזאַ בעפעהל אַרויסגעגעבען. [1])

אויף אַזאַ אופן איז די „סאַסקע קעמפּע" אויך פערמאַכט געוואָרען פאַר דער יודישער יוגענד און קיין יוד האָט זיך נישט געטאָרט אַרויסרייסען פון אונטער דער מאַכט פון שמש.

דאָס אַלץ איז אָבער געזאָגט געוואָרען נור געגען יודען פון המון: בעלי-מלאכות, משרתים, הענדלער, מעקלערס א. ד. גל. עס האָט זיך אָבער געפונען אין וואַרשאַ אַ מין יודען, וואָס האָבען נישט נור פאַר'ן שמש, נאָר אויך פאַר'ן בית-דין קיין שום מורא נישט געהאַט. פערקעהרט: דער רב אַליין מיט אַלע איבריגע יודען האָבען פאַר זיי געציטערט, זיי גרויסען כּבוד אָנגעטהון, האָטש זיי זענען געווען מחללי שבת בפרהסיה, האָבען געגעסען טרפות און ראַזירט די בערד, גע-שוירען די פאות, געקליידט זיך גוי'איש און בכלל זיך אויפגעפיהרט ווי גויים.

דאָס זענען געווען די זעהר רייכע יודען, באַנקירען, ווי יעקב עפּשטיין מיט

[1]) אַקטען פון רעליגיעזע בּראַגען, דאָרט

זיינע זיהן, חיים יונה (יוזעף) יאַנאַש, מאיר בערזאָן, מאַטיאַס ראָזען און פיעל אַנ-
דערע. דאָס רוב פון זיי איז געווען אויפגעקומענע גבירים, וואָס האָבען געשטאַמט
פון נידריגען קלאַס מענשען און, זענענדיג עמי-הארצים און נישט האָבענדיג קיין
טראַדיציעס פון דער היים, איז זיי זעהר לייכט געווען זיך פורש צו זיין פון כלל
ישראל און צוליעב געשעפט זיך קליידען אַנדערש, ווי אַלע יודען, שערען די פאות
און ראַזירען די בערד. דערנאָך, ווען זיי זענען שטאַרק רייך געוואָרען, האָבען זיי
זיך מתקרב געווען צו פריצים, זענען געוואָרען קרובים-למלכות, זיך אויפגעפיהרט
ווי אמת'ע ערלות, חאָטש נישט איינער פון זיי, ווי, למשל, עפשטיין, בערזאָן און
יאַנאַש, האָבען זיך נישט געקאָנט רעכט אונטערשרייבען. פאַר די אַלע האָט געצי-
טערט די גאַנצע קהלה מיט'ן בית-דין צוזאַמען. עטליכע פון זיי זענען געווען פאָר-
שטעהער פון קהל, אָדער „דאָזאָר-בוזשניטשי" און פון יודישע אַנשטאַלטען. יעקב
עפשטיין איז געווען איינער פון קהל און לאַנג-יעהריגער קוראַטאָר פון יודישען
שפיטאָל, אָדער הקדש. חיים יונה יאַנאַש איז געווען יאָהרען-לאַנג מיטגליד, טיילמאָל
אויך פרעזעס פון „דאָזאָר-בוזשניטשי". מאַטיאַס ראָזען (ער איז געווען אַ זוהן פון אַ
יודישען באַנקיר און האָט געהאַט אַ געוויסע בילדונג) איז געווען פרעזעס פון ראַט
פון די יודישע שוהלען. דעסגלייכען אַנדערע פון זיי זענען געווען גאַנצע דעה-זאָ-
גער אין דער קהלה.

דאָס אינטערעסאַנטסטע פון אַלעם איז, אַז די פראָגרעסיווע לייט האָבען זיך
קיינמאָל נישט אַנטקעגענגעשטעלט דעם קאַמף, וואָס קהל האָט געפיהרט געגען דער
„הפקרות" פון המון, נור פערקעהרט: זיי אַליין האָבען נאָך דערצו מיטגעווירקט.

עס ליעגט פאַר אונז אַ פראָטאָקאָל פון דער זיצונג פון „דאָזאָר-בוזשניטשי"
פון 23. מאַי 1842, אין וועלכען מיר לייענען, אַז אויפ'ן פערלאַנג פון רב (ר' חיים
דאווידזאָהן) איז בעשלאָסען געוואָרען אַריינצוטראָגען אין עטאַט פון דער קהלה אַ
סומע פון 1200 רובל יעהרליך (אַזאַ סומע איז אין יענע צייטען גערעכענט געוואָ-
רען פאַר זעהר אַ גרויסע, נעהמענדיג אין אַכט, אַז אַן'אויבער-שמש האָט דעמאָלט
גענומען אַ פענסיע פון 5 רובל אַ חודש), אויפצוהאַלטען „די רעליגיעזע סטראַזש"
(בית-דין-שמשים, וואָס האָבען געפיהרט דעם קאַמף געגען „הפקרות").

אונטערגעשריבען אונטער דעם דאָזיגען פראָטאָקאָל זענען, צווישען אַנדערע:
מאַטיאַס ראָזען—אַלס פרעזעס פון „דאָזאָר", יוזעף (חיים יונה) יאַנאַש און יעקב טו-
גענדהאָלד—אַלס מיטגליעדער פון „דאָזאָר".

ווי עס שיינט, האָבען די „פראָגרעסיווע" לייט נישט געוואָלט, אַז דער המון
זאָל אויך ווערען „פראָגרעסיוו", ווי זיי, כדי זיי זאָלען נישט אויפהערען צו זיין
די „מיוחסים" פון דער קהלה.

ווי ווייט די דאָזיגע מיוחסים זענען געווען תקיפים און אַלע האָבען פאַר זיי
געציטערט, בעווייזט דער דאָזיגער פאַקט:

איינער פון יעקב עפשטיינ'ס זיהן, הערמאַן (זיינע אַלע קינדער האָבען זיך
שפעטער גע'שמד'ט), איז געווען אַדמיניסטראַטאָר פון די שטייער-איינקונפטען אין
וואַרשא און אין פראַגא. אויף דער צאָל-קאַמער האָבען געאַרבייט עטליכע יודען און
זיי זענען געצוואונגען געווען צו אַרבייטען, ווי דער אַדמיניסטראַטאָר אַליין, אויך
שבת און יום-טוב. דער רב, ר' שלמה זלמן ליפשיץ, איז פון דער מעשה גע-
וואויר געוואָרען און עס האָט איהם זעהר געקרענקט.

דוכט זיך, אַז דער רב האָט זיך בעדאַרפט ווענדען צום „דאָזאָר", ער זאָל
דערלאַנגען דער שטאָדט-מאַכט אַ ביטע, אַז עס זאָל פערוועהרט ווערען יודען מחלל

שבת זיין בפרהסיה, כדי נישט אַרויסצורופען קיין „רעליגיעזע קרענקונג“, ווי טאַקע דער רב מיט'ן „דאָזאָר“ האָבען געטהון אין ענין פון „הפקרות“—פון טאַנצען און אַנ־דערע פערוויילונגען.

די דרייסטקייט געגען הערמאַן עפשטיין האָט אָבער דער גרויסער רב און בעריהמ־טער גאון נישט געהאַט. כדי דאָך צו קעמפען געגען חלול-שבת, האָט ער געשיקט צו הערמאַן עפשטיין אַ פּוילישען בריעף, וואָס איז פול מיט הכנעה און חנופה צו דעם „פיעלמעכטיגען הערר“. „אַ שמערצענדע ידיעה—שרייבט דער רב—איז צו מיר אָנ־געקומען. מיין גאַנצע נשמה איז פול געוואָרען מיט פערביטערונג, געוואויר ווע־רענדיג, אַז אויף דער צאָל-קאַמער זענען בעשעפטיגט עטליכע יודען אויך שבת און יום-טוב׳. „איהר, פיעלמעכטיגער און גנעדיגער הערר, וואָס זענט אַזוי בעוואוסט מיט אייער איידעל האַרץ און מיט אייער פיינער נשמה, ווילט זיכער נישט מאַכען מענשען אַזוי פיעל קרענקונג“, און דאַדורך זאָל ער זיך מרחם זיין און בעפרייען די עטליכע יודען פון דער אַרבייט אין די טעג, וואָס יודען איז נישט ערלויבט צו אַרבייטען [1].

אַז ער, הערמאַן עפשטיין אַליין, דאַרף אויך נישט אַרבייטען שבת און יום-טוב, האָט זיך דער רב שוין נישט אונטערגעשטעלט אַפילו מרמז צו זיין. מיר געפינען אויך נישט אין גאַנצען גרויסען בריעף אַפילו קיין זכר פון עפּיס דברי מוסר, ווי עס פּאַסט פאַר אַ רב, נור בלויז דברי כבושין: רחמנות זאָל האָ־בען דער איידעלער, פיינער „פיעלמעכטיגער הערר“. מעהר נישט.

קיין אַנדערע דבורים האָט דער וועלט-בעריהמטער גאון נישט געהאַט פאַר אַ פּאַרשוין, ווי הערמאַן עפשטיין, וואָס איז אין אמת'ן געווען אַ קרוב למלכות.

---

## ה.

א קאַמף געגען השכלה־ספרים. — חסידים און „מגלה טמירין“. — תמר'ל.—דרײַ גאָלדענע רענדלעך פאַר אַנ'עקזעמפּלאַר „מגלה טמירין“. — בראַנפען מיט לעקעך און מוסר־ווערטער. — א סוחר א משכיל און זײַנע השכלה־ספרים. — חסידים נעהמען זיך א משומד צו־הילף. — טשערסקער, דער אויבער־צענזאָר און שפּיאָן. — אַ גזירה אויף ספרים, וואָס ווערען אַרײַנגעפיהרט פון אויסלאַנד. — דער 7־טער באַנד פון „כרם חמד“. — זשאַנדאַרמען און פּאָליציי בעפאַלען האַלבע נאַכט די וואוינונג פון משכיל און נעהמען איהם אין ציטאַדעל. — אַ פּירוש אויפ'ן פסוק „בשנת היובל“ און די פראַנצויזישע רעוואָלוציע. — דער עונש פאַר פערשפּרייטען כפירה־ספרים. — דער קאַמף געגען הפקרות מוז געלינדערט ווערען. — ראַבי־נער—„מופקרים“. — א שלעכטער בײַשפּיעל.

---

א שווערער קאַמף איז אויך געפיהרט געוואָרען אין וואַרשא געגען אַנ'אַנדער מין „הפקרות“, נעמליך—געגען לייענען השכלה-ספרים.

צווישען די יודישע זקנים אין וואַרשא ווערען נאָך ביז היינט דערצעהלט מעשיות וועגען קאַמף, וואָס חסידים האָבען געפיהרט געגען דעם ספר „מגלה טמירין“, וואָס איז אַ פּאַראָדיע אויף כלומר'שטע בריעף פון רביים און חסידים. יע־דער חסיד'ישער פאָטער האָט זעהר אָפּט בודק געווען די ספרים פון זיינע קינדער, אום צו זעהן, אויב צווישען זיי געפינט זיך נישט דער „מגלה טמירין.“ זיי זענען אויך אַריינגעקומען אין די הייזער פון פראָסטע יודען, וואָס האָבען זייערע קינדער

---

[1]) דאָרט.

געלאָזט לערנען תּורה, און געוואָרענט, מען זאָל, חלילה, נישט אַריינלאָזען דעם „טרפה-ופסול“, „מגלה טמירין“, וואָרום אויף דער שטוב, וואו ער געפינט זיך, מוז קומען אַנ׳אומגליק.

און ווען איז געווען דעם יונגעל, אָדער דעם יונגען-מאַן, ביי וועמען דער „מגלה טמירין“ איז ענטדעקט געוואָרען. אַז דער ספר איז צוריסען און פערברענט געוואָרען—דאָס איז זעלבסטפערשטענדליך. נור די, וואָס האָבען איהם געהאַלטען ביי זיך, זענען פון זייערע עלטערן געשלאָגען און לאַנג גע׳רודפ׳ט געוואָרען.

דאָס אַלץ האָט אָבער נישט געהאָלפען אויסצוראָטען דעם „סם-המות“. אין וואַרשא זענען געווען מעהר מתנגדים, ווי חסידים און זיי, די מתנגדים, האָבען גענומען דעם „מגלה טמירין“ אונטער זייער שוץ.

חסידים האָבען געזוכט אַ מיטעל און, ענדליך, ווי זיי האָבען געמיינט—געפונען.

אין וואַרשא האָט אין יענע צייטען (די צוואַנציגער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט) געלעבט די בעריהמטע גרויסע עשירה און נדיבה תּמר׳ל (די פרוי פון בעוואוסטען עשיר און נדבן בערקאָ, פון וועמען עס שטאַמט די פאַמיליע בערקזאָהן), וואָס איז געווען אַ גרויסע אָנהענגערין פון חסידות און רביים (אין איהרע געשעפטען זענען געווען אָנגעשטעלט דער רבי ר׳ בונם פון פרזשיסוחא און דער רבי ר׳ מענדיל קאָצקער). צו איהר האָבען זיך אַלזאָ חסידים געווענדט און געבעטען, זי זאָל געפינען עפּיס אַנ׳עצה אַ סוף צו מאַכען מיט דעם „טרפה-ופסול“.

חסידים האָבען געמיינט, אַז זי וועט מיט געלד קאָנען אויס׳פועל׳ן ביי דער רעגירונג, אַז דער ספר זאָל קאָנפיסקירט ווערען, און די, ביי וועמען מען וועט איהם געפינען, זאָלען ווערען אַרעסטירט.

תּמר׳ל האָט אָבער געוואוסט, אַז ביי דער רעגירונג וועט זי אין דער זאַך אָנטרעפען אויף גרויסע שטערונגען מצד די עטליכע געבילדעטע יודען, וואָס זענען געווען קרובים למלכות און וואָס מיט זייערע מיינונגען האָט מען זיך גערעכענט.

זי האָט זיך דערום אַנ׳אַנדער עצה געגעבען:

זי האָט געהייסען אויסרופען אין אַלע שוהלען, בתּי-מדרשים און מנינים, אַז ווער עס וועט צו איהר ברענגען אַ „מגלה טמירין“, וועט פון איהר בעקומען דריי גאָלדענע רענדלעך.

און דאָס האָט געווירקט. פון דער גאַנצער שטאָדט און אויך פון דער פראָווינץ האָט מען געבראַכט צו תּמר׳לען „מגלה טמירינ׳ס“. זי האָט בעצאָהלט פאַר יעדען עקזעמפלאַר דריי רענדלעך און אין די אויגען פון די מענשען, וואָס האָבען די עקזעמפלאַרען געבראַכט, האָט זי זיי פערברענט [1]), מכבד געווען די ברענגער מיט לעקעך-און-בראָנפען, און דערביי געזאָגט אַ פּאָר מוסר-ווערטער.

וויפיעל עקזעמפלאַרען עס האָבען זיך נאָך געפונען אויף דער וועלט, האָט שוין תּמר׳ל נישט געקאָנט וויסען.

אין קאַמף געגען ספרי-השכלה האָט מען זיך נישט אָבגעשטעלט אפילו פאַר די שווערסטע מסירות, ווי עס בעווייזט פאָלגענדער פאַקט:

אין וואַרשא האָט געוואוינט אַ רייכער און בכבוד׳ער סוחר, אַ משכּיל, זאָטענ-

[1]) אין יענע צייטען זענען נאָך קיין סטערעאָטיפּען נישט געווען, און אויב אַלע עקזעמפּלאַרען פון אַ ספר זענען פערניכטעט געוואָרען און דער מחבר האָט דעם כּתב-יד נישט געהאַט, האָט ער איהם שוין נישט גע־קאָנט איבערדרוקען. חוץ דעם האָט דאָס פערברענען דעם „מגלה טמירין“ נאָכ׳ן צאָהלען פאַר איהם דריי רענדלעך געהאַט אַ זעהר גרויסען דעמאָנסטראַטיווען האַראַקטער.

בערג. ער פלעגט אָפט פאָהרען קיין אויסלאַנד, און צוריקקומענדיג האָט ער מיט זיך שטענדיג מיטגעבראַכט השכלה-ספרים, וועלכע ער האט געליהען יונגע-לייט צום לייענען.

חסידים האָבען זיך דערפון דערוואוסט און בעשלאָסען אַ סוף מאַכען מיט'ן פערשפרייטען אפיקורסות צווישען יודען אין וואַרשא. זיי האָבען געכּרובט אויף זאָטענבערג'ן ווירקען מיט גוטען, מיט בייזען—אומזיסט. ער האָט זיי אויסגעלאַכט. זיי האָבען אָבער געפונען אַ גוט מיטעל, איהם אונשעדליך צו מאַכען.

אין יענע צייטען (1844) איז אין וואַרשא געווען אויבער-צענזאָר פון העב־רעאישע שריפטען און ספרים איינער אַ משומד, טשערסקער, וועלכער איז גלייכצייטיג אויך געווען אַ שפיאָן. צו איהם האָבען זיך געווענדט די, וואָס האָבען גע-פיהרט דעם קאַמף געגען דער השכלה, מיט דער בקשה, ער זאל א סוף מאַכען מיט'ן אַריינברענגען אין לאַנד השכלה-ספרים.

טשערסקער, בעקומענדיג פון די חסידים פאָראויס אַ גוטען מתנת-יד, האָט זיך טאַקע ענערגיש גענומען צו דער זאַך. אַלס שפיאָן האָט ער מודיע געוועזן דער מאַכט, אַז צווישען יודען ווערען פערשפרייט אידעען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע דורך ביכער, וואָס ווערען אַריינגעפיהרט פון אויסלאַנד. די מאַכט האָט, אַלזאָ, גע-הייסען אַכטונג געבען ביי די גרעניצען אויף די יודען, וואָס קומען פון אויסלאַנד, און קאָנפיסקירען ביי זיי די יודישע ביכער, וואָס זיי פיהרען מיט זיך.

ווען זאָטענבערג איז צוריקגעפאָהרען פון אויסלאַנד, האָט ער געפיהרט מיט זיך דעם זיעבטען באַנד פון זאַמעל-בוך „כרם חמד", וואָס איז קאָנפיסקירט געוואָ-רען, ווי אַלע אַנדערע ספרים, וואָס זענען אַריינגעפיהרט געוואָרען אין לאַנד.

זאָטענבערג איז זיך אַהיים געפאָהרען רוהיג קיין וואַרשא, און האָט זיך ווע-ניג וואָס געקימערט וועגען דעם „כרם המד", וואָס מען האָט ביי איהם צוגענומען, ווענענדיג זיכער, אַז מען וועט איהם דעם ספר צוריקגעבען, נאָכדעם, ווי ער וועט דורכגעלייענט ווערען אין צענזור, וויסענדיג, אַז אין איהם געפינט זיך נישט קיין שום וואָרט, וואָס זאָל קאָנען זיין פערדעכטיג, און טאַקע דערום האָט ער געבעטען, מ'זאָל פערצייכענען זיין נאָמען און זיין אַדרעס.

עטליכע וואָכען זענען אַריבער און פלוצלונג, האַלבע נאַכט, ווערט דאָס הויז, וואו זאָטענבערג האָט געוואוינט, בעלאַגערט פון זשאַנדאַרמען און פאָליציי מען פאַלט אַריין אין זיין וואוינונג, מען מאַכט אַ שטרענגע רעוויזיע, מען נעהמט צו אַלע אויסלענדישע ספרים, וואָס געפינען זיך ביי איהם, און איהם אַליין . הרט מען אָב אין ציטאַדעל.

מיט וואָס האָט ער אַזוי שווער געזינדיגט, אַז מען זאָל איהם בעפאַלען אין מיטען נאַכט און אָבפיהרען אַזש אין ציטאַדעל?

זיין פאַמיליע און גוטע פריינד האָבען זיך בעמיהט די זאַך צו דערגעהן און נאָך פיעל מיה און קאָסטען איז זיי געלונגען געוואויר צו ווערען, אַז ער ווערט בעשולדיגט אין אַ גאָר געפעהרליך פערברעך, דהיינו: ער פערנעהמט זיך מיט דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

ווי? וואָס? ווען? ווי קומט דאָס צו אַ בכבוד'ן, רייכען סוחר, ער זאָל זיך פערנעהמען מיט רעוואָלוציע? וואָס פאַר אַ בעווייז האָט מען עס אויף דעם?

נאָך ווייטערע מיה און קאָסטען איז מען געוואויר געוואָרען נאָך מעהר: אין אַ ספר, וואָס זאָטענבערג האָט געבראַכט פון אויסלאַנד, געפינט זיך אַ פער-שטעלטער, רמז'דיגער רעיון וועגען דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

אָבער אויב אַפילו אויב נור „אַ פערשטעלטער, רמז'דיגער רעיון", קאָן מען

דאָך שוין עפּיס טהון. קאָן מען דאָך שוין דערווייזען, אַז דער גאַנצער חשד איז פאַלש.

זאָטענבערג׳ס קרובים האָבען זיך אַלזאָ געווענדעט צום צענזאָר און סעקרעטאַר פון צענזור-קאָמיטעט פאַר יודישע שריפטען און ביכער, יעקב טוגענדהאָלד און איהם געבעטען, ער זאָל די זאַך קלאָר מאַכען.

דאַן איז מען ערשט געוואויר געוואָרען, וואָס די מעשה איז: אין זיעבטען באַנד פון „כרם חמד", וואָס מען האָט צוגענומען ביי זאָטענבערג׳ן ביי דער גרעניץ, געפינט זיך עפּיס אַ פּירוש אויף דעם פּסוק „בשנת היובל הזאת תשובו איש אל אחוזתו", און אויף דעם דאָזיגען פּירוש האָט דער אויבער-צענזאָר, טשערסקער, געזאָגט, אַז דאָס איז אַ בעהאַלטענע חקירה וועגען דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, וואָס ווערט דאָרט אָנגערופען מיט׳ן נאָמען „שנת היובל".

טוגענדהאָלד׳ן איז דעמאָלט לייכט געווען צו דערווייזען, אַז טשערסקער׳ס מיינונג איז פאַלש און זאָטענבערג איז בעפרייט געוואָרען, אָבזיצענדיג אין ציטאַדעל מעהר פון אַ האַלב יאָהר [1]. פון דעמאָלט-אָן האָט ער שוין געוואוסט, ווי גרויס עס איז די שטראָף פון די, וואָס פערשפּרייטען צווישען יודען כפירה-ספרים.

אָט אַזוי האָט מען אַמאָל געקעמפט אין וואַרשא געגען אַלע מיני המקרות. מיט דער צייט האָט אָבער דער קאַמף געמוזט געלינדערט ווערען. די ראַבינער-שול, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָהר 1826, האָט יעדעס יאָהר אַרויסגעלאָזט אַ געוויסע צאָהל געענדיגטע ראַבינער—„מופקרים" (די ערשטע שילער זענען געווען מייסטענס יתומים, וואָס האָבען בעקומען קליידונג און גאַנצע אויסהאַלטונג, שפּעטער — אויך קינדער פון די „איין-און-דרייסיגער" און אַנדערע „מהוצפים"), און די דאָזיגע „מופקרים", קאָנענדיג זיך פערטיידיגען פאַר דער מאַכט און זענענדיג „דייטש" געקליידט, האָבען נישט נור אַליין נישט געאַכט דעם שמש און אפילו דעם רב, נאָר אויך פאַר אַנדערע געדיענט אַלס ביישפּיעל. פיעל מאָל זענען זיי אויך אָפען אַרויסגעטראָטען צו פערטיידיגען די, וואָס זענען פון שמש און קהל געֿ׳רודפ׳ט געוואָרען.



1) בקיצור איז די דאָזיגע מעשה איבערגעגעבען געוואָרען אין דעם דייטש־יודישען וואָכענבלאַט „Orient", נומער 35 פון יאָהר 1844. טוגענדהאָלד האָט געענטפערט אויף דעם אין דעמזעלבען וואָכענבלאַט נומער 3 פון יאָהר 1811. אין זײַנע שריפטען (כתב־יד) דערצעהלט ער די גאַנצע זאַך אויספיהרליך.

ד״ר ז. ביכאָווסקי.

# יודישע נערווען און יודישע דעגענעראַציע.

## I

מיט דרייסיג יאָהר צוריק האָט אַ תלמיד פון בעריהמטען פּאַריזער דאָקטאָר שאַרקאָ אַרויסגעגעבען אַ בוך אונטער׳ן נאָמען: „דער פערוואָגעלטער יוד״ (Le juif errant). דאָס בוך האָט דעמאָלט געמאַכט אַ געוויסען רוש אין דער וויסענשאַפטליכער וועלט און געהאַט, נאָך מיין מיינונג, אַ גרויסען איינפלוס אויף די אַנשויאונגען פון די אייראָפּעאישע געלעהרטע (בפרט דאָקטוירים) איבער יודען בכלל.

שאַרקאָ איז דעמאָלט געשטאַנען אויפ׳ן שפּיץ פון זיין רוהם. ער איז געווען דער שעפער פון דער מאָדערנער נעוורעאָלאָגיע, און בעזונדערס האָט ער דורך זיינע פונדאַמענטאַלע אַרבייטען געוואָרפען אַ גאַנץ ניי ליכט אויף איינע פון די אינטערעסאַנטסטע נערווען-קראַנקהייטען, וואָס האָט געשפּיעלט אַ גרויסע ראָליע אין דער וועלט-געשיכטע—אויף דער היסטעריע. שאַרקאָ׳ס פּאַציענטען האָבען זיך רעקרוטירט פון די רייכסטע און אַריסטאָקראַטישסטע שיכטען פון אייראָפּא און אַמעריקא, פירשטען און געקרוינטע קעפּ פלעגען פאָהרען קיין פּאַריז צום מייסטער פון „סאַלפּעטריער״ (אַזוי האָט געהייסען דער שפּיטאָל, וואו שאַרקאָ האָט געאַרבייט), די גרעסטע געלעהרטע און קינסטלער פון דער גאַנצער וועלט פלעגען עולה רגל זיין קיין פּאַריז צו הערען זיינע פאָרלעזונגען. און פּלוצלונג האָט זיך אין שאַרקאָ׳ס קאַבינעט—אין דעם קאַבינעט, וואו עס פלעגט זיך שטענדיג געפינען דאָס פיינסטע, עלעגאַנטסטע פובליקום, אָנגעהויבען ווייזען אַ גאַנץ נייער מין פּאַציענטען, וואָס נישט ער און איבערהויפּט אפשר קיינער אין פּאַריז האָט זיי נאָך קיינמאָל נישט געזעהן: אָבגעריסענע, פער׳חושכ׳טע, פערקנייטשטע, צוזאַמענגעבויגענע מענשען מיט האַלבווילדע, קאָמישע מאַנירען, וואָס מ׳האָט זייער שפּראַך גאָרנישט אָדער קוים געקאָנט פערשטעהן. און דער עיקר איז געווען, וואָס די דאָזיגע אַלע פּאַציענטען, וועלכע זענען געקומען זוכען הילף ביים גרויסען מעטר (Maître) אַזש פון ווייטע מדינות—אַז די אַלע האָבען אייגענטליך נישט געהאַט, ביי אַ גענויער אונטערזוכונג, קיין שום אינטערעסאַנטע אָדער זעלטענע קראַנקהייט. עס זענען געווען גאַנץ פּשוט׳ע חולאים, אייגענטליך, לויט שאַרקאָ׳ס בעגריפען, איבערהויפּט קיין חולאים נישט: געוועהנליכער קאָפּ-וועהטאָג, עצירות, שלעכטער אַפּעטיט א. אַ. וו.

שאַרקאָ און זיינע אַסיסטענטען האָבען זיך נאָך מעהר פער׳חדוש׳ט, ווען זיי האָבען זיך פונאַנדערגערעדט מיט די פּאַרשוינען און זענען פון זיי געוואויר געוואָרען, אַז זיי, די אָבגעריסענע קבצנים, פאָהרען שוין אַרום מיט זייערע קליינע, נישט-אינטערעסאַנטע קראַנקהייטען גאַנצע חדשים, פון איין אוניווערזיטעט-קליניק אין צווייטען, פון אי[illegible] בעט[illegible] [illegible]אָפּעסאָ[illegible] צום צווייטען.

די קראַנקהייטע, פ[illegible] מענש[illegible] האָבען דעם געלעהרטען נישט אינטערעסירט; דערפאַר האָט איהם אָבער שטאַרק פעראינטערעסירט דער דאָזיגער, פאַר איהם איג-

גאַנצען נייער מענשען-טיפּ בכלל. דער גרויסער דאָקטאָר איז געווען אויך אַ גרויסער קענער פון קונסט-געשיכטע, און ער האָט זיך דערמאָהנט, אַז ער האָט אין בילדער-גאַלעריעס—אויף אַלטע בילדער און צייכנונגען פון 16-טען און 17-טען יאָהרהונדערט—געזעהן גראָד אַזעלכע איינגעבויגענע, צוזאַמענגעקנייטשטע, מיט וועהטאָג דורכגעזאַפּטע מענשען, וואָס וואַנדערן אָהן אַ ציעל און אָהן אַ צוועק. דאָס איז געווען דער פערשטאָלטענער „אייביגער יוד", אַזוי ווי דאָס מיטעלאַלטער האָט איהם אויפגעפאַסט.

צוקוקענדיג זיך צו זיינע נייע פּאַציענטען, האָט שאַרקאָ אַפילו געפונען אַן עהנליכקייט אין דעם צוקנייטשטען פנים, אין דער נישט-אויסגעקעמטער באָרד, אין האַלטען די הענד א. אַ. וו. און ער האָט געהייסען זיין תלמיד שרייבען אַ דיסערטאַציע איבער דעם בלאָנדזשענדיגען יוד, איבער דעם יוד, וואָס לויפט שוין אַרום הונדערטער יאָהרען אָהן אַ ציעל און אָהן אַ צוועק; וואָס ווערט געיאָגט פון איין דאָקטאָר צום אַנדערן, פון איין שפּיטאָל צום אַנדערן, דורך אַ נישט-געוועהנליכער, נישט-נאָרמאַלער קראַפט; וואָס קאָן אָהן געלד און אָהן אַ שפּראַך דורכוואַנדערן דורך אַלע אייראָפּעאישע קליניקען מיט דעם איינציגען קלאָגען-זיך אויף עצירות אָדער שלעכטען אַפּעטיט.

שאַרקאָ'ס פּאַציענטען זענען געווען אָרימע פּוילישע און ליטווישע יודען, און ער האָט אַרויסגעפיהרט זייער יחוס פון דעם „אייביגען, פערשאָלטענעם יודישען וואַנדערער". זייער קלאָגען-זיך האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט אין אַ גאַנץ אַנדער ליכט: דאָס איז נישט קיין געוועהנליכער קאָפּ-וועהטאָג אָדער געוועהנליכער אישיאַס. צוליעב אַזעלכע נאַרישקייטען פאָהרט אַ נאָרמאַלער מענש נישט פון איישישאָק אַזש קיין פּאַריז צו שאַרקאָ'ן. דאָס זענען סימבאָלען פון שווער-קראַנקע נשמות, פון זיבּנט דורות דעגענערירטע נערווען.

אַזוי איז ענטשטאַנען די לעגענדע פון די יודישע דעגענערירטע נערווען, פון דער יודישער דעגענעראַציע.

---

.II

און די לעגענדע האָט אָנגעהויבען וואַנדערן פון איין פּראָפעסאָר צום צווייטען, פון איין בוך אין אַנדערן. זי איז געוואָרען וואָס אַמאָל פּאָפּולערער און איז אויך באַלד אַריבערגעגאַנגען אין דער פּובליציסטיק.

דער בעריהמטער לאָמבראָזאָ (אַליין אַ יוד) האָט אין זיין בעריהמטען ווערק „גאונות און משוגעת" דורכגעפיהרט דעם געדאַנק, אַז יודען, וואָס גיבען-אַרויס אַזוי פיעל טאַלענטען אויף אַלע געביטען פון דער וויסענשאַפט און קונסט, גיבען אויך די גרעסטע צאָהל פון נערווען-און גייסט-קראַנקע. אויך נאָרדוי—לאָמבראָזאָ'ס אַ פייערדיגער חסיד—האָט פערעפענטליכט (דאָס איז נאָך געווען פאַר באַזעל) זעהר אַ שאַרפען אַרטיקעל איבער דער יודישער דעגענעראַציע. דער ווינער פּסיכיאַטער קראַפט-עבינג האָט, געשטיצט אויף זיין סטאַטיסטיק, אויך אויפגעוויזען, אַז ביי איהם היילען זיך פּראָצענטמעסיג אַ סך מעהר יודען, ווי קריסטען. נאָך אַנדערע פּראָפעסאָרען, וואָס פּראַקטיצירען אין די נאָהענטע שטעדט פון יודישען ישוב (בערלין, ברעסלוי, קעניגסבערג), האָבען געבראַכט אַלץ מעהר מאַטעריאַל צו דערזעלבער פראַגע.

און באמת האָט מען אין יעדען אַמבולאַטאָריום פון די אויסלענדישע בעריהמטע-

הייטען שטענדיג געפונען אונזערע היימישע יודען אין זייערע נישט גאַנץ ריינע מלבושים און מיט זייערע נאָך אַנדערע „נישט-אייראָפּעאישע“ מאַנירען. זעהר אָפט זענען נאָך מיט איין קראַנקען מיטגעפאָהרען עטליכע קרובים, און דאָס אַלץ האָט גע׳רעש׳ט, געפּילדערט, איז געלאָפען אין איין טאָג פון איין קליניק אין צווייטען אָדער צו די פּראָפעסאָרען אַהיים מיט רעקאָמענדאַציעס פון פערשיעדענע פּעראייינען, האָט צונויפגערופען קאָנסיליומס. פון דריי־פיער און נאָך מעהר „גרויסע“ פּראָפעסאָרען. און דוקא אָפט זענען דאָס געווען אָדער גאָר נישט קיין שווער־קראַנקע אָדער קראַנקע, וואָס מ׳האָט זיי בכלל נישט געקאָנט העלפען. אַלענפאַלס, זענען עס געווען מענשען, וואָס האָבען זיך, לויט די אייראָפּעאישע בעגריפען, גאַנץ אומזיסט אַרומגעשלעפּט איבער די שפּיטאָלען און קור-ערטער.

די סטאַטיסטיק פון דער יודישער נערוועזיטעט איז געוואַקסען און מיט איהר אויך די לעגענדע פון דער יודישער דעגענעראַציע. יודען זענען דעגענערירט, זייערע נערווען, זייער גאַנץ פּסיכיש לעבען איז צוקאַליעטשעט, נישט צום אויסהיילען. ס׳האָבען זיך אויך געפונען טעאָרעטיקער, וואָס האָבען אָנגעהויבען בעווייזען, אַז עס מוז אַזוי זיין, ווייל יודען זענען אַלט און יעדעס פאָלק (די טעאָריע איז דעמאָלט געווען זעהר פּאָפּולער אַדאַנק דרעפּער׳ן) מוז דורכמאַכען די אייגענע סטאַדיומס, וואָס אַן אײנציג בעשעפעניש, דאָס הייסט געבוירען ווערען, זיך ענטוויקלען, בלייבען אַ געוויסע צייט שטאַרק און דערנאָך אונטערגעהן. אַנדערע האָבען אויך געזוכט די סבה פון דער יודישער דעגענעראַציע אין דעם, וואָס יודען זענען זיך מתחתן מיט נאָהענטע קרובים און איבערהויפּט נור מיט איינאַנדער, און האָבען אָנגעוויזען אויף דער איינציגער רפואה—געמישטע שדוכים צווישען יודען און קריסטען, כדי אויפצולעבען דאָס אַלטע אָבשטאַרבענדיגע יודישע בלוט דורך נייעם און פרישען בלוט פון אַנדערע פעלקער.

די לעגענדע פון דער יודישער דעגענעראַציע איז געוואָרען אַ וויסענשאַפטליך פּראָבלעם.

---

III.

זינט יאָהרען בעשעפטיג איך זיך מיט אָט דעם פּראָבלעם. עס אינטערעסירט מיך אַלס דאָקטאָר, עס רייצט מיך אַלס יוד און עס קוועלט מיך אַלס ציוניסט. יודען מאַכען ווירקליך דעם איינדרוק פון זעהר נערוועזע בעשעפענישען. ספּעציאַליסטען פון נערווען-קראַנקהייטען שעפּען דעם גרעסטען טייל פון זייער היונה פון יודען, די אַנשטאַלטען פאַר נערווען-קראַנקע זענען פול מיט יודען. דאָס איז אַלץ אמת. בעטראַכט מען אָבער דעם גאַנצען ענין טיעפער, שטודירט מען גרינדליכער דאָס גאַנצע פּראָבלעם פון דעם נערוועזען מענשען בכלל, בעזונדער די אַלע פערוויקעלטע פראַגען, וואָס זענען מיט דעם פּראָבלעם ענג פערבונדען, קומט מען צו דער איבערצייגונג, אַז אַזוי ווי עס שטעלען עס פאָר די סטאַטיסטיקער, איז די זאַך נישט, אַז מען מוז נאָך גוט דורכקלערען און גרינדליך דורכאַרבייטען אַ סך שאלות-ותשובות, איידער מען הויבט-אָן רעדען פון דער יודישער דעגענעראַציע און פון דעם אונטערגאַנג פון יודישען פאָלק.

דאָ איז נישט דאָס אָרט אַרומצוריידען בפרטות דעם גאַנצען מהות פון נערווען-קראַנקהייטען בכלל, די סבות, וואָס רופען זיי אַרויס, און די פאָלגען,

וואָס זיי האָבען פאַר׳ן יחיד און פאַר׳ן כלל. דאָך עטליכע בעמערקונגען מוז איך דאָ געבען.

גרויסע ובוחים און דיסקוסיעס זענען געפיהרט געוואָרען און ווערען נאָך ביז איצט געפיהרט אין דער וויסענשאַפטליכער וועלט איבער דער פראַגע, פון וואַנען אייגענטליך נעהמען זיך די פערשיעדענע נערוועז-קראַנקהייטען. ס׳איז געווען אַ צייט, ווען מען האָט געהאַלטען, אַז כמעט אַלע נערוועז-קראַנקהייטען ענטשטעהען ביי מענשען, וואָס האָבען שוין בירושה אַנ׳אָבגעשוואַכט נערוועז-סיסטעם, וואָס קומען, אַזוי צו זאָגען, אויף דער וועלט שוין מיט אַ געוויסער אָנלאַגע צו דער אָדער יענער נערוועז-קראַנקהייט. גאַנצע ביבליאָטעקען זענען געדרוקט געוואָרען איבער דער ירושה-מעגליכקייט פון נערוועז-קראַנקהייטען. מ׳האָט בעשריבען הונדערטער פאַמיליעס, וועמענס מיטגליעדער פון עטליכע דורות האָבען געהאַט די אייגענע אָדער עהנליכע נערוועז-קראַנקהייטען. עס האָט אַלזאָ געהייסען, אַז אינ׳ם נערוועז-סיסטעם פון דעם קראַנקען געפינען זיך אינוועניגסטע אָנגעבוירענע סבות פון זיין קראַנקהייט. שפּעטער אָבער האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז אַ סך נערוועז-קראַנקהייטען און דוקא אַזעלכע, וואָס זענען שווער צו היילען און מאַכען דעם פאַציענט כמעט פאַר אַ לא-יוצלח (אינוואַליד) אויפ׳ן גאַנצען לעבען, ענטוויקלען זיך צוליב סבות, וואָס קומען פון דער אויסען-וועלט.

די דיסקוסיע איבער דאָס פערהעלטעניש צווישען די ביידע אַרטען נערוועז-קראַנקהייטען האָט לאַנג געדויערט און איז נאָך ביז איצט נישט אינגאַנצען פערענדיגט. יעדענפאַלס שטעהט די וויסענשאַפט איצט אויף דעם שטאַנדפונקט, אַז די אויסערליכע סבות שפּיעלען זעהר אַ גרויסע ראָליע אין דער ענטוויקלונג פון די שווערסטע נערוועז-קראַנקהייטען. אמת, ס׳זענען אויך דאָ נערוועז-קראַנקהייטען, וואָס געהען-איבער אין גאַנצע משפחות און אפילו אין עטליכע דורות, נאָר זיי זענען אַ סך זעלטענער, ווי די נערוועז-קראַנקהייטען, וואָס דער מענש נעהמט זיי זיך, אַזוי צו זאָגען, אַליין, מיט׳ן אייגענעם ווילען אָדער פאַלט אַריין אין זיי דורך אַ צופאַל.

די הויפט-ראָליע שפּיעלען דאָ פערשיעדענע פערגיפטונגען. אַזוי, צום ביישפּיעל, קומען־פאָר ספּעציעלע נערוועז־קראַנקהייטען ביי מענשען, וואָס האָבען צו טהון אַ סך מיט בליי, קוועקזילבער, שוועבעל-קויהלענשטאָף, אַרשעניק א. אַ. וו. דער עיקר אָבער—און אין דעם זענען מיר פעסט איבערצייגט—ווירקען זעהר שעדליך אויפ׳ן נערוועז-סיסטעם פון מענשען און רופען אַרויס זעהר שווערע קראַנקהייטען צוויי גיפטען—אַלקאָהאָל און סיפיליס.

און גראָד די נערוועז-קראַנקהייטען, וואָס מיר רופען זיי אָן אָרגאַנישע, ד. ה. אַזעלכע, וואָס רופען-אַרויס בעשיינפערליכע, זעהר שווערע פערענדערונגען אין די נערוועז-אַפּאַראַטען, האָבען צו פערדאַנקען כמעט זייער גאַנצע עקזיסטענץ די דאָזיגע צוויי שרעקליכסטע גיפטען, וועלכע פער׳סמ׳ן פאַמעליך דעם מענשען און אויך גאַנצע פעלקער. סיפיליס און אַלקאָהאָל—דאָס זענען די צוויי גרעסטע בייטשען, וואָס פערפאָלגען דעם איצטיגען מענש און פיהרען איהם פאַמעליך, אָבער אונפערמיידליך צום שרעקליכסטען אָבגרונד. פון דער קרימינאַל-סטאַטיסטיק וויסען מיר אויך, אַז דער רוב פערברעכער זענען סיפיליטיקער און אַלקאָהאָליקער.

וויל מען, אַלזאָ, וויסען, ווי גרויס עס איז דער אמת׳ער מאַסשטאַב פון דער נערוועז-דעגענעראַציע ביי אַ געוויסער בעפעלקערונג אָדער אַ גאַנץ פאָלק, וויל מען ווירקליך זיך מאַכען אַ בעגריף פון דעם, ווי עס זעהט אויס דער צושטאַנד פון די נערוועז ביי אַ בעשטימט פאָלק, וואָס פאַר אַ ווידערשטאַנדס־קראַפט זיי האָבען און וויפיעל זיי

קאָנען אַריבערטראָגען,—דאַרף מען קודם כל אונטערזוכען דאָס עייכות פון דעם פאָלק צו די צוויי גיפטען, ד. ה. וויפיעל און ווי אַזוי עס געברויכט אַלקאָהאָל און ווי אָפט עס איז אָנגעשטעקט מיט סיפיליס.

---

## IV.

די פראַגע וועגען דער שעדליכקייט פון שאַרפע משקאות (בראָנפען, וויין, ביער, קאָניאַק, ליקער) איז נישט בלויז אַ מאָראַלישע—זי האָט אויך אַ גרויסע מעדיצינישע און סאָציאָלאָגישע בעדייטונג. אין אייראָפּא און אין אַמעריקא עקזיסטירען טויזענדער פעראיינען, וואָס קעמפען געגען דעם געברויך אָדער מיסגעברויך פון אַלקאָהאָל. אין אַלע אייראָפּעאישע שפּראַכען ערשיינען ספּעציעל צייטשריפטען, וואָס פיהרען אַ פערביטערטען קאַמף געגען דעם דאָזיגען „גרעסטען אומגליק" פון דער מענשהייט. פאַר דער מלחמה פלעגען אָבגעהאַלטען ווערען נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסען, געווידמעט ספּעציעל אָט דער פראַגע. דאָקטוירים פון די פערשיעדענסטע ספּעציאַליטעטען האָבען געבראַכט אַ גרויס מאַטעריאַל, וואָס בעווייזט דעם שעדליכען איינפלוס פון אַלקאָהאָל אויף דער אָדער יענער פונקציע פון אָרגאַניזם. אַם מייסטען האָבען זיך אָבער מיט דער פראַגע בעשעפטיגט דאָקטוירים פון נערווען- און גייסט-קראַנקהייטען. דער בעריהמטער ציריכער פסיכיאַטער פאָרעל, דער מינכענער פסיכיאַטר קרעפּעלין און זייערע צאָהלרייכע תלמידים האָבען דעם גרעסטען טייל פון זייער וויסענשאַפטליכער אַרבייט געווידמעט דעם פּראָבלעם. מיר קענען איצט אַ סך שווערע נערווען- און גייסט-קראַנקהייטען, וואָס ענטוויקלען זיך ביי מענשען, וועלכע געברויכען בראָניש אַלקאָהאָלישע משקאות. צווישען די קראַנקהייטען זענען דאָ אַזעלכע, וואָס זענען שווער צום אויסהיילען און וואָס לאָזען-איבער ביי זייערע קרבנות שפּורען אויפ'ן גאַנצען לעבען, און נישט בלויז אויף זיי אַליין, נאָר אויך אויף זייערע קינדער. מיר ווייסען איצט כמעט זיכער (מ'האָט עס אויך אויסגעפּרובט אויף פערשיעדענע חיות, דורכדעם, וואָס מ'האָט זיי אַריינגעפיהרט אין מאָגען אַלקאָהאָל), אַז קינדער, וואָס ווערען געשאַפען בשעת איינער פון די עלטערן איז שכור, קומען אויף דער וועלט שוין שוואַך און זענען מסוגל צו בעקומען שפּעטער די אָדער יענע נערווען-אָדער גייסט-קראַנקהייט.

דער אמת פאָדערט אָבער צו זאָגען, אַז די בעוועגונג געגען אַלקאָהאָל האָט די גאַנצע פראַגע וועגען דער גרויסער שעדליכקייט פון אַלקאָהאָל נישט ווייניג איבערטריבען. פערזענליך בין איך אויך אַן ענטשיעדענער געגנער פון אַלקאָהאָל און האַלט, אַז עס וואָלט געווען איינס פון די גרעסטע גליקען פאַר דער מענשהייט, ווען זי זאָל איהם לחלוטין אויפהערען צו געברויכען. איך חלום פון אַ צייט, ווען מענשען וועלען אַליין, אָהן שום אַגיטאַציע פון אויסען און אָהן רעגירונגס-דעקרעטען, קומען צו דער איבערצייגונג, אַז מען קאָן זיך אינגאַנצען בעגעהן אָהן אַלקאָהאָל און די כוחות, וואָס ווערען איצט פערוועגדט אויף דער פאַבריקאַציע און דעם האַנדעל מיט אַלקאָהאָל, וועלען קאָנען פערווענדט ווערען אויף פראָדוקטיווער, נוצליכער, דאָס לעבען בעשיינענדער אַרבייט.

בעטראַכט מען אָבער, אַז ס'זענען דאָ פעלקער, וואָס געברויכען שוין זינט הונדערטער יאָהרען דאָס אָדער יענס אַלקאָהאָל-געטראַנק (צ. ב., די דייטשען—ביער, פראַנצויזען—וויין, סלאַווען—בראָנפען), און זענען דאָך נישט דעגענערירט, און

זענען דאָך נישט אונטערגעגאַנגען, נאָר פערקעהרט, האָבען נאָך דערהאַלטען אין זיך גרויסע שעפערישע כוחות; קוקט מען זיך צו צום אַלקאָהאָל-פּראָבלעם פון דעם שטאַנדפּונקט,—מוז מען מודה זיין, אַז דער אַלקאָהאָל אַליין איז נאָך נישט די איינציגע סבה פון די אַלע קראַנקהייטען, וואָס מ׳האַלט זיי פאַר אַ פּועל-יוצא פון איהם. אַחוץ דעם אַלקאָהאָל—נעהמט מען איצט אָן אין דער וויסענשאַפט—זענען דאָ נאָך אַנדערע סבות, וואָס פיהרען צו דער אָדער יענער קראַנקהייט, אַפילו ביי דעם גופא, וואָס געברויכט אָפּט אַלקאָהאָל. מ׳זעהט אָפט, אַז צוויי מענשען אין די אייגענע יאָהרען און כמעט מיט דעם אייגענעם אויסזעהן טרינקען דעם אייגענעם סכום אַלקאָהאָל—איינער ווערט שכור, דער צווייטער בלייבט ניכטער. מען זעהט אויך מענשען, וואָס טרינקען אָפּט אַלקאָהאָל און דאָך ווערען זיי נישט נערוועו-און גייסט-קראַנק, בעת אַנדערע ווערען שוין פון אַ סך ווייניגער טרינקען שווער קראַנק. וויכטיג איז אויך דאָס, אַז ס׳זענען דאָ מענשען, וואָס ווען זיי ווילען, קאָנען זיי זיך אָבהאַלטען פון טרינקען, בעת אַנדערע קאָנען עס ביים בעסטען ווילען בשום אופן נישט אויספיהרען: עס צווינגט זיי, עס יאָגט זיי צום פלעשעל.

וואָס בעווייזט דאָס אַלץ?

דאָס בעווייזט, אַז ס׳זענען דאָ מענשען (און—לויט דער סטאַטיסטיק—זעהר אַ סך מענשען), וואָס זייערע נערוועז געפינען זיך אין אַזאַ נישט-נאָרמאַלען צושטאַנד, אַז אַלקאָהאָל רופט ביי זיי אַרויס שווערע נערוועז-קראַנקהייטען. דאָס זענען, ווי מ׳זאָגט אין דער מעדיצין, מענשען מיט מינדערוועהרטיגע נערוועז, קאַנדידאַטען אויף שווערע נערוועז-און גייסט-קראַנקהייטען, דעגענעראַטען.

---

### .V

פערהאַלטען זיך יודען בנוגע דעם אַלקאָהאָל?

ס׳איז אַ פאַקט, וואָס קיינער קאָן איהם נישט אָבלייקענען, אַז ביי יודען טרעפען זיך כמעט לגמרי נישט די אַלע קראַנקהייטען, וואָס זענען פערבונדען מיט׳ן געברויכען אַלקאָהאָל. מען קאָן יאָהרען-לאַנג פּראַקטיצירען צווישען יודען, מען קאָן דורכשטודירען די סטאַטיסטיק פון די גרויסע יודישע שפּיטאָלען און קוים זעהן אָדער געפינען יודישע נערוועז-קראַנקע אַלקאָהאָליקער. דער אונטערשיעד וואַרפט זיך בעזונדערס אין די אויגען, ווען מ׳פערגלייכט, צום ביישפּיעל, די פּאַציענטען פון דער פּסיכיאַטריע-און נערוועז-אָבטיילונג אין אַ יודישען שפּיטאָל מיט די פּאַציענטען פון די אייגענע אָבטיילונגען אין די רוסישע און דייטשע שפּיטאָלען. עס פעהלט כמעט אינגאַנצען דער מין קראַנקע.

די יודישע מאָראַליסטען און אַפּאָלאָגעטען פלעגען דעם פאַקט ברענגען אַלס בעווייז פון דער ריינקייט און ניכטיגקייט פון דער יודישער נשמה. אין אמת׳ן גערעדט, איז דאָס נישט ריכטיג. יודען טרינקען אויך. אפשר נישט אַזוי פיעל, ווי די סלאַווען און גערמאַנען, אָבער אַלענפאַלס זענען יודען בכלל נישט אַבסטינענטען. יודען האָבען אַפילו ליעב אַ ביסעל בראָנפען פאַר׳ן עסען און, ווי מ׳זאָגט, פאַר די פיש און נאָך די פיש. ווי מיר ווייסען, איז נאָך נישט לאַנג אין אַ סך ערטער דער גאַנצער מסחר מיט אַלקאָהאָל געלעגען אין יודישע הענד, אָנהויבענדיג פון די גרויסע ברענעריען און רעקטיפיקאַציעס און ענדיגענדיג מיט די קליינע שיינקען. און דאָך זענען יודען פריי פון אַלקאָהאָל קראַנקהייטען.

דאָס יודישע נערוועז-סיסטעם איז נישט אַזוי עמפּפינדליך געגען אַלקאָהאָל.

עס פערטראָגט דעם אַלקאָהאָל, עס איז שטאַרק געגוג נישט צו צולאָזען זיינע שעדליכע ווירקונגען און זיך זיי אַנטקעגענצושטעלען. וואָלטען יודען ווירקליך געווען דעגענערירט, וואָלט מען דוקא ביי זיי געדאַרפט בעגעגענען אַ גרויסע עמפפינדליכקייט בנוגע שאַרפע משקאות און מאַסענווייז די אַלע קראַנקהייטען, וואָס מיר ווייסען געוויס, אַז זיי האָבען אַ שייכות מיט אַלקאָהאָל.

מיט דעם גאַנצען ערנסט פון דער וויסענשאַפטליכער אָביעקטיוויטעט מוז מען אָנערקענען, אַז דאָס פעהלען פון דעם אַלקאָהאָל-פּראָבלעם ביי יודען איז אַ זיכערער בעוויז געגען דער טעאָריע פון דער שרעקליכער יודישער נערוועזיטעט און דעגענעראַציע*).

צוליעב פערשיעדענע טעמים מוז איך דאָ נאָך זעהר קורץ בעריהרען די פראַגע וועגען סיפיליס ביי יודען. כמעט אַלע עלטערע סטאַטיסטיקעס פון לענדער מיט אַ גרויסען יודישען ישוב ווייזען-אויף, אַז סיפיליס איז ביי יודען זעלטענער, ווי ביי אַנדערע בירגער און ממילא זענען ביי יודען אויך וועניגער די נערוועזן-קראַנקהייטען, וואָס זענען מיט איהם ענג פערבונדען.

די נייערע סטאַטיסטיק—צ. ב., פון ניו-יאָרק—איז פאַר אונז נישט מעהר אַזוי גינסטיג. די סיפיליזאַציע געהט אָפט פאַראַלעל מיט דער ציוויליזאַציע. גאַנץ פריהע חתונות און די ריינקייט פון משפחה-לעבען, וואָס האָבען יעדענפאַלס שטאַרק פערהיט געגען דער פערשפרייטונג פון סיפיליס צווישען יודען, זענען נור נאָך געבליבען ביי געוויסע קלאַסען אין פוילען. דער מאָדערנער אייראָפעאישער יוד איז דורך זיין גאַנצען שטייגער לעבען מעהר עלול זיך אָנצושטעקען מיט סיפיליס, ווי זיינע זיידעס.

ביז איצט אָבער איז די צאָהל פון סיפיליטיקער און פון סיפיליטישע נערוועזן-און גייסט-קראַנקע ביי יודען געווען נישט גרעסער, ווי ביי אַנדערע פעלקער, ניכער נאָך—בעדייטענד קלענער.

---

### VI.

מיר שיינט, אַז דער וועג, וואָס איך האָב דאָ אָנגעצייכענט, איז דער איינציג־ריכטיגער, וויסענשאַפטליכער, און נור אויף אַזאַ אופן קאָן מען זיך ווירקליך אויסאַרבייטען אַ בעגריף פון דער מאָס גייסטיגע כוחות, וואָס ליעגען אין דער נשמה פון אונזער פאָלק. איך האָב מיר געגעבען מיה צו פערגעסען דערביי, אַז איך בין אַליין אַ קינד פון דעם פאָלק, איך האָב טיעף בעהאַלטען אַלע מיינע פערזענליכע סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס. איך האָב דאָס פּראָבלעם בעטראַכט פון ריין-וויסענשאַפטליכען שטאַנדפּונקט. אַ סך מאָטיווען, וואָס זענען פאַר דעם מעדיקער זעהר אינטערעסאַנט און וויכטיג, האָב איך דאָ געמוזט אָוועקלאָזען. און איך מוז זאָגען, אַז ביז איצט האָב איך נישט געקאָנט געפינען קיין שום ערנסטען סאָלידען בעוויז, וואָס זאָל שטיצען די לעגענדע פון דער יודישער דעגענעראַציע.

בעטראַכט מען נאָך די פראַגע פון היסטאָרישען שטאַנדפּונקט, דערמאָהנט מען

---

*) איך מוז דאָ צוגעבען, אַז אַנדערע קראַנקהייטען, וואָס זענען בעשטימט אָבהענגיג פון אַלקאָהאָל, ווי אַרטעריאָסקלעראָז, מאַנכע לעבער־און נירען־קראַנקהייטען, זענען ביי יודען גאָרנישט זעלטען. דאָס זענען אָבער נישט קיין דעגענעראַטיווע קראַנקהייטען, וואָס געהען איבער פון איין דור אויפ'ן צווייטען.

זיך די גרויסע צרות, וואָס יודען האָבען געליטען זינט הונדערטער און טויזענדער יאָהרען, די שלעכטע היגיענישע בעדינגונגען, אין וועלכע זיי האָבען געלעבט אין געטאָ און אין וועלכע זיי לעבען נאָך ביז איצט אין די גרויסע און קליינע יודישע שטעדט,—מוז מען נאָך קומען מעהר צו דער איבערצייגונג, אַז די ווידערשטאַנדס-קראַפט ביי יודען איז נאָך זעהר אַ גרויסע. דערצו קומט נאָך צו דער פאַקט, אַז די שטערבליכקייט פון קליינע קינדער איז ביי יודען קלענער, ווי ביי אַ סך אַנדערע פעלקער, צווישען וועלכע זיי לעבען, און אַז אויך די שטערבליכקייט צוליעב אַ סך אָנשטעקענדיגע קראַנקהייטען, ווי צ. ב., טיפוס און דיזענטעריע, איז ביי יודען ניזריגער; דאָס פערשטאַרקט נאָך מעהר די איבערצייגונג, אַז פון דעגענעראַציע קאָן דאָ גאָר קיין רייד נישט זיין.

פון די פראָבעס אויף פערשיעדענע פלאַנצען און חיות ווייסט מען, אַז מינים, וואָס פאַלען אַריין אין דעגענעראַציע, פערמעהרען זיך וואָס אַמאָל וועניגער, ביז זיי שטאַרבען אינגאַנצען אויס. ביי יודען דאַגעגען איז דער צו-וואוקס פון דעם נייעם דור גרעסער, ווי ביי אַ סך אַנדערע פעלקער, בפרט אין דער אמת׳ער יודישער פאַמיליע, וואו דאָס פערשאָלטענע צוויי-קינדער-סיסטעם האָט זיך נאָך נישט אָנגענומען.

אין דאָך זאָגט די סטאַטיסטיק, אַז יודען זענען אַ סך מעהר קראַנק אויף נערווען-און גייסט-קראַנקהייטען, ווי קריסטען! אין דאָך געפינט מען אין אַלע אַמבולאַטאָריומס, פאָליקליניקען און קור-ערטער פאַר נערווען-קראַנקע פערהעלטניסמעסיג אַ סך מעהר יודען, ווי קריסטען! דאָס איז אַ האַרבע פראַגע פאַר דעם, וואָס קוקט נור אויף די טויטע טרוקענע ציפער, פערטיעפט מען זיך אָבער אין דער פסיכאָלאָגיע פון דעם יודען, אין זיין סאָציאַלען און עקאָנאָמישען לעבען, ערשיינען די ציפער אין אַ גאַנץ אַנדער ליכט.

דער פאַקט אַליין, וואָס יודען מאַכען-אויס אַזאַ גרויסען פּראָצענט אין די אַלע אויבענדערמאָהנטע סטאַטיסטישע טאַבעלעס, בעווייזט אייגענטליך נור, אַז צווישען די מענשען, וואָס זוכען הילף ביי נערווען-דאָקטוירים, איז דאָ אַ גרויסער פּראָצענט יודען. דאָס בעווייזט אָבער נאָך נישט בשום אופן די אמת׳ע צאָהל פון די קראַנקע בכלל. פון דער פּראַקטיק פון לעבען ווייסען מיר, אַז ס׳זענען דאָ שווערע קראַנקע, וואָס היילען זיך וועניג, און להיפך—לייכטע קראַנקע, וואָס היילען זיך אָהן אַן׳אויפהער. איך בין איבערצייגט, אַז אין אַ סך סטאַטיסטיקעס זענען בעצייכענט דיזעלבע קראַנקע יודען, ווייל זיי זענען אַרומגעפאָהרען צו פערשיעדענע פּראָפעסאָרען און ביי יעדען פון זיי פעטער געמאַכט די רובריק פון די נערווען, דעגענערירטע יודען. ס׳איז איבערהויפּט אַן׳אינטערעסאַנט טעמאַ, צו פערגלייכען, ווי פערשיעדענע מענשען פון פערשיעדענע קלאַסען און נאַציאָנאַליטעטען היילען זיך און ווי אַזוי זיי פערהאַלטען זיך צו זייער קראַנקהייט און צו די דאָקטוירים. דער פלאַץ איז דאָ צו-קורץ וועגען דעם צו ריידען. אָבער יעדער פון אונז—נישט נור דאָקטוירים—ווייסט דעם אונטערשיעד אין דער בעציהונג צווישען יודען און נישט-יודען. אין דער יודישער נשמה ליעגט אַ גרויסער און אַלטער צוטרוי צו דער מעדיצין. די גרעסטע און הייליגסטע מענשען האָבען זיך ביי יודען פערנומען מיט היילען קראַנקע. דער תלמוד איז פול מיט מעדיצינישע, פאַר יענער צייט—זעהר שענע, ידיעות. דער תלמוד האָט פערבאָטען צו וואוינען אין אַ שטאָדט, וואו עס איז נישטאָ קיין דאָקטאָר. דער רמב״ם איז געוועזען אַ פּראַקטישער דאָקטאָר. אויפ׳ן „ורפא ירפא״ זאָגט די גמרא: „מכאן שניתן רשות לרופא לרפאות״. פון דער נאַטור איז דער יוד נישט קיין פאַטאַליס. ער גלויבט נישט, אַז וואָס איינמאָל איז

בעשטימט, מוז אויסגעפיהרט ווערען. יעדען גזר דין — און אַ קראַנקהייט איז דאָך אויך אַ שטראָף פון גאָט — קאָן מען דורך די אָדער יענע גייסטיגע און מאַטעריעלע מיטלען אָבווענדען און איבערקעהרען פון שלעכטען צום גוטען. מיט יעדען דאָקטאָר געהט-מיט אַ מלאך. דער יודישער פאָלקלאָר איז פול מיט אמונה אין דער מעדיצין און דאָקטוירים. דער יוד טראַכט וועגען זיין געזונד מעהר, ווי דער נישט-יוד ביי די אייגענע אומשטענדען. זאָגט מען אַ נישט-יודען, אַז ער האָט אַ לייכטע קראַנקהייט און זי וועט שנעל אַוועקגעהן, גלויבט ער אייך און וואַרט מיט געדולד. דער יוד געהט אָבער געוועהנליך נאָך צו אַנ׳אַנדער דאָקטאָר, כדי זיך צו איבערצייגען, אויב דער ערשטער דאָקטאָר האָט נישט געהאַט קיין טעות. דאָס געזונד איז ביי איהם צו-טייער („וחי בהם ולא שימות בהם״ — שטעהט ביי די מצוות פון דער תורה), אַז ער זאָל זיך פערלאָזען אויף איין דאָקטאָר. אַ יוד פערשטעהט כמעט נישט, ווען מ׳זאָגט איהם, אַז זיין קראַנקהייט איז נישט מעגליך אויסצוהיילען. די רעזיגנאַציע, דעם יאוש, וואָס מיר געפינען אַזוי אָפט ביי נישט-יודען, פעהלט דעם יוד. דאָס איז די סבה, וואָס מיר טרעפען אַזוי אָפט אין די זאויסלענדישע קליניקען פערשיעדענע אונהיילבאַרע יודישע קראַנקע. דער יוד בעקלערט זיך נישט דערביי, צי ער האָט די מיטלען דערצו, צי נישט, צי עס לוינט צו שטעלען אין סכנה די עקזיסטענץ פון דער גאַנצער פאַמיליע אָדער ערנידריגען זיך און בעטען שטיצע פאַר אַ ספק, טאָמער וועט ער זיך אויסהיילען פון זיין קראַנקהייט. ער איז זיכער, אַז ער וועט זיך געוויס קאָנען אויסהיילען. ער דאַרף נור אָנטרעפען אויף דעם „גרויסען״ פראָפעסאָר. קורץ: יודען היילען זיך אַ סך, דאָס איז אמת, און דערפאַר האָט מען ביי אַנ׳אויבערפלעכליכען בליק דעם איינדרוק, אַז די אַבסאָלוטע צאָהל קראַנקע נערוועזע יודען איז אַזוי גרויס. באמת אָבער קאָן מען נור זאָגען, אַז יודען היילען זיך מעהר, זאָרגען מעהר פאַר זייער געזונד און געהען און פאָהרען און לויפען מעהר צו דאָקטוירים, ווי זייערע מיטבירגער. די סבות דערפון ליעגען, ווי מיר האָבען שוין פריהער געזאָגט, סיַעף אין דעם גאַנצען יודישען וועזען, ווי עס האָט זיך געשיכטליך ענטוויקעלט. אַלס אַ סימן פון דעגענעראַציע קאָן מען דאָס נישט בעטראַכטען.

---

## VII.

און דאָך זענען יודען נערוועז! אמת, די שווערע דעגענעראַטיווע נערוועןאון גייסט-קראַנקהייטען זענען ביי יודען געוויס אַ סך וועניגער, ווי ביי נישט-יודען. ס׳איז אָבער דאָ נאָך אַ גרויסע גרופּע נערוועןקראַנקהייטען, וואָס זענען אָבהענגיג פון דער סביבה, פון די בעדינגונגען, אין וועלכע דער מענש לעבט, דער קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ, וואָס בעהערשט די גאַנצע קולטורעלע מענשהייט און וואָס האַלט שטענדיג געשפּאַנט די נערווען פון דעם איצטיגען קולטור-מענשען, האָט אַ גרויסען איינפלוס אויף זיין גאַנצער פסיכיק און רופט אַרויס פון צייט צו צייט אַ געוויסע אויפגערייצטקייט און מיעדקייט. די אַמעריקאַנער וועט קיינער נישט האַלטען פאַר דעגענעראַטען. זייער טיכטיגקייט, זייער אויסדויער, זייער גרויסע ווידערשטאַנדס-קראַפט, זייער אינטענסיווע ספּאָרט-לעבען און זייער פיזישע ענטוויקלונג איז בעקאַנט. און דאָך זענען אַמעריקאַנער דאָקטוירים געווען די ערשטע, וואָס האָבען „ענטדעקט״ ביי זייערע פּאַציענטען איינע פון די פער-

שפרייטסטע נערווען-קראַנקהייטען — די נעווראַסטעניע. ערשט דורך די אַמעריקאַנישע ווערק איבער דער קראַנקהייט זענען מיר אויך אין אייראָפּא אויף איהר אויפמערקזאַם געוואָרען און האָבען אָנגעהויבען זי צו געפינען וואָס אַמאָל מעהר און אָפטער, ד. ה. וואָס אינטענסיווער און אָנגעשטרענגטער ס׳איז געוואָרען דאָס לעבען אויך ביי אונז אין אייראָפּא. דאָ האַנדעלט זיך נישט וועגען גרויסע פּלוצלונגע קאַטאַסטראָפעס, ווי ערד-ציטערנישׂ און דעסגלייכען, נאָר דוקא וועגען די אַלטעגליכע, וואָכעדיגע לעבענס-בעדינגונגען, וואָס רייצען אָהן אויפהער דאָס נערווען-סיסטעם און רופען אַרויס אין איהם שפּעטער אַ געוויסע אָבשוואַכונג.

איך רעד שוין דאָ נישט פון די לעצטע 5—6 מלחמה-יאָהרען. אויף פריהער, זינט 20—30 יאָהר האָט די צאָהל נעוראַסטענישע קראַנקהייטען אָנגעהויבען שרעקליך וואַקסען. איצט בעשטעהט נישט קיין שום ספק, אַז נעווראַסטעניע איז דער עיקר פערבונדען מיט דער גאַנצער סביבה, מיט דעם גאַנצען לעבען פון קראַנקען, מיט דעם קאַמף, וואָס ער פיהרט אין זיין עקאָנאָמישען, געזעלשאַפטליכען און אינטעלעקטועלען לעבען, און מיט די בעדינגונגען און פאָדערונגען פון איצטיגען לעבען. טויזענדער בעאָבאַכטונגען האָבען בעשיינפערליך געוויזען, אַז די שווערסטע נעווראַסטעניקער קאָנען זיך זעהר גוט ערהאָלען און ווערען ווייטער פעהיג צו פיהרען זייער פריהערע אָנגעשטרענגטע פיזישע און—דאָס איז דער עיקר—גייסטיגע אַרבייט, ווען מען בעפרייט זיי אויף אַ געוויסער צייט פון זייער אַלטעגליכען קאַמף, ווען מען טוישט-איבער זייער סביבה, ווען מען רייסט זיי אַרויס פון זייער פאַבריק, קאָנטאָר, רעדאַקציע א. אַ. וו. און מען פערשאַפט זיי אויף אַ פּאָר וואָכען וועניגסטענס אַ רוהיג געגעלט לעבען, אָהן דאגות און אָהן אויפרעגונגען, אָהן דעם גאַנצען גרויסען אַפּאַראַט, וואָס דער קולטורעלער מענש איז אַ וי שטאָלץ אויף איהם און אָהן וועלכען ער קאָן זיך איצט שוין גאָר נישט בעגעהן. די הונדערטער און טויזענדער סאַנאַטאָריומס, ווייט פון דעם רעש און רויך פון דער גרויסער שטאָדט, ערגיץ אויף אַ באַרג נעבען ים, אָדער אין אַ שענעם וואַלד, זענען איבערפולט מיט אַזעלכע נעווראַסטעניקער, וואָס זייערע נערווען רוהען זיך דאָ אויס, כּדי זיי זאָלען נאָך אַ פּאָר וואָכען ווייטער קאָנען אָנהויבען דאָס גרויסע געיעג און דעם שווערען קאַמף. אַלע די פערשיעדענע רעקלאַמירטע היילאַנשטאַלטען און מעטאָדען, וואָס בעווייזען ווירקליך ביי אַ סך קראַנקע גרויסע וואונדער, בעשטעהען דער עיקר אין דעם פערענדערן די סביבה, אין דער מנוחה, וואָס זיי גיבען דעם מיעדען קראַנקען. מיט איין וואָרט, אַלע די קראַנקהייטען, וואָס האָבען אַ שייכות צו נעווראַסטעניע, קאָן מען נישט בלויז היילען, נאָר אויך אויסהיילען, אויב ס׳איז דאָ די מעגליכקייט צו בעפרייען דעם קראַנקען, אויף אַ געוויסער צייט וועניגסטענס, פון זיינע אַלטעגליכע אָנשטרענגענדיגע בעשעפטיגונגען.

די נעווראַסטעניע איז אַלזאָ נישט קיין דעגענעראַטיווע קראַנקהייט, וואָס פּאַראַליזירט די כּוחות פון מענשען אויף אייביג. פערקעהרט, צווישען די נעווראַסטעניקער געפינען מיר מענשען מיט דער גרעסטער אונטערנעהמונגס-קראַפט, מיט דעם גרעסטען אָרגאַניזאַטאָרישען און שעפערישען טאַלענט: פאַבריקאַנטען, קינסטלער, געלעהרטע, מלוכה-מענשען א. אַ. וו.

קוקט מען זיך צו נעהנטער צו אונזערע יודישע נערווען-קראַנקע, זעהט מען, אַז דער גרעסטער טייל פון זיי, אָהן אַ גוזמא ניינציג פּראָצענט, בעשטעהט טאַקע פון נעווראַסטעניקער. אונז זענען גוט בעקאַנט די אונגעוועהנליכע לעבענס-בעדינגונגען, אין וועלכע דער יוד—און בפרט דער יוד, וואָס וואוינט צווישען די סלאַווישע פעלקער—האָט ביז איצט געמוזט פיהרען זיין קאַמף פאַר׳ן קיום. דאָס איז

געוועזן נישט נור אַ קאַמף פאַר ברויט, נאָר פאַר לופט („טשערטאַ״!), פאַר די עלעמענטאַרסטע מענשליכע רעכט, פאַר דאָס רעכט צו ערציהען די קינדער. פאַר דאָס רעכט איבערצונעכטיגען אין דער אָדער יענער שטאָדט. און מיר ווייסען, וואָסערע המצאות און שפיצלעך, וואָסערע פערשיעדענע הריפות׳דיגע קאָמבינאַציעס האָט יעדער יוד געמוזט בעווייזען, כדי ער זאָל זיך קאָנען דורכשטופען דורכ׳ן לעבען. ס׳איז דעריבער נישט קיין חדוש, וואָס זייערע נערוועז זענען געווען גע-רייצט און מיעד אין אַ גרעסערער מאָס, ווי ביי אַנדערע פעלקער. אָבער דאָס זע-נען נישט קיין דעגענערירטע, אויף אייביג-פערלוירענע מענשען. אַ ביסעל מנוחה, אַ ביסעל שכחה פון דער פערשאָלטענער סביבה מיט איהרע מאָראַלישע שפיזען— און דער נעווראַסטעניקער האָט זיך בערוהיגט, דער הונד, ווי היינע וואָלט געזאָגט, איז ווידער געוואָרען אַ פרינץ, אַ רוהיגער, נאָרמאַלער, ארבייטס-פעהיגער מענש.

אַ פּאָר יאָהר פאַר דער מלחמה האָב איך געהאַט זעהר אַנ׳אינטערעסאַנטען שמועס מיט אַנ׳אַמעריקאַנישען פּראָפעסאָר (אַ קריסט), וועמען איך האָב אַ גאַנצען טאָג אַרומגעפיהרט איבער די וואַרשאווער יודישע גאַסען. איך בין גראָד דעמאָלט גע-ווען זעהר פעסימיסטיש געשטימט. ער האָט מיך בערוהיגט. קומט קיין אַמעריקא, האָט ער געזאָגט, און זעהט זיי דאָרט. איהר וועט זיי נישט דערקענען. זיי זענען מיינע בעסטע סטודענטען. זיי זענען די טיכטיגסטע בירגער.

„איך בעוואונדער די נערוועז פון די פּויליש-רוסישע יודען—האָט מיר אַמאָל געזאָגט פּראָפ. יענדראַסיק פון בודאַפּעשט, נאָכדעם, ווי איך האָב איהם אַ פּאָר שעה דערצעהלט איבער אונזערע לעבענס-בעדינגונגען—אַזוי פיעל קאָנען איבערטראָגען און דאָך נישט צוזאַמענפאַלען און נאָך קאָנען אַרבייטען און שאַפען. שטאַרקע, אייזערנע נערוועז האָט איהר!״

---

## VIII.

פון דעם כלומרשט וויסענשאַפטליכען פּראָבלעם בלייבט נור די לעגענדע. ווי לאַנג וועט זי נאָך אַרומבלאָנדזשען אין פערשיעדענע לעהר-ביכער און פּובליציסטי-שע אַרטיקלען? ווי לאַנג וועט נאָך דער אייביג-פערוואָגעלטער, צוזאַמענגעבראָכענער יוד, וואָס שאַרקאָ האָט איהם געפונען אויף די אַלטע בילדער, זיין אַ סימבאָל פון דעם יוד? וואָס פאַר אַנ׳איינפלוס וועלען האָבען אויף די יודישע נערוועז די גרויסע איבערקעהרענישען, וואָס קומען איצט פאָר אין דער גאַנצער וועלט בכלל און אין דער יודישער בפרט?—איך וויל מיך דאָ נישט אַריינלאָזען אין היסטאָריאָ-זאָפישע חקירות. איך בין איבערצייגט, אַז די לעגענדע פון דער יודישער דעגע-נעראַציע וועט וואָס אַמאָל מעהר צושוואומען ווערען און אפשר אויך אין משך פון דער צייט אינגאַנצען פערשווינדען—פונקט אַזוי ווי קיינער גלויבט איצט נישט מעהר אין דעם, אַז יעדעס פאָלק מוז דורכמאַכען די אַלע שטופען וואָס אַ יחיד און שפּע-טער אונטערגעהן. מיר ווייסען איצט גאַנץ גוט די סבות, פאַרוואָס אַ סך גרויסע, שטאַר-קע און רייכע פעלקער זענען כמעט ווי פערשוואונדען. דאָס איז נישט געווען קיין נאַ-טירליכער טויט, ווי מ׳האָט אַמאָל געמיינט. די סבות פון זייער טויט זענען געלעגען נישט אין זייער נאָרמאַלער ענטוויקלונג, ווי, למשל, די גסיסה פון אַנ׳אַלטען אָבגעשוואַכטען מענשען, נאָר אין די נישט-נאָרמאַלע, סאָציאַלע און פּאָליטישע בעדינגונגען, אין וועלכע זיי האָבען געלעבט. פון ביאָלאָגישען שטאַנדפונקט איז עס איבערהויפּט אַנ׳אומזין צו רעדען פון דעם נאָרמאַלען טויט פון אַ פאָלק אָדער אַ ראַסע; פערקעהרט, מיר ווייי-

סען און זעהען אין דער באָטאַניק און אין דער זאָאָלאָגיע, אַז פערשיעדענע מינים און ראַסען פון פלאַנצען און חיות פערפאָלקאָמען זיך שטענדיג און אַרבייטען אין זיך אויס אין משך פון דער צייט נייע מיטלען און נייע כוחות, דורך וועלכע זיי פּאַסען זיך בעסער צו צו די בעדינגונגען פון דער סביבה און קאָנען זיך טיכטיגער שיצען געגען זייערע שונאים און קאָנקורענטען. דעם אויסדרוק „צופּאַסען זיך צו דער סביבה" דאַרף מען פערשטעהן. אין ברייטען ביאָלאָגישען זין פון וואָרט. דאָס הייסט נישט אָבשוואַכען און אָבשטעמפען זייערע כאַראַקטעריסטישע אייגענשאַפטען, דאָס טיפּישע אין זיי, און מאַכען זיי עהנליך צו די אַנדערע אַרומיגע בעשעפענישען, אָננעהמען זייער פאַרב, זייער אויסזעהן, זייערע מנהגים (מימיקרי). דאָס איז אין לעבען פון פלאַנצען און חיות אַ נישט-נאָרמאַלע, קראַנקע ערשיינונג, וואָס פיהרט סוף כל סוף צו אונטערגאַנג, צו אונטעריאָכונג, צו פּאַראַזיטיזם. פערקעהרט, דאָ האַנדעלט זיך וועגען אַ פּראָצעס פון פערפאָלקאָמונג און בעסערער און פיינערער אויסבילדונג פון דעם טיפּ און זיינע ספּעציעלע אייגענשאַפטען, נעהמענדיג אין אַכט די אַלגעמיינע עלעמענטאַרע בעדינגונגען פון דער אומגעבונג, דאָס הייסט נישט צופּאַסען זיך צו די אַנדערע בעשעפענישען, וואָס לעבען אין דערזעלבער סביבה, נאָר בעסער און גרינדליכער אויסנוצען פאַר דער עקזיסטענץ אַלע נאַטירליכע בעדינגונגען, עס הייסט בעהערשען און בעקעמפען די בעדינגונגען און זיי דיקטירען דעם אייגענעם ווילען.

דאָס לעבען פון פעלקער און מענשען ווערט אויך בעוועגט דורך די אייגענע שפּרינג-פעדער, און ווען אין דעם פאָלק, וואָס פערגעסט אָן דעם און איז מיט זיך אַזוי צופריעדען, אַז עס געפינט נישט פאַר נויטיג ווייטער זיך צו ענטוויקלען, עס ווערט פערשטיינערט.

פון דעם שטאַנדפּונקט מוז מען בעטראַכטען דאָס איצטיגע אויפוואַכען פון דעם נאַציאָנאַלען יודישען בעוואוסטזיין אין אַלע זיינע פאָרמען אַלס זעהר אַ וויכטיגען און נאַטירליכען ביאָלאָגישען ערהאָלונגס- און זעלבסט-פערטיידיגונגס-פּראָצעס. פון ריין נאַטור-וויסענשאַפטליכען אָביעקטיווען שטאַנדפּונקט מוז מען דעם יודישען נאַציאָנאַלען קאַמף פאַר בעסערע, מעהר ליכטיגע און פרייע לעבענס-בעדינגונגען און לעבענס-פאָרמען בעטראַכטען פאַר איינס פון די וויכטיגסטע מיטלען אָבצופרישען דאָס יודישע פאָלק, צו בעפרייען עס פון די שעדליכע בעדינגונגען, וואָס רייצען זיינע נערוועז און צווינגען זיי אָפט צו אַן איבערנאַטירליכער אַרבייט.

שאַרקאָ'ס לעגענדע פון דעם פערוואָגעלטען יוד, לאָמבראָזאָ'ס תורה פון דעם דעגענערירטען יוד וועלען בעהאַלטען ווערען אויף אייביג אין דעם גרויסען אַלמענשליכען היסטאָרישען אַרכיוו, וואו עס געפינען זיך שוין אַ סך אַנדערע לעגענדעס און תורות איבער אונזער פאָלק, ווי די לעגענדע פון דעם שלעכטען יודישען ריח (foetor judaicus), פון דעם באַקען מצות מיט קריסטליך בלוט, א. אַ. וו., א. אַ. וו.



ד"ר א. פאָרשער.

# די וויסענשאַפט און די טעכניק אין דער וועלט־מלחמה.

ס'וואָלט געווען אַ גרויסער טעות, ווען מען זאָל מיינען, אַז דעם 1־טען אויגוסט 1914 האָט מיט'ן ערשטען האַרמאַטען־שאָס זיך אינגאַנצען אָבגעשטעלט דאָס וויסענשאַפטליכע לעבען אין מערב־אייראָפּאַ. אמת, אַלץ, וואָס איז נאָך יונג געווען און האָט אויף אַ וועלכער־עס־איז אופן געקאָנט אַנטייל־נעהמען אין גרויסען וועלט־קאַמף, צו דירעקט, צי נישט־דירעקט, האָט געוואָרפען די טאָג־טעגליכע בעשעפטיגונג און געאיילט זיך שטעלען אין דער דיספּאָזיציע פון קריעגס־מיניסטער, כדי „צו דיענען דעם פאָטערלאַנד”, ווי מען האָט עס אין די מיליטאַריסטישע קרייזען בעצייכענט; אָבער צוליעב דעם אַליין האָט דאָס וויסענשאַפטליכע לעבען זיך נישט געקאָנט אָבשטעלען, ווייל אויך דער מאָדערנער מיליטאַריזם נייטיגט זיך דאָך אין אַ גרויסער מאָס אין דער וויסענשאַפט. אויסערדעם, זיינען אָבער געבליבען פריי פון מיליטערישען „דיענסט פאַר'ן פאָטערלאַנד” זעהר פיעל עלטערע געלעהרטע, וועלכע האָבען ווייטער שטיל און בעשיידען געפיהרט זייער אייביג־הייליגע און וויכטיגע אַרבייט. איינער פון אַזעלכע געלעהרטע איז געווען דער יוד אַלבערט איינשטיין, דער איצט בעריהמטער פּראָפעסאָר פון פיזיקאַ־מאַטעמאַטישע וויסענשאַפטען, וועלכער איז מפורסם געוואָרען אין דער וועלט דורך זיין רעלאַטיוויטעט־טעאָריע.

וועגען אַלבערט איינשטיין'ס טעאָריע האָט מען אין מערב־אייראָפּאַ שוין פיעל געשריבען און דיסקוטירט, אָבער דאָס ברייטע פּובליקום האָט נאָך זיין וואָרט וועגען דער דאָזיגער טעאָריע נישט געזאָגט, מעגליך דערפאַר, וואָס עס האָט נאָך נישט תופס געווען אויף זיין שטייגער אין וואָס עס האַנדעלט זיך. דאָס גרויסע פּובליקום האָט זיך זיין אייגענעם אופן תפיסה. אַזוי, למשל, האָט עס פון דער גרויסער און געניאַלער טראַנסצענדענטאַל־טעאָריע דאַרווין'ס אַרויסגעצויגען נור איין שאַרף־אויסגעדריקטען בעגריף: „דער מענש איז ענטשטאַנען פון אַ מאַלפּע”, און פון דער גרויסער סאָציאָלאָגישער וויסענשאַפט פון קאַרל מאַרקס איז ביים ברייטען פּובליקום ענטשטאַנען דער בעגריף וועגען „כיס אחד לכולנו”. אויף אַזאַ אופן האָט דאָס ברייטע פּובליקום נאָך נישט תופס געווען דעם מהות פון איינשטיין'ס טעאָריע און דערום האָט עס נישט געקאָנט נעהמען בנוגע איהר אַ וועלכע־עס־איז שטעלונג. עס איז אָבער קיין ספק נישט, אַז פריהער אָדער שפּעטער וועט דוקא איינשטיין'ס טעאָריע אַריינגעהן אין בלוט און מאַרך פון יעדען פיעל־וועניג אינטעליגענטען מענשען, ווי דאָס איז אויך פאָרגעקומען מיט דער וויסענשאַפטליכער טעאָריע פון גרויסען ניוטאָן. אָבער דאָס וועט מוזען פאָרקומען שוין נישט דורך דער פּרעסע, נאָר דורך דער שולע. דער לעהרער וועט פון דור צו דור איינפלאַנצען אין די יונגע מוחות די בעגריפען פון רעלאַטיוויטעט, ביז ס'וועט ענדליך קומען אַ צייט, ווען די זאַך וועט ווערען בעטראַכט אַלס אַקסיאָמע, ס'הייסט, אַ זאַך, וועגען וועלכער ס'לאָזט זיך גאָר נישט דיסקוטירען. און ווען מען וועט עמיצען שטעלען אַ פראַגע וועגען אָט דער טעאָריע, וועט ער ענטפערען קורץ: ווי קאָן דען זיין אַנדערש? אַזוי איז עס געווען מיט ניוטאָן'ס טעאָריע „וועגען שווערקייט”—

ס׳הייסט וועגען דעם, אַז „אַלץ פאַלט אויף דער ערד, ווייל די ערד ציהט עס צו זיך", און אַזוי איז עס געווען מיט פיעל אַנדערע לעהרעס, וואָס געהערען היינט צום אייזערנעם וויסענשאַפטליכען קאַפּיטאַל פון דער מענשהייט.

איינשטיינ׳ס טעאָריע האָט אָבער נאָך עטוואָס אַנאַלאָגישעס מיט אַלע גרויסע ענט־דעקונגען: איהר פאָטער איז אייגענטליך נישט איהר ענטדעקער, נור איהר וויסענשאַפטליכער בעגרינדער. איינשטיין האָט זיין טעאָריע נישט ענט־דעקט, נור ער האָט זי וויסענשאַפטליך בעגרינדעט, און פאָרגעקומען איז עס הויפּטזעכליך אין דעם שטילען וויסענשאַפטליכען קאַבינעט אין גרויסען מלחמה־טומעל. אַזוי, למשל, האָט מען שוין אין אַלטערטום זיך משער געווען, אַז די פּלאַנעטען דרעהען זיך נישט אַרום דער ערד צוזאַמען מיט דער זון, נור אַרום דער זון. עס זענען אַפילו געווען עטליכע געלעהרטע אין אַלטען גריכענלאַנד, וועלכע האָבען עס ערקלערט בפירוש, און דאָך טראָגט די דאָזיגע לעהרע קאָפּערניקוס׳עס נאָמען, ווייל ער איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט מיט אַנדערטהאַלבען טויזענד יאָהר שפּעטער אָט די השערה גרינדליך ערקלערט און דער־וויזען איהר ריכטיגקייט. איהר וויסענשאַפטליכע מעגליכקייט האָבען ערקלערט ערשט שפּע־טער די געלעהרטע קעפּלער און ניוטאָן, אָבער דאָס געהערט שוין צו דער ענטוויקלונג פון קאָפּערניקוס׳עס טעאָריע, ווייל קאָפּערניקוס האָט מיט זיינע חשבונות פּלקאָם ערקלערט אַלע אין זיין צייט בעוואוסטע, אַסטראָנאָמישע ערשיינונגען און שוועריגקייטען.

מיט אַלבערט איינשטיינ׳ען איז אויך דאָס אייגענע. דער פראַנצויזישער געלעהרטער אַנרי פּואַנקאַרע און דער פיזיקער לאָרענץ האָבען שוין פריהער פאַר איינשטיינ׳ען זיך אַרויס־געזאָגט וועגען דער גרויסער וואָהרהייט, אַז אַלערליי בעוועגונגען, סיי די בעוועגונג פון די פּלאַנעטען, סיי די בעוועגונג פון די ליכט־שטראַהלען, צי פון דעם קול, מוזען גענומען ווע־רען נור רעלאַטיוו, דאָס הייסט: מען דאַרף געדענקען, אַז אויך מיר, די בעאָבאַכטער, בע־וועגען זיך אונאויפהערליך און, ווען מיר וואָלטען זיך געפונען אין אַ צושטאַנד פון פאָלקאָ־מער רוה, וואָלטען מיר בעקומען גאָר אַנ׳אַנדער בילד פון יענע בעוועגונגען. אַלבערט איינ־שטיין האָט אָבער אָט די גרויסע וואָהרהייט ערקלערט און בעגרינדעט וויסענשאַפטליך, און דערפאַר וועט זי אייביג טראָגען זיין נאָמען, און די צייט, אין וועלכער אָט די טעאָריע איז בעגרינדעט געוואָרען, וועט הייסען: די צייט פון דער גרויסער וועלט־מלחמה.

די וואָהרהייט פון דער רעלאַטיווער בעאָבאַכטונג פון יעדער בעוועגונג קאָן מען אין קורצען ערקלערען, אַ שטייגער, אַזוי: ווען צוויי צוגען געהען ביידע גלייך מיט איין גע־שווינדיגקייט און מיר זיצען אין איינעם פון זיי, זעהען מיר, ערשטענס, אין וואַגאָן אַרום זיך אַלץ אין דער רוה; צווייטענס, דורכ׳ן פענסטער זעהען מיר דעם צווייטען צוג שטענדיג פאַר זיך אויפ׳ן זעלבען אָרט, און אָט האַלט זיך אונז, אַז דער צווייטער צוג שטעהט אויף איין אָרט. קוקען מיר דאַגעגען אין קעגענאיבער־ליגענדיגען פענסטער, זעהען מיר, ווי די פעל־דער פליהען פאַרביי אונז, און אונז דאַכט זיך דעריבער, אַז די פעלדער בעוועגען זיך. מיר האָבען דאָ אַלזאָ אַזאַ פאַל: דאָס, וואָס בעוועגט זיך ווירקליך, ערשיינט אונז אַלס רו־הענד אויף איין אָרט, בעת דאָס, וואָס רוהט, ערשיינט אונז אַלס אין שטענדיגער בעוועגונג. נעהמען מיר דעריבער איצט אין אַכט, אַז די ערד בעוועגט זיך שטענדיג אין אַ געוויסער ריכטונג אַרום דער זון און אַרום איהר אַקס, ווערט פאַר אונז קלאָר, אַז אַלע בעוועגונגען פון די שטערען און פּלאַנעטען, צי די בעוועגונגען פון די ליכט־שטראַהלען, וועלכע מיר בעאָבאַכטען, מוזען אין דער ווירקליכקייט פאָרקומען גאָר אַנדערש, ווי זיי ערשיינען אונז. און אָט האָט פּראָפעסאָר אַלבערט איינשטיין אויסגערעכענט און דערוויזען, ווי אַזוי עס קו־מען־פאָר ווירקליך אָט יענע בעוועגונגען און ווי אַזוי מען מוז זיי פערשטעהן. און דערוויזען האָט ער עס נישט בלויז אויפ׳ן סמך פון טיעפע חשבונות, נאָר אויך עקספּערימענטאַל, לויט דער בעאָבאַכטונג פון די ליכט־שטראַהלען בשעת אַ ליקוי־החמה, ווי איך [illegible] פון

קליינעם פּלאַנעט מערקור.

לעת עתה פיהרט נאָך אַלבערט איינשטיין אַ האַרטען קאַמף מיט די געלעהרטע, וועלכע ווילען נישט אָנערקענען די ריכטיגקייט פון אַלע זיינע חשבונות און זייערע מסקנות; ערשטענס, צוליעב דעם, וואָס דאָס איז שוין דער גורל פון יעדער נייער לעהרע און, צווייטענס, צוליעב דעם, וואָס איינשטיין איז אַ יוד, און דערצו נאָך אַ נאַציאָנאַלער יוד. ס'איז אָבער זיכער, אַז ס'איז נישט ווייט די צייט, ווען די גאַנצע געלעהרטע וועלט וועט אָנערקענען די ריכטיגקייט פון זיין טעאָריע.

טייל מענשען, בעזונדערס די, וועלכע זענען ווייניג בעקאַנט מיט דער ענטוויקלונג פון דער וויסענשאַפט, האָבען נאָכ'ן בעקענען זיך מיט איינשטיינ'ס טעאָריע געמיינט, אַז ער האָט געבראָכען די ביז־איצט אָנגענומענע וויסענשאַפט און בעזונדערס ניוטאָנ'ס קלאַסישע מעכאַניק. דאָס איז אַ טעות. אייביגע וואָהרהייטען ברעכט מען נישט. עס איז אָבער מעגליך צו מאָדיפיצירען און געבען זיי אַ ברייטערן זין. און אָט דאָס האָט איינשטיין געטהון בנוגע ניוטאָנ'ס מעכאַניק און דער מאָדערנער פיזיק.

אויב די מלחמה־צייט קאָן זיך ריהמען מיט דער בעגרינדונג פון איינשטיינ'ס טעאָריע, וועלכע בעציהט זיך סוף־כל־סוף אויפ'ן געביט פון ריין־וויסענשאַפטליכען דענקען, האָט מען אָבער אין דערזעלבער צייט אויך געפיהרט פאָרשונגען אויפ'ן געביט פון אונזער פראַקטישער וויסענשאַפט. אַזוי האָט מען דוקא אין דער אונרוהיגער צייט געמאַכט רייזעס צום צפון־פּאָל און צום דרום־פּאָל. די רייזע צום צפון־פּאָל איז אונטערגענומען געוואָרען דורך אַ רוסישען קאַפּיטאַן. די דאָזיגע רייזע האָט זיך אַפילו געענדיגט אומגליקליך, און מען האָט געמוזט שיקען הילף פון ענגלאַנד, כדי אַרויסצוהעלפען די רייזענדע, וועלכע זענען מיט זייער שיף פערנומען געוואָרען דורכ'ן אייז אין ים־הקרח אַזוי, אַז זיי האָבען זיך נישט געקאָנט ריהרען פון אָרט. אָבער די ענטדעקונגען און בעאָבאַכטונגען, וועלכע די רייזענדע האָבען דערביי געמאַכט, האָבען אַ גרויסען ווערטה פאַר אונזער בעקאַנטשאַפט מיט'ן ווייטען צפון, ווי אויך פאַר דער ווייטערדיגער מעגליכקייט צו פיהרען דאָרט וויסענשאַפטליכע פאָרשונגען.

עהנליכע ידיעות זענען אויך דערהאַלטען געוואָרען פון אַ'ן עקספּעדיציע צום דרום־פּאָל, וועלכע האָט זיך אָבגעשטעלט אויף איינער פון די ווייטע דרום־אינזלען און פיהרט דאָרט וויסענשאַפטליכע פאָרשונגען.

אויף געוויסע געביטען פון דער עקספּערימענטאַלער וויסענשאַפט האָט די מלחמה־טעטיגקייט גופא געפיהרט צו געוויסע פערפאָלקאָמונגען. בעזונדערס שטאַרק איז געווען דער פאָרשריט, וואָס די מעדיצין האָט געמאַכט אויפ'ן געביט פון דער כירורגיע. די שרעקליכע מלחמה האָט מאָג־מעגליך געבראַכט אין די שפּיטאַלען און לאַזאַרעטען טויזענדער צוקאַליעטשעטע מענשען, און די בעסטע כירורגען פון מערב־אייראָפּא און אַמעריקא האָבען דאָ געהאַט פאַר זיך אַ ברייט געביט פאַר דער ענטוויקלונג פון דער כירורגיע מיט אַלע איהרע נעבען־וויסענשאַפטען. איין ענגלישער בעריהמטער כירורג, למשל, האָט זיך נישט געשראָקען אַרויסצוזאָגען, אַז די געווינסען פון דער כירורגישער וויסענשאַפט פאַר דער מענשהייט זענען אַזוי גרויס, אַז מיט דער צייט וועט זי אָבצאָהלען מיט גרויסע פּראָצענטען פאַר אַלע הרוגים אין דער מלחמה, אויסקורירענדיג אַזעלכע פאַלען, וואָס מען האָט פאַר דער מלחמה געהאַלטען פאַר פאָלקאָם האָפנונגסלאָז. מעגליך, אַז אין דער דאָזיגער ערקלערונג שטעקט פיעל גוזמא; מעגליך, אַז זי שטאַמט פונ'ם געפיינטען געוויסען פאַר די פאָרגעקומענע מערדערייען, וואָס זוכט זיך אַ טרייסט. אַ פאַקט איז אָבער, אַז די כירורגיע האָט זיך ווירקליך שטאַרק ענטוויקעלט דורך דער רייכער פּראַקטיק, וואָס זי האָט געהאַט אין די מלחמה־יאָהרען.

אין דערזעלבער צייט האָט מען אָבער אויך דערוויזען דעם גרויסען נוצען, וואָס מען קאָן האָבען פון ראַדיום אין דער טעראַפּיע, בעזונדערס אין דער בעהאַנדלונג פון א

ראק (קרעבס). איצט בעמיהען זיך אלע גרויסע קליניקען צו בעקומען פאר זיך חאטש א גאנץ קליינעם קוואנטום פונ'ם דאזיגען בעמישטען עלעמענט, כדי צו בעריינגערן עס אין דער בעהאנדלונג פון פערשיעדענע קראנקהייטען, בעזונדערס פון א ראק.

די מלחמה־טעטיגקייט האט ענדליך אויף נאך א געביט געפיהרט דירעקט צו וויסענשאפטליכע פארשונגען—אויפ'ן געביט פון ארכעאלאגיע. די מלחמה־אפעראציעס, וואס ענגלאנד און פראנקרייך האבען געפיהרט אין אריענט, אין מעסאפאטאמיען, סיריען און גאנץ פאדער־אזיען, האבען נויטיג געמאכט די דורכפיהרונג פון נייע וועגען דורך לענדער, וואס ליעגען שוין א פאר טויזענד יאהר וויסט און לעער און וואו עס זענען אין מיטען אלטערטום געווען גרויסע שטעדט און ס'האט זיך געהאלטען דארט דער צענטער פון דער אמאליגער ציוויליזאציע. די ארבייט צו מאכען נייע וועגען איז פערבונדען מיט גרויסע אויסגראבונגען: ס'קומט־אויס דורכצושניידען בערג, אנצושיטען טאלען א. א. וו. מאכענדיג די אויסגראבונגען, האט מען זיך אנגעשטויסען אויף פיעל אלטע בנינים און גאנצע שטעדט. די דאזיגע ארבייט ווערט איצט ווייטער פארגעזעצט דורך די איבערגעריהמטע ארכעאלאגישע פארשער—די ענגלענדער—בעזונדערס אין בבל און פאלעסטינא, און די ארכעאלאגישע אוצרות, וואס מען ענטדעקט דערביי, זענען אזוי גרויס און אזוי רייך, אז ס'איז גאר שווער לעת עתה נאך אפצושאצען זייער ווערטה. בעזונדערס נישט אפצושאצען זענען די דאזיגע ארכעאלאגישע ענטדעקונגען פאר אונזער, יודישער, געשיכטע. דא נישט לאנג, למשל, האט אונזער בעריהמטער געלעהרטער ד"ר נחום סלושץ, וועלכער איז מיטגליעד פון אן ארכעאלאגישער ענגלישער קאמיסיע, ערקלערט, אז איהם איז געלונגען צו ענטדעקען די אלטע שוהל פון תנא רבי מאיר, ביי טבריה, מיט פיעל כלים פון יענער צייט. די דעמאלדיגע עפאכע איז געווען אזא רייכע אין געשיכטליכען זין, און מיר וויסען וועגען איהר נאך, ליידער, אזוי ווייניג פון ארכעאלאגישע קוועלען, אז די געמאכטע ענטדעקונגען מוזען האבען א גרויסען ווערטה נישט בלויז פאר אונז, יודען, נאר אויך פאר דער אלגעמיינער וויסענשאפט. ווער ווייסט, מעגליך, אז אט די ענטדעקונגען וועלען קלאר מאכען געוויסע ספקות אין אלגעמיינעם רעליגיעזען לעבען פון די פעלקער—ספקות, פאר וועלכע מיר שטעהען נאך עד היום, ווי פאר א רעטעניש און א מיסטעריע...

---

במשך פון די מלחמה־יאהרען זענען די טעכנישע הילפסמיטלען אין מערב־אייראפא געווען—אדער פערמאכט, אדער דאס אקאדעמישע לעבען איז אין זיי געווען פאראליזירט; אין די פאבריקען, ווידער, וואו ס'ווערען אפט געבוירען גאנץ אריגינעלע טעכנישע ערפינדונגען, האט מען געארבייט במעט אויסשליסליך פאר די בעדערפענישען פון דער מלחמה. אבער אין די וויסענשאפטליכע לאבאראטאריומס האבען געארבייט די בעסטע געלעהרטע אונאויפהערליך. אמת, אויך אט די ארבייט איז געווען אנגעווענדעט צום הויפטצוועק—ווי אזוי אויסצוראטען מענשען וואס מעהר און וואס גרינדליכער. אין דער ריכטונג האט די טעכניק בעוויזען גבורות ונפלאות. איצט אבער, ווען דער מלחמה־קאשמאר איז שוין אריבער, האט מען זיך גענומען אנווענדען אלע טעכנישע מלחמה־ערפינדונגען פאר'ן פריעדליכען לעבען.

איינע פון די שעדליכסטע און, בלי ספק, אויך העסליכסטע ערפינדונגען אויפ'ן דאזיגען געביט איז געווען די ערפינדונג פון שטיקענדע גאזען. די דאזיגע ערפינדונג איז געווען שרעקליך נישט בלויז דערמיט, וואס דורך איהר פלעגט מען לייכט בעגעהן א מאסען־מארד—אין דער מלחמה געהערט אזא זאך נישט צו די גרייסטע חדושים,—דורך איהר פלעגט מען פאראליזירען מענשען, אדער מאכען זיי פאר אייביגע קאליקעס, הויבערעס, וואס זיי פלעגען בלינד ווערען. אין דייטשלאנד איז היינט די צאהל פון אזעלכע מלחמה־בלינדע זעהר גרויס, און דאס זענען עלענדע, אומגליקליכע, פאר וועלכע עס איז נישטא קיין שום טרייסט און

דער וועלט. אַפילו די לעצטע טרייסט צו דערזעהן ענדליך נאָך די פֿיעל מלחמה־יאָהרען דאָס אייגענע היימאַטלאַנד, ווייב און קינדער אָדער עלטערן, איז זיי נישט בעשערט. וועגען אָנהויבען אַ לעבען אויפ׳ס ניי קאָן דאָך פֿאַר זיי אודאי קיין רייד נישט זיין. האָט מען טאַקע אין יעדען הויז פֿערשטאַלטען די דאָזיגע טיוולאָנישע ערפֿינדונג און מען האָט אַפילו דעם ערגסטען שונא נישט געוואונשען געטראָפֿען צו ווערען דורך איהר.

אָבער אָט ווייזט זיך אַרויס, אַז דווקא פֿון אָט דער דאָזיגער ערפֿינדונג וועט אַ וועלט אפשר האָבען דעם גרעסטען נוצען. די ערפֿינדונג פֿון די שטיקענדע גאַזען, כשהיא לעצמה, געהערט געוויס נישט צו די וואונדערליכסטע. אין יעדען כעמישען לאַבאָראַטאָריום ווייסט מען שוין לאַנג פֿון גיפֿטיגע גאַזען, וועלכע זענען, אַזוי אָדער אַנדערש, שעדליך פֿאַר אונזער אָרגאַניזם און קאָנען אויך פֿעראורזאַכען אַ געשווינדען טויט. די ערפֿינדונג איז אָבער בעשטאַנען אין דער טעכנישער איינריכטונג צו קאָנען ווירקען דורך אָט די גאַזען אין אַ געוויסען אָרט און אויף אַ געוויסען מהלך, ווי אַזוי צו האָבען זיי גרייט צו יעדער מינוט אין אַ געהעריגער איינריכטונג. איצט איז די דאָזיגע פֿראַגע פֿאָלקאָם געלעזט געוואָרען, און אָט געהט מען אויסנוצען די שטיקענדע גאַזען אין דער אַגריקולטור, וואו מען וויל דורך זיי אָבטויטען אַלערליי שעדליכע פּאַראַזיטען, וואָס לעבען אין דער ערד און שעדיגען אויף די פֿעלדער די תבואות, און אין די גערטנער—די פֿרוכט־בוימער. אַזוי, למשל, ווערען אָפֿט אין די וויינגערטנער פֿערניכטעט די ווייַנשטאָקען דורך אַ געוויסער לויז—פֿילאָקסעראַ. ליגען אָט דער פּאַראַזיט בעווייזט זיך אין אַ קאַנט, פֿערניכטעט ער ליידער אין אַ קורצער צייט אַלע ווייַנגערטנער. ביז איצט האָט מען געגען איהם געקעמפֿט מיט פֿערטיידיגונגס־מיטלען, וואָס זייער צוועק איז געווען צו פֿערהיטען, אַז די לויז זאָל זיך נישט בעווייזען. אין יענע ערטער אָבער, וואו זי האָט זיך געהאַט בעוויזען, איז קיין אַנדער ברירה נישט געווען, ווי אויסרייסען תיכף די געשעדיגטע ווייַנשטאָקען, כדי די שעדליכע לויז זאָל נישט קאָנען פֿערשפּרייטען זיך ווייטער. עהנליכע שאָדענס פֿלעגט מען ליידען אויף די פֿעלדער פֿון די מייז און אַנדערע שרצים, וועלכע פֿלעגען פֿערניכטען יעהר אָפֿט די גאַנצע אַרבייט פֿונ׳ם לאַנד־אַרבייטער.

אָט די און נאָך פֿיעל אַנדערע עהנליכע פּאַראַזיטען וויל מען זיך נעהמען פֿערניכטען מיט דער הילף פֿון די שטיקענדע גאַזען. אין דייטשער געלעהרטער טעכניקער האָט פּאָריגען זומער קאָנסטרואירט, ערשטענס, אַזאַ מין שפּריצער, וואָס מיט זיין הילף קאָן מען אַריינשפּריצען אונטער די בוימער די וואָרצלען פֿון די שטיקענדע גאַזען און אַזוי אַרום פֿערניכטען די שעדליכע לייז, וואָס לעבען אין אָט די וואָרצלען; צווייטענס, האָט ער קאָנסטרואירט אַזאַ מין אַקער, וואָס שפּריצט אַריין אויטאָמאַטיש אין דער ערד בשעת׳ן אַקערן די שטיקענדע גאַזען און טייט דאָרט אָב אַלע נעסטען פֿון די שרצים ורמשים, וואָס זענען שעדליך פֿאַר די פֿעלדער, ווי אויך די אייער, פֿון וועלכע זיי וואַקסען שפּעטער אַרויס. די דאָזיגע נייע ערפֿינדונג איז העכסט וויכטיג־דערמיט, וואָס זי לאָזט זיך לייכט אָנווענדען, קאָסט נישט טייער און איז נישט שעדליך פֿאַר׳ן אַרבייטער, ווייל אויף דער ערד בלייבט נישט קיין שפּור פֿונ׳ם שטיקענדען גאַז בשעת דער ווירקונג פֿון די אַפּאַראַטען. איבער דער פֿערפֿאָלקאָמונג פֿון דער דאָזיגער ערפֿינדונג ווערט איצט פֿיעל געאַרבייט און, לויט ווי פֿאַכמענער זאָגען, קאָן מען פֿון איהר ערוואַרטען אויסערגעוועהנליכע רעזולטאַטען, אַז די אַרבייט פֿונ׳ם גערטנער און לאַנד־אַרבייטער וועט דורך איהר פֿאָלקאָם גאַראַנטירט ווערען פֿון אַלערליי שעדליכע פּאַראַזיטען סיי אין פֿעלד, סיי אין גאָרטען.

די שטיקענדע גאַזען זענען אין דער מלחמה־צייט אָנגעווענדעט געוואָרען שוין אין אַ שפּעטערדיגער עפּאָכע. דאַן, ווען דער קאַמף איז געוואָרען אַ פֿערביטערטער ביז פֿערצווייפֿלונג. ס׳איז אָבער געווען אַן׳אַנדער געביט פֿון דער טעכניק, אויף וועלכען די אַרבייט האָט זיך אָנגעהויבען שוין מיט עטליכע יאָהר פֿריהער פֿאַר דער מלחמה און אין די מלחמה־

יאָהרען איז די דאָזיגע אַרבייט דערפיהרט געוואָרען ביז דער העכסטער פּערפעקציאָן. מיר רעדען דאָ וועגען דער אַעראָנויטיק אָדער לופט־פליהעריי. די דאָזיגע ערפינדונג איז אַלט שוין אייגענטליך העכער הונדערט יאָהר. אָבער ביז דער לעצטער צייט איז דער פּראַקטישער נוצען פון איהר געוועז ניט בעזונדערס גרויס, ווייל די לופט־באַלאָנען זענען געוועזן נישט קיין לענקבאַרע, ס׳הייסט, אַז דער פליהער האָט נישט געהאַט קיין מיטלען צו פיהרען זיי אַהין, וואו ער האָט געהאַט נויטיג, נאָר ער איז שטענדיג געוועזן אין דער מאַכט פון ווינד: וואוהין דער ווינד האָט געבלאָזען, אַהין האָט ער דעם באַלאָן מיט׳ן רייזענדען פּערטראָגען. ערשט אין אָנהויב פון צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט איז עס געלונגען צו קאָנסטרואירען לענקבאַרע פליה־אַפּאַראַטען. די דאָזיגע אַרבייט איז געפיהרט געוואָרען אין צוויי ריכטונגען: 1) די קאָנסטרוקציע פון אַנ׳אַפּאַראַט, וואָס איז לייכטער פאַר דער לופט, מיט אַ מעכאַניזם צו לענקען איהם און פיהרען, וואוהין מען דאַרף, און 2) די קאָנסטרוקציע פון אַנ׳אַפּאַראַט, וואָס איז שווערער פאַר דער לופט, און מיט אַ מעכאַניזם צום לענקען. פאַר דער ערשטער אויפגאַבע האָט זיך גענומען דער דייטש גראַף צעפּעלין, און איבער דער צווייטער האָט מען פיעל געאַרבייט אין פראַנקרייך און אין אַמעריקא. ביידע אויפגאַבען האָט מען גלענצענד געלעזט נאָך ערב דער וועלט־מלחמה. דער ערשטער אַפּאַראַט הייסט טאַקע צעפּעלין, און דער צווייטער—אַעראָפּלאַן. די הויפּט־ראָליע שפּיעלט אין ביידע אַפּאַראַטען דער פּראָפּעלער, אָדער דער לופט־שרויף מיט זיינע מעכטיגע פליגלען וועלכער דרעהט זיך מיט אַ געשווינדיגקייט פון 6000 מייל אין אַ מינוט און מעהר. דורך דער דאָזיגער געשווינדיגקייט יאָגט ער אַרויס אַזוי פיעל לופט פאַר זיך, וואָס וועגט מעהר ווי דער גאַנצער אַפּאַראַט. דער אַפּאַראַט ווערט דעריבער געטריבען דורך דער לופט, וואָס הינטער איהם, און טאַקע דאָס שטערט איהם פון פאַלען אויף דער ערד. פערשטעהט זיך, אַז דורכ׳ן געבען דעם פּראָפּעלער די געווינשטע ריכטונג, בעקומט דער גאַנצער אַפּאַראַט דיזעלבע ריכטונג אין זיין פליהונג. דער צעפּעלין האָט אָבער נאָך אויסערדעם די מעלה, וואָס אין איהם געפינט זיך אויך אַ באַלאָן מיט גאַז, וואָס איז לייכטער פאַר דער לופט, כדי אין פאַל, ווען דער פּראָפּעלער ווערט קאַליע, זאָל ער זיך נאָך אַלץ האַלטען אין דער לופטען.

אין דער מלחמה־צייט האָט מען אַזוי שטאַרק ענטוויקעלט די קאָנסטרוקציע פון ביידע מינים פליה־אַפּאַראַטען און בעזונדערס די קונסט צו בענוצען זיך מיט זיי, אַז ביי היינטיגען טאָג מאַכט מען מיט זיי אַ לופט־רייזע מיט קיין נישט גרעסערער ריזיקע, ווי מיט דער באַהן אָדער מיט אַ דאַמפף־שיף אויפ׳ן אָקעאַן. אין דער שלום־צייט וואָלט די ענטוויקלונג פון דער פליה־קונסט בשום אופן נישט געגאַנגען מיט אַזאַ טעמפּאָ, ווי זי איז געגאַנגען אין דער מלחמה־צייט, ווייל ס׳וואָלטען געפעהלט די קאַפּיטאַליסטען, וואָס זאָלען אויסלעגען די דאָזיגע ריעזיגע סומעס געלד, וואָס מען האָט געמוזט פערטהון דערויף, ווי אויך די מענשען־פּאָנערען, וואָס וואָלטען זיך געוואָלט ווידמען אַזאַ געפעהרליכער פּראָפעס׳יע, ווי די פליהעריי איז תחילת געוועזן. אין דער מלחמה־צייט אָבער האָבען די קעמפּפענדע מלוכות פערטהון הונדערטער מיליאָנען אויף דער קאָנסטרוקציע פון די פליה־אַפּאַראַטען און קיין מענשען האָבען אודאי נישט געפעהלט, ווייל מען האָט דערויף בעשטימט גאַנצע מיליטערישע באַטאַליאָנען.

דער רעזולטאַט פון דער דאָזיגער נויט־אָנשטרענגונג איז אַזעלכער, אַז ער שטייגט אריבער די ערוואַרטונג, וואָס די דרייסטעסטע פאַנטאַזיע האָט געקאָנט האָבען: אין יאָהר 1909 איז דער פראַנצויז בלעריאָ צום ערשטען מאָל אַריבערגעפלויגען אויף זיין אַעראָפּלאַן דעם קאַנאַל לאַמאַנש צווישען פראַנקרייך און ענגלאַנד, און אַ וועלט האָט דעמאָלט געשטוינט. היינט מאַכט דער אַעראָפּלאַן רעגעלמעסיגע רייזעס צווישען די גרעסטע מערב־אייראָפּעאישע שטעדט, און די זאַך קומט שוין איעצט פאַר גאַנץ געוועהנליך, ווייל אין דער מלחמה־צייט האָט מען אַזעלכעס געזעהן טאָג־טעגליך ביי פיעל שווערערע בעדינגונגען,

נעמליך—אונטער אַ האָגעל פון שראַפּנעלען...

איצט געהט מען איינאָרדנען אַ לופט־פּאָסט צווישען אַלע אייראָפּעאישע שטעדט; מען געהט שוין אַפילו אויך מאַכען אַ רייזע אין דער לופטען מיט׳ן אייזערנעם אַעראָפּלאַן אויף איבער׳ן אַטלאַנטישען אָקעאַן, פון די ברעגעס פון אייראָפּא צו די ברעגעס פון אַמעריקא, און גיבען וועלען מיר געוויס זיך דערוואַרטען, ווי מען וועט זיך בעדיענען מיט׳ן אַעראָפּלאַן נישט בלויז אַריבערצופיהרען די פּאָסט, נאָר אויך פּאַסאַזשירען. אַזוי־אַרום וועט מען, ביי דער געשווינדיגקייט פון דער לופט־רייזע, קאָנען אָנבייסען אין וואַרשא, עסען מיטאָג אין פּאַריז, אָהענד־ברויט—אין לאָנדאָן און קומען צוריק נעכטיגען אין בערלין. וואָס פאַר אַ׳נטוויקלונג עס וועט דערביי בעקומען דער מסחר, איז געוויס איבריג צו ריידען, ווי עס שיינט, וועט מען פאַר אַ רייזע איסנוצען מעהר די צעפּעלינס, ווי די אַעראָפּלאַנען, ווייל ווי זיינען אימשטאַנד אַריבערצופיהרען גרעסערע משאות און גיבען גרעסערע בעקוועמליכקייטען פאַר די רייזענדע, ווי דער אַעראָפּלאַן.

פּאַראַלעל מיט דער ענטוויקלונג פון דער אַעראָנויטיק האָט זיך אויך ענטוויקעלט די קאָנסטרוקציע פון די אונטערוואַסער־שיפען. אין דער דאָזיגער אויפגאַבע איז דייטשלאַנד געגאַנגען פאָראויס, ווייל זי האָט אין דער אונטערוואַסער־שיפעריי געזעהן דאָס איינציגע מיטעל צו קעמפען געגען דעם מעכטיגען פיינדליבען פלאָט, וואָס האָט פערשפּאַרט אַלע דייטשע האַפענס און אָבגעשניטען זי פון דער גאַנצער וועלט.

אויך די קאָנסטרוקציע פון די אונטערוואַסער־שיפען איז נישט געוועזען קיין נייעס, ווייל די פּלאַנען זייערע, ווי אויך מילוויז די אויספיהרונג זיינען שוין געמאַכט געוועזען פריהער. אָבער די דרינגענדע נויט, און וועלכער דייטשלאַנד האָט זיך געפונען צוליעב דער בלאָקאַדע, איז אַזוי גרויס געווען, אז די דייטשע רעגירונג האָט בעשטימט גרויסע קאַפּיטאַלען פאַר דער קאָנסטרוקציע פון די דאָזיגע שיפען און די בעסטע טעכניקער און געלעהרטע האָבען געאַרבייט אויף דער לעזונג פון׳ם שווערען פּראָבלעם פון דער אונטערוואַסער־שיפעריי. די דאָזיגע לעזונג איז די דייטשען גלענצענד געלונגען, ווי מען קאָן עס אַרויסזעהן תּאַקע דערפון, וואָס איין דייטשעס אונטערוואַסער־שיף האָט אין מיטען דער מלחמה געמאַכט די לאַנגע רייזע איבער׳ן אַטלאַנטישען אָקעאַן און איז געקומען צו די ברעגעס פון אַמעריקא גאָר אונבעמערקט פון דער שטאַרקער שמירה, וואָס דער ענגליש־פראַנצויזישער פלאָט האָט דעמאָלט געהאַלטען אויפ׳ן ים. פונדעסטוועגען איז נאָך היינט שווער צו זאָגען, אויב ס׳וועט ווירקליך געלינגען איינצואָרדנען און גיבען אַ רעגעלמעסיגע שיפעריי אונטערן וואַסער, ווייל נאָך אַלעם זיינען די דייטשע אונטערוואַסער־שיפען, לויט זייער דימענזיאָן, אָדער אומפאַנג, נישט קיין גרויסע. די אַרבייט איבער דער פערפאָלקאָמונג פון דער אונטערוואַסער־שיפעריי און אין דער ריכטונג ווערט איצט ווייטער געפיהרט זעהר ענערגיש אין אַמעריקא.

אַ גרויסען פאָרטשריט האָט געמאַכט במשך פון דער מלחמה אויך די באַליסטיק, אָדער די קונסט צו שיסען וייט מיט האַרמאַטען. די הויפּט־שוועריגקייט בעשטעהט אין דער היגזיבט דערין: וואו נעהמט מען אַ מיטעל צו פּאַראַליזירען די קראַפט פון דער ערד, וועלכע ציהט־צו צו זיך דעם שווערען גראַנאַט בשעת זיין פליהען און צווינגט איהם צו פאַלען אויף דער ערד, איידער ער דערגרייכט זיין ציעל. טייל דייטשע טעכניקער האָבען דעריבער פאָרגעלעגט אַזאַ מין קאָנסטרוקציע: דער חלל פון האַרמאַט איז נישט קיין גלייכער, נאָר אַ ספּיראַלער, דאָס הייסט: ער דרעהט זיך אין דער פאָרם פון אַן׳עגבער. דער גראַנאַט מוז אַלזאָ דורכגעהן דעם חלל פון האַרמאַט, דרעהענדיג זיך, און נישט גלייך, מיט׳ן געזעץ פון אינערציע, וועט ער אויך אין דער לופט שוין געהן נישט גלייך, נאָר דרעהענדיג זיך און דעריבער וועט די צוציהענדיגע קראַפט פון דער ערד נישט קאָנען ווירקען אויף איהם פיט איהר גאַנצער שטאַרקייט, מיט אָט אַזאַ האַרמאַט זאָל עס האָ

בען געלונגען די דייטשען צו שיסען אַזש פֿאַר הונדערט פֿופֿציג קילאָמעטער ווייט און טרעפֿען אין די פּאַריזער פֿאָרשטעדט. אין שלום-צייט קאָן מען פֿון אַזאַ ערפֿינדונג קיין דירעקטע נוצען אַפילו נישט האָבען; אָבער די פֿראַגע האָט אַ הויכע וויסענשאַפֿטליכע בעדייטונג, וועלכע קאָן אויסגענוצט ווערען ביים מאַכען גיוויסע עקספּערימענטען. טעאָרעטיש איז די זאַך דעריבער זעהר וויכטיג, האָטש מען דאַרף האָפֿען, אַז ס'וועט שוין מעהר צו קיין מלחמות נישט קומען און ממילא וועט מען פֿערשפּאָרען צו שיסען אַזש פֿאַר הונדערט קילאָמעטער ווייט. די דייטשע געלעהרטע ערקלערען אָבער, אַז דוקא די עקספּערימענטען, וועלכע מען האָט במשך פֿון דער מלחמה געמאַכט אין דער באַליסטיק, וועלען פֿיהרען צו נייע גרויסע ערפֿינדונגען און ענטדעקונגען.

בכלל מוז מען בעמערקען, אַז ווי אָרים עס זאָלען אויך זיין די וויסענשאַפֿטליכע ערפֿינדונגען און ענטדעקונגען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרען במשך פֿון די טרויעריגע מלחמה-יאָהרען, האָבען זיי דאָך אָבער אָט די מעלה, אַז טייל פֿון זיי זענען געמאַכט געוואָרען אַזוי געשווינד און מיט אַזאַ ערפֿאָלג, וואָס מען וואָלט עס בשום אופֿן נישט געקאָנט ערוואַרטען אין שלום-צייט. נישט אומזיסט זאָגט מען: די נויט ברעכט אייזען. די מלחמה-נויט האָט געצוואונגען די רעגירונגען צו געבען געלד אויף אַזעלכע ריין-וויסענשאַפֿטליכע און טעכנישע ערפֿינדונגען, אויף וועלכע מען פֿלעגט ביי זיי אין שלום-צייט עס קאָנען בעקומען זעהר שווער און זעהר זעלטען. די מלחמה-צייט האָט אויך געשאַפֿען דעם נויטיגען מענשען-מאַטעריאַל פֿאַר די גרויסע און שווערע ערפֿינדונגען און זייער אויסנוצונג.

מען דאַרף האָפֿען, אַז לפחות דאָס וועט זיין די איינציג גוטע ירושה, וואָס די מלחמה האָט דער מענשהייט איבערגעלאָזט: די גרייטקייט צו שאַפֿען קאַפּיטאַלען און מענשען פֿאַר געניאַלע ערפֿינדונגען און ענטדעקונגען פֿון דער געלעהרטער וועלט!

די ביטערע מלחמה-נויט האָט אויך געטריבען די דייטשען אויסצואַרבייטען פֿערשיעדענע ערזאַצען אין אכילה ושתיה, ווי אויך אין שטאָפֿען פֿאַר הלבשה, פֿאַר דער אויסאַרבייטונג פֿון שטריק, זעק וכדומה. אַזוי, למשל, האָט מען פֿון פּאָקשיווע (קראָפּיווע) זיך גענומען אויסאַרבייטען וועב-שטאָפֿען, מען האָט געפֿונען מיטלען אויסצואַרבייטען שטאָפֿען, וואָס זאָלען פֿערטרעטען קראָבמאַל און אייוויים א. אַ. וו. די דאָזיגע עקספּערימענטען זענען גאָר נישט אַלע דערפֿיהרט געוואָרען ביז צום ענדגילטיגען צוועק, דאָך קאָנען זיי מיט ערפֿאָלג אויסגענוצט ווערען דורך דער וויסענשאַפֿט און געבען אַ שטויס צו גרויסע ערפֿינדונגען.





יוסף טונקעל.

# די יודישע פּאַראָדיע.

(מאַטעריאַל פאַר אַ שטודיום)

אין אייגענטליכען זין פון וואָרט איז פּאַראָדיע אַלץ, וואָס ווידערהאָלט זיך, וואָס חזר'ט זיך איבער. אין דער אַלט-גריכישער פּאָעזיע איז פּאַראָדיע געווען דאָסזעלבע, וואָס רעפריין.

מיט דער צייט האָט אָבער דאָס וואָרט פּאַראָדיע בעקומען אַנ'אַנדער בעגריף. אונטער'ן וואָרט פּאַראָדיע האָט מען אָנגעהויבען פערשטעהן די נאָכאַהמונג, דאָס נאָכמאַכען עמיצענ'ס אַ סטיל, עמיצענ'ס אַ פאָרם, און אין דעם זין איז עס געוואָרען איינע פון די פאָרמען פון קאָמישען, הומאָריסטישען און סאַטירישען שאַפען.

דאָס נאָכמאַכען עמיצענ'ס אַ גאַנג, עמיצענ'ס אַ מינע, אַ שטים רופט ביי אונז אַרויס אַ געלעכטער, הגם דער גאַנג, די מינע און די שטים זענען בעצם גאָרנישט לעכערליך. דאָס שפּיעלען פון אַ גראַמאָפאָן, דאָס בילען פון אַ הונט, דאָס זעגען פון אַ זעג—אַן-און-פאַר-זיך איז עס לחלוטין נישט קאָמיש. זאָל עס אָבער עמיצער גענוי נאָכקרימען און נאָכאַהמען, וועט ער דערמיט רייצען אונזערע לאַך-נערווען און אַרויסרופען אין אונז אַנ'עמפּפינדונג פון קאָמיזם. די פּאַראָדיע אין ענגערן און בעסערן זין בעגרעניצט זיך אָבער נישט בלויז מיט'ן נאָכקרימען און נאָכמאַכען. נאָכאַהמען, נאָכמאַכען און דערביי אויסגעפינען און אַרויסברענגען די לעכערליכע זייטען פון דעם נאָכגעמאַכטען און אויסגעלאַכטען—דאָ ערשט הויבט זיך אָן די אייגענטליכע קינסטלערישע פּאַראָדיע.

פון דעם מין פּאַראָדיע בעשטעהט באמת אַ גרויסער טייל פון הומאָריסטישען שאַפען: פּאַראָדיעס אויף ליטעראַרישע ווערק, אויף אַ מענשען, אויף אַ קלאַס, אויף אַ גאַנצער עפּאָכע, אויף דער גאַנצער מענשהייט.

בעזונדערס פּאָפּולער איז די ליטעראַרישע פּאַראָדיע, די פּאַראָדיע אויף אַ ווערק: דאָס נאָכמאַכען אָדער נאָכאַהמען אַ געוויסע בעקאַנטע ליטעראַרישע פאָרם און זי דערפיהרען ביז אַנ'עמפּפינדונג פון קאָמיזם.

ווי אַזוי ווערט די עמפּפינדונג אַרויסגערופען?

צווישען די עלעמענטען, וואָס שאַפען דעם איינדרוק פון קאָמיזם, איז איין עלעמענט אַמשטאַרקסטען בולט, און דאָס איז דער עלעמענט פון קאָנטראַסט. דער קאָנטראַסט צווישען דאָן קישאָט און סאַנטשאָ-פּאַנטשאָ, צווישען אונזער מנחם מענדיל פון יעהופּעץ און זיין ווייב שיינע שיינדיל, צווישען דעם אָפּטימיזם פון טוביה דעם מילכיגען און זיין טרויעריגער ווירקליכקייט—אָט דער קאָנטראַסט שאַפט דעם קאָמיזם פון די דאָזיגע ווערק און די דאָזיגע געשטאַלטען.

די פּאַראָדיע איז ליטעראַרישער קאָמיזם, געשטיצט אויף דעם אייגענעם פּרינציפּ: קאָנטראַסט צווישען פאָרם און אינהאַלט.

צוויי אַנטקעגנגעזעצטע מדרגות פון העכערס און נידעריגס, געהויבענס און נישט־יגס, יום-טוב׳דיגס און וואָכעדיגס בעגעגענען זיך צוזאַמען.

דער פּאַראָדיסט, דער ליטעראַרישער קאָמיקער, נעהמט אַ פּאַרטיגע פאָרם און לעגט אַריין אין איהר אַן׳אַנדער אינהאַלט. ער נעהמט אַ פאָרם, צו וועלכער מיר זענען געוועהנט צו בעציהען זיך מיט חשיבות, און בעהעפט זי מיט אַן׳אינהאַלט פון אַ נידריגער מדרגה.

רעדט מיט׳ן נוסח פון זאַראַטוסטראַ וועגען צוריסענע שטיוועל, און איהר שאַפט די פּאַראָדיע: „נישט קלאָג, דו, מענש, וואָס דיינע שטיוועל זענען צוריסען. עס קומט אַ צייט, ווען דו וועסט קויפען נייע!״

אָדער רעדט מיט ביאַליק׳ס ביבלישען פּאַטאָס וועגען אַנ׳איי:

„און גאָט האָט מיר געזאָגט אַזוי: דו געה אין מאַרק און קויף אַנ׳איי!״

---

פאָרמען פון פּאַראָדיעס זענען דאָ דריי:

די פּאַראָדיע אַליין קאָן זיין אָהן אַ שום אינהאַלט, נאָר מיט דער הילף פון דער פּאַראָדיע ווערט אויסגעלאַכט אַ געוויסער אָריגינאַל (רוימישע פּאַראָדיע). אַזאַ פּאַראָדיע איז, למשל, די פון יצחק בער לעבענזאָן (ריב״ל) אויף אַ שטיק תורה פון אַ חסיד׳ישען רבי׳ן:

...„אלה תולדות נח... נח איש צדיק היה בדורותיו... דער פסוק איז זעהר שווער פון אָנהויב ביז׳ן סוף (פויזע, דערנאָך מיט אַ משונה׳דיגען קול): הא, הא, הא!... אמת! אמת! עס איז טאַקע זעהר שווער! באמת זעהר שווער! הא! הא! הא! אלה תולדות נח!... צדיק תמים היה... פליאה! הא! הא! הא!.. (מיט אַ ניגון): טאַטע, טאַטע!.. התהלך... דערבאַרימדיגער צדיק!... התהלך—רחום־צדיק!.. מרא דעלמא... באָם, באָם!... נו, נו, נו... הא, הא, הא, בא, בא, בא... צינד־אָן ליכט...״ („די הפקר־וועלט״, צווייטער טייל).

אין דער פּאַראָדיע גופא איז דאָ קיין שום אינהאַלט נישטאָ. דער גאַנצער קאָמיזם בעציהט זיך בלויז אויפ׳ן אָריגינאַל.

צו דעם צווייטען מין פּאַראָדיעס געהערט די, וואָס פערמאָגט אַליין אַ געוויסען אינהאַלט און דער אָריגינאַל ווערט דערביי נישט אָנגעריהרט, נישט גע־טאַדעלט און נישט אויסגעלאַכט—ער בלייבט ביי זיין חשיבות. עס ווערט בלויז גע־באָרגט די פאָרם פון אָריגינאַל, כדי מיט דער דאָזיגער פאָרם אויסצודריקען אַ זעלבּ־שטענדיגען הומאָריסטישען אינהאַלט (די גריכישע פּאַראָדיע). דאַן איז עס אַ פּאַראָ־דיע נישט „אויף״, נאָר „נאָך״ דער אָדער יענער פאָרם.

צו דעם סאָרט פּאַראָדיע געהערט „דאָס ליעד פון קוגעל״ פון אברהם בער גאָטלאָבער, פּאַראָדיע נאָך שילער׳ס בעריהמטען ליעד „די גלאָקע״:

פעט געבּרענט, גלאַנצט און שיינט,
פון לעהם געמאַכט, דאָס לאָקשענטעפּעל,
ווערען מוז דער קוגעל היינט!
געשווינד אַהער פלוימען־עפּעל!
דער אויווען מוז זיין הייס,
רינען מוז דער שווייס—
זאָל דער טשאָלענט געראָטען אין אויווען,
דאָך די ברכה קומט פון אויבען.
וויל דער מלאך דעם קוגעל נישט באַקען,
העלפט קיין בראָקען, העלפט קיין האַקען

דאָס ליעד „די גלאָקע״ איז אין יענער צייט געווען שטאַרק פּאָפּולער אין די משכיל׳ישע קרייזען און נישט איין שרייבער האָט זיך בענוצט מיט דעם דאָזיגען ליעד פאַר זיינע פּאַראָדיעס. אַזוי, למשל, האָט אויך שלמה עטינגער אָנגעשריבען

אַ פּאַראָדיע „די ליכט", וואו מיט דעם נוסח פון „די גלאָקע" שילדערט ער, ווי וויי־
בער מאַכען ליכט ערב יום כפור.

אַזוי איז אויך מיט די „צוויי חסידים" פון י. ל. גאָרדאָן, אַ פּאַראָדיע נאָך
די „צוויי גרענאַדיערע" פון היינריך היינע:

צוויי חסידים זענען געגאַנגען צו פוס
אויף סוכות צום רבי'ן קיין ריזין —
זיי האָבען געוואָלט הערען דעם שמועס
דעם רבי'נס מיט די אושפּיזין.
דאָ האָבען זיי אונטערוועגס דערהערט,
דאָס עס איז אַ גרויס אומגליק געקומען:
ר' כראָלצע ליעגט נעביך ווי אַ באַרג אין דער ערד,
מען האָט איהם אין פעסטונג גענומען.
דאָ האָבען די חסידים געטהון אַ געשריי
און אויף זיך געריסען די הויט:
—געוואַלד, ברודער, שרייט איינער, אָה אונז און וועה,
דערפון וועל איך קריגען מיין טויט.
דער אַנדערער וואָיעט אויך ווי אַ הונד:
—יאָ, דיר איז צו שטאַרבען גרינגער;
איך אָבער האָב דאָך ווייב און קינד,
וואָס וועלען מיר אויסגעהן פון הונגער.
—וואָס אַרט אונז אַ ווייב, וואָס אַרט אונז אַ קינד—
מיר האָבען פאַרוואָס בעסערס צו בעטען.
לאָזען זיי פאַר הונגער פּגר'ן ווי הינד — —
דער רבי, דער רבי אין קייטען.
נאָר איין בקשה וועל איך צו דיר האָבען:
אַז קומען וועלען מיינע לעצטע מינוטען,
זאָלסטו אין ריזין מיך זעהן צו בעגראָבען,
מיט ריזינער ערד מיך בעשיטען;
וועם שבת'דיגען טלית מיט דעם זילבערנעם קאַנט,
די תפילין מיט די ברייטע רצועות,
אויך בראָנפען אַ פלאַש גיב מיר אין האַנד
און דעם שופר צו בלאָזען די תקיעות.
אַזוי וועל איך רוהיג אין מיין חדר ליעגען,
מיין שלאָף וועט מיר קיינער נישט שטערען,
ביז איך וועל אַמאָל דעם הייליגען נגון
פון דעם רבי'נס זמירות דערהערען.
דער רבי וועט טרעטען אויף מיין קבר דאָס גראָז,
דערפון וועל איך אויפשטעהן ממילא—
אויפשטעהן און טרינקען בראָנפען אַ גלאָז
און בלאָזען אַ תקיעה גדולה...

אָדער פרוג'ס פּאַראָדיע נאָך היינע:

נייע צייטען—נייע מענשען,
נייע מענשען—נייע בילדער:
העל און ליכטיג אין דעם גרויסען
שענעם טאַנץ־זאַל אין „סאָבראַניע".
אין דעם גרויסען שענעם טאַנץ־זאַל
זאַמלען זיך צונויף צום „אָוענד"
אלע שענסטע, אלע בעסטע,
...נכטע טעכטער פון ירוחו;
אלע פ... , אלע בעסטע,
פיינס... טעכטער פון ירוחו,

פֿון יריחו און פֿון חברון,
פֿון בערדיטשעוו און פֿון קאָווגא;
פֿריילין מאַריאַ פּסחאָוויטש,
נאַסטיאַ קאַפּהאָן, פּראָסיאַ לניך,
און די שענע איזאַבעלאַ —
איזאַבעלאַ לאָקשען־צימעס.
אַלע זענען זיי געקליידעט
נאָך דער לעצטער, שענסטער מאָדע,
און זיי זינגען גאָר אַנ'אַנדערס,
גאָר אַנ'אַנדערס נייעס ליעדעל:
„קומט אַהער, אַהער, חתנים!"-
זינגען מאַריאַ, נאַסטיאַ, פּראָסיאַ,
און די קלוגע איזאַבעלאַ,
איזאַבעלאַ לאָקשען־צימעס.

עס קומט נאָך די דריטע פאָרם פון פּאַראָדיע, וואו דער הומאָר און די סאַטירע בעציהען זיך אויף דעם אָריגינאַל. און דערביי פערמאָגט די פּאַראָדיע אַליין אַ געוויסען זעלבשטענדיגען אינהאַלט.

סערוואַנטעס'עס „דאָן קישאָט", למשל, איז אַ פּאַראָדיע אויף די שפּאַנישע ריטערליכע ראָמאַנען פון זיין צייט; דערביי איז עס אָבער אַן־און־פאַר־זיך אַ זעלבשטענדיג און געניאַל הומאָריסטיש ווערק אויף פאַר יענע, וואָס זענען מיט די שפּאַנישע ריטערליכע ראָמאַנען גאָרנישט בעקאַנט. אַזוי אויך „מסעות בנימין השלישי" פון מענדעלי מוכר ספרים, וואָס איז טיילווייז אַ פּאַראָדיע אויף געוויסע רייזע־בעשרייבונגען און איז אויך אַ הומאָריסטיש ווערק אַן־און־פאַר־זיך.

די יודישע פּאַראָדיע האָט זיך על פּי רוב געהאַלטען ביי דער גריכישער פאָרם. זעלטען, ווען די סאַטירע האָט זיך דאָ בעצויגען אויפ'ן אָריגינאַל גופא. דער לעצטער איז קיינמאָל נישט בעריהרט געוואָרען און געבליבען ביי זיין חשיבות. דער יודישער פּאַראָדיסט־קאָמיקער האָט בלויז געבאָרגט די פאָרם פון ווערק, כדי אין דערזעלבער פאָרם צו שאַפען זיין אייגענעם וויץ, זיין אייגענעם הומאָר, אָנגעווענדט אויף גאַנץ אַנדערע ערשיינונגען.

דערצו האָבען די פּאַראָדיסטען זיך בענוצט מיט דער פאָרם פון אַזעלכע ווערק, וואָס זענען זעהר פּאָפּולער און פערשפּרייט צווישען עולם: תפילות גמרא, קדוש, פיוט, ודוי, תנאים, מגילות—אַפילו שטיקער חומש.

בענוצענדיג זיך מיט די דאָזיגע פאָרמען, האָט דער יודישער פּאַראָדיסט חוזק געמאַכט פון אַלע לעכערליכע ערשיינונגען אין יודישען לעבען און זיי אויסגעלאַכט.

נאָך גאָר אין דער אַלטער העברעאישער ליטעראַטור, אויף וויפיעל מיר שטויסען זיך דאָרט אָן אויף הומאָריסטישע און סאַטירישע שטעלען, געפינען מיר שוין די פאָרם פון פּאַראָדיע.

אָט איז, למשל, אַ סאַטירישע פּאַראַדיע אויף סדום'ס געזעצען, וואָס ווערט געבראַכט אין מדרש:

„פיער שופטים זענען געווען אין סדום: שקראי, שקרוראי, זייפאי און מצלי־דין. זייערע געזעצען:
דער בעל־הבית, וואָס האָט אַנ'אָקס אין טשערעדע, דאַרף פיטערן די סטאַדע איין טאָג, און דער, וואָס האָט גאָר קיין אָקס נישט—צוויי טעג;
דער, וואָס שניידט־אָב אַנ'אויער ביים אייזעל, געהט דער אייזעל אַריין אין זיין רשות אַזוי לאַנג, ביז דאָס אויער וואַקסט אָב צוריק;
ווער עס געהט אַריבער די בריק, איז מחויב אָבצוצאָהלען פיער זוזים, און ווער עס געהט איבער דעם טייך צו־פוס — אַכט זוזים; דער, וואָס קריגט געשלאָגען, דאַרף נאָך דעם שלעגער צוצאָהלען פאַר בלוט־לאָזען א.א.וו."

די העברעאישע ליטעראַטור פון נאָכ'ן חורבן איז בכלל אָרים אין הומאָר און סאַטירע, בפרט אין דער לייכטער פאָרם פון פּאַראָדיע.

דאָס ענדערט זיך אָבער מיט'ן רענעסאַנס פון דער העברעאישער ליטעראַטור אין דער אַראַבישער עפּאָכע, וואָס פערמאָגט שוין אַנ'עשירות פון פיינעם הומאָר און צעהלט צווישען איהרע דיכטער אַזעלכע פּרעכטיגע פּאַראָדיסטען, ווי די אבן עזרא'ס, ר' יהודה הלוי, ר' שמואל הנגיד, אלחריזי און אַנדערע.

מיט עטליכע יאָהרהונדערט שפּעטער, שוין אין אָנהויב פון דער נייער צייט, בעגעגענען מיר זיך ווידער מיט דער פיינער סאַטירישער פּאַראָדיע ביי **עמנואל הרומי**, און צוזאַמען מיט די נייע, וועלטליכע ווינטען, וואָס הויבען-אָן זיך אַריינ-חאַפּען אויך אין דער יודישער גאַס, ווערט די פּאַראָדיע אַלץ אַנ'אָפטערע ערשיי-נונג אינ'ם יודישען שאַפען.

כדי נישט אויפצורייצען געגען זיך די אַלגעמיינע געדריקטע און רעליגיעזע שטימונג פון פאָלק, האָבען די פּאַראָדיסטען אויסגענוצט יענע יום-טובים, ווען עס איז ערלויבט זיך אַ ביסעל משמח צו זיין, און דאָ האָט זיי בעזונדער אַרויסגעהאָל-פען „דער יודישער קאַרנאַוואַל"—פּורים.

פּורים איז דער טאָג, ווען עס איז ערלויבט אַפילו אָנצוטרינקען זיך עד דלא ידע, פּורים איז דער יום-טוב פון פאָלקסטימליכער פרעהליכקייט, מ'דאַרף דעם עולם לוסטיג מאַכען, און דאָס בעסטע מיטעל דערצו איז—די פּאַראָדיע.

דער גרעסטער טייל יודישע פּאַראָדיעס איז געשאַפען געוואָרען אין צוזאַמענ-האַנג מיט פּורים, ווען דער קאָמיקער און פּאַראָדיסט פיהלט זיך אַ ביסעל **הפקר'-דיג**, און ער האָט זיך נישט אָבגעשטעלט צו פּאַראָדירען אַפילו זאַכען, וואָס זע-נען הייליג און רעליגיעז, אָבי זיי זענען פּאָפּולער און פערשפּרייט צווישען פאָלק: תפילות, תנ"ך, תלמוד, זוהר, שלחן-ערוך, חיי-אדם, אזכרת-נשמות, אל מלא רחמים, קדוש, הבדלה, ודוי, גט'ן, כתובות וכדומה אַזעלכע זאַכען, וואָס האָבען אַ ברייטען אומ-גאַנג אין פאָלק.

שוין אין 12-טען יאָהרהונדערט בעוויזט זיך דאָס ערשטע פּאַראָדיע-ביכעל לכבוד פּורים, „מעריב לפורים", פון מנחם בן אהרן: אַ רייה קלענערע פּאַראָדיעס אויף פערשיעדענע תפילות, פיוטים, ברכות וכדומה.

אין 14-טען יאָהרהונדערט בעווייזט זיך די פּאַראָדיע „מסכת פורים" פון בע-ריהמטען סאַטיריקער „קלונימוס בן קלונימוס", געשריבען אין פאָרם און סטיל פון תלמוד.

פון דאַן אָן בעווייזען זיך כסדר איינע נאָך דער אַנדערער גאַנצע מענגעס פּורים-פּאַראָדיעס, שאַרזשען און פּורים-שפּיעלען אין אַלערליי פאָרמען און אַלערליי געשטאַלטען: „זוהר החדש לפורים", „זכרון פורים", „מגלת שטרות" „מסכת שכורים" און נאָך פיעל אַנדערע.

ווייטער קומען פּאַראָדיעס, וואָס האָבען אַ ווינציגע שייכות צו פּורים: „מסכת עניות" פון די"ק, „מסכת אַמעריקע", „מסכת למלמדים", „מסכת לסוחרים" א. אַ. וו.

די דאָמינירענדע צאָהל פּאַראָדיעס געהער אָבער צו דער פּורים-ליטעראַטור, אַזוי אַז צווישען דער גרויסער צאָהל העברעאישע פּאַראָדיע-חבורים ווערען אָנגע-צעהלט ביז 175 פאַר פּורים אַליין, פון זיי 72 אונטער איין נאָמען „מסכת פורים".*)

די יודישע ליטעראַטור, וואָס הויבט זיך אָן פון איבערזעצונגען פון העברע-

---

*) זעה: פּראָפ' מאָר שטיינשניידער, „פורים אונד דיע פּאַראָדיע".

אישע רעליגיעזע ספרים, איז אויך אויף דעם געביט פון דער פאַראָדיע געבליבען נישט הינטערשטעליג.

די פאַראָדיע-שרייבער און פורים-שפּיעלער, וואָס זענען על פּי רוב געווען פאָלקס-מענשען און האָבען בעגריפען די פאָלקסטימליכקייט פון דעם יום־טוב, האָבען געמוזט זייערע פורים־ווערק שאַפען אין דעם פאָלקס-לשון.

די ערשטע יודישע פּאַראָדיע ווערט אויך אָנגערופען „מסכת פורים" (ער-שיענען אין פראַנקפורט, אין יאָהר 1708) און איז וואַהרשיינליך אַן איבערזעצונג פון איי-נער פון די העברעאישע פּאַראָדיעס:

„מסכת פורים גאָר שין גיטראַכט, פורים אונ דיא לייט צו ערן גימאַכט, גלייך אז חעֶן איינער אין קרעפּלאך קראַכט, ווער דאָ ווערט דרינען פון ליינען, ווערט זיין הערץ טון דער פרייאז, אז חען ער האָט געטרונקען דעם גוטן יין."

ווייטער בעווייזען זיך אין יודיש פערשיעדענע פורים-אויסגאַבען: לצנות, פּורים-שפּיעלען וכדומה. „אקטא אסתר מיט אחשורש" (פּראָג, 1720), „די שטאָלצע ושתי" (ברעסלוי, 1797), „ערלעזונג פון די יודען דורך מרדכי און אסתר" (1800) „מגילת ישרה פון מפלת המן" (1896) און נאָך פיעל אַנדערע—ביז צו דער לעצטער צייט.

אין די אַלע ווערק ווערט אַמשטאַרקסטען אויסגענוצט די פאָרם פון פּאַראָדיע.

אין איין פורים-שפּיעל, וואָס איז ערשיענען אין פראַנקפורט אין 17-טען יאָהרהונדערט, געפינען מיר זאָגאַר אַ פּאַראָדיע אויף ודוי:

א ודוי פאר המנ'ען.

מרדכי: זאָג ודוי וואָרט אין וואָרט,

ווערט זיך דיר זעצן אַ מכה, אַזוי גרויס וויא אַ קוואָרט.

זאָג: המלאך—דער גיזאַלצענער,

הגואל—דער אומגעזיפּטער (?),

אותי—מיר,

אַ מכה דיר,

מכל—דער שטעקין,

רע—דער בייזער שטערן,

יברך—ער זאָל מאַכין קניקען

את—אין

הנערים—די יונגע לאַמפּין,

ויקרא—און עס זאָל ווערין אויסגעריסען

שמי—דיין נאָמען,

וימח שמו—און זיין נאָמען (ווייזט אויף המנ'ען)

אברהם דער שינדער,

יצחק דער בלינדער,

יעקב האָט אָנגעמאַכט אַ פול זעקעל מיט קינדער,

וידגו—און זאָלסט אָנלעגען

בקרב—פּיס'ן קעפּעלע,

הארץ—אין דער ערד אריין.

אָדער:

מרדכי בים מלך (פּאַראָדיע אויף תנאים):

אין אַ גוטער שעה!

זענט איר ביידע דאָ,

זעצט זיך אַנידער ביידע,

איך בין אייך אַן'אַלטער זיידע,

נו, ליינען די תנאים?

אלה התנאים,

איר זענט ביידע גרויסע גוים;

אלה הבגדים

קדחת מיט כשר'ה פאָדים ;
גדן גיב איך ק״ן שאָק רוחות,
אַ דירה—אין הקדש,
מזונות—אין די הייזער,
אַ פלאַץ—אויף דעם בית־החיים,
הכל שריר וקים.
הערט, קינדער, זאָגט מיר נאָך וואָרט ביי וואָרט,
וועט זיך אייך זעצען אַ מכה ווי אַ קוואָרט.״

אין אַ צווייטען אָרט (אין אַ שפּעטערדיגער אויסגאַבע) ווערט פאַראָדירט דער „הרי את״. מרדכי איז מקדש-קדושין אחשורש'ן מיט ושתי'ן :

הרי—
עס זאָל אייך זיין וויגד און וועה,
את—
שמייסען זאָל אייך דער קיעהער קאַט,
ניט דער אָדעסער—
ער שמייסט בעסער,
מקדשת—
יאַק סאָבאַקאַ ברעשעש,
לי—
דאַרפּסטו ליעגען אין קרעמענצוּג אין הקדש־ליעג הי ;
בטבעת—
הערען זאָלט איהר געשוואָלען, ווי אַ פאַס,
כדת משה וישראל—
אַ כפרה זאָלט איהר ווערען פאַר מיר און פאַר כל ישראל.

אסתר רעדט דאָרט מיט'ן נוסח פון תחנות, און מרדכי—מיט'ן נוסח פון סליחות.

„מרדכי: איך וויל אַ ביסעל סליחות קלאַפּערין. אל ארך אפים אתה, אַז המן זאָל ווערען פּראַטה (?), פּראַטה זאָל ער ווערען, אויפעסין זאָלין איהם די ווערים, די הערים זאָלין איהם אויפעסין, דו, גאָט, זאָלסט אָן איהם פערגעסין״...

פּיעל פּאַראָדיעס, וואָס זענען געשאַפען געוואָרען צוליעב פּורים, האָבען אָן-און פאַר-זיך גאָר קיין זין נישט און פערמאָגען נישט קיין שום אינהאַלט. דער גאַנ-צער קאָמיזם פון די דאָזיגע פּאַראָדיעס ליעגט דוקא אין דער אומגעלומפּערטקייט, נאָכקרימעניש און פּרימיטיוּוער לצנות. דער דאָזיגער קאָמיזם בעציהט זיך נישט אויפ'ן אָריגינאַל און אויך נישט אויף דעם אינהאַלט פון דער פּאַראָדיע גופא. דאָס זענען בלויז לעכערליכע גרימאַסען פון אַ קלאָון, העוויות פון אַ לץ—אין פאָרם פון וואָרט.

צו דעם דאָזיגען מין פּאַראָדיע געהערט אָן די גרויסע צאָהל פּורים-דרשות פון פּורים-רבנים, די צודרעהטע קדוש'ן, די איבערגעקעהרטע מגילות און אַנדערע פּאָפּוריען, וואָרט-קאָזשעליקעס און אַקראָבאַטישע וואָרט-קונצען, ווי דער בעקאַנטער קדוש : „יום השׁשי ויכלו השמים, השמים מספרים כבורו, כבודו מלא עולם, משרתיו שואלים, איה שרה אשתך א. אַ. וו. אַזוי די איבערגעקעהרטע מגלה :

„יהוי מבי אשחורש אוה אשחורש הלמך מדהו ודע שוכ, בשע וערשים ואמה מנידה, במים מהה כבשת הלמך אשחורש א. אַ. וו.

אָדער :

מי שברך
המן, קורח,
בלק, בלעם,
זרת ושתי,
הוא יברך...
בעבור שילך בתמילות.

בזכות זה ינטלו אותו
מכפר לכפר
מעיר לעיר,
מאַסטראָג לסימביר,
געבונדען אין שטריק,
געשמידען אין קייטען,
בחבלי ברזל,
ונאמר אמן.
מי שברעך
הענד און פיס,
ציין, ביין,
קרענק אַליין,
טשטאָב טי אומער,
ונאמר אמן.

די איבעריגע ימים-טובים זענען ווייניגער רייך אין דער פּאַראָדיע. מעגליך, ווייל די אַלע איבעריגע ימים-טובים זענען נישט אַזוי וואָכעדיג, נישט אַזוי פאָלקס־טימליך-זאָרגלאָז, נישט אַזוי הפקר׳דיג. דאָך זענען לכבוד די איבעריגע ימים-טובים אויך געשאַפען געוואָרען מעהרערע פּאַראָדיעס.

איין פּאַראָדיע, „זמר לחנוכה״, געשריבען אויף דעם נוסח פון שבת׳דיגע זמירות, איז נאָך עלטער פון דער ערשטער פּורים-פּאַראָדיע (ערשיענען אין פּראָג אין יאָהר 1676). אַ צווייט ביכעל („זאת חנוכה-ביכעל״) איז ערשינען אין פראַנקפורט אין יאָהר 1702.

די עלטסטע פּאַראָדיע אויף פסח איז בעקאַנט אונטער׳ן נאָמען: „דעקרעט דעס קעניגס דער ביידען סדר-נעכטע״.

פון דאַן אָן געהט נישט דורך אַ יאָהר, עס זאָל נישט געשאַפען ווערען עפּיס אַ פּאַראָדיע אויף די דינים פון פסח, אָדער אויף דער הגדה: „דאָס ליעד פון דער מצה״ (נאָך שילער׳ס „גלאָקע״) פון יאָזעף הערץ (1854), „די הגדה פון היינטיגער צייט״, פון מאַראַכאָווסקי (1885), „דאָס ליעד פון מה נשתנה״ פון לינעצקי, שפּעטער: „די אַמעריקאַנער הגדה״ פון שאַרקאַנסקי, „די אַמעריקאַנער הגדה״ פון מאָריס ראָזענפעלד א. אַ. וו.

מיט דעם וואוקס פון דער נייער יודישער ליטעראַטור אין אייראָפּא, ווי אין אַמעריקא, וואַקסט אויך די פּאַראָדיע. די לעצטע פערליערט ביסלעכווייז דאָס ספּעציעלע שייכות צום יום-טוב און בעקומט אַן׳אַלגעמיינעם חאַראַקטער. דאָ און דאָרט בעווייזען זיך פּאַראָדיעס אויף יודיש־רעליגיעזע ווערק, ווי אויך בעקאַנטע פּאָפּולערע ווערק פון אייראָפּעאישע שרייבער.

יצחק יואל לינעצקי, אונטער׳ן נאָמען: עלי קצין הצחקיאלי, שרייבט אַ סעריע פּאַראָדיעס: „דער וועלט-לוח אין יאָהר אין כסף״ (1883), „אַ סטאַטוע פון אַ פלוידערזאַק״ (אַ פּאַראָדיע נאָך די „אַני מאמינ׳ס״, 1885) און נאָך עטליכע „כתבים״—פּאַראָדיעס.

דאַן:

„דרייפוס-מחזור׳ל״ פון גאָלדפאַדען (1899), „תפלה למהללאל״ פון גאָטלאָבער (איבערזעצט דורך בוכבינדער, 1885), „אַ פעקעל נייע מאָדנע תחינות ובקשות, אזכרת נשמות און אל מלא רחמים״ (1906), „דער ייער זשורנאַל אָדער דער ווייבערשער היי-אדם פון בע״ז״ (1889).

אויך אין דער אַמעריקאַנער יודישער ליטעראַטור בעווייזען זיך פון צייט צו צייט מעהר אָדער ווענינער געלונגענע פּאַראָדיעס: שאַרקאַנסקי—„אַרויסמופּען, צי נישט אַרויסמופּען? זיך אַרויסקלויבען, אָדער זיך נישט אַרויסקלויבען? אַ מאָנאָלאָג פון אַ קוואַרטיראַנט", פּאַראָדיע נאָך „זיין אָדער נישט-זיין" פון האַמלעט; ווינטשעווסקי—„דער שטן מקטרג", אַ פּאַראָדיע נאָך געטהעס פּאַוסט-פּראָלאָג, און „שלשה עשר עקרים".

צווישען די אַמעריקאַניש-יודישע פּאַראָדיעס פון דער לעצטער צייט איז נאָך כדאי אָנצעווייזען אויף דער פּאַראָדיע פון אַ. הורוויטש: „די אַמעריקאַנער פּרקים אָדער דער קהלש׳ער ריב-אייזען" (1895!), אַ פּאַראָדיע נאָך די „פּרקי אבות":

משה קבל תורה מסיני—קאָלומבוס האָט ענטדעקט דאָס נייע לאַנד פון אַמעריקא און זי איבערגעגעבען צום פּרעזידענט, דער פּרעזידענט—צום סענאַט, דער סענאַט—צום טראָסט, דער טראָסט—צו שקלאַפעריי אז״וו...

עקיבא, דער זוהן פון טשאַרלי, זאָגט: די בעטראַכט נאָר די דריי זאַכען און דו וועסט זיין אימשטאַנד צו עקזיסטירען אין אַמעריקא: פערגעס ווער דו ביזט, וואָס דו ביזט געווען און טהו, וואָס די קאָנסט. הוא היה אומר: ביזטו געווען אַ שמש אין דערהיים, ווער דאָ אַ כלל-טהוער; ביזטו געווען אַ דרדקי-מלמד, ווער אַ רב אין דער אָרטאָדאָקסישער עדה; ביזטו געווען אַ באַנקעס-שטעלער אין באָד, ווער דאָ אַ דאָקטאָר; ביזטו געווען אַ באַראַבאַנשטשיק, ווער אַ קאָמפּאָזיטאָר; ביזטו געווען אַ פּורים-שפּילער, ווער דאָ אַנ׳אַרטיסט; ביזטו געווען אַ שווינדלער, ווער דאָ אַ „פּאָליטישען", ביזטו געווען גלאַט אַ גאָרנישט, ווער אַ פּרעזידענט פון אַ חברה"...

---

עס וואָלט פּערנומען צו-פיעל צייט און אָרט, אָבצושטעלען זיך גענוי אויף דער גאַנצער פּאַראָדיע-שאַפונג פון דער לעצטער צייט, אָנהויבענדיג פון די צופעליגע פּאַראָדיעס, וואָס זענען צעוואָרפען דאָ און דאָרט אין פערשיעדענע ווערק פון דער נייער יודישער ליטעראַטור, ביז צו די ספּעציעלע, בעזונדערע פּאַראָדיעס, וואָס זענען געשריבען זעלבשטענדיג.

אַזוי, למשל, בעגעגנען מיר אָפט ביי מענדעלי מוכר ספרים פּאַראָדירען דעם לשון פון תחינות, עברי-טייטש, מלמד׳ישע „אויסרעדען", טייטשען וכדומה. אַזוי אויך ביי שלום עליכם׳ן געפינען מיר פון צייט צו צייט פּאַראָדיעס אויף די העכסט-אינטערעסאַנטע ראָמאַנען פון שמר וחברותו. אויך פרישמאַן האָט אַמאָל אַ שטיף געטהון מיט אַ פּאַראָדיע אויף שלום אַש׳ס „גאָט פון נקמה", דעסגלייכען פּרוג מיט זיין פּאַראָדיע אויף די פּאָעטען—גראַמען-פלעכטער:

טאָטע,
שמאַטע,
איצט,
פּיצט,
פּיצרינצט,
טעפּעל,
קנעפּעל,
קעפּעל,
יויך,
אפיקומן,
קוימען,
רויך...

ביז צו ר׳ מרדכי׳לען, וועלכער, האָבענדיג אַ בעזונדערע נויגונג צום ליטעראַרישען וואָרט-שפּיעל, קאַלאַמבור, עקספּראָמט וכדומה, האָט שוין געשאַפען זעלבשטענדיגע ווערק אויף דעם פעלד פון פּאַראָדיע.

אַמבעסטען צייכענט זיך אויס זייער מוסטערהאַפטע פּאַראָדיע אויף ווארשאַוו-

זקי'ס „אויפ'ן פריפעטשיק:"

אויפ'ן פריפעטשיק ברענט אַ פייער'ל,
און אין שטוב איז הייס,—
און אַ שרייבער'ל, נאָך גאָר אַ פרייער'ל
לערנט אלף־בית.
—זאָג־זשע, תכשיט'ל, זאָג־זשע, נחת'ל,
וואו דו האַלטסט שוין דאָ?
—כ'לערן טראַף אַצינד, אַט איז אַ פתח'ל
פתח אַלף—אָ.
אויפ'ן פריפעטשיק ברענט אַ פייער'ל,
און אין שטוב איז הייס,—
פאַר אַ שורה האַפט ער שוין אַ דרייער'ל.
שרייבט, געהט־אָב מיט שווייס.
אַ פּאָעט גאָר גרויס, האָט זיין גלייכען נישט
סיידען עדגאַר פּאָ—
דאַנקען גאָט, געחאַפּט אַצינד דעם רעכטען שניט
חירק אַלף—אִ.
דאַרף אַמאָל דערהערען אונזער שטערן
אַ נייס פון סטיל מאָדערן,
שרייבט ער אויך שוין נור נאַטור-ליטעראַטור,
גראַס־שטראַם־באַם—שור־בור.
בלאָזען ווינטעלעך, בילען הינטעלעך,
שווימלען, גריבלען פינטעלעך,
הפקר פּעטרישקע, קיין עברי גאָר נישטאָ.
קמץ אַלף... וויאָ!
ווי דערלעבט מען שוין אַנ'אַקאַדעמיעלע
אין אַ גוטער שעה;
אַ סטיפּענדיע מאַכען מיט אַ פּרעמיעלע
פאַר קמץ אַלף—אָ!

איצט, ווען די ספּעציעלע אויסגאַבען פון הומאָריסטיש-סאַטירישע זשורנאַלען און וויץ-בלעטער, ווי אויך די קאַבאַרעט-און מיניאַטור-טעאַטערן מיט אַלע זייערע בעגלייטענדע פאָרמען פון טראַוועסטיע, קאַלאַמבור, בורלעסק, שאַרזש און קאַריקאַ-טור זענען געוואָרען אַ תמיד'יגע און אָנגעזעהענע ערשיינונג אין דער יודישער גאַס, איז אויך די פאַרם פון פּאַראָדיע אויסגעוואַקסען צו אַ זעלבשטענדיגער מדרגה.

אַ גאַנצע פליעאַדע, מעהר אָדער ווייניגער טאַלענטירטע אויסגעשפּראָכענע הו-מאָריסטען שאַפען אויף דעם געביט פון פּאַראָדיע, רעאַגירענדיג אויף לי-טעראַרישע ערשיינונגען, ווי אויך אויף אַלע פּאָליטיש־געזעלשאַפטליכע פראַגען פון טאָג.



ד״ר אברהם גליקסמאַן.

# דער אַנטיסעמיטיזם אַלס סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע ערשײנונג.

גע׳ווידמעט פרוי ד״ר קאָבלער.

## הקדמה.

פאַרוואָס האַסען אונז די פעלקער אַזוי שטאַרק? אין דער לעצטער צייט וואַגען מיר כמעט נישט זיך אָבצושטעלען אויף דער פראַגע.

מיט אַ יאָהר 30—40 צוריק פלעגען נאָך אַרויסגעהן גרויסע ווערק, וואָס זענען געווען געווידמעט דעם וועזען פון אַנטיסעמיטיזם. בעריהמטע געלעהרטע, ווי לערוא-באָליע, לאָמבראָזאָ, פאָן-לושאַן און פיעל אַנדערע האָבען בעהאַנדעלט די ערשיינונג פון אַנטיסעמיטיזם היסטאָריש, פילאָזאָפיש, פסיכאָלאָגיש, עטיש, נאַטור־וויסענשאַפטליך, מעדיציניש א. א. וו. אויך אין העברעאיש איז אין יענע יאָהרען אַרויסגעגאַנגען אַ גרעסער בוך פון נחום סאָקאָלאָוו איבער „דער אייביגער שנאה צום אייביגען פאָלק״ („שנאת עולם לעם עולם״), וואָס האָט געפונען פיעל לעזער.

איצט זענען מיר געוואָרען גלייכגילטיג צו דער פראַגע. דער מענשליכער גייסט יוערט טעמפ פאַר אַלטעגליכע געשעהעניש, און דער אַנטיסעמיטיזם איז איצט געוואָרען אַ נאָרמאַלע, נאַטירליכע ערשיינונג, אויף וועלכער מען פרעגט נישט מעהר קיין קשיות. וואָלט נישט אין מאַנכע לענדער די בעציהונג צו יודען געווען אַ ביסעל מענשליכער, וואָלטען אַלע אודאי געמיינט, אַז עס מוז שוין אַזוי זיין: יודען מוז מען שלאָגען, רודפ׳ן—דערפאַר זענען זיי יודען.

קריסטליכע געלעהרטע שטעלען זיך דאָך נאָך אויך איצט אַמאָל אָב אויפ׳ן פראָבלעם פון אַנטיסעמיטיזם. פון צייט צו צייט זעהען מיר דאָך נאָך אין אַנדערע ליטעראַטורען שטודיומס, בראָשורען, צייטשריפטען, וואָס בעשעפטיגען זיך מיט דער יודישער פראַגע. די יודישע ליטעראַטור שווייגט וועגען דעם אינגאַנצען. אונזער וויסענשאַפטליכע ליטעראַטור בעריהרט כמעט נישט דאָס פראָבלעם, און אונזער פרעסע האָט אַזוי פיעל צו טהון מיט׳ן פראַקטישען אַנטיסעמיטיזם, מיט׳ן אַנטיסעמיטיזם פון דער פויסט, אַז עס פערגעהען איהר די אויגען. צוליעב די פיעל בוימער, זעהט זי נישט דעם וואַלד.

פסיכאָלאָגיש איז אונזער אַפּאַטיע געוויס לייכט צו בעגרייפען—נאָך טויזענד־יעהריגע רדיפות ווערט מען אַנ׳אפיקורס בנוגע אַלע לעזונגען און ערקלערונגען. אונזער פאָרשונג אָבער האָט פונדעסטוועגען בכלל נישט דאָס רעכט, דאָז פראָבלעם פון אַנטיסעמיטיזם אַראָבצונעהמען פון דער טאָג-אָרדנונג, און בעזונדער האָט זי נישט דאָס רעכט דערויף—איצט. קיינמאָל אין דער מענשליכער געשיכטע איז דאָס פראָבלעם פון אַנטיסעמיטיזם נישט געווען אַזוי קלאָר און בולט, אַזוי שאַרף

טיגעשטיצט, ווי גראָד איצט. און אויף אַ קלאָרע פראַגע איז שוין לייכטער צו ענט-פערן.

דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך איצט, נאָך דער מלחמה, פערשפּרייט אין אַלע לענדער אין אַזאַ מאָס, ווי דאָס איז נאָך נישט געווען אין קיין שום צייט. רע-וואָלוציעס האָבען אויפגעפלאַקערט אין אַלע לענדער, טויזענד-יעהריגע טראַדיציעס זענען אונטערגעגאַנגען, איינגעוואָרצעלטע אָרדנונגען און איינריכטונגען זענען אויס-געריסען געוואָרען, געהייליגטע קרוינען פון געזאַלבטע מלכים וואַלגערן זיך אין בלאָטע, דערנידריגטע פעלקער זענען דערהויבען געוואָרען, גאַנצע מדינות און פעל-קער זענען אויפגעשטאַנען תחית-המתים, די רעאַקציע איז כלומר׳שט געשלאָגען אויף דער גאַנצער ליניע, דעמאָקראַטיע און אַפילו סאָציאַליזם זענען געקומען צו הערשאַפט. „שוין הילכען אומעטום די אייזערנע שריט פון די אַרבייטער-באַטאַליאָנען" (לאַסאַל)— און יודען פערפאָלגט מען נאָך! פרעגט זיך: אם לא עכשיו—אימתי? אויב די יודען-פראַגע איז נישט געלעזט געוואָרען אין אַזאַ גינסטיגער צייט, פערקעהרט, דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך איצט נאָך פערשטאַרקט,—צי זאָלען מיר נאָך איבערהויפט האָפען? צי זאָלען מיר נישט אָויף אייביג זיך אונטערשרייבען אונטער אחד-העס׳ס בע-קאַנטער אויספיהרונג, אַז אַפילו, ווען די גאַנצע וועלט וועט אָנגעפילט ווערען מיט יושר און ליעבע, וועט מען דאָך די יודען ווייטער האַסען?—

איך מיין, אַז אַזאַ אָנשויאונג איז נישט ריכטיג און בפרט דאַרף זיך אַ יודי-שער סאָציאָלאָג נישט אָבזאָגען, די פראַגע צו בעהאַנדלען. עס האַנדעלט זיך, סוף כל סוף, פאַר אונז נישט וועגען אַ בלויז אַבסטראַקטען, מעטאַפיזישען ענין; דאָס איז אויך נישט קיין ערשיינונג פון דער נאַטור, וועלכע בלייבט דעם מענש פער-באָרגען אין איהר מהות. עס איז אַ געזעלשאַפטליכע פראַגע, עס איז די פראַגע פון אונזער צוזאַמענלעבען מיט די פעלקער, אַלזאָ אַ פראַגע, וואָס די געזעלשאַפט איז מחויב צו זוכען אויף איהר אַן ענטפער. דער פילאָזאָף העגעל האָט אַמאָל געזאָגט: „געגען דעם צושטאַנד אין דער נאַטור קאָן דער מענש נישט קעמפען, אָבער אין דער מענשליכער געזעלשאַפט נעהמט-אָן יעדע פראַגע די פאָרם פון רעכט אָדער אונרעכט געגען אַ גרופּע מענשען אָדער אַ קלאַס".

יאָ, עס האַנדעלט זיך פאַר אונז אין אונזער הייליגסטען מענשען-רעכט, אין זיין אָדער נישט-זיין—און זיין ווילען מיר פאָרט! אַזוי ווי מיר האָבען נישט אויפ-געהערט צו זוכען אַ לעזונג פאַר דער סאָציאַלער פראַגע, נישט קוקענדיג אויף דעם, וואָס מ׳האָט טויזענדער יאָהרען פאַר איהר קיין לעזונג נישט געפונען, אַזוי דאַרפען מיר נישט אויפהערען צו זוכען אַ לעזונג, אָדער לפחות אַן ערקלערונג פאַר׳ן אַנטי-סעמיטיזם. אַזוי ווי די סאָציאַלע פראַגע איז נישט צו יעדער צייט דיזעלבע, און יעדע צייט האָט איהר סאָציאַלע פראַגע, און יעדע צייט זוכט אַנדערע מיטלען, זי צו לעזען,—אַזוי ענדערט זיך אויך דאָס וועזען פון אַנטיסעמיטיזם. דער איצטיגער אַנטיסעמיטיזם איז אַ גאַנץ אַנדערער און מיר מוזען איצט זוכען נייע, מעהר מאָ-דערנע מיטלען פאַר זיין לעזונג.

די מלחמה האָט פערשאַרפט אונזערע חושים פאַר סאָציאַלע ערשיינונגען, מיר האָבען טויזענדער זאַכען „אומגעלערנט", מיר שטעהען איצט אויפ׳ן וועג פון נייע לעבענס-פאָרמען און גאַנץ אַנדערע פערהעלטנישען אין אַלע לענדער. מיר מוזען דע-ריבער אויך אויפ׳ן געביט פון אַנטיסעמיטיזם אויפ׳ס ניי זוכען צו ערפאָרשען זיין וועזען—אַלץ, וואָס מיר האָבען ביז אַהער אויף דעם דאָזיגען געביט געלערנט, איז שוין איצט פער־עלטערט. יעדער יוד איז מחויב זיך צו בעמיהען צו פערשטעהן, ווי ווייט עס איז מעגליך, די בעציהונגען פון די פעלקער צו איהם. פון דעם, י דער

יוד בעציהט זיך צו. דער פראַגע פון אַנטיסעמיטיזם, איז אויך אָבהענגיג זיין בעציהונג צום יודענטום, זיין פּאָליטישע געזינונג, זיין וועלט-אָנשויאונג, צום טייל אויך זיין גורל אַלס מענש און יוד.

---

I

# פּאַלשע וועגען.

פאַרוואָס האַסט מען די יודען שוין עטליכע טויזענד יאָהר אין אַלע לענדער?

אמת, אונזערע שונאים זענען מייסטענס שאַרלאַטאַנעס, וואָס בענוצען זיך מיט דער פיינדשאַפט צו אונז צוליעב נידערטרעכטיגע, פּאָליטישע אָדער פּערזענליכע סבות. זיי ווערען מייסטענס געפיהרט פון בלינדע, מאוס'ע און ווילדע אינסטינקטען. עס זענען דאָך אָבער אויך צווישען אונזערע שונאים פאַרהאַן איידעלע און קלוגע מענשען. און נאָכמעהר: צו אונזערע שונאים קאָנען מיר אויך צוצעהלען עטליכע פון די בעדייטענדסטע מענשען פון אַלע צייטען—ווי, למשל, שאָפּענהויער, ריכאַרד וואַגנער א. א.

נאָך מערקווירדיגער איז פאר אונז דאָס, וואָס דער אַנטיסעמיטיזם (מיר מיינען נישט דעם וואולגאַרען אַנטיסעמיטיזם פון דעם מין: „קויפט נישט אין אַ יודיש געשעלבעל") איז ביי אַ טייל מענשען דוקא פערבונדען מיט אַ בעשטימטען אַריסטאָקראַטישען און עסטעטישען געפיהל, וואָס פּאַרט זיך אַזוי גוט מיט'ן געפיהל פון אָבנויגונג צו יודען.

וואָס איז די סבה פון אַזאַ מערקווירדיגער ערשיינונג?

מען וואָלט בעשטימט געקאָנט מיינען, אַז אונזערע שונאים וועלען אונז געבען אַ קלאָרע תשובה אויף דער פראַגע. נאָר אויך ביי אונזערע שונאים געפינען מיר נישט קיין בעגרינדעטע ערקלערונג.

וואָס האָבען אונזערע שונאים אַלץ נישט געזאָגט און געשריבען איבער זייער האַס צו אונז? וואָס פאַר אַ משונה'דיגע, ווילדע בלבולים, וואָס פאַר אַ מאָדנע פער'פּלפּול'טע טעאָריעס האָבען זיי נישט אויפגעבויט, כדי צו בעגרינדען זייער שנאה צו אונז, שוין נישט רעדענדיג פון די בעריהמטע מיטעלאַלטערליכע בעשולדיגונגען, אַז מיר האָבען געשענדעט קריסטליכע הייליגטימער, פערגיפטעט די ברונעמס, פערגאָסען בלוט פון אונשולדיגע קליינע קינדער א. א. וו., וואָס די האָהר אויפ'ן קאָפּ שטעלען זיך אויף, הערענדיג זיי. דערמאָהנען מיר נור עטליכע פון די בעקאַנטסטע פאָרוואורפען אין דער נייסטער צייט: מען האָט אונז געהאַסט פאַר אונזער גאוה, פאַר אונזער דערוויטערן-זיך אַריסטאָקראַטיש פון אַלע פעלקער (פיכטע) און מען האָט אונז געהאַסט דערפאַר, וואָס מיר מישען זיך אויס מיט די פעלקער און נעהמען-אָן זייער קולטור, וואָס מיר קריכען (כלומר'שט אַריין אין אַ פרעמדער סביבה; מען האָט אונז געהאַסט דערפאַר, וואָס מיר האָבען כלומר'שט געקרייציגט דעם נוצרי, וואָס מיר האָבען נישט געהאַט קיין שום רעליגיעזע אָדער מענשליך-אינערליכע בעציהונג צו דער גרויסער ערשיינונג פון קריסטענטום און זענען דעם קריסטענטום גייסטיג געבליבען אינגאַנצען פרעמד (טשעמבערלען), און מען האָט אונז געהאַסט דוקא דערפאַר, וואָס מיר האָבען געשאַפען דאָס קריסטענטום און דערמיט „פערגיפטעט" די גאַנצע מענשהייט (דיהרינג, צום טייל אויך ניטשע); מען האָט אונז געהאַסט אַלס ענערגיש, שטאַנדהאַפטען און אויסהאַלטעוודיג פאָלק, וואָס איז גייסטיג מעהר בעגאַבט פון אַלע פעלקער, אַזוי אַז די פעלקער קאָנען מיט איהם נישט קאָנקורירען, און מען האָט אונז געהאַסט אַלס מינדערוועריטיג, קליין, שוואַך, עלענד און אַראָבגעקומען פאָלק פון דעגענעראַ-

טען; מען האָט אונז געהאַסט פאַר אונזער איבערטריבענעם אידעאַליזם, ווייל מיר זענען שטענדיג ווייבליך-ראָמאַנטיש, פער׳חלומ׳ט, פערבענקט און האָבען „ביים גאַנ־צען שאַרפזין קיין חוש נישט פאַר דער ווירקליכקייט״ (שמאָלער, פירקאַנד), און מען האָט אונז געהאַסט אַלס פאָלק פון מאַטעריאַליסטען, וואָס שטעקט צוזאַמען מיט זיין ת״ז נור אין גשמיות, און האָט קיין שום בעציהונג נישט צו די העכסטע אידעאַלען (שאָפּענהויער, טשעמבערלען א. א.); מען האָט אונז געהאַסט, ווייל מיר זענען פערזונקען אין רעליגיע, פאַנאַטיש, און מען האָט אונז געהאַסט דערפאַר, וואָס מיר זענען אפיקורסים און האָבען אינגאַנצען קיין רעליגיע נישט; מען האָט אונז געהאַסט, ווייל מיר זענען קאָנסערוואַטיו, שונאים פון ליכט און פאָרטשריט, און מען האָט אונז געהאַסט דוקא דערפאַר, וואָס מיר זענען כלומר׳שט שטענדיג לינקע, ראַדיקאַלע רעוואָלוציאָנערען און צושטערער; מען האָט אונז געהאַסט דערפאַר, ווייל מיר און אונזער תורה, תלמוד, שלחן-ערוך זענען אינגאַנצען אונמאָראַליש, און מען האָט אונז געהאַסט דערפאַר, וואָס מיר האָבען חרוב געמאַכט די יסודות פון נאַטירליכען, שענעם, געזונטען לעבען דורך אַ שטרענגער, לאַנגווייליגער אָדער קראַנקהאַפט-ווייכער „מאָראַלין״ (ניטשע א. א.).

דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך שטענדיג צוגעפּאַסט צום גייסט פון דער צייט יעדער וויסענשאַפטליכער פאָרטשריט, יעדע נייע סאָציאַלע אָדער רעליגיעזע בעוועגונג איז שטענדיג אויסגענוצט געוואָרען צו אַנטיסעמיטישע צוועקען. קוים איז נור ענטשטאַנען די לעהרע פון די ראַסען (זי האָט נאָך אפילו ביז איצט נישט קיין פעסטע יסודות) און שוין האָט מען געפונען, אַז אונזער ראַסע איז אַנ׳אַנדערע, אַ נידעריגערע, ווי די פון די איבריגע פעלקער, אַזוי אַז עס איז אַ מצוה, אונז אויסצוראָטען, כדי די העכערע ראַסען זאָלען הערשען; קוים האָט נור אויסגעבראָכען די וועלט-מלחמה, האָט מען באַלד געפונען, אַז נור מיר, יודען, זענען שולדיג אין דער קאַטאַסטראָפע; קוים איז נור ענטשטאַנען דער באָלשעוויזם, האָט עס באַלד אין גאַנצער וועלט געהילכט, אַז אַלע יודען זענען באָלשעוויקעס, אָדער אַלע באָלשעוויקעס זענען יודען.

עס פערשטעהט זיך, אַז די אַלע אנטקעגענגעזעצטע פאָרוואורפען קאָנען קיין יסוד נישט האָבען. עס איז פון זיי נור צו זעהן, אַז אונזערע שונאים זוכען אַנ׳ערקלערונג פאַר זייערע ווילדע אינסטינקטען און קאָנען זי נישט געפינען.

אונזערע שונאים, הייסט עס, געפינען נישט קיין אויסגעהאַלטענעם, איינהייטליכען ענטפער אויפ׳ן אַנטיסעמיטיזם—ווי-זשע זאָלען מיר איהם געפינען?

ווענדט מען זיך צו דער וויסענש[illegible] און מ׳זוכט דאָרט אַ זאַכליכע ערקלערונג. אָבער קיין אָביעקטיווע וויסענשאַפט [illegible] די בעציהונגען צו יודען איז כמעט נישטאָ. אויך דער וויסענשאַפטליכער [illegible] איז אויף דעם געביט פערנעבעלט פון אינסטינקטען און הערט נור דעם קול פון זיין בלוט. פון דער אידעאַליסטישער זייט חקרנ׳ט מען זיך כסדר איבער אונזער רעליגיע, איבער אונזער פסיכיק, און די מאַטעריאַליסטען ווידער רעדען וועגען אונזער ראַסע, עקאָנאָמישע בעדינגונגען א. א. וו. די ראַסען-[illegible]קער פרובען בעגרינדען דעם אַנטיסעמיטיזם כלומר׳שט אויף אַ נאַטור-וויסענשאַפטליכען יסוד. אַזוי רעדט מען היינט אין דער כלומר׳שטער וויסענשאַפט פון דער יודיש-חת׳ישער (פון בני-חת) נאָז, וואָס קוקט נישט גראַד אָדער אַרויף („אַ סימן פון שטאָלץ, העלדישקייט און מוטה״), [illegible] די נאָז פון די אַריער; פון די יודישע אויגען, וואָס „פערמאָגען נישט די [illegible] פון הימעל״ („אַ סימן פון גערמאַנישער סרייהייט״), נאָר „דאָס בעזונדערע [illegible] פון דער ערד״ (טשעמבערלען). די הויפט-ראָליע שפּיעלט אין די אַלע אָבהאַנ[illegible] [illegible]ן דער געבוי [illegible] יודי-

שען קאָפּ, דער שאַרבען, וועלכער איז קורץ אין געגענזאַץ צו דעם לאַנגען שאַרבען, וועלכען מען געפינט ביי די גערמאַנען. אַלעס גרויסע, וואָס איז נור אַמאָל אין דער וועלט געשאַפען געוואָרען, שטאַמט, לויט דעם רוב פון די דאָזיגע טעאָריעס, נור פון די גערמאַנען. נישט נור ישו הנוצרי און דאַנטע זענען געווען גערמאַנען, נאָר אַפּילו רעמסס II, דער מלך פון מצרים!

ז׳איז נישט כדאי זיך לאַנג אָבצושטעלען אויף די שגעונות. אַ גאַנצע רייהע גרויסע געלעהרטע אויפ׳ן געביט פון אַנטראָפּאָלאָגיע און ראַסען-פאָרשונג האָט נאָכגעוויזען, אַז די אַלע רייד זענען בלויז שפּינוועבס פון דילעטאַנטען, אַז קיין פעסטע, אייביגע ראַסען זענען אפשר בכלל נישטאָ, אַז ראַסען ענטשטעהען געשיכטליך דורך די בעדינגונגען פון לעבען, פון דער סביבה, קלימאַט, עקאָנאָמישע פערהעלטנישען א. א. וו. און בפרט קאָן, לויט אַלע סמנים, קיין רייד נישט זיין פון אַ בעזונדער סעמיטישער אָדער גאָר יודישער ראַסע (פאָן-לושאַן). אַ גאַנצע רייהע וועלט-בעריהמטע גאונים, דערונטער אויך דער פילאָזאָף קאַנט, האָבען געהאַט דוקא קורצע שאַרבענס.

אַ סך גרויסע מענשען פון אונזער צייט האָבען פשוט חוזק געמאַכט פון די ווילדע ראַסען-השערות און זיי אינגאַנצען אויסגעלאַכט.

עס איז בעקאַנט דער אַפאָריזם פון פרידריך ניטשע: „אַ וואָרנונג: נישט אומצוגעהן מיט מענשען, וועלכע גלויבען אין דעם ראַסען-שווינדעל". און דער בעריהמטער יוריסט איהערינג האָט אַמאָל געזאָגט, אַז „ווען מען וואָלט די פעלקער פערטוישט אין זייער וויעגעל, וואָלטען די אַריער געווען סעמיטען, און די סעמיטען — אַריער".

ווען עס וואָלט אַפּילו יאָ בעשטאַנען אַזוינס, וואָס מ׳רופט „בעזונדערע ראַסע" — ווי שווער וואָלט עס געווען, אַזעלכע נאַטור-וויסענשאַפטליכע בעגריפען איבערצוטראָגען אויף גייסטיגע ענינים, ווי שווער וואָלט עס געווען צו געפינען אַ צוזאַמענהאַנג צווישען דעם בוי פון שאַרבען, צווישען האָהר און נעגעל און די גייסטיגע, מאָראַלישע שאַפונגען; ווי שווער וואָלט געווען צו ערקלערען די שנאה צו אַ פאָלק — אַ גייסטיגע ערשיינונג — צוליעב זיין פיזישען כאַראַקטער. ווי שווער עס איז בכלל צו געפינען אַ צוזאַמענהאַנג צווישען גייסט און קערפּער, ווייסט יעדער מענש, וועלכער האָט זיך נור אַ ביסעל בעשעפטיגט מיט פילאָזאָפיע אָדער פּסיכאָלאָגיע.

דערוויטערן מיר זיך אָבער פון די אַלע מאַשען-שפּילערישע קונסט-שטיק און ווענדען זיך צו דער סאָציאָלאָגיע, קומען מיר אויך נישט קיין סך וויטער. דער סאָציאַליזם חזר׳ט אונז מייסטענס איבער די כלומר׳שט היסטאָריש-מאַטעריאַליסטישע מיינונג, אַז נור די עקאָנאָמישע בעדינגונגען זענען שולדיג אין אונזער גורל. מיר דערמאָהנען די אַלע טעאָריעס נור דרך-אגב און קאָנען זיך דאָ נישט אַריינלאָזען אין גרויסע חקירות איבער׳ן עצם מהות פון היסטאָרישען מאַטעריאַליזם, נור דאָס איז פאַר מענשען מיט אַ ביסעל פילאָזאָפישע ידיעות זיכער: די עקאָנאָמישע בעדינגונגען שאַפען נישט די שנאה, זיי ווערען פיעל מעהר געשאַפען דורך דער שנאה אָדער צוזאַמען מיט דער שנאה. די שנאה איז איינע פון די פאָרמען, אין וועלכע דאָס עקאָנאָמישע לעבען פאָרמירט זיך. ווען עס ענטשטעהען „ספּעציעלע" עקאָנאָמישע „בעדינגונגען", קאָן דורך זיי שפּעטער די שנאה פערגרעסערט ווערען — די עקאָנאָמישע בעדינגונגען קאָנען אָבער נישט שאַפען אַ נייע גייסטיגע ערשיינונג. דורך די עקאָנאָמישע בעדינגונגען לאָזט זיך אויך נישט ערקלערען אַ ספּעציעלע אַרט שנאה, ווען מיר רעדען פון „ספּעציעלע" עקאָנאָמישע „בעדינגונגען", ענטהאַלטען שוין די דאָזיגע בעדינגונגען אין זיך אויך די שנאה.

פון קאַרל מאַרקס אַליין איז גאָר נישטאָ וואָס צו ריידען: ער האָט פערטרע־טען די מיינונג, אַז דאָס יודענטום בעשטעהט נור אויף וואוכער און ווען עס וועט אונטערגעהן דער קאַפּיטאַליזם מיט'ן וואוכער, וועט אויך אונטערגעהן דער אַנטיסע־מיטיזם צוזאַמען מיט'ן יודענטום („צור יודענפראַגע, נאכלאַס", באַנד I ז. 426). אַ פיינע טרייסט פאַר אונז! מיט וויסענשאַפט האָט די מיינונג אָבער וועניג צו טהון, הגם זאָמבאַרט האָט זיך אָן דער מיינונג אָנגעהאַפּט און אויף איהר יסוד אָנגעשרי־בען אַ גרויס אַנטיסעמיטיש בוך

בלאָנדזשענדיג אַזוי און נישט געפינענדיג קיין ענטפער אויף אונזער פראַגע, קומען מיר אָפט צו די מערקווירדיגסטע בעשלוסען. אַ טייל פון אונז קומט צום טאָן פון „אתה בחרתנו": מען האָט אונז פיינט דערפאַר, ווייל מיר שטעהען העכער פון אַלע פעלקער. די פעלקער קאָנען אונז נישט בעגרייפען און זייער שנאה צו אונז איז די שנאה פון קליינע מענשען צו אַלץ, וואָס איז גרויס און דערהויבען. ווי פאַלש און נישט־מאָראַליש עס איז אויך אַזאַ אָנשויאונג, איז זי דאָך אין איהרע ווירקונגען נישט אַזוי שעדליך. אַלע גרויסע פעלקער, ווי, למשל, די גריכען, רוימער און אין אונזער צייט די ענגלענדער, פראַנצויזען און דייטשען האָבען בעצם געהאַט נישט קיין קלענערע מיינונג פון זייערע פעלקער און פון זייער קולטור־שליחות. „נור לומ־פען זענען בעשיידען"—פלעגט געטהע זאָגען. בעצם לעבט יעדעס פאָלק און וויל זיך דערהאַלטען אַלס פאָלק דערפאַר, ווייל עס גלויבט אין זיין בעזונדערן ווערטה. די רוימער האָבען, ווי בעקאַנט, אַראָבגעקוקט אויף די פרעמדע פעלקער, ווי אויף באַר־באַרען. אָבער אַזאַ אָנשויאונג, וועלכע איז געוויס נאַטירליך ביי אַנדערע פעלקער, ברענגט אין אונזער לעבען אַריין אַ גרויסע טראַגעדיע—די טראַגעדיע פון דער די־סטאַנץ—די דיסטאַנץ צווישען אונזער עלענד לעבען און אונזער ווערטה... מען מוז שוין זיין טיעף רעליגיעז, מען זאָל זיך קאָנען אַנ'עצה געבען מיט אַזאַ קאָנפליקט אין דער נשמה..

נאָך פיעל ערגער איז אָבער, ווען אַ טייל יודען קומט צו אַ פונקט להיפּכ'דיגען בעשלוס און זאָגט זיך: נישט בחנם האָבען דאָך עפּיס די פעלקער אונז אַזוי פיינט, מן הסתם שטעקט דאָך אין אונז געגוג שלעכטס.. אַזאַ אָנשויאונג האָט אונז אַפילו אָפט אויסגעלייטערט און געפיהרט צו אַ חשבון־הנפש; זי ברענגט אָבער דעם יוד מייסטענס צו פערצווייפלונג—איינער פון אונזערע געניאַלסטע יונגע מענשען (וויינינ־גער) איז דורך אַזאַ אָנשויאונג געקומען צו זעלבסט־מאָרד.

---

II.

# מלחמות.

מיר קאָנען דאָ נישט אַרומרעדען די אַלע בלבולים, פלפולים, בעשולדיגונגען און טעאָריעס בנוגע יודען. מיר האָבען בלויז געוואָלט ווייזען דעם לעזער דורך עטליכע פון די בעקאַנטסטע שלאָג־ווערטער, ווי ווייט אַלץ, וואָס מען האָט ביז אַהער געזאָגט און געשריבען איבער'ן אַנטיסעמיטיזם, בעפרידיגט נישט און פערלאַנגט אַ גרינדליכע רעוויזיע.

מיר ערלויבען זיך אַרויסצוזאָגען דעם געדאַנק, אַז דאָס גייסטיגע פּראָבלעם פון אַנטיסעמיטיזם וועט קאָנען געלעזט ווערען נור דאַן, ווען מיר וועלען פערשטעהן דעם מהות פון—מלחמות, ווי ס'זאָל נישט זיין, איז דאָך דער אַנטיסעמיטיזם נור אַ טייל

פון די גרויסע קאַמפּען און מלחמות, וואָס שפּיעלען זיך אָב צווישען די פעלקער. נאָר ווען מיר וועלען זיך אָבשטעלען אויף דער ערשיינונג, וועלען מיר קאָנען אָבוועגען און אויסמעסטען די געזעלשאַפטליכע כחות, דערקענען די בעציהונגען פון האַס און ליעבע, וואָס בויען און צושטערען דאָס לעבען פון די נאַציעס. אַ פאַרצייטיגער גריכישער דענקער האָט שוין אויפגעשטעלט דעם זאַץ, אַז „דער קריעג איז דער טאַטע פון אַלע זאַכען.“

שוין אין זייער מעטאָד זענען די סאָציאַלע וויסענשאַפטען אויפגעבויט אויפ'ן יסוד פון קאַמף און קאָנקורענץ צווישען יחידים, קלאַסען און פעלקער. לאָמיר פּרובען אויך די מלחמה אַוועקשטעלען אַלס יסוד פאַר דער ערקלערונג פון אַנטיסעמיטיזם

---

די מלחמה, ווען מיר וועלען אָבזעהן פון פילאָזאָפישע און עטישע ערקלערונגען און זי בעטראַכטען פון שטאַנדפּונקט פון פּאָזיטיווער סאָציאָלאָגיע, ציהט הויפּטזעכליך איהר יניקה פון דעם קאַמף פאַר'ן קיום.

מיר מיינען דאָ נישט בלויז דעם מאַטעריעלען קאַמף, וועלכען דאַרווין האָט געפונען ביי די חיות. מיר זענען ווייט פון דער אָנשויאונג, אַז די מענשליכע געזעלשאַפט [illegible] דער איינצעלנער מענש זענען אונטערטעניג בלויז די נאַטור-געזעצען; פערקעהרט. [illegible]ועצען, וועלכע דער מענש געפינט אין דער געזעלשאַפט און אין זיין גייסטיגען וועז[illegible]גט ער איבער אויף דער נאַטור, כדי בעסער צו פערשטעהן דורך זיי די ערשיינונגען פון לעבען. דער מענשליכער גייסט איז אונז קלאָרער, פערשטענדליכער, ווי די שטומע נאַטור—מיר פערשטעהען די נאַטור דורכ'ן גייסט און נישט דעם גייסט דורך דער נאַטור. דער קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ איז אַ גייסטיגער פּרינציפּ. עס איז בעקאַנט, אַז די לעהרע פון קאַמף פאַר'ן קיום איז ענטשטאַנען אין די סאָציאַל-וויסענשאַפטען נאָך פריהער, ווי אין די נאַטור-וויסענשאַפטען (דורכ'ן גלח מאַלטוס).

ווי פּאָפּולער עס איז דאָס שלאָג-וואָרט פון קאַמף פאַר'ן קיום, פערגעסט מען אָבער וועגען דעם, ווען מען רעדט פון מלחמה. די מאַסע ערקלערט זיך געוועהנליך די מלחמה דורך דער שולד פון מאָנאַרכען, פּרעזידענטען, גענעראַ[illegible]ען—אָט זיי, די גרויסע לייט, האָבען דאָס די וועלט חרוב געמאַכט. וויפיעל טינט איז פערגאָסען געוואָרען, וויפיעל ענערגיע איז פערוועגדט געוואָרען אין משך פון דער לעצטער מלחמה איבער אַזעלכע נאַרישע שאלות און ווכוחים, ווי, למשל: ווער איז שולדיג אין דער מלחמה? ווער האָט באמת אָנגעהויבען די מלחמה? א. אַ. וו. די פראַנצויזען האָבען די גאַנצע צייט בעשולדיגט נור די דייטשען, די דייטשען ווידער האָבען בעשולדיגט מייסטענס ענגלאַנד, און יעדער צד האָט געגלויבט, אַז ער איז גערעכט. עס האָט אַ פּנים, ווי די מלחמה וואָלט בכלל געווען אַן ערשיינונג, וואָס איז אָבהענגיג פון'ם ווילען פון איינצעלנע מענשען, פון זייער גוטסקייט אָדער שלעכטסקייט, און איז נישט קיין אייביגע ערשיינונג אין לעבען פון די פעלקער, וואָס בעשטעהט אויך אין פריעדענס-צייטען דורך קאָנקורענץ און בעוואָפנונג. אַפילו די סאָציאַליסטען, וואָס האָבען כלומר'שט אַ סאָציאַל-פילאָזאָפישע שיטה איבער דעם אויסברוך פון מלחמות, האָבען זיך אויך די גאַנצע לעצטע יאָהרען אַרומגעקריעגט איבער דער „שולד-פראַגע“—שוין דערפאַר אַליין, וואָס זייער קאַרל מאַרקס האָט אַמאָל ערלויבט דעם פערטיידיגונגס-קריעג. זיי האָבען בעשולדיגט דעם קאַפּיטאַליזם, אָדער—אַזוי לאַנג ווי זיי זענען געווען אין דער מינדערהייט און ווייט פון רעגירונגס-טיש—די רעגירונגען. זענען די סאָציאַליסטען אָבער געווען בעטייליגט אין דער רעגירונג, האָבען זיי זיך געמוזט ענטשליסען אויף אַלע גרויזאַמקייטען פון דער מלחמה, ווי אַלע אַנדערע פּאַרטייען.

עס איז פאַר אונז קיין ספק נישט, אַז די אַלע ווכוחים איבער דער שולד פון

דער מלחמה זענען בעצם פאַלש. מיר אַלע מענשען, יונג און אַלט, זענען שולדיג אין דער מלחמה, וועלכע פליסט אַרויס פון אונזער געזעלשאַפטליכען קיום. אַזוי איז עס שוין אין דער מענשליכער געזעלשאַפט, אַז ווען יעדערער פון אונז האָט אַפילו געשטרעבט מיט'ן גאַנצען האַרצען צום איידעלסטען, בעסטען און העכסטען, צו קולטור, יושר און שלום—האָבען מיר אַלע צוזאַמען דאָך געשאַפען די שרעקליכע מלחמה ברענגט די בעדייטענדסטע אָנפיהרער פון דער וועלט־מלחמה, און זיי וועלען א־ין אַלע זאָגען, אַז זיי האָבען די מלחמה בשום אופן נישט געוואָלט אַרויסרופען, נאָר זיי זענען דערצו געצוואונגען געוואָרען דורך די פערהעלטנישען. „גויט קען נישט קיין געבאָט"—האָט בעטמאַן־האָלוועג זיך פערטיידיגט, און ער איז געווען גערעכט. יעדע מענשליכע טהאַט ברענגט מיט זיך עפּיס, וואָס דער מענש האָט געוואָלט, און עפּ־ס, וואָס איז ווי געוואָרען אָהן זיין ווילען, אָדער גאָר—געגען זיין ווילען. ווען די געזעלשאַפט שטרעבט צו איהרע העכסטע אידעאַלען און פיהרט־איין די גרעסטע סאָציאַלע רעפאָרמען, שאַפט זי צוגלייך דערמיט אויך פיעל נישט־געוואָלטע שלעכטע ערשיינונגען און, להיפך, פון שלעכטסטען, פון מאָרד, מלחמה—ווערט אָפט געשאַפען עפּיס גוטס. וויפיעל אומגליק בריינגען דער מענשהייט די רעוואָלוציעס, וואָס שטרעבען דוקא צום בעסטען פאַר'ן מענשען! צושטערענדיג דאָס שלעכטע, צושטערען זיי אויך פיעל גוטעס. „דאָס, וואָס דאַרף דערהאַלטען ווערען אין לעבען, און דאָס, וואָס דאַרף אונטערגעהן, איז דאָך אַזוי שטרענג מיט איינאַנדער פערבונדען" (אַמיעל).

עס איז שוין אַ גרונד־געדאַנק פון קאַנט'ן אָן, אַז אַ טייל פון לעבען איז אונז „געגעבען" און אַ טייל ווערט פון אונז געשאַפען. געוויס, אונזער אויפגאַבע איז איבער'צושאַפען דאָס געגעבענע; די אויפגאַבע שטויסט זיך אָבער שטענדיג אָן אויף אַ ווידערשטאַנד מצד דעם, וואָס קומט נישט פון אונז... „עס איז דאָ עפּיס אין אונז, וואָס איז איבער אונז" (העגעל).

שטרעבענדיג צו אַ גערעכטער רעוואָלוציע, שאַפט די מענשהייט שטענדיג עפּעס אַזוינס, וואָס זי האָט אין איהר אידעאַל נישט געקאָנט זעהן. דאָס איז געווען דער גורל פון אַלע אוטאָפּיעס. דער שכל טהוט נור אַ טייל, דאָס לעבען בעזאָרגט די אַנדערע העלפט.

טויזענדער יאָהרען האָבען מיר אַלע געבויט דאָס לעבען פון דער געזעלשאַפט. געצאָהלט פּאָדאַטקעס, געדיענט אין מיליטער, געזוכט אונזער גליק,—און ממילא געשאַפען אויך מלחמות. די גאַנצע ביז־אַהעריגע געזעלשאַפט, מיט איהר ציוויליזאַציע און קולטור איז אויפגעבויט אויפ'ן יסוד פון מיליטער און מלחמות, און יעדער פון אונז, ציוויליזירטע מענשען, האָט אין דעם זיין חלק.

דער ענגלישער אַרבייטער בעקומט אַ לוין, וואָס איז הונדערטער מאָל העכער פון דעם לוין פון אַ כינעזישען קולי, פיעל העכער אויך פון דעם לוין פון אַ פוילישען אַרבייטער, ווייל ער געניסט פון ענגלאַנד'ס פלאָט און הערשאַפט איבער די ימים, פון גינסטיגע האַנדעלס־אָבמאַכונגען א. אַ. וו., דורך וועלכע ענגלאַנד קאָן אויסנוצען די ווייטסטע לענדער און פערטיילען צווישען איהרע בירגער זייערע פראָדוקטען. עס איז געוויס אמת, ווען די סאָציאַליסטען זאָגען, אַז דער קאַפּיטאַליסט געניסט פון דער מלחמה. עס איז אָבער נישט אמת, אַז דער אַרבייטער האָט פון דער מלחמה גאָר קיין פערדיענסט נישט.

.III

# קאַמף און געגענזייטיגע הילף.

די רעליגיעזע אַנשויאונג, וועלכע זעהט אין דער מלחמה די שולד פון דער גאַנצער זינדיגער מענשהייט, האָט, לויט אונזער אויפפאַסונג, אין זיך אַ טיעפען קערן. אין אַ בעשטימטער מאָס האָט טאָלסטאָי אפשר רעכט געהאַט, ווען ער האָט גע'טענה'ט, אַז די מלחמה און אַלע סאָציאַלע אונגערעכטיגקייטען אין דער וועלט האָבען זייער שורש אין די זינד פונ'ם ציוויליזאַציע-מענש; אַז נור ווען מיר וועלען לעבען ווי פּשוט'ע פּויערים און זיך אָבזאָגען פון אַלע „איבערפליסיגע" גיטער, פון אַלע ציוויליזאַציע-רייכטימער, וועלען מיר קאָנען דורכקומען אָהן קנעכטשאַפט און אָהן מלחמות. אָבער אַלס אַנ'עכטער רוס האָט טאָלסטאָי נישט געזעהן דעם אָבגרונד צווישען אידעאַל און ווירקליכקייט. ער האָט נישט געזעהן דעם גאָט, וועלכער שטעהט הינטער דער מענשליכער געשיכטע. דעם גרויסען רוסישען „מוזשיק" האָט זיך געדאַכט, אַז דער מענש דאַרף נור אַ קליין ביסעל וועלען און די אַלע רעזולטאַטען פון אַ פיעל טויזענד-יעהריגער געשיכטע וועלען איבער-נאַכט בטל ומבוטל ווערען, און דאָס „מלכות השמים" וועט זיך אויף אייביג בעזעצען אין אונזער „עמק השפל".

אַלס תלמיד פון רוסאָ, האָט ער בלויז געזעהן די מענשליכע גוטסקייט. אַלס מזרח-קריסט האָט ער נור געזעהן דעם כח פון ליעבע, וואָס פילט-אָן די וועלט. דאָס שלעכטע איז ביי איהם נישט געווען אַ רעאַלע מאַכט אין וועלט-בנין, נור אַ פיקציע. פון זיין רבי שאָפּענהויער האָט ער נור געלערנט, ווי גרויס עס איז די מאַכט פון רחמנות, ער האָט אָבער נישט געזעהן, ווי זיין רבי, די מאַכט פון שלעכטס און ווי ווייט דאָס גוטע איז מיט'ן שלעכטען פערבונדען, אַזוי אַז איינס קאָן נישט לעבען אָהן צווייטען („די וועלט איז געשאַפען געוואָרען מיט'ן מדת הדין און מדת הרחמים").

נישט פיעל האָט זיך אין הויפּט-פּרינציפּ דערווייטערט אַ צווייטער רוס, און דוקא איינער פון די, וועלכע האַלטען שטאָל און אייזען פון דער מענשליכער ציוויליזאַציע—פּעטער קראָפּאָטקין. דער בעקאַנטער אַנאַרכיסט פּרובט אונז ווייזען אין איינעם פון זיינע ווערק*), אַז דער כח, וועלכער דערהאַלט די מענשליכע געזעלשאַפט, איז נישט דער קאַמף פאַר'ן קיום, נאָר דוקא די „געגענזייטיגע הילף"—דאָס, וואָס די מיטגליעדער פון דער געזעלשאַפט העלפען זיך געגענזייטיג אין זייער קאַמף מיט די האַרטע בעדינגונגען פון דער נאַטור. דורך טויזענדער משלים, אָנהויבענדיג פון לעבען פון די קלענסטע אינזעקטען און ווערים, ביז אַרויף צום מאָדערנעם קולטור-מענש, ווייזט ער אונז דעם כח פון דער געגענזייטיגער הילף, וואָס איז איינגעפלאַנצט פון דער נאַטור ביי אַלע בעשעפעניש. קראָפּאָטקין האָט געוויס רעכט און מיר קאָנען קיין איין מינוט נישט צווייפלען אין דעם, וואָס פאַר אַ גרויסע בעדייטונג עס האָט אין דער געשיכטע און געזעלשאַפט די „געגענזייטיגע הילף". די געזעלשאַפט וואָלט אפשר נישט געקאָנט קיין איינציגען טאָג בעשטעהן, ווען די מענשען וואָלטען זיך נישט געהאָלפען. פון אַ ציוויליזאַציע אָדער קולטור איז גאָר נישטאָ צו רעדען—דערצו וואָלטען מיר אודאי נישט געקומען. קראָפּאָטקינ'ען איז אָבער בשום אופן נישט געלונגען

*) „Mutual aid ais a factor of Evolation", London 1906.

צו דערווייזען, אַז אין דער נאַטור הערשט בלויז די געגענזייטיגע הילף און נישט אויך צוגלייך דער קאַמף. ער האָט אויך נישט געזעהן די רעאַלע מאַכט פון בייזען, און זיין פעהלער איז נאָך גרעסער ווי טאָלסטאָי׳ס. וואָס מיר קאָנען מוחל זיין דעם רעליגיעזען טאָלסטאָי, קאָנען מיר בשום אופן נישט מוחל זיין דעם פּאָזיטיוויסט קראַפּאָטקין.

פיעל טיעפער האָט אַריינגעקוקט אין דעם וועזען פון דער געזעלשאַפט, הגם אויך איינזייטיג, דער גרעסטער געגנער פון טאָלסטאָי׳ס קריסטענטום, פרידריך ניטשע. ניטשע האָט געזעהן, אַז די מאַכט, וועלכע דערהויבט און ענטוויקעלט דאָס לעבען, איז דוקא דער קאַמף. ער האָט פון זיין רבי שאָפּענהויער נישט איבערגענומען „דאָס מיטלייד״, נור דוקא דאָס פערשטענדניש פאַר׳ן שלעכטען... פאַר׳ן קאַמף. מענשען קעמפפען אָבער נישט אין לעבען בלויז כדי צו לעבען, נור פאַר אַ בעזונדער אַרט לעבען. גלייכהייט און ברידערליכקייט ברייגען די מענשען אַראָב פון וועג, מאַכען זיי שוואַך—זיי זענען דער אונטערגאַנג פון דער געזעלשאַפט. די „העררען״ קעמפפען שטענדיג פאַר אַ שטאַרק אינטענסיוו לעבען, כדי העכער צו לעבען, ווי די אַנדערע—פאַר קולטור-ווערטען, פאַר ווערטען פון „העררען״ און נישט פאַר „גוטער״, לאַנגווייליגער „שקלאַפען-מאָראַל״. נאָר דער דאָזיגער קאַמף פון „העררען-פעלקער״ גיט דעם לעבען, דער געשיכטע און געזעלשאַפט זייער וועזענטליכען אינהאַלט.

אַזוי ווייט ווי מיר ווילען צוריקבליקען אין דער מענשליכער געשיכטע, ווע־לען מיר זעהן, אַז דאָס קולטור-לעבען איז שטענדיג געווען אויסגעפילט מיט קאַמף, קאַמף צווישען פאַמיליעס, שבטים, ראַסען, פעלקער—פאַר גאָט, פאַר הערשאַפט און קולטור. מען האָט נישט געקעמפט דערפאַר, כדי גלייך צו זיין, נאָר כדי מעהר צו זיין—כדי צו אונטערדריקען די אַנדערע און זיי צו בעהערשען.

אָבער אויך ניטשע האָט נור געזעהן איין זייט פון לעבען. ער האָט—אין געגענזאַץ צו די רוסען—געהאַט אין אויג נור דאָס ראַפינירטע לעבען פון מערב און נישט געזעהן דאָס פשטות פון לעבען. טאָלסטאָי און קראַפּאָטקין האָבען נישט געזעהן די מאַכט פון שטן, דאָס בייזע; ניטשע האָט נישט געזעהן גאָט, דאָס גוטע, די רעאַלע מאַכט פון גוטסקייט און ליעבע. דעם סינטעז פון ניטשע און טאָלסטאָי, הגם אויך רוסיש איבערטריבען, איז אפשר אַמקלאָרסטען צו געפינען ביי דאָסטאָיעווסקי׳ן, אין וועמענס נשמה דאָס גוטע און שלעכטע האָט זיך שטענדיג געראַנגעלט אויף טויט און לעבען. דאָסטאָיעווסקי האָט געוואַגט אָנצוקוקען דאָס דאָפּעלטע פנים פון לעבען: ער האָט אין אַלע זיינע ווערק געזעהן, ווי שטרענג פערבונדען עס זענען אין מענשען׳ס נשמה ליעבע און האַס, בויען און צושטערען, צער און פרייד, האָפנונג און פערצווייפלונג, שלעכטס און גוטס.

ווען מיר בעטראַכטען דאָס לעבען פון דער געזעלשאַפט, זעהען מיר, אַז האַס און ליעבע, עגאָאיזם און אַלטרואיזם, געגענזייטיגע הילף און קאַמף זענען שטענדיג אָבהענגיג פון איינאַנדער (זעה: זימעל, איינלייטונג אין די מאָראַל־וויסענשאַפטען, קאַפּיטעל II). מיר קומען צו גוטס דורך שלעכטס און צו שלעכטס דורך גוטס. אַזוי קאָן, למשל, דאָס גוטע לויט מאַרקס׳ן—די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפטס-אָרדנונג—נור קומען צו איהר הערשאַפט דורך שלעכטס, דורך אַ ביטערן קלאַסען-קאַמף און אַ מורא׳דיגען קאַפּיטאַליזם. וואָס ערגער-אַלץ בעסער איז שוין אַנ׳אַלטער סאָציאַליסטישער פרינציפּ.

שוין פיזיאָלאָגיש קאָן מען געפינען, אַז דער מענשליכער קערפּער ווערט צוזאַמענגעהאַלטען נור דורך אַ קאַמף. אפילו דאָס שטאַרקסטע געפיהל פון ליעבע—די ליעבע צום אַנדערן געשלעכט—איז אָפט, ווי בעקאַנט, פערבונדען מיט אַ בעשטימטער שנאה צו

דעם אייגענעם געשלעכט,—אַנ׳ערשיינונג, אויף וועלכער עס האָבען זיך שוין אָבגע שטעלט מעדיצינער און בעלעטריסטען. מיר האַסען מייסטענס המנ׳ען, ווייל מיר האָ- בען ליעב מרדכי׳ן, און פערקעהרט. די ליעבע צו דער אייגענער משפחה—געוויס אַ גוטע מידה—ברייגגט אונז אָפט דערצו, מיר זאָלען בע׳עולה׳ן אַנדערע מענשען.

אַזוי איז עס אויך אין דער געזעלשאַפט מיט דער ערשיינונג פון מלחמה.

די ליעבע צום אייגענעם פאָלק און צו זיינע קולטור-גיטער ברייגגט אונז אָפט צו האַסען אַנדערע פעלקער, וועלכע זענען שעדליך פאַר אונזער קולטור, און מיט זיי מלחמה צו האַלטען. מיר זוכען געוויס נישט דעם האַס, נאָר די ליעבע, מיר שאַפען אָבער שטענדיג דורך אונזער ווילען עפּיס געגען אונזער ווילען. ראַסקאָלניקאָוו האָט כלומר׳שט געוואָלט גליקליך מאַכען די מענשהייט און ער איז אַזוי געקומען אומצו- ברייגגען אַ פרוי. דוקא ווייל מיר ליעבען דאָס אייגענע פאָלק און זיינע גייסטיגע גיטער, האַסען מיר דאָס אַנדערע פאָלק און זיין „פערדאָרבענעם” גייסט, און דוקא דערפאַר, ווייל מיר האָבען פיינט דאָס אַנדערע פאָלק, פעראייניגען זיך מיט לייב און לעבען אַלע „זיהן פון אונזער פאָלק”, כדי צו קעמפען געגען אונזערע „שונאים”.

מיר האָבען עס אויך אין דער לעצטער צייט פון מלחמה געקאָנט זעהן, ווי שטאַרק עס איז געוואַקסען—דוקא דורך דער גרויזאַמער מלחמה—די געגענזייטיגע הילף אין דער געזעלשאַפט. אין קיין שום צייט אין דער מענשליכער געשיכטע איז אפשר נישט אַרויסגעוויזען געוואָרען אַזוי פיעל גוטס, איז נישט געזעהן געוואָרען אַזוי פיעל באַרימהאַרציגקייט, ווי אין דער צייט פון דער לעצטער מלחמה.

דעם קאַמף געפינען מיר שטענדיג אין דער געשיכטע, און דער דאָזיגער כח, וואָס האָט אַזוי פיעל צושמעטערט און צושטערט נאָך אויסען, אויסגעריסען מיט׳ן וואָרצעל גאַנצע פעלקער, מדינות און זייערע קולטורען, אָפט חרוב געמאַכט דעם גאַנצען ישוב—דערזעלבער כח האָט שטענדיג געבויט און געשאַפען דאָס לעבען אינע- ווייניג, דערהאַלטען און געשטאַרקט דאָס לעבען פון די פעלקער. אַזוי געפינען מיר אין דער געשיכטע, אַז די געגענזייטיגע הילף האָט שטענדיג געהערשט אינע- ווייניג: אין דער משפחה, אין שבט, אין קלאַס א. אַ. וו. און דער קאַמף איז שטענדיג געווען געווענדט נאָך אויסען: עס האָט מלחמה געהאַלטען אַ קלאַן מיט אַ קלאַן, אַ פאַמיליע מיט אַ פאַמיליע, אַ קלאַס מיט אַ קלאַס, אַ פאָלק מיט אַ פאָלק, אַ פערבאַנד פון פעלקער מיט אַ פערבאַנד פון פעלקער א. אַ. וו. דורך שנאה, דורך בעוואָפנונג און מלחמות זענען די פעלקער געקומען צו שטאַרקע אָרגאַניזאַציעס, צו שטאַטען, צו אייגענע קולטורען.

IV

# די בעדייטונג פון מלחמות.

בעטראַכטענדיג די געזעלשאַפט, קאָנען מיר זעהן, אַז דער קאַמף איז מעהר דער כח, וואָס בעוועגט די געשיכטע, בעת די „געגענזייטיגע הילף” דערהאַלט זי. אַזוי ווי די וועלט-געביידע דערהאַלט זיך און ענטוויקעלט זיך דורך די כחות פון צוציהונג און אָבשטויסונג, אַזוי בעוועגט זיך אויך דער סאָציאַלער בנין דורך קאַמף און געגענזייטיגער הילף, דורך האַס און ליעבע, ווי אַ גריכישער פילאָזאָף האָט עס שוין געזעהן פאַר טויזענדער יאָהרען. ווען עס וואָלט אין דער וועלט געהערשט

בלויז ליעבע, וואָלט זי אודאי נישט געקאָנט האָבען קיין קיום. דאָס איז אויך בע־שטימט די כונה פון מענדוויל׳ס בעריהמטען משל מי׳ט די ביהנען, וואָס האָט אין 17. יאָהרהונדערט אַרויסגערופען אַזוי פיעל אויפמערקזאַמקייט. מענדוויל שילדערט אין משל פון אַ ביהנשטאָק, ווי אַ געזעלשאַפט געהט אונטער, ווייל אַלע איהרע מיטגלידער זענען גוט און וואוילטעטיג, און ווי זי קומט דוקא צו בליהען, ווען אַלע זענען עגאָאיסטען.

בכלל האָבען מיר, זינט עס איז ענטשטאַנען די פּאָליטישע עקאָנאָמיע דורך אדאַם סמיט און זיינע תלמידים, זיך שוין צוגעוועהנט צום געדאַנק, אַז דער גאַנ־צער יסוד פון דער געזעלשאַפט, פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג, איז דער קאַמף פון יחידים און פעלקער—די קאָנקורענץ, צוליעב וועלכער די פעלקער דערגרייכען זייער העכסטע מדרגה. אויף דעם יסוד זענען געבויט אַלע סאָציאַלע וויסענשאַפטען.

אין דער לעצטער צייט האָט פראַנץ אָפּענהיימער בעוויזען, אַז דאָס לעבען איז געבויט אויף צוויי פּרינציפּען: אַנ׳עקאָנאָמישען—די גיטער, וואָס ווערען דורך די מאַסען אויסגעאַרבייט און געשאַפען (אפשר „די געגענזייטיגע הילף״), און אַ פּאָליטי־שען, וואָס איז געבויט אויף רויב—אויף דעם, וואָס קלאַסען בערייכערן זיך דורך מלחמות.

מיר לייקענען געוויס נישט דעם עקאָנאָמישען פאַקטאָר, די „געגענזייטיגע הילף״ און איהר בעדייטונג און פאַלען אויך נישט אַריין אין דעם אַנטקעגענגעזעצ־טען פעהלער פון פּעטער קראָפּאָטקין, צו זעהן אין דער וועלט בלויז קאַמף און מלחמות. מיר מוזען אָבער בעטאָנען די בעדייטונג פון מלחמה, אָהן וועלכער מיר קאָנען די געשיכטע נישט בעגרייפען. ביז איצט איז די מלחמה זיכער געווען דער וויכטיגסטער פאַקטאָר אין לעבען פון די פעלקער. מאַנכע געלעהרטע פאַסען-אויף די גאַנצע געשיכטע פון דער מענשהייט אַלס אַ געשיכטע פון מלחמות. דעם דייטשען אימפּעריאַליסט ראָהרבאַך איז עס געלונגען אָנצושרייבען די גאַנצע געשיכטע פון דער מענשהייט פון שטאַנדפּונקט פון דער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע פון די פעלקער. באמת זעהען מיר אין לויף פון דער גאַנצער געשיכטע, ווי אַלע פעלקער געפינען זיך שטענדיג אין אַ קאַמף מיט איינאַנדער. יעדע קולטור און ציוויליזאַציע איז געווען אויפגעבויט, געגרינדעט און דערהאַלטען אויפ׳ן יסוד פון מיליטער און מלחמה. די קולטור פון די גריכען האָט נור געקאָנט בעשטעהן און זיך ענטוויקלען דורך זייערע מיליטערישע נצחונות. ווען גריכענלאַנד איז געפאַלען, האָבען די רוימער ווידער געגרינדעט אַ נייע ציוויליזאַציע דורך פייער און שווערד. רוים איז אונטערגעגאַנ־גען, לויט דער מיינונג פון פיעל פאָרשער, ווייל איהר בעריהמטע מיליטערישע אָר־גאַניזאַציע איז שפּעטער, ווען זיי האָבען זיך צונויפגעמישט מיט אַנדערע פעלקער, געוואָרען הינטערשטעליג געגען די פרישע באַרבאַרישע כחות. פראַנקרייך האָט זיך פעראייניגט און איז געוואָרען אַ שטאַרקע מלוכה און אַ קולטור-לאַנד דורך איהרע מלחמות מיט די ענגלענדער. שפּאַניען האָט זיך ענטוויקעלט דורך איהר מלחמה מיט די מאַורען. די פעראייניגטע צפון-מלוכות פון אַמעריקא האָבען זיך ענטוויקעלט דורך פרייהייטס-מלחמות מיט ענגלאַנד. די שווייץ איז געוואָרען אַ דעמאָקראַטישע פרייהייטליכע רעפּובליק דורך איהרע מלחמות מיט די האַבסבורגער א. אַ. וו. וואָס פאַר אַ בעדייטונג וואָלט, למשל, יאַפּאַן און איהר קולטור געהאַט אין דער וועלט, ווען זי וואָלט נישט דורך איהר מיליטערישער אָרגאַניזאַציע און מלחמה אַריין צווי־שען די ציוויליזירטע נאַציעס? נאָר דורך מלחמות האָבען זיך די פּרימיטיווע פעל־קער מיט איינאַנדער בעקענט און זענען געקומען צו אַנ׳אויסטויש מיט זייערע פּראָ־דוקטען.

אין דער מינערוואַ פלעגט מען זעהן נישט בלויז די געטין פון מלחמה, נאָר אויך אַ קלוגע, שאַפענדיגע קראַפט, וועלכע בעניייט דאָס לעבען. די מלחמה-געטין איז צוגלייך געווען דער סימבאָל פון בליהענדע שטעדט און וואַקסענדע פעלדער. דער קריעג איז געווען די אידעאַלסטע בעשעפטיגונג פון די גריכען—אַלע גריכישע פילאָזאָפען פלעגען זיך בעציהען מיט גרויס אַכטונג צום קריעג. מלחמה און לעבען איז פאַר זיי אָפט געווען דאָסזעלבע.

דאָס רוימישע רעכט האָט, ווי בעקאַנט, אין געגענזאַץ צו אונזער מאָדערנעם רעכט, בעטראַכט די מלחמה אַלס דעם נאָרמאַלען רעכטליכען צושטאַנד צווישען די פעלקער, און דעם שלום דאַגעגען געהאַלטען פאַר אַ בעזונדערן, אויסנעהמליכען אָבמאַך. דער גאַנצער שטאָלץ פון דעם Civis romanus האָט זיך געשטיצט אויף דעם, וואָס די רוימער פלעגען זייערע בירגער און אַלע לענדער פערטיידיגען דורך מיליטערישער מאַכט. פון די גערמאַנען איז נישטאָ וואָס צו רעדען. זייער גאַנץ לעבען איז געווען אויפגעבויט נור אויף מלחמה. פאָלק און מיליטער זענען געווען דאָסזעלבע. דער גאַנצער ישוב, די פערטיילונג פון ערד איז אין מיטעלאַלטער געווען אויפגעבויט אויף אַ מיליטערישען יסוד. מען האָט דעמאָלט נור געקאָנט בעקומען ערד צום בעאַרבייטען פאַר מיליטער-דיענסט (לעהנ׳ס סיסטעם). די גאַנצע געזעלשאַפטליכע היעראַרכיע איז געווען געגרינדעט אויף מלחמה.

דורך מלחמות זענען ענטשטאַנען און האָבען זיך ענטוויקעלט כמעט אַלע רעליגיעס, אַלע געטער. די מייסטען געטער זענען געווען קריעגס-געטער. דער נצחון אין מלחמה איז געווען דער נצחון פון אַ גאָט און די מפלה אין מלחמה איז געווען זיין מפלה. דער קאָראַן האָט נור געקאָנט ענטשטעהן דורך דער מיליטערישער מאַכט פון די קאַליפען און סולטאַנען, וואָס האָבען איהם איינגעפיהרט מיט פייער און שווערד. שפּאַניען, פראַנקרייך, בייערן און עסטרייך האָבען דורך מיליטערישער מאַכט נישט דערלאָזט אין זייערע לענדער זיך ענטוויקלען די רעפאָרמאַציע. דאַגעגען האָט קראָמוועל נור דורך מיליטערישער מאַכט איינגעפיהרט די רעפאָרמאַציע אין ענגלאַנד. אויך ביי די שוועדען און צפון-דייטשען איז די רעפאָרמאַציע איינגעפיהרט געוואָרען מעהר דורך מיליטער, ווי דורך רעוואָלוציעס. אַלע פּוילישע אויפשטאַנדען זענען געווען פערבונדען מיט רעליגיעזע שטרעבונגען.

דורך מלחמות זענען ענטשטאַנען און האָבען זיך ענטוויקעלט אַלע מלוכות און דורך מלחמות זענען זיי אונטערגעגאַנגען (גומפּלאָוויץ און פראַנץ אָפּענהיימער). הויפּטזעכליך דורך מלחמות איז ענטשטאַנען דער קאַפּיטאַל און געקומען צו זיין הערשאַפט אין דער וועלט (דיהרינג און לעצטענס אויך זאָמבאַרט). דורך מלחמות האָבען זיך ענטוויקעלט דאָס רוב אָרגאַניזאַציעס און סאָציאַלע איינריכטונגען פון די פעלקער, זייערע אַלע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אָבמאַכונגען, אַלע בעציהונגען פון פעלקער צו אייגאַנדער. דורך מלחמות האָבען זיך ענטוויקעלט דאָס רוב מנהגים, געברויכען און אומגאַנגס-פאָרמען אין דער געזעלשאַפט (ספּענסער). אַלץ האָט געלעבט אין און פאַר דער מלחמה. דאָס גאַנצע לעבען איז שטענדיג געווען ווי דורכגענומען פון מלחמה-גייסט. פון דער מלחמה ציהט זיין יניקה אַ גרויסער טייל פון פּאָעזיע, מינעזאַנג און פאָלקס-ליעד, מוזיק און מאָלעריי. אַ גרויסער טייל פון אונזער שפראַך בעדיענט זיך מיט מיליטערישע אויסדרוקען א. אַ. וו. פון דער מלחמה ערנעהרען זיך די מייסטען אינסטינקטען פון דער געזעלשאַפט און פון יחידים.

אין דער מלחמה ליעגט אויך פערבאָרגען דער אינסטינקט פון אַנטיסעמיטיזם.

V

# יודען און מלחמה.

מיר קעהרען זיך אום צוריק צו אונזער פראַגע—צו יודען.

די מלחמה איז „אַ געזעץ" אין לעבען פון די פעלקער. מיר, יודען, שטעהען אויסער דעם געזעלשאַפטליכען געזעץ. דאָס לעבען פון דער געזעלשאַפט איז געבויט, ווי מיר האָבען געזעהן, אויף צוויי פּרינציפּען—אויף האַס און ליעבע, אויף „גע־גענזייטיגער הילף" און קאַמף: געגענזייטיגע הילף אינעווייניג און קאַמף געגען אויסען. דאָס לעבען האָט זיינע צוויי זייטען און קאָן נישט אַנדערש בעשטעהן.

מיר, יודען, לעבען בלויז מיט זיך, אינערליך, און האָבען אין קאַמף פון די פעלקער קיין שום חלק נישט. עס פעהלען אונז אויך די מייסטען אייגענשאַפטען, וואָס האָבען זיך ענטוויקעלט ביי די פעלקער צוליעב זייערע מלחמות—אייגענשאַפטען, זעהן וועלכע עס איז שווער צו לעבען אין דער געזעלשאַפט. מיר זענען אַן׳אויסנאַהם צווישען די פעלקער.

ווען מיר וועלען בעטראַכטען די געשיכטע, וועלען מיר געפינען אונזער בע־זונדערן, גאַנץ מערקווירדיגען גאַנג צווישען און דורך די פעלקער.

אין אונזער גוטער און גליקליכער יוגענד-צייט זענען אויך מיר געווען אַ מלחמה-פאָלק, ווי אַלע אַנדערע פעלקער. דער גייסט פון אונזערע הייליגע ספרים אָטעמט אומעטום מיט מלחמה, נקמה, קראַפט און הערליכקייט. די עלטסטע שטעלען פון אונזער תורה זענען מלחמה-ליעדער (די שירה פון דבורה, אז ישיר א. אַ.). ד׳ צבאות איז געווען דער נאָמען פון אונזער גאָט -ער האָט אַליין אָנגעפיהרט אונזערע מלחמות. אַלס אַ פאָלק פון בעזונדערע ווערטען האָבען די פעלקער מיט אונז געקעמפט און מיר מיט זיי—אַ „מלחמת מצוה". אונזער נאַטירליך געבאָט איז געווען „אויסצומעקען זייער נאָמען פון אונטער׳ן הימעל".

אין לויף פון אונזער געשיכטע איז געקומען אַ צייט, ווען די גרעסטע דעמאָל־דיגע איבערמאַכט, די רוימער, האָבען מיט אונז געקעמפט. עס האָט געקעמפט די רוימישע ציוויליזאַציע מיט דער יודישער קולטור. פאַר אונז איז נישט געווען קיין אַנדער אויסוועג: אָדער בעזיעגען אונזערע שונאים—אַן׳אונמעגליכע זאַך,—אָדער אויפ־געבען אונזער קולטור און אונטערגעהן אַלס פאָלק. דיביידע זאַכען זענען נישט געשעהן. מיר האָבען נישט געזיעגט, אָבער מיר האָבען אויך נישט אָנגענומען די פרעמדע קולטור, ווי דאָס געזעץ פון לעבען האָט געפאָדערט. און נישט בלויז, וואָס די איבער-מאַכט האָט אונז נישט בעזיעגט, נאָר מיר, בעזיעגטע, האָבען איבערגע־לעבט אונזערע זיעגער, און אונזער יודישער גאָט האָט איבערגעלעבט אַלע גריכישע און רוימישע געטער.

אָבער פאַר וועלכען פרייז זענען מיר דעמאָלט נצול געוואָרען פון אונטערגאַנג? מיר זענען געוואָרען אַן׳אַנדער פאָלק. אונזער קולטור האָבען מיר נישט אויפגעגעבען, מיר זענען אָבער אַנדערש געוואָרען אין אונזער אויפפאַסונג פון לעבען, אין אונ־זערע ווערטען.

עס איז נישט דאָ דער פּלאַץ צו ערקלערען, ווי עס איז געקומען אַזאַ אומ־וואַנדלונג אין לעבען פון אונזער פאָלק. גענוג, אַז דאָס יודישע פאָלק האָט דע־מאָלט אויפגעהערט צו זיין אַ מלחמה-פאָלק. דאָס יודישע פאָלק האָט אָנגעהויבען בויען זיין קיום אויף אידעאַלען, און נישט אויפ׳ן שווערד, ווי אַנדערע פעלקער. מיר האָבען דעמאָלט געשאַפען—אפשר אַלס שוואַכע, ווייל מיר האָבען נישט גע־

האָט קיין אַנדער ברירה, און לעבען האָט זיך פּאָרט געוואָלט—דעם אידעאַל פון פריעדען און ברידערליכקייט צווישען אַלע פעלקער, דעם אידעאַל פון משיח; מיר האָבען בעוויזען, אַז מען קאָן לעבען אָהן אַ לאַנד, אָהן מאַכט, מיט בלויז תורה און אידעאַלען; מיר האָבען געשאַפען אידעאַלען, וועלכע זענען געווען געגען דעם לויף פון דער וועלט, „געגען דער נאַטור"—אידעאַלען, וועלכע קיין שום פאָלק האָט נישט געקאָנט אָננעהמען, נישט קוקענדיג אויף דעם, וואָס דאָס קריסטענטום האָט זיך כלומר'שט צווישען זיי פערשפּרייט; אידעאַלען, מיט וועלכע עס איז געוויס שווער צו שטאַרבען און נאָך שווערער צו לעבען. דורך די דאָזיגע אידעאַלען (און ווייל מיר האָבען זיך ויפגעהערט צו קעמפען) זענען מיר נצול געוואָרען פון אונטערגאַנג—אָבער דורך דעם דאָזיגען שפּעטערדיגען טייל פון אונזער תורה זענען מיר צוגלייך געוואָרען פרעמדע און באָהעמיעס אין דער משפחה פון די פעלקער. אונזער לעבען האָט זיך אויפגעהערט בויען אויף די אַלגעמיינע סאָציאַלע געזעצען, אויפ'ן גלייכגעוויכט, וואָס עס שאַפט די מלחמה צווישען די פעלקער. אונזער לעבען שטיצט זיך אויף אַן „אינדיווידועל געזעץ"—אונזער מלכות איז נישט פון דער וועלט.

און אָט אין דעם דאָזיגען בעזונדערן, נישט־נאַטירליכען קיום אויף צו להכעיס אַלע פעלקער; אין דעם, וואָס מיר זענען געבליבען לעבען אויף צו־להכעיס דעם סאָציאַלען געזעץ; אין דעם, וואָס אונזערע שונאים איז נישט געלונגען אונז צו פערניכטען, ווי עס וואָלט געמוזט זיין; אין דעם, וואָס מיר האָבען אונז בעהאַלטען פאַר אונזער גורל—אין דעם דאָזיגען אונ־נאָרמאַלען קיום שטעקט דער סוד פון אַנטיסעמיטיזם.

אַ תלמוד'ישער זאַץ זאָגט: „כשלקה הרי הוא כאחיך". דאָס איז אויך אַ סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישער כלל. ווען אַ פאָלק האָט אַ פיינדליך פאָלק בעזיעגט אָדער געשלאָגען, האָט עס פערלוירען מיט דער צייט זיין שנאה צו איהם. דאַגעגען האָבען מיר געזעהן, אַז ווען אַ פאָלק האָט געפיהרט מלחמה און עס האָט זיין ציעל (צו פערניכטען אָדער אונטערטעניג מאַכען דעם געגנער) נישט דערגרייכט, האָט זיך נאָך פערשטאַרקט זיין שנאה. דאָס יודישע פאָלק האָט מען גע'רודפ'ט, געשלאָגען, פערטריבען פון זיין לאַנד, אָבער דאָך נישט בעזיעגט. דער יוד פיהרט ביז איצט זיין אייגען לעבען—די שנאה צו איהם איז דערפאַר טאַקע שטענדיג געוואַקסען. ווייל דאָס יודישע פאָלק לעבט אין דער לופט און קיין שום פאָלק קאָן זיך אָן איהם נישט נוקם זיין און צושטערען זיין לאַנד—ווי דאָס געזעץ פון לעבען פאָדערט,—פערשטאַרקט זיך די שנאה צום יוד פון טאָג צו טאָג. דאָס איז געוויס אויך די סבה, וואָס דער אַנטיסעמיטיזם איז אַזוי אויסגעוואַקסען נאָך דער מלחמה. די מלחמה איז געווען אַ צייט פון בילאַנסען צווישען די פעלקער. די פעלקער האָבען זיך אַלע אָבגערעכענט איינס מיט'ן אַנדערן און זיי קאָנען איצט אפשר צוריקקומען צו נאָרמאַלע בעציהונגען: זייער שנאה צו איינאַנדער האָט זיך אָבגעקיהלט. נאָר מיט'ן יוד האָט מען זיך נישט געקאָנט אָברעכענען—ער האָט קיין „קאָנטאָ קורענט" נישט ביי די פעלקער.

קלאָרער וועלען מיר קאָנען פערשטעהן די דאָזיגע אַנשויאונג, ווען מיר וועלען בעטראַכטען דעם דועל, וועלכער שטאַמט אויך פון גייסט פון מלחמה און פעאָדאַליזם: אין אַ פעראיין פון דייטשע אָפיצירען אָדער סטודענטען, למשל, ווען דער געגנער, וואָס ווערט געפאָדערט צום דועל פאַר אַ בעליידיגונג, גיט־איבער זיין וויזיט־קאַרטע און נעהמט־אָן דעם קאַמף, בערוהיגט זיך דער בעליידיגטער און דער קאַמף צווישען

די געגנער נעהמט-אָן אַ פאָרם פון געגענזייטיגער אַכטונג. גאַנץ אַנדערש איז עס אָבער, ווען דער געגנער נעהמט נישט אָן די פאָדערונג, אָדער גיט נישט אויף זיין ריכטיגען אַדרעס. דעמאָלט איז נישט נור, וואָס זיין געגנער בערוהיגט זיך נישט, נאָר די שנאה שטייגט נאָך אונענדליך און נעהמט-אָן די פאָרם פון פעראַכטונג. דער מענש, וועלכער האָט נישט אָנגענומען די פאָדערונג, פערליערט זיין כבוד ביי אַלע „בעסערע״ מענשען; ער ווערט פון אַלעמען פעראַכט און קאָן זיך נישט ווייזען אין דער געזעלשאַפט, ער איז ווי הפקר און יעדער מענש האָט דאָס רעכט, איהם צו שפייען אין פנים אַריין.

ווען ער וועט רעדען וועגען יושר: וואָס הייסט שלאָגען? -וועט ער זיך נאָך מעהר לעכערליך און נידריג מאַכען. אַזוי רעדט נישט קיין מענש פון כבוד.

דאָס איז די בעזונדערע שטעלונג פון יודישען פאָלק צווישען די פעלקער, וועלכע האַלטען זיך שטענדיג אין איין דועלירען.

דאָס יודישע פאָלק קאָן נישט איבערגעבען זיין וויזיט-קאַרטע די געגנער— עס לעבט אין דער לופט, אָהן אַ לאַנד, אָהן אַן־אַרמעע. עס וואוינט פאָסט-רעסטאַנט און קאָן די פעלקער זיין אַדרעס נישט אָנגעבען.

מיט יעדען פאָלק קאָן מען פיהרען מלחמה: עס פערטיידיגט מיט׳ן שווערד זיינע אינטערעסען, זיין קולטור. דערפאַר האָט עס אַ פּלאַץ און אַכטונג צווישען די אומות, וואָס לעבען שטענדיג מיט פייער און שווערד. דאָס יודישע פאָלק פיהרט זיין משונה׳דיג לעבען—און פערטיידיגט עס נישט. דער יודישער שטאַנדפונקט איז נישט, ווי דער פון אַנדערע פעלקער. דער יוד שטעלט זיך נישט אויפ׳ן באָדען פון אונבעדינגטער סאַטיספאַקציע. עפּיס רעדט דער יוד מיט די פעלקער, וועלכע ווילען זיך מיט איהם דועלירען, וועגען יושר און הומאַניטעט — קיין וואונדער נישט, וואָס זיי פעראַכטען איהם אַזוי שטאַרק.

אַלע בעציהונגען צווישען די פעלקער זענען געבויט אויף מלחמה—דער פעאָדאַל איז די העכסטע מאָראַלישע אינסטאַנץ ביז היינטיגען טאָג. די ווערטען פון כבוד, גבורה, קאַמף זענען ביז איצט די העכסטע ווערטען פון דער מענשהייט, נישט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די פעלקער זענען כלומר׳שט קריסטליך. דער יוד שטעהט אָבער אָן אַ זייט פון די אַלע ווערטען. עפּיס גילט דאָס אַלץ נישט פאַר איהם. ער לעבט נישט מיט די בעגריפען פון מלחמה-ריטער. מיט׳ן יודישען פאָלק קאָן מען קיין מלחמה נישט פיהרען און קיין שלום נישט שליסען.--דער יוד איז נישט פון ישוב, און וויל דער יוד שטעלט זיך נישט אויפ׳ן שטאַנדפונקט פון סאַטיספאַקציע און גיט קיין סאַטיספאַקציע נישט, איז ער הפקר און יעדער מענש מעג איהם פעראַכטען, ווי מיר האָבען עס געזעהן אין פאַל פון דועל.

אַלע אומות קעמפען איינס מיט׳ן אַנדערן, דועלירען זיך, און זייער קאַמף נעהמט-אָן רעכטליכע און ריטערליכע פאָרמען פון געגענזייטיגער אַכטונג—דער קאַמף מיט׳ן יוד נעהמט-אָן די פאָרם פון פאָגראָמען, קלעפּ פון פעראַכטונג—אַזוי פיהרט מען זיך מיט דעם, וואָס נעהמט קיין דועל נישט-אָן. ביי אויפגעקלערטע פעלקער בעהאַלט זיך די שנאה הינטער אַ קולטור־מאַסקע. זי ווירקט אָבער אויך דאָרט טיעף אין דער נשמה. „פעראַכטעטע יודען! זיי זענען נישט סאַטיספאַקציע־פעהיג״—אַ פאָלק, וואָס פערטיידיגט נישט זיין כבוד.

דערמיט ערקלערט זיך אויך דאָס, וואָס מיר געפינען דעם אַנטיסעמיטיזם הויפּטזעכליך אין די העכערע אַריסטאָקראַטישע קרייזען. דער אַנטיסעמיטיזם איז

שטרענג פערבונדען מיט'ן פעאָדאַלען גייסט און מיט דער עטישער אַנשויאונג פון מיליטער און מלחמה, וועלכע איז הויפּטזעכליך צו געפינען אין דער „בעסערער" געזעלשאַפט. דאָס אייגענע אויך מיט פעלקער: וואָס מעהר אַ פאָלק שטעקט אין מיליטאַריזם, אַלץ מעהר האַסט עס די יודען. אַם וועניגסטען איז דער אַנטיסעמיטיזם פערשפּרייט אין די אינדוסטריעלע לענדער, ווייל זיי זענען ווייטער פון פעאָדאַליזם. דאָס איז דער פאַל מיט ענגלאַנד, אַמעריקא.

---

## VI

# די פּערספּעקטיווען.

דער אַנטיסעמיטיזם קאָן אונטערגעהן: א) ווען די מענשליכע געזעלשאַפט וועט זיך אינגאַנצען בעפרייען פון מיליטאַריזם און פון זיין בעזונדערער וועלט-אַנשויאונג, וועלכע הערשט ביז יעצט. ב) ווען אויך דאָס יודישע פאָלק וועט צוריק ווערען אַ מלחמה-פאָלק אין זיין לאַנד (אפשר איז דאָס דער זין פון דעם בעקאַנטען מאמר, אַז משיח וועט קומען אין אַ דור, וואָס איז כלו חייב אָדער כלו זכאי).

געלעהרטע, ווי ספּענסער און לעצטענס פראַנץ אָפּענהיימער, וועלכע האָבען איינגעזעהן די גרויסע בעדייטונג פון מלחמות אין לעבען פון די פעלקער, האָבען דאָך אין זייערע ווערק פאָרגעזאָגט אַ צייט, צו וועלכער מיר דערנעהנטערן זיך אין אונזער ענטוויקלונג,—אַ צייט, ווען עס וועט אונטערגעהן דער טיפּ פון פעאָדאַלען מיליטער-מאַן און עס וועט הערשען דער אינדוסטריעלער מענש, וועלכער לעבט פון אַרבייט און נישט פון רויב (ספּענסער); ווען דאָס לעבען פון די פעלקער וועט נישט זיין מעהר געבויט אויפ'ן יסוד פון מלוכה—פון מלחמות און מאָרד; ווען עס וועט אונטערגעהן די בלוטיגע אָרדנונג, אין וועלכער די מלחמה איז אַ נויטווענדיגקייט, און עס וועט זיך אויפ'ס ניי אָרגאַניזירען די מענשהייט אויפ'ן יסוד פון געזעלשאַפט, אַרבייט און „געגענזייטיגער הילף" (אָפּענהיימער).

דער מאָדערנער סאָציאַליזם, בעזונדערס דער יודישער, ערוואַרט אַן'עהנליכע לעזונג. דער יודישער סאָציאַליזם האָט נישט זיין שורש אין די עקאָנאָמישע בעדינגונגען פון יודישען פראָלעטאַריער, נאָר פיעל מעהר אין די ליידען פון יודען אַלס פאָלק. דער יודישער סאָציאַליסט ערוואַרט פון סאָציאַליזם הויפּטזעכליך אַ לעזונג פון דער יודישער פראַגע. ער גלויבט, אַז נור דורך ערלעזונג פון דער גאַנצער מענשהייט קאָן אויך דאָס יודישע פאָלק אויסגעלעזט ווערען פון זיינע צרות. דאָס איז אָבער אַן'אידעאַל פאַר משיח'ס צייטען. דעם צווייטען וועג, וועלכען מיר האָבען דערמאָהנט, האָט געוועהלט דער ציוניזם. דער ציוניזם וואַרט נישט אויף דער ערפילונג פון די אַלגעמיין-מענשליכע אידעאַלען. ער איז „דוחק את הקץ" און זוכט אַ לעזונג פאַר דער יודישער פראַגע אין אונזער זינדיגער צייט.

דער ציוניזם וועהלט דעם וועג פון אַלע פעלקער. ער בעקענט זיך צום נאַטור-געזעץ, צו דער רעאַלער פּאָליטיק פון די פעלקער, ער שטעלט זיך אויפ'ן שטאַנדפּונקט פון סאַטיספאַקציע. דורכ'ן ציוניזם ווער: דער יוד אַ מיטגליעד צווישען די דועל-פיהרענדע און דועל-פעהיגע פעלקער, און דעריבער בעמערקען מיר ביי אונזערע שונאים אַ געפיהל כ אַכטונג פאַר'ן ציוניזם. איינער

פון אונזערע גרעסטע שונאים האָט אָנגערופען דעם ציוניזם: „די אײדעלסטע רעגונג אין יודענטום". דער ציוניזם איז — דאָס אָנגעבען דעם יודישען אַדרעס, דאָס איבערגעבען די וויזיט-קאַרטע אויף דעם אַרויסרוף פון געגנער.

* *
*

פ. ס.

אין די מיינונגען, וועלכע איך האָב אַרויסגעזאָגט אין דעם אַרטיקעל, זעה איך דעם סוד פון אונזער לאַנגען וואַנדערן פון פאָלק צו פאָלק, פון מדינה צו מדינה. אפשר האָט אונז די געטליכע השגחה געוואָלט דערהאַלטען און בכיון אונז פערטריבען פון אונזער לאַנד, כדי אונז צוריקצופיהרען אַהין אין אַ צייט, ווען עס וועלען אויפהערען די מלחמות צווישען די פעלקער, און אונזער קיום וועט קאָנען זיין געזיכערט, ווי אונזערע נביאים האָבען געזעהן.

עס איז קיין ספק נישט, אַז ווען מיר וואָלטען געבליבען אין אונזער לאַנד, וואָלט שוין איצט פון אונז קיין שריד ופליט נישט געבליבען, לויט'ן געזעץ פון מלחמה, וואָס האָט ביז איצט געהערשט אין דער געזעלשאַפט.

דאָס איז אפשר דער סוד פון נצח ישראל.



ש. ל. ציטראָן.

# צו דער געשיכטע פון „דבוק“.

נאָך די אַלע פערשיעדענע מיינונגען, וואָס זענען ביז אַהער אַרויסגעזאָגט געוואָרען וועגען אַנ—סקי׳ס „דבוק“, הן אין דער פרעסע און הן אין ליטעראַרישע שמועסען, ווערט עס אַלגעמיין אָנערקענט אַלס קלאַסיש ווערק. דורכדעם בעקומט פאַר אונז אַ בעזונדער אינטערעס נישט בלויז די ענטשטעהונגס-געשיכטע פון דער דאָזיגער דיכטערישער שאַפונג, נאָר אויך אַלע אַנדערע פרטים, וואָס האָבען צו איהר אַ וועלכע-עס-איז שייכות. פון מיינע אָפטע געשפרעכען מיט אַנ—סקי׳ן זענען מיר פערבליבען אין זכרון אייניגע דאַטען, וואָס קאָנען אַריינטראָגען געוויסע בעלייכטונגען אין דער זאַך.

* *
*

אַמאָל האָב איך מיט אַנ—סקי׳ן פערפיהרט אַ שמועס וועגען שריפטשטעלער, וועלכע שרייבען זייערע זאַכען גאַנץ לייכט, און וועגען אַזעלכע, ביי וועמען עס שרייבט זיך זעהר שווער. דאַן האָט מיר אַנ—סקי געזאָגט כהאי לישנא:

—איך האָב פון שטענדיג אָן געשריבען, און שרייב איצט אויך, אָהן שום שוועריגקייטען. פון דעם, וואָס מען רופט ליטעראַרישע חבלי-לידה, האָב איך קיינמאָל נישט געוואוסט. איך האָב אָבער, בעזונדערס אין די ערשטע פאָר צעהנדליג יאָהר פון מיין ליטעראַרישער טעטיגקייט, געהאַט די טבע נישט אָבצושיקען דעם כתב-יד באַלד אין רעדאַקציע, נאָר אַריינלעגען איהם אין טיש-קעסטעל, פון צייט צו צייט אַריינקוקען אין איהם, יעדעס מאָל פון איהם וואָס אויסמעקען אָדער אין איהם עפּיס מוסיף זיין. דער דאָזיגער פּראָצעס פלעגט זיך ביי מיר ציהען ביז ס׳פלעגט ביי מיר געבוירען ווערען אין געדאַנק אַ נייע בעשעפעניש. ערשט דעמאָלט פלעג איך דעם מאַנוסקריפּט גאָר פון דאָס ניי איבערשרייבען און אַוועקלאָזען איהם אין דער גרויסער וועלט אַריין.

אויף דעם האָב איך בעמערקט:

—נאָך אַ סך פריהער פאַר אייך האָבען זיך שוין שריפטשטעלער ביי אונז אַזוי נוהג געווען.

—ווער, למשל?

—מאפו האָט ביי זיך געהאַלטען זיין „אהבת-ציון“ צוויי און צוואַנציג יאָהר נאָכאַנאַנד ביז ער האָט ביי זיך גע׳פועל׳ט צו פערעפענטליכען איהם אין דרוק.

—צוויי און צוואַנציג יאָהר?!—האָט אַנ—סקי אויסגערופען מיט גרויס התפעלות—ווי האָט דאָס אַ מענש אַזוי פיעל געדולד? אַ וואונדער, וואָס ער איז ביי איהם נאָכדעם אַרויסגעקומען אַזוי קינסטלעריש געשליפען. ממש ישעיה!

און באַלד האָט ער מיר אַ פרעג געטהון:

—זאָגט מיר, כ׳בעט אייך, ווען האָט איהר געלייענט דעם „אהבת-ציון“?

—דאָס איז געווען ס׳ערשטע העברעאישע ביכעל, וואָס איך האָב געלייענט.

—און איך, שטעלט אייך פאָר, האָב זיך שוין יונגעלוויז געהאַט אָנגעלייענט מיט העברעאישע ביכלעך ווי אַ פויק, כ׳בין שוין געווען קלאָר אין גאָרדאָנ׳ען און אין סמאָלענסקינ׳ען און אין ליליענבלומ׳ן און איך האָב נאָך אַלץ נישט געוואוסט, אַז ס׳איז דאָ אויף דער וועלט אַזאַ מין „אהבת-ציון“. דערגאַנגען בין איך דאָס גאַנץ צופעליג.

דערביי האָט מיר צנ—סקי איבערגעגעבען דעם פאָלגענדען חאַראַקטעריסטישען פאַקט:

—העברעאישע ביכער צום לייענען פלעגט מיר תמיד רעקאָמענדירען מיינער אַ בעקאַנטער בחור, וועלכער האָט געלערנט אין בית-המדרש, וואו איך פלעג קומען טעגליך דאַווגען. האָט ער מיר נור אָנגעוויזען אויף אַ ספר, האָב איך מיך תיכף געסטאַרעט צו בעקומען איהם און האָב איהם דורכגעלייענט. אויפ׳ן „אהבת־ציון“ האָט ער, קענטיג, פערגעסען. איינמאָל, אין אַ געוויסען בין-מנחה-למעריב, איז צו מיר צוגעגאַנגען דער בחור און האָט מיר דערצעהלט מיט אַ מין ווילדער בעגייסטערונג, אַז ס׳איז דאָ אין העברעאיש אַ ראָמאַן אין דריי טייל, ער הייסט „התועה בדרכי החיים“ פון דעם גרויסען שרייבער סמאָלענסקין, און אַז דער דאָזיגער ראָמאַן איז עפּיס גאָר אַנ׳אויסנאַהם פון דער וועלט. מ׳קאָן איהם אָבער אין שטאָדט ניט בעקומען, ווייל ער קאָסט פיער רובל, און דעריבער קויפען איהם נור די גאַנץ גרויסע גבירים, און אַזעלכע גבירים זענען ביי אונז ניטא. האָט אָבער געדאַרפט טרעפען, אַז קומענדיג נעכטען אויפ׳ן „טאָג“—דער בחור האָט געגעסען „טעג“—צום וואַלד-סוחר איקס, האָט ער צו זיין גרויס ערשטוינען מיט אַמאָל דערזעהן, אַז דעם בעל-הבית׳ס יונגע שנור, וועלכע ער האָט נישט לאַנג אַראָבגעבראַכט פון דענעבורג, זיצטביים טיש און קוקט בשעת׳ן עסען אַריין אין אַ ספר, וועלכער איז ניט קיין אַנדערער, ווי נור סמאָלענסקינ׳ס „התועה“. בכן דאַרף מען זיך מישב זיין, ווי אַזוי בעקאַנט צו ווערען מיט דעם דאָזיגען נגיד׳ישען יונגען ווייבעל און בעקומען ביי איהר דאָס בוך אויף אַ צוויי, דריי טעג. איהם, דעם בחור, איז דאָס אונמעגליך מפני כמה טעמים, און דער עיקר, ווייל עס קאָן פאַר איהם ווערען געפעהרליך, ווען מ׳זאָל זיך דערוויסען, אַז ער לייענט „ביכלעך.“ לעגט ער דעריבער מיר פאָר, אַז איך זאָל עפּיס זעהן טהון אין דעם. אָבער וויפיעל איך האָב זיך נישט משתדל געווען אין דער זאַך אליין און דורך אַנדערע, האָב איך גאָרנישט גע׳פועל׳ט. ס׳האָט נישט געהאָלפען אפילו דער בריעף, וואָס כ׳האָב אַריינגעשיקט דעם ווייבעל, אין וועלכען איך האָב איהר אָבגעמאָלט מיט פינף-גאָרענדיגע מליצות, ווי „מיין צונג לעכצט נאָך אַ הייליג העברעאיש וואָרט“. נאָכדעם האָבען מיר זיך דער וואוסט, אַז זעריך האָט געהאַט אַ יד דעם ווייבעל׳ס מאַן, וועלכער איז געווען אַ שלעכטער מענש פון דער נאַטור. אין אַ צייט אַרום—איך האָב זיך דאַן שוין לאַנג מיאש געווען פונ׳ם „התועה“—בין איך אַמאָל אַריין צו אַנ׳איינבינדער, געבען איהם פעררריכטען אַ ספר. צוקוקענדיג זיך צו די פערשיעדענע ספרים, וואָס זענען געלעגען ביי איהם אויפ׳ן טיש, האָט מיר אַ בליק געטהון פאַר די אויגען דער „התועה“. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דאָס איז דערזעלביגער עקזעמפּליאַר פון יענעם ווייבעל, וועלכען זי האָט אָבגעגעבען דעם איינבינדער צו צומאַכען צו איהם אַ נייעם רוקען. כ׳האָב גענומען אַריינ׳טענה׳ן מיט׳ן איינבינדער, אַז ער זאָל מיר לייהען דעם ספר אויף אַ פּאָר טעג און איך וועל איהם בעצאָהלען פאַר׳ן איבערלייענען, וויפיעל ער וועט פון מיר פערלאַנגען. ער האָט אָבער אויף קיין פאַל נישט געוואָלט אַרויסגע-

בען דעם „התועה" פון שטוב אפילו אויף אַ מינוט. כ'האָב זיך בײַ איהם גענומען בעטען. כ'האָב געזאָגט, אַז דאָס געהט מיר, ממש, אין לעבען, כ'האָב זיך אָנגעשלאָגען צו ברענגען איהם דעם גרעסטען משכון און האָב איהם דערבײַ געשוואָרען, אַז איך וועל אָבהיטען דאָס בוך, ווי דאָס אויג אין קאָפּ; אָבער קיינס פון די אַלע מיטלען האָט אויף איהם נישט געווירקט—ער קאָן נישט און קאָן נישט, ער האָט מורא זיך אָנצוהויבען מיט'ן ווײַבעל. די גאַנצע צײַט פון אונזער וכוח שטעה איך מיר אַזוי און לאָז נישט אַרויס פון האַנד דעם „התועה" און בלעטער איהם און חאַפּ אין איהם וואַרפען אַנ'אויג, און איך פיהל, ווי עס רינט מיר די סליונע פון מויל... מיט אַמאָל פאַלט מיר אַרײַן אַ געדאַנק און איך גיב אַ פרעג דעם אײַנבינדער: „און קומען צו אײַך אַהער לייענען דאָס בוך וועט איהר מיר ערלויבען?" „אָה, מיט אַלע כבוד'ן—האָט מיר דער אײַנבינדער געענטפערט—אָבער נור, ווען איך בין פרײַ פון דער אַרבייט, דאָס הייסט: אום פרײַטאָג צו נאַכט". דאָס איז גראָד געווען אַ ווינטערדיגער דאָנערשטאָג. אויף מאָרגען, פרײַטאָג, גלײַך נאָך וועטשערע בין איך אַוועק צום אײַנבינדער. דאָרט האָב איך זיך אַוועקגעזעצט נעבען אַ וואַרימער רובקע און פאַר'ן שײַן פון אַ קליינעם נאַפט-לעמפּעל האָב איך גענומען לייענען דעם „תועה". דער אינהאַלט פון דער ערצעהלונג האָט מיך פשוט בעצויבערט, איך האָב געשלונגען אַ בלעטעל נאָך אַ בלעטעל און האָב נישט געפיהלט, ווי די שעה'ן זענען געפלויגען. בשעת איך האָב געהאַלטען בײַם סוף פון דריטען טייל, איז שוין דער אײַנבינדער אויפגעשטאַנען צום ערשטען „מנין"...

—„דער עיקר איז אָבער דאָס—האָט פערענדיגט אַנ-סקי:—ערשט דורכ'ן „תועה" בין איך דערגאַנגען, אַז ס'איז בײַ אונז געווען אַ שרײַבער מאפו, און אַז דער דאָזיגער מאפו, וועמען סמאָלענסקין פערגלײַכט צו ישעיהו הנביא, האָט אָנגעשריבען אַ ספר מיט'ן נאָמען „אהבת-ציון". אויף מאָרגען האָב איך שוין בעקומען דעם „אהבת ציון", האָב איהם דורכגעלייענט כמעט בנשימה אחת, און דער רושם, וואָס ער האָט אויף מיר געמאַכט, איז געווען אין לשער. צוויי און צוואַנציג יאָהר האָט איהם מאפו געהאַלטען ניט געדרוקטערהייד! איך הער דאָס ערשט".

* *

*

איינמאָל האָב איך געפונען אַנ—סקי'ן, ווי ער זיצט און שטעלט צונויף אַ רשימה פון ווילנער יודישע זשורנאַליסטען און ליטעראַטען.

—כ'האָב בדעה—אַזוי האָט ער מיר ערקלערט—פאָרצולייענען מײַן „דבוק" פאַר אונזערע חברים; וויל איך זיי אײַנלאַדען אויף מאָרגען אין אונזער לאָקאַל.

אין אַ קליינער ווײַלע אַרום האָט ער מיך געפרעגט:

—איהר האָט מיר אמאָל דערצעהלט, אַז מאַפו האָט בײַ זיך געהאַלטען זײַן „אהבת-ציון" אין כתב-יד צוויי און צוואַנציג יאָהר, איידער ער האָט איהם געדרוקט. אפשר קאָנט איהר מיר שוין זאָגען, צי האָט מאַפו געהאַט אויך דיזעלביגע געוועהנהייט וואָס איך, צו וועלען אויסהערען וואָס מעהר מיינונגען וועגען זײַנע ווערק, כל-זמן זיי געפינען זיך נאָך אין מאַנוסקריפּט?

—דאָס איז מיר נישט בעקאַנט,—האָב איך איהם געענטפערט.

—וויפיעל מאָל, מיינט איהר—האָט אַנ-סקי פאָרטגעזעצט זײַן אָנגעהויבענעם שמועס—און אין וויפיעל ליטעראַרישע קרײַזלעך און פאַר וויפיעל אײַנצעלנע פערזאָנען האָב איך שוין פאָרגעלייענט מײַן „דבוק" אין משך פון די פיער יאָהר זינט איך האָב איהם אָנגעשריבען? איך געדענק שוין גאָר הײַנט די צאָהל נישט. הײַנט וויפיעל מאָל האָב איך מיך איידער-וואָס-ווען מישב געווען מיט קאָלעגען, יודען און

קריסטען, צי איך זאָל עס גאָר לכתחילה שרייבען.

דאָ האָב איך אַנ—סקי'ן אַ פרעג געטהון:

—האָט איהר זיך עפּיס לאַנג אַרומגעטראָגען מיט דער אידעע פון „דבוק"?

אויף דעם האָט מיר אַנ—סקי געענטפערט:

—די אידעע איז מיר אַרויפגעשוואומען נאָך אין יאָהר 1911, בשעת כ'בין אַרומגעפאָהרען אין וואָלינער און פּאָדאָליער גובערניעס צו זאַמלען די ווערק פונ'ם יודישען פאָלקלאָר. קומענדיג קיין יאַרמאָלינעץ, אַ קליין שטעדטיל אין פּאָדאָליער גובערניע, האָב איך נישט געפונען קיין אכסניא וואוהין צו פערפאָהרען. איך געדענק שוין היינט נישט, צי וויל עס איז דעמאָלט געווען אַ יריד אין שטעדטיל, אָדער צוליעב אַנ'אַנדער סבה, זענען די צוויי, דריי איינפאָהר-הייזער געווען בעזעצט מיט אורחים, און פאַר מיר מיט דעם מוזיקער ענגעל איז נישט געווען קיין אָרט. דאַן האָט אונז אַריינגענומען צו זיך אויף נאַכטלעגער דער שטעדטילדיגער גביר, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויסע געררוימיגע דירה. דאָס איז געווען אַ ברענענדיגער חסיד, וועלכער פלעגט איינמאָל אין חודש פאָהרען צום רבי'ן און האָט אָהן איהם קיין שום טריט נישט געטהון. געהאַט האָט ער אַ טאָכטער אַ בת-יחידה, אַ מיידעל פון אַ יאָהר 17—18, זעהר אַ סימפּאַטישע, אַ שלאַנקע מיט אַ לענגליכען בלאַסען פנים, מיט צוויי גרויסע קאָרשען-אויגען און אַזעלכע טיעפע! און עניוות'דיג איז דאָס געווען, ווי די צניעות אַליין; גערעדט האָט זי, קוים וואָס מ'האָט געהערט, שטענדיג האָט זי געהאַלטען די אויגען אַראָבגעלאָזט, און תמיד פערטראַכט. דאָס מיידעל האָט מיך פעראינטערעסירט; אָבער וואָס איך האָב מיך נישט צוקליגט צו פערפיהרען מיט איהר אַ געשפּרעך, האָט זיך דאָס מיר נישט איינגעגעבען. נישט קוקענדיג מיר גלייך אין פנים, האָט זי מיר אויף אַ צעהנט וואָרט געענטפערט איינס, און דאָס אויך אַזוי נידעריג, אַז איך האָב קוים דערהערט, וואָס זי זאָגט. איך האָב אָבער געהאַט די געלעגענהייט צו בעמערקען, אַז שבת צו די סעודות, בעת עס עסט ביי זיי ביים טיש אַ גאַנץ יונגער קלויזניקעל, אַ שען זיידען בחור'ל מיט בלאָהע, פער'חלומ'טע אויגען און מיט אַ פּאָר לאַנגע, געקרייזעלטע פאות, פלעגט דאָס מיידעל ווערען ממש אַנ'אַנדער מענש, ווי אַ נייע הויט וואָלט זיך אויף איהר אַרויפגעצויגען. אַליין ביים טיש איז זי נישט געזעסען, זי פלעגט אָבער אַריינטראָגען פון קיך די חלקים און אַוועקשטעלען זיי פאַר איטליכען בעזונדער און יעדעס מאָל, ווי עס פלעגט קומען צום בחור'ס חלק, פלעג איך דערזעהן, ווי זייערע ביידענס, שטענדיג אַראָבגעלאָזטע אויגען הויבען זיך אויף און קוקען זיך אַריין מיט שמאַכטענדיגע בליקען איינע אין די אַנדערע... כ'האָב תיכף פערשטאַנען, אַז די דאָזיגע צוויי יונגינקע, רייגינקע נשמה'לעך פלאַטערן, ציהענדיג זיך מאַגנעטיש איינס צום צווייטען, פערבאָרגען פון די אַרומיגע, און—ווער ווייסט?—אפשר אויך פון זיך אַליין. דעם לעצטען שבת-צו-נאַכט נאָך הבדלה, ביי אַ גלעזעל טיי, איז דער חסידי'שער גביר געווען בעזונדערס אויפגעלעגט, האָט מיר דערצעהלט וועגען זיינע געשעפטען און פערענדיגט מיט דעם, אַז ער האַלט אין גיכען זיך מתחתן זיין מיט אַ גרויסען עושר, אַ מיוחס פון שדה-לבן, וועלכער האָט אויך אַ זוהן אַ בן-יחיד און אַ גאַנץ גערעטענעס, אַנ'עילוי און אַ צדיק תמים. דאָס האָט מיר אַרויפגעבראַכט אויפ'ן געדאַנק, אַז אָט אין דעם הויז וועט זיך סוף כל סוף מוזען אָבשפּיעלען אַ טראַגעדיע. פון יענעם שבת-צו-נאַכט אָן האָבען זיך מיר אין געדאַנקען גענומען פאָרשטעלען פערשיעדענע מעגליכקייטס-פאָרמען פון דער דאָזיגער טראַגעדיע. אויף דער רייזע אין די וויטערדיגע שטעדט און שטעדטליך זענען מיר די בילדער ביסלעכווייז צורונען געוואָרען. אין אַ צייט אַרום האָבען זיי ביי מיר אויפגעלעבט גאָר פון דאָס

ניי, אָבער נישט רעאַל, נור צושוואומען. אַמאָל אין אַנ׳אָווענד—און איך בין שוין דאַן געווען צוריק אין פעטערבורג—בין איך געזעסען און האָב סאָרטירט די צעהנדליגער מעשיות׳לעך און לעגענדעס וועגען „דבוקים", וועלכע כ׳האָב צוזאַמענגעקליבען אונטערוועגס. איין לעגענדע האָט מיך פערהאַלטען. אויף מאָרגען האָב איך אָנגעצייכענט ביי מיר אין ביכעל די ערשטע, נאָך גאַנץ טונקעלע אפילו, קאָנטורען פון — כ׳האָב אַליין נישט געוואוסט פון וואָס. כ׳האָב אָבער דערפיהלט, אַז ס׳הויבט זיך ביי מיר אָן צו שאַפען עפּיס אַזוינס, וואָס ציהט זיין יניקה פון פאָלקלאָרישען קוואַל אויפ׳ן באָדען פונ׳ם איצטיגען רעאַלען לעבען.

—דערווייל האָט אויסגעבראָכען די וועלט-מלחמה—אַזוי האָט אַנ—סקי פערענדיגט,—וועלכע האָט פערשלונגען מיך מיט אַלע מיינע ליטעראַרישע פלענער. כ׳בין אינגאַנצען כלל-טהוער געוואָרען. ס׳האָט מיך גענומען רייסען צו אונזערע ברידער קיין גאַליציען. אויפ׳ן וועג קיין וואַרשא איז מיר גאָר אומגעריכט איינגעפאַלען, אַז זענענדיג ביי פרצ׳ן זאָל איך מיט איהם אויספיהרליך אַרומרעדען דעם פלאַן פון מיין „דבוק" (דעמאָלט איז שוין ביי מיר געווען בעשלאָסען צו דראַפּירען מיין ערצעהלונג אין דער מיסטעריע פון דער „דבוק"-לעגענדע). כ׳האָב אָבער געפונען פרצ׳ן אַזוי צובראָכען און אַזוי נידערגעשלאָגען און אַזוי אין אַנשפרוך גענומען פון די יודישע צרות, אַז כ׳האָב מיך, פשוט, נישט ערלויבט צו פערפיהרען מיט איהם אַ געשפרעך וועגען ליטעראַריש-קינסטלערישע ענינים. און מיר איז דאַן באמת איינמאָל אויסגעקומען צו הערען, ווי פרץ האָט זיך אָבגערופען צו אַ יונגען ליטעראַט, אַז אַנטקעגען דער שרעקליכער טראַגעדיע, וואָס קומט איצט פאָר אינ׳ם לעבען פון יודישען פאָלק, דאַרף פערשטומט ווערען ביז אַ צייט די יודישע לירע. אין גאַליציען בין איך אַריינגעפאַלען אין אַ מיסטישע סביבה, וועלכע איז נאָך געוואָרען פיעל מיסטישער דורך די שרעקליכע יודישע רדיפות און יסורים, וועלכע האָבען דערמאָהנט אין די טעג פון די נוסעי-הצלב און פון גזרת ת״ח. כ׳האָב געזעהן אַרום זיך מענשען-שאָטענס, מיט סודות׳פולע געזיכטער, וועלכע שוועבען אום, ווי אין אַנדערע, אונז אומבעקאַנטע וועלטען... איינמאָל נאָך מעריב בין איך אַריין אין גאָרליצער בית-המדרש. איהר געדענקט דאָס אויסערליכע בילד פונ׳ם ערשטען אַקט אין מיין „דבוק"? דאָס איז אַ פינקטליכע קאָפּיע פונ׳ם גאָרליצער בית-המדרש, ווי ער האָט זיך פאַר מיר ענטפלעקט אין יענער ווינטער-נאַכט. פון דעמאָלט אָן האָט ביי מיר דער רעיון פון „דבוק" אָנגעהויבען צו ווערען אַלץ צייטיגער און צייטיגער. אין טאַרנאָוו, בעת די שטאָדט איז נאָכאַנאַנד בעשאָסען געוואָרען פון אַנ׳עסטרייכישען צוויי-און-פערציג סענטימעטער-האַרמאַט, האָב איך מיר אַמאָל אין אַנ׳אָווענד אַוועקגעזעצט און אָנגעוואָרפען אויפ׳ן פאַפּיר דעם ערשטען אַקט. דעם צווייטען אַקט האָב איך אָנגעשריבען מיט עטליכע וואָכען שפּעטער, און אַלץ אין גאַליציען. אַראָבהאַפענדיג זיך אויף אַ קורצער צייט קיין קיעוו, צו דעם יודישען הילפס-קאָמיטעט, האָב איך דאָרט די צוויי אַקטען פאָרגעלייענט דאָס ערשטע מאָל פאַר דעם איגזשענער מ. נ. סירקין, וועמען עס איז שטאַרק געפעלען געוואָרען דאָס עצם טעמאַ, נישט קאָנענדיג מיר אַרויסזאָגען אַ בעשטימטע מיינונג. די לעצטע צוויי אַקטען פון „דבוק" האָב איך שוין אָנגעריבען שפּעטער אין מאָסקווע.

*  *

*

אין אַ געוויסען ווינטערדיגען פרייטאָג-צו[illegible], דאָס איז געווען עטליכע

טעג שפּעטער נאָכדעם, ווי די באָלשעוויקעס זענען צום ערשטען מאָל אַריין קיין ווילנא, האָט אַנ—סקי פאָרגעלייענט זיין „דבוק״ אין אַנ׳ענגען קרייז פון ליטעראַטען, זשורנאַליסטען און אַרטיסטען. איבער אַ געוויסער סבה בין איך צו דער פאָרלעזונג נישט געקומען, און אויף מאָרגען האָב איך דערפאַר בעקומען פון אַנ—סקי׳ן אַ שטאַרקען אויסרייד. יעדע מיינונג וועגען זיין ווערק איז ביי איהם געווען אָנגעלעגט און טייער. די מיינונגען, וואָס זענען דאַן אין ליטעראַטען-קרייז אַרויסגעזאָגט געוואָרען וועג״ן „דבוק״, האָבען אַנ—סקי׳ן נישט בעפריעדיגט. אַזוי האָט ער מיר דעמאָלט אויסדריקליך געזאָגט. מיט אַ בעזונדער אויפרעגונג האָט ער גערעדט וועגען דער מיינונג פון אַ קאָמוניסטישען זשורנאַליסט, וועלכער האָט געזאָגט, אַז זיין אַזעלכע צייטען ווי די היינטיגע שרייבט מען נישט אַזוינע רוהיגע זאַכען, נאָר מען רופט דעם עולם צו העראָאישע מעשים.

אַנ—סקי האָט מיר דאַן געזאָגט:

—מ׳קאָן אַרויסטראָגען וועגען מיין דראַמע די ערגסטע מיינונג, אָבער מען דאַרף דאָך זי פריהער פערשטעהן, און אַזאַ פערשטענדניש האָב איך כמעט ביי קיינעם נישט געפונען. פערשטאַנען האָבען מיך, דאַכט זיך, נור די גוים... אַז איך האָב פאָרגעלייענט דעם „דבוק״ פאַר סטאַניסלאַווסקי׳ן, פון מאָסקווער רוסישען קינסטלערישען טעאַטער, האָט ער מיר זיך תיכף אָנגעשלאָגען פאָרצושטעלען עס אויף זיין ביהנע. ווען נישט דאָס באָלשעוויסטישע איבערקעהרעניש, וואָלט דאָס געוויס צו שטאַנד געקומען, און דער עולם וואָלט זיך בעקענט מיט מיין דראַמע לויט איהר רוסישען טעקסט.

—נאָר וואָס האָב איך מיך צו בעקלאָגען אויף ווילנא-האָט אַנ—סקי נאָך אַ קליינער פויזע פאָרטגעזעצט זיין שמועס—אַז אָדעס איז אויך געווען נישט בעסער. דאָרט האָב איך פאָרגעלייענט מיין „דבוק״ ביים זיידען, ביי מענדעלי׳ן. דערביי זענען געווען נאָך עטליכע פון די אָדעסער השובסטע יודישע שריפטשטעלער, צווישען זיי ביאַליק, ראַווניצקי און אויך דוד פרישמאַן, וועלכער האָט דאַן פערבראַכט אין אָדעס. און איך דאַרף אייך זאָגען, אַז ביי די גדולים האָב איך אויך נישט בעמערקט קיין בעזונדער פערשטענדניש פאַר מיין „דבוק״. מענדעלי אַליין האָט די גאַנצע צייט געשוויגען, ראַווניצקי, ווייסט איהר דאָך, איז סתם אַ שווייגער, ביאַליק האָט עפּיס יאָ אַרויסגעזאָגט עטליכע בעמערקונגען, אָבער אויבערפלעכליכע. פרישמאַן האָט עפּיס געזאָגט און נישט דערזאָגט. נאָכדעם האָט מען מיר איבערגעגעבען, אַז פרישמאַנ׳ען געפעלט דער „דבוק״ לחלוטין נישט. טאָמער וועט איהר זיך וואונדערן פאַרוואָס ער האָט נאָכדעם דעם „דבוק״ אָבגעדרוקט אין זיין „התקופה״, האָב איך אויף דעם צוויי טעמים: ערשטענס, איז שוין דאָס געווען שפּעטער אין מאָסקווע, וואו מ׳האָט וועגען דעם „דבוק״ נישט אויפגעהערט צו רעדען אין די יודישע און אין די נישט-יודישע ליטעראַרישע קרייזען, און דוקא צו גוטען, און, צווייטענס, האָט דערצו גורם געווען דער זכות פון ביאַליק׳ס איבערזעצונג...

מיט גרויס ענטוזיאַזם האָט זיך אַנ—סקי אָבגערופען וועגען ביאַליק׳ס איבערזעצונג, און האָט מיר אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, אַז אין העברעאיש איז דער „דבוק״ אַרויסגעקומען אין פיעל ערטער אַסך שטאַרקער, ווי אין יודיש און רוסיש. נאָר איין קליינע בעמערקונג האָט ער געמאַכט צו ביאַליק׳ס איבערזעצונג פון ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער׳ס „דודעלע״. אַנ—סקי האָט געפונען, אַז וואו עס שטעהט דאָרט „אתה״, האָט געדאַרפט שטעהן דער אַראַמעאישער „אנת״. איך האָב דאַן אָבגעשלאָגען אַנ—סקי׳ס בעמערקונג מיט דעם, אַז דאָס וואָלט געהאַט אַ זין נור אין דעם פאַל, ווען דער גאַנצער „דודעלע״ וואָלט געווען איבערגעגעבען דורך

ביאַליק׳ן אין אַראַמעאישען סטיל, אָבער נישט אַריינשטעלען איין אַראַמעאיש וואָרט אין אַ דורכאויס העברעאישען שיר.

* *
*

איינס פון אַנ-סקי׳ס קולטורעלע אויפטהועכצען אין ווילנא איז געווען די גרינ-דונג פון דער היסטאָריש-עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט, וועלכע ווערט היינט אָנגע-רופען אויף זיין נאָמען. בעת אַנ-סקי האָט געדאַרפט אָבפאָהרען קיין וואַרשא, האָט זיך די דאָזיגע געזעלשאַפט געפונען מאַטעריעל אין זעהר אַ קריטישער לאַגע. דאַן האָט זיך אַנ—סקי אויסגערופען פאָרצולייענען זיין „דבוק" אויף בילעטען פאַר אַ גרעסערן עולם. איך דאַרף דערצו בעמערקען, אַז דאָס איז געווען אַ גאַנץ קורצע צייט נאָכדעם, ווי אַנ—סקי האָט איבערגעטראָגען זעהר אַ שווערע קראַנקהייט.

די פאָרלעזונג איז פאָרגעקומען אין דעם זאַל פון דער קהלה. אַנ—סקי האָט מיט זיין לייענען דעם עולם ממש בעצויבערט. אָבער פלוצלונג האָט ער זיך שטאַרק פערהוסט און האָט זיך געחאַפּט פאַר׳ן האַרצען. צו דעם גרעסטען בעדויערן פון דער גאַנצער אוידיטאָריע האָט אַנ—סקי געמוזט מפסיק זיין, און איהם האָט פער-ביטען דער אַרטיסט מ אָ ר ע וו ס ק י.

אַנ—סקי האָט זעהר גע׳חלש׳ט זעהן זיין „דבוק" אויף דער יודישער ביהנע. וואוינענדיג ביי אונז אין ווילנאָ, האָט ער וועגען דעם געפרובט פיהרען אונטערהאַנדלונגען אַפילו מיט אַ גאַנץ קינסטלעריש-שוואַכינקער טרופּע.

נישט בעשערט געווען דעם מייסטער פון „דבוק" צו זעהן מיט זיינע אויגען, ווי זיין דיכטערישע שאַפונג געפינט אַלגעמיין פערשטענדניש און אָנערקענונג און ווערט אַ קלאַסיש וועלט-שטיק.

ווילנא.





ב. יאושזאָהן.

# עפּיזאָדען.

## א) מיין ערשטער האָנאָראַר.

אָנגעהויבּען שרייבען האָב איך זעהר פריה. אַ יונגעל פון 16—15 יאָהר, און שוין האָט זיך דער יצר-הרע גענומען צו מיר און מיט פערשיעדענע „איינריידענישען" און „אויסריידענישען" געוועקט און גערייצט אין מיר די תאוה צו שרייבען, און נישט אַזוי צו שרייבען, ווי צו „זיין געדרוקט". וואָס דער בעל-דבר איז דערמיט אויסען געווען און פאַרוואָס עס איז איהם אַזוי שטאַרק געגאַנגען, אַז איך זאָל דוקא „זיין געדרוקט"—ווייס איך עַד-היום נישט. זיכער איז ביי מיר בלויז, אַז ווי צו אַלע זאַכען, צו וועלכע דער בעל-דבר רעדט-צו זיינע קליענטען, האָט ער אויך דערביי מיין טובה נישט געמיינט...

סיי-ווי, אָבּטשעפּען זיך פון דעם „פגע" איז אַ שווערע זאַך. ער האָט מיך געפּאַקט און איך האָב זיך געלאָזט פון איהם פיהרען.

ווי עס איז בעקאַנט יעדען אָנפאַנגער, איז דאָס עצם-שרייבען אַליין פון די „קלייניגקייטען". דאָס רעכטע אומגליק הויבט זיך ערשט אָן מיט'ן וועלען „זיין געדרוקט". דאָס איז אַ מורא'דיגער וועג, פול מיט בזיונות, אויסלאַכעניש, בטול, פערהאַכטונג, „מוסר-זאָגעניש", לויפעניש, ענטטוישונג, פערצווייפלונג, וואָס האָבען שוין נישט איין יונג לעבען פון דער וועלט געבראַכט, נישט איין אָנפאַנגער צו זעלבסטמאָרד געטריבען... מען דאַרף בעזיצען אַן'אייזערנע סבלנות, אום צו קאָנען דאָס אַלץ איבערטראָגען און נישט אַראָבפאַלען פון מוטה. אָבער סבלנות אַליין איז נאָך ווייניג. עס איז זעהר אוך זעהר נויטיג דערצו אַ היבשע דאָזע חוצפּה, גאוה און איינריידעניש, דער עיקר—„בעקאַנטשאַפט" אין די „ליטעראַרישע קרייזען", און היות ווי נישט יעדער אָנפאַנגער איז זוכה געבענשט צו זיין מיט די אַלע מעלות און מדות-טובות, האָבען זיך דערום ביי מיר זעהר גיך אַראָבגעלאָזט די פליגעל און איך האָב שוין כמעט אויפגעגעבען דעם געדאַנק צו „זיין געדרוקט".

יאָ, לאָמיך נישט זאָגען קיין ליגען. „געדרוקט" בין איך שוין איבער דער צייט יאָ געווען. אָבער נישט צו מיר האָט אָנגעהערט דער כבוד און קיינער האָט נישט געוואָלט גלויבען, אַז ס'איז „מיינס". ומעשה שהיה כך היה: כ'האָב אָנגעשריבען אַ „פעליעטאָן" און עס אַוועקגעטראָגען אין דער רעדאַקציע פון דער דעמאָלט איינציגער יודישער טעגליכער צייטונג אין וואַרשא. איינער פון די רעדאַקטאָרען האָט עס ביי מיר צוגענומען, מורמלענדיג עפּיס בייז אונטער דער נאָז, און אין עטליכע טעג אַרום איז דער „פעליעטאָן" געווען געדרוקט, אינגאַנצען, וואָרט ביי וואָרט, געענדערט בלויז די אונטערשריפט: אָנשטאָט מיין פסעוודאָנים האָט דער דאָזיגער רעדאַקטאָר, אַ בעקאַנטער יודישער שרייבער, אונטערגעשריבען זיך אַליין... אומזיסט בין איך געקומען מיט טענות, אומזיסט האָב איך געשריען: אני שלמה. ועלבסטפערשטענדליך, איז דער רעדאַקטאָר, וועלכער האָט מיך נאָך דערצו גוט אויסגעזידעלט פאַר מיין חוצפּה, געווען מעהר בעגלויבט פון מיר. אַ טייל האָבען

געלאַכט, אַנדערע ווידער האָבען מיט בעדויערן געקוקט אויף דעם „מאַניאַק”, וועלכער איז אַפּנים נישט ביים פולען זינען...

אַ שטיקעל צייט האָט זיך דער יצר-הרע געשעמט מיר אין די אויגען אַריין צו קוקען. ער איז געלעגען שטיל אין אַ ווינקעל און מיך נישט געטשעפּעט מעהר. אָבער ביסלעכווייז האָט ער מיך ווידער גענומען אַריינגנאַרען. וואָס ווייטער, אַלץ שטאַרקער האָט ער אין מיר גערייצט די תּאוה: שרייב!

און איך, דער זינדיגער, האָב איהם געפאָלגט און געשריבען.

כ'האָב אָנגעשריבען אַ „וויק-בלאַט”, אַ נאָמען געגעבען איהם: „דער קהל-שגץ” און גענומען זוכען אַנ'„אַרויסגעבער”. דאָס איז אין יענע יאָהרען נישט אַזוי לייכט געווען צו געפינען. ענדליך האָב איך געפּאַקט אַ בעלן: אַ יודישען מוכר-ספרים, אַ פּשוט'ער רומ"ל'ניק, וועלכער האָט צו די „גייע זאַכען” בטבע קיין גרויס שייכות נישט געהאַט. משוה געווען האָט ער זיך מיט מיר פינף רובל, און דאָס אויך בתנאי, „אויב דאָס בלאַט וועט געהן גוט”.

זעלבסטפערשטענדליך, אַז פאַר די פינף רובל, ריכטיגער: פאַר דער הבטחה פון די פינף רובל, האָב איך שוין אויך געמוזט ליעגען גאַנצע טעג אין דרוקעריי, אַכטונג געבען אויף דער אַרבייט, צואיילען די זעצער, מאַכען די „קאָרעקטע”, „געהן אַ גאַנג”, נישט אָבטרעטען פון דער מאַשין בעת'ן דרוקען, איבערצעהלען די עקזעמפּלאַרען, שרייבען קאַרטלעך צו די פּראָווינצער מוכרי-ספרים וועגען „פערשפּרייטונג” פון בלאַט, וכדומה.

דאָס בלאַט איז, צו מיין גרויס פרייד, זעהר גוט „געגאַנגען”, אַזוי אַז מ'האָט עטליכע מאָל צוגעדרוקט, קיין האָנאָראַר אָבער האָב איך אַלץ נישט בעקומען.

צוערשט האָט ער מיך געהייסען וואַרטען עטליכע וואָכען, ביז מען וועט זעהן, „וואָס פּראָווינץ וועט זאָגען” און צי וועט נישט זיין קיין „חזרה”, און ווען עס זענען אַריבער עטליכע וואָכען און קיין „חזרה” איז נישט געווען, האָט ער זיך סתם אָנגעהויבען בייזערן און אויפוויזען, אַז על פּי יושר דאַרף איך נאָך איהם צוצאָהלען. ‎צי דען איז נאָך וועניג פאַר מיר, וואָס ער האָט אַריינגעלעגט געלד און אַרבייט אין מיין „שרייבעכץ”? וואו איז דאָס געהערט געוואָרען—האָט ער גע'טענה'ט—אין דער וועלט, אַז דעם שרייבער, לא-די, וואָס מען נעהמט ביי איהם קיין געלד נישט פאַר'ן דרוקען. זאָל מען נאָך בעצאָהלען פאַר'ן שרייבען?

און מען מוז מודה זיין, אַז לויט די מנהגים און השגות, וואָס האָבען נאָך צו יענער צייט געהערשט אין דער מוכרי-ספרים'שער וועלט, איז ער געוויס גערעכט געווען...

איך בין אָבער נישט אָבגעשטאַנען. טאָג פאַר טאָג בין איך געלאָפען צו איהם. עס איז מיר נישט געגאַנגען אַזוי אין די עטליכע רובל, ווי אינ'ם רייצענדען וואָרט „האָנאָראַר”, ווי אין דער גייסטיגער בעפריעדיגונג, ווי אין דעם שענעם געדאַנק, אַז פאַר „מיין בלויזען טראַכטען מיט'ן קאָפּ” צאָהלט מען מיר געלד און אַז דערמיט אונטערשייד איך זיך פון די געוועהנליכע בשר-ודמ'ס, וועלכע טראַכטען דאָך און קלערען דאָך אויך גאַנצע טעג, און דאָך האָט זייער טראַכטען קיין שום ווערטה נישט...

—גיט מיר חאָטש עפּיס—האָב איך זיך געבעטען ביי איהם, וועלענדיג חאָטש ווי-עס-איז בעפריעדיגען מיין גייסטיגען „איך”.

—קיין געלד נישט—איז מיין מוכר-ספרים אַ ביסעל ווייכער געוואָרען—שוה-כסף קאָן איך אייך געבען.

—זאָל זיין שוה-כסף!—האָב איך געענטפערט אַ צופריעדענער, אַבי חאָטש צו האָבען די אילוזיע פון „האָנאָראַר”, פון בעקומען געצאָהלט פאַר'ן „בלויזען טראַכ-

טען מיט׳ן קאָפּ״.

ער האָט זיך אומגעקעהרט צו דער פּאָליצע, אַרויסגענומען פון דאָרט דאָס ערשטע און בעסטע, וואָס ס׳איז איהם אונטער דער האַנד געקומען, און מיר דערלאַנגט—

אַנ׳איינגעבונדענעס טייטש-חומש, אַ „צאינה-וראינה״ און אַ קליין וויענער סדור׳ל, רעגאַל-פּאַפּיר.

כ׳האָב צוגעחאַפּט דעם „האָנאָראַר״ מיטביידע הענד און בין אַהיים געלאָפען אַ שיינענדיגער, אַ צופריעדענער, אַנ׳איבער-גליקליכער פונ׳ם געדאַנק, אַז דאָס איז פאַר מיין „בלויזען טראַכטען מיט׳ן קאָפּ״.

דאָס טייטש-חומש האָב איך אַוועקגעשאָנקען דער באָבען, עליה השלום, וועלבע האָט יעדען שבת געלייענט דערפון די סדרה מיט זעהר אַ האַרציגען נגון.

און אינ׳ם וויענער סדור׳ל, רעגאַל-פּאַפּיר, דאַווען איך עד-היום...

## ב) שׂנאת־חנם.

ווי וועהטאָגט מיר דאָס האַרץ נאָך היינט און יעדעס מאָל, ווען איך דערמאָהן זיך אָן דעם!

אַ פעטער האָב איך געהאַט: אַ שטילער, אַנ׳ערנסטער, תמיד פערטיפט אין הויכע מחשבות, געלעבט מעהר אויפ׳ן הימעל, ווי אויף דער ערד.

איך האָב זיך געפיהלט צו איהם זעהר צוגעבונדען און איהם ליעב געהאַט, חאָטש ער איז אין זיין פרומקייט זעהר שטרענג געווען, חאָטש מיט זיין שטענדיגען מוסר־זאָגען פלעגט ער אויף יעדערן אַ מרה-שחורה אָנוואַרפען.

כ׳האָב איהם ליעב געהאַט פאר זיין עהרליכקייט, פאַר זיין שטילקייט, פאַר זיין ערנסטקייט.

אַ חלוש, אַ האַרץ־ליידענדער פונ׳ם שפעט-דאַווענען און אָפטע תעניתים, איז ער אין זיינע לעצטע יאָהרען מעהר צו-בעט געלעגען, ווי אַרומגעגאַנגען. כמעט יעדע פאָר טעג פלעג איך אַריינגעהן צו איהם, אָבזיצען שעה׳ן-לאַנג נעבען זיין בעט, וואו ער איז געלעגען מיט אַ חסיד׳יש מוסר-ספר אין האַנד, און ערנסט איינהערען זיך אין זיינע מוסר-רייד, אין זיינע מעשיות פון פערשיעדענע צדיקים און „גוטע יודען״ און זייערע מנהגים, וואָס ער פלעגט דערצעהלען מיט אַ בעזונדער האַרציגער דבקות.

אויך פון מיר האָט דער פעטער שטאַרק געהאַלטען, נישט אַזוי ווייט צוליעב מיינע „כשרונות״ אין לערנען, ווי צוליעב דעם, וואָס ער האָט שטאַרק געהאָפט און איז געווען איבערצייגט, אַז איך וועל געהן אין זיינע דרכים...

אָרימער! צי האָט זיך איהם געקאָנט דען חלומ׳ן אַפילו, אַז דערזעלבער, אויף וועמען ער לעגט אַזוי פיעל האָפנונגען, טראָגט זיך גאָר אַרום מיט אַנדערע פּלענער אין קאָפּ, אַז ער איז שוין, ליידער, „געחאַפּט אין דער מעשה״, אַז ער שרייבט און דרוקט שוין בגנבה „פּעליעטאָנען״ אין פערשיעדענע צייטונגען?

נישט נור דער פעטער, נאָר אַפילו אין דער היים האָט מען דערפון נישט געוואוסט, בלויז אַ לייכטען חשד נור האָט מען געהאַט, אַז עפּיס טראָג איך זיך אַרום מיט פולע קעשענעס מיט פּאַפּיר׳ען, „עפּיס שרייב איך אַלץ אינאיינעם״, אָבער וואָס דאָס איז פאַר אַ מין „שרייבעכץ״—איז מען אַזוי גיך נישט דערגאַנגען.

אין מיין אויפפיהרונג איז, חלילה, נישט קענטיג געווען, אַז איך זאָל זיך האָבען עפּיס וואָס געענדערט...

און פּלוצים—איז עס געשעהן.

מ׳האָט געפונען אין שטוב אַנ׳אָנגעשריבענע זאַך, וואָס כ׳האָב אויס אונפאָר־זיכטיגקייט אַרויסגעלאָזט פון קעשענע. איין בליק דערין—און דער חשד האָט מעהר קיין צווייפעל נישט געבליבען. דער ס׳ד איז אַנטפּלעקט געוואָרען.

מ׳האָט אַוועקגעטראָגען דאָס אָנגעשריבענע פּאַפּיר צום פעטער, ער האָט אַ קוק געטהון—און זיין בלייך געזיכט איז געל געוואָרען, ווי וואַקס. דאָס קראַנקע האַרץ האָט זיך מורא׳דיג געטרייסעלט און זיין לעצט ביסעל אָטעם פערהאַלטען, זוהן מיט זיינע דאַרע ציטערדיגע הענד האָט ער זיך פאַר׳ן קאָפּ אָנגעכאַפּט.

—הלואי—וואָלט—איך—דאָס—נישט—דערלעבט! —האָט ער אויסגערעדט מיט אַלע כחות, ווערענדיג איינגאַנצען בעגאָסען מיט קאַלטען שווייס.

—וואָס שטעהט דען דאָרט? וואָס האָט ער אַזעלכעס אָנגעשריבען? —האָבען די אַרומיגע געפרעגט מיט שרעק, און אַ טיעפע מרה-שחורה האָט זיך איבער אַלע ווענד צולעגט.

—וואָס ער שרייבט — האָט דער פעטער געענטפערט סאָפּענדיג — געהט מיך מעהר נישט אָן. ס׳איז שוין גענוג, אַז מען זעהט, ווען ער שרייבט... ער איז אַנ׳עוכר-ישראל, אַ מומר-להכעיס, ער שרייבט אום יום-טוב! — האָט ער אויסגעשריען נישט מיט זיין קול און איז אַנידערגעפאַלען אויפ׳ן קישען און האָט זיך פונאַנדערגעוויינט.

וואָס אין דערהיים האָט זיך דערנאָך אָבגעטהון — קאָנט איהר זיך פאָרשטעלען..

פון וואַנען עס נעהמט זיך אויף מיר אַזאַ בעשולדיגונג, האָב איך לחלוטין נישט געקאָנט פערשטעהן.

אַ דערשלאָגענער, מיט אַ שווער געמיט, בין איך אַוועק צום פעטער.

דערזעהענדיג מיך אַריינקומען, האָט ער זיך אויסגעדרעהט צו דער וואַנד און נישט געוואָלט אויף מיר קוקען.

—פעטער—האָב איך שטיל, מיט אַראָבגעלאָזטע אויגען, זיך גענומען מתנצל זיין—אַז איך שרייב אין צייטונגען, דאָס לייקען איך נישט, הגם איך קאָן דיר פערזיכערן, אַז אין די דאָזיגע זאַכען איז, חלילה, קיין שום בייז נישטאָ, פערשטעהסט? ס׳איז אַזעלכעס... כ׳ווייס, אַז דו וועסט מיך נישט פערשטעהן... אָבער פון וואַנען דו נעהמסט, אַז איך שרייב אום יום-טוב, דאָס קאָן איך נישט משיג זיין. דאָס איז אַ בלבול, פעטער. איך שווער דיר, אַז ס׳איז אַנ׳אויסגעטראַכטער ליגען!

דאָ האָט שוין דער פעטער נישט געקאָנט איינהאַלטען זיין עקשנות׳דיג שווייגען.

—וואָס?!—האָט ער געשריען און פון זיינע אויגען, וועלכע האָבען גלייך געקוקט אויף מיר, האָט געשפריצט אונענדליכער האַס און צאָרן—אויך שבועות שווערסטו שוין פאַלשע? עוכר-ישראל! און אַז כ׳וועל דיר ווייזען, וואָס דיינע אייגענע הענד האָבען געשריבען, וועסטו אפשר אויך האָבען די העזה אָבצולייקענען?—נאַ, זעה!—האָט ער אַ זאָג געטהון, פערקרימענדיג דאָס מויל פון פעראַכטונג און מיר אונטערגעטראָגען מיט צוויי פינגער דאָס אָנגעשריבענע פּאַפּיר, ווי ער וואָלט זיך עס מיאוס׳ן אין האנד צו האַלטען—נישט נור, וואָס דו שרייבסט אום יום-טוב, נאָר דו ריהמסט זיך נאָך דערמיט, אָנשרייבענדיג דערויף בפירוש די דאַטע: „א פסח״.

איצט ערשט האָב איך פערשטאַנען, פון וואַנען אָט דער מאָדנער בלבול נעהמט זיך.

דער מאַנוסקריפּט האָט אויף זיך געטראָגען די איבערשריפט: „אַ פּסח-פּעליעטאָן". דער פעטער האָט עס געלייענט, ווי צוויי בעזונדערע זאַצען. „א פּסח" דאָס איז די דאַטע, וועלכע מ'איז זיך נוהג אַוועקצושטעלען אויף יעדען בריעף, און בעדייט: א' פּסח, אַז דאָס שרייב איך דעם ערשטען טאָג פּסח און דאָס וואָרט „פּעליעטאָן" איז שוין אַ בעזונדערע זאַך...

אומויסט האָב איך איהם געפּרובט איבערצייגען, אַז דאָס איז אַ פאַלשער, לע-כערליכער פּשט, אומזיסט האָב איך געשוואָרען פאַר איהם מיט די הייליגסטע שבועות, אַז דער פּעליעטאָן איז נישט געשריבען געוואָרען אום יום-טוב, אומזיסט האָב איך געוויינט פאַר איהם, אַז ער איז אַ חושד-בכשרים...

דער פעטער, זענענדיג אין דער מיינונג, אַז ווי באַלד איך בין חשוד אין חלול-יום-טוב, בין איך אין פאַלשע שבועות אודאי חשוד,—איז געלעגען אויסגעדרעהט צו דער וואַנד און האָט עקשנות'דיג געשוויגען.

נישט ריידען, נאָר אַפּילו זעהן האָט ער מיך מעהר נישט געוואָלט.

---

ביי זיין לויה האָב איך ביטער געוויינט.

כ'האָב געוויינט אויף דער אומזיסטער שנאה צו מיר, אויף דעם אומזיסטען חשד, וואָס ער פיהרט מיט זיך אַוועק אין קבר אַריין...

ווי וועהטאָגט מיר דאָס האַרץ נאָך היינט און יעדעס מאָל, ווען איך דער-מאָהן זיך אָן דעם!



מ. מ. דאָליצקי.

# אין אַ קְבָרִים־שטיבעל.

(אַ מעשה׳לע)

און מענשען־שאָטענס, מענש און טויט,
און ביין און הויט,
מיט ליגען אויסגעלאָשענע, אָהן ליכט,
וואָס האָבען לאַנג נישט אָנגעזעהן קיין ברויט,—
אַנטלאָפען זענען פון דעם פיינד, וואָס שעכט,
ווייט ערגיץ אין אַ שטאָדט,
און דאָרט געפונען די בעפעלקערונג געדיכט
מיט וואָגלער אָרימע ווי זיי,
פערגעסענע פון גאָט,
פון מענשען און פון מענשען־רעכט...
דאָרט קלאַפען קאַלטע הערצער זיי אַרום,
און קיינער קוקט זיך אום
אויף זייער עלענד, פיהלט נישט זייער וועה —
זיי זענען פ ר ע מ ד ע, אונגעווינשטע געסט...

אַזוי אין הונגער ווערט דער טאָג פערבראַכט,
און ווען עס קומט די שוואַרצע נאַכט,
נישטאָ אַ רגע וואו
זיך לעגען און געפינען רוה...
דאָרט יעדעס יודיש הויז איז פול
און אָנגעפילט איז אויך די שוהל,
דער מרחץ און שפיטאָל,
דער הקדש און ישיבה, קאָפּ אויף קאָפּ
מיט אָנגעלאָפענע אָהן צאָהל.
דער הונגער שלאָפט דאָרט מיט אַ כראָפּ,
און מיט דעם לעצטען גסיסה־וועה
שטאַרבט איינער אין אַ שטוהל
און פאַלט אויף עטליכע צו דר׳ערד אַראָב,
און
מקנ זענען איהם זיין גרינגען טויט...
דער שטוהל נישט ליידיג שטעהט,
פערנומען האָבען איהם באַלד צוויי:
אַ זאנגען־מאַמע מיט אַ שטרוי —
אַ קינד,
וואָס טהוט אַ ציה דעם אָטעם שווער
און אָטעמט שוין נישט מעהר...

אַזוי
פינף שאָטענס טרוקענע, פערשמאַכט.

אויף אַ בית־עולם וואַנדלען אום
שפּעט אין דער קאַלטער נאַכט,
אָט דאָ נישט לאַנג, אַצינד,
פון אָנהויב יענער וואָך...
זיי זוכען אַ געלעגנער וואו
און קומען צו אַנ׳אוהל צו,
און שטיל און שטום,
דאָס קברים־שטיבעל רייסען־אויף זיי דאָרט,
און אין דער קאַלטער קבר־לאָך
געפינען זיי אַנ׳אָרט
פאַר זייער רוה...
געלעבט ביז איצטער מיט אַ נס,
אָהן עסען גאַנצע פינף מעת־לעת —!
ווי גוט צו האָבען פאַר אַ נעסט
אַ קבר חאָטש, וואָס גאָרנישט קאָסט!
און זאָל דער שלאָף
צום הונגער ברייגגען איצט אַ סוף!...

נעקומען שלאָף איי מיט אַ פראָסט —
ער ברענט!...
איהם פיהלען נישט די געסט,
ווי זייער חבר דאָרט דער מת...
ווי שלאָפט זיך זיי געשמאַק און זים
דאָרט צווישען יענע קאַלטע קבר־ווענט!
דער טויטער, דאַכט זיי, גלעט
די הענד,
די פים...
אַ זאַנפטע וואַרימקייט אַזש ביז
צום האַרץ דערגעהט...
און ליעב ער רעדט:
„חברים, קומט אין שוים פון טויט
און רוה!
וואו עלענד איז נישטאָ און נויט,
וואו מענשען־בעסטיע פוילט אין שטויב
און קיינער „האָט צו טהאָן
מיט מאָרד און רויב!"...
די אורחים שמייכלען צו —
די ליפּען הויבען־אָן
בעוועגען זיך, ווי זיי
געשעפּטשעט וואָלטען איצט צו גאָט אַ לויב,
דערפאַר וואָס קומט
אַ סוף צו זייער וועה —
און באַלד אויף אייביג ווערען זיי פערשטומט...

---

צבי פּרילוצקי.

# די ראָליע פון דער יודישער פרוי

## אין מאָדערנעם יודיש-געזעלשאַפטליכען לעבען.

אַן אויסערליך-בעריכענדעראַרטיגע בילד ערשיינט פאַר אונזערע אויגען, ווען מיר בעטראַכטען די לאַגע פון דער יודישער פרוי און איהר ראָליע אין געזעלשאַפטליכען לעבען אין פערלויף פון אונזער פיער-טויזענד-יעהריגער געשיכטע.

איך וועל דא זיך ניט אָבשטעלען אויף די פרימיטיווע ביבלישע פרויען, וואס די פאָלקס-שאַפונג האט אַרום זייער נאָמען אויסגעוועבט פערשידענע לעגענדעס, ווי, למשל, די „מוטער רחל“, וועלכע איז געוואָרען אַ מין פּאַטראָנעסע פון יודישען פאָלק; זאָגאר וועל דא אָנווייזען אויף מעהר רעאַלע טיפּען, ווי ד ב ו ר ה (די יודישע „יונג-פרוי פון אָרלעאַן“), וועלכע האט אין אַ צייט פון אַ נאַציאָנאַלען אומגליק פעראייניגט אַלע צושפּליטערטע שטאַמען פון פאָלק און זיי געפיהרט צו אַ נצחון איבער'ן שונא. זי האט דערגרייכט אין דער ביבעל צום ראַנג „נביאה“ און צו איהר אָנדענקען איז פערבליבען אין תנ"ך אַזאַ שעהנער עפּאָס, ווי די „שירת דבורה“. אַזעלכע פרויען-טיפּען, אויב ניט פון דערזעלבער מדרגה, זענען, וואַהרשיינליך, געווען נאָך מעהר.

מיר בעגעגענען וויעדער אַ צווייטען טיפּ, שוין ניט אויף'ן העראָאיש-פּאַטריאָטישען, נאָר אויף'ן קולטורעלען געביט: אין ספר „מלכים“ ווערט דערצעהלט, אַז אין יאשיהו'ס צייטען האט מען געפונען אין'ם שאַץ פון בית-המקדש די אור-שריפט פון דער ביבעל, עס זענען נויטיג געווען וויכטיגשאַפטליכע עקספּערטען, אַרויסצוגעבען וועגען דעם אַ מיינונג און צווישען די אויטאָריטעטען איז אויך פערצייכענט דער נאָמען פון דער פרוי ח ו ל ד ה.

אַזעלכע גלענצענדע פרויען-טיפּען פון דער ביבלישער צייט זענען גענוג צו בעווייזען, אַז די יודישע פרוי איז דעמאָלט ניט געווען קיין נידריגגעשטעלט בעשעפעניש אין געזעלשאַפטליכען זין.

אויך פון אַ שפּעטערדיגער עפּאָכע — פון בית-שני יענען פעראייביגט געמען פון פרויען, וואס האָבען געשפּילט אַ ראָליע אין אונזער נאַציאָנאַלען לעבען, ווי די העלדישע י ה ו ד י ת, וועלכע האט געראַטעוועט די שטאָדט בתול פון הולופרנוס, אָדער „חנה, די מוטער פון די זיבען זיהן“.

נאָר נאָך דער שרעקליכער ערשיטערונג, וואס דאָס יודישע פאָלק האט איבערגעלעבט דורכ'ן חורבן — האט זיך די לאַגע געענדערט.

אין תלמוד געפינען מיר שוין אַ כלל מיינונגען, וואס זענען געווענדעט געגען דער גלייכבערעכטיגונג פון דער פרוי. מיר הערען שוין אַזעלכע אויסדריקען, ווי: „אין חכמה לאשה אלא בפלך“ (אַ פרוי פערשטעהט נאָר צו שפּינען), אָדער „המלמד בתו תורה כאילו מלמדה תפלות“ (ווער עס לערנט זיין טאָכטער תורה, איז גלייך, ווי ער לערנט זי געמיינהייטען).

די פרוי האט אין דער שווערער עפּאָכע נאָכ'ן חורבן בעקומען אַן אַנדער געשטאַלט אין געזעלשאַפטליכען זין... ווי אין דער בליהונגס-צייט פון יודישען פאָלק, און אויב אין

די ערשטע דורות (נאכ'ן חורבן) הערט זיך נאך שטימען לטובת די פרויען-רעכט — ווערט מיט דער צייט די לאגע פון דער פרוי אלץ מעהר רעכטלאז.

די וואנדערונגען און די רדיפות, וואס האבען זיך פערשטארקט פון דור צו דור, האבען מיטגעווירקט, אז דער פריער געדאנק זאל בכלל איינגעשרומפען ווערען און דאס האט אויך פערשטארקט די נעגאטיווע בעציהונג צו דער פרוי, בעזונדערס זינט א גרויסער טייל יודען זענען געווארען איינוואוינער פון מאהאמעדאנישע לענדער און די דארטיגע רעכטלאזע און געזעלשאפטליכע בעציהונג צו דער פרוי האט געפונען אנ'אבקלאנג אויך ביי יודען.

אין יענער צייט, ווען ס'האט זיך קריסטאליזירט דאס רעליגיעזע לעבען פון יודענטום אין גלות, איז אנגענומען געווארען דער פרינציפ, אז „נשים פטורות מן המצוות“ (פרויען זענען פטור פון מצוות); די כוונה איז מעגליך געווען א גוטע: גרינגער צו מאכען א ביסעל דעם יאך פון דער „עקרת הבית“ אין דער שווערער צייט פון רדיפות און וואנדערונגען, עס איז אבער דאך געווען א רעכט-בעגרענצונג, דען אויב די פרוי טראגט אויף זיך קיין פליכטען נישט, קאן זי אויך נישט האבען קיין פרעטענזיעס אויף רעכט. דאס איז דאך אנ'אנגענומענער כלל, אז ווער עס האט נישט קיין פליכטען, קאן אויך קיין רעכט נישט פאדערן.

אין צוזאמענהאנג מיט דער רעכטלאזיגקייט פון דער פרוי קאן מען אויך ערקלערען דאס, וואס די טעכטער האט מען נישט געלערנט קיין תנ"ך און קיין יודישע למודים. דער יודישער פרוי איז געבליבען פאלקאם פרעמד די נאציאנאלע שולע — דער חדר, וועלכער האט ביי אלע זיינע חסרונות געהאט אזעלכע אונשעצבארע פערדיענסטען אין נאציאנאלען זין, די דאזיגע שולע, וואו ס'האט זיך געשמידעט און פערהארטעוועט דער יודישער גייסט, אום צו קאנען געבען א ווידערשטאנד די אויסערליכע איינפלוסען. די יודישע פרוי אין אלגעמיין האט אזוי ארום נישט געקאנט זיין בעוואוסטזיניג איבערגעגעבען דעם יודענטום, וועלכעס זי האט נישט ערלערנט און כמעט נישט געקענט, זי איז פערבליבען אין איהר סביבה, ווייל ס'איז איהר געווען פרעמד אויך אנ'אנדער סביבה. זי איז געווען איינגעשלאסען אין „געטא“.

נאר ס'זענען אריבער די פינסטערע צייטען פון מיטעלאלטער און ס'האט זיך אנגעהויבען אנ'איבערברוך אין דער וועלט-געשיכטע.

עס איז אנגעקומען די עפאכע פון „אויפקלערונג“, פון פארטשריט, און די יודען זענען מיטגעריסען געווארען מיט דעם אלגעמיינעם שטראם.

די דאזיגע עפאכע, וועלכע האט צושטערט א סך אלטע פארמען, האט אויך א טריסעל געטהון דעם רעליגיעזען פונדאמענט, אויף וועלכען דאס יודישע לעבען האט זיך פעסט געהאלטען אין גלות, נישט קוקענדיג אויף אלע פערפאלגונגען.

די אלגעמיינע פרייהייטס-בעוועגונג האט געפונען אנ'אבקלאנג אין געטא און האט אריינגערופען מיטקעמפער אין דער יודישער גאס, בעזונדערס אין דייטשלאנד, וואו משה מענדעלסאן איז געווארען דער גייסטיגער אנפיהרער פון דער נייער בעוועגונג, וואס איז בעוואוסט מיט'ן נאמען: „השכלה“.

דער צוועק פון די ערשטע „משכילים“ איז געווען, ערשטענס: „מאכען יודען מענשענגליך“ — און צווייטענס: אויסקעמפען דאדורך בירגערליכע רעכט פאר יודען.

אין זיין פאליטיש-פילאזאפישען ווערק „יערוזאלעם“ בעמיהט זיך מענדעלסאן צו בעווייזען, אז אלע איינוואוינער פון איין לאנד (שטאאטס-אנגעהעריגע) רעכענען זיך אויך אלס איין פאלק אין נאציאנאלען זין און דארפען האבען גלייכע רעכט. היינטיגע צייטען וויסען מיר שוין צו אונטערשיידען צווישען די דאזיגע בעגריפען: עס קאנען זיין „שטאאטס-אנגעהעריגע“, וועלכע בעשטעהען פון פערשיעדענע נאציאנאליטעטען און

פערשידענע שטאטען, און היינט דארף יעדע נאציאנאליטעט האבען דאס רעכט אויף פרייע ענטוויקלונג פון נאציאנאלער אויטאנאמיע; אין מענדעלסאן'ס צייט אבער האט מען נאך דערפון נישט געוואוסט און מ'האט געהערשט די מיינונג, אז די נאציאנאלע מינדערהייטען דארפען איינגעשלונגען ווערען דורך דער מעהרהייט. דעמאלט איז ארויסגעשטעלט געווארען די פאלשע און שעדליכע טעאריע, אז יודען זענען נישט קיין נאציאנאליטעט, נאר בלויז א רעליגיעזער קיבוץ.

מענדעלסאן האט אפילו שום ספק זיך דאן נישט געקאנט פארשטעלען, וואס פאר א צרה די דאזיגע טעאריע קאן ברענגען דעם יודענטום, בעדראהענדיג פשוט זיין עקזיסטענץ.

א טייל פערטיידיגען איהם, אנווייזענדיג, אז ס'האט איהם בכלל געפעהלט דער היסטארישער חוש און דעריבער האט ער נישט פאראויסגעזעהן די סכנה, וואס דראהט דער יודישער עקזיסטענץ פון אזא טעאריע. צו אונזער בעדויערן, האט זיך די טעאריע פערשפרייט זאגאר איבער די גרענעצען פון דייטשלאנד און איהרע רעזולטאטען זענען געווען זעהר טרויעריגע: פון איהר איז ארויסגעוואקסען די א ס י מ י ל א צ י ע, געגען וועלכער מיר מוזען איצט פיהרען אזא פערביטערטען קאמף.

לויט דער טעאריע, אז יודען זענען נישט קיין נאציאנאליטעט איז אויסגעקומען, אז צווישען יודען פון פערשיידענע לענדער איז נישטא קיין נאציאנאלער צוזאמענהאנג און אז ס'איז נישטא קיין יודישע נאציאנאליטעט, זענען דאך ממילא שוין נישט נויטיג די אלע אטריבוטען, וואס זאלען יודען בעצייכענען אלס נאציאנאליטעט: ס'זענען נישט נויטיג קיין בעזונדערע שפראך, קיין בעזונדערע ליטעראטור, קיין בעזונדערע קונסט א. א. וו. א. א. וו. עס בלייבט נור איבער די רעליגיע, אבער אויך זי איז שוין געווארען שטארק אונטערגעגראבען. די אמונה איז צווישען די משכילים אבגעשוואכט געווארען און האט שוין נישט געקאנט געבען די גבורה, דעם מוטה, צו ליידען יסורים פאר'ן יודענטום.

דאך צווישען די מאנספערזאנען האבען זיך נאך געפונען פיעל, וועמען דער „ריח תורה" האט נאך בעלעבט און בייא וועמען די טראדיציע פון ח ד ר, ישיבה, בית-המדרש האט נישט געקאנט פאלקאם אויסגעלאשען ווערען.

אונזער היסטאריקער פראפעסאר גרעץ, דערמאהנענדיג די מיינונג פון א בערלינער דאמע, א משומדה, אז אין אנהויב פון 19-טען יאהרהונדערט האבען אין פערלויף פון 30 יאהר זיך אויסגע'שמד'ט א העלפט יודען פון בערלין, זאגט ער וועגען דעם: „יעדער, וואס האט געלערנט תנ"ך אין דער ערשטער קוועלע און האט געפרובט שרייבען אין דער נביאים-שפראך, האט נישט געהאט אוועקווארפען דאס יודענטום, חאטש ער האט זיך שוין געוואקעלט און געליטען אונטערדריקונג".

אנדערש איז אבער געווען בנוגע די פרויען. אויב בייא די מאנספערזאנען זענען נאך געבליבען אין הארצען פונקען פון יודישקייט, זענען בייא די יודישע פרויען אויך קיין שוואכע פונקען נישט געווען. קיין חדר האבען זיי נישט בעזוכט, קיין יודישע למודים האבען זיי נישט געלערנט און זיי זענען דערום געווען די ערשטע איבערצוגעבען זיך דער פראקטישער אסימילאציע.

אין בערלין, וואו ס'איז געבוירען געווארען די טעאריע פון דער יודישער ענטנאציאנאליזירונג, זענען די ערשטע פאהן-טרעגערינס פון דער קאנסעקווענטער אסימילאציע געווען — דרייא יודישע פרויען.

די ווירקונג פון די דאזיגע דרייא פרויען איז געווען אונגעהויער גרויס, ווייל זיי האבען זיך אויסגעצייכענט פון דער גאנצער סביבה, ערשטענס, דורך זייער נאטירליכער שענקייט און פרויען-צויבער, דורך וועלכע זיי האבען צוגעצויגען צו זיך א סך פערעהר-

רער, בעזונדערס צווישען דער יוגענד; צווייטענס, דורך זייער רייכטום, וואס האט זיי געגעבען די מעגליכקייט, איינצואָרדנען „סאַלאָנען" אין גרויסען אייראָפּעאישען סטיל; דריטענס, דורך זייער בילדונג. זיי האָבען בעהערשט שפּראַכען, געקענט די מאָדערנע אייראָפּעאישע ליטעראַטור, מוזיק, אַ ביסעל קונסט. דערצו פלעגען זייערע „סאַלאָנען" צוציהען בעוואוסטע פּערזענליכקייטען פון דער קריסטליכער געזעלשאַפט.

צוליעב דעם אַלעמען איז דער איינפלוס פון די דאָזיגע פרויען געווען אונגעהויער גרויס.

די ערשטע צווישען די דריי אַסימילאַציע-העלדינס איז געווען הענריעטע הערץ. זי איז געווען די טאָכטער פון אַ שפּאַניאָלישען יוד — אַ דאָקטאָר, דע-לע-מאָס, האט זיך אויסגעצייכענט מיט אַן'אונגעוועהנליכע שענקייט און גראַציע. שוין צו 15 יאָהר האָט זי גאַנץ בערלין געבראַכט אין ערשטוינונג מיט איהר צויבער. די עהמעטיקער פון יענער צייט בעשרייבען יעדע איינצעלהייט פון דער דאָזיגער אונגעוועהנליכער שענהייט, וועלכע איז געווען אַ וואונדער פון דער נאַטור, ווי, למשל, די בעריהמטע פראַנצויזישע הערצאָגין רעקאַמיע, וועלכע האט זיך גאַרנישט געעלטערט און, ווי די ביאָגראַפען דערצעהלען, האט זי אין עלטער פון 70 יאָהר אויסגעזעהן ווי אַ יונגע דאַמע. אויך הענריעטע הערץ איז ביי עטליכע און 50 יאָהר געווען אַזוי שען, אַז דער בעריהמטער שריפטשטעלער בערנע האט צו 17 יאָהר אין איהר זיך שטערבליך פערליעבט.

הענריעטע הערץ האט זיך אויך אויסגעצייכענט מיט זעלטענע גייסטיגע פעהיגקייטען. דער פאָטער האט איהר געגעבען אַ געהעריגע בילדונג און זי געלאַזט לערנען פיעל שפּראַכען. הענריעטע האט גרינדליך געקענט: דייטש, פראַנצויזיש, ענגליש, איטאַליעניש, שפּאַניש, געשפּיעלט שען קלאַוויר, און איז געוואָרען דער „אַבּגאָט" פון דער גאַנצער „גאָלדענער יוגענד" אין בערלין.

דער פאָטער האט מורא געהאַט, זי זאָל נישט פערפיהרט ווערען און האט זי דערום פריה חתונה געמאַכט, געבענדיג איהר פאַר אַ מאַן דעם ד"ר מאַרקוס הערץ, איינער פון מענדעלסאָנ'ס בעסטע תלמידים, וועלכער איז, ווי עס זאָגען עדות זאַך-קענער, געווען אַ גרעסערער דענקער פון זיין רבי'ן מענדעלסאָן. ער האט געשריבען אַ פּירוש צו קאַנט'ס „קריטיק דער ריינען פערנונפט", וואס האט ביי קאַנט'ן שטאַרק אויסגענומען.

ד"ר מאַרקוס הערץ איז געווען איינער פון די גרעסטע דאָקטוירים אין בערלין, האט געהאַט גרויס פּראַקטיק, געמאַכט אַ פערמעגען, אָבער קינדערלאָז, און זיין פרוי הענריעטע האט, אַלזאָ, געהאַט די מעגליכקייט איינצואָרדנען איהר הויז, אַז עס זאָל זיין פון די שענסטע „סאַלאָנען" אין בערלין. איהר וואוינונג איז געווען אַ קליינער מוזעאום פון די טייערסטע קונסט-ווערק, און אין „סאַלאָן" פלעגט קומען די גרעסטע אַריסטאָקראַטיע פון בערלין: דאָרט פלעגט מען טרעפען די ברידער פאָן-הומבאָלדט, פון וועלכע איינער, ווילהעלם, איז געווען אַ בעריהמטער דענקער און דער צווייטער, אַלעקסאַנדער, אַ בעריהמטער נאַטור-פאָרשער. דאָרט פלעגט אַריינקומען דער דיכטער שילער, דער בעריהמטער פראַנצויזישער פּאָליטיקער מיראַבאָ, אויך דער יונגער דיכטער בערנע. אויך אַ פּרינץ פון קעניגליכען הויף איז געווען צווישען די שטענדיגע בעזוכער.

איינער אָבער פון הענריעטע הערצ'ס סאַלאָן-בעזוכער איז געווען דער געפעהרליכסטער פון אַלע, אַראָבצופיהרען הענריעטע'ן פון יודענטום. דאָס איז געווען דער ראָמאַנטיקער שלייערמאַכער.

לויט די בעשטעטיגונגען פון די שריפטשטעלער פון יענער עפּאָכע איז די ווירקונג פון

שליערמאַכער'ן געווען זעהר אַ שעהנע, נישט בלויז אויף העגריעטע הערץ, נאָר אויף אַלע יודישע בעזוכער פון סאַלאָן. ער האט זיי מיט זיין ראָמאַנטיק געבראַכט צום שמד. און אפילו יענע, וואס האבען נישט געמאַכט דעם לעצטען שריט אבצופאַלען פון יודענטום, האבען אפען אַרויסגעוויזען זייער פעראַכטונג צו דער יודישער רעליגיע.

עס איז אַ טרויעריגער פאַקט, אַז כמעט אַלע יודישע בעזוכער פון העגריעטע הערצ'ס סאַלאָן זענען אַבגעפאַלען פון יודענטום. זי זעלבסט האט געוואַרט, ביז איהר מוטער איז געשטאָרבען, נישט וועלענדיג פערביטערן איהר עלטער, און זענענדיג שוין אַ 57-יעהריגע פרוי, האט זי זיך גע'שמד'ט און חתונה-געהאַט מיט איהר פערפריהרער שליערמאַכער.

דער דאזיגער שריט איז פאַר איהר גארנישט געווען שווער, דען וואס האט זי געקאַנט צובינדען צום יודענטום, פון וועלכען זי האט קיין ריכטיגען בעגריף נישט געהאַט? שפראַכען האט מען זי געלערנט אַ סך, נאָר די ביבעל-שפראַך נישט. למודים אויך אַ סך, נאָר — יודישע למודים נישט. דער ריכטיגער גייסט פון יודענטום איז איהר געווען פרעמד; איהר זענען געווען בעקאַנט נור די נעגאַטיווע זייטען פון דער יודישער טראַדיציע: ווי די איבערטריבענע מנהגים, וועלכע זי האט נישט פערשטאַנען, און דאָס מרה-שחורה'דיגע, נישט סימפאַטישע געטאָ-לעבען, דאַנגען די נישט-יודישע סביבה איז איהר פאַרגעקומען אנציהענד. לויט מענדעלסאָנ'ס טעאָריע, ווידער, איז נישט פאַראַן קיין יודישע נאַציאָנאַליטעט און זי געהערט צום דייטשען פאָלק. וואס אַנבעלאַנגט דער רעליגיע, איז עס פאַר איהר נאָר אַ לאַסט, פון וועלכער זי וויל פטור ווערען.

צום שמד איז נור געבליבען אַ קליינער מרחק, וועלכען זי און, לויט איהר איינפלוס, אויך איהרע פערעהרער, האבען דרייסט איבערגעשפאַנט.

אויסער איהרע פיזישע, מאַטעריעלע און גייסטיגע קוואַליפיקאַציעס האט העגריעטע הערץ בעוויזען איבערצולאָזען שטאַרקע שפורען אין דער בערלינער יודישער געזעלשאַפט אויך דאָדורך, וואס זי האט דערגרייכט אַ טיעפע עלטער פון 83 יאָהר (געבוירען אין יאָהר 1764, געשטאָרבען אין יאָהר 1847).

די צווייטע בעריהמטע יודישע פרוי אין בערלין, וואס האט מיטגעווירקט אין דער אַסימילאַציע-בעוועגונג און געהאַט אַ גרויסען איינפלוס — דאַנק איהרע שענקייט, פעהיגקייטען און אַלזייטיגער בילדונג — איז געווען רחל לעווין-וואַרענהאַגען.

ווי בעצויבערענד די דאָזיגע פרוי איז געווען, בעווייזט דער פאַקט, אַז ווען זי איז שוין אַלט געווען פופציג יאָהר, האט זיך אין איהר פערליעבט דער גרויסער דיכטער היינע — יענער גרויסער קענער פון שענקייט און עסטעטיק, און זי פערבייגט אין איינעם פון זיינע פראַכטפולסטע געדיכטען. אויך דער בעריהמטער פראַנצויזישער דיכטער וויקטאָר הוגאָ, ווען ער איז געקומען קיין בערלין, האט ער בעזוכט וואַרענהאַגענ'ס סאַלאָן און זי בעזונגען אין זיין געדיכט „אָריענטאַל“.

וואַרענהאַגען האט ווייט איבערגעשטיגען העגריעטע הערץ דורך איהר נאַטירליכער קלוגשאַפט און אינטעלעקטועלער ענטוויקלונג.

פון איהר טאָג-בוך, וואס איז פערעפענטליכט געוואָרען נאָך איהר טויט, איז צו זעהן, אַז זי האט נישט געהאַט די מינדעסטע ליעבע צום יודענטום. גע'שמד'ט האט זי זיך אין עלטער פון 42 יאָהר, נאָכ'ן טויט פון איהר מוטער, און חתונה געהאַט מיט דעם דיפּלאָמאַט וואַרענהאַגען פאָן ענזע.

נאָך איהר טויט זענען אויך אַרויסגעגעבען געוואָרען איהרע בריעף צו איהרע פריינד און אויך צו איהר מאַן וואַרענהאַגען. אין איינעם פון איהרע בריעף, שוין נאָר אויף דער עלטער, שרייבט זי:

„מיר דוכט, אַז באַלד ווי איך בין געבוירען געוואָרען, איז פאַר מיר ערשיענען

א לעגענדאריש בעשעפעניש און מיך געבענטשט מיט די ווערטער: זאלסט זיין גרויס, זאלסט האבען א גרויסמוטיגען חאראקטער, מיט מעכטיגע געפיהלען, מיט טיעפזיניגע געדאנקען. דאס לעגענדארע בעשעפעניש האט אבער פערגעסען צו צוגעבען די ווערטער: זאלסט זיין א יודישע טאכטער, און דערום בלוטיג איך מיין גאנץ לעבען".

ווען זי איז געלעגען אויפ'ן קראנקען-בעט פאר איהר טויט, האבען זיך אין איהר ווי עפיס אנ'אטאוויזם דערוועקט סימפאטישע געדאנקען פאר'ן יודענטום און זי האט געמורמעלט צו די ארומיגע מענשען:

„מיך וואונדערט, וואס איהר לעבט אזוי שטארק און זארגט אזוי פיעל פאר מיר, די אוועקגעלאפענע פון מצרים און פון ארץ-ישראל. מיט גרויס פריידע טראכט איך וועגען מיין פאלק, מיין געבורט און מיין שיקזאל, וואס האט פעראייניגט די וויטע פערגאנגענהייט, די וויטע לענדער מיט דער געגענווארט".

איהרע רייד האט זי געענדיגט מיט די ווערטער: „דאס, וואס א לאנגע צייט איז ביי מיר געווען א גרויסע שאנד און דאס, וואס איך האב זיך גערעכענט אומגליקליך, פאר וואס איך בין געבוירען געווארען א יודישע טאכטער, דאס אלץ איז ביי מיר איצט זעהר טייער".

ווען די דאזיגע פרוי, וועלכע האט געהאט א קאפ פון א דענקער, וואלט געווען א בעוואוסטזיניגע יודישע טאכטער, וואלט זי געווען געקאנט פיעל אויפטהון פאר איהר פאלק און זיין קולטור, נאר ביי די אומשטענדען, ביי וועלכע זי האט געלעבט און געווירקט, האט זי געבראכט פיעל שאדען דעם יודענטום.

די דריטע פיאנערין פון דער אסימילאציע איז געווען ד א ר א ט ע א, די טאכטער פון משה מענדעלסאן.

עס איז בעוואוסט, אז משה מענדעלסאן האט זיך אין דער היים אויפגעפיהרט גאנץ יודיש, ער פלעגט נישט עסען אהן א היטל, פלעגט זיך וואשען צום עסען און בענשען, וכדומה, און דאך זענען זיין טאכטער ד א ר א ט ע א און די איבעריגע קינדער אבגעפאלען פון יודענטום. דאס האט געגעבען א גרונד א מאל ביאגראפען צו בעשולדיגען משה מענדעלסאנ'ען אין צביעות. אזא מיינונג האט אמשארפסטען ארויסגעזאגט דער בעוואוסטער העברעאישער שריפטשטעלער פ ר ץ ס מ א ל ע נ ס ק י ן.

מען דארף בעמערקען, אז די אלע אויבענדערמאהנטע פיאנערינס פון אסימילאציע האבען געשטאמט פון פרומע הייזער, נאר דערביי האבען זיי נישט געהאט קיין בעגריף וועגען ריכטיגען גייסט פון היסטארישען יודענטום און פון זיינע קולטורעלע אוצרות, בעת די פרעמדע קולטור, וואס זיי האבען שטודירט, איז פאר זיי ערשיענען אין א בעזונדערן גלאנץ, און זיי האט צוגעצויגען זאגאר די פרעמדע רעליגיעזע ראמאנטיק. דאס יודענטום אלס נאציאנאליטעט האט פאר זיי נישט עקזיסטירט, נאכדעם ווי עס איז פיאקלאמירט געווארען די טעאריע, אז יודען זענען נישט קיין פאלק, נאר א מין אבגעשטאנענע רעליגיעזע סעקטע. ביי אזא געדאנקען-גאנג איז קיין וואונדער נישט, וואס זיי האבען דערפיהרט די אסימילאציע ביז צו איהר לעצטער קאנסעקווענץ.

א קרבן פון דער פרעמדער ראמאנטיק איז אויך געווען דאראטעא מענדעלסאן.

אין די יונגע יאהרען האט זי דער פאטער חתונה געמאכט מיט'ן באנקיר שמעון פייט, וועלכער האט נאך אין זיך געהאט א ריח-תורה און איז געווען צוגעבונדען צום יודענטום. דאראטעא'ן האט אבער דאס נישט געשמעקט און נאכ'ן טויט פון איהרע עלטערן האט זי, אין עלטער פון 34 יאהר, שוין האבענדיג 4 קינדער, אוועקגעווארפען דעם מאן, זיך גע'שמד'ט און חתונה-געהאט מיט'ן דייטשען דיכטער — ראמאנטיקער פרידריך שלעגעל.

פון איהרע זיהן זענען די צוויי עלטערע, אויך וועלכע זייער פאטער שמעון פייט

האָט געהאַט מעהר השפעה, פערבליבען יודען, דאַנגען די צוויי יונגערע, וואָס זענען געווען אונטער איהר ערציהונג, זענען אויך אבגעפאַלען פון יודענטום. איינער פון די דאָזיגע צוויי זוהן איז געווען אַ קינסטלער-מאָלער, וואָס האָט געמאָלט היילינע בילדער פאַר די קלויסטערס.

פון די נאַציאָנאַל-יודישע שריפטשטעלער, ווי גרעץ, פרץ סמאָלענסקין, אלעזר שולמאַן, וועלכע טרעטען-אַרויס שאַרף נעגען די דערמאָהנטע בעריהמטע פרויען, פון די אַסימילאַטאָרישע שריפטשטעלער, ווי פראָפ' לודוויג גייגער און קאַיזערלינג, וועלכע בעציהען זיך צו זיי מיט חסד, און אויך די קריסטליך-דייטשע היסטאָריאָגראַפיען אנערקענען די גוואַלדיגע ווירקונג פון די דאָזיגע פרויען אויף דער אינטעליגענטער געזעלשאַפט פון זייער צייט, און אַזוי-אַרום איז לייכט צו פערשטעהן, אַז ווען די דער-מאָהנטע פיאָנערינס פון דער אַסימילאַציע זאָלען געווען האָבען אַ נאַציאָנאַל-יודיש בעוואוסטזיין — וואָלטען זיי געווען אַ גרויס געווינס פאַר די יודישע נאַציאָנאַלע אינטערעסען.

מיר האָבען זיך לענגער אָבגעשטעלט אויף די פיאָנערינס פון דער אַסימילאַציע אין בערלין, צוליעב דעם, וואָס אין דער אַזוי-גערופענער „ערוואַכונגס-עפאָכע“, וואָס נעהמט-אַרום די צייט פון סוף 18-טען און אנהויב 19-טען יאָהרהונדערט, האָט בערלין געשפּיעלט אַ דאָמינירענדע ראָליע צווישען אייראָפּעאישען יודענטום אַלס צענטער פון דער השכלה-בעוועגונג; מען דאַרף אָבער בעמערקען, אַז ניט בלויז אין דייטשלאַנד, נאָר אויך אין אַנדערע לענדער האָבען די יודישע פרויען, וועלכע זענען לויט דער טראַדיציע געהאַלטען געוואָרען פון ווייטענס פון יודיש-קולטורעלען לעבען, זיך אָבגעגעבען מיט אַ גוואַלדיגען אייפער צו דינען דער עקסטער אַסימילאַציע, וואָס איהר קאָנסעקווענץ איז געווען — שמד.

אַט האָבען מיר אַזאַ שנײַדענדען ביישפּיעל פון פראַנקרייך:

דער גרעסטער און איבערגעבענסטער יוד צווישען די פראַנצויזישע יודען פון 19-טען יאָהרהונדערט ווערט מיט רעכט גערעכענט יצחק אַדאָלף קרעמיע. אַלס יוד איז ער פעסט-געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער „דערווייליגער רעגירונג“ אין דער צייט פון דער איבערגאַנגיש אין פראַנקרייך, דער-נאָך איז ער צוויי מאָל געווען יוסטיץ-מיניסטער.

קרעמיע איז געווען אַ גרויסער מלומד-מאַן און געלעהרטער, דערביי אָבער איז ביי איהם פער-בליבען אַ שטאַרקע ליעבע צום יודענטום. פון זיין טעטיגקייט פאַר יודען איז נענוג אנצעווייזען אויף צוויי מאָמענטען: זיין השתדלות בשעת דעם בלוט-בלבול אין דמשק אין יאָהר 1840, ווען די דאָרטיגע יודען זענען דורך די סירישע גרעקען בעשולדיגט געוואָרען אין מאָרד פון גלח טאָמאַס צוליעב רעליגיעזע צוועקען. דער ענין איז געווען זעהר אַ געפעהרליכער, ווייל דער בלוט-בלבול איז אונטערגעשטיצט געוואָרען דורך דעם פראַנצויזישען קאָנסול ראַטי-מענטאָן און לויט זיין בעמיהונג זענען אַרעסטירט געוואָרען די אָנגעזעהענסטע יודישע פאָרשטעהער פון דער געמיינדע אין דמשק, געגען וועלכע מ'האָט אָנגעווענדט אינקוויזיטאָרישע מיטלען אויף אַזוי ווייט, אַז איינגע פון זיי זענען פערפייניגט געוואָרען צום טויט.

ווען מ'האָט זיך וועגען דעם דערוואוסט אין אייראָפּאַ, האָבען זיך אָבגערופען צוויי יודען אַקטיוו צו אינטערווענירען וועגען דעם. איינער איז געווען משה מאָנטעפיאָרע אין לאָנדאָן, און דער צווייטער — אַדאָלף קרעמיע אין פאַריז.

קרעמיע האָט זיך אַוועקגעלאָזט קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, זיך משתדל צו זיין פאַר'ן סולטאַן.

אַדאַנק זיין בעמיהונג, ווי אויך דער בעמיהונג פון משה מאָנטעפיאָרע, איז געלונגען

צו בעפרייען די ארעסטירטע און ארויסבעקומען א „פירמאן“ פון סולטאן, אז מ'טאר קיינמאל מעהר נישט דערוועקען געגען יודען א בעשולדיגונג אויפ'ן באדען פון עלילת־דם.

דאס צווייטע רעזולטאט פון קרעמיעס בעגעגנונג מיט מאנטעפיארע'ן אין אריענט איז געוועזן דער פלאן, וואס איז אין איניגע יאהר ארום פערווירקליכט געווארען — צו גרינדען א יודישע ארגאניזאציע, וואס זאל האבען די אויפגאבע צו פערטיידיגען די אינטערעסען פון יודען אין דער גאנצער וועלט. די דאזיגע ארגאניזאציע האט בעקומען דעם נאמען „כל ישראל חברים“ („אליאנס איזראעליט אוניווערסעל“).

דאס איז געשעהן אין א צייט, ווען די אסימילאציע, וואס האט געשטרעבט די יודען פונאנדערצושיידען און זיי ענטנאציאנאליזירען, איז געווען אין סאמע ברען.

אלס כאראקטעריסטיק פון קרעמיעס בעציהונג צו די יודישע נאציאנאלע גיטער איז גענוג צו דערמאהנען, אז בשעת זיין פרעזידענטשאפט פון דער חברה „כל ישראל חברים“, איז דורך דער דאזיגער חברה געגרינדעט געווארען אין ארץ־ישראל די קאלאניע מיט יענער מוסטערהאפטער לאנדווירטשאפטליכער שולע „מקוה ישראל“, וועלכע עקזיסטירט נאך ביז היינט. ביי דער עפנונג פון דער שולע (אין יאהר 1869) האט קרעמיע אויף דער פלענאר־זיצונג פון דער חברה געהאלטען א זעלטען ווארימע רעדע, וועגען דער צוקונפט פון יודען אין ארץ־ישראל.

קרעמיע איז איינע פון די ליכטיגסטע פערזענליכקייטען אין דער יודישער געשיכטע פון 19־טען יאהרהונדערט.

קרעמיע האט אבער געהאט א פרוי, וועלכע איז געווען אנגעשטעקט מיט'ן אסימילאטארישען גייסט, ווי אנדערע פראגרעסיווע יודישע פרויען פון יענער צייט, און בשעת קרעמיע איז געפאהרען צו ראטעווען דעם יודישען כבוד אין אריענט, האט זיין פרוי אין דעריבער צייט אבגעטהאן א זאך, וואס האט ווייט נישט געשטימט מיט קרעמיע'ס געפיהלען און וואס איהם האט פערשאפט גרויסע שמערצען.

אין פאריז איז דעמאלט געווען א ריין־קאטוילישער פאנסיאן פון א בעוואוסטער גרעפין צו ערציהען קינדער פון דער העכסטער אריסטאקראטיע. קיין נישט־קאטוילישע קינדער פלעגט מען אהין נישט ארייננעהמען. קרעמיע'ס פרוי האט אבער דורכאויס געוואלט ערציהען איהרע קינדער אין דערמאהנטען פאנסיאן און בשעת קרעמיע'ס אבוועזענהייט אבגע'שמד'ט איהרע קליינע קינדער, כדי אריינצוגעבען זיי אין פאנסיאן!

און אט צוליעב דער דאזיגער פיאנערין פון אסימילאציע איז דער גרויסער יודישער (ווי מ'פלעגט רופען קרעמיע'ן) געבליבען אהן יודישע יורשים, שוין נישט רייענדיג וועגען איינגלוק, וואס דער דערמאהנטער פאל האט געהאט אויף אנדערע יודישע מיוחס'דיגע פאמיליעס אין פאריז (ווי פערעירא, פורטאדא און אנדערע, ביי וועלכע די פרויען האבען אויך גע'שמד'ט די קינדער קליינערהייד).

אויך אין מזרח־אייראפא [illegible] עס האבען דערגרייכט די השכלה־שטראהלען פון בערלין און צוזאמען מיט זיי — די אסימילאציע־בעוועגונג, אויך דארט זענען די פרויען געווען די ערשטע פיאנערינס פון דער קאנסעקווענטער אסימילאציע.

א צעטעל פון משומדים איז פערעפענטליכט אינ'ם ווערק פון יעסקע—כאאינסקי „נעאפיצי פאלסצי“ (ווארשא [illegible]); דאס צעטעל איז גענוג גרויס: דארט געפינט מען נעמען פון א סך איצטיגע פוילישע כלל־טהוער, ווי ראטוואנד, זאוואדזקי, טעפליץ, סימאן א. א. נאר דאס איבערגעוויכט צווישען דער פליאדע משומדים האבען פרויען.

עס איז ווערטה צו בעמערקען, אז אדאנק דער ווירקונג פון אסימילאטארישע פרויען זענען אוועק פון יודישען לאגער צוויי ערשט־קלאסיגע פינאנסיסטען.

דער ערשטער איז קראנענבערג. ער איז בעוואוסט דערמיט, וואס ער האט

אויסגעבויט די ערשטע באהנען אין פוילען, אויפגעשטעלט פאבריקען און איבער־הויפט פיעל געטהאן פאר דער עקאנאמישער ענטוויקלונג פון לאנד.

דער צווייטער איז יאן בלאך, אויך אן אייזענבאהנער און גרויס־אינדוסטריעלער, וועלכער איז נאך דערצו בעוואוסט געווען אלס געלעהרטער עקאנאמיסט און איז געווארען וועלט־בערימט דורך זיין ווערק: „די מלחמה פון דער צוקונפט“, אין וועלכען ער האט מיט א יאהר צוואנציג צוריק פאר דער וועלט־מלחמה פאראויסגעזאגט אלע איהרע שרעקליכע רעזולטאטען.

אט ווי אזוי־ארום די דאזיגע זעהר בעגאבטע פערזענליכקייטען זענען אבגעפאלען פון יודענטום:

קיין ווארשא איז געקומען פון דייטשלאנד, אנגעשטעקט מיט'ן אסימילאציע־גייסט, דער דאקטאר לעא. ער האט דא איינגעארדענט א „סאלאן“, אין וועלכען זיינע זעלטען־שעהנע טעכטער האבען גרופירט ארום זיך פערעהרער פון זייער שעהנהייט און מוזיקא־לישען טאלענט.

און אט דעם „סאלאן“ איז קראנענבערג געווען אן'אפטער איינגעהער. ער האט זיך פערליעבט אין איינער פון די שעהנע שוועסטער און לויט'ן ווילען פון זיין געליעבטער, האט ער זיך צוזאמען מיט איהר גע'שמד'ט.

אויך יאן בלאך האט זיך גע'שמד'ט לויט'ן ווילען פון אן'אסימילאטארישער פרוי פון'ם דערמאהנטען „סאלאן“, מיט וועלכער ער האט חתונה געהאט.

מען וואלט געקאנט אויסרעכענען נאך א היבש צעטעל פון פוילישע יודען, וועלכע זענען אבגעפאלען פון יודענטום א דאנק דער ווירקונג פון פרויען.

מיר ווילען דא נור דערמאהנען אן'אויסטערלישען פאקט, אז לעווענטאל, דער אייגענטימער פון „קורירער ווארשאווסקי“, האט זיך גע'שמד'ט שוין אויף דער עלטער און דוקא אין רוים — אויף קאטויליש, לויט'ן ווילען פון זיין צווייטער פרוי — א טאכטער פון מאטיאס בערסאן.

אין רוסלאנד, וואוהין די השכלה־בעוועגונג איז אריינגעדרונגען פון דייטשלאנד, האט די אסימילאציע נישט דערגרייכט אזעלכע עקסטרע פארמען. דאך קאן מען דארט אויך פערצייכנען פאלען, ווען אסימילאטארישע פרויען האבען מיטגעווירקט צום אב־פאל פון יודענטום.

איך וועל דא ברענגען נור איין ביישפיעל: אין פעטערבורג איז געווען בעקאנט מיט איהרע עקסטרע־אסימילאטארישע טענדענצען א געוויסע פרוי — א שוועסטער פון ווענגעראוו, דעם בעוואוסטען קריטיקער און אויטאר פון דער גרעסטער רוסישער ליטעראטור־געשיכטע. זי האט חתונה געהאט מיט לודוויק סלאנימסקי, געלעהרטען יוריסט און רעדאקטאר פון דעם גרויסען רוסישען מאנאט־זשורנאל „וויעסט־ניק יעווראפי“, און האט אנגעהויבען צו צורעדען איהר מאן צום שמד. לאנג איז דאס איהר נישט געלונגען. נאר ווען אויף יודען האבען זיך אנגעהויבען שיטען בעגרענצונגען אין דער צייט פון אלעקסאנדער דעם דריטען, בעזונדערס נאך גירוש־מאסקווע, דעמאלט איז איהר געלונגען צוזאמענצושטעלען א גאנצע גרופע, וועלכע האט זיך מיט אמאל גע'שמד'ט. צווישען זיי איז געווען איהר אויבענדערמאהנטער ברודער ווענגעראוו, איהר מאן לודוויק סלאנימסקי, דער יונגער דיכטער מינסקי (ווילענקין) און נאך אנדערע.

זי האט געפרובט אויך ווירקען אויף דעם רעדאקטאר פון דער גרויסער צייטונג „נאוואסטי“, דעם פאפולערען רוסיש־יודישען זשורנאליסט נאטאוויטש. זי איז געווען זיכער, אז ווען אזא פערזאן ווי ער וועט זיך שמד'ן, וועט דער ביישפיעל ווירקען אויף פיעל אנדערע. איהר איז דאס אבער נישט געלונגען. נאר ווען נאטאוויטש איז איינמאל אבגעפאהרען קיין אויסלאנד, האט די דערמאהנטע אסימילאטארישע פיאנערין ווענגע־

און געווירקט אויף נאטאווישע׳ס פרוי, אז זי זאל אפ׳שמד׳ן איהרע יונגע קינדער, פון איהר בעמיהונג איז געלונגען.

די דערמאהנטע גרופּע האט פּועל מיט געוועקגעלעגט אבצו׳שמד׳ן אויך דעם גרויסען מיטש־יודישען דיכטער פרוג, וועלכער האט דאן צוליעב זיין יודישקייט געליטען אי מיזעריע, אי כמאַראַליש. נאר ביי פרוג׳ס שטארקען נאציאנאלען געפיהל האבען די אַלע פּראבעס נישט געקאנט האבען קיין ווירקונג.

א גרויס אומגליק איז געווען פאַר׳ן יודענטום די טעטיגקייט פון דער מאדערנער יודישער פרוי אויפ׳ן באדען פון דער אַסימילאַציע. מיר מוזען אבער אנערקענען, אז דאס איז געשעהן צוליעב דער אייגענער שולד, וואס מ׳האט דערוויטערט די יודישע טעכטער פון אונזער־אייגענע נאציאנאַל־קולטורעלע אוצרות.

אַנטקעגען דער צושטערונגס־ארבייט פון די פּיאנערינס פון דער אַסימילאַציע שטייט בעזונדערס העל די פּאזיטיווע טעטיגקייט פון איינציגע בעוואוסטע יודישע פרויען אויפ׳ן יודיש־נאַציאנאַלען באדען.

דאס זענען געווען אַזעלכע פרויען, וואס האבען פערמאגט אַ שטארק יודיש בעאוסטזיין, און דאס האט געבראַכט זעהר גינסטיגע רעזולטאַטען אין נאַציאנאלען זין.

אַזוי, למשל, איז בעוואוסט, אַז די פרוכטבארע טעטיגקייט פון משה מאנטעפיארע האט פּועל צו פערדאַנקען דעם איינפלוס פון זיין מאנטעפיארע׳ס פרוי יהודית.

יהודית מאנטעפיארע איז געווען אַ פאלקאם בעוואוסטזיניגע יודישע פרוי. זי האט געקענט גאַנץ תנ״ך, חומש אין דער ענגלישער איבערזעצונג, אויף אויסווענדיג, אויף אַזוי ווייט, אַז ווען איהר מאַן האט געוואלט ווייסען אַ פסוק אויף ריכטיג, פלעגט ער זיך ביי איהר אנפרעגען; זי איז אויך געווען בעקאנט מיט דער יודישער געשיכטע און ליטעראַטור וועגען יודען. נאר דאס האט זי נאך אויך נישט בעפרידיגט, זי האט זיך גענומען פאַר נויטיג צו לערנען העברעאיש, כדי צו שעפּען די קענטנישען פון יודענטום פון די ערשטע קוועלען.

מיט איהר יודישער וועלט־אנשויאונג און אויפפיהרונג האט זי געהאַט אויך אַ ווירקונג אויף די אינטעליגענטע יודישע קרייזען אין ענגלאַנד.

מ׳דאַרף בעמערקען, אַז אין דער צייט, ווען די אַסימילאַציע־חוואַליע האט זיך פונאנדערגעגאסען, האט זי דערגרייכט אויך קיין ענגלאַנד און האט אויך אוועקגענומען פּיעל קרבנות פון יודענטום. אַזוי, למשל, האבען די יודישע עלטערן אַליין אבגע׳שמד׳ט דעם יונגען דיזראַעלי (שפּעטערדיגער לארד ביקאנספילד און פרעמיער־מיניסטער); אויך האט זיך דאַן גע׳שמד׳ט מיט זיין פאַמיליע דער בעוואוסטער גאלדסמיט (אַ פאטער פון קאַלאַגעל גאלדסמיט, וועלכער איז צוריק געווארען אַ יוד, ווען ער איז שוין אַלט געווען 25 יאהר), און עס איז דאַן געווען אַ סכנה, אַז דאס אבפאַלען פון יודענטום וועט אננעהמען אַן׳עפּידעמישען כאראַקטער ווי אין בערלין. נאר זינט אויפ׳ן הארויזאנט פון ענגלישען יודענטום האבען זיך בעוויזען די ביידע צוויי שטערען — באראָנעט משה מאנטעפיארע און יהודית מאנטעפיארע — האט די בעציהונג צום יודענטום אין די ענגליש־יודישע קרייזען אנגענומען גאר אַן׳אַנדער ווענדונג.

ווען דער גרויסער דיכטער לארד בייראָן האט אַרויסגעגעבען זיינע „יודישע מעלאָדיען“, איז יהודית מאנטעפיארע דורך זיי אַזוי בעגייסטערט געווארען, אז זי האט זיך פארגענומען, דאס זי מוז בעזוכען דאס היסטאָרישע יודישע פאטערלאַנד. זי האט געווירקט אויף איהר מאַן, ער זאל, אין יאהר 1827, מאַכען די ערשטע רייזע קיין ארץ־ישראל, זי איז מיט איהם מיטגעפאהרען יעדעס מאל און איהם דערוועקט דארט צו פרוכטבארער טעטיגקייט אויפ׳ן געביט פון אויפלעבען ארץ־ישראל.

אין מאנטעפיארע׳ס בעשרייבונגען וועגען אַלע זיינע נסיעות דערמאהנט ער, אַז

אדאנק דער מיטווירקונג פון יהודית איז ער געפאהרען זיך משתדל זיין פאר יודען קיין קאנסטאנטינאפאל, מאראקא, רומעניען, רוסלאנד.

א צווייטע פרוי פון מאדערנעם יודישען אדעל, וואס האט געווירקט אינ'ם זעלבען גייסט, וואס יהודית מאנטעפיארע, איז אדעלאאידע ראטשילד.

זי איז געבוירען אין פראנקפורט-אם-מאין, וואו די יודישע געמיינדע האט בעוויזען צו פערבלייבען ביים טראדיציאנעלען יודענטום, נישט קוקענדיג אויפ'ן אסימילאציע-שטורם, וואס האט מיט א געוואלטיגען אימפעט זיך דורכגעטראגען איבער גאנץ דייטשלאנד.

אין יענער שטאדט, וואו ס'איז אויסגעוואקסען דאס הויז ראטשילד, איז פערבליבען א פאמיליען-מיטגליעד, וואס האט זיך מיט זיין צוגעבונדענקייט צו יודישקייט שארף אונטערשיידעט פון די אנדערע פאמיליען-מיטגליעדער, וועלכע האבען איבערגעוואנדערט קיין לאנדאן, פאריז, וויען.

אין דער צייט, ווען די אסימילאציע האט נאך געהערשט מיט דער גאנצער קראפט אין מערב-איירופא (אין דער צווייטער העלפט פון 19-טען יאהרהונדערט), איז דער פראנקפורטער בעוואוסט געווען אין די יודישע קרייזען מיט'ן נאמען דער „פרומער ראטשילד“. ער האט געפיהרט א גאנץ מאדערן און רייך הויז נישט ערגער ווי אלע איבריגע ראטשילדס און דערביי זיך פעסט געהאלטען ביים טראדיציאנעלען יודענטום.

זיין טאכטער אדעלאאידע האט פון זיין הויז ארויסגעטראגען א שטארק יודיש בעוואוסטזיין, וואס האט לכתחילה באזירט אויף איהר יודיש-רעליגיעזען געפיהל און האט זיך שפעטער פערפעסטיגט דורכ'ן נאציאנאלען אידעאל.

ווען אדעלאאידע האט חתונה געהאט פאר איהר קרוב אין פאריז עדמונד ראטשילד (א זוהן פון דזשעמס ראטשילד), וועלכער איז געווען פערהעלטניסמעסיג ווייט פון יודענטום, האט זי אויף איהם געווירקט אין יודישען גייסט און איהם געבראכט דערצו, אז ער זאל זיך שטעלען אן דער שפיץ פון דער אויפבוי-ארבייט אין ארץ-ישראל.

כאראקטעריסטיש איז פאלגענדער עפיזאד: ווען ס'איז געלעגט געווארען דער פונדאמענט צום נייעם יודישען ישוב אין ארץ-ישראל אין אנהויב פון די 80-ער יאהרען פון פאריגען יאהרהונדערט און אלע געלד-מיטלען פון די ערשטע פיאנערען זענען אויסגעשעפט געווארען אויף אזוי פיעל, אז ס'האט געדראהט אנ'אונטערגאנג דער גאנצער אונטערנעהמונג, איז איינער פון די ערשטע „חובבי ציון“ ר' שמואל מאהילעווער ז"ל (ביאליסטאקער רב) געפאהרען קיין פאריז זיך משתדל זיין ביים דעמאלט בעוואוסטען יודישען פילאנטראפ באראן הירש וועגען שטיצע. די דאזיגע השתדלות האט זיך נישט איינגעגעבען, ווייל דער באראן הירש איז נישט בעגייסטערט געווארען פון יודיש-נאציאנאלען אידעאל. דעמאלט האט דער הויפט-ראבינער פון פראנקרייך צדוק הכהן, וועלכער האט יא סימפאטיזירט מיט'ן נאציאנאלען אידעאל, אויפמערקזאם געמאכט דעם „שתדלן פאר ציון“ (ווי ער האט אנגערופען ר' שמואל מאהילעווער), אז עס איז פארהאן אין פאריז א יונגערמאן פון יודישען אדעל, וועלכער האט געהייראט א פרוי — אנ'איבערגעגעבענע יודישע טאכטער, וואס אינטערעסירט זיך שטארק מיט יודישער געשיכטע און ליטעראטור און בכלל מיט יודישע אנגעלעגענהייטען; צוליעב איהר האט אייך דער מאן אנגעהויבען צו ערלערנען די יודישע וויסענשאפט און זיך אינטערעסירען מיט יודישע כלל-זאכען, דערום דארף מען זיך פרובען ווענדען אין דער דאזיגער ריכטונג.

צדוק הכהן איז טאקע געווען דער פערמיטלער, וואס האט צונויפגעפיהרט דעם „שתדלן פאר ציון“ מיט'ן יונגען פילאנטראפ.

און מערקווירדיג איז, אז אדעלאאידע האט זיך זעהר הייס אבגערופען אויף די

פילענער פון ר' שמואל מאהיליעווער און האט געהאט א דעצידירענדע ווירקונג ביים בעשליסען די הילפס-ארבייט, וואס איהר מאן האט פארגענומען, דורכדעם, וואס זי האט זיך בעטייליגט דערין מיט בעדייטענדע אייגענע געלד-מיטלען, וואס זי האט בעקומען אלס נדן און אלס ירושה פון איהר פאטער.

אדאנק דער דאזיגער הילפס-ארבייט איז דער נייער יודישער ישוב אין ארץ-ישראל דערהאלטען געווארען און האט אויפגעבליהט.

ביי אלע רייזעס פון באראן עדמונד ראטשילד (הנדיב הידוע) קיין ארץ-ישראל איז אדעלאאידע מיטגעפאהרען, האט זיך בעזונדערס אינטערעסירט מיט'ן קאלאניסטען-לעבען און זיך זעהר געפרעהט מיט'ן ניי-געשאפענעם ישוב אין היסטארישען יודישען פאטערלאנד.

פערזאנען, וועלכע שטעהען נאהענט צו דער זאך, בעשטעטיגען, אז די אלע בעראטונגען אין פאריז וועגען די אנגעלעגענהייטען פון דער קאלאניזאציע, וועגען פערשפרייטען פון פאלעסטינא-ווייז א. א. וו. האט אדעלאאידע בייגעוואוינט און ארויסגעוויזען גאך מעהר אקטיוויטעט, ווי איהר מאן עדמונד ראטשילד.

מיט איינעם ווארט: דער פרוי אדעלאאידע האט מען צו פערדאנקען דאס, וואס עדמונד ראטשילד האט זיך אויפגעהויבען אין נאציאנאלען זין העכער איבער אלע אנדערע ראטשילדס און געווידמעט א היבשען קאפיטאל דער אידעע פון דער יודישער אויפלעבונג אין ארץ-ישראל.

אלס רעזולטאט פון דער נאציאנאלער שטימונג איז אויך געוועזען דער בעוואוסטער, זעהר דרייסטער שריט פון אט דעם ראטשילד אין יאהר 1891— ווען נאך דעם גירוש מאסקווע האט ער זיך אבגעזאגט צו מאכען א הלואה רוסלאנד, נישט-קוקענדיג דערויף, וואס די אונטערהאנדלונגען צווישען רוסישען פינאנץ-מיניסטער מיט זיין באנק זענען שוין געוועזען פערענדיגט און דער קייזער אלעקסאנדער דער דריטער האט שוין געהאט איינגעשריבען דעם קאנטראקט וועגען די בעדינגונגען.

ווי אזוי אדעלאאידע ערציהט איהרע קינדער קאן מען אורטיילען לויט דעם, וואס איהר בן-יחיד ד ז ש ע מ ס איז ווי א מין שד"ר ארומגעפאהרען אין אמעריקא צו ווערבירען מיטגליעדער פאר'ן „עקאנאמישען ראט“, וואס האט די אויפגאבע אויפצובויען די יודישע היים אין ארץ-ישראל. דער דאזיגער דזשעמס ראטשילד איז דער א י נ צ י ג ע ר צווישען יודישען אדעל, וואס האט די מעגליכקייט צו האלטען רעדעס אויף העברעאיש — א דאנק דער ווירקונג פון זיין מוטער.

---

די אויבענדערמאהנטע ביישפיעלען וועגען דער נעגאטיווער און פאזיטיווער ראָליע פון דער יודישער פרוי אין מאדערנעם יודיש-געזעלשאפטליכען לעבען זענען זעהר בעלעהרענד און פערדיענען, אז די אמת'ע פריינד פון יודישען פאלק זאלען וועגען דעם א טראכט-טהון!

פראפ' ד"ר מאיר באלאבאן.

# צו דער געשיכטע פון די יודישע דרוקערייען אין פוילען.

(ארכיוו-שטודיען)

## I.

## די ערשטע דרוקעריי און דער ערשטער לשון-קודש'דיגער און יודישער ספר.

דאס דרוקען לשון-קודש'דיגע ספרים איז כמעט אזוי אלט, ווי די דרוקעריי-קונסט בכלל. שוין אין יאהר 1475 געפינט זיך א העברעאישע דרוקעריי אין רעדזשיא און אין פיאווע די סאקא, אין איטאליען.

א יאהר שפעטער איז געגרינדעט געווארען א דרוקעריי פון לשון-קודש'דיגע ספרים אין מאנטוא, אין יאהר 1481 — אין פארא (פארטוגאל), אין 1482 — אין גוואדאלאכזאר (שפאניען), אין יאהר 1503 — אין קאנסטאנטינאפאל, אין יאהר 1508 — אין פאריז, אין יאהר 1512 — אין טיבינגען (דייטשלאנד), אין יאהר 1515 — אין סאלאניקי, אין 1528 — אין האלאנד, און ערשט אין 1534 — אין פוילען.

דעם 13. מאי 1534 איז ארויס פון דרוק דער ערשטער העברעאישער ספר אין פוילען, „שערי דורא" — א רעליגיעז ווערק פון ר' יצחק פון דירען, דייטשער רב אין די יאהרען 1320—1330. דער ספר איז געדרוקט אין קראקא, אין דער דרוקעריי פון די ברידער האליץ אדער העליץ: שמואל, אשר און אליקום, זיהן פון חיים העליץ. די דאזיגע ערשטע יודישע דרוקער איז פוילען האבען געשטאמט — ווי מען זעהט פון זייערע נעמען: האליץ אדער העליץ — פון האליטש אין „טשערווא-נא רוס", און דאס זעהט מען אויך פון זייער לאטיינישער אונטערשריפט "Judaei Halicienses". די נייע דרוקעריי עטוויקעלט זיך שנעל: די פוילישע יודען נויטיגען זיך אין ספרים און אין די בתי-מדרשים און ישיבות געפינען זיך טויזענדער יונגע-לייט. די האליצעס דרוקען די ווערק פונ'ם לובלינער רב ר' שלום שכנא, און פון די אלטע ספרים — די ווערק פון רבי יהודה הלוי און אנדערע. אבער די ברידער האבען נישט געקאנט לעבען בשלום און זייער שותפות ווערט צוריסען. שמואל העליץ טראגט זיך אריבער קיין אלווא (עלס) אין שלעזיען, וואו ער עפענט אן אייגענע דרוקעריי, אבער שוין דעם 1. סעפטעמבער 1535 ווערט זיין דרוקעריי צושטערט דורך א שרעקליכען שטורם, וואס האט זיך איבערגעטראגען איבער אלווא. לערך 60 הייזער זענען דורך דעם דאזיגען שטורם חרוב געווארען, און אין איינעם פון זיי זענען צובראכען געווארען די דרוק-מאשינען, און צוריסען און צוטראגען געווארען דער גאנצער גרויסער זאפאס פאפיר. שמואל האט דאן פערלאזט שלעזיען און זיך לאנג ארומגעבלאנקעט אויף דער וועלט, ביז ענדליך האט ער זיך, לערך אין יאהר 1553, בעזעצט אין קאנסטאנטינאפאל אין צוריק זיך אנגעהויבען בעשעפטיגען מיט דרוק-ארבייט.

די איבריגע ברידער, אשר און אליקום, האבען צו זיך צוגענומען זייער פיערטען

ברודער, און ווײַטער געפֿיהרט אין קראָקאָ זײער דרוקערײַ. אָבער וואונדערליכע גלגולים און סבות האָבען זײ אַרויסגעריסען פֿונ'ם יודענטום, און אַלע דרײַ ברידער זענען אַריבער צום קאַטוילישען גלויבען. דאָס איז געווען די צײַט, ווען אין פּוילען האָט זיך אַנטוויקעלט די רעפֿאָרמאַציע; פֿיעל „אַנדערש־גלויביגע“ האָבען זיך אַרומגעדרעהט אין קראָקאָ, דאָ האָט געלעבט און געווירקט יאַן טשעשיעסקי, דער תּלמיד פֿון ערַאַזמוס פֿון ראָטערדאַם, און נעבען איהם און צוזאַמען מיט איהם פֿרימש מאָדזשעווסקי, פּזשילוסקי און דער דרוקער וויעטאָרקאַ. געגען די דאָזיגע רעפֿאָרמאַטאָרען איז אַרויסגעטראָטען מיט'ן גאַנצען ברען פֿון רעליגיעזען פֿאַנאַטיזם דער קראָקאָווער בישוף פּיאָטר גאַמראַט, און מיט פֿײַער און שווערד בעמיהט ער זיך אויסצוראָטען די „פֿענײַער“. ווי עס שײַנט, האָט די מיה פֿון גאַמראַט נישט פֿיעל געהאָלפֿען, ווײַל באַלד אין קראָקאָ גופֿא האָט די אַכטציג־יעהריגע פֿרוי קאַטאַרזשינאַ מעלכיאָראָוואַ וואַיגעל זיך עפֿענטליך בעקענט צו דער יודישער אמונה, און נישט קוקענדיג אויף די בקשות און דראָהונגען, האָט זי נישט געוואָלט אָפּרופֿען איהר בעקענטניש. לוקאַש גורניצקי, דער פּראָפֿעסער פֿון „דוואָרזשאַנין“, דערצעהלט אויספֿיהרליך וועגען דער וואַיגעל'ס פּראָצעס און ווי מען האָט זי פֿערברענט אויפ'ן קראָקאָווער מאַרק, אין דער געגענוואַרט פֿון אַלע גײַסטליכע און אַ גרויסען המון (1539). אָבער גאַמראַט האָט זיך נישט בעגנוגנט מיט'ן פֿערברענען די דאָזיגע אײנציגע פֿרוי; ער האָט געוואָלט בעזײַטיגען די „אויפֿרעגענדע בײַשפּיעלען“. ד. ה. אַלע יודען פֿון קראָקאָ, און ער האָט אַנגעהויבען אײנע איבעררעדען צום שמד, די אַנדערע, אײַנגעעקשנ'טע, אַרויסטרײַבען און רודפֿ'ן.

אויף דעם דאָזיגען באָדען איז וואַהרשײנליך פֿאָרגעקומען דער שמד פֿון די דרײַ ברידער — יודישע דרוקער, און שוין לערך אין יאָהר 1537 האָבען מיר, אַנשטאָט אשר, אליקום א. א. וו., די נײַע קריסטען: אַנדזשײ, יאַן און פּאַוועל, וועלכע האָבען נאָך ווײַטער אַ בשותּפֿות'דיגען סקלאַד פֿון יודישע רעליגיעזע ספֿרים, רײַך פֿערפֿולט מיט אײגענע און פֿרעמדע אויסגאַבען. ווי צו־להכעיס זײערע פֿריהעריגע גלויבענס־ברידער, דרוקט יאָהאַננעס העליץ דעם „טורים“ פֿון רבינו יעקב בן אשר און בעצײכענט די דאַטע פֿון דער אויסגאַבע „Anno incarnationis Domini 1538“, און נעבען העברעאישע ספֿרים הויבט ער אָן אַרויסגעבען מיסיאָנערישע ווערק פֿון דער קאַטוילישער טעאָלאָגיע. דער צווײטער ברודער — אַנדזשײ — האָט זיך אַריבערגעצויגען קײן ברעסלוי, וואו ער האָט אין יאָהר 1538 געעפֿענט אַן אײַנבינדערײַ און בעקומען בירגער־רעכט. די צערעמאָניע פֿון אײַנגעשריבען ווערען אין די שטאָדטישע ביכער איז פֿאָרגעקומען דעם 29. יאַנואַר; דער שטאָדטישער שרײַבער האָט קאַליגראַפֿיש אויסגעשריבען דעם נאָמען „אַנדרעאס העליץ, דער בוכבינדער, אַ געטויפֿטער יוד“, און איהם אַרויסגעגעבען אַ פּאַטענט מיט פֿיעל חתימות.

דער ריהרעוודיגסטער פֿון די ברידער — פּאַוועל — איז אַרומגעפֿאָהרען איבער דער גאַנצער מלוכה, זוכענדיג קונים פֿאַר זײַנע העברעאישע און לאַטײנישע געדרוקטע ווערק. אויפ'ן וועג האָט ער זיך בעשעפֿטיגט אויך מיט מיסיאָנערישער אַרבײַט, און געזוכט שאַפֿן פֿאַר זײַן נײַער סטאַדע. איהם איז געלונגען, איבעררעדען אָדער צווינגען צום אַננעהמען די קאַטוילישע רעליגיע 14 יודען און יונגע יודישע טעכטער אין פּויזנאַ (1537). דער פּויזנער בישוף אַלײן האָט אויסגעפֿיהרט די טויף־צערעמאָניע, אין דער געגענוואַרט פֿונ'ם וואָיעוואָדאַ לוקאַש גורקאַ, פֿיעל פּערזאָנען פֿון דער שליאַכטע און שטאָדטישע אײַנוואוינער, דעם מאַגיסטראַט פֿון פּויזנאַ, די ה"ה פֿון דער „ראַדע און לאַווע“. די געטויפֿטע מײדלעך האָבען בעקומען פֿון זײערע טויף־פֿאָטערס צו 10 מ. אויף אויסשטאַיערונג. צווישען די משומדים האָט זיך, וואַהרשײנליך, געפֿונען פּאַוועל'ס זוהן, וואָס האָט

ביים שמד בעקומען דעם נאָמען פון זיין פּאַטראָן, דעם וואָיעוואָדע גורקאַ: לוקאַש.

די דאָזיגע אויפפירונג פון די דרוקער האָט אויפגעבראַכט די יודען, בעזונדערס די פּרנסים פון דער קראָקאָווער קהלה; דער ענטפער אויפ'ן שמד איז געווען אַ באָיקאָט: קיין שום יוד טרעט נישט אַריבער די שוועל פון'ם קראָקאָווער ביכער-מאַגאַזין, די ביכער ליגען אויף די פּאָליצעס, די דרוקעריי האָט נישט קיין אַרבייט. אָבער די האָליצעס האָבען זיך נישט דערצו געשמד'ט, כדי צו ליידען פון די „אונגלויביגע זשידעס". נישט אומזיסט האָבען זיי אַן'אַפּאָטרופּוס אין דער פּערזאָן פון'ם בישאָף גאַמראַט. דורך איהם בעקומען זיי אַ צוטריט צום הויף, און דער קעניג, זיגמונט „דער אַלטער", בעשטימט אין יאָהר 1537 אַ קאָמיסיע, אויסצופאָרשען און ברעכען דעם באָיקאָט פון זייער בוכהאַנדלונג. אין דער קאָמיסיע זענען אַריין, אויסער גאַמראַט'ן אַליין: סעבאַסטיאַן בראַניצקי, כעלמער בישאָף און פּויזנער נאָמינאַט, סאַמועל מאַצעיעווסקי — קעניגליכער מאַרשאַלעק און כעלמער נאָמינאַט, סעווערין באָנער, דער קאַשטעלאַן פון ביעטש און דער קראָקאָווער וואָיעוואָדע קמיטאַ. די דאָזיגע קאָמיסיע האָט בעפוילען, צו מאַכען אַן'אינווענטאַר פון דער בוכהאַנדלונג, און אַ דאַנק דעם בעזיצען מיר איינעם פון די עלטסטע קאַטאַלאָגען פון אַ העברעאישער בוכהאַנדלונג אין פּוילען. אין סקלאַד ביי די האָליצעס האָבען זיך געפונען: 800 עקזעמפּלאַרען מחזורים, 850 סליחות, 500 טורים, 400 יוצרות, 300 מנהגים, 200 זמירות אין אַ גרעסערער אויסגאַבע און 300 אין אַ קלענערער. דאָס איז געווען די ליטעראַטור, וואָס די יודישע פאַמיליעס אין יענער צייט האָבען נעפאָדערט; קיין ש"ס ופוסקים האָט מען נאָך דעמאָלט אין פּוילען נישט געדרוקט; מען האָט זיי געבראַכט פון אויסלענדישע דרוקערייען, בעזונדערס פון דניאל באָמבערג אין ווענעדיג, און פון דער דרוקעריי פון די סאָנצינאַטעס. די קראָקאָווער דרוקערייען האָבען אין יענער צייט צוגעשטעלט נאָר ביליגערע ספרים און די סאַמע נויטיגסטע. אַלע ספרים צוזאַמען (3350 בענדער) האָט די קעניגליכע קאָמיסיע אָבגעשאַצט אויף 1600 פּוילישע גילדען, ד. ה. דורכשניטליך אַ האַלבען גילדען אָדער 15 גראָשען פאַר אַ באַנד. דעם דאָזיגען גאַנצען זאַפּאַס האָט מען אָבגעגעבען דער יודישער קהלה אין קראָקאָ און זי געצוואונגען בעצאָהלען די האָליצעס די גאַנצע סומע אין 12 ראַטעס, אין משך פון דריי יאָהר.

אַזוי זענען די האָליצעס פּטור געוואָרען פון זייערע יודישע ספרים, און פון דעמאָלט-אָן האָבען זיי שוין געקאָנט דרוקען בלויז „קריסטליכע סחורה". דאָס טהוט טאַקע יאַן, וועלכער דרוקט אין זיין דרוקעריי קאַטוילישע און טעאָלאָגישע ווערק, ווי, למשל, דעם „שפּיגעל פון אפּיקורסים" — „Speculum Hereticorum fratris Ambrosii Catharini Politi Senensis", דעם סטאַטוט פון די דאָמיניקאַנער און פיעל אַנדערע. דאָס לעצטע אונז בעוואוסטע ווערק ערשיינט פון דער דאָזיגער דרוקעריי אין יאָהר 1561.

אַנדערש פירט זיך אויף זיין ברודער פּ אַ וו ע ל. ביי דער צוטיילונג פון דער דרוקעריי האָט ער בעקומען די העברעאישע שריפט, און האָט בעשלאָסען, זי אויסצונוצען פאַר יעדען פּרייז. די געלונגענע מיסיאָנערישע אַרבייט אין פּויזען האָט איהם געטריבען צו דער אַרבייט פון שמד'ן יודען און, זענענדיג אָבגעשטויסען פון זיי, האָט ער בעשלאָסען ווירקען אויף זיי דורכ'ן געדרוקטען וואָרט. מיט עטליכע יאָהר פריהער איז ערשיענען אין דייטשלאַנד די איבערזעצונג פון'ם „ברית חדשה" דורך מ אַ ר ט י ן ל ו ט ה ע ר. פּאַוועל, וועלכער איז געווען אַ הייסער קאַטאָליק און אַ חשוב ביים ערצ-קאַטוילישען קראָקאָווער בישאָף, מאַכט נישט קיין שהיות, און דרוקט אין זיין דרוקעריי די דאָזיגע איבערזעצונג מיט ה ע ב ר עֶ א י ש ע ב ו כ ש ט אַ ב ע ן, צום געברויך פון זיינע פריהערדיגע גלויבענס-גענאָסען און צו קאָנען זיי אָברייסען פון יודענטום. דאָס

ווערק איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אין די יאהרען 1540—41 און איז, ווי פיעל אנדערע, געווידמעט דעם בישאָף גאַמראַט. אין דער גרויסער לאַטיינישער הקדמה ערקלערט דער אַרויסגעבער=דרוקער די סבות, וועלכע האבען איהם בעוועגט צו דער דאָזיגער שווערער און מיעדער אַרבייט, און ער ענדיגט מיט דער בעמערקונג, אַז דעם דאָזיגען „נייעם טעסטאַמענט" וועלען אויך פערשטעהן די „גלויבינגע", אויב זיי וועלען זיך נור אויסלערנען דעם יודישען אַלף=בית. דער „נייער טעסטאַמענט" אין האַליצעס אויסגאַבע איז אין פּוילען דאָס ערשטע דייטשע ווערק, געדרוקט מיט העברעאישע אותיות, און הגם ער איז אויף ריין דייטש, אָהן לשון=קודש'דיגע ווערטער, מיט וועלכע די יודישע שפּראַך האט זיך אין יענער צייט אויסגעצייכענט, דאָך קאָן מען איהם רעכנען אַלס דעם ערשטען ספר אין יודיש, וואס איז געדרוקט געוואָרען אין פּוילען. ווי עס שיינט, האבען די פּוילישע יודען נאָך גערעדט דעמאָלט אַ גענוג ריינעם דייטש, וויל די פּוילישע שטעדט האבען נאָך געהאַט מייסטענס אַ דייטשע בעפעלקערונג.

מיר ברינגען דא דעם גאַנצען טיטול פון דעם דאָזיגען בוך:

**דאָס נויי טעסטימענט, דאס דא הערט גינענט עבאַניעֶליוס, דאָס**
**אישט אויף דוייטש איין ורֹאליכיר (fröhliche) באטשאַפט,**
**גלייך חי אים עבירייעשן בשורה טובה**
Gedruckt zu Krakau durch Paul Helic im Jahre
MDXXXX

אויפ'ן לינקען טיטול=בלאַט געפינט זיך די מאָטאָ:

**„אם ה' לא יבנה בית, שוא עמלו בוניו בו" (תהלים 127, I)**
Si Dominus non aedificaverit domum, frustra laboraverunt aedificantes eam.

דערנאָך געהט די זעלבע ציטאַטע אויף גריכיש, דערנאָך דער הערב פון [illegible] גאַמראַט, און אונטער'ן הערב נאָך אַ פּסוק פון תהלים.

אַלס מוסטער פון דער שפּראַך ברענגען מיר עטליכע פּסוקים פון אנהויב: [1]

## בשורת מתי

**דאַס** אישט דאָש בוך בון (von) **דער** גיבוירט יעזוז קריסטי, **דער דא איז איין זון** דויד דעם זונס אַברהם. אברהם האט גיבאָרן יצחק...... די געבורט קריסטי וואַר אבר אַלזו גיטון: אַלס מרים, זייני מוטר **דעם** יוסף ורטרויען (vertraut) **וואר, אי זי מיט** איינאנדער צו הוים זאסן, ערפאנד זיכס, דש זי שוואנגער וואר פון דעם הייליגין גייסט".

דער יודישער „ברית הדשה" פון פּאַוועל האַליץ האט אבער לגמרי פערפעהלט זיין צוועק. די יודען האבען זיך בכלל נישט געוואָלט קויפען דאס דאָזיגע ווערק. דער אַרויסגעבער האט אַלזא בעשלאָסען צו פערקויפען עס קאַטאָליקען. אבער וועלכער קאַטאָליק וועט קויפען אַ בוך, וואס איז געדרוקט אויף העברעאיש? דאס שרעקט נישט אב דעם דורכגעטריבענעם משומד. ער נעהמט זיך אונטער, אויסצולערנען קריסטען די העברעאישע אותיות און מאַנכע ווערטער, און ער גלויבט, אַז דאס וועט שוין זיין גענוג, אויף דורכצולעזען אַזאַ וויכטיג ווערק. פּאַוועל איז מבטיח די קריסטען נאך אַנדערע נוצען פון קענען דעם העברעאישען אלף=בית, דען זיי וועלען קאָנען קאָנטראָלירען די יודישע בריעף אין האַנדעלס=ביכער און דאדורך זיך בעקענען מיט אַלע יודישע געשעפטען. צו דעם צוועק פערפאַסט פּאַוועל און גיט אַרויס אַן „עלעמענטאַר=אדער לעזע=ביכלעין", פון וועלכען יעדער קאָן, אָהן הילף פון אַ לעהרער, אין אַ קורצער צייט זיך אויסלערנען „הייע דייטש ביכלען, מיססיווען (ביטעס), זענדבריעפע, שולדבריעפע מיט העברעאישען אדער יודישען בוכשטאַבען געשריבען ווערדען..." דאס דאָזיגע ביכעל, פון וועלכען אַן'איינציגער עקזעמפּלאַר געפינט זיך אין ברעסלויער שטאַדט=ביבליאָטעק, איז ערשינע=

נען דעם 21. יוני 1543 אין הונדעפעלד (פויליש: „פשיע פאליע"), אין שלעזיען; דארט אלזא וואוינט שוין פאוועל האלימיט, „אמאליגער קראקאווער ידרוקער נייקריסט", און דא וועדען פערלוירען זיינע שפורען. אפשר האט ער צוריקגעקעהרט צום יודענטום? דען, אין יאהר 1548 לעזען מיר, אז עמיצער קויפט אין ברעסלוי א הויז „אויף דער שמידע־ברוקע", וועלכעס האט אמאל געהערט צו פאוועל האלימיש „דעם פערלויפענען יוד" — דעם אנטלאפענעם יוד.

אין די יאהרען 1578—1593 לעבט און פיהרט א דרוקעריי אין פויזנא לוקאש האליטש, ווארשיינליך — פאוועל'ס זוהן און מיט־זוהן פון פויזנער וואיעוואדא לוקאש גורקא 1).

## II.

## שפעטערע דרוקערייען אין קראקא.

א גרויסע און דויערהאפטיגע דרוקעריי פון העברעאישע ספרים אין קראקא האט געגרינדעט יצחק פראסניץ בן אהרן, אדער קורץ: יצחק מדפיס. די דאזיגע דרוקעריי האט עקזיסטירט פון 1569 ביז 1626 און האט ארויסגעגעבען ווערק, וועלכע קאנען פולשטענדיג קאנקורירען מיט די דרוקערייען פון ווענעדיג. יצחק אליין איז געווען א באלמאן, און האט געהאט א בעוואוסטען בעל־מגיה שמואל בן יצחק בעהם, וועלכער האט פריהער געארבייט אין די ווענעדיגער דרוקערייען, און איבערהויפט איז ער געווען א גרויסער למדן 2).

אין דער דאזיגער דרוקעריי זיינען געדרוקט געווארען אלע ווערק פון די בעריהמטע רבנים אין XVI און XVII־טען יאהרהונדערט: רמ"א, רש"ל, מהרש"א און אנדערע, פירושים און יודישע איבערזעצונגען, סידורים, סליחות, קינות, א. ד. גל. יצחק מדפיס האט ליעב געהאט די ליטעראטור, האט אליין געשריבען שירים אין לשון־קודש און זיי אבגעדרוקט צום סוף פון די ספרים, וואס ער האט ארויסגעגעבען פון זיין דרוקעריי. אזוי געפינען מיר גאר ניט קיין שלעכטען שיר, אבגעדרוקט אויף דער לעצטער זייט פון כפר אגדה, וועלכען ער האט ארויסגעגעבען אין יאהר 1571.

לערך אין יאהר 1600 האט יצחק צוריקגעקעהרט קיין פראסניץ און דא איז ער געשטארבען אין יאהר 1613. זיין דרוקעריי האבען ווייטער געפיהרט זיינע דריי זיהן: אהרן, משה־יהושע און יששכר־בער. אין אנהויב פון'ם XVII־טען יאהרהונדערט איז די דאזיגע דרוקעריי געווען אזוי גרויס, אז זי האט זיך געקאנט אונטערנעהמען דרוקען דעם גאנצען תלמוד ירושלמי און תלמוד בבלי. אלע דריי ברידער זענען אליין געשטאנען ביי די זעץ־קאסטענס און געארבייט, און אויסערדעם האבען זיי געהאט צוויי פרעמדע זעצער: יעקב בן מאיר פון העלישוי און אהרן בן משה פון קרומענוי. און די צוואנציגער יאהרען פון 17־טען יאהרהונדערט געהט דער דאזיגער דרוקעריי שלעכט; אהרן מדפיס, דער שעף פון דער פירמע, פערזעצט אין יאהר 1622 ביי וואלענטי לאנצקי, קראקויער בירגער און רעסטאראטאר, — „צוויי תכשיטים, איינער פון דימענטען, דער

---

1) הויפט־ארכיוו אין ווארשא Metryka Koronna באנד 59, זייטע 321—324 — 31/XII 1539. וויערזשבאווסקי: פאראניקא פון XV און XVI יאהרהונדערט, אין דער ביבליאטעק פון ווארשאווער אוניווערזיטעט. ווארשא 1899. בראן: „געשיכטע דער יודען אין שלעזיען". העפט V, ברעסלוי 1910. — „דאס נייע טעסטאמענט", ארויסגעגעבען דורך פאוועל האליטש, געפינט זיך אין דער יאגעלאנישער ביבליאטעק אין קראקא און אן'איינציגער עקזעמפלאר. און אין שטאדטישען ארכיוו און שטאדטישער ביבליאטעק פון ברעסלוי געפינט זיך דער איינציגער עקזעמפלאר פון'ם דערמאהנטען יודישען עלעמענטאר פון פאוועל האליטש.

2) פרידבערג: הדפוס העברי בקראקא, קראקא, 1900.

צווייטער פון רובינען", פאר 1200 פוילישע גילדען און קאן זיי נישט אויסקויפען. יעה־דלית איז אזוי גרויס, אז אהרן קאן נישט בעצאהלען דעם פראצענט, און לאנציקי דראהט איהם, אז ער וועט פערקויפען די דאזיגע איינציגע תכשיטים זיינע.1) אין 1623 קלאגט־אן אהרנ'ען דער איינביינדער פושעק, אנ'איידעם פונ'ם פערשטארבענעם מארצין גיסער, דערפאר וואס „ער וויל נישט אבנעהמען די אינסטרומענטען, וועלכע געהערען צום יודישען שריפט", וואס ער האט ביי איהם בעשטעלט פאר 16 גילדען, און וויל אויך נישט אויסקויפען דעם משכון, מיט וועלכען ער האט געזיכערט צו אבנעהמען די ארבייט2). אין דעמזעלבען יאהר מאהנט ביי איהם דורכ'ן געריכט דער שטאדטישער איינוואוינער סטאניסלאוו סאטאלא 40 פל., אלס רעשט פון 90 פל., וועלכע ער האט געבארגט אויף א „מעמבראן" (כתב התחייבות)3). די חובות האבען דערדריקט אהרנ'ען און זיינע ברידער, אזוי אז זיי האבען געמוזט אין יאהר 1626 פערשליסען די דרוקערי.

אין יאהר 1627 איז געגרינדעט געווארען א נייע דרוקערי, אבער באלד איז זי אונטערגעגאנגען. ערשט אין יאהר 1631 האט געעפענט אין קראקא א דרוקערי מ נ ח ם בן מ ש ה ש מ ש ו ן, המכונה נ ח ו ם מ ייזעל ס. דאס איז געווען א רייכער מענש, וועלכער האט די דרוקערי איינגעארדענט אין זיין אייגענעם הויז אויף דעם קוזמיר און האט אנטוויקעלט זעהר א רעהרעוודיגע דרוקערישע טעטיגקייט. א מענגע ספרים זענען יאהר־יעהרליך ארויס פון דער דאזיגער דרוקערי, און אין די קהל'שע ביכער בעגעגענען מיר פיעל קאנטראקטען מיט מחברים און ארויסגעבער. אזוי, למשל, מאכט מיט איהם אב אין יאהר 1646 ר' צבי הירש, דער זוהן פונ'ם בעוואוסטען רב ר' יוסף כ"ץ (דער „שארית יוסף"), צו דרוקען זיינע ווערק מיט'ן נאמען „נחלת צבי" און „עטרת צבי", וועלכע בעדארפען זיין פונ'ם זעלבען פארמאט, אויפ'ן זעלבען פאפיר און מיט די זעלבע אותיות געדרוקט, ווי דער „בית חדש" פון ר' יואל סירקעס. דער קאנטראקט איז אונטערגעשריבען אין חודש טבת, און דער ספר האט בעדארפט זיין פארטיג אין חודש ניסן, ד. ה. אין משך פון 3—4 חדשים. דער מחבר צאהלט 10 פוילישע גילדען פאר'ן דרוק און פאפיר אין 1000 עקזעמפלארען, און דעם דרוקער איז נישט ערלויבט צו דרוקען מעהר ווי 50 בויגען איבער 1000. דער דרוקער בעדארף צונעהמען צוויי זעצער: איינעם זעהר א גוטען און איינעם אנ'ערגערן, און צוויי „פרעסענציהער". די בעצאהלונג איז איינגעטיילט געווארען אין עטליכע ראטעס, דערביי איז אויסגענומען געווארען, אז אויפ'ן רעכנונג בעדארף דער מחבר יעדע וואך איינצאהלען אזוי פיעל, וויפיעל עס נעהמען די זעצער. ווען עס זאל זיך ארויסווייזען, אז דער דרוקער האט עמיצען פערקויפט אנ'עקזעמפלאר פון די איבריגע 50 בויגען, מוז ער בעצאהלען 100 פוילישע גילדען שטראף4).

אין דעמזעלבען יאהר (23 אדר) פערפליכטעט זיך נחום מייזעלס אבצודרוקען פאר'ן בוכהענדלער ר' נאטע 6000 קליינע סידורים און נעהמט פאראויס דאס געלד, ר' נאטע פערפליכטעט זיך אליין צו געבען פאפיר גאנצע 7 באלען. אין דערזעלבער צייט פערפליכטעט זיך נחום אבצודרוקען 650 סליחות פאר אנ'אנדער דרוקער. נחום מייזעלס האט מורא געהאט פאר קאנקורענץ, און דערום, יעדעס מאל, ווען ער האט איגענומען א זעצער, א לעגער, אדער א מאשיניסט (פרעסענציהער), האט ער

1) לאנדעס־ארכיוו אין קראקא. וואיעוואדישע ביכער, באנד I, זייטען 586, 1435, 1746 און 2531.

2) דארט, זייטע 873.

3) דארט, זייטע 2137.(לשון קודש: ממרן)

4) ווערטשטיין: קדמוניות בפנקסאות ישנים № 11.

מיט איהם אויסגענומען, אז ווען ער וועט פון איהם אוועקגעהן, טאר ער ביי קיינעם ניט אין קראקא, און אפילו אויף איינענער האנד, ניט בעשעפטיגען זיך מיט דרוק-מלאכה. אזא אבמאך האבען מיר מיט שלמה גלעזער, וועלכער נעהמט-אן אין יאהר 1647 ביי מייזעלס'ן ארבייט אויף דריי יאהר. ער בעקומט אין ערשטען יאהר 30 פוילי-שע גילדען, אין צווייטען — 40, און אין דריטען — 60 גילדען יעהרליך, און אויסער-דעם 5 גילדען א חודש אויף עסען. אין משך פון די דריי יאהר בעדארף ער אויסלערנען די מלאכה א יונגעל, וועלכען דער פרינציפאל וועט איהם אנווייזען. פאר'ן למוד וועט ער בעזונדערס בעקומען 10 גילדען[1].

ניט קוקענדיג אויף די פיעל בעשטעלונגען האט מייזעלס ניט געקאנט זיך האלטען, ווען עס זענען אנגעקומען די אומגליקליכע יאהרען פאר דער רעפובליק (1648—1660). קיינער האט דעמאלט ניט געטראכט וועגען ליטעראטור, קיינער האט ניט געצאהלט די דרוקעריי-חובות, די מחברים זענען זיך צולאפען איבער אייראפא און דער דרוקער איז כסדר אריינגעפאלען אין גרעסערע חובות — ער האט געמוזט יעדעס מאל נעהמען נייע הלואות אויף היפאטעק פון זיין הויז. ווען נאך דער אינוואזיע און דער אקופאציע פון די שוועדען זענען די בעציהונגען געווארען נאר-מאלער, האט מייזעלס שוין ניט געקאנט צוריקקעהרען צום גלייכגעוויכט. ער איז געשטארבען אין יאהר 1659, איבערלאזענדיג די דרוקעריי זיין איידעם.

די סבה, פארוואס אלע דרוקערייען האבען באנקראטירט און זענען געפאלען, איז געוועזען די קאנקורענץ פון די איטאליענישע און דייטשע דרוקערייען. נאך אין'ם יאהר 1539 בעקומען די ברידער געאחריינאוו א קעניגליכע פריווילעגיע, צו פערקויפען ביכער די יודען אין קראקא, פויזנא און רייסען. דער פאק בעטרעפט: 800 מחזורים, 850 סליחות, 500 טורים, 400 יוצרות, 200 מנהגים, 30 חומשים, 300 סידור גדול, 300 סידור קטן[2].

דעם 10-טען אפריל 1566 גיט-ארויס דער פוילישער קעניג זיגמונט אויגוסט א פריווילעגיע אויף פיער יאהר דעם יודען בענעדיקט לעווימא (ר' ברוך הלוי) פון קראקא, צו ברענגען און פערקויפען לשון-קודש'דיגע ספרים, וואס ווערען געדרוקט אין אויסלאנד[3].

נעגען דער דאזיגער קאנקורענץ האבען זיך פערטיידיגט די פוילישע יודען, ארויס-געבענדיג א פערבאט צו ברענגען ספרים פון אויסלאנד. יעדעס מאל האט דער יודישער סיים, ד. ה. דער „ועד ארבע ארצות“ ארויסגעגעבען אזעלכע פערבאטען, ווי, למשל, אין יאהר 1606 אן איסור, צו ברענגען ספרים, וואס זענען געדרוקט אין באזעל, אבער מייסטענס האט דאס גאנץ ווייניג געהאלפען. אזוי לעזען מיר אין דעם אנטיסעמיטישען ביכעל פון מאיעצקי'ן[4], „אז אין הויז פון'ם מיעשטשאנין מאראנגאניע אויף גראדזקא גאס אין קראקא, האנדעלט א יוד מיט פערשיעדענע ביכער, וועלכע קומען איהם אן פון ווענעדיג“, און אין די קהלה-אקטען בעגעגנען מיר אין יאהר 1646 א קאנטראקט, לויט וועלכען פיער קראקאווער בירגער קויפען ביי הבחור כמ' ברוך בענדט פון ווארמס: 300 חומשים קטנים מיט הפטורות, 450 גרויסע 4°, 123 קליינע חומשים מיט תרגום והפטורות וכו' געדרוקט אין יאהר 1644. אלס דעקונג גיבען די קויפער דעם בוכהענדלער צוויי וועקסלען אויף 500 און 125 פ. גילדען[5].

די דאזיגע קאנקורענץ פון די אויסלענדישע דרוקערייען האט בעגראבען אלע

1) פריעדבערג: לוחות זכרון, זייטע 3—32.
2) Bersohn: Dyplomatarjusz dotyczący Żydów w dawnej polsce № 498.
3) דארט נומ' 105.
4) Żydowskie okrucieństwa, mordy i zabobony, Kraków 1636. str. 54.
5) וועטשטיין: דברים עתיקים נומ' 27.

אינלענדישע דרוקערייען, סיי אין קראקא, סיי אין לובלין1), וואו עס עקזיסטירט שוין אין יאהר 1547 א העברעאישע דרוקעריי. נישט קוקענדיג אויף די געשטרייטען און די פערבאטען פונ׳ם יודישען סיים (ועד ד׳ ארצות), ברענגען די יודען אויך ווייטער זייערע ספרים פון אויסלאנד. דער גרעסטער געשריי האט זיך דערוועקט, ווען אין סוף פון 17־טען יאהרהונדערט האט אזא אויסלענדישער דרוקער ארייבערגעפיהרט זיין דרוקעריי קיין פוילען. דאס איז געווען ר׳ אורי ווייבש (פייבוש) הלוי פון אמסטערדאם2).

# III.

## יודישע דרוקערייען אין זשאלקיעוו און לעמבערג.

לעמבערג האט נישט געהאט קיין גליק צו א העברעאישער דרוקעריי. בעת אין קראקא ערשיינט שוין אין יאהר 1534 דער ערשטער לשון־קודש׳דיגער ספר, און נישט פיעל שפעטער — אויך אין לובלין, איז אין לעמבערג כסדר שטיל. צי דארט געפינט זיך קיינער נישט צו עפענען א „דרוקעריי־פרעס“, אדער די צוויי דרוקערייען פון קראקא און לובלין זענען שוין גאנץ גענוג, צו בעפרידיגען די בעדערפענישען פון די יודען אין פוילען — גענוג איז, אז דא געפינט זיך נישט קיין דרוקעריי כמעט ביז ענדע פון 18־טען יאהרהונדערט. דאך עקזיסטירט א דרוקעריי נישט ווייט פון לעמבערג — אינ׳ם נאהנטען זשאלקיעוו, און איהר גרינדער איז אורי פייבוש הלוי פון אמסטערדאם, דער עלטער־זיידע פון דער פאמיליע לעטעריס און מרפים (מארפעס), איז דערמיט אויך דער פאטער פון דער יודישער דרוקעריי אין לעמבערג.

וואונדערליך איז דער גורל פון דעם דאזיגען ערשטען זשאלקיעווער דרוקער, אדער אייגענטליך: דער גורל פון זיין פאמיליע. איהר גורל און וואנדערונגען איז א מיניאטור־בילד פון דער וואנדערונג פון יודען בכלל: עמדען—אמסטערדאם—זשאלקיעוו—לעמבערג—ווינע, דאס זענען די סטאציעס אויף דעם דאזיגען יסורים־וועג. דאס זענען די וועג־זיילען אויף דעם דאזיגען שליאך, וועלכער פיהרט פון מערב קיין מזרח און צוריק קיין מערב. ליידער, איז דער וועג נאך נישט פערענדיגט.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אין יאהר 1589 האט געווילדעוועט א שרעקליכער שטורם אין דער אומגעגענד פון דער שטאדט עמדען, אין פריזלאנד. צוויי שיפען זענען געשוואומען פון שפאניען און צוגעקומען צום ברעג. אויף די שיפען האבען זיך געפונען 10 אריסטאקראטישע מאראנען („אנוסים“) מיט זייערע ווייבער און פיער קינדער, און געפיהרט האבען זיי מיט זיך פיעל טייערע סחורות, געשטיקטע קליידער, גאלד און זילבער. די שיפען האבען זיי געדונגען, כדי צו קומען אין דעם רייכען און שענעם אמסטערדאם, אבער דער שטורם האט אויסגעבראכען און געשליידערט די שיפען מיט די מענשען, ווי א שאל פון א נוס. דאן האבען זיי מתפלל געווען צום רבונו של עולם, ער זאל זעהן זייער פיין און רחמנות האבען אויף זיי: זיי פאהרען דאך קיין אמסטערדאם, כדי זיך אומצוקעהרען צו זייער פאלק ישראל און נישט דינען מעהר קיין פרעמדע געטער. און גאט האט רחמנות געהאט אויף זיי, די חוואליעס האבען זיך בערוהיגט, אבער ווען די מאטראסען האבען נאכגעזעהן די שיפען אויבען און אונטען, האבען זיי געזעהן, אז עס געפינען זיך פיעל שפאלטען, דורך וועלכע עס בעקומט זיך איינוועניג וואסער.

1) זעה: באלאבאן די יודענשטאט פאן לובלין, בערלין, יודישער פערלאג 1919, זייטע 2 און פריעדבערג: לתולדות הדפוס העברי בלובלין, קראקא, 1901.

2) זעה: Balaban: Dzieje Żydów w Krakowie i na Kazimierzu, tom I, Kraków 1913, st. 433.

זיען האט אַלזאָ בעשלאָסען, אַריינפאָהרען אין פאַרט פון עמדען, כּדי דאָ צו רעפּערירען די שיפען.

קומענדיג אין שטאָדט, האָבען די אנוסים געדונגען אַ וואוינונג אין אַ שענעם הויז, כּדי צו אָברוהען און אָוועקלעגען זייער באַגאַזש. ווען זיי האָבען זיך אַביסעל אויסגערוהט, האָבען זיי בעשלאָסען צו בעטראַכטען די שטאָדט, און האָבען בעשטעלט אַ קליין יונגעל, ער זאָל זיי אַרומפיהרען און בעווייזען די מערקווירדיגקייטען, וואָס זענען ווערטה צו בעטראַכטען. אויפ'ן וועג האָבען זיי דערזעהן אין אַ פענסטער אַ פעטע געשאָכטענע גאַנז, און נעבען איהר אַ צעטעלע אויף אַן אונבעקאַנטער שפּראַך. צוריקקומענדיג אין דער אַכסניא, האָבען זיי וועגען דעם דערצעהלט דעם ווירט און געבעטען איהם, צו שאַפען זיי אַ גאַנז אויף מיטאָג. דער ווירט האָט תּיכּף געשיקט אַ יונגעל, און ווען דאָס יונגעל איז צוריקגעקומען מיט דער גאַנז, האָט ער אויסגערופען: „זעהט, איך האָב געקויפט די גאַנז ביים יודען משה אורי הלוי, אט איז נאָך דאָס העברעאישע צעטעל אנגעהאנגען אויפ'ן האַלז!" די שפּאַנישע געסט האָבען פערוואונדערט אויסגערופען: „צי האָבען מיר גוט געהערט, צי איז מעגליך, אַז דאָ זאָלען וואוינען יודען?". דער ווירט, וועלכער איז אַליין אויך געוועזען אַ יוד, האָט געענטפערט: „אַזוי איז עס, אין 1581, ווען 7 האָלענדישע פּראָווינצען האָבען זיך אָבגעריסען פון דער שפּאַנישער קרוין, האָבען די גענעראַל-שטאַנדען אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל, אַז יעדערן, אָהן אונטערשיעד פון אָבשטאַמונג און רעליגיע, איז ערלויבט צו בעזעצען זיך אויף דער דאָזיגער ערד און אויספיהרען די געבאָטען פון זיין רעליגיע, אויסער די קאַטאָליקען, וועלכע זענען נאָך גרייט צו מאַכען אַ פערשווערונג, כּדי צוריקקעהרען צום שפּאַנישען סצעפּטער!"... און די שפּאַנישע לייט האָבען דערויף געענטפערט: „מאָרגען געהען מיר צו דעם דאָזיגען מאַן, דען מיר ווילען רעדען מיט איהם אונטער פיער אויגען".

אויף מאָרגען איז דער ווירט פונ'ם הויז געגאַנגען מיט צוויי פון די אַנגעזעהענסטע אנוסים צו ר' משה אורי, און ווען יענער האָט דערזעהן די חשוב'ע געסט, איז ער אַרויס אַנטקעגען זיי און זיי אַריינגעפיהרט אין זיין הויז. ווען זיי האָבען אָנגעהויבען רעדען מיט איהם אויף שפּאַניש, האָט ער גערופען זיין זוהן, ער זאָל זיין דער איבערזעצער, ווייל ער אַליין האָט נישט פערשטאַנען די דאָזיגע שפּראַך. די לייט האָבען געזאָגט אויף שפּאַניש: „מיר האָבען דיר אַנצופערטרויען אַ גרויס געהיימניש, פיהר אונז אין דעם ווייטסטען צימער פון דיין הויז, כּדי מיר זאָלען קאָנען רעדען און קיינער זאָל אונז נישט אונטערהערען". און ווען ער האָט זיי אַהין אַריינגעפיהרט, האָבען זיי איהם געזאָגט: „איצט קאָנען מיר זיך דיר אַנפערטרויען: מיר זענען נישט קיין קאַטאָליקען, און נישט קיין שפּאַניער, נאָר מיר זענען יודען און צוויי מאָל אין טאָג זאָגען מיר, פונקט ווי דו, די תּפלה און דעם אני מאמין וועגען גאָט'ס איינציגקייט. מיר זענען אַנטלאָפען פון קאַסטיליען, כּדי צו קאָנען אין אַמסטערדאַם עפענטליך דינען דעם איינציגען גאָט; דען מיר האָבען געהערט, אַז דאָרט איז דאָס ערלויבט צו טהון עפענטליך. נאָר דער שטורם האָט אונז פערטריבען אַהער, אַלזאָ ווילען מיר דאָ אַריינטרעטען בברית אברהם און זיך לאָזען מל זיין; אויסערדעם ווילען מיר האָבען אַ לעהרער און אַ רב פאַר אונז און פאַר אונזערע זיהן, כּדי ער זאָל אונז לערנען די עקרים פון גאָט'ס תּורה און זאָל טעגליך דאַווענען מיט אונז און אונזערע קינדער. ווער עס וועט קומען צו אונז, וועט קיין חרטה נישט האָבען, איהם וועט קיין זאַך נישט פעהלען, דען גאָט ברוך הוא האָט אונז געבענשט מיט רייכטום מיט דער פולער האַנד!"

און משה אורי הלוי האָט געענטפערט: „געלויבט זאָל זיין דער איבערשטער, וועלכער האָט אייך געבראַכט אין אונזער הויז; זענט שטאַרק און אויסגעהאַלטען, און מיר

העלפען ערפילען אייערע בעגעהרען. אבער דא קאן דאס ניט געשעהן, פאהרט אלזא קיין אמסטערדאם, און מיר וועלען אהין קומען נאך אייך".

און זיי זענען אוועקגעפאהרען קיין אמסטערדאם, נאכדעם ווי זייערע שיפען זענען רעפערירט געווארען. דעם 22. אפריל 1593 האבען זיי געדונגען א הויז אויף דער גאס יאנקהערשטראאט, און דריי וואכען שפעטער איז געקומען אהין ר' משה אורי מיט זיין פאמיליע, פערקויפענדיג פריהער זיין הויז און סחורות אין עמדען.

שוין אויפ'ן צווייטען טאג איז משה אורי צוגעטראטען צו דער ארבייט, און דער ערשטער, וואס איז אריבערגעגאנגען צום יודענטום, איז געווען דער פרומער זקן ד ו ן י עקב ט י ר א ד א[1].

* * *

משה אורי פייבוש הלוי איז געווען דער ערשטער לעהרער פון דער נייער א מ ס ט ע ר ד א מ ע ר קהלה ביז זיין טויט (1544—1620), און זיין זוהן א ה ר ן איז געווען חזן ביי דער דאזיגער קהלה פיעל יאהרען[2]. א זוהן פון אהרן און אייניקעל פון משה'ן איז אונזער א ו ר י פ י י ב ו ש ה ל ו י.

ער איז דער אייגענטימער פון א בעריהמטער דרוקעריי, וועלכע דרוקט שוין אין די זעכציגער יאהרען פונ'ם 17-טען יאהרהונדערט א מענגע ווערק. אין די יאהרען 1676—1678 האט אורי פייבוש אונטערגענומען די אויסגאבע פון א יודיש-דייטשע איבערזעצונג פון גאנץ תנ"ך, אויסגעפיהרט דורך יקותיאל בליטץ. אבער די דאזיגע אויסגאבע איז געווען איבער זיינע כחות, און דערום האט ער צוגענומען אלס שותפים צוויי בירגער קריסטען: דעם לאווניק ווילהעלם בלוי און דעם יוריסט וואורזשינעץ (לארענצא) באקע. וועלענדיג, אז זייער קאפיטאל זאל זיין זיכערער, האבען זיך ביידע שותפים בעמיהט צו בעקומען פון י א ן ס א ב י ע ס ק י א פריווילעגיע, וועלכע פערזיכערט דעם דאזיגען תנ"ך דאס רעכט צו פערקויפט ווערען אין פוילען, און פערבאט יעדע קאנקורענץ-אויסגאבע אין משך פון צוואנציג יאהר. נאך פריהער האט אורי פייבוש בעקומען אן'עהנליכע פריווילעגיע אויף 10 יאהר פונ'ם יודישען סיים, ד. ה. פונ'ם „ועד ארבע ארצות" אין פוילען. אבער ניט קוקענדיג אויף די דאזיגע פערזיכערונגען, האט די קאנקורענץ ניט גערוהט, און דער זעצער יוסף וויטצענהויזען האט געמאכט אן'עהנליכע איבערזעצונג, און אבגעדרוקט האט זי דער רייכער אמסטערדאמער דרוקער און ארויסגעבער י ו ס ף א ט י א ס[3].

ווי עס שיינט, האט אורי פייבוש צוליעב דער דאזיגער קאנקורענץ ניט געקאנט זיך האלטען אין אמסטערדאם, און לערך אינ'ם יאהר 1690 האט ער זיך אויף שטענדיג אריבערגעצויגען קיין פוילען. דא האט ער זיך בעזעצט אין זשאלקיעוו, וואו ער האט געזאלט בעקומען א פריווילעגיע פון יאן III[4]. די דאזיגע פריווילעגיע איז ביז איצט ניט געלונגען אבצוזוכען. נאר וואהרשיינליך האט זי עקזיסטירט, דען אויף איהר האבען זיך בערופען אורי'ס אוראייניקלעך אין יאהר 1782, בשעת דער ערשטער עסטריי-

1) דוד דע באררויאס (איידער ער איז געווארען א יוד: דאן טיקע דע באררויאס); האנדשריפט אין דער אמסטערדאמער ביבליאטעק, ארויסגעגעבען דורך זולצבאך: „בילדער אויס דער יודישען פערגאנגענהייט, פראנקפורט א"מ, 1914, לויט א קאפיע אין בעזיץ פון ליפמאן פרינס, פראנקפורט דמיין". ווי עס שיינט, האט די דאזיגע כראניק, אבער שוין א געדרוקטע (אמשטערדאם 1714), געזעהן לעטערים ביים פאטער אין הויז, און ער רעדט וועגען איהר אין זיינע ערינערונגען „זכרון בספר" (ווילנא 1869) זייט 13.

2) לויט לעטערים האט ער געצעהלט אין זיין לעבען האבען גע'מל'ט 930 אנוסים.

3) גרעץ, געשיכטע, באנד IX, זייטע 488 און ווייטער.

4) לעטערים רעכענט, אז ניט אורי פייבוש, נאר זיין זוהן ח יים ד ו ד האט זיך בעזעצט אין זשאלקיעוו, און דאס איז געשעהן לויט דער פאזיטיווער ארויסרופונג פון קעניג יאן III סאביעסקי. ווי עס שיינט, איז דאס געווען א מסורה ביי דער פאמיליע, אבער זי האלט ניט אויס

בישער רעוויזיע פון דרוקערייען, און די מאכט האט נישט דערוועקט קיין שאלות.

די צייט, אין וועלכער ר׳ אורי פייבוש האט זיך בעזעצט אין זשאלקיעוו, איז געווען פאר דער יודישער קהלה אין יענער שטאדט א גליקליכע. דארט האט געוואוינט יאן III, „דער האר פון זשאלקיעוו“, און נעבען איהם צוויי איינפלוסרייכע יודען: דער הויף־דאקטאר ד״ר שמחה מנחם און דער אדמיניסטראטאר פון די שטייערן און רייסען, בצלאל בן נתן. וואהרשיינליך, האבען זיי גענומען אונטער זייער שוץ די נייע דרוקעריי און איהר געגעבען הילף געגען די תחבולות פון די געגנער. און קיין געגנער האבען אין פוילען נישט געפעהלט. אורי פייבוש האט געדרוקט ריין און שען, בעת די הינטערשטע־ליגע דרוקערייען אין קראקא און לובלין האבען געקלאפט נאכלעסיג און אויף זעהר שלעכטען פאפיר. שוין אין יאהר 1680 בעקלאגען זיך די פרנסים פון „ועד ארבע ארצות“ אין יאראסלאוו אויף דעם שלעכטען און מטושטש׳ן דרוק פון די ספרי־למוד, דורך וועלכע די יוגענד פערדארבט זיך די אויגען. דער „ועד“ בעשליסט צו מאכען א סוף מיט דער זאך: „אויספלאסטערן די שטעג, בעזייטיגען די שטיינער בײם וועג, פערשטארקען דעם עץ החיים“, ד. ה. ער בעפעהלט צו דרוקען גוט און אהן פעהלערן. געגען דער דאזיגער ירידה פון דער דרוקעריי־קונסט האט א סך אויפגעטהון ר׳ אורי פייבוש און וועגען איהם זאגען די „תקנות הועד“ פון יאהר 1697 פאלגענדעס:

„מיר האבען געזעהן דעם גרויסען חורבן, צוליעב דער ירידה פון דער דרוקעריי־קונסט אין אונזער לאנד; צוליעב די דאזיגע דרוקער איז כמעט די תורה פערגעסען גע־ווארען ביש־אל, ווייל די אותיות אין זייערע אויסגאבען האבען פערנארישט און בלינד געמאכט די אויגען פון די ליעבע יונגלעך, וועלכע זיצען איבער די ספרים, און דערויף זיינען אויפמערקזאם געווארען די געלעהרטע זקנים און אלופים פון די ארבע ארצות, אבער דאס האט נישט פיעל געהאלפען, ביז עס איז נישט געקומען אין אונזער גרעניץ ר׳ אורי פייבוש הלוי, צו בעלויכטען די ערד און איהרע איינוואוינער“.

אויף א זיצונג פון דעמזעלבען „ועד“ האט מען זיך בעראטען וועגען דער דאזיגער דרוקעריי, וואס איהרע צוויי עלטערע שוועסטער האבען געוואלט זי פאר יעדען פרייז איבערברענגען. צו דעם צוועק האבען זיי געבראכט פון אויסלאנד פרעמדע סחורה און זי פערקויפט אין זייערע דרוקערייען, און דאדורך קאנקורירט מיט די אויסגאבען פון ר׳ אורי פייבוש. דער „ועד ד׳ ארצות“ איז געשטאנען אויף דער זייט פון ר׳ אורי און האט בעשלאסען, אז יעדער פון די דריי דרוקערייען אין לאנד (קראקא, לובלין, זשאלקיעוו) איז ערלויבט אין משך פון יאהר צו דרוקען, נור צו 700 בויגען, און חוץ דעם נור קליינע דרוק־זאכען, און נור ביי זיך, אבער נישט אין אויסלאנד. אויף יעדער דרוקעריי איז בעשטימט געווארען א קאנטראלער. אלס קאנטראלערען פון דער זשאלקיעווער דרוקעריי זיינען בעשטימט געווארען דער לעמבערגער רב און דער קעניגליכער ד״ר שמחה מנחם מיונה 1).

אבער נישט פיעל האט געהאלפען דער בעשלוס פון „ועד ד׳ ארצות“, דען צוויי יאהר נאכדעם (1699) בעשעפטיגט זיך דערזעלבער ועד ווידער מיט דער זשאלקיעווער דרוקעריי און פערבאט די בוכהענדלער און דרוקער צו ברענגען פון אויסלאנד אדער איבערדרוקען אין לאנד די ספרים, וואס זיינען ארויסגעגעבען געווארען דורך ר׳ אורי. ס׳איז אויך מערבאטען די דרוקערייען און בוכהענדלער צו ברענגען פון אויסלאנד דייטש־יודישע ביכער, וועלכע האלטען ווייניגער, ווי 10 דרוק־בויגען.

נאך אורי פייבוש׳עס טויט האבען איבערגענומען די דרוקעריי זיינע צוויי איניקלעך (זוהן פון זיין פרוה־פערשטארבענעם זוהן חיים דוד): אהרן און גרשון. ביידע דרוקען

1) שלמה בובער, קריה נשגבה, זייטע 104—105.

בעזונדער אין צוזאַמען, און דאס בעווייזט, אַז די פריערדיגע געווען צוטייל גערוגען, אַז די פּרעבען זענען געווען צוטיילט און אַז אין זשאלקיעוו האָבען נור געקענט צוויי דרוקערייען. אַזוי דרוקען אין יאהר 1732 אהרן און גרשון, די זוהן פון חיים־דוד און אַיינקלעך פון אורי פייבוש, דעם ספר „בית לוי“ פון ר׳ לוי בן שמואל מבראדי, „מיט דער ערלויבניש פונ׳ם קראָנפּרינץ יאַקאָב“. אין יאהר 1753 האָבען מיר אַן אַנדער קאָמבינאַציע: דאס ווערק „קול־יהודה“ דרוקט גרשון צוזאַמען מיט׳ן אייגעם פון זיין ברודער אהרן, דוד בן מנחם מאַנו. און יאהר 1766 זעהען מיר ווידער די דאזיגע שותפים אויף׳ן טיטול־בלאַט פון אַלכסנדר שור׳ס ווערק „שמלה חדשה“, „אונטער דער הערשונג פונ׳ם ווילנער וואיעוואָדע, פירשט קאַראָל ראַדזיוויל“. אונטער׳ן טיטול איז צוגעגעבען „אַמסטערדאַם מיט זשאלקיעווער אותיות“.[1]

אהרן בן חיים־דוד האט געהאַט אַ זוהן מיט אַ טאָכטער. דער זוהן האט געהייסען, ווי זיין זיידע, חיים דוד, מיט׳ן ביינאָמען „מדפיס“ (דרוקער); די טאָכטער האט חתונה געהאַט מיט דוד, מנחם׳ס זוהן, און נאָך זיין טויט האט זי חתונה געהאַט מיט ר׳ צבי הירש ראַזאַנעס, לעמבערגער רב (געשטאָרבען 1805). חיים דוד איז געווען פערהייראַט מיט טויבע און געהאַט אַ זוהן אהרן מדפיס, און דער האט געהאַט אַ זוהן אברהם יוסף, אייגענטימער פון אַ דרוקעריי כמעט ביז ענדע XIX־טען יאהרהונדערט (לעמבערג, קאַזימיערזשאָווסקא №21).

דער צווייטער צווייג פון דער דאזיגער משפחה הויבט זיך אָן מיט ר׳ גרשון און אין די עסטרייכישע צייטען נעהמט זי אָן דעם נאָמען לעטערי ס. פון איהר שטאַמט דער בעוואוסטער געלעהרטער ד"ר מאיר הלוי לעטעריס (1800—1871).[2]

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ווען עסטרייך האט פערנומען גאַליציע, האט די נייע מאַכט אָנגעהויבען אין יאהר 1782 נאָכקוקען די דרוקעריי־אַנגעלעגענהייטען, און זיך פערנומען אויך מיט די יודישע דרוקערייען. מען האט, קודם כל, געמאַכט אַ רשימה פון אַלע עקזיסטירענדע דרוקערייען און פעסטגעשטעלט, אַז אַזעלכע עקזיסטירען נור אין סאמבאר און אין זשאלקיעו. די סאַמבאָרער דרוקעריי (אָדער אייגענטליך צוויי קליינע דרוקלעך) האט געהאַט אַ פּריווילעגיע פון אויגוסט III, און זי האט געדרוקט בלויז לוחות און קליינע בראָשורען. דאַגעגען אין זשאַלקיעוו האָבען זיך געפונען גאַנצע דריי דרוקערייען, וועלכע האָבען אָנגעהערט צו די דערמאָהנטע אייניקלעך פון ר׳ אורי פייבוש און זיך פעררופען אויף דער פּריווילעגיע פון יאַן III. די הויף־קאַנצעלאַריע האט בעפוילען, נאָכצוזעהן די דאזיגע פּריווילעגיע און דערווייל דערוועקט דעם געדאַנק: צי וואלט ניט געווען גלייך געווען, אַריבערפיהרען אַלע דריי דרוקערייען קיין לעמבערג און שאַפען פון זיי איין גרויסע דרוקעריי? דעם 20. מאַי 1782 האט דער קייזער יאזעף II געשיקט אַ ריי פּראַגען צו דער הויף־קאַנצעלאַריע, און שוין דעם 4. יוני זענען די אַקטען געווען אין דער גאַליציישער גובערניאַל־פערוואַלטונג. אַ גאַנץ יאהר (4. יולי 1783) האט די גאַליצישע גובערניאַל־פערוואַלטונג ניט געגעבען קיין פּאזיטיווען ענטפער, נאָר אַריבערגעשיקט סטאַטיסטיש מאַטעריאַל קיין ווין, און דערצו צוגעגעבען נאָך אַ ריי ווייטערדיגע פּראַגען:

1) צי וואלט געווען ראַציאָנאַל די פעראייניגונג פון אַלע דרוקערייען?

2) צי דאַרף מען דער דאזיגער פעראייניגטער דרוקעריי געבען מאָנאָפּאָלען אויף 10 יאהר?

---

1) וואַכשטיין: קאַטאַלאָג דער סאַלאָ—קאָהנשען שענקונגען (מנחת שלמה). באַנד I, ווין 1911.

2) אין דער געשיכטע פון די דאזיגע דרוקערייען אין די עסטרייכישע צייטען האָב איך מיך געשטיצט אויף די אַקטען פונ׳ם אַרכיוו פון אינערן־מיניסטעריום אין ווין: פּאָסציקולען IV, באַנד 7, נו׳ 2627, ווי אויך: הויז־האָף־און שטאַטס־אַרכיוו אין ווין, שטאַטס־אַקטען פון י. 1775, № 1652, אויך די רשימות אין אַרכיוו פון לעמבערגער שטאַטהאַלטעריי, ז. 1172. מאַנכע ערגענצונגען ברענג איך פון די מעמוארען לעטעריס: „זכרון בספר“, ווין, 1869.

3) צי דארף מען בעגרענצען דעם אריינפיהר פון ביכער, וואס דרוקען זיך אין אויסלאנד?

4) צי די צענזור דארף איבערגעגעבען ווערען דעם פראפעסאר פון העברעאיש אין דער אוניווערזיטעט, וואס ווערט געגרינדעט אין לעמבערג? צי דארף ער בעקומען א געהילף? און אזוי ווייטער.

די פעראייניגטע הויף־קאנצעלאריע, הויף־קאמער און „הויף־באנקאדעפוטאציאן“ האבען דעם 1. אפריל ארויסגעגעבען פאלגענדען בעשלוס: „עס איז געוואונשען צו פעראייניגען אלע דרוקערייען, דערביי אבער נעהמען־אריין אין רעכנונג נור דריי: 1) חיים אהרן (מדפיס); 2) זיין שוועסטער יהודית — די אלמנה פון דוד מנחם מאנן, צום צווייטען מאל חתונה געהאט מיט'ן לעמבערגער רב ראזאנעס; 3) וואלף גרשון (וואלף, זוהן פון גרשון לעטערים) — די איבריגע בעלנים דארף מען נישט נעהמען אין בעטראכט, ווייל אדער זיי קענען גאר נישט די דרוקעריי־קונסט, אדער זיי בעזיצען נישט קיין קאפיטאל און נישט קיין זאפאס פון ביכער און מאטריצען. דער רעפערענט האט אבער נישט קיין גרויסען צוטרוי אויך צו די דאזיגע דריי, ווייל זיי רייסען זיך ארום איינער מיט'ן אנדערן, און וואלף לעטערים איז פערשולדיגט איבער די אויערן. די הויף־קאנצעלאריע האט נישט מסכים געווען צו פעראייניגען די דרוקערייען, דאגעגען אבער האט זי זיך ארויסגעזאגט פאר געבען לאנג־יעהריגע מאנאפאלען אויף מיטערע ווערק, ווי אויך צו בעגרעניצען דעם אריינפיהר פון אויסלאנד. די קריסטליכע דרוקער, אויב זיי וועלען זיך פערפליכטען צו דרוקען העברעאישע ספרים, דארף מען געבען דיזעלבע פריווילעגיעס, ווי די יודישע; די צענזור בעדארף פיהרען דער פראפעסאר פון לעמבערגער אוניווערזיטעט צוזאמען מיט א ספעציעלען געהילף“.

דערמיט האט זיך געענדיגט די לאנג־יעהריגע שרייבעריי און אלץ וואלט געבליבען ווי פריהער, ווען דערווייל וואלטען נישט אויסגעפיהרט געווארען די בעפעהלען פון'ם 4. יוני און 19. אקטאבער 1782 און מ'וואלט נישט געצוואונגען די זשאלקיעווער דרוקער אריבערצופיהרען זייערע דרוקערייען קיין לעמבערג. לעטערים האט תיכף געפאלגט, דאגעגען אבער מדפיס און זיין שוואגער דוד בן מנחם מאנן האבען זיך אריבער־געצויגען קיין לעמבערג ערשט דאן, ווען מ'האט פערשלאסען זייער דרוקעריי אין זשאלקיעוו.

אין יאהר 1791 זעהען מיר אין לעמבערג פאלגענדע יודישע דרוקערייען: 1) חיים מדפיס; 2) יהודית ראזאנעס (פריהער מאנן); 3) משארנא, אלמנת פון וואלף לעטערים, צוזאמען מיט איהר זוהן גרשון; 4) זלמן ראפאפארט, אדער יהודה זלמן בן נפתלי הערץ, המכונה זלמן יארעש ראפאפארט.

משארנא לעטערים איז פערבליבען אין לעמבערג העכסטענס ביז העלפט פון יאהר 1793, דען דעם 3. אויגוסט אין יענעם יאהר האט זי בעקומען א הויף־קאנצעסיע, צו פיהרען איהר אונטערנעהמונג אין זשאלקיעוו. די דרוקעריי פון יהודית מאנן האט איינציג מאל געביטען איהרע איינענטימער. נאכ'ן טויט פון איהר מאן מאנן האט יהודית אליין געפיהרט די דרוקעריי, און דערנאך צוזאמען מיט איהר צווייטען מאן, דעם רב ראזאנעס. נאך איהר טויט האט געפיהרט די דרוקעריי דער רב ראזאנעס, און דער אייגענטימער איז געווען יהודית'ס זוהן אדער שטיפזוהן נפתלי הערץ גראסמאן. אין יאהר 1804 בעט ראזאנעס די גוּבערניאל־פערוואלטונג איבערשרייבען די קאנצעסיע אויפ'ן נאמען פון'ם זעלבען גראסמאן, ווייל סיי־ווי פיהרט ער שוין 12 יאהר די דאזיגע אונטערנעהמונג. ביז ס'איז אנגעקומען דער ענטפער פון'ם גובערניום איז ראזאנעס געשטארבען, און גראסמאן אליין האט שוין דערלאנגט א ביטע און בעקומען

אַ קאָנצעסיע פון שטאַאַטסראַט דעם 11. דעצעמבער 1804, נומר 1477—22323 (אַרכיוו פון אינערן־מיניסט. אין וויען IV, ב. 7, נומ' 2627, אַקט 119).

נאָך גראַססמאַנ'ס טויט האָט די דרוקעריי געפירט זיין אלמנה: חוה גראַססמאַן.

נאָך וועגען צוויי יודישע לעמבערג־זשאָלקיעווער דרוקערייען דערציילען אונז די אַקטען פון ווינער מיניסטעריום און פון די ביבליאָטעקען: זיי געהערען צו מאַיערהאָפער און צו רובינשטיין.

אברהם יהודה ליב מאַיערהאָפער, אָדער ווי ער הייסט אין די אַקטען: יודאַס מאַיערהאָפער, איז אַ גרויסער יחסן. אמת, זיין טאַטען קענען מיר נישט, אָבער זיין שווער איז דער לעצטער סעקרעטאַר פונ'ם „ועד ד' ארצות" און דער רב פון זשאָלקיעוו, ר' פנחס העלפערן פון שווערזש; דער פאָטער) פון דעם דאָזיגען ר' פנחס און דער זיידע פון מאַיערהאָפערס פרוי איז געווען דער פאַרלעצטער פרנס פונ'ם ועד, אָדער לער מאַרשאַלעק פון די יודען אין קרוין־פוילען, און האָט געהייסען ר' אברהם בן חיים (נפטר געוואָרען 1762 אין לובלין).1.)

מאַיערהאָפער האָט בעקומען די קאָנצעסיע אויף אַ דרוקעריי אין זשאָלקיעוו דעם 20. מאַי 1791, און נאָך זיין טויט נעהמט־איבער די דאָזיגע דרוקעריי זיין זוהן משה, לויט אַ דעקרעט פון דער הויף־קאַנצעלאַריע דעם 26־טען סעפט. 1811. פון די אַקטען דערוויסען מיר זיך, אַז סיי משה זענען געווען זעהר רייכע, דען זיי האָבען פערמאָגט צוויי הייזער אין זשאָלקיעוו, וועלכע זיי האָבען ספעציעל צוגענומען אויף אַ דרוקעריי. אין יאָהר 1840 איז דער אייגענטימער פון דער דאָזיגער דרוקעריי משה'ס זוהן: שאול מאַיערהאָפער.

די דרוקעריי פון רובינשטיין עקזיסטירט וואַהרשיינליך אַהן אָנ'אָפיציעלע ערלויבניש שוין לערך אין יאָהר 1800, ווייל פון יענער צייט געפינען מיר שוין זאַכען, וואָס זענען דאָרט געדרוקט. ערשט אין יאָהר 1807 בעט אוריאַס רובינשטיין וועגען אַ קאָנצעסיע אויף אַ דרוקעריי אין לעמבערג, און לעגט־ביי צו דער בימע אַ צייגניש פון לערנען זיין פאַך אין ברעסלוי. אָבער וועגען זיין בעגעהר דערוויסען זיך די צוויי אַנדערע לעמבערגער דרוקער: אהרן מדפיס און הערץ גראַססמאַן, און זיי דערלאַנגען אַנ'אַלאונטערטעניגסטע „מסירה" אָדער ידיעה, אַז רובינשטיין האָט קיינמאָל נישט געזעהן פאַר די אויגען ברעסלוי און האָט אַלזאָ דאָרט נישט געקאָנט לערנען די דרוקעריי־קונסט. רובינשטיין האָט געוואוסט, ווי זיך משתדל צו זיין וועגען זיין עסק, און מיט דער דאָזיגער „שתדלנות" האָט ער איבערצייגט די הויף־קאַנצעלאַריע, אַז די לעמבערגער דרוקער זענען איהם שונאים, און ער האָט בעקומען אַ קאָנצעסיע דעם 7. פעברואַר 1808. באַלד האָט רובינשטיין אָנגעהויבען די אַרבייט און זיין שוין „קאָנצעסיאָנירטער" דרוקעריי, דען אין יאָהר 1809 האָט ער שוין אָבגעדרוקט דאָס מאַטעמאַטישע ווערק פון אליהו מזרחי. דערביי האָט ער נישט פערגעסען צוגעבען זיין גאַנצען טיטול: „ק. ק. פריווילעגירטע רובינשטיינישע דרוקעריי", פונקט ווי אויף אַנ'אַנדער ווערק האָט ער אָנגעגעבען: „אוריאַס רובינשטיין מיט בוכשטאַבען אויס וויען".

אָבער צו־ענג איז רובינשטיינ'ען געווען אין לעמבערג. דאָס איז געווען אין יענער צייט, ווען דער קייזער פראַנץ האָט „גע'טרפה'ט" דעם גרעסטען טייל פון די לעמבערגער גאַסען, ד. ה. ער האָט אַרויסגעזעצט פון זיי די יודען און זיי אַריינגעשפאַרט אין געטאָ. רובינשטיין האָט נישט געוואָלט זיצען „אין פינסטערניש" צוזאַמען מיט אַנדערע, און מעג ער אפילו דאַדורך מוזען פערלאָזען לעמבערג און זיך אַריבערטראַגען אין זיין געבורטס־שטאָדט זשאָלקיעוו. אָבער די מאַכט האָט דאָס איהם נישט ערלויבט.

1) באַלאַבאַן מאיר: די יודענשטאָדט פאָן לובלין, בערלין 1919, זייט 68 און ווייטער.

ער האָט זיך אַלזאָ בענוצט מיט דעם „איבערפֿאַל פֿון שׂונא“, כּדי אונטער זיין שוין צו פֿערלאָזען אין יאָהר 1809 די „קייזערליכע“ שטאָדט. מיט'ן נאָמען „איבערפֿאַל“ רופֿען די וויענער אַקטען דאָס פֿערנעהמען לעמבערג דורכ'ן מיליטער פֿון וואַרשאווער פֿירשטענטום דעם 27. מאַי 1809 און שאַפֿען דאָ אַ צענטראַלע רעגירונג. אָבער דער דאָזיגער עפּיזאָד האָט געדויערט נור ביז'ן 20. יוני 1), דען אין יענעם טאָג האָט די עסטרייכישע מאַכט צוריקגעקעהרט, און רובינשטיין וואָלט געהאַט אַ שטרענגע שטראָף פֿאַר זיין „נישט-פּאַטריאָטישער“ אויפֿפֿיהרונג, ווען ער וואָלט נישט פֿריהצייטיג געשטאָרבען. זיין אַלמנה (חיה) האָט, אַלס בעגנעדיגונג, צוריק בעקומען די קאָנצעסיע, אָבער נור אויף לעמבערג און אויך דאָס נור אין יודישען קוואַרטאַל. אין דער פֿאַמיליע רובינשטיין זענען אָבער פֿאָרגעקומען נישט קיין זעהר „רעכטע זאַכען“, דען אין דער גובערניאַל-פֿערוואַלטונג איז אָנגעקומען אַ בריעף, אונטערגעשריבען „חיה רובינשטיין“, מיט'ן וואונש, אַז מען זאָל ערלויבען איבערטראָגען די דרוקעריי קיין זשאָלקיעוו און איבערשרייבען די קאָנצעסיע אויפֿ'ן נאָמען פֿון איהר שוואָגער: יצחק רובינשטיין. חיה האָט זיך בייצייטענס דערוואוסט וועגען דעם ראָזיגען שפּיצעל פֿון איהר שוואָגער און האָט וועגען דעם מודיע געווען דער מאַכט. די זאַך איז אָנגעקומען צום שטאַטסראַט אין ווין, דערווייל אָבער איז חיה דעם 3. יאַנואַר 1813 געשטאָרבען, און איהר שוואָגער יצחק רובינשטיין האָט פֿאָרגעלעגט איהרס אַ צוואה, אין וועלכער זי מאַכט איהם פֿאַר איהר יורש. די הויף-קאַנצעלאַריע האָט אָבער יצחק'ן נישט געגלויבט, און דורך אַ דעקרעט פֿונ'ם 22. יולי 1813 האָט זי אָבגענומען די קאָנצעסיע פֿון דער דאָזיגער דרוקעריי און בעפֿוילען, צו פֿערשליסען די גאַנצע אונטערנעהמונג.

אין יאָהר 1830 ווערט געגרינדעט אין לעמבערג די באַלאַבאַנישע דרוקעריי, וועלכע עקזיסטירט ביז היינט, האָטש כּמעט אַלע מאַנסליייט פֿון דער דאָזיגער פֿאַמיליע זענען אויסגעשטאָרבען.

אַנדערע העברעאישע דרוקערייען זענען געגרינדעט געוואָרען אין לעמבערג אין העלפֿט פֿון XIX יאָהרהונדערט און נאָך איניגע יאָהר זענען זיי אונטערגעגאַנגען. די ביבליאָגראַפֿישע רשימות גיבען-אָן די נעמען: ס. באַק און א. י. מענקעס, ד. ה. שרענצעל, קוגעל און לעווין, פּ. פֿאָרעמבאַ (ביי וועלכען מיכל וואָלף האָט געדרוקט זיינע אויסגאַבען), בערל לייב בן צבי נעבעלעס און פֿיעל אַנדערע.

אַן אָריגינעלער טיפּ פֿון אַ לעמבערגער דרוקער איז געווען אורי וואָלף סאַלאַט, וואַהרשיינליך אויך אַן אור-איניקעל פֿון אורי פֿייבוש פֿון אַמסטערדאַם, האָטש פֿון אַ זייטיגער ליניע. אַ קליינער, טרוקענער, מיט זעהר אַ פֿלינקען שכל, איז ער גלייכצייטיג געווען אַ דיין און אַלס אַזעלכער איז ער געזעסען אין בית-דין צוזאַמען מיט'ן רב נאַטאַנזאָהן, אָרענשטיין און אַנדערע. אַ גרויסער למדן, אָבער אַ שרעקליכער מתנגד, איז ער געווען אַ חשוב ביי די משׂכּילים, אָבער נישט געהאַט קיין צוטרוי ביי די חסידים, וועלכע גרופּירען זיך אַרום דער שוהל פֿון ר' יעקב גלאַנצער, וואו עס האָט געשפּיעלט אַ גרויסע ראָליע אַן אַנדער אור-איניקעל פֿון אורי פֿייבוש פֿון אַמסטערדאַם: דער דרוקער אברהם יוסף מדפּיס.

סאַלאַט'ס זוהן, ר' משולם סאַלאַט, האָט נאָכ'ן פֿאָטער איבערגענומען די שטעלע פֿון דיין, אָבער מיט דער דרוקעריי האָט ער זיך נישט פֿערנומען. נאָך פֿערשיעדענע גלגולים איז זי איבערגעגאַנגען אַלס אייגענטום פֿון יהושע וואָלף, דער אין לעמבערג בעקאַנטער פּאַטריאָט פֿון „בעלוער הויף“ און אַמאָליגער רעדאַקטאָר פֿונ'ם „קול מחזיקי הדת“. אַ חסיד מיט לייב און לעבען, האָט וואָלף געדרוקט וואָהל-אייפֿרויפֿען, בשעת ווען משולם

1) פּאַוולאָווסקי בראָניסלאַוו: „דיאָס און יאָהר 1809“. ליטעראַרישע ביבליאָטעק, נומער III [illegible] 1909.

סאלאַט — דער זוהן פון אורי וואלף — האט זיך פערנומען מיט לומדות, און נישט קוקענדיג אויף דער שנאה מצד די חסידים, איז ער געוואָרען שטאָדט-רב אין לעמבערג.

נישט לאַנג איז אָבער דער רב ר' משולם סאלאַט געזעסען אויף זיין כסא הרבנות, דען אין עטליכע יאָהר ארום איז ער געשטאָרבען, און מיט זיין טויט איז אָבגעהאַקט געוואָרען די דורות-טראַדיציע פון אורי פייבוש. די יונגערע דורות זענען שוין אינגאַנצען אוועק מיט'ן פאָרטשריט פון יענער צייט: די יונגע מדפיס'ים, אייניקלעך פון אברהם יוסף, גבאי אין יעקב גלאנצערס קלויז, זענען שוין דאָקטוירים און פראָפעסאָרען. סאלאַט איז אַדוואָקאַט, און וואָס עס איז געוואָרען מיט די לעטערים'עס — איז אינז אונבעקאַנט. אַזוי פיעל ווייסען מיר, אַז מאיר הלוי לעטערים איז געווען אַ דאָקטאָר און האָט ערלויבט אָנגעבען זיין נאָמען אויף די תנ"ך, וואָס זענען אַרויסגעגעבען געוואָרען דורך דער אנגליקאַנישער ביבלישער געזעלשאַפט. אַזוי האָבען זיך געענדיגט דריי יאָהרהונדערטען און צעהן דורות דרוקערישע אַרבייט פון דער דאָזיגער פאַמיליע.

## יחוס-בריעף

### פון דער פאַמיליע מדפיס-לעטערים 1)

**משה אורי הלוי אין אַמסטערדאַם (1544—1620).**

**אהרן בן אורי, חזן אין אַמסטערדאַם.**

**אורי פייבוש, דרוקער אין אַמסטערדאַם (אין 1690 אין זאָלקוויִ).**




## IV.

# די פראַגע צו גרינדען די ערשטע העברעאישע דרוקעריי אין ווארשא

אין דער צווייטער העלפט פונ'ם 18-טען יאָהרהונדערט, ווען דער חסידיזם

1) דער יחוס-בריעף אין זיינע גרונד-שטריכען איז אָנגעגעבען לויט וואַכשטיין (קאַטאַלאָג I זייטע XVII), פערמעהרט און פערברייטערט לויט גרעץ: געשיכטע IX, זייטע 488, ווי אויך לויט'ן אַרכיוו פון אינערן מיניסטעריום אין ווין, פאַסצ. IV, באַנד 7, נומער 2127, און די ערינערונגען פון לעטערים „זכרון בספר", ווין 1869.

2) לויט וואַכשטיין איז ראָזאַנעס געווען אַן איידעם פון גרשון, אָבער פון די אַקטען איז צו זעהן, אַז ער איז אהרן'ס איידעם. איך וואָלט אַרויסגעזאָגט די השערה, אַז באמת איז ר. געווען פריהער גרשונ'ס איידעם, און נאָכ'ן טויט פון זיין פרוי האט ער צום צווייטען מאָל התונה געהאַט מיט יהודית, אהרנ'ס טאָכטער און די אלמנה פון דוד, מנחם מאַנ'ס זוהן.

3) אַ טאָכטער פון אריה, אב"ד אין מילאטין („זכרון בספר" זייט 18).

האט זיך שטארק פערשפרייט, זענען אויף די מזרח־קאנטען פון דער רעפובליק, אין אלעקסיניעץ, פארוצק, סלאבוטא א. א. ענטשטאנען קלענערע דרוקעריען, וועלכע ווירקען א געוויסע צייט און גיבען־ארויס פיעל חסידישע און אנדערע ספרים.

אין דערזעלבער צייט איז געמאכט געווארען א פראבע צו גרינדען א דרוקעריי אין וואַרשא. נאך פון די צייטען פון די מאזאוויעצקער פירשטען האט ווארשא געהאט די פריווילעגיע „de non tolerandis Judaeis“, ד. ה. אז יודען איז נישט ערלויבט געווען דארט צו וואוינען. די ווארשאווער שטאדטישע בירגער („מיעשטשאנעס“) האבען שטארק אבגעהיט זייער פריווילעגיע, און נור בשעת די סיימען — ווען עס זענען אנגעפאהרען פיעל פון דער שליאכטע און פרעמדע סוחרים — איז אויך פאר יודען געווען ערלויבט צו קומען און האנדלען אין דער הויפט־שטאדט. נאכ'ן געענדיגטען סיים האט דער טרומייטער פון מארשאלעק ארויסגערופען די יודען פון שטאדט. אבער די יודען האבען שטענדיג געפונען אן עצה, ארומצוגעהן דעם פערבאט, און הינטער די ראגאטקעס פון שטאדט — ביי דער פראטעקציע פון די אייגענטימער פון די הינטער־שטעדטישע „יורידיקעס“ — האבען זיי געגרינדעט דאס נייע ירושלים („נאווא יערוזאלימא“) און ניי־פאטאק, און דא האבען זיי געפיהרט דעם האנדעל אין דער צייט צווישען איין סיים און דעם אנדערן. אבער די ווארשאווער „מיעשטשאנעס“ האבען נישט געוואלט פערטראגען די געפעהרליכע קאנקורענץ און זיך בעמיהט ארויסצוזעצען די יודען אויך פון די הינטער־שטעדטישע ישובים. זיי איז דאס געלונגען אין יאהר 1776, און דאן האט מען ארויסגעטריבען אלע יודען פון די פאר־שטעדט און זייערע קראמען גלייך־געמאכט מיט דער ערד.

אין יענער צייט פון דער „יודישער צושטערונג“ האט זיך אנגעהויבען די בעמיהונג צו גרינדען א יודישע דרוקעריי אין ווארשא. דער האנדעלס־קאמיסאנט פון'ם קעניגליכען הויף און דער ליפעראנט פון דער קייזערליכער מאנעטען־פאלאץ, ליפמאן אייזאק אוויטש (בן יצחק) פון קראטאשין בעקומט פון סטאניסלאוו אויגוסט א פריווילעגיע צו עפענען א העברעאישע דרוקעריי „אין זיין ירושה־ארט גאלענדזינאוו און פראגא ביי ווארשא“. דאס איז געווען דערפאר, וואס דער קעניג האט איינגעזעהן, „אז די יודישע דרוקעריען זענען נוצבערגעקומען“, און אז בעדייטענדע סומען „געהען־ארויס יעדעס יאהר פון לאנד קיין אויסלאנד, צו ברענגען יודישע ביכער, סיי צו זייערע תפלות, סיי לוחות און אנדערע, און היות ווי יודען איז קרוין־פוילען און אין ליטא זענען נישט קיין קליינער טייל פון די איינוואוינער, איז דורכ'ן געברויך פון ביכער, וואס געהערען צו זייער געבעט אין די געבעט־הייזער, שוהלען און פריוואטע הייזער... זענען זיי געצוואונגען, אין אויסלאנד צו קויפען“.

דער קעניג גיט־איבער די מאכט און השגחה אויף דער דאזיגער דרוקעריי. דאס רעכט צו ברענגען מענשען, מאשינען און מאטעריאלען דעמזעלבען ליפמאן אייזאקאוויטש און זיין איידעם יאנאס (יונה) יאקובאוויטש, און דערמיט „ווערען אבגעשאפט די פריווילעגיעס, וואס זענען דורך איהם אדער זיינע פארגענגער ארויסגעגעבען געווארען אלע אנדערע יודישע דרוקעריען“. די צווייטע דערמאהנטע „פריווילעגירטע“ איז אויך ערלויבט צו ברענגען פון אויסלאנד „תלמודישע ספרים“ אויף אזא אופן: „קודם כל זאל ער אין יעדע שטאדט און שטעדטיל פון קרוין־פוילען און ליטא פאנאנדערטיילען פריהער צו איין באנד פון'ם דערמאהנטען ש"ס אויף פרענומעראנטע, ד. ה. אבנעהמענדיג פאראויס א העלפט פון דעם, וואס אלע עקזעמפלארען פון תלמוד וועלען קאסטען, און די צווייטע העלפט דאן, ווען דער גאנצער תלמוד, וועלכער בעשטעהט פון 12 בענדער, וועט פערטיג געשטעלט ווערען. צווייטענס: אז אין גרעסערע שטעדט זאלען זיי אויספערקויפען די גרעסערע ש"ס'ן... און אין די קליינע שטעדט — די קלענערע ש"ס'ן אין דערביי

נאָר צו איין עקזעמפּלאַר... דרימענס: אַז די שוהלען און פּריוואַטע מענשען, וועלכע וועלען געבען געלד אויף דעם ראַזיגען תלמוד, זאָלען זיין זיכער, אַז פּאַר זייער געלד וועלען זיי בעשטימט בעקומען דאָס גאַנצע ווערק פון תלמוד, און דערום גיבען=מיר=צו די אויבענדערמאַהנטע לייזער און יונה אַלס גענעראַל=קאַסירער דעם בעריהמטען אדאם זימאַן, אַ סוחר פון דער אַלטשטאַדט וואַרשאַ; ביי זיינע סובאַלטערנען (אנגעשטעלטע) דאַרף זיך געפינען די קאַסע פון הכנסה און הוצאה, און אין זיין נאָמען וועלען די דאָזיגע סובאַלטערנען אַרויסגעבען אַ קוויט איטליכער שטאָדט אויף דאָס בעקומענע אַבאָנאַמענט=געלד און וועלען איהר ערוב זיין, אַז דער גאַנצער תלמוד וועט בעשטימט צוגעשטעלט ווערען"...

האַבענדיג אין טאַש די קעניגליכע פּריווילעגיע, האָט לייזער קראָטאָשינער אָנגעהייערן זוכען שותפים. הגם ער איז געווען אַ קאָמיסאַנט אין ברעסלוי אין משך פון 25 יאָהר, האָט ער נישט געמאַכט קיין פערמעגען, און די אויסלענדישע בוכהענדלער אין אַמסטערדאַם, פראַנקפורט א. אַ. וו. האָבען געזוכט אַ זיכערען קונה, ווי לייזער. ער האָט אַלזאָ אנגעהויבען בענוצען דעם גוט=בעקאַנטען1) אַפּאַראַט פון בעקאַנטמאַכונגען אויף יריד'ן און מערק און האָט צו זיי צוגעגעבען „אַ פונקט אויף שותפות, ווער עס וואָלט וועלען צוטרעטען צו אַ פּריווילעגיע, אַרויסגעגעבען אויף אַ דרוקעריי". ווייל אָבער עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען דרוקען און פערשפּרייטען רעליגיעזע ספרים, האָט ער זיך בעמיהט און בעקומען פון דריי דעמאָלט בעוואוסטע רבנים הסכמות, וועלכע ער האָט אויך געהייסען אויסרופען אין די שוהלען, בשעת די יריד'ן אין יאַראָסלוי, לובלין, קראָקאָ א. אַ. וו.

דידאָזיגע הסכמה פון די רבנים—אַ מין מאָראַל=ציינגניש פאַר'ן „פּריווילעגירטען"— איז געווען געשריבען אויף לשון=קודש און איז אין דערזעלבער שפּראַך בעקאַנט געמאַכט געוואָרען צווישען יודען, אָבער צו די קאָנצעסיע=אַקטען איז ביינעלעגט געוואָרען אַ פּוילישע איבערזעצונג, וועלכע איז זעהר חאַראַקטעריסטיש און אינטערעסאַנט. דאָרט ווערט געזאָגט:

„צו אַלערערשט גיבען מיר אַ לויב, אַזוי דעם דורכלויכטיגסטען קעניג אויף דר'ערד געזעהן, ווי דעם אַלערהעכסטען קעניג אויפ'ן הימעל, לויט אונזער אמונה! הערט, יודען, און קוקט זיך צו. היינטיגען טאָג האָבען אונזערע אויגען געזעהן

1) צו דער כאַראַקטעריסטיק פון לייזער'ן און די מענשען פון זיין צייט ברענג איך דאָ אַ בריעף, וועלכען ער האָט געשיקט צום גראַף מ א ש י נ ס ק י, ווי אויך צום רוסישען געזאַנדטען אין וואַרשאַ, ס אַ ל ד ע ר ן.

Hochwohl Geborener,
Höchst Hoch Gebietender Herr!

Ihre Hochwohlgeborene Hoch Gebietende Exellenz werden zu Gnaden halten, dass ich als ein Sclave mir die Freiheit bediene Ihro Exellenz mit dieses mein untertänigstes Pro memoria zu incommodieren. Flehe Ihro Exellenz um Gnade an, mich eine Resolution von Ihro Exellenz zu erhalten, damit ich wage Ihro Exellenz meine Sache vorzutragen, mich was Ihro Exellenz schon vorgetragen haben, auf das demütigste muss einen-als den wenden, Ihro Exellenz die Proben von mir sehen, welche tausend Juden nicht zeigen werden und nicht können. Flehe Ihro Exellenz nochmals auf das demütigste an, mich einen Rat, dieweil es bloss auf Ihro Exellenz hohen Gnade beruht, ein Halt Ihro Exellenz befehlen und vor gut finden, mich an Ihro königlichen Majestäten zu wenden, will dero Befehl gehorsamen, Schmeichele mich der guten Hoffnung, dass Ihro Exellenz dero hohen Gnade, welche hoch und wert ist, nicht entziehen werden. Empfehle mich nochmals an Ihro Hochwohlgeboren Exellenz höchst hoch Gebietender Herr aller gnädigsten Schutz.

Warschau den 5 Maj 1779.

Leiser Isaak
von Kruteschin.

וואונדער, וואס גאט'ס חסד האט אונז בעוויזען צו אונזער גוטס, אז זיין האנד נייגט זיך צו אונז שטענדיג, ווי בעשטימט פונ'ם רבונו של עולם. הגם מיר, וועלען זיין אין קנעכטשאפט, וועט ער דאך ארייננעבען אין הארץ פונ'ם מלך מיר זאלען האבען פון איהם חסדים, ווי מיר זעהן יעצט די גנעדיגע האנד פונ'ם דורכלויכטיגסטען קעניג פון גאנץ קרוין-פוילען און ליטא, דעם פעסטען, בארמהארציגען, זיין שטוהל זאל דערהויבען ווערען איבער אלעמען און זאל לייכטען ווי די זון לעולם ועד, אזוי אז זיין בעפעהל זאל זיין איבער אלע גלויבענס, און די פיינד זאלען פאלען פאר זיינע פיס, עס זאל זיין פריעדען פאר זיין קעניגרייך, און זיינע קינדער זאלען אויך האבען די מלוכה מיט די געהיימע מיניסטארען, זיין ליבער נאמען זאל איהם געבען רחמנות אויף אונז, יודען, און מיר אלע, אונטער זיינע פליגלען, מיר זאלען זיין אין פריעדען, און אלץ, וואס גאט וועט ארייננעבען אין זיין הארצען, זאל ערפילט ווערען אהן שום ענדערונג, און דער גענעבענער פריוויליגיע פונ'ם דורכלויכטיגסטען קעניג אויפצושטעלען א יודישע דרוקעריי, כדי צו דרוקען לוחות, תלמוד און פערשיעדענע אנדערע ספרים, וואס קומען-צו יעדעס יאהר אין אונזערע למודים, וועלכע זענען פריהער געדרוקט געווען אין קראקא, און לובלין, נור צוליעב די שווערע צייטען חרוב געווארענע, גלייך ווי זיי וואלטען קיינמאל נישט געווען און קיין צייכען פון זיי איז נישט פערבליבען, נאר מען בעדארף זוכען אין פרעמדע לענדער און פאר אונזער געלד דארט דרוקען. און יעצט האבען מיר נעזעהן, נישט בלויז געהערט, די פריוויליגיע פונ'ם דורכלויכטיגסטען קעניג, אונזער גנעדיגסטען האר, און די העגד פונ'ם געטרייען אליעזר יצחק, וועלכער איז דורך 25 יאהר אויך מיט א פריוויליגיע פון זיין קעניגליכער מאיעסטעט דער קאמיסאנט אויף אלע סחורות אין ברעסלוי, אויף וואס ער האט דאקומענטען פון אלע פוילישע סוחרים. גאט זאל איהם העלפען אויך צו דער דאזיגער מעשׂגקייט; די דרוקעריי, וואס איז פערשפראכען געווארען אויף גאלענדזינאוו, בעשטימט אויף די יעניגע מקומות, וועלכע מען קאן מיט דאקו-מענטען און עהרליך אויסווייזען, ווי עס ווערט געזאגט אין דער פריוויליגיע. דערויף בעדארפען מיר געבען א שבח צו גאט, וואס ער האט גענייגט דאס הארץ פון דורכלויכ-טיגסטען מלך אונזער גנעדיגען האר, און אונזערע ספרים צו אומקעהרען, בעגייען האט ער בעוויליגט דורך זיין גנעדיגען בעפעהל. און מיר, די אונטערגעשריבענע, בעשטעטיגען מיר לויט אונזער דת און מיט א שבועה, אז קיינער זאל זיך נישט אונטערשטעלען צו דרוקען ספרים אויף זייער נאמען, אז קיינער זאל איהם נישט שטערען אין דעם, וואס ער וויל דרוקען... זייער דרוקעריי וועט אויסווירקען, אז עס זאלען נישט קומען קיין פרעמדע מענשען פון אויסלאנד, צו טהון זיי אנ'אונרעכט... נעהמענדיג דאס אין אכט, ווי עס האבען גענומען אויך אונזערע אבות אבותינו די רבנים, ארויפלעגענדיג א קללה אויף די, וואס שטערען איינע די אנדערע, לעגען מיר אויך ארויף א חרם אויף אזעלכע מענשען, וואס שטערען אויפצושטעלען א דרוקעריי פון יודישע ספרים אויף 10 יאהר, דערויף גיבען מיר א לויב און א שבועה און א ברכה, אז די מלוכה זאל וואקסען און לייכטען, ווי די העלסטע שטערען אין הימעל און אנ'עצה דעם, וואס ער וועט אויסטראכטען, אז גאט דער האר זאל העלפען אלץ צום גוטען דעם דורכלויכטיגסטען קעניג, אז זיין שטוהל זאל דערהויבען ווערען, ווי דער אויפגאנג פון דער זון.

15. יולי 1776.

העשיל, רב אין רזשעוואל

יפת (יאפעט), רב אין נאווי-מיאסטא

לוי (לעוועק), רב פון זשערעפקי".

נישט מינדער האבען געהאלפען די הסכמות פון די רבנים און די פערעפענטלי-

לונג פֿון די „פּונקטען"1) און דער פּריווילעגיע אויף די ירידן און אין די שולען. קיין שותּף האָט זיך נישט געפֿונען. ווי עס שיינט, האָט די צושטערונג פֿון „גאַווא יערוזאַלימא" און „גאַווי פּאָמאַק" אָבגעשראָקען די קאַפּיטאַליסטען, אַריינצולעגען געלד אין אַזאַ נישט־זיכערער אונטערנעהמונג. דער „פּריווילעגירטער" מרטער ליזער קראָטאָשינער האָט זיך געוואָרפֿען און געזוכט פֿערשידענע מיטלען און איינפֿאַלען, אָבער אומזיסט. גאַנצע דריי יאָהר נאָכ'ן בעקומען די פּריווילעגיע איז ער גאָר אַליין נישט צוגעטראָטען צום עסק, נאָר געזוכט אַ שותּף און צוגלייך די פּראָטעקציע פֿון פֿערשידענע שררות, כּדי צו בעקומען אַ צוטריט צום קעניגליכען הויף. די געפּלאַנטע דרוקעריי איז נישט געגרינדעט געוואָרען און די קעניגליכע פּריווילעגיע איז געבליבען אַ טויטער בוכשטאַב, אַן אָבּשטאַק פֿאַר'ן אַרבייט, אַ צייגניש פֿון אַ גוטען רצון, ווי עס זענען געווען פֿיעל אין יענער צייט אין פּוילען נאָך דער ערשטער צוטיילונג.2)

ערשט נאָך דער דריטער צוטיילונג פֿון פּוילען, און נאָכדעם ווי וואַרשא איז פֿערנומען געוואָרען דורך די פּרייסען, הויבט־אָן דאָרט דרוקען העבּרעאישע ספרים פּיאָטר זאַוואַדזקי, און נאָך זיין גיכען טויט — זיין אלמנה „מאַדאַם זאַוואַדזקאַ" (1800).

---

1) „די פּונקטען פֿון שותּפֿות אויף אַ דרוקעריי, וועלכע עס וואָלט וועלען צושטעהן צו דער פּריווילעגיע, וואָס איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אויף דער דאָזיגער דרוקעריי ליזער פֿון קראָטאָשין:

1) פֿערשידענע יודישע ספרים וועלען געבראַכט ווערען קיין וואַרשא פֿון אויסלאַנד, דהיינו פֿון אַמסטערדאַם, אָדער פֿון שלעזיען, אָדער פֿון פֿראַנקפֿורט, אָבער אויף זיי וועלען נישט גייטיג זיין קיין מזומנים, נאָר געבען דעם סוחר ערבים אויף אַ טערמין, וואָס איז צוגעפּאַסט צו די בעדערפֿעניש פֿונ'ם קויף אָדער פֿערקויף פֿון די דאָזיגע ספרים.

2) כּדי דעם, וואָס וועט וועלען צוטרעטען אַלס שותּף צו דער פּריווילעגיע, צו פֿערזיכערן, אַז ער קאָן נישט האָבען קיין שום היזק אויף די דאָזיגע ספרים, דאַדורך ווייל די סוחרים, ביי וועמען מען וועט קויפֿען די דאָזיגע ספרים, קאָנען נישט זיין קיין ערבים, דען אין זייער קאַסע וועט דער גאַנצער פֿערדינסט אַריינגעלעגט ווערען, אויף צו גרינדען די דרוקעריי—אַרויסנעהמען נור דעם אין דער פּריווילעגיע בעשטימטען אָבצאָהל פֿאַר'ן דורכלויכטיגסטען מלוכה־אוצר.

3) בנוגע דעם פֿערקויף פֿון די ספרים וועלען מיר שטענדיג האָבען צוויי שרייבער, ביידע צדדים צוליב בעסערן צוטרויען, און מיט די, וואָס פֿאָהרען־אַרום מיט ספרים איבער די ירידן, וועט אויך זיין דאָס זעלבע.

4) כּדי צו זאַמלען געלד אויף די ש״ס'ן אין די שטעדט און שטעדטליך, בעדאַרף אויך דער שותּף שיקען זיין נאָמן און איהם פֿערזיכערן מיט זיינע קבלות, וואָס ער וועט זיי אַרויסגעבען אויף צו פֿערענדיגען די דאָזיגע ש״ס'ן און זיי דערין פֿערזיכערן.

5) אויף די הוצאות ביים דאָזיגען עסק בעדאַרף דער שותּף זיי געבען, וואָס עס וועט נור זיין נויטיג, און אפילו יעדען חודש מאַכען אַ חשבון. אויף וועלכער צייט דאָס שותּפֿות צווישען אונז זאָל געדויערן, וועלען מיר הערגען דעם אויך אָבּרעדען.

6) ווען גאָט וועט געבען, עס וועט קומען די צייט אויסצושטעלען די דרוקעריי, קאָן די שותּפֿות בטל ווערען, סיידען דער שותּף וועט אויפֿ'ס ניי מיט מיר אָבּרעדען, וויפֿיעל ער בעדאַרף געבען אויף ברענגען מייסטערס און געהילפֿען צו דער דרוקעריי.

ווער עס וועט איינגעהן אויף די פּונקטען, וואָס זענען אויבען אויסגערעכענט, און ווער עס וויל זיך פֿערנעהמען מיט דעם עסק, זאָל זיך זעהן מיט מיר און רעדען, ווייל איך האָב דערויף אַ פּאַרטיקע פּריווילעגיע פֿון זיין קעניגליכער מאיעסטעט און פֿון דער ווירדיגסטער קאָמיסיע".

2) די זאַמלונגען פֿון דער וויסענשאַפֿט־אַקאַדעמיע אין קראָקא, האַנדשריפֿט Education nationale, באַנד 134 זייטע 144, דעפּאָזיט פֿון מאַדאַם פּאַפּיעל.



ד"ר י. שיפער.

# פון דער געשיכטע פון טעאטער־קונסט ביי יודען.

(דאס טעאטער פון די יודישע קאמעדיאנטען אין 17. און 18. יאהרהונדערט).

פערשיעדענע בעריהמטע און נישט־בעריהמטע קריטיקער און געשיכטע־פארשער האבען אונז צוגעוועהנט צו בעטראכטען אברהם גאלדפאדען פאר דעם פאטער פון יודישען פאלקס־טעאטער, אזוי אז פאר נישט איינעם פון די לעזער וועט דאס אונטער־קאפיטעל פון דער דאזיגער אבהאנדלונג: „דאס טעאטער פון די יודישע קאמעדיאנטען אין 17־טען און 18־טען יאהרהונדערט“ זיין עפיס גאנץ אונערווארטעס.

אמת, אז דא און דארט פלעגט מען טיילמאל, אגב אורחא, עפיס דערצעהלען וועגען רבנים פון 17־טען און 18־טען יאהרהונדערט, וואס זאלען האבען ארויסגעטרעטען מיט מוסר־ווערטער גענגען יודישע טעאטער־בעזוכער. אמת, אז טייל אויטארען, וואס פלעגען פון צייט צו צייט שרייבען וועגען יודישען טעאטער, האבען געוואוסט וועגען די „מערקווירדיגקייטען“, וועלכע דער באריהמטער שריפטשטעלער פון אנהויב 18־טען יאהרהונדערט י. שודט גיט־איבער וועגען די טעאטער־שטיקעס, וואס זענען אויסגעפיהרט געווארען דורך קאמפאניעס פראגער און האמבורגער ישיבה־בחורים אונטער דער לייטונג פון בערמאן פון לימבורג. מען האט, אמת, אין די יודישע ענציקלאפעדיעס, ווי אויך אין א ריהה איינצעלנע ארטיקלען ציטירט די טיטלען פון טייל „פורים־שפיעלען“, וועלכע זענען ערשינענע אין דרוק אין אנהויב 18־טען יאהרהונדערט. אבער די אלע דאזיגע ידיעות פלעגט מען געבען עפיס א שטייגער ווי כראניק־מעלדונגען, מען האט נישט געזוכט דעם איגנערליכען צוזאמענהאנג, מען האט זיך נישט בעמיהט גענויער צו אנאליזירען יענע איינצעלהייטען, און ממילא איז אויך נישט געלונגען צו ריכטיג אויפצושטעלען דאס בילד, וואס וואלט אונז געקאנט חאטש געבען וועלכען־עס־איז בעגריף וועגען מצב פון דער יודישער טעאטער־קונסט אין יענע ווייטע צייטען, וואס זענען אבגערוקט פון אונז מיט א לאנגער ריהה דורות.

עפיס ווי צו א „נאלי מע טאנגערע“, ווי צו א „רוהר־מיך־נישט־אן“, האט מען זיך פערהאלטען צו די צאהלרייכע „פורים־שפיעלען“, וועלכע האבען נישט איינעם פון אונז, מיט א צוויי—דריי צעהנדליג יאהר צוריק, אויפגעהייטערט דאס הארץ און די נשמה בעת דעם יודישען קארנאוואל אום פורים, און הגם טיילמאל פלעגט דער אדער יענער יודישער שרייבער זיך אבשמייכלען און בעוואונדערן דעם שפראך־שומעל פון אונזערע „פורים־שפיעלען“, פונדעסטוועגען האט קיין איינער פון זיי נישט געגעבען זיך די מיה פעסטצושטעלען די צייט, ווען זיי זענען ענטשטאנען, אדער אויפצוווייזען, אונטער וועלכע איינפליסען זיי זענען געשאפען געווארען.

ווי בלינדע, אלזא, בלאנקען מיר טיילמאל ארום אונזערע אוצרות, וועלכע די

„געזאמטע פאלקס־שאפונג" האט צונויפגעזאמעלט אויפ'ן לאנגען וועג פון יודישען געזעלשאפטס־לעבען. א מערקווירדיגע לעבעדיגע בעציהונג צו דער אייגענער פערגאנגענהייט..

אריינפיהרענדיג דא דעם לעזער אין איינעם פון די ווינקעלער, וואס געפינען זיך אינ'ם לאבירינט פון דער יודישער פערגאנגענהייט, וועל איך דא צוזאמען מיט איהם געהן שנעלע טריט, און זיך טיילען מיט איהם נור מיט די וויכטיגסטע רעזולטאטען, וועלכע עס איז מיר געלונגען צו בעקומען נאך מיהעפולע זוכונגען און פארשונגען.

די טעכניק פון די פארשונגען, ווי אויך דעם וויסענשאפטליכען אפאראט, מיט וועלכען איך האב אפערירט, גיב איך איבער אין א ברייט בוך וועגען בינהנע־קונסט ביי יודען; דער ערשטער טייל פון דאיינען בוך איז נישט לאנג איבערגעגעבען געוואָרען אין דרוק. צום דאזיגען בוך שיק איך אויך אב דעם לעזער, וועלכער וויל מיט דעם ענין זיך טיעפער בעקענען.

---

## I.

## דער יחוס־בריעף פון די יודישע קאמעדיאנטען.

עס איז קיין ספק נישט, אז דער יחוס־בריעף פון די יודישע קאמעדיאנטען איז כמעט אזוי אלט, ווי פון די נישט־יודישע אקטיארען.

ווי בעוואוסט, איז די איראפעאישע דראמע ענטשטאנען פונ'ם גייסט פון דער מוזיק. דאס וואר אלטע „טעאטער" אין פריהען מיטעלאלטער איז געווען נישט מעהר ווי אן אראטאריום. ערשט מיט'ן מאריעט, ווען די זינגער, וואס פלעגען צוהעלפען אין די קירכע־געזאנגען, האבען גענומען זיך פערשטעלען אין קאסטיומען און אילוסטרירען פערשידענע געזאנגען מיט מימיקעס און בעוועגונגען, איז ענטשטאנען די דראמע. דאס איז געשעהן שוין אין 10־טען יאהרהונדערט. מיט דער צייט האט מען אויך אין יענער ג ע ז ו נ ג ע נ ע ר ד ר א מ ע („מיסטעריום"), וועלכע איז אים אלגעמיינען געווען גענוג לאנגווייליג און פלעגט געהאלטען ווערען אין א פרעמדער שפראך, אין לאטיין, אנגעהויבען אריינפלעכטען קאמישע סצענעס, די אזוי־גערופענע א י נ ט ע ר מ ע ד י א, וועלכע זענען, אהן צווייפעל, די ערשטע קערענדלעך פון דער היינטיגער קאמעדיע. געוועהנליך, פלעגען די דאזיגע סצענעס אין מיסטעריען, אין וועלכע עס טרעטען ארויס טייוואלים, דיענען אלס גוט פעלד פאר קאמישע ארויסטרעטונגען. אינ'ם „טייוועל" האט אויפגעלעבט די אלטערטימליכע פיגור פונ'ם קאמיקער — מ י מ ו ס.

און אט, כמעט אין איין צייט מיט די קאמיקער־טייוואלים און די קריסטליכע מיסטעריען בעווייזט זיך אויך אן'עהנליכע פיגור אין די יודישע געסלעך. דאס איז דער יודישער ו ו י צ ל י נ ג — דער „ליץ". צום ערשטען ווערען דערמאהנט די דאזיגע יודישע לצים אין די ספרים פון רבי אליהו בן יצחק פון קארקאסאנא, וועלכער האט געלעבט אין 13־טען יאהרהונדערט. די דאזיגע יודישע „טייוואלים" פלעגען, אהן שום ספק, ארויסטרעטען אין א געוויסער ארט, פאר אונז שוין פערלוירען־געגאנגענע יודישע מיסטעריען. וואהרשיינליך, פלעגען זיי אויך שפיעלען די וויציגע ראליע פונ'ם „טויט", וואס איז געווען די צענטראל־פיגור אין די „טויטען־טאנצען" (אזא סארט וועלטליכע סצענע־פארשטעלונג), וואס זענען זייט דעם מיטען פון 14־טען יאהרהונדערט זעהר פאָפולער געווען. פונקט ווי יענע קריסטליכע קאלעגען, פלעגען אויך זיי געבען זייער גע־

זיבט א פויט-בלייך אויסזעהן, א שמייגער ווי עס טהוען עס נאך היינט די אקטיארען אין די צירקען.

פון די קריסטליכע „מיזוואלים" פיהרט די ענטוויקלונגס-ליניע אין איין זייט צו די איטאליענישע „בופאנען", וועלכע פלעגען אלס וויצלינגער שוין אין 15-טען יאהרהונדערט וויילען די קעניגליכע און מאגנאטען-הויפען, און אין דער צווייטער זייט צו די פאלקס-„פראנטען", וואס פלעגען אין דייטשע און סלאווישע לענדער, אנהויבענדיג פון 18-טען יאהרהונדערט, אנגעמער די פערשידענסטע נעמען (שפילמאן, מימיק, זשאנגלער א. א. וו.), געהן איבער די הייזער מיט וואונשען „צו דער ווייהנאכטען אדיר (-אדער) אבירסטען(-אבערסטען) טאגען". די דאזיגע פראנטען ארגאניזירען זיך אין בעזונדערע צעכען און ווייזען ארויס זייערע קונץ-שטיק הויפטזעכליך אויף פערטיגע שמחות ניסט נור אין די מאגנאטען-הויפען, נאר אויך אין די הייזער פון די רייכע מיעשטשאנעס.

דיזעלבע ענטוויקלונגס-ליניע קאן מען אויך אויסגעפינען בנוגע אונזערע „לצים".

צום סוף פון מיטעלאלטער זענען זיי אדער „בופאנען"-וויצלינגער, א שטייגער, ווי דער ייד סקאקאלא, וועלכער פלעגט וויילען דעם איטאליענישען מאגנאט באראזא עסטע און וועמענס פארטרעט פון יאהר 1470 מען קאן נאך היינט זעהן אויף די פרעסקעס פון פאלאץ פון שיפאנאי,— אדער זיי זענען „שפילמאנען" אדער „מארשאליקען", א שטייגער, ווי א יעקיל קרוב אדער משה שטאפעלשטיין, וועגען וועלכע דער ספר המדות, וואס איז אנגעשריבען געווארען אין 15-טען יאהרהונדערט, זאגט: „דער שם איז גרויש, דיא נשמה איז קליין".

דער איטאליענישער ביפאן מירעפמי-אן שוין צום סוף פון מיטעלאלטער אויף א קאנקורענט אין די „ירידים-אקטיארען", וועלכע ענטוויקלען די אימפראוויזירטע קאמעדיע און אין 16-טען יאהרהונדערט פיהרען זיי שוין צו דערצו, אז עס ענטשטעהען פיעל-וועניג פעסטע סצענישע טיפען, ווי פולשינעלע, ארלעקין, קאפיטאן, פאנטאלאנע, קאלאמבינא, דער דאקטאר-שארלאטאן (דאקטאר פון באלאן) וכדומה.

דער שפילמאן-פראנט פון מיטעלאלטער ענדערט אין די רעפארמאציע-צייטען זיין נאמען אויף „נאר" און אלס הויז-מאכער. אלס נאר, ווייזט ער ארויס זיינע חכמות אין די פאלקס-קאמעדיעלעך, די אזוי-גערופענע „פאסטנאכט-שפילעך". מיט דער צייט האט דער „נאר" זיך אנגעהויבען צו הבו'ן מיט די איטאליענישע „ירידים-אקטיארען" און האט איבערגענומען פון זיי אייניגע סצענע-טיפען, און גאר אמפריהסטען דעם טיפ פון נעאפאלער „פולשינעלע", וועלכער האט אין די פערשידענסטע לענדער בעקומען זיין נעהערינען נאמען, אלזא — אין פראנקרייך: פאלישינעל, אין ענגלאנד: פונשא, אין דייטשלאנד: וואורסטעל-האנז, אדער האנז-וואורסט.

טייל פון די דערמאהנטע ירידים-אקטיארען אדער „נארען" האבען שוין אין 16-טען יאהרהונדערט זיך ארייגעקריגען אין די פירשטען-הויפען און דארט געלעגט דעם פונדאמענט אונטער דעם ארטיסטישען טעאטער, די אזוי-גערופענע הויף-טעאטערן, און וועלכע עס ענטוויקלען זיך: דער נייער „געזאנג-סטיל", ווי אויך די דעקאראציע-קונסט.

און אט אויך דא זעהען מיר אז דעמזעלבען וועג, וועלכען עס האט דורכגעמאכט יער קריסטליכער „מיזוועל-ארלעקין" פון די ראמאנישע מיסטעריען ביז ער איז געווארען דער אין פערשידענפארביגע בגדים פערשטעלטער ארלעקין פון דער איטאליענישער גאסען-קאמעדיע (קאמעדיא דעל' ארטע), אדער דער דייטשער מיזוועל-ארלעקין („דער ווילדע יעגער"), ביז ער איז געווארען דער „נאר", — אט דעמזעלבען וועג האט אויך דורכגעמאכט דער יידישער „מיזוועל", דער „ליץ". אין 16-טען

יאָהרהונדערט, אין די לענדער, וואו עס ווירקט דער איינפלוס פון דער דייטשער קולטור, הייסט ער, פּונקט ווי זיין דייטשער קאָלעגע, דער „נאַר“, און דער דאָזיגער נאָמען בלייבט ביי איהם אַזש ביז צום סוף פון 18־טען יאָהרהונדערט. דער הויפּט־מקום פון די יודישע „נאַרען“ איז געווען אין פּראָג. מיר טרעפען זיי דאָ אין דער מיט נעמען באַצייכענטער רשימה פון דער יודישער בעפעלקערונג פון יאָהר 1576 (שמעון נאַר, אָדער סימאָן „בלאַזען“, קאַפּמאַן בלאַזען, ראַלמאַן בלאַזען, רוזשא בלאַזנאַוואַ), מיר זעהען זיי נאָך אויך אויף די פּראַגער קופּער־שטיכען, וואָס שטעלען־פאָר די יודישע „פעסטצוגען“ פון די יאָהרען 1713 און 1741. דער פּירוש, וועלכען דער שוין־דערמאָהנטער שודט גיט צום בילד פון יאָהר 1716, ערקלערט: „וואָלף נעסטלער, דער קהל־נאַר, איז געקומען צורייטען, ער האָט פּלוצלינג זיך אנגעהאנגען, ווי אויך אַ רויטען שלייער, ווי עס געהען די ווייבער אין פּראָג, און אויך אַ בלויען מאַנטעל אנגעקנופּט פון האַלז ביז איבער דעם גאַנצען פערד, און דאָס גאַנצע קלייד איז בעהאַנגען געווען מיט בלויז הערנדלעך (אַזאַ פּראַגער געבעקס), אַזוי אַזוי האָט ער פון זיך געגעסען און אויף די פאַסטנאַכט־געבלאַזען“. ווייטער האָט מען אין צוג געזעהן מאַרשירען „איין האַלב־קלוגען און האַלב־נאַרישען יונג, וועלכער איז פון קאָפּ ביז צו די פיס געווען האַלב מיט אַ רלעקין, האַלב קלוג מיט זייבער קליידער אויסגעפּוצט, אַ שטאַנגע פון קווער אין דער האַנד, אויב די נאָכגעהענדע פּלאַץ צו מאַכען. צוויי גאַנצע נאַרען, מאַן און ווייבס־בילד, אין שוואַרץ־כאַמיעט מיט גאָלד פערבראָמטער שענער קליידונג, האָבען אַזוי אַרום געוואָלט פערנעהמען פאַר די פּריוועיגע דעם ערשטען פּלאַץ“.

דאָסזעלבע געפינען מיר אויך אין צוג פון יאָהר 1741:

„צוויי יודען אויף פערד, פון וועלכע איינער איז געווען קאָסטבאַר געקליידעט אַלס בראָי, און דער צווייטער האָט אויפגענומען אַלערליי קאַרעסען“ (ליעבע־ווערטער),— „איין האַלבציים־נאַר, איבעראַל בעהאַנגען מיט הילצערנע קוך־געשיר, און מיט אַ הילצערנעם טאָפּ אויפ׳ן קאָפּ אנשטאָט אַ הוט“,— „איין גרין־געקליידעטער אַרלעקין“ — ענדליך „עטליכע נאַרען, פון וועלכע איינער איז געווען געקליידעט, ווי אַ קליין מיידעל, וואָס פיהרט אַנ׳אַלטען מאַן און גיט איהם עסען אין מויל, און דער אַנדערער מאַכט מיט אַ פאַלש פערד וואונדערליכע קונציען“. אונזערע דאָזיגע „נאַרען“, וועלכע מען דאַרף בעטראַכטען אַלס די פּראָבעסיאָנעלע יודישע קאָמעדיאַנטען, האָבען זעהר אויפמערקזאַם נאָכגעשפּירט די ענטוויקלונג פון דער סצענע־קונסט ביי זייערע דייטשע קאָלעגען, און האָבען מיט אַ בעזונדער ליעבע פערשפּרייט אין די יודישע געהעטאָס די ליעבעדיגע „פאַסטנאַכט־שפּיעלע“.

פיעל יודישע „נאַרען“ האָבען, לויט׳ן בייספּיעל פון זייערע דייטשע קאָלעגען, זיך איינפאַך אַ נאָמען געגעבען „האַנס־וואורסטען“. מיט אַזאַ דאָזיגען בערימטען יודישען האַנס־וואורסט בעקענט אונז דער קופּער־שטיך פון יאָהר 1710, וואָס שטעלט פאַר דעם פּאָרטרעט, אָדער קאַריקאַטור, פון אַ געוויסען יאַקאָב ריעז. ווי עס צו זעהן פון די צושריפטען אין פון ליעד, וואָס געפינט זיך דאָרט אויפ׳ן קופּער־שטיך, איז דאָס געווען אַ פּראָפעסיאָנעלער קאָמעדיאַנט. ער האָט געשטאַמט פון פּראָג, וואו ער איז געבוירען געוואָרען, צום גרויסען נחת פון זיין פאָטער מאַרקוס, אין יאָהר 1660. ער איז געווען אַ גרויסער בריה און פערשטעלען זיך דאָס ליעד אויפ׳ן קופּער־שטיך גיט פאָלגענדע קאָמישע כאַראַקטעריסטיק פון אונזער קאָמעדיאַנט:

„איין ריעז דעם נאָמען נאָך, אַ קאַרליק אין זיין לענג,
אַ לץ און פּאַליאַ און אַ קליינעם לייב“

דער יודישער האַנס־וואורסט. פאַר די פירשטען אַ צייטפערטרייב“

ווי עס איז צו זעהן פון דער דאזיגער צושריפט, האט אונזער יודישער „האנז-ווורסט" בעוויזען זיינע קונץ-שטיק נישט נור צווישען די געוועהנליכע בשר-ודם'ס, נאר אויך אין די פירשטליכע הויפען.

אין אן אלטען דרוק פון יאהר 1789 (פלעגעל: „געשיכטע דער האפנארען") געפינען מיר ידיעות וועגען עהנליכע יודישע האנז-וואורסטען אין די שלעזישע קהלות: „די דאזיגע נארען קלײדען זיך אין לעכערליכע מלבושים, מאכען חוזק איינער פון צווייטען אין גראמען-לידער, שפרינגען איבער די טישען און בענק, און איינער רייט אויף אנ'אנדערן". א געוויסען שם האבען זיך פון זיי ערווארבען אברהם מאזיס ליכטוויץ, ווי אויך משה בן יעקב ברמנשטיין פון גלייוויץ, און ענדליך אויך זייערס א קאנקורענט, וועלכער אויס — נישט קיין ארטיגער, א געוויסער אברהם מענדיל.

א היבש ביסעל ידיעות וועגען די יודישע „נארען" אין 18-טען יאהרהונדערט האבען מיר אויך פון די יודישע קהלות אין פיורט און פראנקפורט-אם-מאין. אין פיורט טרעפען מיר אין יאהר ארום 1728 זאגאר א יודישע פרוי א קאמעדיאנטקע. דאס איז „פייגעלע", די טאכטער פון קאמעדיאנט לעוו.

די דאזיגע חברה-לייט האבען אויך נישט געפעהלט אין פוילען. דא הייסען זיי אויך „קאספאר", „קאצפער", ווי אויך „מאנדריק", אדער „פרינץ מאנדרינא". דער לעצטער נאמען איז אייגענטליך אנ'איראנישע סגי-נהור-בעצייכנונג פונ'ם אמאליגען „טאר" („מאנדרי" — קלוגער). דאגעגען דער נאמען „קאספאר", „קאצפער" איז, אהן שום ספק, נעבארגט ביי דער קאמישער פיגור קאספאר אין די מיסטעריען פון די דריי מלכים („דריי-קעניג-שפיעלע").

איינעם פון די דאזיגע יודישע „נארען", וואס שטאמען פון פוילען, טרעפען מיר אין אנהויב 18-טען יאהרהונדערט אין שנאיטאך. וועגען איהם דערצעהלט אנ'אלט-געדרוקט בוך פון יאהר 1774 (קירכנער: יודישעס צערעמאניאל): „אזוי האט רבי הענוך (דאס איז רבי חנוך העניך פון שנאיטאך, דער ארויסגעבער פון „ראשית בכורים") געלויבט א „גערעכטע מענשען", וועלכער איז געבוירען געוועזען אין פוילען און האט געהייסען רבי שלמה, ווייל ער איז פון גאט געשאפען געווארען צום ציעל, אז ער זאל די לייט לוסטיג מאכען; מחמת דעם האט א זעהר רייכער יוד, מיט'ן נאמען אבזיק, געלאזט מאכען דעם דאזיגען מענש א נארען-קלייד".

אמאייסטען יודישע לצים האבען זיך געפונען אין דער גרעסטער יודישער קהלה אין פוילען בעת'ן 18-טען יאהרהונדערט, אין בראד. דא טרעפען מיר זיי אויף התונות, וואו זיי רייטען פאראויס פאר די חתונה-געסט אויף פערד אין א זעהר קאמישער פאזיציע — זיצענדיג אויסגעדרעהט מיט'ן געזיכט צום וויידעל פון פערד.

די סצענע-קונסט פון אונזערע יודישע „נארען" איז געשטאנען אונטער דער השפעה פון די קונץ-שטיק פון די ירידים-אקטיארען, וואס האבען אין איטאליען אין 16-טען יאהרהונדערט ענטוויקעלט די „קאמעדיע אל אימפראוויזא", ווי אויך פון דער קונסט פון די קאמעדיאנטען אין ענגלאנד. די דאזיגע ענגלישע קאמעדיאנטען האבען שוין אין 16-טען יאהרהונדערט זיך א גרויסען רוהם ערווארבען און אין דער צווייטער העלפטע פון דאזיגען יאהרהונדערט האבען זיי, לויט'ן מוסטער פון די איטאליענישע אקטיארען, ארגאניזירט א ריהע וואנדערענדע קאמפאניעס, וועלכע האבען בעזוכט פערשידענע געגענדען פון אייראפא.

איידער מיר וועלען בעהאנדלען דעם איינפלוס פון זייער קונסט אויפ'ן רעפערטואר און טעכניק פון די יודישע אקטיארען, דארפען מיר נאך זיך בעקענען מיט א ספעציעלען

גרופּע פון יודישע אַקטיאָרען, וועלכער פערנעהמט א בכבוד'יג אָרט אין דער געשיכטע פון הויף־טעאַטערן. אזוי, נעמליך, שוין אין די ערשטע יאָהר־צעהנדלינגער פון 16־טען יאָהרהונדערט טרעפען מיר אין די הויפען פון די איטאַליענישע מאַגנאַטען, נעבען די קאָמפּאַניעס אָרגאַניזירטע איטאַליענישע קאָמעדיאַנטען, אויך אָרגאַניזירטע קאָמפּאַניעס יודישע אַקטיאָרען. א היבש ביסעל ידיעות וועגען זיי האָבען זיך דערהאַלטען אין דער געשיכטע פון הויף פון די מאַגנאַטען גאָנצאַגא אין מאַנטואַ, ווי אויך פון די פירשטען עסטע אין פעראַראַ.

אויפ'ן מאַנטואַ'ער הויף בעווייזען זיך די יודישע אַקטיאָרען צום ערשטען מאָל אין יאָהר 1521, און זייט דעמאָלט זעהען מיר זיי דאָ שוין אומאויפהערליך ביז'ן יאָהר 1630, ד. ה. ביז דעמאָלט, ווען מאַנטואַ איז געפאַלען און איז איינגענומען געוואָרען דורך די דייטשען. נעבען די אַקטיאָרען טרעטען אויך אַרויס יודישע מוזיקער, קאַפּעל־מייסטער, טאַנץ־מייסטער און בעלעטר־אַראַנזשערען. צווישען די אַקטיאָרען האָט זיך בעזונדערס אויסגעצייכענט אין יאָהר 1542 אברהם דעל' אַרפּאַ, וועלכער איז געווען גלייכצייטיג אויך א גוט־בערימטער ליראַ־שפּילער. אין דער צווייטער העלפט פון 16־טען יאָהרהונדערט האָט אויפ'ן מאַנטואַ'ער הויף אויסגעשיינט אַלס בערימטע אָפּערן־זינגערין מאַדאַמאַ איירופּאַ, אַ שוועסטער פון בערימטען יודישען קאָמפּאָזיטאָר סאַלאָמאָן דע ראָסי. בעזונדערס בעליעבט ביי די פירשטען גאָנצאַגא איז געווען דער יודישער אַקטיאָר סימאָנע באַסיליאַ, וועלכער איז צוליעב דער אַנערקענונג פאַר זיין קונסט בעפרייט געוואָרען פון דער פליכט צו טראָגען די געלע לאַטע. דער מאַגנאַט, וואָס האָט איהם פּראָטעזשירט, שרייבט וועגען איהם אין איינעם פון זיינע בריעף, „אַז מיט זיין שטים איז ער אומשטאַנד נאָכצומאַכען די קאָמישע רעדענס־קלאַנגען פון פיעל פּערזאָנען". דעם גרעסטען פערדיענסט פאַר דער ענטוויקלונג פון דער סצענע־קונסט אויפ'ן מאַנטואַ'ער הויף האָט אין יענע צייטען געהאַט דער יוד יהודה דע סאָממא פּאָרטאַ לעאָנע (אויך בעקאַנט אונטער'ן נאָמען לעאָנע עבּרעאָ). געבוירען אין יאָהר 1527, האָט ער תחלת זיך אויסגעוועהלט אַלס פאַך צו זיין אַ סופר, אָבער ער האָט זיך איבערגעוואָרפען צו דער פּאָעזיע, און צום סוף, אין יאָהר 1560, אָנגעהויבען אין גרויסען סטיל זיין טעאַטער־טעטיגקייט. פון יאָהר 1560 אָן טרעפען מיר איהם אין הויף אין מאַנטואַ, וואו ער אַרבייט אויף אַלע געביטען, וואָס האָבען נור וואָסער־עס־איז שייכות צו דער סצענע־קונסט. ער איז געווען גלייכצייטיג טעאַטער־דירעקטאָר, דראַמע־שרייבער און טעאָרעטיקער פון דער טעאַטער־קונסט. פון זיינע ווערק האָבען זיך דערהאַלטען 12 סצענע־פּיעסען. זיי זענען פאַר יענער צייט כאַראַקטעריסטישע הויף־דראַמען, און וועלכע דאָס הויפּט־ציעל שיינט צו זיין דער גלאַנץ און פּראַכט. וואָס נוגע איינציגע זיינע דראַמען, קאָן מען פעסטשטעלען, אַז מען האָט זיי מיט ערפאָלג אויפגעפיהרט אין מאַנטואַ'ער טעאַטער. די אָבהאַנדלונג וועגען סצענע־קונסט, וואָס איז אָנגעשריבען געוואָרען דורך יהודה דע סאָממא, געהערט צו די בעסטע אָבהאַנדלונגען, וועלכע די איטאַליענישע ליטעראַטור פון 16־טען יאָהרהונדערט פערמאָגט אויף דעם געביט.

פון דער ביאָגראַפיע פון אונזער יהודה איז בעזונדערס ווערטפול פאַר אונזער ציעל די ידיעה, אַז אין יאָהר 1567 האָט ער זיך בעמיהט ביי די פירשטען גאָנצאַגאַ וועגען אַנ'ערלויבניש צו גרינדען אַ ספּעציעל טעאַטער פאַר יודען. זיינע בעמיהונגען האָבען קיין ערפאָלג נישט געהאַט. אָבער נישט קוקענדיג דעריוף, האָט מיט 20 יאָהר שפּעטער אַ געוויסער, אונז אומבעקאַנטער אימפּרעסאַריאָ נאָכאַמאָל פאָרגעלעגט דעמזעלבען פּלאַן די פירשטען גאָנצאַגאַ, נעמליך — צו גרינדען צוויי טעאַטערן: איינס פאַר קריסטען און איינס פאַר יודען. צ. דער דאָזיגער געדאַנק האָט דאָסמאָל געטראָ־

טען אויף אַ בעסערן באַדען, איז נישט בעוואוסט. זיכער איז נור, אַז אין מאַנטואַ האָט עקזיסטירט אַ ספּעציעלע קאָמפּאַניע יודישע אַקטיאָרען און אַז נאָך אין אנהויב 17־טען יאָהרהונדערט האָבען זיי אויפגעפיהרט זאַכען. זייער ספּעציאַליטעט איז געווען קאָמעדיעס. עס איז אויך בעקאַנט, אַז די דאָזיגע אַקטיאָרען האָבען שטרענג אָבגעהיט אַלע רעליגיעזע פאָרשריפטען און אַז, למשל, אום שבת האָבען זיי נישט געשפּיעלט.

נאָך פריהער ווי דורך די פירשטען גאָנצאַגאַ זענען איינגעלאַדען געוואָרען די יודישע קאָמיקער דורך די פירשטען עסטע אין זייער הויף אין פעראַראַ. ליידער אָבער זענען וועגען די יודישע קאָמעדיאַנטען אין פעראַראַ פערבליבען ווייניגער ידיעות, ווי וועגען זייערע קאָלעגען פון מאַנטואַ.

אַן'עהנליכע ראָליע, ווי יהודה דע סאָממאָ'ס אין מאַנטואַ, האָבען ערפילט אין פעראַראַ די צוויי יודישע מגורשים פון שפּאַניען, שלמה אוישקי און לאַזאַראָ גראַטיאַנאַ. דאָס זענען געווען דראַמען־שרייבער פאַר'ן הויף־טעאַטער. עס איז פערבליבען פון זיי אַ דראַמע, וואָס איז דורך ביידען צוזאַמען פערפאַסט געוואָרען אונטער'ן טיטול „אסתר“, און וואָס איהר אינהאַלט איז גענומען געוואָרען פון דער ביבלישער מגלת־אסתר. די דאָזיגע זאַך האָט אַרויסגערופען אַ גרויס אינטערעס נישט נור אין הויף, נאָר אויך צווישען די איטאַליענישע יודען, אַזוי אַז כדי עס פערשטענדליך צו מאַכען, איז דאָס דאָזיגע ווערק, וואָס איז געווען פערפאַסט אין דער שפּאַנישער שפּראַך, איבערגעזעצט געוואָרען אויף איטאַליעניש דורכ'ן בעריהמטען רב פון ווענעדיג רבי יהודה אריה די מורינא (1571—1649).

וועגען די קאָמעדיאַנטען, וואָס האָבען געשפּיעלט אין די הויפען פון די גאָנצאַגאַ און עסטעס, איז בעוואוסט, אַז זיי האָבען אַרויסגעוויזען זייער בריהאַנטען נישט נור אין די לאַנגווייליגע הויף־דראַמען און די בלישטשענדע מיט זייערע פּראַכט־דעקאָראַציעס מעלאָדראַמען, נאָר זיי האָבען זיך שטאַרק קונה־שם געווען אַלס קינסטלער אין דער אימפּראָוויזירטער קאָמעדיע (קאָמעדיאַ דעל' אַרטע), וועלכע האָט טאַקע זיי צו פערדאַנקען איהר אויפבליהונג און איהר רוהם איבער גאַנץ אייראָפּאַ.

שוין אין דער צווייטער העלפט פון 16־טען יאָהרהונדערט טרעפען מיר פערשיעדענע געזעלשאַפטען פון איטאַליענישע אַקטיאָרען, וועלכע מאַכען אַ „רונד־רייזע“ איבער די שטעדט פון צפון־איטאַליען, אין באָלאָן, מעדיאָלאַן, גענוא, פלאָרענץ און וועי נעדיג. גרעסערע קאָמפּאַניעס זענען געגאַנגען קיין רוים און נעאַפּאָל. באַלד האָבען זיי זיך געלאָזט אויפ'ן וואַנדער־וועג אויך אויסער די גרעניצען פון זייער פאָטערלאַנד. און אַזוי טרעפען מיר לעריך אין יאָהר 1577 אַ געזעלשאַפט מאַנטואַ'ער קאָמיקער, די אַזוי־גערופענע „געלאָזי“, אין פּאַריז. אַ טייל פון זיי איז נאָך אין דעם זעלבען יאָהר אַוועק קיין לאָנדאָן. די מעהרהייט פאָרשטעלונגען פון די געלאָזי איז בעשטאַנען פון פּאָסען, פאָרשטעלען זיך, פערזאָנען־מיספערשטענדנישען, צווייריידיגע ווערטלעך, לצנות און נבול־פה. באַלד נאָך דער דאָזיגער וואַנדער־קאָמפּאַניע זענען געגאַנגען אויך אַנדערע געזעלשאַפטען, ווי די טרופּעס אַזוי־גערופענע „קאָמיצי אוניטי“, „פעדעלי“ וכדומה. די גרעסטע מיוחסים צווישען זיי זענען געווען ביז דער העלפט פון 17־טען יאָהרהונדערט די „קאָמעדיאַנטען פון פירשט אין מאַנטואַ“, וועמען מען פלעגט אויפנעהמען איבעראַל אויף זייער וואַנדער־וועג מיט אונגעוועהנליכער אַנערקענונג.

זעלבסטפערשטענדליך, אַז צווישען יענע בעריהמטע מאַנטואַ'ער קאָמיקער, וועלכע האָבען בעת זייער אַנוועזענהייט אין ענגלאַנד (צווייטע העלפט פון 16־טען יאָהרהונדערט) איז יעהר פיעל הינזיכטען בערייכערט די שפּיעל און רעפּערטואַר פון ענגלישען טעאַטער, האָט זיך געפינען נישט איין יודישער אַקטיאָר, וועלכער איז אין דער טעאַ־

שער-קונסט איינגעבילדעט געווארען אין דער פיינער שולע פון יהודה דע סאממא אדער פון זיינע נאכפאלגער אין הויף אין מאנטוא.

דער איינפלוס פון דער סצענע-קונסט פון די יודישע קאמיקער פון מאנטוא'ער אדער פערארא'ער הויף האט שוין אין 16-טען יאהרהונדערט זיך ארויסגעריסען פון די מאגנאטישע הייפען און דערגרייכט אויך צו די יודישע געטאס.

מיר האבען שוין דערמאהנט וועגען דער שתדלנות פון יהודה דע סאממא און דעם אנאנימען אימפרעסאריא, צו שאפען אין מאנטוא א בעזונדער טעאטער פאר יודען. דאס אבער, וואס איז ניט געלונגען אין 16-טען יאהרהונדערט אין מאנטוא, איז געלונגען צו פערווירקליכען אין 17-טען יאהרהונדערט אין ווענעדיג. ווי מיר קאנען זעהן פון'ם זעהר מערקווירדיגען בריעף פון יענע צייטען, וואס עס האט געשריבען דער בעריהמטער רב אין ווענעדיג רבי שמואל אבוהב צו רבי עזריה פיגו, זענען אין די איטאליענישע געטאס געווען רייכע יודען, וואס האבען, לויט'ן מוסטער פון די „בריימע נאטורען" פון די רענעסאנס-קאנדאטיערען, איינגעפיהרט ביי זיך אין די הייזער די הויפישע מאנירען און גענומען אויך שטיצען און זיך זעהר פעראינטערעסירען מיט'ן גורל פון די יודישע קאמיקער. אדאנק די בעמיהונגען פון אזעלכע מעצענאטען, איז ענטשטאנען א יודיש טעאטער אין ווענעדיג, וואס האט אלס „נעסט פון זינד" פערשאפט גרויס עגמת-נפש די פרומע רבנים.

ווענעדיג איז אין דער הינזיכט ניט געבליבען פעראייזאמט.

אונטער דעם איינפלוס פון די טעאטערן פון איטאליען און ענגלאנד האבען אויך אין די דייטשע, טשעכישע און פוילישע געטאס זיך גענומען ארגאניזירען וואנדערענדע קאמפאניעס פון יודישע קאמיקער, וועלכע האבען ווייטער געוועבט די טראדיציע פון די יודישע קאמיקער פון „מאנטוא'ער פורשט".

קומענדיג אין בערירונג מיט דער קונסט פון די וואנדערענדע איטאליענישע און ענגלישע קאמעדיאנטען, האט גענומען פון דארט שעפען מיט פולער האנד דער יודישער „נאר" פון די סלאווישע און דייטשע געטאס, אזוי אז גאר אין גיכען האבען זיך אין טעאטער פון די יודישע קאמיקער צונויפקאנצענטרירט דריי הויפט-איינפלוסען: געבען די אלטע „פאסטנאכט-שפיעלע" האבען זיך אין רעפערטואר און דער טעכניק פון אונזערע יודישע „נארען" אריינגעפלאכטען פון איין זייט די עלעמענטען פון דער איטאליענישער „קאמעדיע דעל' ארטע" און דער איטאליענישער מעלאדראמע, און פון דער צווייטער זייט די איינפלוסען פון דער קונסט פון די ענגלישע קאמעדיאנטען.

## .II

# וואנדערענדע קאמפאניעס פון יודישע קאמעדיאנטען אין די סלאווישע און דייטשע געטאס.

### („פורים-טעאטער")

די ערשטע וועניגע היסטארישע ידיעות וועגען די דאזיגע וואנדערנדע יודישע קאמעדיאנטען-קאמפאניעס בעווייזען זיך ערשט אונגעפעהר מיט הונדערט יאהר נאך דער צייט, ווען די ענגלישע און איטאליענישע אקטיארען-קאמפאניעס האבען אנגעהויבען זייערע וואנדערונגען איבער די דייטשע און סלאווישע לענדער.

און דער צייט, ווען די ענגלישע און איטאליענישע אקטיארען טרעפען מיר אין דייטשלאנד, טשעכיען און פוילען שוין צום סוף פון 16-טען יאהרהונדערט, שטאמען די פריהעסטע ידיעות וועגען וואנדערנדע יודישע קאמעדיאנטען אין די דאזיגע געגענדען ערשט פון דער צווייטער העלפט 17-טען יאהרהונדערט.

ווי עס האבען עקזיסטירט אין יענער צייט אזעלכע יודישע קאמפאניעס, בעווייזט די שטעלע אין'ם בעריהמטען ספר „מגן אברהם“ (פירוש אויף'ן אורח-חיים) פון'ם גרויס-פוילישען רב און גאון רבי אברהם פון גומבינען. דער דאזיגער רב, פונקט ווי אמאל רבי שמואל אבוהב, ווארענט זיינע לאנדסלייט נישט צו בעזוכען טעאטער, פעררופענדיג זיך דערביי אויף דעם אלטען איסור פון די חכמי התלמוד.

די ווארנונג פון „מגן אברהם“ האט, אהן שום ספק, געהאט מעהר ווי בלויז א טעארעטישען כאראקטער; זי האט זיך געוויס בעצויגען אויף דאס אזוי-גערופענע „פורים-טעאטער“, וואס האט שוין אין 17-טען יאהרהונדערט געבליהט צווישען יודען. דאס בעווייזט דער עלטסטער אונז בעקאנטער כתב-יד „אחשורוש-שפיעל“, וואס שטאמט פון יאהר 1697 און געפינט זיך אין דער ביבליאטעק אין לייפציג. אנגעשריבען האט עס א געוויסער משומד פון קראקא יאקאבוס כריסטיאנוס, אדער ווי ער האט געהייסען מיט זיין יודישען נאמען, משה בן, לויט'ן אויפטראג פון געלעהרטען העבראאיקא-קענער אין לייפציג וואגענזייל. און אט דער דאזיגער כתב-יד ענטהאלט שוין אין טיטול די בפירוש'ע בעמערקונג, אז אונזער „פורים-שפיעל... איזט... געזעצט צו איינעם ראהמען“, ד. ה., אז ער איז בעשטימט פאר דער סצענע.

אין יאהר 1708 בעווייזט זיך אין פראנקפורט-אם-מאין א וואנדערנדע קאמפאניע אונטער דער דירעקציע פון בערמאן פון לימבורג. וועגען דעם דערצעהלט אונז דער שוין-דערמאהנטער י. שודט („יודישע מערקווירדיגקייטען“) פאלגענדע אינטערעסאנטע איינצעלהייטען:

... „אונזערע פראנקפורטער יודען (האבען)... איין פאר יאהר פאר דער שרפה (דאס הייסט פאר דעם 14-טען יאנואר 1711) אויף זייער פורים הייע אין הויז „צו ווייסען אדער זילבערנעם קאם“, וואס געהערט יעצט צו ווערטהיימער פון וויען, אויפגעשלאגען אין זייער גאס א טעאטער, און געשפיעלט א קאמעדיע פון מכירת-יוסף און איינגעארדענט די ביי אזעלכע שוישפיעלען געוועהנליכע מאשינען, פארגעשטעלט אין פערשטעלטע מלבושים אלערליי אויפצוגען, ווי אויך זאגאר אויפגעפיהרט א פיקעלהערינג אין לעבערליכער פערשיעדענפארביגער קליידונג... די יודען קאנען זיך נישט גענוג אנדערצעהלען פון די וואונדער, ווי עס זיינען דערביי געוועזען צו זעהן פייער, הימעל, דונערן און אלערליי וואונדערליכע זאכען“.

אין'ם טעאטער פון בערמאן האט מען, ווי שודט דערצעהלט, פארגעשטעלט נעבען מכירת-יוסף אויך צוויי קאמעדיעס: „פון דוד און גלית“, ווי אויך „פון אחשורוש און אסתר המלכה“ („אחשורוש-שפיעל“). בערמאנ'ס קאמפאניע האט אויך געשפיעלט אין מעץ און איז בעשטאנען, לויט שודט'ן, צווישען אנדערע פון „איינינע פראגער און האמבורגער יודען-סטודענטען“.

דאס איז נישט געוועזען קיין שטענדיג טעאטער; די טרופע פלעגט זיך צונויפזאמלען אויף א געוויסער צייט פאר פורים און דאן געבען פארשטעלונגען אין פערלויף פון א גאנצען מאנאט, ד. ה. 14 טעג פאר פורים און 14 טעג נאך פורים.

צום בילד, וואס שודט גיט אונז וועגען פורים-טעאטער, קאן מען נאך צוגעבען א רייהע וויכטיגע איינצעלהייטען, וועלכע מען קאן ארויסנעהמען פון די, דורך שודט אבגעדרוקטע צוויי פיעסען („מכירת יוסף“ און „אחשורוש“), וואס האבען אנגעהערט צום רעפערטואר פון בערמאנ'ס קאמפאניע.

אויף וויפיעל עס איז צו זעהן פון אינהאלט פון דער פארגעשטעלטער מכירת-יוסף-קאמעדיע, האט בערמאנ'ס טעאטער געמוזט האבען די אזוי-גערופענע „פערוואנדלונגס-בוהנע“, ד. ה. א סצענע, וואס איז איינגעארדענט אויף אזא אופן, אז מ'זאל קאנען

שנעל טוישען די דעקאראַציעס, מחמת אין דער דאָזיגער קאָמעדיע זענען פאָרגעקומען נישט ווענינער ווי 17 סצענע־טוישונגען*(1. אין יעקב׳ס הויז; 2. אויף דער לאַנקע; 3. בײַ רחל׳ס קבר; 4. אין יעקב׳ס הויז; 5. אויף דער לאַנקע; 6. אין יעקב׳ס הויז; 7. אויף דעם „שקלאַפען־מאַרק“; 8. אין פּוטיפר׳ס פּאַלאַץ; 9. אין פרעה׳ס פּאַלאַץ; 10. „שקלאַפען־מאַרק“; 11. אין יעקב׳ס הויז; 12. „שקלאַפען־מאַרק“; 13. אין פרעה׳ס פּאַלאַץ; 14. אין יעקב׳ס הויז; 15. אין פרעה׳ס פּאַלאַץ; 16. אין יעקב׳ס הויז; 17. אין פרעה׳ס פּאַלאַץ). ס׳איז שווער זיך פאָרצושטעלען, ווי אַזוי מען האָט געקאָנט אויספיהרען די אַלע ענדערונגען, אויב די סצענע וואָלט נישט געווען אײַנגעאָרדענט על כל פנים לויט׳ן סיסטעם פון די אין 17־טען יאָהרהונדערט בעקאַנטע „שנור־ראַהמען“, וואָס איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס אונגעפעהר אין דער מיט פון דער בינהנע האָט זיך געפונען א ריקער מיט דער הילף פון אַ געהעריגער קוליסען־מאַשינעריע, וואָס האָט מעגליך געמאַכט דאָס צוגרייטען די דעקאראַציעס, אָדער זיי האָבען פערדעקט די דעקאראַציעס אין די דאָזיגע בינהנע־טהיילען, בעת אין דערזעלבער צײַט איז אין די אַנדערע טהיילען פאָרגעקומען די פאָרשטעלונג.

פון דער מכירת־יוסף־שפּיעל לאָזט זיך אויך פעסטשטעלען, פון וויפיעל פערזאָנען ס׳ האָט געקאָנט בעשטעהן די וואַנדערנדע קאָמפּאַניע פון בערמאַן. כדי אויסצופיהרען דאָס דאָזיגע שטיק, האָט מען געדאַרפט לכל הפחות 30 אַקטיאָרען, דען עס טרעטען אין איהר אַרויס פאָלגענדע פערזאָנען: יצחק, רחל, יעקב, די צוועלף שבטים, פרעה, פוטיפר, דער שר המשקים, זליכה, סרח, דער מלאך, פּיקעלהערינג, מדינים און ישמעאלים ענטליך א כאָר. פון די דאָזיגע ראָליעס האָבען נור 6 צווייטראַנגיגע זיך נישט פערבונדען איינע מיט דער צווייטער און האָבען אַלזאָ געקאָנט פערטרעטען ווערען דורך 2—3 אַקטיאָרען. נעהמענדיג אין אַכט, אַז צו דער ראָליע פון מדינים און ישמעאלים האָט מען געדאַרפט האָבען לפחות 4 אַקטיאָרען, ווי אויך, אַז דער כאָר האָט געמוזט בעשטעהן אמווענינגסטענס פון 4 זינגער, בעקומען מיר אַלזאָ אַ קימאַ־לן פון 25 אַקטיאָרען און 4 כאָריסטען.

אחוץ די אַקטיאָרען און זינגער האָבען זיך אין בערמאַנ׳ס טעאַטער אויך געפונען מוזיקער. טהייל פון די אַקטיאָרען זענען גלײַכצײַטיג אויך געווען זינגער און מוזיקער. בולט׳ע שפּורען דערפון קאָן מען זעהן אין די טעקסטען פון די שטיקעס, וועלכע זענען איבערגעדרוקט בײַ שודט. אַזוי, למשל, האָט דער אַקטיאָר, וואָס האָט אויסגעפיהרט די ראָליע פון סרח בת אשר, געמוזט אויך זינגען און שפּיעלען, מחמת די דאָזיגע סרח בת אשר, מעלדענדיג יעקב׳ן וועגען צוריקגעפינען זײַן זוהן יוסף, זינגט דערבײַ א ליעדעל און שפּיעלט צו אויף אַ יעדענפאַלס נישט־ביבלישען „קלאַוויקאָרד“. אין אחשורוש־שפּיעל, וואָס איז אויך אויפגעפיהרט געוואָרען דורך בערמאַנ׳ס קאָמפּאַניע, ווען עס בעווײַזט זיך דער קעניג אחשורוש, ווערט געשפּיעלט דורך אַ קאַפּעליע אַ ספּעציעלער בעגריסונגס־מאַרש. די העלדען המן און שרײַבער, וואָס טרעטען־אַרויס אין דעמזעלבען שטיק, זינגען „דיסקאַנט־טענער און באַס“:

המן... שרײַבר ברודר מיר וועלן זינגן
טישקנטענר אונ׳ באַש
דאַש עש זאָל קלינגן
אַז ווי אין אײַן הויל פאַס.

איבער בײַ שודט׳ן בעזיצען מיר נאָך אַ רײַהע אַנדערע ידיעות, וועלכע מאַכען אונז קלאָרער דאָס בילד וועגען די יודישע וואַנדערנדע טעאַטערס אין 18־טען יאָהרהונדערט. לעת אין יאָהר 1720 בעווײַזט זיך אין פּראַג אַ קאָמפּאַניע, וואָס איז בעשטאַנען

פון בחורים פון רבי דוד אפּענהיימ׳ס ישיבה. ווי עס בעווייזט דער טיטעל פון דער קאָ־מעדיע, וועלכע זיי האָבן געשפּיעלט, נעמליך, „אקטא אסתר מיט אחשורש“, האָט מען דאָס דאָזיגע שטיק פאָרגעשטעלט אין אַן עפענטליכען טעאַטער (טעאַטרום) ביי דער בעגלייטונג פון פויקען און אַנדערע מוזיקאַלישע אינסטרומענטען.

אַז עס האָבען עקזיסטירט אין דער דאָזיגער צייט פּורים־טעאַטערס בעווייזט אויך די דרשה פון בערימטען גאון און רב און 18־טען יאָהרהונדערט רבי יונתן אייבעשיץ אין זיין דרשות־ספר „יערות דבש“, וואו ער מוסר׳ט די יודען, דערפאַר וואָס זיי זיצען אין טעאַטער (טעאַטרום) און הערען זיך צו צו שטיקעס, וועלכע אייבעשיץ בעצייכענט מיט די נעמען „שוישפּיעל, קאָמעדיע, אָפּעראַ“.

ווי ווייט פּאָפּולער עס איז געווען די אינסטיטוציע פון די פּורים־טעאַטערס בעווייזט דער פאַקט, אַז נאָר אייניגע האָט מען אָנגעהויבען פאַדערן געדרוקטע שטי־קעס־טעקסטען. אַזוי, למשל, זענען אונז בעקאַנט פון דעם קורצען צייט־פערלויף פון 1708 ביז 1720 אַ היבש ביסעל אויסגאַבען פון געדרוקטע פּורים־שפּיעלען: 1. „אחשורוש־שפּיעל, 1708; 2. „מכירת־יוסף“, 1712; 3. „אַקציאָהן פון קעניג דוד און גלית“ (אַרויסגעגעבען אין האַנוי 1711—1713); 4. „אחשורוש־שפּיעל“, 1714 (איבערגעדרוקט פון שודט); 5. „מכירת־יוסף“, 1714 (איבערגעדרוקט פון שודט); 6. „זמר לפורים“, וואָס איז אייגענטליך אַ דיאַלאָג צווישען דעם רבי און תלמיד וועגען דעם בוים, אויף וועלכען המן דאַרף אויפגעהאַנגען ווערען (האַמבורג, 1715); 7. „אחשורוש־שפּיעל“, 1718 (אַמסטערדאַמער אויסגאַבע); 8. „אקטא אסתר מיט אחשורש“ (פּראַג, 1720).

און וויפיעל אויסגאַבען זענען לגמרי פערלוירען געגאַנגען און עס איז אפילו קיין זכר וועגען זיי נישט געבליבען!

ווי עס איז צו זעהן פון שודט׳ן, ווי אויך פון פּראַגער דרוק פון יאָהר 1720, האָ־בען די פּראָפעסיאָנעלע יודישע האָקוקער צוגעצויגען צום אויפפיהרען זייערע שטיקעס אויך ישיבה־בחורים (סטודענטען). אויפ׳ן ערשטען פּלאַץ האָבען זיך אין אַנהויב פון 18־טען יאָהרהונדערט אַרויסגערוקט אין דער הינזיכט די פּראַגער און האַמבורגער ישיבה־בחורים.

דער ריהם פון די פּראַגער ישיבה־בחורים האָט דערגרייכט נישט נור קיין פראַנק־פורט־אם־מאַין און עלזאַס, וואו עס האָט געשפּיעלט די קאָמפּאַניע פון בערמאַן פון לימבורג, נאָר אויך אין גאַנץ פּוילען און ליטא. דאָס דאָזיגע בעווייזט אַ פאָלקס־ליעדעל, וואָס שטאַמט פון יענער צייט פון ווילנער געגענד און וואָס האָט זיך פראַגמענטאַריש דערהאַלטען אין אַ וואַריאַנט פון אחשורוש־שפּיעל. אינ׳ם „פאָרשפּיעל“ פונ׳ם דאָזיגען וואַריאַנט זינגט דער נאַר אַזאַ ליעד:

הערען קאַמעראַטען,
וואָס זייט איהר פאַר אַ לייט
צי זייט איהר ניט פון פּראַג געצויגען,
פון יענער שילער זייט? *

ווי פערשטעהט דערפאַר, וואָס די שפּילער־קאָמפּאַניע שטאַמט נישט פון פּראַג, ענטפערט דערויף דער נאַר־פיהרער „קענצלער“:

אַך איז ניין אין ניין!
מיר זענען ניט פון פּראַג געצויגען
פון דער שילער זייט
סיי אַרום טע רייזן
זענען מיר אַלע צייליך.

* (פערגלייך „לעבען און וויסענשאַפט“, 1912, העפט 5—6).

אונ'ם זעלבען וואריאנט האבען זיך אויך דערהאלטען שפּורען פון א פּורים-טעאטער. דער ארויסטרעטענדער רעזשיסער (דא איז עס דער בּאר), אנזאגענדיג, אז עס קומען-אן המן און מרדכי, בענוצט אזא מין ווענדונג:

„צוויי מענער קומען אריין אין מײַן געצעלט".

אין די דאזיגע ווערטער קלינגט, אהן צווייפעל, די רעמיניסצענץ פון פארשטעלונגען, וואס זענען פארגעקומען אין איבערגעטראגענע געצעלטען, מיט וועלכע עס האט זיך בענוצט א וואנדערנדע יודישע קאמפּאניע.

דער בײַשפּיעל פון די יידישע קאמעדיאנטען און ישיבה-בחורים האט ערמונטערט אויך געוועהנליכע בעה"ב'ס, ווי בעהעלפערס, בעלי-מלאכות, אויסצופיהרען פורים-שפּיקעס פון רעפּערטואר פון פורים-טעאטער.

דא האט, אהן שום ספק, אויך געווירקט דער איינפלוס פון די קריסטליכע „זשאקעס", די שילער פון די יעזואיטישע שולען, וואו מען האט אויפגעפיהרט און געפלעגט שול-קאמעדיעס, וואס זענען אין פיעל הינזיכטען בעארבייט געווען לויט'ן מוסטער פון די איטאליענישע מעלאדראמען.

פון א מערקווירדיגען לעמבערגער דאקומענט פון יאהר 1611 ווערען מיר, נעמליך, געוואויר, אז די שילער פון די יעזואיטישע שולען פלעגען געהן נאך „קאלענדע" נישט נור אין די קריסטליכע הייזער, נאר פלעגען אויך „זונטאג אדער אין אנדערע חגא-טעג, ווי אויך די וואך פון פּאסחא" בעזוכען די יודישע הייזער און שפּיעלען לירישע דראמען בײַ דער בעגלייטונג פון „גרעגערלעך און קלאפּערס". פונ'ם זעלבען דאקומענט ווערען מיר אויך געוואויר, אז די יודען זענען געווען פערפליכטעט צו בארגען דעם רעקטאר און די שילער פון דער יעזואיטישער שולע „קליידער אויף קאמעדיע", אלזא — קאסטיומען. די דאזיגע פליכט ווייזט אויף, אז יודען האבען בענוצט עפּיס אזעלכע קאסטיומען און אז זיי האבען זיך בעוויזען אין זיי אין געוויסע מאמענטען, אויף דער גאס, ווארים אנישט, פון וואנען האבען די יעזואיטען געקאנט וויסען, אז בײַ יודען קאן מען בעקומען „קליידער אויף קאמעדיע"?

פון דער ערשטער העלפט 18-טען יאהרהונדערט האבען מיר בפירוש'ע ידיעות, אז בײַ די פוילישע יודען זענען מאסקאראדען געווען זעהר פּאפּולער. אין די פעראָרדנונגען פון פשעמישלער בּיסקופּ פון יאהר 1743 לעזען מיר, נעמליך, צווישען אנדערן, אז אין פורים „טהוען זיך די יודען און זייערע בחורים פערשטעלען אויף טערקיש און פערשיעדענארטיג, צינדען-אן פאקעלען, צינדען אן פאר דער שוהל שטרוי ווי מיראומה-פייערן, שיסען אויף די גאסען, פויקען אויף פויקלעך און מאכען אנדערע אלארמען". ווייזט-אויס, אז דער דאזיגער בּיסקופּ האט נישט בעמערקט די סצענע-פארשטעלונגען אום פורים, וואס לאזט זיך ערקלערען דערמיט, וואס ער האט נור געקענט די פערהעלטנישען אין פשעמישל, בעת די פורים-טעאטערס פלעגען „אויפשלאגען זייערע געצעלטען" אין די גרעסערע קהלות, ווי קראקא, בראד, לעמבערג א. א. וו.

וועגען דעם אנטייל פון די בעהעלפערס אין די פורים-פארשטעלונגען געפינען מיר מערקווירדיגע בעלויכטונגען אין טייל תקנות פון קהל אין ניקעלסבורג (מעהרען) פון יאהר 1756, וועלכע בעשטימען פאלגענדעס:

„מחמת הרעש הגדול הנקרא בהעלפער ראוי לתקן. באשר שנראה עין בעין גודל הפרצה וההפקרה הנעשה ע"י השפילן וואס זיינא מאכן בימי הפורים וועלכש פרטראגט כמה חדרים בביטול הרבה... ביטלו ולא קיימו את המוטל עליהם ללמוד ולהשגיח עם הנערים וילדים קטנים וביותר שכל הלילה המה נעורים בהבלי הזמן, וביום ישנים מן המצוות ותלו בהן מבלי. בכן מהיום והלאה... דש הבהעלפריש דרפן כלל וכלל קיין שפילן מאכין, רק באותה שבוע שחל פורים ולא יותר וישגיחו ע"ז המלמדים ישלחם

והנבאים. אם יעברו ע"ז יוקנסו ע"פ ראות עיני המורה אב"ד ור"מ דקהלתינו וב"ד שלם בצירוף".

ווי עס איז צו זעהן פון דער דאזיגער תקנה, האבען די בעהעלפערס צוערשט גע־שפיעלט נישט נור אום פורים, נאר אויך נאך פורים. אבער אונזערע קהל־לייט, זעהענ־דיג, אז די בעהעלפערס פערגאלעכעסיגען די קינדער און די חדרים, האבען בעגרענצט דאס שפיעלען בלויז אויף די פורים־וואך, און האבען דערביי בעשטימט א גרויסע, וואס זאל זיך דערמיט אונטערשיידען און בעשטראפען די בעהעלפערס, וואס וועלען נישט פאלגען די תקנה.

די ניקעלסבורגער קהל־לייט זענען נאך געווען יעדענפאלס גענוג מעסיג און פער־גלייך מיט די פראנקפורטער פרומע יודען אדער די פאנאטיקער פון מעץ. וועגען די לעצטע דערצעהלט דער דערמאהנטער שודט, אז זיי האבען זעהר שטארק פערפאלגט בערמאן'ס קאמפאניע. אזוי, למשל, האט מען אין פראנקפורט עפענטליך פערברענט די אויסגאבען פון אחשורוש־שפיעל, און פון מעץ האט מען ארויסגעטריבען בערמאן'ס קאמעדיאנטען, ווייל זיי זאלען האבען פערארורזאכט די מגפה, וועלכע איז גראד אויס־געבראכען בעת זייער אנוועזענהייט אין שטאדט. אין דעמזעלבען גייסט האט אויך געוואריקט אין האמבורג דער דערמאהנטער ר' יונתן אייבעשיץ, וועלכער האט גע־מוסר'ט זיינע צוהערער: „וועה צו אייך! ווי וואגט איהר ארויסצוזאגען די הייליגע ווער־טער פון תהלים „ובמושב לצים לא ישב", בעת אליין זיצט איהר צווישען לצים און טעאטער!" אדער: „ווי קאן מען מתאבל זיין אויף חורבן ירושלים, ווען מען זיצט אין טעאטער און מען קוקט אויף די שפיעל פון קאמעדיאנטען!"

אבער די אלע תקנות, פערפאלגונגען און מוסר־זאגען האבען קיין איבריגען ער־פאלג נישט געהאט; דאס פורים־טעאטער איז געווארען אנ'אינסטיטוציע, וואס האט זיך אזוי צוגעפאסט מיט'ן לעבען פון די יודישע פאלקס־מאסען, אז מען האט ענדליך געמוזט... שאפען א נייעם פירוש אויפ'ן איסור פון די חכמי־התלמוד, אויף וועלכען מען האט זיך געהאט בערופען, בעקעמפפענדיג די יודישע קאמעדיאנטען.

דאס האט געטוהן אין יאהר 1796 דער פוילישער רב רבי משה קונ יצער (ספר העין ז. 88), וועלכער ווייזט אן דאס טעאטער אנ'אונשולדיגע פערוויילונג און ווייזט אן (פאלש!) דערויף, אז דער רמב"ם האט נישט גורס־געווען דעם איסור „אין הולכין לטיאטראות" — נישט צו געהן אין טעאטער.

## III.

# רעפערטואר פון די יודישע קאמעדיאנטען.

די פראגע וועגען רעפערטואר פון די יודישע קאמעדיאנטען אין דער דא בעהאנ־דעלטער צייט לאזט זיך בעלויכטען אויפ'ן יסוד פון מאטעריאלען פון צוויי קוועלען:

א) קודם־כל אויפ'ן יסוד פון א רייהע פורים־שטיק, וועלכע זענען ערשיענען אין דרוק בעת'ן 18־טען יאהרהונדערט אדער זענען פערבליבען אין כתב־יד'ן פון 18־טען און 19־טען יאהרהונדערט, ווי אויך

ב) אויפ'ן יסוד פון פורים־שפיעלען, וועלכע זענען נאך מיט איינציגע צעהנדליגער יאהרען צוריק בארגעשטעלט געווארען אין די סלאווישע גהעטאס. די דאזיגע טעקסטען האבען זיך דערהאלטען הויפטזעכליך אויפ'ן וועג פון מינדליכער טראדיציע, מפה אל פה, ווי אויך אדאנק די בעדעטענדליכונגען דורך ס. וויסענבערג, נ. פרילוצקי, פ. מא־רעק, גרונוואלד, ווי אויך אנאנדערע ארויסגעבער פון די פאלקס־ביכער, און זיי קאנען דעריבער בעהאנדעלט ווערען אין אונזער וויסענשאפטליכער פארשונג.

מיט'ן מאַטעריאַל פון דער קאַטעגאָריע ב) קאָן מען דריִסט זיך בענוצען, אום צו
שאַפען זיך אַ בילד פון יודישען טעאַטער-לעבען אין דייטשלאַנד און אין די סלאַווישע
לענדער בעת'ן 17-טען און 18-טען יאָרהונדערט. דען מיר געפינען דאָ אַ געוויסע
ענליכקייט אין קרובה'שאַפט מיט די פורים-שפּילען, וואָס זענען אונז בעקאַנט פון
דער צייט 1697—1720. איבעריגענס לאָזען זיך טייל „שפּראַך-שימלען", אַנאַכראָניזמען
אין אונזערע פורים-שפּילען ערקלערען נור דערמיט, וואָס זיי, די דאָזיגע שפּראַך-
פערעלטערונגען, זענען אַ נשאר פון יענע צייטען אין 17-טען יאָרהונדערט, ווען זיי,
די אַנאַכראָניזמען זענען בענוצט געוואָרען אין דער אומגאַנגס-שפּראַך. מיר מוזען
ענדליך אויך צוגעבען, אַז דער בוי, ווי אויך דער אינהאַלט פון אונזערע פורים-שפּילען
דערמאָהנען אַזוי ווייט די טעכניק און אינהאַלט פון די פּיעסען פון די דייטשע „פאַסט-
נאַכטשפּילע", ווי אויך די דראַמען און מעלאָדראַמען פון די ענגלישע און איטאַליע-
נישע קאָמעדיאַנטען, אַז די דאָזיגע ערשיינונג לאָזט זיך נישט דערקלערען נור דערמיט,
וואָס דער רעפּערטואַר פון די יודישע שפּילער איז ענטשטאַנען לויט'ן מוסטער
פון רעפּערטואַר פון די וואַנדערנדע טעאַטערס אין 17-טען און 18-טען יאָרהונדערט.
די אַלע דאָזיגע מאָמענטען בעווייזען, אַז אונזערע פורים-שפּילען זענען ענטשטאַנען
אין יענע צייטען, ווען עס זענען נאָך אין אומגאַנג געווען די דייטשע „פאַסטנאַכט-
שפּילע", און הויפּטזעכליך דער רעפּערטואַר פון האַנז זאַקס און ווען די קונסט פון
די ענגלישע און איטאַליענישע קאָמעדיאַנטען האָט וואָס אַמאָל אַלץ מעהר בעאיינ-
פלוסט, אַזוי צו זאָגען, די אינטערנאַציאָנאַלע בינע. נור אין יענע צייטען, אַלזאָ,
הויפּטזעכליך אין 18-טען יאָהרהונדערט, האָבען די דאָזיגע דריי איינפלוסען געקאָנט
זיך דורכבייטען דורך די מויערן פון געטאָ און אריינדרינגען אין פורים-רעפּערטואַר.

ווען מיר זאָגען אַרויס די מיינונג, אַז די פּאָפּולערע „פורים-שפּילען" זענען ענט-
שטאַנען אין 17-טען און 18-טען יאָהרהונדערט, ווילען מיר דערמיט כלל נישט בעהאַל-
טען דעם פאַקט, אַז אין די „פורים-שפּילען" איז פאַראַן גענוג „הוספות", אריינ-
געשטעלטע שטיקער, ווי אויך איבעראַרבייטונגען, וואָס שטאַמען, אָהן צווייפעל, פון
שפּעטערע צייטען. אָבער דאָס זענען נור „הוספות", „אַריינגעשטעלטע צוגאַ-
בען", דאַגעגען דער עיקר, דער קערן איז געבליבען נישט געריהרט, דער כאַראַקטער איז
פערבליבען אָהן בעדייטענדע ענדערונגען.

נאָך די דאָזיגע אַלגעמיינע בעמערקונגען, ווילען מיר איבערגעהן צו דעם עצם-
הענין.

דער רעפּערטואַר פון די יודישע קאָמעדיאַנטען איז בעשטאַנען פון פאָלגענדע
סצענע-אויפפיהרונגען:

1) שול-קאָמעדיעס (אָדער ביבלישע), 2) פאָלקסטימליכע קאָמעדיעס, 3) אינ-
טערמעדיעס אָדער אינפּראָמטעס, 4) לירישע דראַמעס („זינג-שפּילע"), 5)
באַלעטען.

1) שול-קאָמעדיעס. זייער ערשטער מוסטער, זייער פּראָטאָטיפּ איז דאָס שטיק
מכירת-יוסף, וואָס איז איבערגעדרוקט געוואָרען דורך שודט אין יאָהר 1714. דער
מחבר פון דער דאָזיגער קאָמעדיע איז אונז אונבעקאַנט, שטיינשניידער (און נאָך איהם
אַ גאַנצע רייה שריפטשטעלער) האָבען געהויפּטען בטעות, אַז דער אויטאָר איז בערמאַן פון
לימבורג, הגם שודט שרייבט זעגען איהם בפירוש, אַז ער, בערמאַן, האָט דאָס דאָזיגע
שטיק נור אויפגעפיהרט („פערפערטיגט און פּרעזענטירט"). דער אינהאַלט פון
דער פּיעסע איז כמעט דאָסזעלבע וואָס די ערצעהלונג וועגען מכירת-יוסף אין דער ביי-
בעל. די פּיעסע הויבט זיך אן מיט דער פערשווערונג פון די ברידער געגען יוסף'ן, און
ענדיגט זיך דערמיט, וואָס יעקב קומט קיין מצרים און בעגריסט זיין צוריקגעפונענעם

זוהן. אט דער דאָזיגער עפּיזאָד פון דער בּיבּעל ציהט זיך — ווירקליך, ציהט זיך! — דורך גאַנצע 69 שטיקע און לאַנגווײַליגע סצענעס, אנגעשריבען מיט א טרוקענער געוויאונקייט. אַלס חאַראַקטעריסטישע אײַנצעלהײַט איז כדאי צו בעצייכנען, אז די העלדען אין דער דאָזיגער פיעסע רעדען מיט א שפּראַך פון די אנטוויקעלטע צום סוף 17־טען יאָהרהונדערט, מישען אַרײַן גאַנץ אפט פראַנצויזישע ווערטער און ווײַזען זאָגאַר אַרויס טײלמאָל זייער בּריה'שאַפט אין דער קענטעניש פון לאַטײַנישע ווערטער. די דאָזיגע פיעסע וואָלט, אהן שום ספק, זעהר שנעל לאַנגווײַליג געוואָרען אפילו פאַר'ן פּובּליקום פון 17־טען און 18־טען יאָהרהונדערט, ווען נישט דאס, וואס אין איהר זענען בכוונה אַרײַנגעפלאָכטען געוואָרען געוויסע, פאַר יענער צײַט חאַראַקטעריסטישע פ ע ר שׂ י ד ע נ אַ ר ט י ג ע ס צ ע נ ק ע ס, כדי צו ווײַלען דעם עולם. דאס זענען געווען לידער, געזונגען מיט דער בעגלייטונג פון מוזיק־אינסטרומענטען; אַלזא, אזעלכע ווי „שעפער־לידער“, „יעגער־לידער“ וכדומה, און הויפּטזעכליך דאס בעליעבטע ליעד בײַם פּובּליקום: „א ײַ ל ו ס ט י ג ע ר פ י ק ע ל ה ע ר י נ ג“.

ווער איז דער דאָזיגער פּאַרשוין? פון וואַנען האט זיך דאס גענומען אזא פיגור אַרײַנקריגען אין אונזער פיעסע? דעריוף קאנען מיר געפינען א תשובה, ווען מיר וועלען זיך בעקענען מיט דער געשיכטע פון די וואַנדערנדע ענגלישע קאמעדיאַנטען. ווי עס האט שוין בעוויזען דער בערימהטער געלעהרטער טעאַטער־פאָרשער ווילהעלם קרײַצענאַך („שוישפּיעלע דער ענגלישען קאמעדיאַנטען“), איז דער טיפּ פיקעלהערינג געשאַפען געוואָרען דורך דעם קאמעדיאַנט ראָבּערט רײַנאַלד, וועלכער איז אין יאָהר 1618 געקומען קיין דײַטשלאַנד אין דער שפּיץ פון א קאמפּאַניע וואַנדערנדע ענגלישע שפּיעלער. רײַנאַלד איז געווען אין דער טרופּע דער קלאָון און, לויט'ן מנהג פון אַלע אַנדערע ענגלישע קאמיקער, האט ער זיך געגעבען דעם קאמישען נאָמען „פיקעלהערינג“ (פּונקט ווי דער ענגלישער קאמיקער בוזעט האט זיך א נאמען געגעבען „סאַקוויל“, אדער „מאַלקענבּיר“, און דער קאמיקער ספּענסער — „שטאָקפּיש“). נאָך אין יאָהר 1627 טראָגט, געוועהנליך, דער טיפּ פיקעלהערינג אויך א פאַר־נאָמען ראָבּערט, וואס ווײַזט־אָן אויף דער אנגעהעריגקייט פון דער דאָזיגער פיגור צו ראָבּערט רײַנאַלד.

פין די ענגלישע שפּיעלער האט זיך אין אונזער מ כ י ר ת ־ י ו ס ף אויך איבּערגענומען דער מנהג אין מיטען די על פי רוב זעהר נודנע דעקלאַמאַציעס צו זינגען לידער.

נאָכמעהר, שוין דער עצם אַרט פון דער פיעסע ווײַזט דערויף, אַז זי איז געשאַפען געוואָרען לויט'ן מוסטער פון די אַזוי־גערופענע „כראָניקאַל־היסטאָריעס“, אדער לויט די היסטאָרישע דראַמען, וועלכע האָבען אין רעפּערטואַר פון די ענגלישע שפּיעלער פאַרנומען א זעהר בכבוד'יג אָרט און וואס זענען נאָכגעמאַכט געוואָרען אין דײַטשלאַנד דורך די דראַמאַטורגען פון 17־טען יאָהרהונדערט, ווי אַנדרעאַס גריפיוס, כריסטיאַן ווײַזע, יאָהאַן ריסט און אַנדערע.

דער דירעקטער מוסטער פאַר אונזער יודישען בעאַרבּײַטער, וועמען מיר האָבּען צו פאַרדאַנקען די מכירת־יוסף, איז וואַהרשײַנליך געווען די בּיבּלישע דראַמע וועגען יוסף'ן, וואס איז אנגעשריבען געוואָרען דורך כריסטיאַן ווײַזע און וואס מען האט אויפגעפיהרט אונגעפעהר אין יאָהר 1690 אין ציטוי (שלעזיען). דאס דאָזיגע בעווײַזט נישט נור די טעמאַ־עהנליכקייט, נאָר אויך קודם־כל דער סטיל און די פיגור פון האַנז וואורסט, וואס טרעט־אַרויס אין ווײַזע'ס דראַמע. די טרוקענע געניאַליגקייט, מיט וועלכער עס צייכענט זיך אויס מכירת־יוסף, דערמאָהנט זעהר בולט ווײַזע'ס סטיל, און דער העלד „פיקעלהערינג“ פון מכירת־יוסף איז, אַזוי צו זאָגען, זעהר ק א ר ע ק ט, מען קאן זאָגען, „סאַלאָן־פעהיג“, פּונקט ווי האַנז וואורסט אין די דראַמען פון גימנאַזיום־דירעקטאָר אין ציטוי כריסטיאַן ווײַזע.

צו דער־זעלבער קאַטעגאָריע ביבּלישע דראַמען געהערען אויך די שוין דערמאָהנטע פּיעסען פון די יאָהרען 1711—1720, ווי „אַקציאָהן פון קעניג דוד און גלית“, ווי אויך „אַקטאַ אסתר מיט אחשורוש“, וואָס זענען פאָרגעשטעלט געוואָרען און פּראָג אין יאָהר 1720. שוין די ווערטער אין טיטול: „אַ ק צ י אָ ה ן“, „אַ ק ט אַ“ ווייזען אויף זייער נאָהנטשאַפט מיט די ענגלישע „בּראַנזקאַל־היסטאָריעס“ און די דייטשע „הויפּט־און־שטאַאַטס־אַקציאָנען“ פון 17־טען יאָהרהונדערט.

צו דער פּיעסע „אַקטאַ אסתר מיט אחשורוש“ זענען אַמאָהליגע עהנליך די פּראָג־מענטען פון אחשורש־שפּיעל, וואָס זענען פערעפענטליכט אין די „מיטטהיילונגען צו יו־דישע פאָלקס־קונדע“ (באַנד 10), ווי אויך אין די „יודישע פאָלקס־ליעדער“ (באַנד I), אַרויסגעגעבען דורך נ. פּרילוצקי (נומער 75 I, 76 I—II, VII, IV, 77 I—IV).

אין די דאָזיגע פראַגמענטען געפינען מיר, אויסער אַ רייהע פערעלטערטע שפּראַך־אויסדריקען, אַרכאַאיזמען, אויך פאָלגענדע מאָמענטען:

א) מרדכי׳ס טוב ווערט דאָרט געהאַלטען אין אַנ׳ע ר נ ס ט ע ן טאָן.

ב) עס טרעט אין זיי אַרויס די פיגור „שרייבער“, וואָס איז אין דער מגלת־אסתר אונגאַנצען נישט בעקאַנט (שפּורען דערפון געפינען מיר אין ושתי׳ס ווערטער: „אַך, ברודא שראַבא!“).

ג) די פּיעסע ענטהאַלט דעם מוסר השכל, אַז די ווייבער דאַרפען נאָכגעבען דעם ווילען פון די מענער („ושתי: דאַריבּא זאָלט עטין ענק נעמען אַ ראיה יעדעס ווייבעלע באַזונדרא, עטין זאָלט טוען ענקערע מענער האַלטען בדרך הישר!“).

די דאָזיגע דריי חאַראַקטעריסטישע מאָמענטען (נעבען איהם אַנדערע ווייניגער ווערטפולע) פיהרען אונז צו דער פּיעסע, וועלכע איז אַם וואַהרשיינליכסטען געווען דער מוסטער פאַר אונזער אחשורש־שפּיעל. דאָס איז די פּיעסע אין רעפּערטואַר פון די ענגלישע קאָמעדיאַנטען מיט׳ן נאָמען „אסתר ענד אחשורש“. אין דער דאָזיגער פּיעסע געפינען מיר, נעמליך, אַלע דאָזיגע חאַראַקטעריסטישע שטריכען, וועלכע מיר האָבען געזעהן אין אונזער „אחשורש־שפּיעל“. דער אויטאָר פון דער ענגלישער פּיעסע איז אונבעקאַנט. אַלס האַראַקטעריסטישען פאַקט איז כדאי צו פערצייכנען, אַז די ערשטע ידיעה וועגען דער דאָזיגער פּיעסע איז פערבונדען מיט דער פּערזאָן פון שעקספּיר. דען פון דער ליטעראַטור וועגען שעקספּיר איז בעוואוסט, אַז דער דאָזיגער מייסטער האָט אַנגעהערט צו אַ קאָמפּאַניע אַקטיאָרען, וואָס האָט אין יאָהר 1594 אויפגעפיהרט אין הויף פון לאָרד טשעמבערלען, צווישען אַנדערע, אויך די קאָמעדיע וועגען אסתר און אחשורש. די דאָזיגע פּיעסע איז נאָכהער אַוועקגעוואַנדערט קיין דייטשלאַנד, וואו מען האָט זי אויפגעפיהרט נאָך פאַר׳ן יאָהר 1605. מען האָט זי דאָ תחילת געשפּיעלט אויף ענגליש, מיט דער צייט אָבער האָבען די ענגלישע שפּיעלער זיך אויסגעלערנט אַזוי פיעל די דייטשע שפּראַך, אַז שוין אונגעפעהר אין יאָהר 1605 האָבען זיי אָנגעהויבען שפּיע־לען „אין האָכדייטשער שפּראַכע“. באַלד האָט אויך אַ׳אַנאָנימער שרייבער פון נידער־זאַקסען איבערגעזעצט די פּיעסע „אסתר ענד אחשורש“ אויף דייטש (פאַר׳ן יאָהר 1620), און די דאָזיגע בעאַרבייטונג האָבען די ענגלישע אַרטיסטען געשפּיעלט נישט נור אין דייטשלאַנד, נאָר אויך אין די סלאַווישע לענדער. אַזוי, למשל, האָט מען זי אויפגע־פיהרט אין יאָהר 1626 אין דרעזדען אונטער׳ן נאָמען „טראַגי־קאָמעדיע פאָן דען המן אונד דער קעניגין אסתר“, 1651 אין פּ ר אָ ג, אונטער׳ן נאָמען „קאָמעדיע פאָן דעם קעניג אחשורש אונד דעם האָפפערטיגען המן“, 1660 אין ג י ס ט ר אָ וו (מעקלענ־בורג) אונטער׳ן נאָמען „פאָן דעם האָפפערטיגען המן אונד דער דעמיטיגען אסתר“, 1660 אין ל י נ ע ב ו ר ג א. נ. „פאָן דער דעמיטיגען אסתר אונד דעם האָכמיטיגען

המן“, 1665 און דרעזדען א. נ. „פאן דעם קעניג אחשורש, דער קעניגין אסתר אונד דעם האכמוטיגען המן“, 1672—1676, אין מאסקווע.

די אחשורש-פיעסע האט זיך אויך בעוויזען אין די זאמלונגען פון די פיעסען פון די ענגלישע קאמעדיאנטען, וועלכע זענען געדרוקט געווארען אין דייטשלאנד אין די יאהרען 1620 און 1670.

ווען מיר רעדען שוין וועגען די ביבלישע קאמעדיעס, וואס זענען פארגעשטעלט געווארען דורך די יידישע קאמעדיאנטען, איז כדאי אויך צו דערמאהנען די דראמע וועגען יונה הנביא, וואס האט אויך אנגעהערט צו זייער רעפערטואר. פון דער דראמע-זענען איבערגעבליבען נור צוויי פערזען און דער פראלאג, זיי האט פערעפענטליכט און דרוק נ. פרילוצקי אין „ייד. פאלקס-ליעדער“ (I נומער 66), און צוזאמענהאנג מיט דער דאזיגער קאמעדיע וועגען יונה הנביא איז כדאי אויך צו בעמערקען, אז אזא פיעסע וועגען יונה הנביא איז אויך געווען אין רעפערטואר פון די ענגלישע קאמעדיאנטען. אזוי, למשל, איז בעוואוסט, אז די ענגלישע וואנדערנדע קאמפאניעס האבען פארגעשטעלט אין 17-טען יאהרהונדערט „איין קאמעדיע אוים דעם פראפעטען יונה“, וועלכע איז די דייטשע בעארבייטונג פון ראבערט גרינ'ס (געשטארבען 1591) פיעסע א. נ. „ע לאקינג גלעם פאר לאנדאן ענד ענגלאנד“.

2) באלקסטימליכע קאמעדיעס. אלס זייער פראטאטיפ, אור-מוסטער, קאן מען בעטראכטען די איבערגעבליבענע און לייפציגער כתב-יד (פון יאהר 1697) פיעסע „איין שיין נייא פורים-שפיל“, וואס איז דאסזעלבע, וואס די דורך שודט איבערגעדרוקטע אחשורש-שפיעל (1708—1714). א זעהר כאראקטעריסטישען וואריאנט פון דעם דאזיגען שפיעל האט פערעפענטליכט פ. מארעק אין „פערעזשיטאיע“ (יאהרגאנג 1910, זייט 226 און ווייטער).

אלס אינטערעסאנטער פון דער ביבלישער דראמע, וועלכע איז געהאלטען אין אנגערנסטען טאן, איז און דער דאזיגער קאמעדיע וועגען אחשורש אויפ'ן ערשטען פלאן דער קאמישער עלעמענט. פיקעלהערינג ערלויבט זיך דא אויף אמת'ע ארגיעס. תחילת האט ער דא געשפיעלט די ראליע פון שדכן (דיימליכע שפורען דערפון און דעם מאהליעווער וואריאנט, פערעפענטליכט דורך מארעק), אבער שוין צום סוף 17-טען יאהרהונדערט איז ער מגולגל געווארען און מרדכי'ן. אלס מרדכי טרעט ער ארוים און אחשורש-שפיעל, וואס איז אויפגעפיהרט געווארען לערך און יאהר 1708 דורך דער קאמפאניע פון בערמאן פון לימבורג. אויף אונזער קאמעדיע איז לייכט צו דערקענען דעם שטעמפעל פון דער עפאכע,— נעמליך, אז זי איז ענטשטאנען צום סוף 16-טען און אנהויב 17-טען יאהרהונדערט. דאס איז געווען א צייט, ווען — לויט דער כאראקטעריסטיק פון איינעם פון די דייטשע ליטעראטור-היסטאריקער (ע. ענגעל),— „אלץ, וואס האט געדרימעלט און די נידריגע ריי'צונגען פון דער פאלקס-נשמה, דער גאנצער שויב פון תאוה און געמיינהייט האט ארויסגעשפראצט און פערפלייצט די ליטעראטור“.

אונזער „מרדכי—פיקעלהערינג“ איז דער קלאסישסטער אויסדרוק פון יענער „גראביאנישער צייט“.

אויף עם האנדעלט זיך אלס מוסטער פאר אונזער יודישער בעארבייטונג פון דער דאזיגער פיעסע, איז דאס געווען די שוין דערמאהנטע ענגלישע פיעסע „אסתר ענד מרדכי“, אדער איהר דייטשע בעארבייטונג.

אינ'ם ענגלישען מוסטער, ווי אויך און דער דייטשער בעארבייטונג קומען פאר צוויי פאראלעל-לויפענדע אקציעס, און וועלכע איינע איז א פאראדיע פון דער צווייטער. בעת און דער הויפט-אקציע טרעטען ארוים אלס הויפט-העלדען אחשורש, מרדכי, ושתי, אסתר און המן,— זעהען מיר און דעם קאמישען טייל פון דער פיעסע אלס

הויפּט־פיגורען דעם קלאָון, וועלכער טראָגט אין דער דײַטשער בעאַרבײַטונג דעם נאָמען „קנאַפּקעזע", ווי אויך זײַן ווײַב. פּונקט ווי אין דער הויפּט אַקציע האַנדעלט זיך אַלײן אַרום דאָס מעכאַ ווענען טרײַשאַפט און געהאַרזאַכקײַט פון דער פרוי צום מאַן, אַזוי איז אויך אין דעם קאָמישען טײל, וואו האַנז קנאַפּקעזע קריעגט זיך אַרום מיט זײַן פּלונית׳טע, ווער עס זאָל זײַן דער מושל און שטוב.

און אַט דער יודישער אויטאָר, וועלכער האָט פאַר׳ן טעאַטער פון די יודישע קאָמעדיאַנטען געגעבען די קאָמישע בעאַרבײַטונג פון דער ענגלישער פּיעסע, האָט אויפ׳ן ערשטען פּלאַן אַרויסגערוקט די פּאַראָדיע, וואָס איהר העלד איז דאָ, אנשטאָט דעם קלאָון האַנז קנאַפּקעזע,—מרדכי. דערבײַ אָבער, מוז מען צוגעבען, האָט אונזער יודישער אויטאָר, בעאַרבײַטענדיג דעם ענגלישען קלאָון אויף יודיש, עס געמאַכט גאַנץ אָריגינעל, ועמליך,— ער האָט זיך צוגעפּאַסט צו די יודישע פערהעלטנישען, בעפּעפּערט זײַנע חכמות מיט יודישע גאַסען־וויצען, מיט איין וואָרט — ער האָט איהם, דעם קלאָון, אַזוי צו זאָגען, „נאַציאָנאַליזירט". דאָ גיבען מיר אַ בײַשפּיעל פונ׳ם דאָזיגען „נאַציאָנאַליזירטען" הומאָר פון מרדכי — האַנז קנאַפּקעזע:

בעשרײַבענדיג זײַן צוריקקומען פון לײַפּציגער יריד, דערצעהלט ער וועגען זיך:

„בין איך ווידער הײם קומען, איז מיר מײַנע קוא (=קוה) אַנטקגין קומן, אונ׳ האָט שלם לעקאַך (שלום עליכם) געבן מיט דען הינטערשטען פּיס, אונ׳ מיט דען פאָדערשטען פּיס האָט זיא אַ שאַנה גיקלאַפּט, אונ׳ מיט דען עק האָט זיא לולב געשיטלט און האָט אך הושענא גימאַכט..." (אחשורוש־שפּיעל 1708).

עטוואָס ליכט אויף דער פראַגע פון וועלכער געגענד עס האָט געשטאַמט אונזער אַנאָנימער אויטאָר, גיבען אונז אײניגע וויצען פון מרדכי־קלאָון, וואָס טראָגען אַ דײַטליכען לאָקאַלען כאַראַקטער און זײ זענען דערוועגען הײַנט שווער צו פערשטעהן. אַזוי, למשל, דערמאָהנט אונזער קלאָון אין זײַנע דרשות „טאַלין פון אורשפּיץ", אָדער „גראָסיל פון פּולשוויץ". דאָס זענען וואַהרשײַנליך געווען אין יענע צײַטען פּאָפּולערע טיפּען אין די שלעזישע שטעדטלעך (די נעמען אורשפּיץ און פּולשוויץ זענען וואַהרשײַנליך פּאַראַפראַזירטע שמען פון ערטער אין שלעזיען, וואו עס איז פול מיט די ענדונגען איץ, איצע). זעהר מערקווירדיג איז, וואָס אינמיטען בריה׳נען־זיך פאַר׳ן פּובליקום מיט פערשידענע חכמות פאַלט ער אַרײַן, אונזער מרדכי, סתם אין דער וועלט אַרײַן מיט אַ רײַן־סלאַווישען זאַץ, וואָס קלינגט: „קאָשפּר וואָדה וויסאָקא, יעדנא כאָרמה, דרוהא צלעפּא, אָטשעטי פּאַרשיווא". דאָס דאָזיגע בעדײַט אײגענטליך „Kocpor! woda wysoka, Jedna chorma (= kulawa), druha slepa, oczeti (= oczy) parszywe".

פון דער דאָזיגער ציטאַטע וואָלט מען אײגענטליך געקאָנט אַרויסדרינגען, אַז דער אויטאָר האָט געהאַט אין זין אַ פּובליקום, וואָס פערשטעהט אויך אַ סלאַווישע שפּראַך, אין אַז ער אַלײן האָט געשטאַמט פון סלאַווישע לענדער.

צו די קאָמעדיע פּאַלקסטימליכע קאָמעדיעס וואָלט מען געקאָנט נאָך צורעכענען אויך אַ יודישען וואַריאַנט פון אַ קאָמעדיע וועגען דאָקטאָר פּויסט. וועגען דעם דערמאָהנט פ. מאַרעק („פערעזשיטאָיע" II, זײַט 226), נישט געבענדיג, לײדער, וועגען דעם קײן גענויערע פּרטים.

3) אינטערמעדיעס אָדער אינפּראָמטעס. דאָס זענען אײגענטליך קאָמישע סצענעס, וואָס זענען אַרײַנגעפּלאָנטען אין גאַנג פון דער אַקציע כמעט אין אַלע פּיעסען פון רעפּערטואַר פון די יודישע קאָמעדיאַנטען. זײ האָבען געדיענט אַלס „הוספות", אַרײַנגעשטעלטע סצענקעס, וואָס האָבען געזאָלט ווײַלען דאָס פּובליקום,

אזוי צו זאגען, צווישען די „אנטראקטען“. אלס עלטסטער ביישפיעל דערפון איז די לעצטע סצענע אין אהיבורישע שפיעל (געדרוקט אין יאהר 1708), וועלכע מיר גיבען דא, ווייל זי איז א הורצע און גיט אונז א געוויסען בעגריף וועגען דער ארט שאפונגען. דאס קומט-פאר נאכ'ן אויספיהרען דעם אורטהייל אויף המנ'ען.

אמר המלך לשרביבער:
גיב איה איין גלאז אין זיינע ארע'ן
פיל לייכט ווערט ער ווידר ווערען געבארן.

המן שטעהט אויף תחית-המתים און זאגט:
המן איך בין געוועזען אויף יענר וועלט
אונ' האב גישויאט פיל געלט.
שרביבער: דו שעלם, וארום האסטו'ס ניט גנומען
המן: איך האב גיפארכטען, איך ווער אום מיין לעבן קומען.

אנ'אינטערעסאנט אינטערמעדיום מיט'ן שמן-ארלעקין אלס הויפט-פיגור געפינען מיר אין א ווארייאנט „עקדת יצחק“ (נ. פרילוצקי: „זאמלונגען פאר יודישען פאלקלאר“, II, זייט 74—73).

זעהר פאפולער זענען געווען די אינטערמעדיעס מיט'ן „דאקטאר-שארלאטאן“ אלס הויפט-פיגור. אזא אינטערמעדיום געפינען מיר אין „גלית-שפיעל“ (נ. פרילוצקי, זאמלונגען I ז. 97), ווי אויך אין „שלמה המלך'ס משפט“ (דארט, II 15—114).

צו דער קאטעגאריע אינטערמעדיעס געהערט אויך דער קאמישער פורים-קידוש, וועלכער פלעגט געוועהנליך צוגעטשעפעט ווערען צום אחשורוש-שפיעל.

די בעהאנדעלטע אינטערמעדיעס ווייזען ארויס פיעל געמיינזאמע פונקטען מיט די פארסען, וואס פלעגען אריינגעפלאכטען ווערען אין דער איטאליענישער „קאמעדיע דעל' ארטע“, ווי אויך מיט דער דייטשער „פאסטנאכט-שפיעלע“. חריפות, איינפאל, האראקטעריסטיק איז אין זיי פארהאן זעהר ווייניג, דאגעגען איז פארהאן פיעל גרייטע פיגורען און אפטע איטפראוויזאציע. זייער האראקטעריסטישער שטריך זענען אויך די פערשיעדענע שפראכליכע המצאות, ווי קאלאמבירען, ווערטער-פערדרעהעכצען, צונויפשטעלען די אונוואהרשיינליכסטע קאנטראסטען, צווייטייטיגע צוזאמען.

4) לירישע דראמען („זינגשפיעלע“). זייער עלטסטער — יעדענפאלס אין דרוק — מוסטער איז דער אין יאהר 1715 אין האמבורג ארויסגעגעבענער דיאלאג צווישען עם בני ישראל מיט זיינע 10 תלמידים, וואס ציהט זיך ארום דער פראגע, אויף וואסער פנים מען האט המנ'ען אויפגעהאנגען. ווי עס בעווייזט דער טיטול „זמירות פורים“, האט מען דעם דיאלאג געזונגען.

צו דערזעלבער קאטעגאריע געהער אויך א היבש ביסעל ווארייאנטען פון אחשורוש-שפיעל, וועלכע מען האט, צוליעב זייער אפערן-הארעקטער, אנגרופען אחשורוש-זינג-שפיעלען. אזא זעהר אלטער ווארייאנט איז דאס אחשורוש-שפיעל, ארויסגעגעבען אין אמסטערדאם, יאהר 1718, וואס זיין שער-בלאט זאגט, אז עס איז געשריבען געווארען „אף איין נייע אופן גליך איינער אפערא“.

עס איז אויך פארהאן אנ'„אפערע“-בעארבייטונג פון מכירת-יוסף (לעמבערגער דרוק פון יאהר 1856, וויי אויך א ווארייאנט, פערעפענטליכט אין די „מיטהיילונגען צור יודישען פאלקסקונדע“, 1905).

זעהר מערקווירדיגע זינגשפיעלען האט פערעפענטליכט נ. פרילוצקי אין זיינע „זאמלונגען“ I און II, וואו מיר געפינען איינציגע ווארייאנטען פון „עקדת-יצחק“, „חכמת שלמה“, „גלית-הפלשתי“, ווי אויך לירישע דראמען, א פראגמענט פון „חנה-פנינה-שפיעל“ און „שלמה-אשמדאי-שפיעל“.

די ליבּרעטעס פון אונזערע ליטווישע דראַמען שטעלען מיט זיך פאַר איבּעראַרבּייטונגען פון בּיבּלישע אָדער פאָלקס־קאָמעדיעס, וועלכע זענען געווען אַ טייל פון רעפּערטואַר פון די יודישע קאָמעדיאַנטען און און וועלכע מען קאָן אויסגעפינען אים אַלגעמיין פרעמדע מוסטערן.

אַזוי, למשל, זענען די וואַריאַנטען פון „אחשורוש־שפּיעל“ אין זייער הויפּט־פּערזאָנען זעהר עהנליך צו די איבּערגעדערמאַהנטע פאָלקסטימליכע קאָמעדיעס, און אונגעדירעקט אויך צום שוין־בּעהאַנדעלטען ענגלישען מוסטער. דאָס מכירת־יוסף־שפּיעל געהט, אין תּוך גענומען, נישט ווייט אַוועק פון דער שול־דראַמע „מבירת־יוסף“ אין איהר מוסטער, די דראַמע וועגען יוסף'ן, אנגעשריבּען דורך ווייזע (פאַר'ן יאַהר 1690). דער צוזאַמענשטעל פון די סצענעס איז אים אַלגעמיין דערזעלבּער, עס פעהלט נור דער עפּיזאָד צווישען יוסף און פּוטיפרע, ווי אויך די פיגור פיקעלהערינג. דאַגעגען איז דער טאָן אין מכירת־יוסף־שפּיעל וואַרימער און לעבּהאַפטער, ווי אין דער בּיבּלישער דראַמע.

אַלס מוסטער פאַר דער ליטווישער דראַמע „עקדת־יצחק“ האָט געקאָנט דיענען נור איינע פון די פיעל פאָלקס־פּיעסען אָדער פאָלקס־מיסטעריען וועגען אברהם און יצחק, וועלכע עס בּעזיצען די דייטשען, איטאַליענער, פראַנצויזען און פּאָליאַקען. די דאָזיגע מיסטעריען שטאַמען על פּי רוב פון 16־טען יאַהרהונדערט און זענען געווען זעהר פּאָפּולער. זעהר פיעל געמיינזאַמעס מיט אונזער „עקדת־יצחק“ האָט דאָס פּוילישע מיסטעריום וועגען אַברהם („סאַקריפיקום אבראַהע“) פון 16־טען יאַהרהונדערט, וואָס מ'פלעגט שפּיעלען אין דער חגא „בּאָזשע ציאַלאָ“. פּונקט ווי אין פּוילישען מיסטעריום, הויבּט זיך אָן די „עקדת־יצחק“ מיט אַ פּראָלאָג, וואָס ענטהאַלט אַ בּיטע צו די צוהערער, אַז זיי זאָלען זיך פלייסיג איינהערען, און נאָכהער געהען די דריי „אַקציאָנען“: I) גאָט זאָגט אברהם'ן זיין בּעפעהל; II) אברהם און יצחק גרייטען זיך אין וועג; יצחק געזעגנט זיך מיט שרה'ן; III) דער אנהויבּ פון דער עקדה און די אינטערווענץ פון מלאך.

וואָס אנבּעלאַנגט די איבּריגע זינג־שפּיעלען האָבּען אַלס זייערע מוסטערן וואַהרשיינליך געדיענט פערשיעדענע בּיבּלישע דראַמען, מיט וועלכע עס איז פול די דייטשע ליטעראַטור אין 16־טען און 17־טען יאַהרהונדערט. פון דערזעלבּער קוועלע האָבּען אויך געשעפּט די ענגלישע קאָמעדיאַנטען. אַלס בּיישפּיעל וועלען מיר ווייזען אויף די פערשיעדענע דייטשע דראַמען און מיסטעריען „וועגען קעניג שאול“ פון 16־טען יאַהרהונדערט, וואָס דערמאַהנען זעהר אונזער „גלית־שפּיעל“, וואָס הייסט אויך מיילמאָל „מלך־שאול־שפּיעל“. ואָגאַר די געשיכטע וועגען מלך אַגג האָט געדיענט אַלס טעמאַ פאַר אַ דייטשען מעלאָדראַמע־שרייבּער אין אנהויבּ פון 18־טען יאַהרהונדערט. וועגען דערזעלבּער צייט האָבּען מיר אויך אַ ידיעה, אַז מען האָט דאַן געשפּיעלט אַ מעלאָדראַמע אונטער'ן נאָמען „אַגג“, וואָס איהר אויטאָר איז געווען פּירא.

אין אַן אויספיהרליכע אַנאַליז פון די פערשיעדענע זינג־שפּיעלען און אין דער פראַגע וועגען זייער אַבּשטאַמונג קאָנען מיר זיך דאָ נישט אריינלאָזען, מחמת דאָס אַרט איז צו־קליין.

אונזערע ליטווישע דראַמען דערמאַהנען אים אַלגעמיין די איטאַליענישע מעלאָדראַמען, וועלכע האָבּען זיך ענטוויקעלט אין 17־טען יאַהרהונדערט און וואָס זענען, אַדאַנק די וואַנדערענדע קאָמעדיאַנטען־קאָמפּאַניעס, שנעל אנגענומען געוואָרען אין די פערשיעדענסטע אייראָפּעאישע לענדער. מיט דער „קאָמעדיאַ דעל' אַרטע“ איז דאַן געוועהנליך אויך פערבּונדען געווען די „דראַמאַ פער מוזיקאַ“. יעדער פון די קאָמעדיע־אַקטיאָרען האָט געמוזט זינגען און ווען חברה אַקטיאָרען האָבּען צו זיך צוגענומען אַ כאָר און

א פאר טענצער אדער טענצערינס, האבען זיי שוין געקאנט פארשטעלען מעלאדראמען.

עס איז אויך קיין ספק נישט, אז די איטאליענישע קאמיקער האבען אויך געדינט אלס מוסטער פאר אונזערע יודישע קאמעדיאנטען, ווען זיי פלעגען אין מיט מעלאדיע געהאלטענע געשפרעכען אויפפיהרען די לידישע דראמען. אז מען האט די דאזיגע דראמען ווירקליך געזונגען, בעווייזען די זכרונות פון דער נישט־ווייטער פערגאנגענהייט, ווען נישט איינעם פון אונז פלעגט אויסקומען צו הערען די דאזיגע „פורים־אפערעס“, ווי אויך די פערשידענע אנווייזונגען אין די טעקסטען פון אונזערע פורים־שפילען.

אזוי, למשל, אין איינעם פון די וואריאנטען פון „גלית־שפיעל“ רופט דער ארלעקין — פיעראט (אין וואריאנט איז דער דאזיגער נאמען פערדרעהט געווארען אויף „פאעט“) דאס פובליקום, אז עס זאל נישט שטערען „צום זינגען און צום שפיעלען“.

עהנליך זינגט אויך אין „חכמת־שלמה“ דער רעזישיסער—פאיאץ: „איך בין אהעיא נ׳קומי׳, א שיינע מילאדי אצוזינגען“. אין „שלמה־אשמדאי־שפיעל“ דערצעהלט דער פאיאץ וועגען די ארויסטרעטענדע קאמעדיאנטען: „(מיר) קאמ׳ היר ציגיין — — — דיזים שפיל צוזינגען“, פון וואס עס איז בולט צו זעהן דעם כאראקטער פון דער פיעסע אלס „זינג־שפיעל“. עהנליכע ציטאטען וואלט מען געקאנט ברענגען זעהר פיעל.

5) באלעטען. זיי זענען געשטאנען אין ענגען צוזאמענהאנג מיט די שוין־בעהאנדעלטע לידישע דראמען. שפורען פון באלעט האבען זיך פערהאלטען אין א וואריאנט פון גלית־זינג־שפיעל (פערגלייך נ. פרילוצקי, זאמלונגען I. ז. 94). ווען גלית פאלט דורך דוד׳ס האנד, דריקט־אויס דער כאר זיין שמחה אויף אזא אופן, אז ער פיהרט־אויס א באלעט. דאס דאזיגע איז צו זעהן פון דער כאראקטעריסטישער סצענע־בעמערקונג, וואס זאגט: „אזוי ווי גלית ליגט אף דער ערד, נעמען זיך אלע בא די הענט און טאנצין און זינגען“.

---

# .IV
# מאסקעס אין די לידישע דראמען און אינטערמעדיומס.

ווען מיר האבען ארומגערעדט דעם רעפערטואר פון די יודישע קאמעדיאנטען, האבען מיר, אגב אורחא, אויך אנגעוויזען אויף די געמיינזאמע פונקטען צווישען די יודישע לידישע דראמען און אינטערמעדיומס פון איין זייט און דער איטאליענישער „קאמעדיא דעל׳ ארטע“ פון דער צווייטער זייט. דא וועלען מיר נעהנטער בעהאנדלען איינס פון די אמטייסטען כאראקטעריסטישע שטריכען פון די דערמאהנטע סצענע־פארשטעלונגען: דאס בענוצען זיך מיט קאפ־פיגורען, מאסקעס. די מאסקע איז דער הויפט־כאראקטעריסטישער שטריך פון דער איטאליענישער אימפראוויזירטער קאמעדיע אין 16־טען און 17־טען יאהרהונדערט, און מחמת דעם קאנען מיר אננעהמען די שיטה, אז אונזערע לידישע דראמען און אינטערמעדיומס זענען געשטאנען אונטער דער דירעקטער אדער אינדירעקטער השפעה פון דער „קאמעדיא דעל׳ ארטע“.

אזוי, למשל, זעהען מיר טאקע, אז אין אונזערע זינג־שפיעלען און אינטערמעדיומס שלענגלען זיך דורך כצענע־טיפען, וואס האבען אין דער אויפבליהונגס־צייט פון דער „קאמעדיא דעל׳ ארטע“ זיך ערווארבען, אזוי צו זאגען, אינטערנאציאנאלע פאפולאריטעט, אלזא, אזעלכע טיפישע פיגורען, וואס זייער מוסטער איז פולשינעלא, ארלעקין, קאפיטאן, פאנטאלאן, דאקטאר פון באלאן, קאלאמבינא א. א. וו.

לאַמיר אַלזאָ דורכגעהן די דאָזיגע טיפּען־גאַלעריע.

אַמליבסטנס לאָזט זיך אויפוויזען אין אונזערע זינג־שפּילען דער טיפּ קאַפּיטאַן, וועלכער טרעט־אַרויס אין דער „קאָמעדיאַ דעל׳ אַרטע“ אויך אונטער די נעמען ספּאַווענטאַ, באַמבאַרדו, מאַטאַמאָרעס וכדומה. דאָס איז אַ ריטער אַ זעלבסטבעריהמער, ענליך צום טיפּ „מילעס גלאָריאָזוס“ (זעלבסטבריהמענדער סאָלדאַט) פון דער קאָמעדיע „פּלויטאַ“. „ווען ער האָט אויפגעהויבען זיין שווערד, האָט די גאַנצע וועלט אַ ציטער געטהון, דאַגעגען אָבער האָט דער דאָזיגער העלד נור בעמערקט (אַנ׳אמת׳ן גענער, האָבען די פיס ביי איהם אויס מורא גענומען ציטערן... ליעבעס־ראָמאַנסען האָט ער אין די טויזענדער. אין הלכות אבילה איז ער גאָר אַ זעלטענער בריה“, — אָט איז די כאַראַקטעריסטיק, וואָס ס׳שרייבט וועגען איהם כלענדראָווסקי („רוים“, געשטאַלטען פון דער באַראָנען־צייט).

אָט די אַלע שטריכען פינ׳ם זיך זעלבסטריהמענדען ריטער לאָזען זיך גלייך געפינען אין אונזערע זינג־שפּיעלען, ווי גלית, פּרעה, אשמדאי, המן. ווען גלית טרעט־אַרויס מיט זיין שווערד, גיט די וועלט אַ ציטער:

יאָך בין איינאַ
וואַטאָ אי קיינאַ!
יאָך אָב אין מיאַ העלדישע ביינאַ
— — — — — — —
פאַ מיאַ ציטאַרין דאָס גאַנצי לאַנד

מיר וועלען דערציי נאָך צוגעבען אַזעלכע שטריכען, ווי דאָס בעריהמען זיך, אַז ער איז אַ בעל־עבירה, האָט נישט דרך־ארץ פאַר עלטערן, איז מחרף־ומגדף אויף אַלע זייטען, און ענדליך דאָס זיין אַ זולל־וסובא:

דרייסיג־פערציג פאַר אקסין
ווי איין שיטעלע לאַקשען
30—40 לעבליך ברויט
אין איין קליינע נויט..

זעלבסטפערשטענדליך, אַז דער דאָזיגער גבור איז באמת אַ שרעקליכער פּחדן, ער ציטערט זאָגאַר פאַר זיין אייגענעם קלאַפּ מיט׳ן פוס:

יאָך געב אַ טיפּאַ מיט מאַן רעכטין פוס
כאַפּט מאַך אַען קעלט אין היץ...

אַנ׳עהנליכע פיגור ווי גלית איז אויך אשמדאי פון „שלמה־המלך־שפּיעל“. אין זיין קאָמישען וידוי כאַראַקטעריזירט ער זיך אַלס אַ צדיק׳ל, וואָס האָט בסך־הכּל גאָרנישט געטהון, נישט מעהר ער האָט אָבגענאַרט טאַטע־מאַמע, גע׳גנב׳עט, געווען אַ מחרף ומגדף, געפיהרט ראָמאַנסען מיט גאַסען־פרויען און קליינשטעדטעלדיגע נקבות, געווען אַ זולל וסובא, און ביי דעם אַלעם אַ בערוהמער, וואָס מ׳זעהט גאָרנישט:

— „כ׳אַ׳ גיקאַנט בראַכן ביינער אין מעסטין בלוט אף די וואַרשין...“

איינינגע כאַראַקטעריסטישע שטריכען פון ריטער־זעלבסטבעריהמער לאָזען זיך אויך געפינען אין דער פיגור פּרעה אין „יציאת מצרים“. זעלבסטפערשטענדליך, אַז גאַנץ־לעסטערער, מאַכט זיך פאַר אַ גבור, ווען איינע פון די מכּות פערשווינדען, און ווערט צוריק ווייך ווי אַ לעמעשקע, ווי נור עס בעווייזט זיך אַ צווייטע מכּה.

צו די פיגורען, וואָס זייער מוסטער איז דער „קאַפּיטאַן“, געהער ענדליך אויך המן אין אחשורש־זינג־שפּיעל.

בעת אין דער פּאָלקסקאָמעדיע „אחשורש“ האָט המן געוויסע סימפּאַטישע

שטריכען, אלס געטרײַער מאן און פאטער (פערגלײַך די געזעגנונגס-סצענע אין דער שפיעל, געדרוקט אין יאהר 1708), איז ער אין דער זינג-שפיעל גאר אנ'אנדערער פארשוין. דא איז ער א נידערטרעכטיגער מאן, וואס וויל מאכען אנ'אטענטאט אויף אסתר'ן, א קאריערינסט, פול אמביציע, און גלײַכצײַטיג אויך א בעל-פחדן, וואס ציטערט כסדר פאר'ן טויט. ער טראגט דעם טיפישען קאסטיום פון „קאפיטאן" — „א שענע מיץ", „שטיוועל-שפארען".

דער צווײַטער סצענע-טיפ פון דער „קאמעדיא דעל' ארטע", וועלכער לאזט זיך לײַכט אויפזוכען אין אונזערע זינג-שפיעלען, איז „פ א נ ט א ל א נ ע". דאס איז אײַגענטליך א ק א מ י ש ע ר ט א ט ע, אנ'עלטערער מאן, וואס גלויבט קײַנעם נישט, אבער תמיד פאלט ער אריין.

די דאזיגע שטריכען געפינען מיר בײַ יעקב'ן אין „מכירת-יוסף-זינג-שפיעל". שוין אין דער ערשטער סצענע טרעט ער ארויס אין א קאמישער פאזע, שכור, גלויבט כלומר'שט נישט, ווען די קינדער דערצעהלען איהם וועגען טויט פון זײַן זוהן יוסף, און דאך לאזט ער זיך פון זײַ אפנארען.

פאנטאלאנע פון ווענעדיג פלעגט טײלמאל אין דער „קאמעדיא דעל' ארטע" פערוואנדעלט ווערען אין א געלעהרטען פון באלאן, אין א דאקטאר, צי א יוריסט. דעמאלט פלעגט ער ווערען א שרעקליכער פעדאנט, וועלכער האט זיך אײַנגערעדט, אז אלץ קען ער, אלץ ווײַס ער, און באמת איז דאס געווען א היפשער עם-הארץ.

אלזא, אויך אין אונזערע זינג-שפיעלען לאזט זיך געפינען דער דאזיגער תמ'עוואטער ד א ק ט א ר פ ו ן ב א ל א ן, ד א ק ט א ר-ש א ר ל א ט א ן. ער טרעט ארויס אין צווײַ אינטערמעדיומס, אין „גלית-הפלשתי" און „חכמת-שלמה". שפורען פון אנ'אינטערמעדיום מיט דעם דאקטאר-שארלאטאן אלס הויפט-פיגור האבען זיך אויך דערהאלטען אין א ווילנער וואריאנט פון אחשורוש-שפיעל. דאס דאזיגע בעווײַזען די ווערטער פון פאר-רעזשיסער:

מ'האט עם (מרדכי'ן) נישט לאנג
באנקעס צוגעשטעלט צום רוקען.

צו די פאפולערסטע מאסקעס געהערט א ר ל ע ק י ן, וועלכער פלעגט ווײַלען דעם עולם מיט אונערווארטעטע וויצען, ניבול-פה און סתם המצאה'לעך וכדומה. על פי רוב פלעגט ער ארויסטרעטען אלס דינער, פלעגט זײַן געטרײַ זײַן האר און נור דערשמע-קענדיג עפּיס נאשערײַען פלעגט ער איהם פערראטען. תאות-אכילה און גיאוף — דאס זענען זײַנע הויפט-שטריכען. אמאל איז ארלעקין געווען א כיטרער פראסטאק און דערבײַ א שרעקליכער עם-הארץ. ערשט אין דער צווײַטער העלפט פון 17-טען יאהר-הונדערט האט אײַנער פון די גרויסע ארטיסטען פון „קאמעדיע דעל' ארטע" דאמעניקא ביאנקאלעטי געמאכט פון איהם א פערזאן, וואס איז בעהאווענט אין דער וועלט, א ציניקער, עזות-פנים, כיטרער פראנט און א פעררעטער. זײַן פאלשקײַט בעהאלט ער אונטער דער מאסקע פון נאאיוויטעט, וואס די איטאליענער פלעגען רופען „גאפאדישינא". צום סוף 17-טען יאהרהונדערט האט זיך דער אלטער ארלעקין צוגעגעסען דעם עולם; אין דער מאדע האט אנגעהויבען ארײַנגעהן „פעדראלינא" („פיעראט"), אדער לע סקאפין, פון מאליער'ס טעאטער, — און אויך אין דײַטשלאנד איז ער אזוי פער'מיאוס'ט געווארען, אז מען האט איהם אינגאנצען פערטריבען פון דער סצענע.

אלזא, אויך אין אונזערע פורים-שפיעלען קאן מען נאכשפירען די גאנצע אננע-צײַכענטע ענטוויקלונגס-ליניע פונ'ם טיפ א ר ל ע ק י ן.

די עלטסטע שטריכע פון אַרלעקין האָבען זיך דערהאַלטען אין דער פיגור פון שטן, וואָס טרעט־אַרויס אין אַן אינטערמעדיום פון „עקדת יצחק“. די „גאַבאַרזשינאַ“ פון אונזער שטן בעשטעהט אין דעם, וואָס אום אַראָבצופירען אבֿרהם אבינו פון דרך־הישר פערשטעלט ער זיך „פאַר אַ שוואַרצען מאַן און פאַר אַ ווייסען כֹהן“, אדער פערשטעלט זיך פאַר אַ הונד, און בכלל מאַכט ער דעם אַניסטעל פון אַ זעהר אומגליק־ליך בעשעפעניש: „ס'איז נישט גיקומען קיין ביסין אין מיינע אויגין קיין שלאָף אין מיין מויל“. זעהענדיג, אַז אויך דערמיט קאָן ער אברהמ'ן נישט פערפיהרען, פער־שטעלט ער זיך פאַר אַ „שלייפער“ און פלוידערט גלאַט אין דער וועלט אַריין, נישט געשטויגען, נישט געפלויגען, וואָס ווייזט זיין עם־הארצות און ציניזם: „די תקופה גיפאַלט 3 טעג אין ראש חודש תמוז, דעמאָלט אין גרויסי היצין און גרויסי בליצין אין גרויסי גליטשין. עס זענען אַרויסגיגאַנגען צווייא יונגע מיידלעך, איינס פון 70 יאָהר און איינס פון 80 יאָהר אין גיפאַלען און זיך צוברָאָכין אַ ביין איבער... “

ווייטערע שפורען פון אַרלעקין געפינען מיר אין אַ וואַריאַנט פון „אַגג־שפיעל“. דאָ איז פאַראַן אַזאַ סצענע: דער דינער מעלדעט שאול'ן, אַז די אַרמעע, וואָס דאַרף זיך שלאָגען מיט'ן שונא, איז שוין איבערגעצעהלט. שאול מאַכט אַ „סמאַטר“, און דער דינער־אַרלעקין מאַכט־נאָך אין חוזק זיין האַר דעם מלך און ווענדעט זיך צו די סאָל־דאַטען מיט די ווערטער: „אַלי אין איין לענג! וועט עץ קריגין אַ גוטי קרענק!“

אַם מייסטען אינטערעסאַנט זענען די שפורען פון אַרלעקין, וועלכע מיר געפינען אין דער פיגור „ערשטער פיעראַט“ (פאָעט) אין איינעם פון די וואַריאַנטען אין „מלך־שאול־שפיעל“. דער נישט־פעהיגער קאָמפילאַטאָר פון דאָזיגען וואַריאַנט האָט צונויפקאָמבינירט פיער אָדער מעהר מוסטערן און האָט אַריינ־געלעגט אין מויל פון „ערשטען פיעראַט“ ווערטער, וואָס ווערען אין פערשידענע מעקסטען אַרויסגעזאָגט דורך צוויי פּאַיאַצען־רעזשיסערען און צוויי אַרלעקינ'ען, פון וועלכע איינער שפיעלט די ראָליע פון אַ דינער, און דער צווייטער — פון אַ פאַסט־טרעגער. צום אַרלעקין־דינער געהערען פאָלגענדע ווערטער:

אויך בין דער באַדינער פאַן דעם הויז פאַן מיין העת.

— — — — — — — — — —

אך, דו ליובע, דו ליובע מיין,
ניט מיר נאָר אַהער דעם גוטען אונגאַר ווײן!
א דא אין דערזעלבער פלאַשע האָב איך גישיקט נאָך ביריש ווײן.
אך, דו ליובע, דו ליובע מיין!
א דאָ אין דערזעלבער פלאַשע האָב איך גישיקט נאָך ביריש ווײן,
יעצט מאַכע איך מיט דער פלאַשע שלינגען־שלאַנגען
איך שליפע אין מאל אַריין!

מיר זעהען דאָ דעם אַרלעקין־דינער, ווי ער נוצט־אויס די אָבוועזענהייט פון זיין בעל־הבית, און ביי אַ פלאַש אונגאַר־ווײן אדער „ביריש“ לאַדט ער איין צו זיך זיין געליעבטע, זיין „ליובע“, וועלכע איז נישט קיין אַנדערע, ווי יענע לעבעדיגע „פיקאַלא, מאַ טומאַ פעפע“, דאָס פיפיגע צימער־מיידעל „קאָלאָמבינאַ“...

דער אַקטיאָר, וואָס שפיעלט די אַרלעקין־ראָליע, נוצט אויך אויס די געלעגענ־הייט, אום ווי אַמאָל די ענגלישע קאָמעדיאַנטען צו בעווייזען פערשידענע קונץ־שטיק, כישוף־מאַכעריי: „יעצט מאַכע איך מיט דער פלאַשע שלינגען־שלאַנגען“ א. אַ. וו.

אויף די ראָליע פון אַרלעקין אַלס פאַסט־טרעגער ווייזען די פאָלגענדע ווערטער פון „ערשטען פיעראַט“: „פאַן פאַסט בין איך גישיקט גיוואָרין, צו פאַר־

נעמען מײן גװער“. װי מיר זעהען, טראָגט ער אויסער ברילען אויך געװעהר, פונקט װי אַמאָל אין דער „קאָמעדיא דעל׳ אַרטע“ פלעגט דער אַרלעקין אויך אַרויסטרעטען, טראָגענדיג אַ שפּיז אין דער זײט.

מען דאַרף ענדליך אויך דערמאָהנען דעם אַרלעקין-טיפּ אין „יציאת מצרים“, װאו ער טרעט אַרויס אונטער דער מאַסקע פון רעזשיסער-פּאַיאַץ. מען קאָן איהם לײכט דערקענען אין די ציניש װערטלעך, װעלכע דער פּאַיאַץ דרש׳ענט אדאַנק דער... שלעכטער קאָמפּילאַציע פון די קאָמעדיאַנטען:

איז ער קיניג פּרעה מיט אַזאַ טראַכט
דיזער מאַן האָט נאָך ניט מאַלס...
מאָזעס האָט איהם בײ ערדען געפּאַקט
פּרעה איז געזעסען אונד...

מיר האָבען אַלזא אויפגעװיזען, אַז אין אונזערע פּורים-זינג-שפּילען און אינטערמעדיומס האָבען זיך דערהאַלטען כמעט אַלע מאַסקעס-טיפּען פון דער עמאָליגער „קאָמעדיא דעל׳ אַרטע“, װעלכע זענען פון טעאַטער פון די קאָמעדיאַנטען-קאָמפּאַניעס דורך מאָליער׳ס טעאַטער אַריבערגעגאַנגען אין די אייראָפּעאישע ליטעראַטור.

## V.

# טעכניק פון די פאָרשטעלונגען.

װען מיר בעטראַכטען דעם רעפּערטואַר פון די יודישע קאָמעדיאַנטען בנוגע דער פאָרשטעלונגס-טעכניק, בעמערקען מיר צװײ אַרטען טעכנישע פאָרשטעלונגען: א) פאָרשטעלונגען, װאָס זענען אײנגעאָרדענט געװאָרען בײ „דעקאָראַציעס אויפ׳ן װאָרט“ אין פּריװאַטע װאוינונגען אויף אַ שנעל-אימפּראָװיזירטער סצענע, װי אויך ב) פאָרשטעלונגען אין אַן׳איבערגעטראָגענעם טעאַטער, אַזוי-גערופענעם פּורים-טעאַטער.

א) פאָרשטעלונגען בײ „דעקאָראַציעס אויפ׳ן װאָרט“.

אין זײער טעכניק איז דײטליך צו בעמערקען דעם אײנפלוס פון די דײטשע „פאַסטנאַכט-שפּילע“ און הויפּטזעכליך פון טעאַטער פון האַנס זאַקס (16-טען יאָהרהונדערט). די דײטשע „פאַסטנאַכט-שפּילע“ („קאַרנאַװאַל-פּאַרסען“) האָט מען געװעהנליך פאָרגעשטעלט אין די קרעטשמעס, װעגען װעלכע אַ דײטש שפּריכװאָרט זאָגט: „װאו גאָט אַ קירכע בויט, זעצט דער טײװעל אַ װירטהויז דערנעבען“. אין אַזאַ קרעטשמע פלעגט מען אויף שנעל אימפּראָװיזירען אַ בינע, אַרויסנעהמענדיג די בענק און טישען. די אַקטיאָרען פלעגען אַרײנקומען אין קרעטשמע שוין אין די קאָסטיומען; די שפּיעל פלעגען זײ אָנהויבען געװעהנליך מיט אַ ביטע װעגען אויסהערען און ענדיגען פלעגען זײ מיט אַ געזעגנונגס-װאָרט צום פּובליקום. אַלס „ערזאַץ“ אַנשטאָט דעקאָראַציעס האָבען זײ בענוצט אַזעלכע ספּעציעלע תנועות און העוויות, װאָס האָבען געזאָלט אין פּובליקום אַרויסרופען די געהעריגע דעקאָראַציעס-אײנדריקען.

װאָס אַנבעלאַנגט דעם עצם אַרט שפּיעלען פון די דאָזיגע פאַסטנאַכט-שפּיעלער, כאַראַקטעריזירט עס י. בעמעלכאַ (דאָס דײטשע נאַציאָנאַל-טעאַטער“, 1919) אין פאָלגענדע װערטער: „אדער יעדע אײנצעלנע פיגור טרעט אַרויס בעזונדער און ערקלערט אין אַ פּאָר ווערטער איהר כאַראַקטער און װער זי איז, אדער די פאַסטנאַכט-ראָליע װערט געפיהרט דורך אַ הילפס-פיגור, אַן „אײנשרײער“, װעמענס אויפגאַבע עס איז צו כאַראַקטעריזירען יעדען פּערזאָן בעזונדער, װי עס פלעגען טהון

די העראָלדען אויף די רימער־טורנעען, „וועלכע פלעגען אַרויספיהרען יעדען רימער אויסרופענדיג זיין נאָמען, אַרט און וואָפען".

און אַט די אַלע דאָזיגע פּרטים לאָזען זיך גאַנץ דייטליך בעמערקען אין אַ ריינע פּורים־שפּילען און הויפּטזעכליך אין די לירישע דראַמען, וועלכע זענען כמעט אַלע געווען צוגעפּאַסט צו דער אימפּראָוויזירטער סצענע אָהן דעקאָראַציעס. די קאָמפּאַניע שפּילער האָט זיך געוועהנליך איהר אַנפיהרער, איהר „איינשרייער". דאָס איז דער „פּ א י אַ ץ־ק אַ ס פּ ע ר אַ ן" (אָדער פּאַיאַץ קאַספּער), וועלכער איז גלייכצייטיג אינספּיציענטי, רעזשיסער און סופלער און אין פּערזאָן. ער פיהרט אַריין די שפּילער אין די וואָוינונג, און וועלכער די פאָרשטעלונג דאַרף פאָרקומען, ער שמעלט זיי פאַר פאַר'ן עולם, בעגריסט דאָס פּובליקום, רעקלאַמירט די מעלות פון דער פּיעסע, מאַכט רוהיג און אָרדענט־איין די סצענע:

דיזע לייטע (די שפּילערס) וועלן איינן זייער שיין גנפען!
שנעליר, שנעליר לאָסן זיי אין דראַסין נישט שטיין,
שנעליר אַריין! אַריין! אַריין!

און אַט איז אויך אַ ביישפּיעל, ווי אַזוי דער פּאַיאַץ־„איינשרייער" רעקלאַמירט די פּיעסע:

„מיינע ליבע לייטע!
זייט גערוהיג, זייט געדולדיג, איינע קורצע צייטע
— — — — — — — — — —
די געשיכטע פון קעניג שאול אויסצופיהרען!
קיין לאַרעם, קיין שטאַרעם, בימע נישט צו שטערן!

שפּילמאַל טרעטען־אַרויס צוויי רעזשיסערען, איינער אַ „דרום־מאַטישער", וואָס האָט די אויפזיכט איבער דעם רעקלאַמאַציע־טייל, און דער צווייטער איז איבער דעם „אַפּערן"־טייל, איבער די געזאַנגען. מיט'ן „בערוהיגען" דאָס אַלאַרמירענדע „פּובליק" פלעגען זיך פאַרנעהמען ביידע רעזשיסערען. דער „דראַמאַטישער" רעזשיסער ווענדעט זיך צום פּובליקום אין דער הינזיכט מיט אַ פּאָר ווערטער, און דער „אַפּערע־רעזשיסער" זינגט עס אין אַ ליעדעל:

„שטיל, שטיל, שטיל!
רוישט נים ווי אין אַ מיל!
הערט אויס אַלע מיט איין גימין געפיל!"

און אַט, ווי אַזוי דער פּאַיאַץ־רעזשיסער אָרדענט־איין שנעל אַ סצענע:

„דרום אויך רוימט אויף, רוימט־אויף!
און שמייסט די שטיב צום פענסטער אַרויף!
די טיש אויף דיא בעינק
די ביכער אויף דיא שעינק! (אַ ח ש ו ר ש־ש פּ י ע ל, 1708).

אָדער.

„שטאַם, ראַם, צאַם, שמאַסין אין טיש פענסטער אַם
די אַלי ביכער פון דיזי שעינק
די אַלי טישין צו דיזי בעינק". (ע ק ד ת־י צ ח ק).

אַליין און דער פּיעסע פלעגט אַרויסטרעטען אַ כאָר, פלעגט ער זיך אויסשטעלען אין צוויי רייהען, און דאָס אַרט צווישען די ביידע רייהען האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט די סצענע. דער דאָזיגער מאָמענט ווערט לעבהאַפט אילוסטרירט אין אַ וואַריאַנט פון „עקדת־יצחק":

„דאַ (וו)עלין אַריינקומין קרייזין צוויי

אין דיזע צווײ (וו)עלין מאכין א ליארעם אין גישרײַ
ווער וועגען זײַ?
צדיק רב אברהם
דא ט' ארײַנקומען זײַנע צען-צוועלף גיבאטינע מענטשען
(וו)עלין אנהײבין צו זאגין, צו זינגען און צו בענטשען

דער פּאיאַץ רופט-אַרויס דעם אַקטיאָר, וועמענס ריִהה עס קומט אָן, קלאַפּענדיג דרײַ מאָל אין די הענד און אויסרופענדיג זײַן ראָליע:

דאָ וועט באַלד דאָ' צווייטאָ' פּאיאַץ אַרײַנקומי!
אײַנגם אין צווײַ אין דראַ

הויפּטזעכליך פלעגט עס פּאַרקומען אַהן קלאַפּען אין די הענד. עס פלעגט גענוג זײַן בלויז דאָס אויסרופען דעם נאָמען, וואָס איז פאַרבונדען מיט זײַן ראָליע:

פרינץ המן דאַרף אַרײַנקומען
אַרײַן, אַרײַן;
שפּרינג המן, דו מײַן!

דער פּאיאַץ-רעזשיסער איז אויך דער ערשטער אַקטיאָר, „פּרימוס אינטער פּאַרעס“:

„פּ א י א ץ: ווינשין זי צו ווײַסין ווער איך בין?
דער ערשטער פאַן די אַקטיערין!“ (ע ק ד ת-י צ ח ק).

ווען אין דער פּיעסע פלעגען אַרויסטרעטען צווײ פּאיאַצען-רעזשיסערען, האָט דער „פּראָלאָג“, דער „פאָרשפּיעל“ געהערט צום „דראַמאַטישען“ רעזשיסער, וועלכער פלעגט דאַן הייסען „ערשטער איאַץ“, אָדער „גרויס-פּאיאַץ“. דאַגעגען דער צווייטער פּאיאַץ, אויב ער איז גור נישט געווען דער דיריגענט פון כאָר, פלעגט געוועהנליך שפּיעלען די קלענערע ראָליע פון א דינער אָדער „לויפער“ און אַזוי-אַרום געהאַט די אויפזיכט איבער דער אָרדנונג פון דעם גאַנצען סצענע-אַפּאַראַט. אַלס בײַשפּיעל דערצו קאָן דינען אַ וואַריאַנט פון גלית-שפּיעל, אין וועלכען דער לויפער טרעט-אַרויס אַלס געהילף פון פּאיאַץ:

פּ א י א ץ: אַרײַן, אַרײַן,
הערין לאַפער, דינער דו מײַן!

נאָך בולט'ער ווערט אַנגעוויזען די ראָליע פון לויפער אין אַ וואַריאַנט פון „עקדת יצחק“:

ל אַ פ ע ר: שנאַדאַ, לאַקאַ, לאַפּאַ,
לאַס' צעך הערײַן
אמנא, אמנא
דאַ מעיאַ!

דאָס איז אײַגענטליך אַ צוקאַלעטשעטער טעקסט און עס דאַרף הייסען:

ל אַ פ ע ר: שנײַדער, לאַקײַ, לויפער, לאָזט זיך אַרײַן!

הערט נאָר, הערט נאָר די מער (פונ'ם דײַטשען: מער—ערצעהלונג).

פון דער דאָזיגער קורצער, אַזוי צו זאָגען, אויטאָביאָגראַפיע פון לויפער זעהען מיר, אַז דער אַקטיאָר, וואָס פלעגט שפּיעלען די דאָזיגע ראָליע, האָט אויך אויסגעפיהרט די ראָליע פון אַ לאַקײַ און אַ שנײַדער (אָדער איז מעגליך געווען אַלײַן אַ שנײַדער).

בײַ דער דאָזיגער געלעגענהײַט דאַרף מען אויך בעמערקען, אַז אונזער לויפער ענטשפּרעכט אינגאַנצען די „פּאַרלויפערס“, וואָס ערפילען אין די „פאַסטנאַכט-שפּיעלע“ די ראָליע פון „אײַנשרײַער“. גאַנץ אָפט טרעט ער אויך אַרויס אין אונזערע

פורים־שפּילען אין אַ זעלבשטענדיגער ראָליע. דאָס געשיהט געוועהנליך, ווען איי־נער פון די פּורים־שפּילער ווערט קראַנק אָדער קאָן צוליעב אַנ'אַנדער סבה ניש אנטייל־נעהמען אין דער שפּיעל און דאַן פערטרעט „דער ערשטער פון די אַקטיארען" זיין ראָליע (אַזוי, למשל, קאָן מען בעמערקען אין אַ וואַריאַנט פון אחשורש־שפּיעל, ווי דער פּאַיאַץ פערטרעט די ראָליע פון אחשורש און גיט־איבער די רעזשי דעם כאָר, אָדער דעם כאָר־קענצלער).

איינדער אַ פיגור בעווייזט זיך אויף דער סצענע, גיט דער רעזשיסער וועגען איהר אַ קורצע כאַראַקטעריסטיק; טיילמאָל איז דאָס דאָך ניש געניג, און דער אַקטיאָר זעלבסט, בעווייזענדיג זיך פאַר'ן „פּובליק", ערקלערט זיין ראָליע נאָכאַמאָל. אַזוי, למשל, אין ווילנער וואַריאַנט פון „אחשורש־שפּיעל" זעהען מיר, ווי דער אַקטיאָר, וואָס שטעלט־פאָר דעם מלך אחשורש, הויבט־אָן זיין ראָליע מיט פאָלגענדע ווערטער:

אחשורש: א גוט ג'אבענד, א היל־טריי־ג'אבענד,
צום העך קוואַרטירען!
דען איר זאָלט וויסען
איך בין הער אחשורש!

אין אַ וואַריאַנט פון גלית־שפּיעל, ווען דער רעזשיסער זאָגט־אָן, אַז גלית־הפּלשתי גיט־אַריין, כאַראַקטעריזירט ער איהם אין פאָלגענדע ווערטער:

הואָך איז (ער) ווי המן
גלית הייסט זיין נאָמען
גלאָך עס' א נאָמען
שטרייט אף זאָן נאָמען!

נאָך די דאָזיגע ווערטער קומט אריין דער אַקטיאָר, וואָס שפּיעלט די ראָליע פון גלית, און ערקלערט נאָכאַמאָל זיין עבודה:

יאָך בין גלית, דעיא גרויסא העלד
פאַ' מיא עס ציטערען די גאַנצע וועלט א. א. וו.

עהנליכע ביישפּיעלען זאָלט מען געקאָנט ציטירען זעהר פיעל.

עס איז כדאי צו בעמערקען, אַז אויך דער מנהג אַרויסצופיהרען אויף דער סצענע פיגורען, וועלכע זאָלען זעלבסט ערקלערען זייער ראָליע פאַר'ן פּובליקום, איז איינגעפיהרט געווען ביי די ענגלישע שפּיעלער, ווי אויך אין דער איטאַליענישער „קאָמעדיא דעל' אַרטע".

פון די דאָזיגע קוועלען שטאַמט אויך דער מנהג אין אונזערע פּורים־שפּיעלען, וואָס יעדער אַקטיאָר נאָכ'ן אָבשפּיעלען זיין ראָליע געזעגענט זיך מיט'ן פּובליקום. אַזוי, צום ביישפּיעל, אין אַ וואַריאַנט פון אחשורש־שפּיעל (געדרוקט אין טשערנאָוויץ, 1863), נאָכדעם ווי המן שפּיעלט־אָב זיין ראָליע, געזעגענט ער זיך מיט פאָלגענדע ווערטער:

יעצט מוז איך ווערדען פון דער וועלט גיבראַכט
דרום הערין אונד פערשטיין: איין גוטע נאַכט!

עהנליך ענדיגט אויך איהר ראָליע ושתי אין פראַגמענט אחשורש־שפּיעל, פער־עפענטליכט דורך נ. פּרילוצקי (יודישע פאָלקס־לידער I ז. 133):

אונד אַלע פערשטין אַ גוטע נאַכט!

נאָכ'ן ענדיגען די שפּיעל שטעלען־זיך די שפּיעלער, זייערע ביימעלעך און בעזעמען הצנאַרעם:

דא שטעלען מיר אויף ראָש ביימלען
איין פאַר דוצענט דוקאַטען צי שנסן דרייען

אײן פּאָר הױזען דוכט מיר װער צו פיל

אײן פּאָר הױזען מאַלר איז דער ציל (אחשורוש=שפּיעל, 1708).

ענליך ענדיגט זיך אויך דאס שלמה=אשמדאי=שפּיעל מיט'ן אַפּעל פון באַר:

יעצונד בעל הבית

געט אונז שכר

(װ)עט אײך גאָט געבען אַ גליקליך יאָר

און אַלדים גיט דאַפאַ

אַ פּאָר װערטער מוזען מיר אויך זאָגען װעגען דער דעקאָראַציע, װעלכע איז זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר דער פאָרם פון סצענע=פאָרשטעלונגען, װאָס מיר בעהאַנדלען דאָ.

פונקט װי דאָס אַמאָליגע דײַטשע טעאַטער פון האַנס זאַקס, בּלעגט אויך אונזער פאָרשטעלונג פאָרקומען בײַ „דעקאָראַציעס אויפ'ן װאָרט". אין די פורים=שפּיעלען האָט מען זיך געװעהנליך געהאַלטען בײַם פּרינציפּ פון „אײנהײַט פון אָרט", אַלע געשעהענישען זענען פאָרגעקומען אויף אײן פּלאַץ, און מחמת דעם איז גענוג, װען מ'האָט פאַר'ן פּובליקום מיט װערטער „ערקלערט", אַז דאָס אָרט איז אַזעלכעס און אַזעלכעס. אַזױ, למשל, אין חכמת=שלמה „ערקלערט" דער פּאַיאַץ=רעזשיסער, אַז די אַקציע קומט=פאָר אין טראָהן=זאַל, און, אַרײַנפיהרענדיג שלמה המלך, זאָגט ער אַן:

דאָ עס באַלד אַראַקומן שלמה המלך

זיא ע'צעך זעצן אַף די קיניגליכן טראָין.

זעלבסטפאַרשטענדליך, יענע „קיניגליכע טראָין" איז זיך אַ גאַנץ געװעהנליכער שטוהל, אַרום װעלכען דער באַר שטעלט זיך אַרום אין צװײ רײַהען, אין אײן רײַה „יעדנעראַלען" און אין דער צװײטער רײַה „סאָלדאַטען". דאָסזעלבע איז אין גלית=שפּיעל, װאו די אַקציע דאַרף פאָרקומען נעבען די טריאומף=בויגענס, װאָס מ'האָט אויפגעשטעלט לכבוד שאול=המלך. די אַקטיאָרען געבען זיך דאָ אַזאַ עצה: דער באַר „יעדנעראַלען" שטעלט זיך אויס אין צװײ רײַהען און קרײַצען זײַערע שװערדען:

יעדנעראַלין: שפּאַנען מיר, שפּאַנען מיר טירין, טױרין, טירין!

ברענגין מיר, ברענגין מיר אין קעניג שאול אַרײַנציפירין!

אויף אַן'עהנליכען אופן, נעמליך — דורך קרײַצען די שװערדען פלעגט מען אויך פאָרשטעלען די תליה, אויף װעלכער מ'האָט המנ'ען אויפגעהאַנגען. דאָס אָבהאַקען דעם קאָפּ דער מלכה ושתי קומט=פאָר אויך אַ ביסעל „אַלעגאָריש", נעמליך — דער תלין װאַרפט אַרויף אויף איהר קאָפּ אַ הײטעל און װאַרפט איהר דאַן אום אויף דער ערד. מרדכי פאָהרט אַרויף אויף דער סצענע אויף אַ „פערד", „צוזאַמענגעפּלאָנטען" פון צװײ שפּיעלער אָדער זײַטיגע מענשען.

אויב די אַקציע קומט=פאָר אין פאַרשידענע ערטער, פלעגט דאַן דער פּאַיאַץ=רעזשיסער, פאַר יעדער אָרט=ענדערונג, אַרױסטרעטען און „זאָגען די דעקאָראַציע". אַזױ, למשל, זאָגט אָן דער פּאַיאַץ אין יוסף=שפּיעל: „די ברידער זענען אין מצרים", ד. ה. דאָס פּובליקום דאַרף יעצט אין זינען האָבען מצרים; אָדער „די ברידער אַף דעם װעג", אָדער „[illegible] אין דער הײם", „שמעון ולוי אין תפיסה" א. א. װ.

אין דער [illegible] אונזער פורים=שפּיעל געװען אונטער צװײ אײַנפלוסען: פון אַלטען דײַטשען [illegible] פון האַנס זאַקס, און פון נישט מעהר און נישט װעניגער װי שעקספּיר'ס טעאַטער, װאו עס זענען אויך קײן דעקאָראַציעס נישט געװען...

ב) אונ'ס װאַנדערנדיגע פורים=טעאַטער.

אויף דער מעבניק פון די פאָרשטעלונגען אין פורים=טעאַטער האָבען אונבערגע

לאָזט פּוילט׳ע שפּורען די אײַנפלוסען פון די איטאַליענישע און ענגלישע קאָמעדיאַנטען.

ווי אַזוי מען פלעגט רעקלאַמירען די פאָרשטעלונגען אין פּורים־טעאַטער גיט אונז איבער אַ געוויסע ווערטפולע נאָטיץ, וואָס האָט זיך דערהאַלטען פון אָנהויב 19־טען יאָהרהונדערט: דעם פאַקט אין דער דאָזיגער נאָטיץ, קאָן מען בעטראַכטען אַלס רעמינעסצענץ, אַלס נשאר פון די אַמאָליגע מנהגים, און מחמת דעם קאָן מען עס אָנווענדען אויך פאַר די אַלטע צײַטען, וואָס ווערען דאָ בעהאַנדעלט. מיר לעזען נעמליך בײַ ק. עסטרײַכער („טעאַטער קראַקאָווסקי“), אַז אין יאָהר 1834 איז געקומען קײן קראָקאָ אַ פּורים־טעאַטער און אַז די יודישע קאָמעדיאַנטען „האָבען דאָן נישט רעקלאַמירט די פאָרשטעלונגען דורך אַפישען, נאָר זענען, פאַרשטעלט אין קאָסטיומען, אַרומגעפאָהרען אויף פערד און זאָטלען אַרום די געסלעך פון געטאָ און אַנאָנסירט די פאָרשטעלונגען“.

מען מוז מודה זײַן, אונזערע דאָזיגע קאָמעדיאַנטען זענען געווען געטרײַע תלמידים פון די איטאַליענישע און ענגלישע קאָמעדיאַנטען. וועגען די ענגלישע קאָמעדיאַנטען איז בעוואוסט, אַז „בײַם שאַלען פון טרומייטען פלעגען זיי ציהען דורך די שטאָדט אַהין און אַהער און רופען דאָס פאָלק צום פלײַסיגען בעזוך“ (קרייצענאַך). וואָס אַנבעלאַנגט ווידער די איטאַליענישע קאָמעדיאַנטען, פלעגען אויך זיי אַנאָנסירען זייערע פאָרשטעלונגען מיט אַ נישט־קלענערן אַליאַרם: דער פאַקסינאַ פון דער טעאַטער־קאָמפּאַניע פלעגט אַרומגעהן די הויפּט־גאַסען און פויקענדיג האָט ער מודיע געווען בפני כל עם ועדה: „סיגנאָרי קאָמיקי סאָנאָ אַריוואַטי!“ — „די הערען קאָמיקער זענען געקומען צופאָהרען!“ באַלד דערנאָך האָבען זיך בעוויזען די „הערען קאָמיקער“ בכבודם ובעצמם אין די בגדים פון אַרלעקינ׳ס און פּולישינעלעס מיט פּויקען און גרעגערס און אָנגעמאַכט מיט די דאָזיגע אינסטרומענטען אַ טומעל, ווי אין אַ גיהנם (ק. בלענדאָווסקי: „רוים“).

פּונקט ווי די אַמאָליגע איטאַליענישע שפּיעלער, האָבען אויך אונזערע יודישע קאָמעדיאַנטען ליעב געהאַט צו בעווײַזען אויף די פאָרשטעלונגען עפּיס אויסערגעוועהנליכע קונצען; זיי פלעגען דערײַבער מיטפיהרען מיט זיך פערשיעדענע סצענע־מאַשינעריעס און כלים. וועגען טעאַטער פון בערמאַן פון לימבורג (1708—1714) ערצעהלט שודט, אַז „די יודען, וואָס האָבען דאָס טעאַטער בעזוכט קאָנען זיך נישט גענוג אָנדערצעהלען וועגען די חדושים, וועלכע מען האָט דערבײַ געזעהן, ווי — פײַער, הימעל, דונער און אַלערליי וואונדערליכע זאַכען“. עס איז דערײַבער טאַקע קיין וואונדער נישט, וואָס דער עולם איז געלאָפען אין דאָזיגען טעאַטער מאַסענווייז, אַזוי אַז — לויט דער ערצעהלונג פון אונזער פראַנקפורטער שרײַבער — „האָט מען אַוועקגעשטעלט בײַ דער טהיר פון הויז צוויי סאָלדאַטען, אום אָבצוהאַלטען דעם גרויסען געלויף“. שודט דערמאָהנט אַפילו נישט, אַז בערמאַנ׳ס טעאַטער זאָל האָבען געהאַט מיט זיך אַ קאַפּעליע; אָבער מען קאָן זיך משער זײַן, אַז אויך אַזאַ קאַפּעליע איז דאָרט געווען. דאָס בעווײַזען טייל שטעלען אין די פּיעסע־טעקסטען, וועלכע בערמאַנ׳ס קאָמפּאַניע האָט אויפגעפיהרט אין פראַנקפורט. אַזוי, למשל, האָט אין „מכירת יוסף“ סרח בת אשר געזונגען אַ ליעד וועגען צוריקגעפינען יוסף׳ן, און דערבײַ האָט זי צוגעשפּילט אויף קלאַוויקאָרדען (קלאַוויקאָרדעו?). ווידער אין אחשורוש־שפּיעל (1708) געפינען מיר אין דער סצענע פאַר דעם ערשטען אַרויס־טריט פון אחשורוש אַן אַפּעל צו די מוזיקאַנטען, אַז זיי זאָלען אָבשפּיעלען אַ בעגריסונגס־„מאַרש“. אויך אין דער הינזיכט האָט אונזער פּורים־טעאַטער געהאַט

פאַר זיך אַלס מוסטער די ענגלישע קאָמעדיאַנטען, וואָס האָבען די ערשטע איינגע־פיהרט אין זייערע פיעסען די בעגריסונגס־געזאַנגען (קריינצענאַר).

פון די ענגלישע קאָמעדיאַנטען האָבען אונזערע קאָמעדיאַנטען אויך איבערגענו־מען דעם מנהג דורכצופלעכטען די דעקלאַמאַציע־פיעסען מיט געזאַנג; צאָהלרייכע ביישפיעלען דערצו געפינען מיר אין ביידע פיעסען אין רעפערטואַר פון בערמאַן פון לימבורג, איבערגעדרוקט ביי שודט.

צו דעמזעלבען געביט פון ענגלישע איינפלוסען געהערט ענדליך אויך די טעכניק, מיט וועלכער עס האָט זיך בענוצט דאָס פורים־טעאַטער ביים אַרויספיהרען אויף דער סצענע די „מאַסע“, דעם „המון מענשען“. זעהר זעלטען פלעגט דער דאָזיגער „המון“ בעשטעהן מעהר ווי פון פיער פערזאָן. אין אגג־שפיעל מאַרשירט פאַרביי פאַר'ן קעניג שאול זיין אַרמעע, וואָס בעשטעהט פון... צוויי זעלנער. די סוויטע פון מלך שאול אין „גלית־שפיעל“, וועלכע מען האָט — ווי מיר וויסען פון שודט'ס ערצעהלונגען — פאַרגעשטעלט אין בערמאַן'ס טעאַטער, איז בעשטאַנען בסך־הכל פון פיער „יעדנעראַלען“.

דיזעלבע טעכניק ביים פאַרשטעלען „מאַסען“ געפינען מיר אויך אין טעאַטער פון האַנס זאַקס, אין וועלכען די קעניגליכע סוויטע פלעגט בעשטעהן פון צוויי טראַבאַנטען אָדער צוויי יועצים, און אַ „שליאַכט“ פלעגט געפיהרט ווערען דורך „אַרמעען“, וואָס זענען בעשטאַנען בסך־הכל פון צוויי, העכסטענס דריי סאָלדאַטען. עהנליך איז אויך געוועזען אין די ענגלישע וואַנדערנדע טעאַטערס, וואו די גאַנצע קאָמפּאַניע פלעגט בעשטעהן ארום־און־אַרום פון אַ 10—18 אַקטיאָרען און זיי האָבען דעריבער נישט געקאָנט זיך פערגינען אַריינצופיהרען גרעסערע כאָרען, אָדער „מאַסען“.

וואָס אנבעלאַנגט דער טעכניק פון די דיאַלאָגען, וואָס פלעגען געהאַלטען ווערען דורכ'ן כאָר אין די פיעסען אין רעפערטואַר פון די יודישע קאָמעדיאַנטען, קאָן מען זיי גיכער כאַראַקטעריזירען אַלס רעציטאַטיוו־מוזיקאַלישע איידער אַלס דראַמאַטישע, און זיי האָבען זיך געבילדעט אונטער'ן איינפלוס פון די איטאַליענישע „זינג־שפיעלען“ אָדער אָפּערען, וועלכע מען האָט פאַרגעשטעלט אין די הויף־טעאַטערס אין 17־טען און 18־טען יאָהרהונדערט.

די „מאַסע“, אָדער דער „כאָר“ האָט נישט אין אונזערע פיעסען דיזעלבע בעדייטונג, וואָס אין דער דראַמע אין אַלטערטום. ד. ה. די מאַסע, שטעהט נישט איבער דער דראַמע, איבער דער אַקציע, אַלס שופט, אַלס רעזאָנער, נאָר זי דיענט אַלס הינטער־גרונד פאַר די אַרויסטרעטענדע העלדען. אין דער דאָזיגער הינזיכט שטעהען אונזערע קאָמעדיאַנטען נאָהענט צום טעאַטער פון שעקספיר.

# .VI

# דאָס שפּיעלען און די קאָסטיומען פון די יודישע קאָמעדיאַנטען.

כדי זיך צו שאַפען אַ בילד, ווי אַזוי עס האָט אויסגעזעהן דאָס שפיעלען פון די יודישע קאָמעדיאַנטען, בעזיצען מיר אייגענטליך נישט קיין מאַטעריאַל, אָבער דאָס דאָזיגע ביסעל איז גענוג, אום פעסטצושטעלען די אַממייסטען כאַראַקטעריסטישע שטריכען. אים אַלגעמיין קאָן מען זאָגען, אַז אויך דאָס אַרט שפיעלען פון אונזערע קאָמעדיאַנטען האָט זיך געפונען אונטער אַ שטאַרקען איינפלוס פון די ענגלישע שפיעלער, וועגען וועלכע פ. גרענאַרי גיט פאָלגענדע טרעפענדע און אונהאַלטספולע כאַראַקטעריסטיק: „זיי האָבען זיך בעמיהט קודם־כל צו געפעלען ווערען די גראָבע צוהערער, וועלכע האָבען בעזוכט זייער בודע, און אַזוי־אַרום האָבען זיי

איינער דעם צווייטען געלערנט, ווי אַזוי צו ווירקען, נעמליך — דורך ברומען, קריצען מיט די ציינער, בריה׳נען זיך דורך אַרויסחאַפּען דאָס שווערד, כּלומר׳שט צוקאַלעמישען זיך ביז בלוט און דורך גראָבע קאָמישע ווּיצען״.

און אָט זענען דאָ איינציגע ציטאַטען פון די פּורים־שפּילען, וואו מיר טרעפען זיך אָן אויף די אַלע מאָמענטען:

אין ווילנער וואַריאַנט פון אחשורוש־שפּיעל קומט־אַרויף המן אויף דער סצענע „מיט קוראַזש״. אין וואַריאַנט פון יאָהר 1708 זינגט ער אַזוי הויך, אַז עס ציטערט דאָס קופּערנע געשיר, וואָס הענגט אויף די ווענד אין דער וואוינונג, וואו עס קומט־פאָר די פאָרשטעלונג. אין אַ פראַגמענט פון דערזעלבער פּיעסע (פּערעפענטליכט דורך נ. פּרילוצקי) געהט־צו ושתּי צום קעניג „מיט אַ קליינעם טריט״, דאַגעגען איהר בּיטע פאַר׳ן קעניג רעדט זי אַרויס „מיט אַ גרויס ביטאַ׳ געשריי...״ די מכשפה אין גלית־שפּיעל פיהרט־אויס איהר ראָליע מיט אַ קווישטשעדיגער שטים. גלית ווייזט אַרויס זיינע גבורות, מאַכענדיג אין דער לופטען מיט׳ן שווערד, ריופענדיג מיט די פיס און מאַכענדיג געוואַלטיגע קולות:

לאַפּער: גלית איז זיין נאָמען
די גאַנצע וועלט טוט ציטערן
פאַר זיין שרייען און ברימען.
גלית (קומט אַריין, נעהמט אַרויס זיין שווערד):
איך געב אַ טופּא מיט מיין פיס
געהט אַ דינער מיט אַ בליץ
איך געב אַ וואָרף מיט מיין רעכטער האַנט
פאַר מיר מאָז ציטערין דאָס גאַנצע לאַנד.

דער פּאַיאַץ־פּיעראָט האָט זעהר פלינקע בעוועגונגען און מיט זיין קאָסטיום מאַכט ער פערשידענע שפּאַסען; טיילמאָל בעווייזט ער אויך שטיקעס פון קונצענמאַכער.

אַ מערקווירדיגע אילוסטראַציע, ווי אַזוי עס האָט אויסגעזעהן די כאַראַקטע־ריזירונג ביי אונזערע אַקטיאָרען, גיט אונז די אין גראַם געשריבענע סצענע־בעמערקונג וועגען אסתּר המלכּה אין אחשורוש־שפּיעל (פּערעפענטליכט דורך נ. פּרילוצקי אין זיינע פאָלקס־לידער):

די שיינע אסתּר האָט זיך גימאַכט פאַרטיג און גרייט
זי האָט זיך גיפאַרבט די באַקען, זיי זאָלען זיין רויט.

צו דעם לעבהאַפטען זשעסטיקולירען און דעם פרימיטיווען כאַראַקטעריזירען־זיך איז אויך צוגעקומען דער קאָסטיום. ווי אַזוי עס האָבען אויסגעזעהן די קאָסטיומען פון אונזערע קאָמעדיאַנטען, ווייזען אונז פאָלגענדע פאַר ציטאַטען לויט די טעקסטען פון נ. פּרילוצקי׳ס פּערעפענטליכונגען:

דער פּאַיאַץ איז געווען אָנגעטהון אין די בגדים פון אַנ׳אַרלעקין, אויפ׳ן קאָפּ האָט ער געטראָגען אַ הויכען הוט מיט אַ לאַנגען שפּיץ, ווי אַ הימעל־צוקער, און דער קאָסטיום זיינער איז געווען גענוג קאָמיש:

פּאַיאַץ: איך בין פּאַיאַץ—קאַצפּער (אַ)ליינט
אזוי אַ דיק אזוי אַ ברייט!
באַטראַכט נאָר מיר מאַגי [illegible]ציצע
און הינטען ברייט, אונד אויווען שפּיצע!

דער קעניג טראָגט אַ קרוין פון פּאַפּיר, שלמה־המלך האָט נאָך אויך אַ רינג אויפ׳ן

פינגער. שאול דעמאנסטרירט זיין „מאיעסטעט" דערמיט, וואס ער טראגט א „גאלדענעם" בראסלעט, און אויפ'ן האריז — אנשטאט דער קעניגליכער קרוין — א... גאלדענעם זיינעריל (אן־אמת'ער פורים'דיגער אנאכראניזם!).

יעדנערעלין: ברענגען מיר און קעניג שאול ארייצופירן

אף זיינעם האנט
א גאלדענע באנג
אף זיינעם הארצען
א גאלדענע האער.

אשמדאי בעוויזט זיך מיט א קיים אויף די פליייצעס. דער שטן און עקרת־יצחק טרעט־ארוים טיילמאל אין א מאסקע „פון א שווארצין מאן", טיילמאל אלס א „וואסער־מאן".

אין די אחשורוש־זינג־שפילען טרעט ארוים מרדכי אלס שדכן און איז כאראקטעריזירט ווי:

א שלעפער א בעטלער
א פאטרעט אויף צי קוקען
א הארב אויפ'ן רוקען.

אסתר, ווענען ער שדכנ'ט דעם קעניג, קומט ארוין אין „צודישפענע שיך" און טראגט:

„שפרייענע הויזען
מיט דראט בעצויגען".

גלית טראגט אויף דער ברוסט „איין פאנצער פאן קופער און פאן אייזין". דוד איז אנגעטהון ווי א פאסטוך און האלט א פעפעריל אין דער האנד. די מדינים אין מכירת־יוסף געהען אנגעטהון ווי די „טערקען".

די קאמישע פיגורען אין די אינטערמעדיומס פרעזענטירען זיך אויף באלגענדער ארט:

דער דאקטאר־שארלאטאן טראגט ברילען און האלט... באנקעס אדער עפים רעצעפטען־פלעשעלעך. דער רב פאהרט ארוין רייטענדיג אויף א באק, און זיין שמיש איז, לויט איינער פון די סצענע־בעמערקונגען: „א יוד מיט א לאנגער באהרד, אין הויך ספיצעטען היטל, א קאפיטי מיט א גארטל, א רויטי פאטשיילי הינטען".

פיקעלהערינג טראגט זיך זיין טראדיציאנעלען גאנג, ווי מיר טרעפען איהם אין די טעאטערלעך פון די ענגלישע קאמעדיאנטען, דהיינו: א מיליטערישען מונדיר, א זעהר ברייטע „האלז־קרויזע" אויפ'ן האלז, ברייטע הויזען, קליינע שיכעלעך, א מיליטער קאפעלוש מיט צוויי זעהר לאנגע פעדערן און ענדליך מיט א באגנעט אין דער זייט.

* *
*

פרימיטיוו איז געווען די בוהנע־קונסט פון די יידישע קאמעדיאנטען, נאך ווייטער פון דעם, אז די אינדיווידואליטעט זאל דא האבען געקאנט קומען צום ווארט. די מאסקע, די גרייטע פיגור, דער טיפ הערשט דא אויף דער גאנצער ליניע.

אין דער צייט, ווען אין אייראפעאישען טעאטער האט שוין אין 18־טען יאהרהונדערט געהילכט דער קאמף־לאזונג: „אוועק מיט די מאסקעס! צום אינדיווידואום!" — האט די יידישע טעאטער־קונסט נאך אין משך פון גאנצען 19־טען יאהרהונדערט געטראגען דעם אמאליגען כאראקטער.

גישט געענדערט האט זי איהר פרצוף זאגאר דעמאלט, ווען גאלדפאדען האט

געשאַפען שטענדיגע יודישע טעאַטערס, און אויך זאָגאַר נישט דאָ, ווען גאָרדין האָט זיך בעמיהט אנצוקניפען דעם קאָנטאַקט מיט די קלאַסיקער פון איראָפּעאישען טעאַטער. ערשט אין די לעצטע צוויי יאָהר־צעהנדליג זענען אין דער הינזיכט פאַר־געקומען גרינדליכע ענדערונגען. און דעריבער טאַקע, ביים שרייבען די דאָזיגע אבהאַנדלונג, האָבען מיר געהאַט דעם איינדרוק, ווי מיר וואָלטען געזאָגט קדיש נאָך עפּוואָס, וואָס איז שוין אויף איביג אַוועק אויפ'ן עולם־האמת...



ה. ל. זשיטניצקי,

# אַ קינד.

אַ שפּעטע צײַט נאָכ'ן האָבן דאָס קינד איז די מוטער געלעגן אין אַ גליקליכער, טרוימהאַפטער פערגעסענהײט. די הייבאַם איז שוין געווען אַוועק, די יודענעס, וואָס האָבען נישט פערלאָזט זייער שכנ'טע אויף אַ אײנציגער מינוט, זענען אויך שוין געווען אַוועק; דאָס געריידער, וואָס דאָס קינד האָט אָנגעמאַכט מיט זײַן קומען אויף דער וועלט, די געשרייען פון דער געווינערין, דער טומעל, דאָס געלויף — אַלין האָט זיך אײַנגעשטילט מיט'ן אָנקומען פון'ם פריהמאָרגען. און די גרויסע שטראַהלען פון דעם נײַ־ערוואַכטען טאָג, וואָס זענען קוים מיט צרות אַרײַנגעדרונגען דורך די צווײ נידריגע, בלינדע פערפרוירענע פענסטער, האָבן דאָ אָנגעטראָגען אַ פערגליווערטע רוהיגקײט, אַ רוהיגקײט אַ בענגליכע, וועלכע דערמאַהנט אָן אַן אײַנגעדרימעלטען שמערץ.

אַ חוץ דער מוטער מיט דעם נײַ־געבוירענעם קינד זענען אין דער דאָזיגער גרויסער שטוב געווען נאָך צוויי מענשען. דאָס זענען געווען דער פיער־יעהריגער בן־ציון און זײַן יינגערע שוועסטער, די דרײַ־יעהריגע צפּרה. זיי זענען געשלאָפען. זיי האָבן געחראָפּעט ווי צוויי אַלטע, פעסט זיך צוגעטוליעט אײנער צום אַנדערן און זיך אַרומגעקלאַמערט אין אַ הייסער, ברידערליכער אומאַרמונג. דער קלײנער בן־ציון האָט פעסט אַרומגעהאַלטען די שוועסטער בײַ דער ברוסט, און די קלײנע צפּרה האָט פערוואָרפען איהרע הענטלעך אַרום דעם האַלז פון'ם קלײנעם בן־ציון. זייערע נעז האָבן זיך בעריהרט; זייערע אָטעמס האָבן זיך אויסגעמישט, זיי האָבן אַרײַנגעחראָפּעט און אַרײַנגעפּיפען אײנער אין צווייטענס מויל אַרײַן. דאָס דאָזיגע אַרומקלאַמערן זיך, די דאָזיגע הייסע אומאַרמונג — דערמיט האָבן זיך די שלאָפענדיגע קינדער געשיצט געגען דעם גרויסען פראָסט. וואָרום דאָס בעטעל, אין וועלכען די קלײנע זענען געלעגען, איז געווען זעהר אַן אָרים בעטעל; אונטער זיך האָבן זיי געהאַט אַ שטרוי־זאַק מיט אַ ביסעל שמאַטעס, פערדומפּעצטען שטרוי, און צוקאָפּענס — אײן־אײנציג קישען, וואָס איז אַראָבגעפאַלען ערגיץ אין אַ לאָך אַרײַן; צוגעדעקט זענען זיי געווען מיט אַן אַלטער, צעריסענער, אויסגעקראַכענער פּלאַכטע. חאָטש די קלײנע האָבן זיך פעסט אַרומגעהאַלטען, דאָך האָבען זיי לײַבט געציטערט; שלאָפענדיגערהייד האָבן זיך זייערע קלײנע לײַבער ערגיץ אַרײַנגעקוועטשט, זיך ערגיץ געוואָלט אַרײַנגריטשען, ערגיץ אין אַן אָרט, וואו די גלידער וועלען זיך קאָנען דערוואַרימען. די קאַלטע לופט האָט אײַנגעזאַפּט אין זיך די וואַרימקײט פון זייערע קערפּערס און אַרומגעלעקט זיי ווי מיט אַ פראָסטיגער צונג. די דיקע הענטלעך פון דער קלײנער צפּרה, וואָס זענען געווען פערוואָרפען איבער'ן ברודער'ס האַלז, זענען געווען רויט און אָנגעשוואָלען; דער קלײנער בן־ציון האָט גע־

האַלטען פֿערבּיסען די ליפּען, זיינע אויגען זענען געווען צוגעדריקט מיט עפּיס אַ גרויסער אָנגעשטרענגטקייט, די דיקע נאָז איז געווען דערקוילעטעלט, און אַרום זיינע פֿערשלאָפֿענע בּרעמען איז געלעגען איינגעקריצט אַ כּעס. און ער האָט אויסגעזעהן מיט זיינע סמאָלע־שוואַרצע האָהר, איבּער דעם נידריגען, שוואַרצען שטערן, מיט זיין בּרייט, טונקעל פּנים, מיט די גרויסע אויערן — ווי אַ קליינער ציגיינער, וועלכער ליעגט און שלאָפֿט ווינטער־צייט ערגיץ אין אַ וואַלד און דאָס הייסע בּלוט איז אין איהם איינגע־פֿרוירען געוואָרען.

די שטוב איז געווען אַ שרעקליך אָרימע. מ'האָט דאָ געקאָנט דורכנישטערן און דורכטרייסלען אַלע ווינקלען, אַלע טעפּלעך, די שענק און די שופּלעדער, און נישט גע־פֿינען עפּיס אַזעלכעס, וואָס מ'זאָל קאָנען אָבּבּייסען און אַראָבּשלינגען. אויף איינעם פֿון די פֿענסטער איז געלעגען אַ טיטעל מיט זאַלץ, פֿון וועלכען אַ העלפֿט איז געווען אויסגעשיט; דערנעבּען האָבּען זיך געוואַלגערט עטליכע נעגעל, האַרטע, פֿערראָסטעטע, אַבֿוריות'דיגע נעגעל, פֿון וועלכע מען קאָן גאָרנישט אָבּבּייסען; אין ווינקעל, נעבּען דער קיך, איז געשטאַנען אַ בּלעכענער עמער מיט וואַסער, קאַלט, שניידיג, האַלבּ־געפֿרוירען וואַסער, וועלכעס אַ מענש קאָן בּשום־אופֿן נישט טרינקען. און די דאָזיגע גרויסע אָרימ־קייט און בּלויזקייט איז דאָ געהאָנגען אין דער לופֿט. דער נידריגער סופֿיט איז שיוער געלעגען איבּער דער שטוב, ווי ער וואָלט וועלען אַליין אַראָבּדריקען צו דער ערד; די פֿיער גאָלע ווענד האָבּען געאָטעמט מיט אַ גרויסער עלענדקייט. דאָס בּעטעל פֿון דער מוטער און דאָס בּעטעל פֿון דער קליינער חבֿרה, דעם קליינעם בּן־ציון און דער קליי־נער צפּרה, זענען געווען אַריינגערוקט אין די ווינקלען און אַרומגעדעקט מיט שאָטענס, אַזוי אַז זיי האָבּען עפּיס ווי איינגעצויגען נישט פֿערנומען קיין אָרט אין דער דאָזיגער גרויער שטוב. דאָס שענקעל בּיי דער וואַנד האָט נישט מעהר געהאַט ווי אייך האַלבּע מהיר — די אַנדערע העלפֿט איז שוין לאַנג געווען אַרויסגעפֿאַלען; און די דאָזיגע מהיר איז געווען ווייט אויפֿגעשפּרייט, אַזוי אַז מ'האָט אַרויסגעזעהן פֿון אינוועניג די פּאָר אָרימע טעפּלעך, וועלכע זענען געווען שוואַרץ און קאַלט און האָבּען אויס־געקוקט אַזוי, ווי מ'וואָלט נאָך אין זיי קיינמאָל נישט געקאָכט קיין עסען. דער טיש איז געווען אַוועקגערוקט אין אַ זייט, און מיטען דער פּאָדלאָגע האָט זיך געוואַלגערט אַ בּאַנק. די שטוב האָט אויסגעזעהן אַזוי ווי אַ קעלער, וואו די מייז האָבּען אַלץ אומגעדרעהט, אויסגענאָגט און אויסגעגרידזשעט. נעבּען קיבּעל איז געשטאַנען אַן'איינזערן אויוועלע און האָט אַוועקגעשיקט אַ רעהר ערגיץ אין אַ וואַנד אַריין. בּיי־נאַכט, אין דער צייט פֿון'ם געריר, האָבּען די שכנ'טעס געבּראַכט אַ בּיסעל האָלץ און געמאַכט אַ פֿייער. נאָר איצט האָט דאָס אויוועלע שוין לאַנג אויסגעהויכט דעם לעצטען פֿונק וואַרימקייט, עס איז געשטאַנען ווי פֿערשמאַכט, ווי פֿערבּענקט נאָך האָלץ, און האָט מיט זיין פֿערראָסטע־טער קאַלטקייט נאָך פֿערגרעסערט דעם פֿראָסט אין שטוב.

ווען דער טאָג איז שוין געווען אַ בּיסעל העלער, האָט זיך געעפֿענט די מהיר און עס איז אַריינגעקומען אַ ווייבּעל, אַרומגענומען אין אַ טיכעל. זי איז מיט שטילע טריט צוגעגאַנגען צו דער קינפּעטאָרין און געשטאַנען אַ ווילע גאַנץ שטיל נעבּען בּעט. דער־נאָך האָט זי געזאָגט מיט אַ ווייבּער, גוטער שטים:

— בּריינע... בּריינע...

די קינפּעטאָרין האָט בּרייט געעפֿענט איהרע, אַלץ נאָך טרויערהאַפֿטע, אויגען.

— בּריינעשי, טרינקט אַ בּיסעלע וואַרימע מילך... נאָט אייך, נעהמט, עס וועט אייך זיין צו געזונד...

און דאָס ווייבּעל האָט אַפֿער גענומען אַ קריגעלע פֿון אונטער'ן טיכעל, האָט זיך אַראָפּגעבּויגען איבּער בּריינען און זיך געבּען איהר געפּאַרעט. זי האָט געהערט צו איהר

שטילע ווערטער, אונטערגעהאַלטען איהר דעם קאָפּ און זי אַרומגעהוילט מיט איהר הארציגקייט.

דער קלײנער בן־ציון איז שוין נישט געשלאָפען... ער האָט דערהערט פון ווײטענס אַ ווײנען און אַ שלינגען, און עפּיס האָט זיך אַ דרעה געטהון און אַ נאָגגעטהון בײ איהם אין מאַגען. ער האָט זיך אַזוי האַסטיג געגעבען אַ שמעל־אויף פון געלעגער, אַז ער האָט שיער נישט צודרעהט די קלײנע צפּרה. זײן ברענענדיג צוגײנגער־אויג האָט, ווי אַ בליץ, אַרומגענומען דאָס גאַנצע בילד דאָרט בײ יענעם בעטעל, וואו מען האָט עפּיס געזופּט און געשלונגען. ער איז געווען גרייט אײנצושלינגען אַ האַלבע וועלט און איז אַזוי גע־שטאַנען אַ שפּאַרע ווײלע, אויפגעשטעלט אין בעט, אונבעהעגליך, און אַלץ געקוקט דאָרט אַהין. דאָס צורײסענע העמדעל האָט איהם קוים דערגרייכט ביז צום נאַפּעל, אַזוי אַז מ'האָט איהם אַרויסגעזעהן אַ האַלבען בויך און די ברוינע פיס, וואָס זענען געווען ווי אויסגעקנעטען פון ברוינעם לײם. ער איז געווען אַ קורצער, נאָר אַ רונדיגער און אַ דיקליכער, און האָט אויסגעזעהן ווי אַ קלײנער פויער. ער איז געשטאַנען מיט צושפּרײטע פיס, און אַ ציטערן איז איהם דורכגעלאָפען איבער די ליפּען און איבער די אויערן, אַזוי ווי בײ אַ יונג פערדעל, וואָס חאַפּט זיך צו צו עפּיס מיט אַ גרויסער גלוסטונג. ער איז געווען גרייט עפּיס צו טהון, אַראָבצושפּרינגען פון בעטעל, ערגיץ אַהינצולויפען, עמיצען צו שלאָגען און צו קאַפּיען מיט די פיס.

נאָר דער דאָזיגער קלײנער האָט שוין געהאַט שכל און האָט געוואוסט זיך אײנהאַלטען. ער האָט נאָך עפּיס געדענקט פון בײנאַכט, די געוויינען און די געשרײען פון דער מוטער, ער האָט געוואוסט, אַז די מאַמע האָט געהאַט אַ קינד, און האָט פערשטאַנען, אַז ער דאַרף איצט זײן אַן אָרענטליכער. און, אַראָבשלינגענדיג דאָס שפּײעכץ, וואָס האָט זיך איהם אָנגעקליבען אין מויל, האָט ער זיך אַראָבגעלאָזט און זיך אַרײנ־געשאַרט אונטער דער פּלאַכטע. דעם כעס, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמעלט בײ איהם, האָט ער אויסגעלאָזט צו דער שוועסטער, געבענדיג איהר מיט'ן עלענבויגען אַ זעץ אין זײט. נאָר די קלײנע צפּרה איז פון דעם נישט אויפגעקומען; זי האָט נאָך אַלץ געהאַלטען אויסגעשטרעקט די הענטלעך, ווי זי וואָלט נאָך מיט זײ עמיצען אַרומגענומען און זיך צו עמיצען צוגעקלאַמערט.

דאָס פערמדע ווײבעל האָט נאָך געקוקט צום נײ־געבוירענעם קינד און נאָך עפּיס געדעדט צו ברײנען, אַלץ מיט איהר ווײכער, מילדער שטים. דערנאָך איז זי אַרויסגע־גאַנגען פון שטוב, מיט איהרע שטילע, צאַרטע טריט. איהר טיכעל האָט אַ בלאָז געטהון מיט עפּיס ליעבעס; זי האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך עטוואָס וואַרימעס, מילדע־דיגעס, וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטען אַ ווײלע אין דער גרויער שטוב און זיך באַלד צופּלאָסען אין דער קאַלטער לופט.

די מוטער איז שוין נאָכדעם געווען אינגאַנצען אויפגעקומען פון איהר טרוימהאַפ־טער פערגעסענקייט. זי האָט אַ ווײלע געקוקט מיט ברײט־געעפענטע אויגען אויף די געגענאיבערדיגע וואַנד... פון אַרום און אַרום האָט זיך צוגעשלײכט צו איהר, ווי אַ חיה, עפּיס אַ שווערקייט, וואָס האָט זיך אָנגעזעצט אויף איהר און זי אַרומגעפרעסט, ווי מיט אַ רייף. זי האָט וועגען גאָרנישט געטראַכט, און דאָך האָט זיך איהר געדאַכט מיט אַ פײנליכער עקשנות אַלץ געדרעהט אַרום דעם נײ־געבוירענעם קינד, וואָס איז געפאַלען אויף די וועלט און אַזאַ טיעף־פּראָסטיגער ווינטער־נאַכט און וועלכעם דער ערשטער טאָג פון לעבען האָט בעגעגענט מיט אַזאַ קאַלטען, גרויען גרוס דורך די גרי־ריגע, טיעף־פערפרוירענע פענסטער. דאָס קינד איז געלעגען נעבען איהר, אַרומגעווי־קעלט אין אַ קישען, און נישט געגעבען פון זיך קײן שום סימן פון לעבען. עס האָט נישט געוויינט און נישט געפּישטשעט. עס האָט טיעף געשוויגען. דאָס שווײגען איז גע־

ווען ערגער פון ווײנען, ווײל עס האט דערצײלט וועגען אַ רײה טעג, וואס דאַרפען קומען, און וועגען גרויסע שוועריגקײטען, וועלכע מ'דאַרף דורכגעהן. דאס שווײגען האט געהאַט אין זיך עפּיס אַ קלאָרקײט, עס האט אנגערעגט צו טראַכטען פיעל שלעכטע זאַכען, האט אַן אַלעם דערמאַהנט, האט געמאַלען בילדער פאַר די אויגען. די מוטער האט מיט עפּיס אַ שפּיציגער שאַרפקײט, מיט אַ שאַרפער עמפּפינדליכקײט, מיט אַלע איהרע אויפגעטרײסעלטע און צוריק-אײנגעדרימעלטע חושים געפיהלט נעבען זיך דאס שווײגענדיגע קינד. עס האט אויפגעהערט צו זײן אַ קינד, עס איז געוואָרען אַ זאַך, אַ שווערע זאַך, וואס האט זיך אנגעהאנגען איבער איהר ווי אַ וואלקען, געבונדען אַ און געמאַלט זי אומעטיג.

און אין בריינעס האַרצען האט זיך אַנגעקליבען אַ גאַנצער קנויל פון כעס. דער מאַן איז פון איהר אַנטלאָפען — און זי מוז דא ליעגען אין געהאַקטע וואונדען און זיך מוטשען אין קינפּעט? איהר בליק איז אַלץ נאָך געהאַנגען אַן דער געגענאיבערדיגער וואַנד; נאָר ער האט איצט געהאַט אַזאַ פינקעלדיגע שאַרפקײט, אַז ער האט אויסגעדריקט עפּיס אַ קללה, אַ פלוך פון טיעפען האַרצען, וועלכער האט אַזוי ווי געוואָלט דורכבויערן די האַרטע וואַנד, אַרויספליהען פרײ, אויפזוכען עמיצען און אַ שלאַג-טהון איבער עמיצענס קאָפּ. איבער בריינעס צעוועהטאָגטען קערפּער זענען דורכגעלאָפען נישט-גוטע פײערלעך. איהר איז געווען פריקרע, וואס דאס קינד נעבען איהר האט אַזוי אונשולדיג און נעביכדיג געשוויגען; זי האט עס געהאַסט, זי האט דעריבער געוואָלט, עס זאָל ווײנען, שרײען, פּײניגען זי, כדי זי זאָל עס נאָך מעהר האַסען.

ברײנעס מאַן, שמואל-בעריל, איז אַוועק פון איהר מיט אַנ'ערך צוויי חדשים צוריק. ער איז אפילו נישט געווען פון דעם סאָרט מענשען, וואס זאָרגט נישט פאַר ווײב און קינדער, לאָזט אַלץ אויף הפקר און אַנטלויפט אין די וועלט אַרײן. שמואל-בעריל איז געווען אַ שווײגערס אַ זוהן, און ברײנע איז אויפגעצויגען געוואָרען, אַלס יתומה, בײ זײנע עלטערן אין שטוב, אין דאָרף. זײ זענען געווען שוועסטער-קינדער און זענען אײביג געווען חתן-כלה. זײ האָבען געגעסען אַ סך קעז, אַ סך זויער-מילך מיט קאַרטאָפעל, זײ זענען אומגעגאַנגען מיט די קיה, געברוינט געוואָרען פון דערזעלבער זון און זענען געווען עהנליך אײנער צום אַנדערן: זײ האָבען בײדע געהאַט רויטע פּנים'ער, ברוינע העלזער, רויטע הענד, שוואַרצע האָהר, געזונטע, פעסטע ברוינע קערפּערס. שמואל-בעריל איז געווען אַ קערנדיגער, נישט-איבעריג גרויסער מאַנספּערשוין, מיט קלײנע, תמימות'דיגע אויגען; ברײנע איז געווען גרעסער פון איהם, אומגעשיקטער, ברײטער, שלאַבריגער, מיט אַ ברײט פּנים און שוואַרצע וואָנסען אויף דער אויבערשטער ליפּ. פון די עלטערנ'ס שווײג האט זיך גאָרנישט אויסגעלאָזט; זײ האָבען נאָך דער חתונה איבערגעצויגען זיך אין שטאָדט אַרײן און געהאַנדעלט מיט אויבסט. זומער-צײט האָבען זײ פערדינט, דאַגעגען האָבען זײ ווינטער קײנמאָל נישט געהאַט צו עסען. די ווינטערס זענען געווען פאַר זײ אַ גיהנום. זײ האָבען מיט הונגעריגע אויגען אַרויסגעקוקט אויף דעם ליעבען פרוהלינג, ווען די ציבעלעס וועלען וואַקסען און די גערטנער און עס וועלען אויפשפּראָצען די ערשטע, קלײנינקע, ליעבהאַרציגע ראש-חודש-רעטיכלעך. הײ-יעהריגער ווינטער איז געווען בעזונדערס שלעכט. אַז ס'אויבסט האט זיך אויסגעלאָזט, האט שמואל-בעריל געפּרובט האַנדלען מיט עופות, וועלכע ער האט געבראַכט פון דאָרף, — נאָר ער איז געווען אַ שטיקעל שלים-מזל, און די שוואַנגערע ברײנע, וועלכע איז געווען אַ גרעסערע בריה'טע אין האַנדעל, איז געווען שוואַך און האט געקאָנט ווייניג מיטאַרבײטען. עס איז געקומען אַ שלעכטע צײט. די בײדע פאַר גראָשען זענען אויפגעצעהרט געוואָרען; די געזונטע, קערנדיגע, פעסט-געקנעטענע קערפּערס האָבען ווייניג בעקומען שפּײז; דער קלײנער בן-ציון מיט דער קלײנער צפּורה

האָבען זיך גאַנצע טעג אַרומגעצופּט, ווי צווי הונגעריגע העהנער, וואָס שטעהען צוזאַמען אין איין שטייג; ברייטע האָט געשאַלטען, געשלאָגען די הונגעריגע קינדער און אַ גאַנצען טאָג אַ ברומענדיגע, מיט אַ צוקנעפּעלטער האַלקע און מיט צופּלאָשעטע האָר פון הינטער דער היוב; און דער הערבסט איז געווען אַ פּייכטער און האָט דורכגעשלאָגען דורך די מויערן מיט זיין נאַסקייט. ביז איינמאָל, אין אַ פריהמאָרגען, איז שמואל-בעריל אויפגעשטאַנען פאַרטאָגס, אַרומגעבונדען זיך די בורקע מיט אַ שטריק, גענומען אַ זאַק אונטער'ן אָרעם, אַראָבגעצויגען דאָס היטעל איבער די אויערן און — מיט אַ בענגליכען טרויער אין זיינע קליינע אויגען — אוועקגעלאָזט זיך ערגיץ אין די וועלט אַריין און נישט מעהר אַהיים געקומען ביז'ן היינטיגען טאָג.

און דאָס אַלץ צוזאַמען און אויך די טעג, וואָס זענען געקומען שפּעטער, האָבען איצט דורכגעצויגען, ווי אַ כמאַרע שוואַרצע כמאַרעס, איבער ברייטעס פערשלאָפענעם געהירן. עס איז געווען אין דעם אַלעם די ריעזיגע שווערקייט פון אַ באַרג, וואָס האָט צוגעדריקט ברייטען, זי שיער נישט דערשטיקט און אַוועקגענומען ביי איהר די מעגליכקייט נאָך עפּיס צו טראַכטען. זי האָט נישט מעהר געזעהן די געגענאיבערדיגע וואַנד, זי האָט פערמאַכט די אויגען און איז ווידער פערזונקען אין אַ דרימעל, אַ דרימעל, אין וועלכען איהר צושרויפּטער קערפּער האָט נישט גענומען קיין אַנטייל, אַ דרימעל פון'ם בלויזען מח, וועלכער ווערט פערדולט און שלאָפּט-איין, אַ צופלאַמטער און צופלאַנדזשעטער, צוליעב אַ פלאַנטער פון צו-שווערע און צו-פייניגליכע געדאַנקען.

דערווייל איז דער טאָג געוואָרען אַלץ ליכטיגער. ביים זייטען-ווענטעל פון'ם פענסטער האָט זיך בעוויזען אַ בלאַס-העלער שטרייף, — ווייס-אויס, ערגיץ, אין הימעל, איז אויבגעגאַנגען אַ זון, אַ קאַרגע, איינגעשרומפּענע ווינטער-זון, וועלכע האָט אויך געטראָפען דאָ אַהער און איז מיט אַ גרויסער אַנשטרענגונג אַריינגעדרונגען דורך די געפרוירענע שויבען. נאָר פון'ם דאָזיגען העלען שטרייף ביים זייטען-ווענטעל פון'ם פענסטער איז אין שטוב נישט געוואָרען פרעהליכער. די לופט איז דאָ געוואָרען נאָך פראָסטיגער, טרוקענער און האַרטער. די גרויסע עלענדקייט, וועלכע איז דאָ פריהער געווען אַרומגעוויקעלט מיט שאָטענס, איז איצט אַרויס אויף די ליכטיגע שיין, זי איז געוואָרען בולט'ער און האָט נאָך מעהר בעהערשט די שטוב. און די העלקייט האָט דערצעהלט עפּיס אויף זעהר אַ פּריקענער, האַרטער שפּראַך: אַז דרויסען איז אַ נידריגער, בלויער הימעל, אַ קליינע זון, אַ פערהאַרטעוועטע ערד, איינגעפרוירענע וואַסערן, טויטע בוימער, שוואַרצע קראָהען און אַ האַרטער, זעהר אַ האַרטער הויך טראָגט זיך איבער דעם אַלעם און פערוואַנ-עלט די וועלט אין אַ שטיין.



י. טריוואקס.

# צום אויפבוי פון א נאציאנאלער היים פאר יודען אין ארץ-ישראל.

(געשיכטליך מאטעריאל).

## הערצל'ס נבואה.

זינט די ניינצעהן הונדערט גלות-יאהרען האט דאס יודישע פאלק בלויז איינמאל דורכגעלעבט אזא מאמענט, ווי מיר לעבען איצט דורך נאך דער באלפור-דעקלאראציע. דאס איז געווען אין מיטען פונפטען יאהרהונדערט לויט דער געוועהנליכער צייט-רעכענונג, אין דער הערשאפטס-צייט פון קייזער יוליאן אפאסטאטא.

קייזער יוליאן, וואס די קריסטליכע קירכען-היסטאריקער האבען איהם אנגערופען אפאסטאטא, ד. ה. דער אבטריניגער, הויפטזעכליך, ווייל ער איז געווען אויסער-געוועהנליך פריינדליך צו די יודען, איז ערשינען פאר'ן יודישען פאלק כמעט ווי א גואל-צדק. דער דאזיגער כאראקטער-שטארקער ביזאנטינישער הערשער האט פון די בעדריקטע יודען אין ארץ-ישראל נישט בלויז אראבגענומען די שווערסטע שטייערן, נאר ער האט זיך אויך אונטערגענומען אויפצובויען דעם בית-המקדש אין ירושלים. זיין בריעף „צו די יודישע קהלות“, אין וועלכען ער רופט-אן דעם נשיא הלל השני „מיין ברודער“, איז געווען אן אונגעהויער וויכטיגע דעקלאראציע מצד דעם בעסטען גייסט פון דער אלטער וועלט בנוגע צום יודישען פאלק.

עהנליך לויט איהר טאן, האטש נישט לויט די סבות, וואס האבען זי ארויסגערופען, איז די באלפור-דעקלאראציע, וואס איז פערעפענטליכט געווארען פאר אונזערע אויגען. אין רעכטען מיטען פון דער גרעסטער פעלקער-שלאכט, בשעת דאס יודישע פאלק אין דער גאנצער וועלט און אין ארץ-ישראל איז אבגעגאנגען מיט בלוט, האט זיך בעוויזען דער מאדערנער „בריעף צו די יודישע קהלות“, אין דער פארם פון א דעקלאראציע פון דער גרעסטער מאכט אין דער וועלט — ענגלאנד, וועגען וועלכער הערצל האט נביאות געזאגט נאך מיט צוואנציג יאהר פריהער: „ענגלאנד, דאס גרויסע ענגלאנד, דאס פרייע ענגלאנד, וואס געוועלטיגט איבער די ימים, וועט די ערשטע זיין פון די וועלט-מאכטען פערשטעהן אונזערע צילען“.

## די פאר-ארבייטען.

הערצל'ס גייסטיגע יורשים, די פיהרער פון דער ציוניסטישער וועלט-ארגאניזאציע אין דער מלחמה-צייט, האבען זיך באלד פון אנהויב גוט אריענטירט. נאך אין

דעצעמבער 1914 איז אין קאָפּענהאַגען באַגעקומען אַ בעראַטונג פון מיטגלידער פון ציוניסטישען אַקציאָנס־קאָמיטעט. אויף דער דאָזיגער בעראַטונג זענען אויסגעאַרבייט געוואָרען די הויפּט־יסודות פון דער ציוניסטישער פּאָליטיק אין דער מלחמה־צייט. לאָנדאָן איז אָנערקענט געוואָרען אַלס ערשטער צענטר פון דער יודישער פּאָליטישער אַרבייט. אַהין זענען געשיקט געוואָרען די מיטגלידער פון אַ.־ק. ד״ר טשלענאָוו און נחום סאָקאָלאָוו.

אין די יאָהרען 1915 און 1916 איז מיט'ן פולען אימפּעט געפיהרט געוואָרען די צוגרייטונגס־אַרבייט פון דער ענגלישער עפענטליכער מיינונג לטובת אַ יודיש ארץ־ישראל אונטער'ן ענגלישען פּראָטעקטאָראַט. אין צענטר פון דער אַרבייט איז געשטאַנען דאָס אָנזוי־גערופענע מאַנטשעסטערער קרייזעל מיט פּראָפ. חיים ווייצמאַן בראָש. דאָרט, אין מאַנטשעסטער, איז געשאַפען געוואָרען אַ בריטיש־פּאַלעסטינישער קאָמיטעט, וועלכער האָט אַרום זיך פעראייניגט אַ רייהע פּאָליטישע פערזענליכקייטען, דערינטער דעם רעדאַקטאָר פון „מאַנטשעסטער גוואַרדיען", סקאָט. דער קאָמיטעט האָט דאַן אָנגעהויבען אַרויסצוגעבען אַ צוויי־וועכענטליכען זשורנאַל מיט'ן נאָמען „פּעלעסטאַין", װאָס האָט געטראָגען דעם פּראָגראַם־לאָזונג: „שאַפען אַ יודישע היים אין ארץ־ישראל אונטער ענגלאַנד'ס שוץ".

אַ מעהר־נאָרמאַלען כאַראַקטער האָט די פּאָליטישע אַרבייט בנוגע ארץ־ישראל אָנגענומען אָנהויב 1917, ווען עס האָבען זיך אָנגעהויבען אַנטוויקלען די קריגס־אָפּעראַציעס פון דער ענגלישער אַרמעע אויפ'ן באָדען פון ארץ־ישראל. דעם 7־טען פעברואַר 1917 זענען פאָרגעקומען די ערשטע אָפיציעלע אונטערהאַנדלונגען צווישען די פאָרשטעהער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע: סאָקאָלאָוו, ווייצמאַן, ד״ר גאַסטער, הערבערט סעמיועל, לאָרד וואַלטער ראָטשילד, דזשיימס דע־ראָטשילד, בענטוויטש, סאַקער און קאָווען מיט דעם ענגלישען רעגירונגס־פאָרשטעהער, דעם מומחה אין אָריענט־ענינים סער מאַק סאַיקס. פון דאַן אָן זענען פאָרגעקומען כסדר'דיגע אונטערהאַנדלונגען צווישען די דערמאָהנטע ציוניסטישע און האַלב־ציוניסטישע פערזענליכקייטען מיט די ענגלישע מאַסגעבענדע פאַקטאָרען.

## די באַלפור־דעקלאַראַציע.

דער רעזולטאַט פון די אַלע אונטערהאַנדלונגען איז געווען די פיעל־זאָגענדיגע קורצע דעקלאַראַציע, וועלכע איז געמאַכט געוואָרען דעם 2־טען נאָוועמבער 1917 דורך דער ענגלישער רעגירונג אין דער פאָרם פון אַ בריעף פון אויסערן־מיניסטער לאָרד אַרטור דזשיימס באַלפור צום לאָרד וואַלטער ראָטשילד, דעם עהרען־פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין ענגלאַנד. דער בריעף האָט געהאַט פאָלגענדען אינהאַלט:

„טייערער לאָרד ראָטשילד!

„מיט דער גרעסטער פרייד שיק איך אייך איבער אין נאָמען פון דער רעגירונג פון זיין מאַיעסטעט*) די אויסדריקען פון סימפּאַטיע צו די ציוניסטישע שטרעבונגען, וועלכע זענען בעטראַכט און אָנערקענט געוואָרען דורכ'ן קאַבינעט.

„די רעגירונג פון זיין מאַיעסטעט דריקט־אויס איהר סימפּאַטישע בעציהונג דערצו, אַז עס זאָל געשאַפען ווערען אַ נאַציאָנאַלע היים אין ארץ־ישראל פאַר דעם יודישען פאָלק. זי וועט אָנווענדען אַלע מיטלען צו פערווירקליכען דעם דאָזיגען ציעל; פערשטעהט זיך, אַז קיין זאַך וועט נישט געטהון ווערען, וואָס קאָן אָנריהרען די בירגער־

*) די אָפיציעלע פאָרם אַנשטאָט „די ענגלישע רעגירונג".

ליכע און רעליגיעזע רעכט פון דער נישט־יודישער בעפעלקערונג, וואס וואוינט אין ארץ־ישראל, און אויך די רעכט און די פאליטישע לאגע פון די יודען אין אלע אנדערע לענדער.

איך בעט אייך, די דאזיגע מעלדונג איבערצוגעבען דער ציוניסטישער ארגאניזאציע".

## די נייע תקופה.

די דאזיגע דעקלאראציע, וועלכע איז געקומען פאר די ברייטע יודישע מאסען אומגעריכט, האט ארייננעבראכט אן אונבעשרייבליכע פרייד אין די הערצער פון צוזייהטען און צושפרייטען פאלק. די דעקלאראציע איז געקומען אין דער סאמע קריטיגער צייט, ווען די יודישע וועלט איז געווען פול מיט יאוש בנוגע דער צוקונפט פון ארץ־ישראל און דעם יודישען ישוב דארט. אין משך פון די פאר יאהר, וואס טערקיי האט געקעמפט ביי דער זייט פון די צענטראל־מלוכות און האט פערוואנדעלט ארץ־ישראל אין א קריגס־פלאץ פון דער ערשטער מדרגה, אונטער דער אנפיהרונג פון דזשעמאל־פאשא, האט דער יודישער ישוב געהאט אויסצושטעהן די גרעסטע ענויים. די יודישע בעפעלקערונג אין ירושלים איז דורך גירושים, ארעסטען און מגפות פערקלענערט געווארען אויף א העלפט. פון פערשיעדענע קאלאניעס אין יהודה און פון יפו איז דער גרעסטער טייל פון דער יודישער בעפעלקערונג ארויסגעטריבען געווארען אהן שום איינזעהעניש. די יודישע קהלה אין יפו, וועלכע איז בעים אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה בעשטאנען פון אן'ערך 20 טויזענד נפשות, האט אנהויב 1918 געהאט בלויז דרייטהאלבען טויזענד נפשות. די ארעסטירטע און די תפיסות און די פערשלעפטע אין גלות, וועלכע זיינען געווען די בעסטע אינטעליגענטע כחות פון יודישען ישוב (די טערקען האבען זיי חושד געווען אין סימפאטיע צו די ענגלענדער), האבען געהאט אויסצושטעהן די מורא'דיגסטע ענויים מצד די טערקישע מאכטהאבער, וועלכע האבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייער אכזריות און בעסטיאליטעט.

די ענגלענדער זיינען אלזא געקומען קיין ארץ־ישראל אלס די פארויס־אנערקענטע רעטער פון'ם יודישען ישוב און עס איז גאנץ פערשטענדליך, וואס די באלפור־דעקלאראציע איז דורך דער יודישער בעפעלקערונג אין ארץ־ישראל אויפגענומען געווארען נאך מיט מעהר בעגייסטערונג, ווי דורך די יודען אין דער גאנצער וועלט. די איינגעבוירענע יודען בעצייכענען זי, ווי דער אנהויב פון א נייער תקופה, א נייע צייט־רעכנונג. די ירושלים'ער טעגליכע צייטונג „דואר היום“, למשל, דאטירט זיך היינט „דאס פיערטע יאהר פון דער באלפור־דעקלאראציע“.

## דער נצחון פון ציוניסטישען געדאנק.

נאך דער דעקלאראציע פון דער ענגלישער רעגירונג זיינען, ווי א נאטירליכער פועל־יוצא, געקומען די הסכמות פון די איבעריגע גרויסע מלוכות און פון דער אפאסטאלישער רעזידענץ. דעם 28־טען מאי 1918 איז סאקאלאוו אויפגענומען געווארען דורכ'ן פויפסט און האט מיט איהם גערעדט מכח די קריסטליכע הייליגע ערטער אין ארץ־ישראל. דער פויפסט האט ערקלערט, אז ער איז פעראינטערעסירט בלויז דערין, עס זאלען געשיצט ווערען די קריסטליכע הייליגע ערטער. דעם 14־טען יוני האט סאקאלאוו בעקומען פון דער פראנצויזישער רעגירונג א שריפטליכע מעלדונג, אין וועלכער זי דריקט אויס איהר פולע סימפאטיע צום שאפען א יודישע היים אין ארץ־ישראל. עס ווערט בלויז אנגעוויזען, אז די הייליגע ערטער וועלען מוזען בלייבען עקסטעריטאריאל. אויך די איטאליענישע רעגירונג האט צוגעזאגט אונטערצושטיצען די יודען

שע שפּרעכונגען. די פּראָמינענטע שטאַטען פון צפון־אַמעריקאַ האָבען בסדר פּערני־מען די פּרינציפּיעלסטע שטיצונג צו דער ציוניסטישער פּאָליטיק און דאָס האָט געפונען אַ בעזונדערן אויסדרוק אינ׳ם בריעף פון פּרעזידענט ווילסאָן צום ראַבינער סטעפען ווייז, אַלס אָפיציעלער פאָרשטעהער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקאַ.

די פּאָליטישע ערפאָלגען פונ׳ם ציוניסטישען געדאַנק אין דער גרויסער וועלט, דאָס געווינען די גרויסמאַכטען אויף אונזער זייט לטובת אַ יודיש ארץ־ישראל, זענען בעגלייט געוואָרען מיט די גלענצענדע נצחונות פון ענגלישען מיליטער אין ארץ־ישראל. פינף וואָכען נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע, חנוכה, דעם 9־טען דעצעמבער 1917, האָט גענעראַל אַלענבי איינגענומען ירושלים. אנהויב יאַנואַר 1918 איז איינגעפיהרט געוואָרען אַן ענגלישע מיליטער־און ציוויל־פּערוואַלטונג אין יהודה.

## דער ערשטער יודישער לעגיאָן.

אין פערלויף פון דער גאַנצער צווייטער העלפט ווינטער און במשך פונ׳ם זומער 1918 זענען געפיהרט געוואָרען פערבּיסענע שלאַכטען צווישען דער ענגלישער מיט דער טערקישער אַרמעע אין ארץ־ישראל. אויף דער זייט פון די ענגלענדער האָט שוין דאַן געקעמפט דער יודישער לעגיאָן, וועלכער האָט אָהן ספק געשפּיעלט נישט בלויז אַ מיליטערישע ראָליע, נאָר אויך געהאַט אַ גוואַלדיגע פּאָליטישע בעדייטונג פאַר׳ן יודענטום און פאַר׳ן יודישען ארץ־ישראל.

דער יודישער לעגיאָן איז אַן אמת׳ער פּראָדוקט פון דער וועלט־מלחמה, וועלכע האָט איבערגעאַרבייט מענשליכע מיינונגען און אַנשויאונגען מן הקצה אל הקצה. עס איז פערשוואונדען געוואָרען די מורא און די יודישע לאָיאַלע קרייזען פאַר׳ן בעגריף „יודיש מיליטער“. די מעהר מוטיגע האָבען געוואַגט אַרויסצוטרעטען פריהער, און די וועניגער מוטיגע — שפּעטער. נאָך אין פעברואַר 1915 האָט זיך צונויפגענומען אין אַלעקסאַנדריען (אלכסנדריה של מצרים) אַ גרופּע יונגע יודען, על פּי רוב אַנטלאָפענע פון ארץ־ישראל פון אונטער׳ן טערקישען רעזשים, און האָבען בעשלאָסען צו גרינדען אַ יודישען לעגיאָן, כדי צוזאַמען מיט׳ן ענגלישען מיליטער צו קעמפען פאַר דער בעפרייאונג פון ארץ־ישראל. אַ דעלעגאַציע, וואָס איז בעשטאַנען פון זשאַבאָטינסקי, גלוסקין, לעוואַנטין, טרומפּעלדאָר און אַנדערע, און וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע דורכצופיהרען די גרינדונג פונ׳ם לעגיאָן ביי דער ענגלישער מיליטער־מאַכט, איז פונ׳ם אויבער־קאָמאַנדיר אין מצרים, גענעראַל מאַקסוועל, צוריקגעקומען מיט דער ערלויבניש צו שאַפען נישט קיין קאַמפּס־לעגיאָן פון דער ערשטער מדרגה, נאָר בלויז אַ טראַנספּאָרט־לעגיאָן אויף מויל־אייזלען, און אָבגעשיקט וועט דער לעגיאָן ווערען נישט צום פּאַלעסטינא־פראָנט, נאָר אויף גאַליפּאָלי, נעגען דעם דאַרדאַנעלען־פראָנט. די איניציאַטאָרען, הגם זייערע האָפנונגען זענען לכתחילה צוקלאַפּט געוואָרען, זענען דאָך איינגעגאַנגען אויפ׳ן פאָרשלאָג פון גענעראַל מאַקסוועל, ווייל זיי האָבען אָנערקענט, אַז די קליינע גרופּע וועט דינען אין דער צוקונפט אַלס גרונד פאַר אַ יודישען קאַמפּס־לעגיאָן. אנפיהרער פון דעם דאָזיגען ערשטען יודישען לעגיאָן איז געווען פּאָלקאָווניק פּעטערסאָן; זיין געהילף — דער בעקאַנטער יודישער העלד טרומפּעלדאָר. דער „ציוניסטישער לעגיאָן“, ווי מען האָט איהם דאַן גערופען, איז בעשטאַנען פון 600 מאַן און האָט זיך אויסגעצייכענט אין אַלע אונטערנעהמונגען. זשאַבאָטינסקי׳ס מיה, אַז דער לעגיאָן זאָל פערוואַנדעלט ווערען אין אַ קאַמפּס־גרופּע, האָט אין לאָנדאָן נישט געהאַט קיין ערפאָלג און ביי דער ליקווידאַציע פון דער גאַליפּאָלי־עקספּעדיציע איז דער ערשטער יודישער לעגיאָן פונאַנדערגעלאָזט געוואָרען (זומער 1916).

## דער צווייטער יודישער לעגיאָן.

אבער פון אַ קערענדעל פון דעם ערשטען לעגיאָן איז אויסגעוואַקסען דער צווייטער — דער יודישער קאַמפּס־לעגיאָן. אין אָקטאָבער 1916 זענען קיין לאָנדאָן אָנגעקומען אַן ערך 100 בעפרײטע יודישע לעגיאָנערען פון דער גאַליפּאָלי־עקספּעדיציע און זענען צוגעטיילט געוואָרען צום 20־טען פּולק, וואו זיי האָבען געבילדעט די 16־טע ראָטע. ווען דאָס ענגלישע קריגס־מיניסטעריום האָט זיך אין אַפּריל 1917 ענטשלאָסען צו שאַפען אַ יודישען לעגיאָן צום קאַמף פאַר ארץ־ישראל, זענען סאָלדאַטען פון דער דערמאָהנטער 16־טער ראָטע ספּעציעל אויסגעבילדעט געוואָרען אַלס סערזשאַנטען און אונטער־אָפיציערען פאַר'ן קומענדיגען יודישען לעגיאָן. אין יולי 1917 האָט קערענסקי געשלאָסען אַן אָבמאַך מיט דער ענגלישער רעגירונג, לויט וועלכען ענגלאַנד האָט בעקומען דאָס רעכט אַנצונעהמען אין מיליטער רוסישע בירגער, און דאַן איז ערשינען די אָפיציעלע מיטטיילונג וועגען דער שאַפונג פון יודישען לעגיאָן פאַר א"י.

דער יודישער לעגיאָן איז געווען געטיילט אין דריי פּולקען: דער „38־טער קעניגליכער שיסער־פּולק" (אַנפיהרער פּולקאָווניק פּעטערסאָן), 39־טער (פּולקאָווניק מאַרגאָלין) און 40־טער (פּולקאָווניק סעמיועל).

דעם 4־טען פעברואַר 1918 איז דער 38־טער פּולק אָבגעפאָהרען פון לאָנדאָן קיין מצרים, בעגלייט מיט אַ געוואַלדיגער בעגייסטערונג פון אַ גרויסען יודישען עולם. אין דערזעלבער צייט איז דערהאַלטען געוואָרען די ערלויבניש אָנצונעהמען פרייוויליגע לעגיאָנערען פון אַמעריקאַ און ארץ־ישראל. דער גאַנצער יודישער לעגיאָן איז בעשטאַנען פון 38% אַמעריקאַנער, 30% פּאַלעסטינער, 28% פון ענגלאַנד, 9% פון קאַנאַדאַ און 2% פון אַרגענטינאַ.

אַלס דער ערשטער טייל פונ'ם יודישען לעגיאָן איז אַריין אין דער פייער־ליניע דער 38־טער פּולק. דאָס איז געווען אין יוני 1918 אויפ'ן וועג קיין שכם און דאַן אין עמק־הירדן, וואו ער האָט זיך בעגעגענט מיט'ן 39־טען פּולק. די ביידע פּולקען זענען פעראייניגט געוואָרען אונטער דער אָנפיהרונג פון פּולקאָווניק פּעטערסאָן, בשעת דער אַרומרינגלונג פון טערקישען מיליטער. דער יודישער לעגיאָן האָט זיך אומעטום אויסגעצייכענט און איז אין גענעראַל אַלענבי'ס בעריכטען כסדר געריהמט געוואָרען.

## דער „ועד־הצירים".

פאַר די גייסטיגע צרכים פון די יודישע לעגיאָנערען האָט געזאָרגט נישט ווייניג די ציוניסטישע פּאַלעסטינאַ־קאָמיסיע, וועלכע האָט געטראָגען און טראָגט נאָך היינט דעם העברעאישען נאָמען „ועד הצירים". די ערשטע קאָמיסיע איז געקומען קיין ארץ־ישראל אַ קורצע צייט נאָכדעם ווי גענעראַל אַלענבי האָט איינגענומען ירושלים. די קאָמיסיע איז בעשטאַנען פון פּראָפ. וויצמאַן, ד"ר עדער, דזשיימס דע־ראָטשילד, יוסף זיעף, לעאָן סימאָן און פּראָפ. סילווען לעווי, בעגלייט דורך מאַיאָר אָרמסבאַי־גאָר, אַלס פאָרשטעהער מצד דער רעגירונג. דער הויפּט־צוועק פון דער קאָמיסיע איז געווען צו זיין אַ פערבינדונגס־גליעד צווישען דער ענגלישער מאַכט מיט דער יודישער בעפעלקערונג. פערשטעהט זיך, אַז דער „ועד־הצירים" האָט געשפּיעלט אויך די גרעסטע ראָליע ביי דער הילפס־אַרבייט פאַר'ן שטאַרק־געליטענעם יודישען ישוב אין ארץ־ישראל. לייידער, האָבען זיך זיינע בעמיהונגען, צוליעב אינערליכע און אויסערליכע מניעות, נישט שטענדיג איינגעגעבען. אַזוי איז צו־נישט געוואָרען דער פּלאַן מכח'ן קאָלאָניזירען די דעמאָבילוזירטע יודישע לעגיאָנערען אין ארץ־ישראל.

די ערשטע ארץ־ישראל־קאָמיסיע האָט די גרעסטע אַכט געלעגט אויף דעם ערציה־

הונג פון יונגען דור אין לאנד. איינע פון איהרע ערשטע ארבייטען איז געווען דאס לייגען דעם פונדאמענט-שטיין פאר דער יודישער אוניווערזיטעט אין ירושלים אויפ'ן הר-הצופים (סקאפוס-בארג). דאס איז געשעהן חמשה-עשר-באב תרע"ח (דעם 24-טען יולי 1918).

אין ערשטען יאהר נאך דער באלפור-דעקלאראציע איז די פאליטישע לאגע פון ארץ-ישראל געווען נישט קלאר, ווי בכלל די לאגע פון נאהנטען מזרח. בעזונדערס האט מיטגעהאלפען צו דער פערפלאנטערונג פון דער סיטואציע די ארבייט פון עמיר פייזל, דער זוהן פון קעניג פון העדזשאס, וועלכער האט מיט זיין רייטער-מיליטער מיטגעהאלפען די ענגלענדער צום נצחון איבער די טערקען. פייזל האט זיך געהאט ערקלערט פאר קעניג פון סיריען און פאלעסטינא מיט דער רעזידענץ אין דמשק. שפעטער איז ער פון דארט פערטריבען געווארען דורך די פראנצויזען.

## ארץ-ישראל אויף דער שלום-קאנפערענץ.

אבער נישט קוקענדיג אויף אלע שטערונגען, האט זיך די פאליטישע ארבייט לטובת א יודיש ארץ-ישראל בסדר גערוקט פאראויס. דעם 27-טען פעברואר 1919 זענען סאקאלאוו, אוסישקין, פראפ. ווייצמאן, אנדריי ספיר און סילווען לעווי אויפגענומען געווארען דורכ'ן 5-ראט פון דער שלום-קאנפערענץ אין פאריז. אין זיין רעדע האט סאקאלאוו בעגרינדעט די היסטארישע רעכט פון יודישען פאלק אויף ארץ-ישראל. דאן האט ווייצמאן געשילדערט די שרעקליכע לאגע פון די יודען אין די מלחמה-לענדער און מאטיווירט די נויטיגקייט, און די אינטערעסען פון דער ציוויליזירטער וועלט, פון א נאציאנאלער היים פאר'ן יודישען פאלק אין ארץ-ישראל. דער דריטער האט גענומען דאס ווארט אוסישקין אויף העברעאיש. דאן, אין מיטען דעם גרויסען מאמענט, ווען דאס היסטארישע יודישע ווארט איז געהערט געווארען צום ערשטען מאל פאר די פיהרער פון דער וועלט-פאליטיק, איז געשעהן דער אינצידענט, וואס איז אזוי כאראקטעריסטיש פאר אונזער גלות: פראפ. סילווען לעווי, דער פארשטעהער פון אסימילאטארישען קרייזעל, וואס גרופירט זיך ארום דער „אליאנס איזראעליט אוניווערסעל" (חברת כל ישראל חברים) אין פאריז, דערזעלבער, וועלכער איז געווען מיטגליעד פון דער ערשטער פאלעסטינא-קאמיסיע, האט גענומען דאס ווארט און ערקלערט, אז חאטש די ציוניסטען האבען גוטע כוונות, פונדעסטוועגען איז דער ציוניזם א סכנה פאר ארץ-ישראל, וועלכעס איז א קליין לאנד, אזוי אז די אראבער וואלטען דורך דער פערווירקליכונג פון ציוניזם געמוזט שטארק ליידען. סילווען לעווי'ס רעדע האט געמאכט א זעהר דערדריקענדען איינדרוק אין דער יודישער וועלט, אבער אויפ'ן 5-ראט איז איהר ווירקונג געווען א מינימאלע. אויף לענסינג'ס פראגע, וואס דארף מען פערשטעהן אונטער'ן בעגריף „נאציאנאלע היים", האט פראפ. ווייצמאן געענטפערט, אז דאס דארף מען פערשטעהן אין דעם זין, דאס קיין ארץ-ישראל זאלען איינוואנדערן יעהרליך 70 טויזענד יודען און דארט שאפען פאמעליך אזא סביבה פאר יודען, ווי אמעריקא איז פאר די אמעריקאנער און ענגלאנד פאר די ענגלענדער.

אין דערזעלבער צייט, ווען די יודישע פארשטעהער זענען געווען אויף דער שלום-קאנפערענץ אין פאריז, איז אין לאנדאן פארגעקומען צום ערשטען מאל זינט דעם אויסברוך פון דער וועלט-מלחמה אן אלוועלטליכע ציוניסטישע קאנפערענץ, וועלכע האט א טאג שפעטער אויסגעהערט דעם בעריכט פון די ציוניסטישע מנהיגים. די קאנפערענץ האט אנגענומען א רייהע וויכטיגע בעשלוסען. דאן איז אויך בעשטימט געווארען א נייער „ועד-הצירים" פאר ארץ-ישראל פון ד"ר עדער, ד"ר יעקב טהאן, ד"ר יוסף לוריא, אוסישע-

נער עטינגער, אוסישקין, אוּנזשׂענער ווילקאַנסקי, און אַלס נאָהנטסטע מיטאַרבּייטער — זשאַבּאָטינסקי און לעווין־עפּשטיין פון אַמעריקאַ.

# די אונקלאָרע לאַגע אין א״י.

דאָס לעבּען אין ארץ־ישראל איז אונטער דער מיליטערישער פערוואַלטונג געווען נישט לייכט. די מויערן פון לאַנד זיינען געווען געשלאָסען פאַר נייע איינוואַנדערער. בּלויז די, וואָס האָבּען שוין געוואוינט אַ לענגערע צייט אין ארץ־ישראל, איז געווען ערלויבּט צוריק אַריינצופאָהרען. די עקאָנאָמישע לאַגע פון לאַנד האָט זיך, אמת, געבּעסערט אין פערגלייך מיט דער לאַגע אונטער דער טערקישער הערשאַפט. דאָס האָבּען בּעוויזען די שטייער־ציפערן. די בּאַהן־פערבּינדונג ירושלים—קאַאירא א. א. וו. האָט געבּראַכט נייע לעבּען אין לאַנד. אַ בּעזונדער אַכט איז געלעגט געוואָרען אויף דער פערשענערונג פון די שטעדט, בּפרט אויף דער אויפבּויאונג פון ירושלים. נייע גאַסען זיינען געעפענט געוואָרען, גערטנער פערפלאַנצט געוואָרען, טייל לויט די פּלענער פון פּראָפ. געדדס און אַנדערע.

דערפאַר אָבּער האָט זיך די פּאָליטישע לאַגע פון יודישען ישוב אין לאַנד בּסדר פערערגערט. די אַדמיניסטראַציע, וואָס דער גרעסטער טייל פון איהרע מיטגליעדער אין נידריגע בּעאַמטע זיינען געווען אַנטיסעמיטיש אָדער אַנטי־יודיש, האָט געקוקט צווישען די פינגער אויף דער אַגיטאַציע מצד די אַראַבּישע דעמאַגאָגען, וואָס האָט שפּעטער געבּראַכט צו זעהר טרויעריגע רעזולטאַטען. די לאַגע איז, ווי געזאָגט, געווען נישט קיין קלאָרע. און עס איז פערשטענדליך, וואָס אין מאַי 1919 האָט זיך די שלום־קאָנפערענץ ענדליך געזעהן געצוואונגען צו שיקען קיין ארץ־ישראל די אינטערנאַציאָנאַלע קאָמיסיע, וואָס איז געווען בּעשטימט צו מאַכען אַן אַנקעטע בּיי דער בּעפעלקערונג פון נאָהנטען מזרח, וועמען זי פערלאַנגט אַלס מאַנדאַטאַר. דער אַלגעמיינער איינדרוק פון דער קאָמיסיע איז געווען, אַז דאָס גליקלעכסטע פאַר ארץ־ישראל איז דער ענגלישער מאַנדאַט, און ענגלאַנד'ס מאַנדאַט בּעדייט — אַ נאַציאָנאַלע היים פאַר'ן יודישען פאָלק.

אין יוני 1919 איז געקומען קיין ארץ־ישראל די ספּעציעלע קאָמיסיע פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, בּעסער געזאָגט — פון דער אַמעריקאַנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז בּעשטאַנען פון'ם אויבּער־ריכטער פון די פעראייניגטע שטאַטען לואי ד. בּראַנדייס (עהרען־פּרעזידענט פון דער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקאַ), יעקב דע האַז, דער געוועזענער נאָהנטער מיטאַרבּייטער פון הערצל'ען, פּראָפ. פרידענוואַלד, נאַלד און ראָזאָוו. נעהמענדיג אין בּעטראַכט, אַז אַמעריקאַ איז אין יענער צייט געווען די גאַנצע אויסהאַלטערין פון ישוב, איז פערשטענדליך, אַז אַ חזון אַ גרויסער פּאָליטישער בּעדייטונג, האָט דער וויזיט פון דער קאָמיסיע געהאַט אויך אַ געוואַלדיגע בּעדייטונג פאַר דער ווייטערדיגער פינאַנסירונג פון ישוב דורך דער אַמעריקאַנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

נאָך בּראַנדייס'עס אָבּרייזע האָט זיך די אַנטי־יודישע אַגיטאַציע אין לאַנד נאָך מעהר פערשטאַרקט, עס האָבּען ווייניג געהאָלפען די שעהנע הבטחות, וואָס די העכסטע מיליטער־בּעאַמטע אין לאַנד האָבּען געגעבּען בּראַנדייס'ן און אַנדערע ציוניסטישע מנהיגים. דער גובערנאַטאָר, גענעראַל סטאָרס האָט אפשר געהאַט די בּעסטע כוונות. ער האָט זיך אַפילו אויסגעלערנט העבּרעאיש און גערעדט אין דער שפּראַך אויף יודישע אסיפות, למשל, אויף דער רבנים־קאָנפערענץ אין ירושלים אין יולי 1919. אָבּער די בּעאַמטענשאַפט בּכלל, ווי געזאָגט, איז געווען אַנטי־יודיש. אין אויגוסט — סעפּטעמבּער 1919 האָבּען זיך די אַנטי־יודישע אומרוהיגעס אָנגעהויבּען פערשטאַרקען. סוף סעפּטעמבּער האָט די „קריסטליך־מאָהאַמעדאַנישע געזעלשאַפט“ אין ירושלים דערלאַנגט דעם

ענגלישער מאכט א רעזאלוציע, אין וועלכער עס איז געזאגט געווארען: „די יודישע אימיגראציע דארף פערוועהרט ווערען, און יעדער יוד, וואס קומט אין לאנד סיי אלס פרייוויליגער סאלדאט, סיי צו אן אנדער צוועק — דארף תיכף צוריקגעשיקט ווערען אין זיין היים־לאנד“. באלד נאכדעם זענען פערוועהרט געווארען צו שפיעלען און זינגען אויף עפענטליכע ערטער אלערליי נאציאנאלע הימנען. פערשטעהט זיך, אז דא האט מען געמיינט בלויז דעם יודישען נאציאנאלען הימן — די „התקוה“. בכלל איז די שטימונג אין לאנד געווארען א געשפאנטע, און באלד האבען זיך אנגעהויבען ווייזען די בריטען פון דער שלעכטער זריעה.

ווען דער מיליטערישער גענעראל־גובערנאטאר איבער ארץ־ישראל, גענעראל באלס האט אין מיטען פעברואר 1920 ערקלערט דעם רעדאקטאר פון דער אראבישער טעג־ליכער צייטונג אין ירושלים „מראת אל שרק“, אז די ענגלישע רעגירונג איז ענטשלאסען אויפצובויען אין ארץ־ישראל די צוגעזאגטע נאציאנאלע היים פאר׳ן יודישען פאלק, האט זיך אנגעהויבען א שטארקע אגיטאציע מצד א רייה דעמאגאגען און דער רעזול־טאט איז געווען די ערשטע דעמאנסטראציע און א מאחמעדאנישען פייער־טאג דעם 27־טען פעברואר. דער לאזונג פון דער דעמאנסטראציע איז געווען: פראטעסט קעגען דער ערקלערונג פון גענעראל־גובערנאטאר. אין דער דעמאנסטראציע האבען זיך בעטייליגט בלויז שטאדטישע אראבער, מייסטענס קריסטען, אבער כמעט גארנישט קיין פאלאכען (דארפס־אראבער), וועלכע זענען דריי־פערטעל פון די איינוואוינער פון לאנד. פונקט אזא אויסזעהן האט געהאט די צווייטע דעמאנסטראציע, וואס איז פארגעקומען מיט צוויי פרייטאגען שפעטער, דעם 13־טען מערץ. און דער צייט, ווען די ערשטע דעמאנסטראציע איז אריבער שטיל, האט זיך די צווייטע שוין נישט בעגנוגנט מיט בלויזע העזן־רעדעס, נאר איז אויך איבערגעגאנגען צו פיינדליכע ארויסטרעטונגען קעגען יודען. פאראלעל מיט די דעמאנסטראציעס אין ירושלים זענען אויך פארגעקומען קליי־נע דעמאנסטראציעס אין צווייטען עק לאנד, אין חיפה.

---

# טרומפעלדאר׳ס העלדען־טויט

צו יענער צייט איז געווען גאנץ אומרוהיג די לאגע אין סיריען און אויך אין צפון ארץ־ישראל, וואס איז געשטאנען אונטער דער פראנצויזישער אקופאציע. בעת די קאמ־פען פונ׳ם פראנצויזישען מיליטער מיט די אראבישע מורדים האבען גליטען מיט די קריסטליכע ישובים געליטען אויך די גרעסערע יודישע קאלאניע מטולה און די קליינע ארבייטער־ישובים תל־חי, כפר־גלעדי און חמרה. ווען י״ז שבט זענען די ארבייטער פון תל־חי אין מיטען העלען טאג בעפאלען געווארען און עס איז גע׳הרג׳עט געווארען דער ארבייטער שאר, האבען די עטליכע חלוצים פון יענע פונקטען געבעטען א שטארקע שמירה־הילף. ליידער, האט דער „ועד־הצירים“ אין ירושלים, וועלכער איז שוין דאן זינט עטליכע חדשים געפיהרט געווארען דורך דער גאנץ ענערגישער האנד פון מ. מ. אוסישקין, נישט אפגעשאצט די גאנצע ערנסטקייט פון דער לאגע. דעם 1־טען מערץ 1920 איז פארגעקומען א גרויסער אנפאל פון אן ערך 200 בעוואפענטע אראבישע מורדים אויפ׳ן ישוב תל־חי, וועלכע עס האבען פערטיידיגט די דארטיגע חלוצים מיט טרומפעלדאר׳ן בראש. עס האט זיך ענטוויקעלט א פארמעלע שלאכט. דער רעזולטאט איז געווען: זעקס הרוגים מצד די יודען, דערונטער יוסף טרומפעלדאר — יענער העלד, וואס איז געווען איינער פון די אנפיהרער פונ׳ם ערשטען יודישען לעגיאן אויף גאליפא־לי און וואס איז מיט צעהן יאהר פריהער געווען דער איינציגער יודישער ליניען־אפי־ציר אין דער רוסישער צארישער ארמעע אראנק זיין העלדישקייט און דער יאפאנישער

מלחמה. די לעבען=געבליבענע חלוצים פון תל=חי האבען זיך צוריקגעצויגען, פערברענענדיג הינטער זיך די עטליכע געביידעס פון דעם דאזיגען ישוב.

## דער פאגראם אין ירושלים.

דער אנפאל אויף תל=חי און דער העלדען=טויט פון יוסף טרומפעלדאר האבען געמאכט א געוואלדיגען איינדרוק אין לאנד, אבער נאך איידער מען האט בעוויזען זיך צו אריענטירען אין דער לאגע, זענען געקומען די טרויעריגע געשעהענישען אין ירושלים. נאך די ערשטע צוויי דעמאנסטראציעס איז געקומען די דריטע אום פסח, דעם 4=טען אפריל, בשעת'ן יום=טוב „נעבי=מוסאה". א גרויסע פראצעסיע האט זיך געלאזט צום יפו'ער טויער. בעת די רעדעס איז אויפגעהויבען געווארען דאס בילד פון עמיר פייזול און ער איז פראקלאמירט געווארען אלס „קעניג פון סיריען און פאלעסטינא". עס האט זיך דערהערט א שאס. פראוואקאטארען, וואס האבען אליין די שיסעריי איינגעארדענט, האבען באלד אגיטירט, אז דאס האבען יודען געשאסען אויף דער הייליגער יום=טוב'דיגער פראצעסיע. עס האט זיך אנגעהויבען א געשלעג, וואס האט געפיהרט צו א פאגראם. די אונרוהען האבען געדויערט דריי טעג. דאס רעזולטאט איז געוועזען: 8 דערהרג'עטע יודען, 200 פערוואונדעטע, 2 געשענדעטע יודישע פרויען און א היבשע צאהל געהרג'עטע און פערוואונדעטע אראבער. די בעציהונג פון דער מיליטערישער אדמיניסטראציע איז געוועזען א פערדעכטיגע. די העכערע מאכט האט ניט ערלויבט אין די פאגראם=טעג קיין יודישען זעלבסט=שוץ, און ווען אזא זעלבסט=שוץ איז דורך זשאבאטינסקי'ן און אנדערע דאך איינגעארדענט געווארען און האט זיך אויסגעצייכענט אין דער פערטיידיגונג, ניט דערלאזענדיג אין זיין ראיאן קיין אונרוהען, איז ער דורך דער פאליציי און מיליטערישער מאכט געשטערט און דאן ארעסטירט געווארען און אין עטליכע טעג ארום איז געשאפען געווארען א קריגס=געריכט, וואס האט 20 מאן פון דאזיגען זעלבסט=שוץ, דערונטער זשאבאטינסקי'ן אליין, פערמישפט אויף 15 יאהר שווערע תפיסה. ווען זשאבאטינסקי האט געזאגט אין געריכט, אז אויף דער בעשולדיגונגס=באנק דארף זיצען ניט ער מיט זיינע חברים, נאר די אדמיניסטראציע פון לאנד מיט'ן גענעראל באלס און קאלאנעל סטארס בראש, האבען זיינע ריכטיגע ווערטער געפונען אן אבקלאנג אין דער וועלט. אבער ניט קוקענדיג אויף די מאסען פראטעסטען מצד יודישע און ניט=יודישע קערפערשאפטען פון פערשיעדענע לענדער געגען דער פעראורטיילונג פון זשאבאטינסקי'ן, איז ער מיט זיינע חברים אריינגעזעצט געווארען אין דער תפיסה פון עכו און איז דארט פערבליבען אזוי לאנג, ביז אין גיכען האט זיך געביטען די אויבערשטע אדמיניסטראציע און צוזאמען מיט איהר די לייטזוניגע, שוואכע און אין א געוויסען זין אנטי=יודישע פאליטיק אין ארץ=ישראל.

## דער אקט פון סאן=רעמא.

דער צוזאמענשטויס אין ירושלים איז דאן ניט אהן רעכט בעצייכענט געווארען אזוי דער ערשטע אלס די חבלי=הגאולה, וואס האבען געמוזט ברענגען צו מעהר ענטשיידענדע שריט בנוגע צו דער פערווירקליכונג פון די יודישע האפנונגען. דעם 24=טען אפריל 1920 איז אויף דער פרעמיערען=קאנפערענץ אין סאן=רעמא בעשלאסען געווארען אריינצונעהמען די באלפור=דעקלאראציע בנוגע ארץ=ישראל אין'ם שלום=טראקטאט, וואס די קאאליציע שליסט מיט טערקיי (אונטערגעשריבען דעם 10=טען אויגוסט 1920). דער דאזיגער פאקט, וועלכער איז פון נארדוי'ן אנגערופען געווארען „דער צווייטער בלאט פון דער נייער יודישער געשיכטע" (נאך דער באלפור=דעקלאראציע),

האט א בוסעל בערוהיגט דעם יודישען נאציאנאלען לאגער און אויך די בעפעלקערונג פון ארץ־ישראל. שפעטער האט זיך די פאליטיק פון דער ענגלישער צענטראלער רעגירונג בנוגע ארץ־ישראל נאכמעהר אויסקריסטאליזירט.

אין מאי 1920 איז סער הערבערט סעמיועל, דער געוועזענער ענגלישער פאסט־מיניסטער און דאן אינערן־מיניסטער, בעשטימט געווארען אלס הוי־קאמישיאנער, ה. ה. אויבערשטער פערוואלטער פון ארץ־ישראל. סעמיועל איז שוין מיט א פערטעל יאהר פריהער געווען אין לאנד מיט א צוויי־חדשים'דיגען בעזוך אלס ספעציעלער קאנטראלער פון דער אדמיניסטראציע און האט זיך געהאט בעקענט מיט די פערהעלטנישען, דערונטער מיט די יודישע. ער איז אויך דורך זיין בעזוך פערבונדען געווארען מיט די יודען אין לאנד דורך א משפחה־באנד (זיין זוהן עדווין האט זיך משדך געווען מיט דער טאכטער פון בעקאנטען העברעאישען שריפטשטעלער — פעדאגאג יהודה גראזאווסקי). סעמיועל (דער „נציב העליון“, ווי די יודען אין ארץ־ישראל רופען איהם) האט זיך בכלל צווישען די יודען אין ארץ־ישראל איינגעפונען באלד פון אנהויב, ווי אן איינגענער, און אלס אזעלכער ווערט ער כסדר בעטראכט.

## אונטער סעמיועל'ס פערוואלטונג.

אין'ם בריעף, וואס דער ענגלישער קעניג האט סעמיועל'ן מיטגעגעבען צו די איינוואוינער פון לאנד און וועלכען סעמיועל האט פארגעלייענט פאר די פארשטעהער פון דער גאנצער בעפעלקערונג אין ירושלים און אין חיפה, איז בעטאנט געווארען די שאפונג פון א יודישער נאציאנאלער היים. לויט דער פעראָרדנונג פון דער צענטראלער רעגירונג אין לאנדאן, איז איינגעפיהרט געווארען א ציווילע אדמיניסטראציע אין לאנד. צום נציב העליון איז אויסגעוועהלט געווארען א בייראט פון פארשטעהער פון דער לאנד־בעפעלקערונג, צו גלייכע דריטעל פון יודען, מאהמעדאנער און קריסטען. עס איז איינגעפיהרט געווארען דאס דריי־שפראכען־סיסטעם: ענגליש, העברעאיש און אראביש. דאס קויפען און פערקויפען ערד איז ערלויבט געווארען. די אימיגראציע איז פערלייכטערט געווארען, בפרט ווען דער משרד־העליה פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע נעהמט איבער זיך די אחריות פאר'ן איינוואנדערער. סעמיועל האט אויך באלד ערקלערט אן אלגעמיינע אמניסטיע, דערונטער אויך פאר זשאבאטינסקי'ן און זיינע חברים, וועלכע האבען אבער דערמיט זיך נישט בענוגענט און פערלאנגט א רעוויזיע פונ'ם פראצעס, דורך וועלכער זיי זענען ענדליך רעהאביליטירט געווארען.

דער יודישער ישוב אין ארץ־ישראל האט אונטער סעמיועל'ס אדמיניסטראציע ערשט רעכט איינגעלעבט. די פריהער אונטערדריקטע איניציאטיוו און טעטיגקייט האט זיך אנגעהויבען ארויסווייזען אומעטום. פאראלעל דערמיט האט זיך אנגעהויבען די שטארקע ארבייט לטובת ארץ־ישראל אין דער גרויסער וועלט. אין יולי 1920 איז פארגעקומען די גרויסע ציוניסטישע קאנפערענץ אין לאנדאן אונטער בראנדייס'עס פארזיץ. ווייצמאנ'ען און סאקאלאוו'ן איז ווייטער איבערגעגעבען געווארען די הויפט־הנהגה פון דער ארגאניזאציע. עס זענען צוגעצויגען געווארען צו פעראנטווארטליכע ארבייטען בערימטע פערזענליכקייטען, וועלכע זענען ביז־אהער געווען פאסיווע ציוניסטען. אזוי איז אן דער שפיץ פון פינאנציעלען ראט געשטעלט געווארען דער מיניסטער פאר עפענטליכע ארבייטען אין ענגלאנד, סער אלפרעד מאנד. עס האט זיך אנגעהויבען אין דער גאנצער וועלט די זאמלונג פאר'ן „קרן היסוד“ (גרינדונגס־פאנד) אין דער סומע פון 25 מיליאן פונט שטערלינג, וועלכע זענען נויטיג אין די ערשטע יאהרען פאר דער אויפבויאונג פון ארץ־ישראל.

# די אָרגאַניזירונג פונ׳ם ייִדישן לעבן

דאָס ייִדנטום אין ארץ=ישראל איז, ווי עס פּאַסט אין דעם גרויסן היסטאָרישן מאָמענט, צוגעטראָטן צו זײַן גרונדליכער אָרגאַניזירונג. דער „ועד הזמני ליהודי ארץ=ישראל“ (צײַטווײַליגער קאָמיטעט פון די ייִדן אין א״י), וועלכער איז געשאַפן געוואָרען באַלד נאָכדעם ווי גענעראַל אַלענבי האָט אײַנגענומען יהודה, מיט׳ן צוועק צונויפצורופן די קאָנסטיטואַנטע פונ׳ם ייִדנטום אין ארץ=ישראל, האָט ענדליך נאָך אײניגע אומגעלונגענע פּרוּוון (צוליב דער אומקלאָרער פּאָליטישער לאַגע) זײַן מיסיע ערפילט: כ״ה תשרי תרפ״א איז די „אספת הנבחרים“ אָדער קאָנסטיטואַנטע געעפנט געוואָרען אין ירושלים. עס זענען געוועהלט געוואָרען פאָרשטעהער פון אַלע שיכטען; עס האָבען זיך אויך בעטייליגט פרויען=דעפּוטאַטינס. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז אַ קליינע צאָהל עקסט=אָרטאָדאָקסישע דעפּוטאַטען, וואָס האָבען פאָרטראָטען אַנ׳ערך 10% פונ׳ם ישוב, האָבען זיך אָבגעזאָגט צו בעטייליגען אין די זיצונגען, אָבער אויף דער אַרבייט און אויטאָריטעט פון דער „אספת הנבחרים“ האָט דאָס קיין שום איינפלוס ניט געהאַט. די ערשטע סעסיע פון דער „אספת הנבחרים“ האָט אויסגעוועהלט אַ ועד=לאומי (נאַציאָנאַלער קאָמיטעט), וועלכער איז דער לעגאַלער פאָרשטעהער פונ׳ם ייִדישן ישוב אין ארץ=ישראל כלפי=פנים און כלפי=חוץ.

די אײַנוואַנדערונג אין ארץ=ישראל האָט זיך בעזונדערס פערשטאַרקט אין די ערשטע ווינטער=חדשים פון תרפ״א, אַזוי אַז אין די ערשטע חדשים פון 1921 האָט די ייִדישע בעפעלקערונג אין לאַנד, וועלכע האָט זיך במשך פון דער מלחמה פערקלענערט אויף צוויי דריטעל, שוין (שיער) שוין דערגרייכט צו דערזעלבער צאָהל, ווי פאַר׳ן אויסברוך פון וועלט=קריעג. די צאָהל חלוצים וואַקסט פון וואָך צו וואָך. עס פערשטאַרקט זיך די קאָאָפּעראַטיווע בעוועגונג. עס פיהלט זיך אומעטום דער פולס פון אַנ׳עכט ייִדיש לעבען מיט אַלע זײַנע אינסטיטוציעס, אנהויבענדיג פון די לעהר=אַנשטאַלטען און ענדיגענדיג מיט׳ן משפטי=השלום, דאָס ייִדישע פריעדענס=געריכט, וואָס האָט לעצטענס געהאַט 23 אָבטיילונגען אין די שטעדט און קאָלאָניעס מיט 245 ריכטער. אויך דאָס אויבערשטע רבנישע געריכט אין לאַנד איז קאָנסטיטואירט געוואָרען אויף דער רבנים=קאָנפערענץ (פעברואַר, 1921) אין ירושלים; די קאָנסטיטואירונג איז פאָרגעקומען אין אַזאַ פאָרם, וואָס איז ביז איצט געווען פרעמד אין ארץ=ישראל, דהיינו דורך אַ פעראייניגונג פון אשכנז׳ישען און ספרד׳ישען בית=דין מיט צוויי פרעזידענטען (חכם יעקב מאיר אלס נשיא און הרב קוק אלס אב=בית=דין).

די עפענטליך=רעכטליכע לאַגע פון דער ייִדישער היים אין ארץ=ישראל האָט בכלל אנגעהויבען אננעהמען וואָס ווייטער אַלץ מעהר אַ רעאַלערע פאָרם אינ׳ם זין פונ׳ם מאַנדאַט=פראָעקט, וואָס דאַרף אין גיכען בעשטעטיגט ווערען דורכ׳ן פעלקער=בונד, און אַלס רעאַקציע געגען דעם האָבען די אַראַבישע אַגיטאַטאָרען ווידער בעגינט זייער אַרבייט. אין חיפה איז אין פעברואַר פאָרגעקומען דער אַזוי=גערופענער „אַראַבישער קאָנגרעס“, וועלכער האָט אַרויסגעטראָגען אַ פּראָטעסט געגען דער שאַפונג פון דער ייִדישער היים און געגען דער פרייער אימיגראַציע פון ייִדען אין לאַנד, פערלאַנגענדיג אָבצושאַפען דעם אַקט פון סאַן=רעמאָ. אויף ווי ווייט דער דאָזיגער „קאָנגרעס“ איז ניט געווען דער אויסדרוק פונ׳ם גרעסטען טייל אַראַבישע אײַנוואוינער אין ארץ=ישראל און זייערעווירקליכע אינטערעסען, בעווייזט דער פאַקט, וואָס בלויז איין וואָך נאָכ׳ן „קאָנגרעס“ האָט זיך אַ גרופּע אַראַבישע עסקנים פון פערשיעדענע געגענדען, בפרט פון ירושלים, דערונטער פאָרשטעהער פון די ירושלים׳ער אַראַבישע בעלי=מלאכות=פעראיינען, פאָר=געשטעלט פאַר׳ן נציב העליון הערבערט סעמיועל און איהם ערקלערט, אַז זיי זענען

געגען חיפה׳ער קאנגרעס און זיינע החלטות. עס איז איבריגענס זיכער, אז די ארץ-ישראל׳דיגע אראבער וועלען זיך גאר אין גיכען איינלעבען מיט׳ן געדאנק, אז ארץ-ישראל איז די יודישע נאציאנאלע היים.

## די גרעניצען.

די פראגע פון די גרעניצען צווישען ארץ-ישראל און סיריען, דעמליכער געזאגט: צווישען ענגלישען מאנדאט-געביט און פראנצויזישען מאנדאט-געביט, וואס איז א צייט לאנג געווען א שווער פראבלעם, איז ענדליך לעצטענס געלעזט געווארען דורכ׳ן ענגליש-פראנצויזישען טראקטאט וועגען דער איינטיילונג פון די מאנדאט-געביטען אין נאהענטען מזרח. די גרעניץ איז בערך פאלגענדע: פונ׳ם פונקט נסיב (נציב), וועלכער ליעגט ביי דער כעדזשאס-באהן, געהט די גרעניץ אין א גלייכען פאס ביז דער באהן-סטאציע סעמאך (צמח) אויפ׳ן ים-כנרת. דער באהן-קנופ דעראה (אדרעי) בלייבט אין פראנצויזישען רשות. ווייטער געהט די גרעניץ דורכ׳ן יארמוק-טהאל, נישט ווייט אבגערוקט פון דער ברייטער באהן-ליניע, וואס קומט פון דמשק, ציהט זיך לינקס פון ירדן, מי-מרום און חולה-געגענד ביז׳ן הארף באניאס איבער דער קאלאניע מטולה, די סאמע צפונ׳דיגסטע יודישע קאלאניע, וועלכע בלייבט אינ׳ם שטח פון ארץ-ישראל, ד. ה. אונטער ענגלאנד׳ס שוץ. די וואסער-קראפט פון ליטאני און יארמוק, וועלכע ליעגען אין פראנצויזישען שטח, האט די יודישע נאציאנאלע היים דאס רעכט אויסצונוצען. פון מטולה קריממט זיך די גרעניץ-ליניע און געהט אראב צום מיטעללענדישען ים ביז ראס-אל-נאקורא (סולם-צור). א ספעציעלע ענגליש-פראנצויזישע קאמיסיע וועט נאך בעשטימען די איינצעלהייטען פון דער גרעניץ. דאס בעשטימען די מזרח-גרעניצע פון ארץ-ישראל און עבר-הירדן, צו דרום פון די חורן-בערג, און אויך די דרום-גרעניצע וועט דורכגעפיהרט ווערען דורך א ספעציעלען אבמאך צווישען דער ענגלישער רעגירונג און דער ציוניסטישער ארגאניזאציע. בכלל זענען די גרעניצען פאר ארץ-ישראל גינסטיגער, ווי מען האט געקאנט ערווארטען לויט׳ן ענגליש-פראנצויזישען אבמאך פון 1916. דאס וויכטיגסטע דערביי איז, וואס דער גאנצער ירדן, אנהויבענדיג פון דעם ארט, וואו עס פעראייניגען זיך זיינע דריי קוואלען (ביים הארף באניאס) ביז׳ן אויספלאז, געפינט זיך אינ׳ם שטח פון דער יודישער נאציאנאלער היים.

## גרויסע פלענער און גרויסע אויסזיכטען.

דער ירדן און זיין וואסער-קראפט - וועט שפּיעלען א גרויסע ראליע ביי דער אויפלעבונג פון ארץ-ישראל. הערצל בויט זיין „אלטניילאנד“ הויפטזעכליך אויף דעם דאזיגען אונגעהייערן אוצר, אויפ׳ן מעכאנישען כח, וואס דער שטארקער ירדן-שטראם קאן געבען; לויט די נייעסטע אויסרעכנונגען וואלט אן עלעקטראפיקאטארישע סטאציע אויפ׳ן ירדן געקאנט געבען העכער צוויי הונדערט-טויזענד פערד-קראפט. אויף דעם באדען באזירט אויך דער גראנדיעזער בעוואסערונגס-און עלעקטריפיקאציע-פלאן פון אינזשענער רוטענבערג.

די פעראינטערעסירונג מיט דער פראקטישער ארבייט אין ארץ-ישראל און דער בעגעהר דארט צו בעזעצען זיך איז נאך קיינמאל נישט געווען אזוי שטארק אין דער יודישער וועלט, ווי אין דער לעצטער צייט. די אגיטאציע-רייזע פון דזשיימס דע-ראטשילד, דער זוהן פון נדיב הידוע (דעם פאריזער באראן עדמונד ראטשילד) קיין אמעריקא האט געהאט א בעדייטענדען ערפאלג; עס איז, לויט בראנדייס׳עס פראיעקט, געשאפען געווארען אן עקאנאמישער ראט פאר׳ן אויפבוי פון ארץ-ישראל, און וועלכען

עס געהען אַרײַן אויך נישט קיין פּאַרטײ-ציוניסטען. אַ בעדײַטונג האָט אויך צוגעשריבען װערען דער נסיעה פון מיניסטער אַלפרעד מאָנד, דעם פאָרזיצענדען פון עקאָנאָמישען ראַט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, צוזאַמען מיט פּראָפ. װײצמאַן קײן ארץ-ישראל אין חודש יאַנואַר 1921. מאָנד, װעלכער רעכענט זיך פאַר זעהר אויטאָריטעט אויף דעם געביט, זאָגט-פאָר די בעסטע אויסזיכטען פאַר דער עקאָנאָמישער אויפלעבונג פון לאַנד.

דאָס לעצטע װאָרט האָט דאָס יודענטהום אין אַמעריקאַ, װאו עס קומען פאָר אין דעם יעצטיגען מאָמענט, װען מיר שרײַבען די דאָזיגע שורות, אונטערהאַנדלונגען צװישען די פיהרער פון אַמעריקאַנער ציוניזם (בראַנדײַס און מעק), װעלכע פאָדערן ריין פּראַקטישע קאָנסטרוקטיװע אַרבײט אין ארץ-ישראל, װי אויך פּריװאַטע איניציאַטיװ, און דער דעלעגאַציע פון דער לאָנדאָנער לײטונג, װאָס בראש פון איהר שטעהען װײצמאַן און אוסישקין מיט זײער פּאָסטולאַט פון קולטורעלער טעטיגקײט און געזעלשאַפטליכער איניציאַטיװ. מ'דאַרף גלויבען, אַז די בײדע ריכטונגען װעלען קומען צו אַן אײנגלײַך, װאָס עס װעט אַ סך מיטװירקען צו בעזײטיגען די פינאַנציעלע שװעריגקײטען פון דער אַרבײט אין ארץ-ישראל און צו פערשטאַרקען און פערברײטערן די דאָרטיגע אויפבויאונגס-פּלענער.

אַפּריל 1921.

---

חיים בן נתן.

# ביבליאָגראַפיע.

## „מאַטעריאַלען צו דער יודען־פראַגע אין פּוילען".

אַנ'אָנגעהייער שווערע, אָבער אויך קאָלאָסאַל ווילטיגע אַרבייט האָט, אין פליג, אויף זיך גענומען דאָס פּרעסע־ביוראָ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פּוילען, נעמליך — אַרויסצוגעבען אין דער פּוילישער שפּראַך „מאַטעריאַלען צו דער יודענפראַגע אין פּוילען"*)

אונגעהויער שווער דאַרף זיין די דאָזיגע אַרבייט, ווארום די יודען־פראַגע אין פּוילען איז דאָך נישט קיין נייע. נישט פון היינט אָן עקזיסטירט זי; אַלט איז זי, ווי אַלט עס איז דער יודישער ישוב אין פּוילען, דאָס הייסט אַג'ערך 800—1000 יאָהר לעבט זי שוין, לעבט און שטענדיג איז זי הייס, ברענענדיג. און פונאַנדערגעצווייגט איז זי. נישט אויף געביט, נאָר דאָס גאַנצע לעבען נעהמט זי אַרום. דערפאַר טאַקע איז זי אַזוי שטאַרק פערפלאָנטערט, אַזוי אונפערשטענדליך, אַז טאַקע פּשוט „לית נגר ובר נגר דיפרקינה" (עס איז נישטאָ קיין מייסטער און קיין מייסטער'ס זוהן, וואָס זאָל זי קאָנען לעזען). אונפערשטענדליך זענען פאַר אונז אַ מאַסע ערשיינונגען אין דער געשיכטע פון יודען אין פּוילען און ממילא קאָנען מיר זיך נישט גוט אָריענטירען אין דער יודען־פראַגע אין דער היינטיגער צייט. סוף כל סוף, נאָך אַלע חקירות און נאָך די פיעל ספרים, וואָס זענען געשריבען געוואָרען איבער דער געשיכטע פון יודען אין פּוילען, פערשטעהען מיר נאָך אַלץ נישט, פאַרוואָס האָבען זיך פאַרט יודען געהאַלטען אין די מדינות פון דער אַמאָליגער פּוילישער רעפּובליק פיעל מעהר, ווי אין אַלע אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער. מיר ווייסען גוט, אַז בעת די גזירות פון ת"ח ות"ט זענען אַ מאַסע יודישע קהלות חרוב געוואָרען, מאַסען יודען פון די, וואָס זענען נצול געוואָרען פון טויט, האָבען אויסגעוואַנדערט אין פערשיעדענע לענדער און דאָס ביסעל איבריגע זענען געבליבען פעראָרימט, פערפינסטערט, געיאָגט און געפּלאָגט דורך גזירות, רדיפות, צרות און גירושים פון פיעל שטעדט. און דאָך איז די צאָהל פון יודען אין פּוילען געווען און געבליבען ביז היינט גרעסער, ווי אין אַלע אַנדערע לענדער.

פּוילען איז פונאַנדערגעריסען געוואָרען דורך דריי גרויסע מלוכות: רוסלאַנד, פּרייסען און עסטרייך (1795) און דאָ האָט זיך ערשט אויף רעכט אָנגעהויבען אַ גרויסער, שרעקליכער פּלאָנטער אין דער יודען־פראַגע אין פּוילען. יעדע איינציגע פון די דאָזיגע מלוכות האָט אויף איהר שטייגער אויסגענוצט די יודען־פראַגע צו איהרע צוועקען, צו איהרע אינטריגעס, אום צו קאָנען בעדריקען דאָס פּוילישע פאָלק, אום מעהר און בעסער צו קאָנען איינשלינגען און פערדייען דעם גזלנ'ישען רויב.

*) Materjały w sprawie żydowskiej w Polsce, pod redakcją I. Grünbauma.

-מאַטעריאַלען צו אַזאַ פראַגע מוזען נישט און קאָנען נישט געזאַמעלט ווערען „חפּ־לאַפּ", מעשה מאַנדעט, דורך אַבי־וועמען, על רגל אחת. אַ מאַסע אונגעהויערע אַרבייט פערלאַנגט זי און דווקא זהיר מוכיחים מוז זי געמאַכט ווערען, און מענשען דאַרף מען צו איהר נישט וועניג צו ציהען. צו יעדען צווייגעל פון דער דאָזיגער פראַגע מיז מען אַנ'אַנדער מענשען האָבען, און יעדער מענש מוז זיין אַ בקי און זיין געבויט. ער מוז גוט קענען דעם צווייג, דעם טייל פון דער פראַגע, צו וועלכער ער דאַרף דעם מאַטעריאַל זאַמלען.

קאָלאָסאַל איז אַזאַ אונטערנעהמונג. זי לוינט זיך אָבער און נויטווענדיג איז זי זעהר. נויטווענדיג דווקא און זייער פּוילישער שפּראַך — פאַר יודישע און נאָך מעהר פאַר פּוילישע פּאָליטיקער. אָהן איהר קאָן מען גאָר נישט אָנהויבען טראַכטען וועגען ריכטיג פערשטעהן די דאָזיגע שאַרפע און ביטערע פראַגע, און ממילא אויך וועגען געפינען אַ ריכטיגען וועג, זי צו לעזען.

אַט זענען איצט פעראייניגט געוואָרען די פּוילישע פּראָווינצען פון אַלע דריי „זאַבאָרען", און פון זיי אַלע קומען זיך צונויף אויסגעוועהלטע מענשען צו בעטראַכטען אַלע פראַגען, וואָס זענען נוגע דער פּוילישער מלוכה, און צווישען זיי אויך די יודען־פראַגע. הויבט מען אָן וועגען דער דאָזיגער פראַגע צו שמועסען, האַלט זיך יעדער פאַר קאָמפּעטענט, פאַר אַ מומחה, ער האָט וועגען איהר עפּיס געלייענט אַרטיקלען און נאָטיצען אין זיין צייטונג, עפּיס ביכלעך און בראָשורען, אָדער ער האָט גאָרנישט געלייענט, נאָר גלאַט געזעהן מיט זיינע אייגענע אויגען. און געזעהן האָט מען טאַקע, נור יעדער האָט אַנדערש געזעהן און קיינער האָט נישט ריכטיג פערשטאַנען, וואָס ער האָט געזעהן. דער, וואָס שטאַמט פון פּרייסישען „זאַבאָר", האָט געזעהן אַנדערש, פון עסטרייכישען — אַנדערש, און פון רוסישען — גאָר עפּיס אַנדערש, — אַלין לויט די געהיימע פּאָליטישע אינטריגעס פון יעדער רעגירונג, פון יעדען „זאַבאָר" בעזונדער, און זעהר שווער איז זיך צו אָריענטירען אין דעם גרויסען לאַבירינט פון די פיעל פערשיעדענע פּאָליטישע קאָמבינאַציעס. קיינער גיט זיך אַפילו נישט אָב קיין חשבון דערפון, אַז אפילו דער רוב פון די צייטונגס־אַרטיקלען און נאָטיצען, ווי אויך ביכלעך און בראָשורען, וואָס האָבען זיך בעשעפטיגט מיט דער יודען־פראַגע, געהערען אויך צו יענע קאָמבינאַציעס. פון דער ענטוויקלונג פון דער דאָזיגער פראַגע האָט אודאי און אודאי קיינער פון די פּאָליטיקער קיין בעגריף ניט. אַפילו אונזערע, יודישע פּאָליטיקער — זאָל עס זיי צו קיין גנאי נישט זיין! — קאָנען אויך אין דער הינזיכט נישט פיעל אויפקלערען.

אַזאַ געזאַמעלטער מאַטעריאַל, ווי מיר האָבען דערמאָהנט, וואָלט געקאָנט עפענען די אויגען, קלאָר מאַכען דעם קאָפּ פון די, וואָס ווילען אויף אַנ'אמת לעזען די יודען־פראַגע אין פּוילען. די יודישע פּאָליטיקער וואָלטען פון איהם פיעל געלערנט און די פּוילישע וואָלטען געזעהן און געשטוינט. פיעל, זעהר פיעל ערשיינונגען, וואָס זענען ביז איצט אַזוי שטאַרק אונפערשטענדליך, וואָלטען מיט אַמאָל געוואָרען קלאָר, ווי דער טאָג. מען וואָלט זיך אַרומגעקוקט און מיט אַמאָל פערשטאַנען, וואָס עס האָט זיך אָבגעטהון אין דער יודען־פראַגע אין אַלע דריי „זאַבאָרען" פאַר דער מלחמה און בעת דער מלחמה. מען וואָלט דערזעהן, וועמענס הענד עס האָבען געקערעוועט מיט דעם באַיקאָט, וואָס איז ענטשטאַנען אין רוסישען „זאַבאָר" פאַר דער מלחמה, מיט די מעשים, וואָס זענען אָבגעטהון געוואָרען מיט יודען, בעת דער מלחמה און דערנאָך, ווען פּוילען איז פריי געוואָרען, און אַפילו מיט מעשה־האַלערטשיקעס און מעשה־יאַבלאָנאַ, צוליעב וואָס און צוליעב וועמען דאָס אַלץ איז געמאַכט געוואָרען און וועמען דאָס האָט גענוצט. און די גאַנצע ענטוויקלונג פון דער יודען־פראַגע מיט איהר גאַנצער הערבקייט

וואָלט מען ביילט געזען. און עס איז זיכער, אַז ביי די אמת'ע, אויפריכטיגע פוילישע פּאַטריאָטען וואָלט באַלד קלאָר געוואָרען, אַז אַ פרייע פוילען, וואָס שטרעבט צו זיין נישט אָבהענגיג פון אַנדערע און וויל זיך נישט לאָזען פערפיהרען פון פרעמדע אינטריגעס, מוז און קאָן גינסטיג לעזען די יודען־פראַגע.

---

אַזוי פערשטעהען מיר דעם ענין פון זאַמלען, צונויפשטעלען און דרוקען מאַטעריאַלען צו דער יודען־פראַגע אין פוילען. אַנדערש אויפפאַסען די זאַך קאָן נישט קיין שום מענש, וואָס האָט אַ בעגריף וועגען מאַטעריאַלען צו עפּיס אַ פראַגע.

ווייזט זיך אָבער אַרוים, אַז דאָס פרעסע־ביוראָ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פוילען האָט דאָס אַליין אפילו אין זינען נישט געהאַט, ווען עס איז צוגעטראָטען דרוקען די „מאַטעריאַלען". דאָס ביוראָ האָט זיך די זאַך פאָרגעשטעלט זעהר לייכט און נאָך לייכטער זי אויסגעפיהרט. זאַמלען די מאַטעריאַלען — צו וואָס? צו ווען? מען קאָן דאָך נעהמען מן המוכן, פון גרייטע. מען איז דאָך אַ „פרעסע־ביוראָ", וואָס שיקט פונאַנדער די צייטונגען אַקטועלען מאַטעריאַל. די פוילישע צייטונגען דרוקען איהם נישט. די יודישע דרוקען איהם יאָ, איז ער אָבער אין זיי צעוואָרפען און געהט פאַרביי אַ געוויסע צייט, ווערט ער איינגאַנצען פערגעסען. נעהמט מען און מען דרוקט איהם אָב אין בעזונדערע העפטען, קאָנען איהם לעזען פּאָליאַקען און ביי יודען בלייבט ער לזכרון. וויל כיען, גיט מען נאָך צו דאָס אָדער יענס, וואָס האָט יאָ אַ שייכות צו דער יודען־פראַגע אין פוילען און עס איז אין די צייטונגען נישט געדרוקט געוואָרען, און — פאַרטיג אַ העפטעל „מאַטעריאַלען צו דער יודען־פראַגע אין פוילען".

דאָס ערשטע העפטעל „מאַטעריאַלען"*) ענטהאַלט בלויז אַזעלכע זאַכען, וואָס זענען אין זייער צייט פונאַנדערגעשיקט געוואָרען די צייטונגען, און טאַקע שוין דאָס ערשטע שטיקעל „מאַטעריאַל" דערווייזט, ווי ווייט מיר קאָנען זיך נישט אָריענטירען אין דער סיטואַציע, ווי ווייט מיר פערשטעהען נישט די ערשיינונגען און די געשעהענישען אין ווי ניטווענדיג עס איז אונז נישט פון היינט אָן צו זאַמלען אמת־ווירקליכע מאַטעריאַלען, כדי מיר זאָלען נישט בלאָנדזשען אין דער פינסטער און מיר זאָלען יאָ פערשטעהן, וואָס אַרום אונז און מיט אונז ווערט געטהון.

דער ערשטער „אַרויספאָהר" פון די „מאַטעריאַלען" איז „אַ מעלדונג וועגען אַנפאַלען אויף יודען", וואָס ה' יצחק גרינבוים האָט אין נאָמען פון צ.־ק. פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פאָרגעלעזען אויף דער קאָנפערענץ פון די ציוניסטישע פערטרויאונגס־מענער, וואָס איז פאָרגעקומען אין וואַרשא דעם 21. און 22. אָקטאָבער 1918, דאָס היינט כמעט באַלד דערנאָך ווי פוילען איז בעפרייט געוואָרען.

ווי מיר געדענקען, האָבען זיך אין וואַרשא אָנגעהויבען די אַנפאַלען אויף יודען באַלד ווי נור מען האָט דערשפירט, אַז די דייטשען מאַכען עפּיס הכנות צו פערלאָזען דאָס לאַנד. עס האָבען זיך אין שטאָדט בעוויזען העץ־פּלאַקאַטען פון דער „קאָנסומענטען־ליגע" ביי דעם „ראַזוואָי", און דערנאָך, ווען די דייטשען זענען שוין נישט געווען, זענען פונאַנדערגעקלעבט געוואָרען נייע, פיעל שאַרפערע העץ־אויפרופען פון דעם גלח לוטאָסלאַווסקי און פון איינעם, וואָס האָט זיך אונטערגעשריבען מיט אַ פּסעוודאָנים „אָרסקי", און דאַן האָבען זיך די אַנפאַלען אויף יודען געמעהרט און געשטאַרקט.

אין דער דערמאָהנטער „מעלדונג" ווערען דערמאָהנט בלויז די אויפרופען פון דעם דערמאָהנטען „אָרסקי". עס ווערט אויך געזאָגט, אַז עס ווערען פערשפרייט קלאַנגען וועגען דעם דאָזיגען „אָרסקי", אַז פּילסודסקי אַליין שרייבט זיך אַזוי אונטער. און

---

*) ערשינען אין וואַרשא 1919 (69 זייטען), אונטער דער ליטונג פון נתן שוואַלבע און אונטער דער רעדאַקציע פון י. גרינבוים.

רעדיצ... ווערט, אַז דעם 14. אָקטאָבער, ווען וואַרשא האָט געפייערט דעם יום־טוב פון פרייהייט, זענען יודען בעפאַלען און געשלאָגען געוואָרען; „עהנליכע שענדליכע מעשים האָבען זיך ווידערהאָלט אויף אייניגע פון די וואַרשאַווער פּלעצער“.

גאָלדעם, ווי עס ווערט דערצעהלט, אַז „אויך אויף דער פּראָווינץ ווערען געמאַכט פאַרברייטונגען צו שלאָגען יודען“ (דאָס איז אַלץ, וואָס די פּאָליטיקער פון ציוניסטישען צ.־ק. האָבען דערמאָלט געוואוסט!..) און אַז מען שטעלט פאַר אַלע יודען אַלס באַלשעוויקעס, ווערט אָבגעגעבען אַ מין דעקלאַראַציע, אַז מען איז, חס ושלום, נישט חושד קיין שום פּוילישע פּאַרטיי, אַז זי האָט געזאָלט צולעגען איהר האַנד צו די דאָזיגע מעשים.

„גוואַלד!“ — רופט־אויס דער צ.־ק. אין זיין „מעלדונג“ — דאָס איז אַן אומגליקליכע זאַך, אַז עס זאָלען זיך געפינען פאַרטייען, וואָס בעגרייפען נישט, אַז אַזוינע שענדליכע מעשים גיבען די פיינד פון פּוילען אַ מעגליכקייט, איהר צו מהון פּועל שלעכטס; וואָס בעגרייפען נישט, אַז מיט זייערע אייגענע הענד האַלטען זיי אויף דעם מאָמענט פון דער ענדגילטיגער בעפרייאונג“.

דאָס הייסט — אַריענטירט זיך, דאָס הייסט — פערשטעהן, וויסען, וואָס אַרום זיך ווערט געטהון!

און אפשר איז דאָס ווייניג, נאָך אַ מאָל גאָר:

צו די „בירגער יודען“ ווענדען זיך די דערמאָהנטע פּאָליטיקער אין זייער „מעלדונג“ און רופען:

„יודען! איהר דאַרפט פערשטעהן, אַז דער נאַציאָנאַלער און מענשליכער חוב פערלאַנגט פון אייך, איהר זאָלט זיך געגענשטעלען די אָנפאַלער אַלס פרייע און שטאָלצע יודען; דער שוץ איבער אייער לעבען, אייער כבוד און אייער גוטס ליעגט אין אייערע הענד. און זאָלען וויסען די אַלע, וואָס דאַרפען דאָס וויסען, אַז מיר וועלען זיך מיט אַלע קרעפטען שיצען, ווען זיי וועלען פּרובען מאַכען אויף אונז אָנפאַלען“.

נו!...

וואָלטען די יודישע פּאָליטישע עסקנים פאַר דער מלחמה און בעת דער מלחמה אַ ביסעלע פערנינפטיגער געווען און געזאַמעלט אַ ביסעלע אמת'דיגע מאַטעריאַלע, צו דער יודען־פראַגע אין פּוילען, וואָלט זיכער קיין שום יודישען פּאָליטיקער נישט געקומען אויפ'ן געדאַנק, אַזאַ מין „מעלדונג“ פאַרצולעגען פאַר מענשען מיט אַ געזונטען פערשטאַנד, און אַ פּשיטא נישט צו שעמען זיך, איהם דערנאָך אין דרוק צו פערעפענטליכען.

אַלס „מאַטעריאַל“ צו דער יודען־פראַגע אין פּוילען רעכענט, ווי עס ווייזט אויס, דאָס פּרעסע־ביוראָ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פּוילען — אויך די ריין־ציוניסטישע החלטה, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרען אויפ'ן דערמאָהנטען צוזאַמענפאָהר פון די ציוניסטישע „פערטרויאונגס־מענער“, הגם די דאָזיגע החלטה האָט קיין שום שייכות נישט צו דער ספּעציעלער יודען־פראַגע אין דעם לאַנד.

מיר וואונדערן זיך שוין נישט, וואָס אין דער בראָשורע איז אָבגעדרוקט געוואָרען אויך די צווייטע החלטה פון יענעם צוזאַמענפאָהר „וועגען דער לאַנדעס־פּאָליטיק“, חאָטש דאָס קאָן אויך בשום אופן נישט גערעכענט ווערען אַלס „מאַטעריאַל“ צו דער יודען־פראַגע. ווייניגסטענס רעדט זיך דאָך אין דער דאָזיגער החלטה וועגען דער בעציהונג פון די ציוניסטען צו דער אָיפּלייבונג, פערוויינינגונג און זעלבסטשטענדיגקייט פון פּוילען.

אַלע איבריגע „מאַטעריאַלען“, וואָס קומען אַריין אין דעם ערשטען העפטעל, זענען אויך אויף אַזאַ אופן „געקליבען“ געוואָרען: יאָ וויכטיג, נישט וויכטיג, יאָ פערשטענדליך, נישט פערשטענדליך אָהן פּירושים, ווי באַלד נור דאָס פּרעסע־ביוראָ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פּוילען האָט עס אין זיין צייט פונאַנדערגעשיקט די

צייטונגען, איז עס שוין: „מאטעריאל“ צו דער יודען-פראגע אין פוילען און — ארויס אין העפטעל; געדרוקט זאל עס ווערען, לדורות עולם זאל עס בלייבען, הגם די דורות וועלען גישט פערשטעהן, וועגען וואס עס האנדעלט זיך און מכל שכן, אז ווער עס וועט וועלען עפּיס לערנען וועגען דער יודען-פראגע אין פוילען, וועט דערפון גארנישט קליגער ווערען, ווי ער איז געוועזען פריהער.

אט דרוקט מען אב א נאטיץ, וואס פאסט נור פאר א טעגליכער צייטונג, מ'ט'ן נאמען „די יודישע אלגעמיינע מיינונג וועגען עקספאזע פון פרעמיער-מיניסטער סוויערזשינסקי“, און וועלכער עס ווערען געזאגט שטראף-רייד דעם דאזיגען פרעמיער-מיניסטער, פארוואס ער האט איגנארירט די יודישע פרעסע דערמיט, וואס ער האט פערבעטען צו זיך נור די פארשטעהער פון דער פוילישער פרעסע, אום פאר זיי פארצולעזען זיין עקספאזע און פאר וואס ער האט אין דעם עקספאזע זיינעם אינגאנצען פערשוויגען די יודען-פראגע.

און ווידער א צייטונגס-נאטיץ:

דאס פינאנץ-מיניסטעריום האט פערבעטען אויף א קאנפערענץ וועגען דער מלוה-הלואה די פארשטעהער פון דער פוילישער פרעסע בעזונדער און פון דער יודישער פרעסע בעזונדער און די פארשטעהער פון דער יודישער פרעסע האבען ערקלערט, אז ביז עס האט זיך געהאנדעלט וועגען דער מלוה-הלואה, האט די פוילישע רעגירונגס-מאכט קיינמאל נישט פערבעטען די יודישע פרעסע אויף קיין שום קאנפערענץ. וועגען דער הלואה זעלבסט האבען זיי געזאגט, אז „ווייל די יודישע מאסען זענען פערביטערט געגען דער ביז-איצטיגער פאליטיק פון די פוילישע רעגירונגען, וואס ווערט אנגעווענדט צו יודען, וועט די יודישע פרעסע נישט קאנען געגענווירקען דער יודישער אלגעמיינער מיינונג“.

וואס איז געווען די „ביז-איצטיגע פאליטיק פון די פוילישע רעגירונגען“? — עיין „מאמענט“, עיין אנדערע יודישע צייטונגען, און-און-אויסלענדישע. דוק ותשכח! און די „מאטעריאלען“ געפינט מען דאס נישט. נור אויב מען מוז שוין יא אנקומען צו צייטונגען, כדי מען זאל וויסען, וואס פאר א פאליטיק עס איז געגען אונז געפיהרט געווארען, צו וואס-זשע טויגען ווייטער די „מאטעריאלען“, אפילו לויט די בעגריפען פון דעם פרעסע-ביורא?

פאר דעם לעזער פון דעם דאזיגען העפטעל בלייבט אויך אומבעוואוסט דאס געשעהעניש, וועלכען עס איז געווידמעט די רעזאלוציע, וואס איז אנגענומען געווארען אויף א פערזאמלונג פון דער יודישער אקאדעמישער יוגענד דעם 6 נאוועמבער 1918. (זייט 10, 11). דעסגלייכען זענען אויך אונפערשטענדליך די נאטיצען „פראוואקאציע פון קוריער ווארשאווסקי“ (ז. 15), „דער אויפרוף פון דער ווארשאווער געמיינדע“ (ז. 15, 16) און „רעארגאניזאציע פון דער יודישער געמיינדע אין ווארשא“ (16, 17). — דאס איז היינט, ווען עס זענען אריבער אינגאנצען 2½ יאהר זינט יענע געשעהענישען און מיר אלע האבען נאך מעהר אדער וועניגער אין זכרון דאס, וואס מיר האבען דעמאלט בייגעוואוינט, אדער געלעזען אין די יודישע צייטונגען. נאך אין עטליכע יאהר שפעטער וועט שוין קיינער פון דעם דאזיגען העפטעל נישט קאנען וויסען, וועגען וואס עס האט זיך דעמאלט געהאנדעלט. די קריסטליכע לעזער, וואס פאר זיי האבען די „מאטעריאלען“ בעדארפט זיין בעשטימט מעהר, ווי פאר יודען (דערפאר מאקע דרוקען זיך דאך די העפטען אין פויליש), האבען באלד נישט געקאנט פערשטעהן: מה כל ההרדה? וואס איז דאס אזוינס פארגעקומען?

מיר געדענקען, אז אין יענע צייטען זענען אין קאנגרעס-פוילען בארגעקומען פערשיעדענע שענדליכע געשעהענישען. עס זענען אין פועל פערשיעדענע

עריער אבגעמהון געווארען געגען יודען גרויליכע מעשים. וועגען דעם אלעם האבען מיר אין דעם ערשטען העפטעל „מאטעריאלען“ קיין שום זכר נישט, אחוץ עטליכע רמזים אין פערשיעדענע נאטיצען. דערפאר געפינען מיר דא א גאנצע רשימה פון „פאגראמען אין מערב-גאליציען“ (ז. 18 — 25). ווען ווער זאל טאקע וועלען פון די דאזיגע „מאטעריאלען“ שעפען ידיעות וועגען דעם, וואס עס איז דעמאלט אבגעמהון געווארען מיט יודען אין פוילען, וואלט ער געמוזט בעקומען דעם איינדרוק, אז נור אין יענע אויסגערעכענטע שטעדטליך זענען געווען אונרוהען אדער פאגראמען; אנדערש-וואו אבער איז געווען רוהיג, שטיל, שען, פיין.

פרעגט זיך דאך א קשיא: מה נשתנה? מיט וואס צייכנען זיך אוים די שטעטליך פון פיעל אנדערע שטעדט און שטעדטליך אין פוילען און פארוואס האבען יענע שטעדטליך יא זוכה געווען צו זיין בעשריבען לדורות עולם צווישען די „מאטעריאלען“, און אנדערע שטעדט און שטעדטליך מיט זייערע „רעוויזיעס“, „רעקוויזיציעס“ וכדומה — נישט? —

אויף דער פראגע קאנען מיר געפינען איין איינציגען תירוץ:

ווי מיר געדענקען, איז די גאנצע רשימה וועגען די פאגראמען געווען דאן נעדרוקט אין „נאווי דזיעננִיק“, וואס ערשיינט אין קראקא. מען האט דעריבער נישט בעדארפט זוכען, נישט איבערזעצען; גרייט איז אלץ געווען. האט מען דאס טאקע גענומען, ווי עס געהט און שטעהט, און איבערגעשיקט אין די צייטונגען, און דערנאך — אריין אין די „מאטעריאלען“. די געשעהענישען אין אנדערע ערטער זענען אבער געווען געדרוקט פונאנדערגעווארפען, אין פערשיעדענע נומערן פון די יודישע צייטונגען. מען האט זיי אלזא ערשט בעדארפט קלויבען, איבערזעצען און צוזאמענשטעלען. דאס איז שוין א צו-גרויסע ארבייט פאר „מאטעריאלען“. דאס לוינט שוין נישט.

מיר מוזען מודה זיין, אז אין דעם דאזיגען העפטעל געפינען מיר אויך א ביסעל מאטעריאל, וואס וועט קאנען דיענען דעם קינפטיגען געשיכטע-שרייבער. צו דעם דאזיגען מאטעריאל געהערען: די דעקלאראציע, וואס א דעלעגאציע פון צ.-ק. פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע אין פוילען האט דעם 12. נאוועמבער 1918 אבגעגעבען דעם דעמאלדיגען קאמענדאנט פילסודסקי, און דער ענטפער, וואס דער קאמענדאנט האט דער דעלעגאציע געגעבען; „מעמאריאל און אויפנאהמע וועגען דעם פאגראם אין קיעלץ“ און דעם געשפרעך, וואס האט זיך ענטוויקעלט צוליעב דעם דאזיגען מעמאריאל צווישען פילסודסקי'ן און די מיטגליעדער פון דער יודישער דעלעגאציע, וועלכע האט איהם דעם מעמאריאל דערלאנגט, ווי אויך דעם שמועס צווישען דעם דעמאלדיגען פרעמיער-מיניסטער מאראטשעווסקי'ן און דערזעלבער דעלעגאציע, וואס האט זיך צו איהם אויך געווענדט וועגען דעם דערמאהנטען פאגראם; וועגען דעם קאמוניקאט פון דער האלב-אפיציעלער טעלעגראפען-אגענטור פ. א. ט. איבער דעם קיעלצער פאגראם; „מעמאריאל וועגען פאגראם אין לעמבערג און וועגען דער לאגע פון יודען אין גאליציען“, וואס איז אבגעגעבען געווארען פילסודסקי'ן דעם 29. נאוועמבער 1918, און דאס געשפרעך צווישען דעם קאמענדאנט און דער יודישער דעלעגאציע; „א יודישע דעלעגאציע ביי מאראטשעווסקי'ן“ (וועגען די פאגראמען אין גאליציען); די אויפרופען פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע אין פוילען צו יודען און צום פוילישען פאלק וועגען דעם טרויער-טאג, וואס יודען האבען איינגעארדענט צוליעב דעם לעמבערגער פאגראם; דער מעמאריאל פון 30. נאוועמבער 1918, וואס איז איבערגעגעבען געווארען דעם פרעמיער-מיניסטער אין נאמען פון דער יודישער בעפעלקערונג אין יעגדזשייעוער פאוויאט וועגען די פאגראמען, וואס זענען פארגעקומען אין דעם דאזיגען פאוויאט;

„א יודישע דעלעגאציע פון יענדזשיִיעוו ביים שעף פון דער מלוכה“; א מעמאריאל פון 18. דעצעמבער 1918 וועגען די יודישע געמיינדעס, וואס איז איבערגעגעבען געווארען דעם דירעקטאר פון דעפארטאמענט פון רעליגיעס; מעמאריאל וועגען זאקלאדניקעס, וואס זענען גענומען געווארען אין לעמבערג פון צווישען די אנפיהרער פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע (אהן א געניִיער דאטע), און דאס געשפרעך צווישען דעם מלוכה-שעף און דער דעלעגאציע, וואס האט איהם דעם דאזיגען מעמאריאל אבגעגעבען; מעמאריאל פון ציוניסטישען צ.-ק. צום פרעמיער-מיניסטער וועגען וואהל-בעגרענצונגען, וואס האבען געזאלט געמאכט ווערען פאר די יודישע בירגער (30. דעצעמבער 1918).

די אלע זאכען האבען, ווי מיר האבען שוין געזאגט, א שטיקעל היסטארישען ווערטה. מען זעהט אין זיי, וואס עס האט פאסירט מיט אונז, יודען, אין עטליכע ערטער פון דער פוילישער מלוכה באלד נאך דער בעפרייאונג פון פוילען, ווי אויך די מיינונגען איבער די פאסירונגען פון די, וואס זענען געשטאנען אן דער שפיץ פון דער מלוכה, צו וועמען מיר האבען געהאט אזוי פיעל צוטרוי. איז אבער אויך אין זיי דאס בילד נישט גאנץ און דער קונפטיגער היסטאריקער וועט סיי-ווי מוזען אנקומען — אויך ביי די עטליכע געשעהענישען — צו די צייטונגען און צו די מאטעריאלען, וואס האבען אין אמת'ן בעדארפט געזאמעלט ווערען און זענען, ליידער, נישט געזאמעלט געווארען. איניגע פון די זאכען זענען אויך איינזייטיג, ווארום זיי שטעלען פאר נור די מיינונגען פון די ציוניסטישע פאליטיקער, הגם אנדערע יודישע פאליטיקער האבען אנדערע מיינונגען ארויסגעזאגט.

„יודען אלס א נאציאנאלע מינדערהייט“. *) —

אזא צוגאב, אלס צווייטען טיטול, טראגט דאס צווייטע העפטעל פון די „מאטעריאלען אין דער יודען-פראגע“**)

און שטעלט מען אוועק אזא טיטול, נעהמט מען זיך אונטער צו ליפערן „מאטעריאלען“ וועגען א קאנקרעטער פראגע, און בפרט וועגען אזא פראגע, ווי יודען אלס א נאציאנאלע מינדערהייט, האט מען, דוכט זיך, שוין בעדארפט מעהר מחונק צו זיין און וועהלען, קלויבען און דרוקען. דאס איז דאך עפיס א פראגע, אין וועלכער די וועלט איז מחולק. עס זענען דאך עפיס פאראן פיעל פון די חכמי אומות העולם און דוקא אזעלכע, וואס געהערען צו די בעסטע פון זיי, וועלכע ווילען גארנישט מודה זיין אין דעם עצב העיקר, אז יודען זענען א בעזונדער נאציע, אפילו צווישען יודען אליין בעהלען דאך אויך נישט אזעלכע, וואס האלטען און אין מענה'ן, אז יודען האבען שוין גאנץ לאנג אויפגעהערט צו זיין א פאלק. מיר ענטזאגען זיך פון אזעלכע יודען. מיר זאגען, אז ווער עס לייקענט אין קיום פון יודישען פאלק, איז אליין קיין יוד נישט, חאטש ער האט זיך נישט גע'שמד'ט. די וועלט האלט דאך זיי פארט פאר יודען און זיי אליין הערען אויך נישט אויף עדות צו זאגען אויף זיך, אז זיי זענען יא יודען, און די אומות העולם זענען מיטך געגוי... צו גלויבען די דאזיגע „יודען“, ווי די נאציאנאלע יודישע פאליטיקער. און קומט מען רעדען צו ... „יודען אלס א נאציאנאלע מינדערהייט“, מוז מען דאך מאקע ... מאטעריאל, וואס זאל דערווייזען, אז יודען זענען יא א נאציע. אז פאלט אין די מיינונג פון די, וואס בעהויפטען פארקעהרט. —

אזא מין מאטעריאל געפינען מיר אין דעם העפטעל נישט. אנשטאט דעם געפינען מיר אזא מאטעריאל, וואס דערווייזט נאציאנאל, אז די פאליטיקער וואס שטעלען

*) Żydzi jako mniejszość narodowa.

**) דאס ערשטע העפטעל, ווי אויך דאס דריטע און פערטע זענען שוין נישט ארויסגעגעבען אונטער דער רעדאקציע פון ה' שווארצבארד, נור בלויז אונטער דער רעדאקציע פון ה' יצחק גרינבוים.

צוליב די „מאַטעריאַלען“, וועלכע פּשוט נישט, וואָס עס הייסט מאַטעריאַלען צו אַ פראַגע און אויך, אַז זיי אַליין, במחילת כּבודם, אָריענטירען זיך זעהר שלעכט אין דער יודען־פראַגע בכלל און אין דער יודען־פראַגע אין פּוילען בפרט, וואָס מוז ברענגען נישט ווייניג שאַדען דעם יודישען פאָלק.

דאָס ערשטע שטיק „מאַטעריאַל“ פון דעם דאָזיגען העפטעל איז אַ מעמאָריאַל וועגען דער יודען־פראַגע אין פּוילען, וואָס דער צ.־ק. פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פּוילען האָט איבערגעגעבען אין יאַנואַר 1919 די פראַנצויזישע און ענגלישע מיסיעס, ווי אויך דער מיסיע פון נולען אויף זייער פערלאַנג.

ווי האָבען די פּאָליטיקער פון דעם ציוניסטישען צ.־ק. בעלעהרט די דאָזיגע פּאָליטיקער פון די אומות העולם וועגען דער פראַגע פון דער יודיש־נאַציאָנאַלער מינדערהייט אין פּוילען?

לאָמיר זעהן:

קודם כּל ווערט אויפגעקלערט, אַז דאָ, אין פּוילען, האָבען זיך גינסטיג בעצויגען צו יודען נור די ספערען, וואָס האָבען געגלויבט אין דער אַסימילאַציע; דאַגעגען די ספערען וואָס האָבען אין דער אַסימילאַציע נישט געגלויבט, אָדער זיי האָבען דאָס דאָזיגע גלויבען פערלוירען, האָבען זיך נישט גינסטיג בעצויגען צו יודען. אויך וויעלאָפּאָלסקי, וועלכער האָט אין יאָהר 1862 בטל געמאַכט אַלע יודישע רעכטלאָזע בעגרענצונגען — דערצעהלען די מחברים פון דעם דאָזיגען מעמאָריאַל — האָט זיך געשטיצט דערויף, וואָס יודען וועלען זיך אַסימילירען.

מען קאָן זיך לייכט פאָרשטעלען, ווי די ענגלישע, פראַנצויזישע און איטאַליענישע פּאָליטיקער האָבען מיט ערשטוינונג געהויבען די פּלייצעס, לייענענדיג די דאָזיגע חכמה.

אין פּוילען „איז געווען“ אַזוי און אַזוי. און ווי איז געווען בײַ זיי? און ווי איז בײַ זיי נאָך היינט? און ווי איז אויף דער גאַנצער וועלט?

עס איז דאָך אַ דבר ידוע, אַז אין אַלע אייראָפּעאישע לענדער זענען יודען גלײַכבערעכטיגט געוואָרען נור דערפאַר, ווײַל מען האָט בעהויפּטעט, אַז דורך דער גלײַכבערעכטיגונג וועלען יודען זיך אַסימילירען. און נאָך היינט: ווער עס איז אין ענגלאַנד, פראַנקרייך, דייטשלאַנד גינסטיג צו יודען, דער זאָגט, אַז די יודישע בירגער זענען גוטע ענגלענדער, פראַנצויזען, דייטשען. און פערקעהרט: אַלע אַנטיסעמיטען האַלטען אין איין שרייען, אַז יודען אַסימילירען זיך נישט, וועלען זיך קיינמאָל נישט אַסימילירען און מען טאָר זאָגאַר זיי נישט אַסימילירען, ווײַל זיי האָבען אַן אַנדערן, שעדליכען גייסט.

צו אַזעלכע אייראָפּעאישע פּאָליטיקער האָט מען בעדאַרפט רעדען גאַנץ אַנדערע דבורים. טאַקע מכּח אַ יודיש פאָלק, וואָס ווערט נישט אונטערגעהן, קאָן גישט און דאַרף נישט אונטערגעהן, מכּח דער צאָהל יודען אין פּוילען, מכּח דעם אומגעהויער גרויסען אונטערשיעד, וואָס עס איז צווישען יודען אין אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער, וואו זייער צאָהל איז קליין, און יודען אין פּוילען, וואו זייער צאָהל איז אַזוי גרויס און זיי לעבען אין קאָמפּאַקטע מאַסען.

די פערפאַסער פון דעם דאָזיגען מעמאָריאַל האָבען אויך נישט פערשטאַנען די פּאָליטישע זייט פון דעם פּוילישען פּילאָסעמיטיזם, וואָס האָט אַזוי שטאַרק געשטרעבט צו דער אַסימילאַציע. פּוילען האָט געמוזט פיהרען אַ שווערען קאַמף פאַר איהר קיום. און דאָ האָט מען זיך אַרומגעזעהן, אַז צווישען די איינוואוינער פון לאַנד געפינען זיך אַזוי פיעל יודען, וועלכע קאָנען אין דעם קאַמף שטערען און וועניגסטענס זיך אין איהם נישט בעטייליגען. מען האָט אויך געמוזט מורא האָבען, אַז יודען זאָלען נישט אַריבערגעהן צו דעם צד שכּנגד, אויב דער דאָזיגער צד וועט זײַן פאַר זיי גינסטיגער. דאַדורך

האבען זיך מאקע די בעסטע פוילישע פאליטיקער בעמיהט יודען מקרב צו זיין און זיי אסימילירען. די שטרעבונג צו דער אסימילאציע האט זיך אין פוילען אנגעהויבען צווי־שען די בעסטע פוילישע פאטריאטען מאקע באלד, ווען פוילען איז שוואך געווארען, נאך דער ערשטער חלוקה פון לאנד. דערנאך, ווען פוילען איז אינגאנצען פונאנדער־געריסען געווארען, האט מען נישט אויפגעהערט אנינ'חזר'ן יודען, אז אלע צרות, אלע רדיפות, אלע בעגרענצונגען ווערען געמאכט נור דורך די שונאים פון פוילען, דורך די, וואס בעדריקען אויך דאס פוילישע פאלק. ווען אבער פוילען וועט בעפרייט ווערען, וועלען אויך יודען גלייך מיט'ן פוילישען פאלק דערלייזט ווערען פון אלע צרות. אין צייטען זענען מאקע אין פוילען געווען, ווען יעדער ארויסטריט געגען יודען איז גע־רעכענט געווארען פאר א בגידה אין דעם פוילישען פאלק און דאס מאכען א פירוד צווישען „קינדער פון איין פאטערלאנד" האט מען געהאלטען פאר דער גרעסטער נאציאנאלער זינד. ערשט דערנאך, ווען דער קאטוילישער קלער האט אנגעהויבען פיהרען א געהיימע רוסאפילישע פאליטיק, האט זיך אנגעהויבען דער אנטיסעמיטיזם צו פערשפרייטען דורך דעם פוילישען וואכענבלאט „ראלא". וואס איז געשטיצט געווארען דורך דעם קאטוילישען קלער מיט דער רוסישער מאכט צוזאמען, אבער די פויליש־פאטריאטישע ספערען האבען אויך דעמאלט נעגען דעם אנטיסעמיטיזם געקעמפט. שפעטער אבער, ווען די „נאראדאווע דעמאקראטיע" האט זיך אינגאנצען איבערגעגעבען רוסלאנד, האט דער אנטיסעמיטיזם אויפגעהויבען דעם קאפ. האט רוסלאנד, מיט דער שטילער הסכמה פון די אנפיהרער פון דער „נאראדאווע דעמאקראטיע", אבגעריסען דעם חעלמער קאנט פון פוילען, אויסגעקויפט די ווארשא־ווינער באהן, ארויסגעשטויסען א מענגע פאליאקען פון זייערע שטעלעס און מען האט בעדארפט דעם פוילישען פאלק פער־בלענדען די אויגען, אז עס זאל נישט זעהן, וואס מען טהוט איהם, האט די „נאראדאווע דעמאקראטיע" געהאט דערצו א מיטעל: אנטיסעמיטיזם. די שנאה צו יודען, וואס מען האט פערשפרייט, איז געווען ווי פעפער אין די אויגען. האבען די מלוכות גע־מאכט הכנות צו דער מלחמה און די בעסטע פאליאקען פון יענער זייט גרעניץ האבען זיך צוגעגרייט צו א מלחמה געגען רוסלאנד, וואס האט אזויפיעל בעדריקט דאס פוילישע פאלק, איז געקומען די „נאראדאווע דעמאקראטיע" און האט קאנגרעס־פוילען פערטומעלט די מוחות מיט'ן בויקאט בעת דער מלחמה האט די „נאראדאווע דעמאקראטיע" געוואלט ווייזען דער רוסישער מאכט, אז זי איז טריי רוסלאנד, האט זי אויסגעהאלטען אגענטען, וואס האבען גע'מסר'ט יודען. האט די רוסישע מאכט געוואלט ווייזען דעם פוילישען פאלק, אז זי איז צו איהם זעהר גוט, האט זי געמאכט תליות און גירושים פאר יודען, כדי דער פוילישער המון זאל זעהן, וואס מען טהוט אנדערע און איהם נישט, און כדי דורך די יודישע גירושים זאל דער דאזיגער המון האבען א גע־לעגענהייט רייך צו ווערען אהן מיה, אהן ארבייט.*)

פון דעם אלעם האבען אבער גארנישט געוואוסט די מחברים פון דעם דערמאהנטען מעמאריאל און דאדורך איז ביי זיי אויסגעקומען אלץ פערקעהרט און זיי האבען שלעכט אינפארמירט די אייראפעאישע פאליטיקער, און יענע האבען ממילא נישט געקאנט פערשטעהן, וואס יודען ווילען היינט און וואס האבען זיי אמאל געוואלט. ביי

---

*) פאר יעדען מענש, וואס קאן זעהן און פערשטעהן, וואס עס ווערט, איז דאס דעמאלט קיין סוד נישט געווען, אז די יודישע תליות און גירושים, דורך וועלכע עס איז געווארען הפקר דאס גאנצע יודישע פערמעגען, איז געווען א מין צוגאב צו די מיליאנען, וואס רוסלאנד האט ארייגעווארפען אין מלחמה, כדי זיך צו ערווערבען די ליעבע פון די פאליאקען. די יודישע דעפו־טאציעס, וואס האבען זיך אין יענער צייט [illegible] צו די פארשטעהער פון דער רוסישער מילי־טערישער מאכט [illegible] פון די דיגניטארען אויך בעקומען דעם איינדרוק, אז מיט די גירושים מיינט מען אויך צו געבען דעם המון „בות היהודים".

די פאליטיקער פון ציוניסטישען צ.-ק. קומט-אויס, אז דער שוועדער קאמת, וואס פוילען האט געמוזט פיהרען פאר איהר קיום, איז נישט געווען א סבה צו דעם פילאסעמיטיזם און צו דער שטרעבונג צו אסימילאציע, נור פערקעהרט, צו אנטיסעמיטיזם, צו דער אימה, וואס מען האט געהאט פאר יודען, און דער אייראפעאישער, פרעמדער פאליטיקער, וואס קען אליין נישט די ארטיגע אנגעלעגענהייטען, מוז דאך קומען צו דער איבערצייגונג, אז אויב מען האט חושד געווען, אויב מען האט אזוי שטארק מורא געהאט און לאנד פאר יודען, פאר אייגענע בירגער, איז דאך דער אנטיסעמיטיזם בערעכטיגט.

פאלש איז אויך און דעם מעמאריאל אוועקגעשטעלט געווארען די מעשה פון באיקאט. דארט ווערט דערצעהלט די ווארשאווער מעשה מיט די וואהלען צו דער פירטער דומע און עס ווערט ערקלערט, אז נור דאס, וואס יודען האבען געוועהלט אנ'ארבייטער, האט ארויסגערופען דעם באיקאט. די פרעמדע פאליטיקער, וואס שעפען זייערע ידיעות וועגען די בעציהונגען צווישען פאליאקען און יודען נישט בלויז פון די ציוניסטישע קוועלען, ווייסען אודאי גוט, אז גלאט אזוי, מיט'ן בלויזען דרך הטבע, האבען יודען נישט-געקאנט האבען קיין מעהרהייט פון וועהלער אין ווארשא, וואו זייער צאהל איז העכסטענס נור א דריטעל פון דער אלגעמיינער צאהל איינוואוינער. זיי, די פרעמדע פאליטיקער, ווייסען אודאי אויך גאנץ גוט, אז יודען בכלל זענען נישט קיין פ.פ.ס.'ניקעס. זיי האבען אלזא געמוזט שטיינען זעהענדיג, אז יודען האבען אין ווארשא דורכגעפיהרט א מעהרהייט פון וועהלער, אז די דאזיגע יודישע מעהרהייט האט קיינעם נישט געהאט צו וועהלען, נור עפים אנ'ארבייטער פון פ. פ. ס., און פון דעם האט געשטאמט דער גאנצער באיקאט!

ווער עס איז באמת בקי און דעם, וואס דעמאלט האט זיך אבגעטהון, ווייסט גאנץ גוט, אז דער גאנצער ענין פון יענע וואהלען מיט דער יודישער מעהרהייט צוזאמען איז געווען נור איינס פון די שפיצלעך פון דער רוסישער רעגירונג צוזאמען מיט דמאווסקי'ן, דעם אנפיהרער פון דער „נארדאווע דעמאקראטיע", כדי אזוי-ארום צו קאנען פערגרעסערן דעם אנטיסעמיטיזם, אום די בעפעלקערונג פון לאנד זאל פונאנדערגעטיילט ווערען אויף צוויי פיינדליכע לאגערן, וועלכע וועלען האבען גענוג צו טהון מיט זיך אליין און אזוי-ארום וועלען זיי נישט קאנען פארנעהמען קיין שום שריט געגען רוסלאנד, וואס ביידע גלייך האבען אייגענטליך געדארפט פיינט האבען. און דאס דאזיגע שפיצעל האט זיך אויסגעצייכענט איינגעגעבען. דער באיקאט איז אבער געווען צוגעגרייט און האט זיך אין אמת'ן אנגעהויבען נאך פריהער, נור דעמאלט האט ער זיך, זעלבסטפערשטענדליך, געשטארקט און אנגענומען רוצח'ישע פארמען, אונטער דעם געהיימען שוץ פון דער רוסישער רעגירונג און מיט איהר געהיימער מיטווירקונג. עס איז בעוואוסט, אז אין דער צייט פון דער דריטער דומע האט זיך המאווסקי ענטזאגט פון זיין דעפוטאטען-מאנדאט, מאטיווירענדיג עס דערמיט, וואס ער האט אין לאנד זעהר פיעל צו טהון, מעהר ווי אין דער דומע אין פעטערבורג.

און אין אמת'ן האט דמאווסקי דעמאלט געהאט פיעל „ווילטיגערע" ארבייט אין ווארשא, ווי אין דער דומע. די הכנות צו דער וועלט-מלחמה האבען זיך אנגעהויבען. דאס פוילישע פאלק איז כמעט פון טאג צו טאג מעהר בעדריקט געווארען פון דער רוסישער רעגירונג. יודען האבען געליטען שרעקליכע צרות פון די גזרות, וואס האבען זיך געמעהרט, און די רעגירונגס-ספערען האט זיך געמוזט דערוועקען דער חשד, אז ווען די מלחמה וועט אויסברעכען, וועלען זיך פעראייניגען יודען מיט קריסטען אין פוילען, ווי זיי האבען זיך שוין אמאל פעראייניגט אין יאהר 1863, און צוזאמען וועלען זיי ארויסטרעטען געגען זייער שותפות'דיגען שונא — רוסלאנד. בפרט נאך, אז די פאליאקען אין גאליציען האבען שוין דעמאלט אנגעהויבען מאכען הכנות צום קאמף געגען רוסלאנד. מען האט

אַלזאָ געמוזט זיך בעמיהען צו שאַפֿען אין לאַגער, אויף וויפֿיל עס איז מעגליך, אַ רוסאָ־פּוילישע אַטמאָספֿערע און אויסגראָבן אַ טיפֿען תהום צווישען דער פּוילישער און דער יודישער בעפֿעלקערונג, כּדי זיי זאָלען זיך נישט קאָנען פֿעראייניגען און אויך יעדער טייל בעזונדער זאָל נישט־לעגאַלעס גאָר נישט קאָנען טהון, וואָרום בײַ דער פֿיינדשאַפֿט, וואָס וועט הערשען צווישען זיי, וועלען דאָך איינע מורא האָבען פֿאַר די אַנדערע.

אָט דאָס שטיק אַרבייט האָט דמאָווסקי אויף זיך גענומען, בעת ער האָט פֿערלאָזט די דריטע דומע און איז געקומען קיין וואַרשאַ. און מען מוז מודה זיין, אַז די דאָזיגע אַרבייט האָט ער אויסגעפֿיהרט בשלמות. עס האָט זיך איהם אפֿילו נישט איינגעגעבען צו שאַפֿען אין פּוילען אַ רוסאָפּולישע אַטמאָספֿערע. ווען ער האָט אויף אַ זיצונג פֿון דער נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע דורכגעפֿיהרט אַ בעשלוס געגען דעם בױקאָט פֿון די רוסישע שולען אין פּוילען, האָט ער אין גאַס בעקומען אַ שפּאַר בויכעל געזונטע פּעטש. דערפֿאַר אָבער איז איהם געלונגען אויסצוגראָבען אַ טיפֿען תהום צווישען פּאָליאַקען און יודען און אַזוי צו פֿערטומלען די מוחות, אַז ביז צום אויסברוך פֿון דער מלחמה האָט מען אין קאָנגרעס־פּוילען כּמעט נישט געוואוסט, וואָס עס טהוט זיך צווישען די פּאָליאַקען אין גאַליציען. שטיל, דורך פֿערשיעדענע אינטריגעס האָט ער דעם דאָזיגען תהום געגראָבען און דעם בױקאָט צוגעגרייט. שטיל, אין געהיים, דורך פֿערשיעדענע מיטלען און מיט דער הילף פֿון דער רעגירונג האָט ער פֿאַר זיין „אידעע" געוואונען די אנפֿיהרער פֿון די פּוילישע פּראָגרעסיווע לייט, ווי שוויענטאָחאָווסקי, ניעמאָיעווסקי, ליפּאַצעוויטש, וויידעל א. אַ. וו. און עס איז בעשאַפֿען געוואָרען דער אַזוי־גערופֿענער „פּראָגרעסיווער אַנטיסעמיטיזם" און דער יודען־בױקאָט האָט זיך אָנגעהויבען. זעגען אָנגעקומען די וואַהלען צו דער פֿירטער דומע, איז געמאַכט געוואָרען אַ מעגליכקייט פֿאַר יודען צו בעקומען אַ מעהרהייט, און אום צו צווינגען יודען אויסצונוצען די דאָזיגע מעגליכקייט, האָט דמאָווסקי אַליין, דער שאַרפֿסטער אַנטיסעמיט, געשטעלט זיין קאַנדידאַטור, כאָטש ער האָט גאָרנישט בדעה געהאַט צו זיין אין דער דומע, וואָרום זיין אַרבייט איז דאָך גאָר ווייט נישט געענדיגט געווען. פֿון דער צווייטער זייט האָבען זיינע אַגענטען, די פּראָגרעסיווע אַנטיסעמיטען, געשטעלט די קאַנדידאַטור פֿון קוכאַרזשעווסקי'ן, וועלכער האָט זיך עפֿענטליך דעקלאַרירט אַלס געגנער פֿון דער יודישער גלייכבערעכטיגונג. יודען האָבען דעמאָלט געמוזט דאָס, וואָס זיי האָבען — ווי עס האָט זיך דעמאָלט אויסגעדריקט — געמוזט טהון און אויף דעם האָט די רוסישע רעגירונג מיט דמאָווסקי'ן צוזאַמען נור אַרויסגעקוקט. עס איז געשאַפֿען געוואָרען אַ געוועהר צו גראָבען וואָס אַמאָל טיפֿער דעם תהום צווישען די פּאָליאַקען און יודען. עס האָבען אויפֿגעהערט צו עקזיסטירען די פּראָגרעסיווע פּאַרטייען און זייערע אַנפֿיהרער זענען אָפֿיציעל אַריינגעטראָטען אין דער „נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע", און ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכען, איז אין קאָנגרעס־פּוילען אָרגאַניזירט געווען נור דמאָווסקי'ס פּאַרטיי און דער עולם האָט געהאַט אַ פֿערדרעהטען קאָפּ מיט דעם יודען־בױקאָט. די מעשים, וואָס זענען דערנאָך אָבגעטהאָן געוואָרען מיט יודען דורך די אַגענטען פֿון דער נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע, די מסירות אויף יודען מצד די דאָזיגע אַגענטען אין די צייטונגען פֿון דער דערמאָהנטער פּאַרטיי און פֿון שוויענטאָחאָווסקי'ן מיט ניעמאָיעווסקי'ן, די אַמאָליגע פּילאָסעמיטען (בעת פּילאָסעמיטיזם איז געווען אַ גוט געשעפֿט) — דאָס אַלץ איז נור געווען אַ המשך פֿון די ערשטע מעשים.

דאָס אַלץ האָבען די חברים פֿון דער דערמאָהנטער [illegible] נישט געוואוסט. זיי האָבען אויך נישט געוואוסט, אַז נאָך [illegible] אָקופּאַציע האָבען די דייטשען געגעבען יודען אַרבייט און זייערע אייגענע [illegible] און געהאַט האָבען זיי דורך אונטער־ געבען [illegible] צו די פּאָליאַקען און זיי צוגעהאָלפֿען פּאַרטיזאַ־

זעצען דעם יודען־באיקאט, כדי אזוי־אַרום צו געווינען די סימפּאַטיע פון יודען און פון פאליאַקען.

נישט אונגאַנצען ריכטיג איז אויך די מיינונג פון די פּערפאַסער פון מעמאָ־ריאַל, אַז „און דעם פּוילישען מיליטער און בפרט צווישען די אפיצירען שטעקט טיעף דער אַנטיסעמיטיזם“. עס איז שוין געניג דערוויזען געווארען, אַז וואו עס ווערט קיין אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע נישט געפיהרט, דאָרט ווערען קיין אַנטיסעמיטישע מעשים נישט געטהון. ווער עס ווייסט, וואס עס טהוט זיך, קאָן זיך איבערצייגען פּונקט פּער־קעהרט: ליידער די אַנטיסעמיטישער אַגיטאַציע, וואס ווערט געפיהרט צווישען דעם פּוילישען מיליטער זינט פּוילען איז בעפרייט געווארען, זענען צו־וועניג די אַנטיסע־מיטישע ארויסטריטע. פון מיליטער געגען יודען.

און עס איז פּשוט צו בעוואונדערן, ווי מענשען, וואס ווייסען אַזוי וועניג און פּער־שטעהען נאָך וועניגער, נעהמען זיך אונטער צו אינפאָרמירען אויסלענדישע פּאָליטי־קער און צו פיהרען פּאָליטיק אויף זייער אייגענעם חשבון.

נאָך אַזוינע נישט־ריכטיגע אינפאָרמאַציעס און נישט־פערניפטיגע ערקלערונגען, וואָס דער מעמאָריאַל ענטהאַלט, קאָן מען זיך פאָרשטעלען, וואס פאַר אַן איינדרוק עס האָט געמאַכט אויף די אייראָפּעאישע פּאָליטיקער דער עיקר פון דעם מעמאָריאַל: די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען.

---

אַלס „מאַטעריאַל“ צו דער פראַגע פון דער יודישער מינדערהייט איז אויך אַריין אין דעם צווייטען העפטעל די דעקלאַראַציע פון דעם יודישען נאַציאָנאַלען קלוב, וואס ה' גרינבוים האָט געלעזען אויף דער פינפטער זיצונג פון דעם געזעצגעבערישען סיים (24 פעברואַר 1919). האָטש די דאָזיגע דעקלאַראַציע איז איינגענטליך נור אַ רעדע (מיט פיעל אַנטיסעמיטישע צווישענרופען פון פערשידענע דעפּוטאַטען) וועגען די שרעקליכע עולות, וואס זענען געטהון געווארען יודען, און צום סוף נור עטליכע ווער־טער וועגען פערלאַנגען אַ יודיש־נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע.

און דעם דאָזיגען העפטעל זענען אָבגעדרוקט געווארען נאָך צוויי רעדעס פון ה' גרינבוים און איין רעדע פון ד"ר טהאָן, וואס זענען אין יאָהר 1919 געהאַלטען גע־ווארען אין פּוילישען סיים, און דאָס אַלץ הייסט „מאַטעריאַלען“ צו דער פראַגע פון דער יודישער מינדערהייט.

וואָלטען אין דעם העפטעל אַריינגעקומען אמת'ע מאַטעריאַלען, דורך וועלכע עס וואָלט געקאָנט קלאָר ווערען די פראַגע וועגען יודען אַלס נאַציאָנאַלע מינדערהייט, דאַן וואָלטען אויך געקאָנט האָבען אַ געוויסען ווערטה פאָלגענדע דאָקומענטען, וואס זענען דאָ אָבגעדרוקט געווארען:

מעמאָריאַל, וואס די דעלעגאַטען פון די יודישע נאַציאָנאַל־ראַטען האָבען איבער־געגעבען דער פּוילישער פריעדענס־דעלעגאַציע (אָהן אַ דאַטע); מעמאָריאַל, וואס דער קאָמיטעט פון די יודישע דעלעגאַציעס ביי דער פריעדענס־קאָנפערענץ האָט איי־בערגעגעבען דעם פּרעזידענט און די מיטגליעדער פון פריעדענס־קאָנפערענץ (10 מאַי 1919) מיט אַ „בעגרינדונג“; דער ווערסאַילער טראַקטאַט וועגען די נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע מינדערהייטען. וואס איז געשלאָסען געווארען מיט פּוילען דעם 28. יוני 1919. —

היות אָבער קיין שום זאַך, וואס קאָן אויפקלערען די פראַגע וועגען יודען אַלס נאַציע, געפינט זיך אין דעם העפטעל נישט, בלייבען אויך די דאָזיגע דאָקומענטען אָהן אַ ווערטה, ווי אַ מטבע, וואס איהר צורה איז אָבגעריבען געווארען.

אונזערע מאַטעריאַלען־קליבער אום פּאָליט'ער צו ווייזען, ווי ווייט זיי פערשטעהען

ניט וואָס דאָס הייסט „מאַטעריאַלן פאַר דער יודענפראַגע אין פוילען“, האָבען צו דעם צוויטען העפטעל צוגעגעבען אויך הוספות, וואָס ענטהאַלטען א „פּראָיעקט פון החלטות, וואָס איז אויסגעאַרבייט געוואָרען דורך דער קאָנפערענץ פון די ציוניסטישע צייטונגען: „דאָס יודישע פאָלק“, „יעווריסקאַיאַ זשיזן“ און „גלאָס ז׳ידאָווסקי“, וועלכע איז פאָרגעקומען אין חודש יוני 1906; די און איהר צייט אַזוי־פערנהמטע און קלוגע העלזינגפאָרסער רעזאָלוציע פון דעם צוזאַמענפאָהר פון די דעלעגאַטען פון דער אַלגעמיינער רוסישער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע (ווער האָט זיי דעמאָלט דעלעגירט אין בעפאָלמעכטיגט?) אין דעצעמבער 1906; די וואַהל־לאָזונגען (צו דער צווייטער דומע) פון פוילישע ציוניסטען; רעזאָלוציעס פון 7־טען אַלגעמיין־רוסישען צוזאַמענפאָהר פון די ציוניסטען (פּעטערבורג, 24—30 מאַי 1917); תקנות וועגען נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע אין אוקראַינאַ; פּראָגראַם פון פּערסאָנאַל־נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע פון יודען אין פוילען (בעאַרבייט אין חודש יאַנואַר 1919 דורך דעם צ.־ק. פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין קליין־פוילען) א. א. וו.

---

דאָס דריטע העפט פון די „מאַטעריאַלן“ איז געווידמעט דער זעלבסטפערוואַלטונג פון דער יודישער געמיינדע.*)

דאָ, דוכט זיך, האָבען שוין די „זאַמלער“ בעדאַרפט קלוגער זיין. די דאָזיגע פראַגע, די זעלבסטפערוואַלטונג פון דער יודישער געמיינדע אין פוילען, האָט דאָך איהר גרויסע פערגאַנגענהייט, איהר אַלטע טראַדיציע און איהר ליטעראַטור. דאָס ווייסט דאָך יעדער יוד, וואָס איז נור אַ יודע ספר. און דאָס איז דאָך אויך יעדען בעוואוסט, אַז פערגאַנגענהייט און טראַדיציע האָבען ביי יעדען פאָלק, ביי יעדער מלוכה גאָר אַ גרויסע ווערטה. דאָס מאַכט מען ניט אַוועק מיט דער האַנד. דאָס ווערט יעדענפאַלס געאַכטעט, כבוד׳יג געהאַלטען. און וויל מען אין פוילען דורכפיהרען אַ געזעץ וועגען אַן אֶמת׳ער זעלבסטפערוואַלטונג פון דער יודישער געמיינדע, דאַרף מען קודם כל דערווייזען די פוילישע פאָליטיקער, דער גאַנצער פוילישער אומה, אַז אַזאַ מין זעלבסטפערוואַלטונג איז אין פוילען קיין נייעס ניט, אַז שוין לאַנג, לאַנג, אין דער צייט פון פוילען׳ס זעלבסטשטענדיגקייט, האָט הונדערטער יאָהרען עקזיסטירט אין פוילען אַ זעלבסט־פערוואַלטונג פון אַ יודישער קהלה מיט קלענערע און גרעסערע צענטראַל־אָרגאַנען. עס איז געווען כמעט אין יעדער שטאָדט אַ קהל, יעדע „וואָיעוואָדסטוואָ“ האָט זיך געהאַט איהר ועד הגליל, יעדע פּראָווינץ — איהר ועד המדינה, און איבער זיי אַלע — אַ ועד ארבע ארצות, וואָס איז געווען אַ מין יודישער אויבער־ראַט פון אַלע קהלות פון דער גאַנצער פוילישער רעפּובליק.

מען וואָלט געקאָנט און בעדאַרפט מיט היסטאָרישע דאָקומענטען דערווייזען, אַז אַזאַ זעלבסטפערוואַלטונג פון דער יודישער געמיינדע איז אַ נויטווענדיגקייט, ניט נור פאַר יודען, נאָר אויך פאַר דער מלוכה. והראיה: אפילו ווען אפיציעל האָבען די ועדים אויפגעהערט צו עקזיסטירען און קהל איז בטל געוואָרען, האָט די מלוכה פועל ממש געמוזט, האָטש אויף דערווייל, בילדען עפּיס אַ סורראָגאַט פון ועדים, פון יודישע פאָרשטעהער, און ווען פוילען האָט בעקומען מעהר פרייהייט, ווי אין דער צייט פון וואַרשאַווער הערצאָגטום און וויעלאָפּאָלסקי׳ס צייטען, האָבען די פוילישע מלוכה־מענער אויסגעאַרבייט פּראָיעקטען צו אַ ברייטער זעלבסטפערוואַלטונג פון דער יודישער קהלה.

פאַר אַזאַ מין מאַטעריאַל צונויפצושטעלען, וואָלט מען אָבער בעדאַרפט אַ ביסעל צו אַרבייטען. און ניט בעגנוגענען זיך מיט אייגענער אַרבייט, נור אויך זיך ווענדען צו

*) Żydowski samorząd gminny.

שײַנטן, וואָס האָבן אין דער הינזיכט עפּיס געלערנט, עפּיס געטהון, און פון זיי פערלאַנגט, זיי זאָלען מאַטעריאַלען קלויבען, זיי זאָלען די מאַטעריאַלען צונויפשטעלען. זענען אָבער אונזערע קלויבער בבחינת „אינו יודע, שאינו יודע“ (ער ווייסט נישט, אַז ער ווייסט נישט). זיי מיינען, אַז זיי קענען אַלץ און קאָנען אַלץ אַליין מאַכען, און זיי האָבען געמאַכט אַזוי:

בראשית — איין אנהויב — אַ מאמר. אַ מאמר פון דעם אַרט מאמרים ראשיים, וואָס ווערען געדרוקט אין געוויסע צײַטונגען.

אנהויבען הויבען זיך אָן די „מאַטעריאַלען“ מיט דער „רוסישער געזעצגעבונג“ וועגען דער יודישער געמיינדע אין פּוילען, דאָס הייסט מיט'ן שאַפען דעם „ראַזאַר בוזשנוטשני“ (די „לומדים“ פון די מאַטעריאַלען רופען איהם „ראַזאַר בוזשנוטשני“) און בטל מאַכען דעם קהל (1821). דערנאָך קומט דער גאַנצער אויספיהרליכער טעקסט פון דעם בעפעהל פון גענעראַל בעזעלער וועגען דער אָרגאַניזאַציע פון די יודישע קהלות אין דעם שטח פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין פּוילען (1. נאָוועמבער 1916); דער דעקרעט פון פּילסודסקי'ן און פּאַדערעווסקי'ן וועגען ענדערונגען אין דער אָרגאַניזאַציע פון דער יודישער געמיינדע (7. פעברואַר 1919); די אָרגאַניזאַציע פון דער יודישער געמיינדע אין קראָקא מיט דער וואַהל־אָרדנונג (פאַרוואָס האָט עפּיס די יודישע געמיינדע אין קראָקא מעהר זכות געהאַט פון אַלע אַנדערע יודישע קהלות אין גאַליציען — איז שווער צו פערשטעהן).

די מאַטעריאַלען ענדיגען זיך מיט פּראָגראַמען און פּלאַטפאָרמען בנוגע דער יודישער קהלה פון פערשיעדענע יודישע פּאַרטייען און — חסל סדר „מאַטעריאַלען“ פון דער זעלבסטפערוואַלטונג פון דער יודישער קהלה אין פּוילען. פון דער אַמאָליגער אויטאָנאָמיע פון דער יודישער קהלה אין פּוילען און איהר נויטווענדיגקייט פאַר דער מלוכה איז אין דעם העפט קיין זכר נישטאָ. דערפאַר אָבער האָבען די „קלויבער“ פון די „מאַטעריאַלען“ אונז געגעבען אַ שפּאָר ביסעל הוספות, וועלכע ענטהאַלטען: „די החלטות פון קהלות־צוזאַמענפאַהר אין רוסלאַנד אין יאָהר 1918; „דער צײַטווייליגער סטאַטוט פון דער פּעטערבורגער יודישער געמיינדע“; „די וואַהל־אָרדנונג צו די יודישע קהלות אין אוקראַינא“; „די זעלבסטפערוואַלטונג פון דער יודישער קהלה אין אוקראַינא“; „דער סטאַטוט פון דער זעלבסטפערוואַלטונג פון דער יודישער קהלה אין אוקראַינא“ — אַליין זאַכען, וואָס זענען געווען ווי אַ זייפען־בלאָז, און ווען זיי וואָלטען אַפילו געהאַט אַ קיום, וואָלטען זיי אויך קיין שום שייכות נישט געהאַט צו די „מאַטעריאַלען פאַר דער יודען־פראַגע אין פּוילען“.

די דאָזיגע הוספות האָבען אונזערע „זאַמלער“ אָבגעגעבען מעהר ווי צוויי און אַ האַלבען דרוק־בויגען, דאָס הייסט פיעל מעהר פון אַ דריטעל פון גאַנצען העפט.*)

---

מאַטעריאַל פאַר אַ קונסטלעכען היסטאָריע־שרייבער געפינט זיך אין דעם פערטען העפט פון די מאַטעריאַלען, וואָס איז געווידמעט דער פראַגע פון פּוילישען בירגערטום.

אין דעם דאָזיגען העפט געפינען זיך די פעראָרדנונגען, וואָס זענען אַרויסגעגעבען געוואָרען זינט פּוילענ'ס בעפרייאונג וועגען וואַהלען אין וואַרשא, וועגען „פרעמדע“, עמיגראַציע, די קאַרטעבפּאַנדענץ, וואָס דער יודישער נאַציאָנאַל־קלוב האָט געפיהרט מיט דער מאַכט וועגען די מיסבריויכען און עוולות, וואָס זענען יודען געטהון, רעדעס, וואָס יודישע דעפּוטאַטען האָבען וועגען דעם ענין געהאַלטען אין סיים, פאָרשלאָגען און

*) דאָס גאַנצע דרוק־העפט באַשטעהט פון 105 זייטען; די הוספות — 41 זייטען.

תקנות, וואס זענען אנגענומען געווארען אין סיים וועגען בורגערטום, און אפילו צו פונגס-שטימען און ארטיקלען.

מיר מוזען אבער אויפמערקזאם מאכען, אז אפילו א מלוכה ערלויבט זיך נייטע צו דרוקען סתם אין דער וועלט אריין ארכיוו-מאטעריאלען, זאגאר אזעלכע, וואס זענען זעהר וויכטיג פאר דער געשיכטע, אויב זיי האבען קיין פראקטישען ווערטה נישט. בפרט די דאזיגע מאטעריאלען האט זיך נישט געלוינט צו דרוקען, ווייל אלע זענען געווען אין זייער צייט געדרוקט אין די יודישע צייטונגען, צו וועלכע דער געשיכטע-שרייבער וועט סיי-ווי מוזען אנקומען, ווען ער וועט וועלען וויסען, וואס עס איז אלץ יודען אויסגעקומען צו ליידען צוליעב די דערמאהנטע פעראדנונגען.

עס איז כדאי צו דערמאהנען אויך א קוריאז:

אין דעם פרק מיט'ן נאמען „די פראגע פון פרעמדע אין דער יודישער פרעסע" (ז. 5—11) ווערען געבראכט נור שטימען פון דעם „גאזעטע דזיעננזק". און „דאס יודישע פאלק", דאס הייסט די צוויי ציוניסטיש-אפיציעלע טעגליכע צייטונגען, וואס זענען דעמאלט ערשינען אין פוילען. קיין אנדערע יודישע צייטונגען ווערען, חלילה, נישט דערמאהנט. „נישט דערמאהנט" — לאו דוקא. די ערשטע זאך ווערט געבראכט אין נאמען פון „גאזעטע דזיעננזק", וואס גיט-איבער אן ערקלערונג אויף דעם דעקרעט וועגען „פרעמדע", וואס א מיטארבייטער פון „מאמענט" האט בעקומען פון קאמיסאר אנוש. אזוי-ארום קומט אויס, אז אין מיטען נאמיץ ווערט דער „מאמענט" יא דערמאהנט, נור אויבען צייכענט מען אן, אז מען נעהמט דאס פון „גאזעטע דזיעננזק". — צי קאנען די „זאמלער" אגנזערע נישט לייענען קיין אנדער יודיש, נור פון „דאס יודישע פאלק"?

---

פיער העפטען — 456 שפאלטע זייטען — מיט „מאטעריאלען" האט דאס פרעסע-ביורא פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע ארויסגעגעבען און — א שאד דאס פאפיר, וואס איז היינט אזוי טייער, א שאד די ארבייט, וואס עס האט געקאסט דאס קאליע-מאכען אזוי פיעל פאפיר, א שאד יודיש געלד, וואס איז געגאנגען לאיבוד.

די יודען-פראגע אין פוילען נויטיגט זיך ווייטער זעהר אין מאטעריאלען, וואס וועלען דארף מוזען געזאמעלט ווערען, אבער דורך מענשען, וועלכע פערשטעהען, וואס עס הייסט מאטעריאלען צו א פראגע.

דעם סינטאַקס און דעם ווערטער-אוצר. גלייכצייטיג מוז גרינטלעך בעאַרבייט ווערען שפּראַך-וויסענשאַפטלעך די אַלטע יידישע שריפט-שפּראַך. און דאָס זיינען פּראָבלעמען פאַר אַ גאַנצען דור, ווען דער דור זאָל אומשטאַנד זיין אַרויסצושטעלען אַ מאה יונגע לינגוויסטען, וועלכע זאָלען זייער גאַנץ לעבען אַוועקגעבען דער יידישער פילאָלאָגיע.

אַ יידישער שפּראַך-פאָרשער הײַנט דאַרף זיין בעשיידען. זיין אויפגאַבע, זיין היסטאָרישע אויפגאַבע קאָן בײַ הײַנטיגען טאָג זיין נור — דאָס זאַמלען. מען דאַרף זאַמלען דעם רויהען שטאָף, דעם מאַטעריאַל פון די לעבעדיגע מונדאַרטען און פון אַלטע ביכער. דער געזאַמעלטער מאַטעריאַל דאַרף בעאַרבייט ווערען וויסענשאַפטלעך אַלס אַזעלכער און ערשט דערנאָך, ווען עס וועט נישט זיין קיין יידיש שטעטיל, וואָס זיין מונדאַרט זאָל נישט האָבען אויסגעפאָרשט געוואָרען, און ווען די וויכטיגסטע ווערק פון דער אַלטער יידישער ליטעראַטור וועלען האָבען בעלויכטען געוואָרען שפּראַך-וויסענשאַפטלעך, און ווען איינצעלנע טעאָרעטישע פראַגען פון דער יידישער שפּראַך-פאָרשונג וועלען האָבען בעאַרבייט געוואָרען אין ספּעציעלע מאָנאָגראַפיעס, — וועט קאָנען קומען דער געשולטער קאָמפּילאַטאָר, וואָס זאָל אויפ'ן סמך פון דעם אַלעם אָנשרייבען דאָס נאַציאָנאַלע ווערק, די היסטאָרישע גראַמאַטיק פון דער יידישער שפּראַך.

נעהמענדיג אין דער האַנד ה' רייזען'ס ביכעל, האָב איך מיר געזאָגט: אַ יישר כּוח וועט קומען דעם מחבר אויך דאַן, ווען ער וועט געבען בלויז דאָס, וואָס ער איז אומשטאַנד צו געבען לויט דער מאָס פון זיינע כּחות, לויט דעם מאַסשטאַב פון זיין פילאָלאָגישער אויסבילדונג און לויט דעם הײַנטיגען צושטאַנד פון דער יידישער שפּראַך-וויסענשאַפט; דאָס הייסט, ווען ער וועט געבען לכל הפּחות אַ געוויסענהאַפטיגען סיסטעמאַטישען און פּאָפּולערען איבערבליק איבער דעם, וואָס איז ביז יעצט שוין אויפגעטאָן געוואָרען אויפ'ן געביט פון דער יידישער שפּראַך-פאָרשונג. דאָס וואָלט אויך געווען אַן אָנגעזעהענער אויפטו פאַר דער יידישער קולטור. און דאָך געפינען מיר פאַקטע אין אַ גרויסער מאָס אין ערשטען באַנד פון ה' רייזען'ס גראַמאַטיק. ס'איז אַן ערנסטע, מיט'ן גרויסען פלייס און שטאַרקע ליבע אויסגעפיהרטע אַרבייט, וועלכע פיהרט אַרײַן דעם לעזער אין די פראַגען פון דער יידישער שפּראַך-וויסענשאַפט.

דער אויספיהרליכער אַרײַנפיהר בעשטעהט פון פאָלגענדע קאַפּיטלען: „וועגען דער שפּראַך בכלל“; „די שפּראַכען פון דער וועלט און פון דעם יידישען פאָלק“; „די ענטשטעהונג און עלטער פון דער יידישער שפּראַך“; „די פאַרשפּרייטונג פון דער יידישער שפּראַך איבער די גרענעצען פון דייטשלאַנד“; „די ירידה פון דער יידישער שפּראַך אין די מערב-אייראָפּעאישע לענדער“; „די יידישע שפּראַך אין די לענדער פון אַ קאָמפּאַקטען יידישען ישוב“; „די גראַמאַטיק און אַנדערע מיטלען“; „די גערעדטע שפּראַך און די שריפטליכע“; „די ענטוויקלונג פון מאָדערנעם יידיש“; „די ליטעראַטור-שפּראַך און דיאַלעקטען“; „די יידישע דיאַלעקטען“; „די השפּעה פון די דיאַלעקטען אויף דער יידישער ליטעראַטור-שפּראַך“. ס'איז אַ פיינער איבערבליק אין בעסטען זין פון וואָרט. אייגענטליך, וואָלט דער מאַטעריאַל פון דעם אַרײַנפיהר געקאָנט אַליין אויספילען אַ גאַנץ בוך, ווען מ'זאָל די איינצעלנע טעמאַטן אויספיהרליכער אַרומרעדען, ברייטער אויסניצענדיג די ליטעראַטור פון ענין. אָבער אין די גרענעצען פון דער יידישער גראַמאַטיק האָט מען דאָס ברייטער נישט געקאָנט מאַכען, און עס איז אַ מעלה, וואָס ה' רייזען האָט אין דעם פּרט זיך אַליין בעגרענעצט.

בעזונדערס פלייסיג בעאַרבייט איז דאָס צווייטע קאַפּיטעל — וועגען דער יידישער אָרטאָגראַפיע. די ערשטע 112 פּאַראַגראַפען דאַרפען געלערנט ווערען די פון די לערנער פון יעטוועדער רעדאַקציע און דער יידישער אויסלעגונג, די פון די יידישע

אויסלייגונגס־רעפאָרמאַטאָרען, וואָרום די ערשטע ווי די צווייטע רעדען וועגען אַנ׳ענין, וועלכען זיי קענען לגמרי נישט...

בנוגע די „כּללים פאַר אַ פּראָוויזאָרישער יודישער אָרטאָגראַפיע" וואָלט איך געהאַט אַ סך צו זאָגען. איך בין געגען צוויי הויפּט־פּרינציפּען פון די דאָזיגע כּללים: געגען אַרויס־וואַרפען דעם ניקוד, ווי אויך געגען גירוש פון „ע" פאַר טראָפּביקלערענדיגע „נ" און „ל".— ס׳איז די עלעמענטאַרע פאָדערונג פון יעדער אָרטאָגראַפיע, אַז איין גראַפישער צייכען זאָל נישט אָנגעווענדעט ווערען מעהר ווי פאַר איין קלאַנג; אַרויסוואַרפענדיג אַ מאָל פון ניקוד, „רעפאָרמירט" מען נישט צום בעסערן, נור צום ערגערן. אַ צווייטער כּלל פאַר יעדער אויסלייגונג איז, אַז אומליבער טראָף זאָל האָבען זיין גראַפישען טראָף־טרעגער, — איז שוין דאָס אַליין גענוג אויף צו וואָרנען געגען בעזייטיגען דעם דערמאָהנטען „ע". נור דאָס איז שוין אַ טעמאַ פאַר זיך, צו וועלכער איך וועל מיך אומקעהרען אויספיהרליך אויף אַנ׳אַנדער אָרט.

דאָס ערשטע קאַפּיטעל — וועגען דער יודישער פאָנעטיק — האָט, צום בעדויערן, אַ קנאַפּען ווערטה. אַ שאָד! פאָנעטיק איז דאָך דאָס, וואָס אומליבער לערערער דאַרף קודם־כּל וויסען, און וואָס ביי אונז קען עס ב"ה קיינער נישט! — עס וואַרפט זיך אין די אויגען, אַז ה׳ רייזען האָט זיך געגעבען די מיה אנצוקלייבען אַ סך פּרטים, אָבער בעאַרבייט איז דאָס געוואָרען נישט פולגעלדיג. ה׳ רייזען איז, קענטיג, נור אויבערפלעכליך בעהאַוועגט אין די טעאָרעטישע יסודות פון דער פאָנעטיק, און האָט אויף דעם געביט געטאַפּט אין דער פינסטער. איך וועל זיך נישט אָבשטעלען אויף איינצעלנע פאַלשע דערקלערונגען, נישט־בעגריינדעטע השערות און גלאַט טעותים. איך וואָלט געדאַרפט אַזוי פּועל אויסצוזעצען, אַז עס וואָלט געקלעקט אויף אַ גאַנצע בראָשור. איך וועל אָנווייזען בלויז די קאַרדינאַלע פעהלערן.

מ׳קאָן נישט צוגעהן צו דער בעהאַנדלונג פון יודישען וואָקאַליזם, נישט ווייסענדיג דעם גרונד־פּרינציפּ פון זיין ענטוויקלונג — דעם חילוק צווישען אַלט־געשלאָסענעם און אַלט־אָפענעם טראָף. ווייסענדיג דעם דאָזיגען חילוק, האָט מען אַ פאַרטיגע סכעמאַ פאַר דער ענטוויקלונג פון די מיטעל־הויך־דייטשע קורצע וואָקאַלען אין אַלע מונדאַרטען אין דער יודישער שפּראַך. דער מיטעל־הויך־דייטשער קורצער וואָקאַל פון אַלט־געשלאָסענער זילב בלייבט אין אַלע יודישע מונדאַרטען קוואַנטיטאַטיוו און, אָוועקגעקוקט פון געוויסע אויסנאַהמען, אויך קוואַליטאַטיוו אומגעענדערט. און דעם וואָקאַל פון דעם אַלט־געשלאָסענעם טראָף טרעפען זיך אַלע יודישע מונדאַרטען. „נאַכט" און „קאָפּ", לאָמיר אַנהאַלטען, זענען אוניווערסאַלישע יודישע ווערטער מיט אַ פעסטען קלאַנג־בעשטאַנד. די פערלענגערונגען, די דיפטאָנגירונגען און די ענדערונגען פון דער קלאַנג־פאַרב קומען פאַר, אין כּלל אַרײַן, נור אין אַלט־אָפענעם טראָף, און דער אַלט־אָפענער טראָף איז דאָס אייגענטליכע געביט, וואו עס געהען זיך פונאַנדער די פערשיעדענע יודישע מונדאַרטען־גרופּען. ה׳ רייזען האָט ערגיץ־וואו געפונען אַ וואונק וועגען דעם. ער פערדרעהט זיך דערויף, רעדענדיג וועגען העברעאישען וואָקאַליזם, אָבער דער גאַנצער כּלל איז פאַר איהם פערבליבען אַ ספר חתום, און ער האָט נישט פערשטאַנען דעם אנצוווענדען אין די קאַפּיטלען וועגען יודישען וואָקאַליזם. דערוויבער איז אַרויס־געקומען נישט אַ סכעמאַ פון דער יודישער וואָקאַלען־ענטוויקלונג, נאָר אַנ׳אומבעהאָל־פענער פּלאָנטער. ה׳ רייזען האָט געהערט, אַז ביים בעהאַנדלען די היסטאָרישע ענט־וויקלונג פון די יודישע וואָקאַלען דאַרף מען אַרויסגעהן פון מיטעל־הויך־דייטשען, נור ער [illegible] בסדר די יודישע וואָקאַלען מיט די ניי־הויך־דייטשע, און דאָס מוז ברענגען צו אַ [illegible]. דערביי זענען איהם נאָך נישט אינגאַנצען קלאָר געוויסע פאָנעטישע דערשיינונ־גען און [illegible] די פאָנעטישע טערמינאָלאָגיע. ער שרייבט, צום בייספּיל, אין פּאַראַגראַף 72:

„אין אַ ריִה נײַע ווערטער איז דער לאַנגער a נישט פֿאַרקירצט געוואָרן אין אָ". דאָס איז אַ שטות, מחמת פּריִמערער a געהט אין יודישען איבער אין o אָדער u נור אין אַזאַ שטעלונג, ווען ער דאַרף פֿאַרלענגערט ווערן, אָדער בלייבן לאַנג. ווען e געהט-איבער אין a, איז עס נישט „אָבשוואַכונג", נור פֿערשטאַרקונג פֿון וואָקאַל; ווען u געהט איבער אין a, איז עס נישט „פֿערטונקעלונג", נור פֿערהעלונג, ווארום u איז טונקעלער פֿון a; ווען a ווערט אָבגעשוואַכט אין i, איז עס נישט „פֿערטונקעלונג", נור פֿערהעלונג; אין „קיפּיטל" איז דער ערשטער i נישט קיין „פֿערטונקעלטער", נור אַ שטאַרק-רעדוצירטער און דעריבער אַן'איבער-קורצער און מטושטש'ער וכדומה.

ווען ה' רייזען שרייבט אין פּאַראַגראַף 247: „די יודישע אויסשפּראַך מישט בכלל נישט צונויף די הילכיגע קאָנסאָנאַנטען מיט זייערע דומפּע זוגים סוף וואָרט" — איז עס פּשוט נישט אמת. יעדן אַ יוד רעדט אַרויס די ווערטער „וואַנט" און „קינד", האָבען זיי אין אויסשפּראַך גלייכע ווערטער אין אויסקלאַנג אַ שטימלאָזיגען אויפרייס-קלאַנג. אויב מיר לעגען פֿונדעסטוועגען אויס „וואַנט" מיט אַ „ט" צום סוף און „קינד" מיט אַ „ד", איז עס מער אַן אָרטאָגראַפֿישע פֿראַגע, און פֿערבינדונג דערמיט, וואָס מען רעדט אַרויס „וועגטעל" און „קינדער". נור אויך דאָס וואָלט געווען אַ טעמא פֿאַר אַ גאַנצען עיון.

איך מאַך אויפֿמערקזאַם אויף דאָס אַלץ נישט ה' רייזען'ען לגנאי. ער האָט פּשוט נישט געהאַט אויף וואָס זיך צו שטיצען און פֿון וואַנען צו שעפּען. אַ לעהר-בוך ווערט געשריבען אויף'ן סמך פֿון אויספֿיהרליכע ווינסענשאַפֿטליכע ווערק, אייגענע אָדער פֿרעמדע. שרייבענדיג זיין גראַמאַטיק אין ווילנא, אין אַ שטאָדט, וואו עס איז נישטאָ קיין גערמאַניסטישע ביבליאָטעק, דערביי אין דער צייט פֿון דער מלחמה, אָבגעשניטען פֿון דער גאַנצער קולטורעלער וועלט, האָט ה' רייזען דעם טייל פֿון זיין בוך נישט געקאָנט בעסער בעאַרבייטען. און אַרויסגעבען דאָס בוך וואָס שנעלער איז דאָך געווען אַ ברענענדיגע נויטווענדיגקייט. אין דעם צווייטען אויסגאַב וועט די פֿאָנעטישע אָבטיילונג מוזען אנגעשריבען ווערען פֿון דאָס ניי.

אין אַ צווייטער אויסגאַב דאַרף קומען אונגעכבען. און נישט נור אַ צווייטער. וואָרום אַפֿילו אין יעצטיגער געשטאַלט איז ה' רייזען'ס גראַמאַטיק, דערהויפּט פֿון וועגען דעם אַרייַנפֿיהר און פֿון וועגען דעם צווייטען קאַפּיטעל, אַ זעהר נוצליך בוך, וואָס דאַרף געלייענט ווערען פֿון לעהרער, פֿון אינטעליגענטען, פֿון ליטעראַטען און דאַרף זיך געפֿינען אין איטליכער יודישער שטוב, וואָס האָט אַ בעציהונג צו יודיש.



דײַנע ברעגעס זײַנען אַמאָל קעטערס צוגעשוואומען, אויב די בוואָליעס האָבען אַמאָל צו דײַנע וואַסערן יום־געפּאַרבטע טוואָליעס געבראַכט — דאָס האָבען זײ פון אונז צו דיר אַ גרוס געפיהרט. אויב די קראַהען פלעגען אַמאָל פריהערגן און פול מיט זאָרג שרײַען און פערהילכען דײַן קופּט — דאָס האָבען זײ דיר פון אונז שרעקליכע בשורות געבראַכט. קיין איין טויב איז גאָר צו דיר פון אונז נישט דערפלויגען — דער בלוט־מבול האָט אויך קיין מינוט נישט אויפגעהערט.

אָפט פלעגען מיר דיך מקנא זײַן. די, מײַן ליעבע, בײַזט שטיל געשטאַנען, שטאָלץ, אָפען, מיט דײַנע חורבות, וועלכע זײַנען פערהילט מיט דער שײנקײט פון אַלטע צײַטען. דײַנע חורבות האָט מען בעזוכט, בעטראַכט, בעוואונדערט, אָבער קײנער האָט עס נישט אנגערוהרט — אַלע האָבען זיך מיט רעספּעקט בעהאַלטען צו דײַן געגענוואַרט, צוליעב דײַן גלענצענדער פערגאַנגענהײַט. מיר אָבער זײַנען וואַנדערענדע חורבות געווען, שטענדיג אין גאַנג, און ווער עס איז פאַרבײַגעגאַנגען, האָט בײַ אונז פון דער חורבה שטײנער געריסען, אָדער מיט האַמערס געקלאַפּט, זעהן, אויב מיר וועלען אויסהאַלטען.

האָסטו האָפענונג אין אונז געדענקט, האָסטו וועגען אונז געטראַכט? מיר האָבען אין דעם, ליעבסטע, געגלויבט און דאָס האָט אונז כחות געגעבען צו צוהען ווײַטער דאָס לעבען פון אַ גאָלותדיג וואַנדערענדער לעגענדע. אונז האָט זיך געדאַכט, אַז די בײַזט די איינציגע, וואָס טרויערט אויף אונזערע קינדער, וואָס וויל קיין נײַע קלײַדער נישט אָנטהון און אין דײַנע חורבות ווילסטו וואַרטען, ביז מיר וועלען צוריק צו דיר קומען. קײנעם, קײנעם האָסטו נישט געוואָלט אָבגעבען דײַן יוגענד־רײַץ. ווי אַ פערטרויערטע עגונה האָסטו אויף דײַנע געליעבטע וואַרטען געוואָלט.

און אָט, מײַן ליעבסטע, זײַנען מיר צו דיר צוריקגעקומען. דו זעהסט: עס פליהען צו דיר מחנות, מחנות דײַנע קינדער און ברענגען דיר אַ גרוס פון יענע, וואָס וואַנדערן נאָך אַרום אין דער גרויסער וועלט.

טרויעריג איז דער גרוס, די קראַהען האָבען דיר נאָך קיין טויזענדסטען טײל נישט דערצעהלט וועגען זײער לײַדען, וועגען זײער שמערץ. נאָר טרויער נישט, ליעבע לע־גענדע, נעהם זיך אָן מיט כח, און הײַנט־אָן בויען צוריק דײַנע חורבות.

מיר ווילען שוין נישט מעהר קיין ליגענדע זײַן און ווילען מעהר נישט אויף דיך זעהן חלומ'ן און טרויערן וועגען דעם, וואָס איז אַמאָל געווען — מיר ווילען מיט דיר צוזאַמען וועבען די חלומות פון אַ גאָלדענער צוקונפט.

נאַ דיר די האַנד, מײַן געליעבטע, די האַנד, וואָס האָט דיר שוין לאַנג נישט געדריקט. ס'איז נאָך קאַלט אונזער האַנד, ס'פעהלט נאָך אין איהר בלוט און לעבען — גיב זי אין אונז אַרײַן פרישע בלוט, די מיט דײַן נײַ־אויפבליהענדען רײַץ, מיט דײַן יוגענד־פײַער, מיט דײַן אַלטען זיסען, אַזוי גוט בעקאַנטען שמײכעל.

שאַ־שטיל. הערט זיך צו:

פון צווײַ גרויסע פערגאַנגענהײַט־ליעגענדען ווערט איין שײַנע, גלענצענדע ווירק־ליכקײט געבאָרען!..

קראַנקע ציין—קראַנקער מויל—
קראַנקער מאגען—קראַנקער קערפּער!

# ציין

קינסטליכע אָהן נומען (זאָ ווי אייגענע)
גאָלדענע קאָראָנעס און בריקען
לויט די לעצטע נייעס פון
וויסענשאַפטליך-מעכנישער קונסט
אויך היילען, פּלאָמבירען און ציין-
ציהען אָהן מינדעסטען שמערץ

פיהרען-אויס פּינקטליך, שנעל, רעעל און ביליג
צאהן-אַרצט און צאהן-טעכניק

# ל. און מ. עפּשטיין,

## 26 דזיקא 26

דער טעלעפאָן איז: (133-86 №.

## פאר צופרידענהייט גאראנטירט.

Biuro Elektrotechniczne-Instalacyjne

# „Elektrotechnik"

**Inż. dypl. B. ZEITMANA**

**ŚNIADECKICH 22, telef. 86-61.**

Budowa elektrowni.
Instalacje światła i siły.
Telefony i sygnalizacja.
Artykuły elektrotechniczne.
Motory z gwarancją.

**Porady i wykonanie projektów.**

# דער קאָאָפּעראַטיוו

פון

# פערטיגע מענער=מלבושים

געגרינדעט פון די בעסטע קוואליפיצירטע מענער-מאגאזין-שניידער-מייסטער

**אין לאָקאַל פון האַנדווערקער-ראַט נאַלעווקי 2a**

בעזיצט שטענדיג א גרויסען אויסוואהל פון פערטיגע מענער-מלבושים פון אינלענדישע און אויסלענדישע וואארען אלעס צו ביליגע פרייזען.

---

עלעגאַנטער יודישער רעסטאָראַן

# Piccadilly

**ביעלאנסקא 5**

—טעלעפאָן № 116-23—

עמפפעהלט זיך מיט:

**אויסגעצייכענטער**

**קיך,**

שנעלע און גוטע בעדינונג.

---

א גרויסען אויסוואהל

# פון דאמען=מאנטלען

# און קאסטיומען

די נייעסטע פאסאנען

פערקויפט הורט און דעטייל

**J. MIŃSKI, Długa № 53 m. 7**

— telefon **134-78** —

---

# ציין

קינסטליכע, גאָלדענע קאָראָנעס
און מאָסטקעס אויך אַלערליי
שווערסטע בעשטעלונגען פֿיהרט
אויס אַמעריקאַנסטען דער איבעראַל
בעוואוסטער צאָהן=טעכניקער

(געוועז. דעמאָנסטראַטאָר אין צאָהן-ארצטליכען קליניק אין פעטערבורג)

# B. CZERNIAKOW

**וואַרשאַ, דזיקאַ 8,** פראנט 2-ער שטאָק. פֿיר צוגערייזטע די שווער-סטע ארבייטען שנעל.

# אכטונג!

די איבעראל בעוואוסטע פראצאוניע פון דאמען-מאנטלען

# נאלעווקי 49 וו. 69 לאופער

עמפפעהלט זיך, דאס זי בעזיצט שטעטס א גרויסען אויסוואהל פון
פערטיגע מאנטלען פון די בעסטע קוואליטעטען, די נייעסטע מאדעלען
צו יעדען סעזאן צו זעהר מעסיגע פרייזען,
גאראנטירט פאר רעעלע בעהאנדלונג.

**ביטע זיך איבערצייגען!**

---

דער ערשט-קלאסיגער

## מענער-שניידער

**דלוגא 37 וו' 4**

**טעלעפאן 19-195**

בעזיצט א גרויסען אויסוואהל

**פון די לעצטע מאדעלען**

אינלענדישע און אויסלענדישע

**מאדערען און שטאפען.**

רעעלע און שנעלע בעהאנדלונג.

---

**זשאקעטען, סוועטערס,**
**פאנטאלאנעס, זאקען,**
**שקארפעטען, הענדשקעס**

אויך אלערליי ארטיקלען פון זאקען-
און טריקאטאזש-אויסארבייטונגען
עמפפעהלט אין א גרויסען אויסוואהל צו
פאבריקס-פרייזען די

**פאבריק און לאגער פון טריקאטאזש-אויסארבייטונגען**

Łódź Nawrot23 **M. SCHÖNBORN** Łódź Nawrot23

הורט- און איינצעל-פערקויף.

---



די ערשטע און רעעלסטע בעצוגס-קוועלע
פון די וועלט-בעקאנטע

# שוען און האקען

פאר אלע צוועקען

מארקע:

# „PRIMISSA"

אויך אלעראַרט (איזאבעללען)

**דרוק-קנעפ**

איז נור צו בעקומען און צו בעציהען ביי

**A. KULIK, Warszawa.**

**Karmelicka 6, tel. 135-89**

גאראנטירט פאר גוטע און בילליגסטע סחורה און
בעסטע און בעקוועמליכע בעהאנדלונג.



---

## Kantor i Skład Żurnali Mód

# I. SLEPIAN

**Warszawa, Bielańska 17, tel. 246-32**

poleca na sezon bieżący w dużym wyborze

**żurnale mód** **angielskie, amerykańskie i francuskie**

Na składzie duży wybór manekinów i główek
woskowych ostatnich modeli paryskich

**Księgarniom i hurtowniom rabat redakcyjny.**

אויב איהר **שוויזבעס** און הויט-
ליידט אויף **שוויזבעס** בייסעניש

פארלאזט ניט די קראנקהייט און בענוצט זאפארט דאס בעקאנטע הייל-מיטעל געגען שוויזבעס פון פראפ. העלר. בעזייטיגט די קראנקהייט אין איינציגע טעג.

הויפט-פערקויף: ווארשא, דזעלנא 25 ווי 32
לאדז, זאוואדזקא 37, וויענהאווסקי.

עס איז אויך צו בעקומען דאס הייל-מיטעל פון פראפ. פעלדמאן

**„טאמאראל"** צום **האר-וואקסען** און געגען פליכעז.

---

# Chargeurs Reunis
# & Sud-Atlantiqe

רעגולערע דינסט פון די פראנצויזישע פארטען קיין

# בראזיליען, אורוגוואי
# און ארגענטינע.

נעקסטע אברייזעס:

**„CEYLAN"—דעם 30 יוני**
**„DESIRADE"—„ 25 יולי**

פרייז פון 3-טער קלאס **95** דאלאר

פון ווארשא איינשליסליך מיט אלע האסטען.

**P. P. Worms & Cie,** AGENCI JENERALNI ul. Królewska, 10, Warszawa

---

PRACOWNIA
Okryć Damskich, Kostjumów i Futer
# J. FAŁEK, Warszawa
**Królewska 43.** Telefon 299-14
posiada stale na składzie
najnowsze modele zagraniczne.
Wykonanie obstalunków szybkie i punktualne.

# Litografja „MERKURY"

**H. Czapnik i M. Drabinko**
**Warszawa, Przejazd 5. Telef. 287-14**
Wykonywa wszelką robotę w zakres litografji wchodzącą.

---

Parowa Fabryka
## Musztardy i Octu
Spirytusowego
**p. f.**
## A. OFFIERSKI
WARSZAWA
**Królewska № 31**
**TEL. 67-00**




---

**Fabryka**
**wyrobów Pończoszniczo-**
**Dzianych i Trykotowych**
## A. Szuldiner
**Warszawa, Leszno 6,** tel. 127-08
egzystuje od roku 1906
poleca nast. artykuły własn. wyrobu:
**Golfy** (żakiety) damskie wełn. i jedw.
**Pończochy,** wełn., jedw. i fildecossowe
**Skarpetki,** wełn., jedw. i fildecossowe
**Pończoszki** dziecięce, fildecossowe,
**Owijaki, Stylpy, Getry, Reformy damskie, Swetry**
**Napulsniki, Nakolaniki, Kalesony**
wełniane i fildecossowe i t. d.

---

Fabryka Parasoli i Lasek
## D. SOŁOWEJ, Warszawa,
dawniej Br. KLEIBER
**Warszawa, Elektoralna 33**
**207·40** טעלעפאן
עמפפעהלט:
הערען-שירמען, דאמען-שירמען אין אללע קא-
לירען ווי אויך שטעקענס פון דער איינפאכ-
סטער ביז צור פראכטפאללסטער אויספיהרונג צו
מעסיגע פרייזען.
עס ווערען אויך אנגענומען רעפעראציעס.

---

## Pracownia obuwia
męskiego, damskiego
i dziecinnego,
Zamówienia wykonywam akuratnie i punktualnie.
Ceny umiarkowane.
Wielki wybór obuwia na składzie.
## B. SZEJNFELD,
**Warszawa, Tłomackie 13**
**Telefon 235-42.**

---

## די בעסטע שאקאלאד
## מארמאלאד, —
## — קארמעלען
עמפפעהלט די פאבריק
## „Columbus"
**ווארשא, גזשיבאווסקא 20**
**180-64** טעלעפאן

---

**Towarzystwo Firmowo-Komandytowe**
## BRANDEL, WITOSZYŃSKI i S-ka
Właściciel inż. **Stefan Twardowski**
**Warszawa—Praga, ul. Grochowska 37—39. Telefon 48-86.**
Adres telegraficzny: Brandel Witoszyński Warszawa.
**Specjalność fabryki:** Pompy odśrodkowe turbinowe. — Pompy transmisyjne. — Pompy parowe. — Turbiny parowe do 15 k. m. mocy. — Pierścienie tłokowe samosprężynujące.

# בעריכטיגונג.

אינ'ם ארטיקעל „פון דער געשיכטע פון טעאטער־קונסט ביי יודען" פון ד״ר י. שיפער זענען אריינגעפאלען פאלגענדע דרוק־פעהלער:

ז' 211, שורה 7 דארף זיין: אנהויבענדיג פון 15—14־טען יאהרהונדערט.

ז' 212, שורה 5 דארף זיין: רשימה פון דער יודישער בעפעלקערונג פון יאהר 1546.

ז' 213, שורה 24 דארף זיין: פון יאהר 1714.

ז' 223, שורה 10—אנשטאט: „פערשיעדענארטיגע סצענקעס"—„מוזיקאלישע און קאמישע צוגאבען"; שורה 12: אנשטאט „דאס בעליעבטע ליעד" — „דער ליעבלינג".

ז' 230; שורה 6 — אנשטאט „פון דער קאמעדיע פלויטא" — דארף זיין: „פון דער קאמעדיע פונ'ם רוימישען מחבר פלויטוס"; שורה 11 — דארף זיין: „געשטאלטען פון דער באראק־צייט"; שורה 12—13 דארף מען לייענען: „אט די אלע שטריכען... לאזען זיך לייכט געפינען ביי גערויסע „העלדען", האס טרעטען־ארוים אין אזנזערע זונג־שפיעלען".

ז' 233, פאר־לעצטע שורה: אנשטאט „פאסטנאכט־ראליע" — „פאסטנאכט־קאמפאניע".

ז' 239, שורה 2: אנשטאט בעגרינסונגס־געזאנגען" — „בעגריסונגס־מארש".

